למען ידעו דור אחרון בנים יולדו יקומו ויספרו לבניהם

**(תהלים ע"ח ו')**

# ספר סֶרוֹצק

העורך:

מרדכי גלברט

המערכת:

ברוך קצנלנבוגן — חנוך ורדי — שלמה סטרדינר

הוצא ע"י ארגון יוצאי סרוצק בישראל
תל־אביב, תשל"א — 1971




מגזרת ניר — יהושע גרוסברד

# יזכור...

יזכור אלוהים את נשמותיהם הקדושות והטהורות של אחינו בני ישראל, תושבי העיר סרוצק, אנשים ונשים, זקנים ועוללים, חללי השואה והגבורה, שנהרגו ושנחנקו ושנשרפו ושנקברו חיים על קדושת השם.

זכר עקדתם ומעשה גבורתם לא יסופו מאתנו לעולמים ותהיינה נשמותיהם צרורות בצרור החיים עם נשמות קדושי עם ישראל וגבוריו עד עולם.

## מערכת הספר — רעדאקציע־קאלעגיע



מרדכי גלברט
העורך

ברוך קצנלנבוגן
יו״ר הארגון

חנוך ורדי
יוזם הספר
יועץ המערכת

שלמה סטרדינר
גזבר ומזכיר
הארגון

## חברי ועד הספר — בוך־קאמיטע



מימין לשמאל — פון רעכטס צו לינקס:

שורה 1: הרב יוסף קצנלנבוגן, הצייר יהושע גרוסברד, חוה פוגלמן, בונים פוגלמן, ישראל מרקוביץ.

שורה 2: מלה יוסקוביץ־רוזנברג, יהודה מנדזלבסקי, רבקה מנדזלבסקי, יעקב מנדזלבסקי יחיאל מאיר ורדימן־ורשבסקי.

שורה 3: יוסף פניבסקי, ברוך גורמן, רפאל פרידמן, מלכה רוזנברג.


תרשים העיר סעראצק ליד ורשה
סקיצע פון דער שטאט סעראצק ביי ווארשע
צפון
דרום
הרי נפוליאון
די נאפאלעאנער בערג
ה-3 במאי
המשך 3 במאי
לזגזה ולורשה
קיין זעגזשע און ווארשע
סימטת הגבאות
רח' בית הכנסת
השוק המרובע
דער שטאט-מארק
רחוב הדייגים
פישער גאס
סמטת הכנסיה
דאס קלויסטער געסל
סמטת הרב הזקן
געסל פון אלטן רב ז"ל
מעבר-דורכגאנג
מעבר אל בית הכנסת
דורכגאנג צום
קאנאליזאציע קאנאל
לזגזה
בית העלמין היהודי הישן והחדש
דער אלטער און נייער יידישער בית הקברות
דאס קוואל געסל
1 2 3 4 5 6 7 8 9 10 11 12 13 14 15 16 17 18 19 20 21 22 23 24 25 26 27 28 29 30 31 32 33 34 35 36 37 38 39 41 42 43

## דערקלערונג צו דער סקיצע פון דער שטאט סעראצק ביזן יאָר 1939

1 מיל פון משה ראזענבערג.
2 מיל פון בערל איטשקאוויטש און מאטל וויערניק.
3 דער קאטוילישער בית הקברות.
4 דאס הויז פון נייעם מאגיסטראט.
6 דאס הויז פון מילשטיין.
7 דאס הויז פון אברהם יעקב פניעווסקי.
8 דאָס הויז פון פעלדשער טיק.
9 די אפטייק פון ציבולסקי.
10 דאס הויז פון סאקאלאווסקי.
11 דאָס הויז פון דער משפחה בוכענעק.
12 די שטאטישע מקווה.
13 דאס הויז פון אַלטן רב.
14 קלוב פון דער ליגע.
15 דער קאטוילישער קלויסטער.
16 דאָס הויז פון לעצטן שטאט־רב הרב מארגענשטערן.
17 דער שטאט־ברונעם אין מאַרק.
18 די אלטע מאגיסטראט־געביידע.
19 מועדון ההסתדרות הציונית וה„מזרחי״.
20 דאס הויז פון יעקב ראזענבערג.
21 קעלער, ווו ס'זענען בעת דער ערשטער באמבארדירונג אומגעקומען איבער 70 סעראצקער יידן.
22 דאס גרויסע גערער חסידים שטיבל.
23 קלוב פון יידישן ארקעסטער.
24 קלוב פון „השומר הצעיר״.
25 דאס קהילה־הויז.
26 די גרויסע שטאָט־שיל.
27 די קוזשניע פון אבא־לייב פרידמאַן.
28 גורעצקיס געמיזע־גאָרטן.
29 די נאפאלעאָנישט בערג.
30 דער טעאטער־זאל „יוטזשענקא״.
31 דאָס הויז פון ר׳ מנחם קאשעמאכער.
32 דאס געוועלב פון אהרן פאסקאוויטש.
33 די וווינונג פון מגיד.
34 דאס הויז פון הלל קצב און יצחק מאיר אפעלבוים.
35 חדר „יסודי התורה״.
36 דער וואסער־קוואל.
37 דאס הייסע ברונעמל.
38 דער גרויסער טארטאק.
39 דער נייער און אלטער בית־עלמין.
40 דער אינדזל אין נארעוו (באד־אָרט).
41 איבערפיר־פונקט פון יהושע פזשעוואָזשניק.
42 א האלץ־בריקל.
43 דער לעצטער וועג (בעת דער אויסזידלונג, דעם 5 דעצעמבער 1939).

# אל כל יוצאי סרוצק

(עם הופעת הספר)

אחרי השואה האיומה שהשמידה אלפי קהילות יהודיות באירופה, וביניהן את סרוצק שלנו, הרגשנו — אנו יוצאי סרוצק במדינת ישראל — חובה קדושה להוציא „ספר יזכור", שישמש מצבת זכרון ו„נר תמיד" לחיים היהודיים מלאי התוכן והיצירה שהמו בעיירתנו, ולנשמותיהם הקדושות והטהורות של הורים, אחים ואחיות, חברים וידידים, שעלתה עליהם יד הכורת וניספו בגיטאות, מחנות השמדה, תאי גזים ומשרפות, וביניהם רבים שלא נשאר להם שריד ופליט.

לא קלה היתה המשימה. לא רבים נשארו לפליטה מקהילת סרוצק, והמעטים ששרדו — התפזרו על כל פני העולם והיה צורך לבוא בדברים אתם לשם איסוף החומר וסידורו. לא קל היה גם לגייס את האמצעים הכספיים שהוצאת הספר היתה כרוכה בהם ורק אחרי מאמצים כבירים של קומץ אנשים אשר התמסרו בדביקות למשימה הגדולה, ובעזרת יוצאי סרוצק בכל העולם, מופיע עתה הספר, ובהרגשה של מלוי חובה קדושה — אנו מוסרים אותו לכם.



בספר — פרקים על סרוצק היהודית בטרם חורבן, על אנשים שהיו ופעלו בה, על זוועות החורבן, על דרכם רבת היסורים של הניצולים המעטים ומאבקם לחיים ולהופש וכן משהו על פעלם של יוצאי סרוצק בישראל ובתפוצות. בספר גם רשימת יקירנו שניספו בשואה וכן מודעות אבל, שנמסרו על ידי קרובים וידידים.

ייתכן והספר אינו מלא וחסרים בו שטחי חיים רבים שלא נכתב עליהם וכן אנשים רבים שלא נזכרו בו, אולם לא בנו האשם ולא בכוונה תחילה נעשה הדבר. הספר חובר על ידי שארית הפליטה של סרוצק היהודית, ואם לא נמצא מי שיכתוב על שטח כל שהוא, או יזכיר אדם קרוב לו — אזי, לצערנו, לא נמצא להם זכר גם בספר, ורק הזוכר נשכחות והיודע נסתרות יפקדם ויזכרם לטובה...



נקבל את הספר באהבה ובהבנה, כי שלנו הוא. מסופר בו על הורינו ומשפחותינו והמקום בו חיינו ובילינו את ימי הנעורים, בו קווינו וחלמנו על עולם טוב יותר.

נקבע מנהג לקרוא פרקים ממנו בימי הזכרון לקהילת סרוצק!

נכניס את הספר לבתינו ונספר לילדינו, שלא הכירו את העיירה, על האנשים והמאורעות הנזכרים בו וידעו גם הם מי היו ואיך חיו אבותיהם ומה היו שאיפותיהם ואיך נאבקו לחיים יהודיים ואנושיים!

ואף לדור חדש, שקם במדינת ישראל ושאינו יודע גלות מהי, יסופר על מורשת אבות מלאת גבורה והוד, שסללה את הדרך לגאולה.

יהיה הספר מצבת זכרון לסרוצק היהודית שחרבה ואיננה, ותהיה צרורה בצרור החיים של עם ישראל לעולמי עד!

ברוך קצנלנבוגן

יו"ר ארגון יוצאי סרוצק בישראל

# צו אלע סעראַצקער לאַנדסלייט

(צום דערשיינען פון בוך)

נאָכן שרעקלעכן חורבן וואָס האָט פארניכטעט טויזנטער ידישע קהילות אין איראָפּע, און צווישן זיי אונדזער סעראַצק, האָבן מיר — סעראַצקער אין ישראל — געפילט א הייליקן חוב ארויסצוגעבן א „יזכור־בוך" וואָס זאָל דינען אלס דענקמאָל און „נר תמיד" פאר דעם אינהאלטרייכן ידישן לעבן און שאפן, וואָס האָט געברויזט אין אונדזער שטעטל; פאר די הייליקע און לויטערע נשמות פון אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, חברים און פריינט, וועלכע זענען אומגעקומען אין די געטאָס, פארניכטונגס־לאַגערן, גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. און צווישן זיי אזעלכע וואָס נאָך זיי איז נישט געבליבן קיין שריד ופליט.

*

די אויפגאבע איז נישט געווען קיין לייכטע. נישט פיל זענען געבליבן פון סעראַצק, און דאָס ביסל וואָס ס'איז יאָ געבליבן — האָט זך פונאנדערצעשפרייט איבער דער גאָרער וועלט, און ס'איז געווען נייטיק זיך מיט זיי צו פארבינדן, כדי צענויפצוזאמלען דאָס מאטעריאל און עס באארבעטן. ס'איז אויך נישט לייכט געווען צו שאפן די געלט־מיטלען, מיט וועלכע דאָס ארויסגעבן פון בוך איז געווען פארבינדן, און נאָר דורך דעם גרויסן אָנשטרענג פון א קליינע צאָל מענטשן, וועלכע האָבן זיך געווידמעט דער גרויסער אויפגאבע, און מיט דער הילף פון די סעראַצקער אין גאָר דער וועלט, דערשיינט יעצט דאָס יזכור־בוך, און מיט דעם געפיל פון דערפילטן הייליקן חוב — געבן מיר עס אייך איבער.

*

אין בוך זענען פאראן קאפּיטלען וועגן ידישן סעראַצק פארן חורבן, וועגן מענטשן וועלכע האָבן דאָרט געלעבט און געווירקט, וועגן די גרוילן פונעם חורבן און דעם יסורים־וועג פון די ווייניק איבערגעבליבענע און זייער געראַנגל פאר — לעבן און פרייהייט, און אויך וועגן דער טעטיקייט פון די סעראַצקער לאַנדסמאַנ־שאפטן אין ישראל און אין אנדערע לענדער. אין בוך געפינט זיך אויך א רשימה פון

אונדזערע טייערע, וועלכע זענען אומגעקומען בעתן חורבן, און נעקראָלאָגן וואָס זענען געגעבן געוואָרן דורך קרובים און פריינט.

מעגלעך, אז דאָס בוך איז נישט פולקום און עס פעלן אין אים א סך לעבנס־געביטן וועגן וועלכע ס׳איז נישט געשריבן געוואָרן, און מענטשן, וועלכע זענען נישט דערמאָנט געוואָרן, אָבער מיר זענען נישט שולדיק אין דעם, און נישט מיט קיין כוונה איז דאָס געטאָן געוואָרן. דאָס בוך איז געשאפן געוואָרן דורך די שארית הפליטה פונעם יידישן סעראָצק, און אויב ס׳האָט זיך נישט געפונען עמעצער וואָס זאָל שרייבן וועגן וועלכן ס׳איז געביט, אָדער דערמאָנען א נאָענטן מענטש — איז צו אונדזער באדויערן, נישטאָ קיין זכר פון זיי אויך אין בוך און נאָר דער אַלמעכטיקער וואָס געדענקט אלע פארגעסענע און ווייסט אלע געהיימנישן, זאָל זיי דערמאָנען און געדענקען צום גוטן...

✶

לאָמיר אויפנעמען דאָס בוך מיט ליבשאפט און פארשטענדעניש, ווייל דאָס איז אונדזער בוך. אין אים ווערט דערציילט וועגן אונדזערע עלטערן און משפחות און וועגן דעם אָרט ווו מיר האָבן געלעבט און פארברענגט אונדזערע קינדער־יאָרן, ווו מיר האָבן געהאָפט אויף א בעסערער און שענערער וועלט.

לאָמיר זיך מאכן א מנהג צו לייענען קאפיטלען פון בוך אין די יאָר־צייט־טעג צום אָנדענק פון סעראָצק!

לאָמיר דאָס בוך אריינגעמען אין אונדזערע היימען און דערציילן אונדזערע קינדער, וועלכע האָבן דאָס שטעטל נישט געקענט,וועגן די מענטשן און געשענישן וואָס ווערן דערמאָנט אינעם בוך, און זאָלן זיי אויך וויסן, ווער עס זענען געווען און ווי אזוי ס׳האָבן געלעבט זייערע עלטערן, צו וואָס זיי האָבן געשטרעבט און ווי אַזוי זיי האָבן זיך געראנגלט פאר א יידיש און מענטשלעך לעבן!

און אויך דעם נייעם דור אין מדינת ישראל, וואָס האָט נישט פארזוכט דעם טעם פון גלות, זאָל דערציילט ווערן וועגן דער גייסטיקער ירושה פון זייערע אבות, וואָס איז פול מיט העלדישקייט און פראכט און וואָס האָט אויסגעטרעטן דעם וועג צו דער גאולה.

זאָל דאָס יזכור־בוך זיין א מצבה פארן יידישן סעראָצק, וואָס איז חרוב געוואָרן און איז מער נישטאָ, און וועט פארבלייבן אין דער געשיכטע פון יידישן לעבן און שאפן אויף אייביק!

**ברוך קצנלנבוגן**

פאָרזיצער פון ארגון יוצאי סרוצק אין ישראל



עם סיום „ספר סרוצק" אנו רואים חובה נעימה להודות לכל אלה מיוצאי עירנו וידידינו בישראל, אירופה, אמריקה וארגנטינה, שבעבודתם מלאת המסירות ובעזרתם הכספית, איפשרו את הופעת הספר.

תודה מיוחדת נתונה לנשיאה הדגול של מדינת ישראל:

מר **זלמן שזר**

על תרומתו הכספית הנדיבה להוצאת הספר.

אנו מזכירים בהוקרה את חברינו היקרים והבלתי נשכחים שהלכו לעולמם: **שלמה מרלה** ז"ל, (ישראל) **וקלמן וינקרנץ** ז"ל (קנדה), שהיו בין מקימי ארגוננו ועסקניו הראשונים.

היקרים והבלתי נשכחים שהלכו לעולמם: שלמה מרלה ז"ל, (ישראל) וקלמן וינקרנץ ז"ל (קנדה), שהיו בין מקימי ארגוננו ועסקניו הראשונים.

**ארגון יוצאי סרוצק בישראל**



ביים פאַרענדיקן דאָס „ספר סרוצק" געפונען מיר פאר נייטיק צו דערמאָנען מיט דאַנק אונדזערע לאנדסלייט און פריינט אין ישראל, אייראפע, אמעריקע און ארגענטינע, וועלכע האָבן מיט זייער מסירות־נפש־דיקער ארבעט און פינאנציעלער הילף דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פונעם בוך.

אַ בעזונדערן דאַנק דעם חשובן נשיא פון מדינת ישראל:

מר **זלמן שזר**

פאר זיין פינאנציעלער באשטייערונג פארן בוך.

מיט כבוד דערמאנען מיר אויך די פארשטארבענע פיאנערן און אומדער־מידלעכען טוער פון ארגון יוצאי סרוצק **שלמה מערעלע** ז"ל (ישראל), און **קלמן וויינקראנץ** ז"ל, (קאַנאַדע).

**ארגון יוצאי סרוצק בישראל**

ד"ר יעקב גולדברג
(ירושלים)

# יהודים בסרוצק הקדומה *

סרוצק היתה כבר בעלת היסטוריה ארוכה, בעת שראשוני היהודים התישבו בה במחצית הראשונה של המאה ה־18. הודות למצבה הטופוגראפי הנוח, ליד מיפגש הנהרות בוג ונארב, נמצא שם ישוב קטן כבר בתקופת ימי הביניים הראשונים, ובמאה ה־12 נבנתה ע"י הנסיכים טירה מבוצרת.

רק במחצית הראשונה של המאה ה־15, התחילה באיזור זה התפתחות מהירה של ישובים רבים ופריחה של מלאכה ומסחר, אשר הובילה להתגבשותן של כמה ערים חדשות, בהן רוכזה אוכלוסיה שהתפרנסה מעבודת כפים וממסחר. 75% מהערים החדשות, שהוקמו במאה ה־15 באיזור מַזוֹבשה, התרכזו בצדו המזרחי, הדרומי והצפוני של הנהר ויסלה. סרוצק שייכת לקבוצה הצפונית אשר הכילה את זקרוצ'ים, נובה־מיאסטו, פסשניש, מקוב וינוֹב. סרוצק היתה כבר ישוב מפותח מבחינה כלכלית בעת שקיבלה, בשנת 1417, את הזכויות העירוניות. העיירה השכנה זקרוצ'ים קיבלה את הזכויות העירוניות לפני כן, היינו — בשנת 1386, וגם פולטוסק השכנה — אחת הערים העתיקות ביותר בפולין — זכתה בפריביליגיה העירונית בשנת 1257.

ב־150 השנים הראשונות לקיומה של סרוצק, גיבשה העיירה את כל התכונות הבסיסיות של יישוב עירוני, מבחינה דמוגרפית ומבחינת התעסוקה. פריחתה של סרוצק חלה בעת הרווחה שפקדה את הערים הפיאודליות הפולניות בתקופת הרנסנס, במאה ה־16 ובתחילת המאה ה־17.

בשנת 1564 היו בסרוצק 264 בתים שבהם יכלו לגור כ־2000 נפש — מספר גבוה למדי בתנאים ההם. באשר לגודל האוכלוסיה, פיגרה סרוצק אחרי זקרוצ'ים, בה היו בשנה ההיא 371 בתים. יש לציין לזכותה של סרוצק את העובדה, כי נמצאו בתוכה 57 בעלי מלאכה, כלומר: אחוז בלתי מבוטל של תושבים יצרניים.

עורק התחבורה החשוב לאורך הנהר בוג, אשר הוביל מאיזור מַזובשה עד לרוּש ** ועבר דרך פומיאחובק, סרוצק, ווישקוֹב, ברוק, ניקוסז'ין ובריינסק, — עזר שם לפריחת המסחר והמלאכה. דרך העורק הזה עברו משלוחים מגוונים של

---

* Serock nad Narwią
** Ruś

סחורות. כן שימש כנקודת מפגש של הסוחרים ממקומות שונים, דבר אשר הקל על הפצת הטובין שיוצרו על ידי בעלי המלאכה הסרוצקאים.

סרוצק היתה בתקופת הרנסנס מרכז של ייצור מנופקטורה. היה שם בית חרושת גדול למנופקטורה, והאורגים המקומיים השתמשו במתקניו תמורת תשלום בכסף מלא. התשלומים האלה שימשו להוצאות הבדק ושמירת חומות המגן של העיר.

בנוסף לבעלי מלאכה ואורגים התקיימה במאה ה־16 — ובמאות השנים הבאות — קבוצת דייגים מקצועית. בשנת 1564 מנו הדייגים 30 איש. חלק מהאוכלוסיה, כמו ביתר הערים הקטנות, עסק בחקלאות, במיוחד במקומות שבהם חלשה העיריה על שטחים נרחבים. הפריביליגיה העירונית משנת 1417 העניקה לסרוצק שטח של 900 הקטר, אשר במרוצת השנים נמצאו בבעלותם של מספר תושבים.

באמצע המאה ה־17 עבר על סרוצק שפל כלכלי, אשר העמיק והחריף ע״י האסונות של המלחמה השבדית. ידועה העובדה, למרות שלא נשתמרו מספרים סטטיסטיים על היקף הנזקים, שבשנת 1660 לא עובדו 88% מהשטחים החקלאיים, כי לא היה מי שיעבד אותם. זה מעיד על מפלה גדולה והתרוקנות העיירה מתושביה. שיקום העיירה התקדם לאט, אולם היא לא שבה אף פעם למעמדה במאה ה־16. סרוצק לא היתה במובן זה יוצאת מן הכלל, כי מרבית הישובים הדומים לה נמצאו אז במצב של ירידה אבסולוטית, ואף אחד לא חזר אחרי תהליך השיקום לדרגה של תקופת הרנסנס. גם יותר מאוחר התחלקה סרוצק בגורל הישובים העירוניים, אשר נחרבו במלחמות חיצוניות ובמריבות פנימיות — במחצית הראשונה של המאה ה־18.

למרות המאמצים המרובים לשיקום העיירה והקוניונקטורה הכללית שהשתפרה במחצית השניה של המאה ה־18, קבלה סרוצק דמות משקית אחרת מאשר במאה ה־16 ותחילת המאה ה־17: האוכלוסיה קטנה; בשנת 1777 נמצאו שם 57 בתים, אשר היוו 21.5% של מספר הבתים בשנת 1564, ובשנת 1797 גדל המספר עד לידי 77. אולם כל המספרים האלה אינם ממצים את כל האספקטים של השנויים. במאה ה־18 נושאת הבניה הקרתנית של סרוצק אופי כפרי, שאינו מזכיר במאומה את הבתים העירוניים של המאה ה־16 והתחלת המאה ה־17.

השנויים העיקריים נוגעים להרכב המקצועי של האוכלוסיה ולתפקידים המשקיים הקשורים בעיירה. סרוצק איבדה את ערכה כנקודה השוכנת על אם דרך בינלאומית, משום שבגלל השפל הכלכלי הכללי במדינה, גם המסחר ירד מגדולתו. מספר בעלי המלאכה ירד למינימום והאורגים נעלמו כליל. חלק

מהתושבים עזבו את העיר ורבים ניספו כמלחמות ובמגיפות, דבר אשר גרם להפסקת ההתבססות של המקצועות המסורתיים בקרב האוכלוסיה. בסיס עיקרי לקיום הכלכלי הפכה להיות החקלאות, ובחיים המשקיים של העיירה גדל ערכם של ייצור יי״ש ושכר. התעסקו בזה גם התושבים, אולם המקור היוו משרפות היי״ש והפונדק אשר היו שייכים לחצר בעל האחוזה הגדולה (הפריץ). שם גם התקיים מימכר המשקאות אשר היווה אחד ממקורות המחיה המצומצמים מחוץ לחקלאות. דבר ידוע לכל, שיהודים התעסקו בעיקר בפולין הקדומה בחכירת פונדקים, משרפות היי״ש ובתי מבשל השכר. גם פה התעסקו בזה התושבים היהודים הראשונים.

היהודים הגיעו הנה במחצית הראשונה של המאה ה־18, אולם הידיעות אודותם הן רק משנת 1765. היהודים גרו בסרוצק ובפרברה, מקום משכנו של משרד ה„וואָיט״ (ראש העדה). יש לשער שהמשפחה היהודית הראשונה גרה בפונדק של משרד ה„וואָיט״ ולשם זה לא היתה דרושה הסכמת התושבים הקודמים ולא של המגיסטרט (העיריה).

משרד הוואיט קבע את משכורתו של ה״וואָיט״, אשר עמד בראש ההנהלה העצמית ומלא גם תפקידים משפטיים. במקומות רבים כהנו במשרד ה„וואָיט״ אנשי השליאכטה הפולנית (פריצים) אשר לא התעסקו במשרות מוניציפליות אחרות. בסרוצק, אשר כבר בשנת 1432 היתה עיר מלכותית, נבצא משרד ה„וואָיט״ בידי הפריצים — היה זה רכוש שהקיף 60 הקטר אדמה. בשטח הזה נמצא הפונדק שהיה מכוסה ברעפים. הפונדק היה מורכב משני חדרים ותא אחד, ועל ידו אורווה לסוסים. היה זה טיפוס של פונדק־דרכים, אשר שימש גם כבית מלון לעוברי אורח. אפשר לשער את הצפיפות הגדולה בפונדק: בשני החדרים הצרים נמצאה משפחת החוכר, הפונדק עצמו וגם שימשו כמקום לינה לעוברי דרך. בפונדק הזה גרו בשנת 1765, לפי תעודות רשמיות, 8 אנשים, מחוץ לבני משפחה מוסתרים מחמת טעמים של תשלום מסים.

באותו הזמן נמצא הפונדק בחכירתו של מלך אברמוביץ׳. גרו אתו אשתו צירל, בנו מרדכי ואשתו נכה ובתו פשה. מרדכי ביצע עבודות רבות הקשורות בניהול הפונדק, אפילו אלו אשר בפונדקים אחרים ממלאים אותן משרתים מיוחדים. בפונדק הזה גר גם יוסל, גיסו של מלך אברמוביץ׳ עם אשתו ובנו שנקרא גם הוא מרדכי.

מחוץ לשטח משרד ה„וואָיט״, גרו בסרוצק עוד שתי משפחות יהודיות: איציק שמואלביץ׳, חוכר משרפות היי״ש ובית מבשל השכר, עם אשתו רחל, שני בניו: לייבוש וברל ובת בשם פרידה. אתם גר גם הרווק יעקב, אחי איציק

שמואלביץ׳. המשפחה השניה היתה של הפונדקאי ישראל, אשתו ובתו איטה. מחוץ למשפחות הנ״ל גר בסרוצק המלמד של הילדים היהודיים, שמואל אברמוביץ׳, כדאי לציין שרוב המלמדים בעיירות ובפרברים הפולניים היו רווקים. אצל החוכר יצחק שמואלביץ התגורר המורה שמואל אברמוביץ׳, אשר בשל התעסקותו זכה לכינוי „המפקח״.

הפונדקאים־החוכרים היהודים בסרוצק עמדו בהתחרות מתמדת עם הכומר המקומי אשר ניהל פונדק. הפונדקאים חיו חיים קשים והכנסותיהם היו דלות בגלל ההתפתחות המועטה של העיירה. בשנת 1765 קבעו השלטונות ש„...לעיר אין ירידים שנתיים והיא כולה נודדת על פני עיירות אחרות״. כתוצאה מההתפתחות הזאת, אין אנו מוצאים בסרוצק בשנת 1781 את אותן המשפחות היהודיות שגרו שם בשנת 1765. לראשונה עזב את המקום מלך אברמוביץ׳, ולאחריו אף אחד לא רצה לחכור את הפונדק בשטח משרד ה„וואָיט״. הוא עמד ריק. בתאור המשקי של משרד ה„וואָיט״ משנת 1773 אנו קוראים: „לפונדק ולאורווה לא יהיו כבר תיקון״.

בשנת 1781 גרו בסרוצק 7 משפחות יהודיות, מהן שתים שהתפרנסו מחכירת משרפות היי״ש ובית מבשל השכר. חוכר משרפת היי״ש ובית מבשל השכר של הזמן ההוא היה איש קשיש, אשר גר שם עם אשתו, בנו וכלתו, והעסיק משרת יהודי אחד. לפונדקאי היו שני משרתים. 5 המשפחות הנותרות עסקו במלאכה ובמסחר זעיר.

כך נראתה החברה היהודית הקטנה בסרוצק במאה ה־18, שהיו לה כל התכונות האופיניות של היישובים הזעירים בפולין של אז. בשנת 1765 היו היהודים בעיקר חוכרים ופונדקאים. כך בדיוק היה מצב כל אותם הישובים בהם גרו רק כמה משפחות יהודיות. ברם, תוך שנים מספר חל איזה שהוא שנוי. בשנת 1781 עסקו 5 אבות־משפחה בהתעסקויות שונות. הקומץ הקטן אשר חי חיי עוני בעיירה העניה התאמץ להעסיק מלמד מיוחד לבניו. בשנת 1765 נמצאו כבר עשרה גברים, דבר שאפשר להם להתפלל במנין. במאה ה־18 לא יכלו יהודי סרוצק לארגן קהילה עצמאית מחמת מספרם הקטן והם השתייכו לקהילת נאשלסק, אשר עמדה בראש האוכלוסיה היהודית ב־11 כפרים ו־4 עיירות (נאשלסק, סרוצק, זאקרוצ׳ים ונובה־מיאסטו) בדרום־מזרח של מזובשה. נאשלסק היתה לפי מושגי הזמן ההוא ישוב יהודי גדול, ובשנת 1765 גרו שם 420 יהודים.

מהעיירות אשר השתייכו לקהילת נאשלסק, היתה סרוצק הגדולה ביותר, יען כי בזאקרוצ׳ים היו אז 12 יהודים ובנובה־מיאסטו — 18. קהילה יהודית עצמאית התכוננה בסרוצק רק בשנות העשרים של המאה ה־19.

אחרי החלוקה השלישית של פולין בשנת 1795 סופחה סרוצק לפרוסיה, והחל בשנת 1806 — לנסיכות הורשאית שהוקמה ע״י נפוליאון. בתקופת הנסיכות חלו שנויים רבים ביחסים הפנימיים של העיירה, אשר סבלה רבות בעת המסע הצבאי של נפוליאון. לפי צו נפוליאוני, החלו בשנת 1810 לבנות ביצורים צבאיים בין הנהרות בוג ונארב, שמטרתם היתה למלא כמה תפקידים אסטר־טגיים בהתאם להערכות המלחמתיות של הקיסר הצרפתי. גם סרוצק נכללה באיזור הביצורים וזה גרם להחיאת־מה של העיירה ולהתאוששות במצבם המשקי של תושביה היהודיים. את התופעות האלה תיאר היהודי טוביה לוין, אשר עמד בשנים הבאות בראש הקהילה היהודית. במכתבו אל שלטונות הנסיכות הורשאית, אנו קוראים: „...עיר אשר מתבצרת. חיילים ופועלים עוסקים בחפירת חפירות מגן. גם אומנים בבתי חרושת נמצאים במספר גדול".

הגיאות המשקית הזאת ארכה כשנתיים ימים, עד גמר בנית הבצורים. טוביה לוין הנ"ל כותב במכתבו אל שלטונות הנסיכות בשנת 1812, כי: „...עבודות הבצורים בעיר סרוצק פסקו. החיילים עברו אל המבצר במודלין, וגם כל האומנים והפועלים עזבוה". בגלל בנית הביצורים, נגרמו לתושבי סרוצק הפסדים מסויימים משום שלמטרה זו נלקחו מהם חלקות־שדה מעובדות, אפרים וגנים של עצי פרי. בעת שנפוליאון שהה בשנת 1810 בסרוצק, הגישו לו תושבי העיר בקשה להפחית ממסיהם הממשלתיים תמורת ההפסדים שסבלו בגלל בנית הביצורים. על הבקשה הזאת חזרו ב־1812, אולם מהלך המאורעות הכלליים לא אפשר סידור הענין. בעת בנית הביצורים חנתה בסרוצק יחידה צבאית גדולה. מרשימות מר טוביה לוין הנזכר לעיל אנו למדים, שבאותו הזמן שהתה בעיירה קבוצה ניכרת של אנשים בעלי הכנסה גבוהה וקבועה, דבר אשר גרם להרחבת המחזור בפונדקים ובייצור היי"ש והשכר. את המשקאות יצרו גם התושבים, אולם חוייבו לשלם בעדם מסים לשלטונות. לשלטונות בזמן ההוא לא היה מנגנון מיוחד לגבית מס כזה והוא הוחכר לחוכרים מיוחדים. חוכרי מס המשקאות האלה היו, לרוב, יהודים.

חוכר המס ב־1811 היה מיודענו טוביה לוין. הוא היה בדעה שבגלל הגדלת ההכנסות ממכירת היי"ש והשכר, יוכל גם להפיק ריווח הגון מהמס המיוחד הזה. גידול מחזור הסחורה גרם להעלאת מכסת המס. טוביה לוין, אשר חכר את מס המשקאות ב־1811 לתקופה של שלוש שנים, חוייב לשלם בעד כל שנה סכום של 2860 זלוטי, בעוד שקודמו משנת 1810 שילם רק 2400 זלוטי. לוין לא יכול היה לעמוד בהתחיבויותיו עד הסוף. בגלל העברת הצבא, הפועלים והאומנים

למודלין, נתמעטו ההכנסות של ממכר היי״ש והשכר — וגם ההכנסות של מס־המשקאות.

בניית הביצורים בסרוצק יצרה אפשרויות פרנסה גם לאותם היהודים אשר עסקו במסחר העצים. סרוצק היתה נוחה מאוד למסחר העצים, בגלל הימצאה בנקודה אשר מעל להתחברותם של שני נהרות תחבורתיים גדולים. החל בשנת 1807 אירגן היהודי אליהו מאיר את שיוט העצים בנהרות בהיקף כה רחב, עד שבשנת 1820 הוא נשאר חייב למגיסטרט סכום ניכר של 250 זלוטי בעד מס־שיוט על הנארב. בניווט על המים היו עסוקים לרוב תושבי סרוצק, שהתעסקו בזה הרבה שנים, ובשנת 1803 נמצאו שם 17 נווטי דוברות עצים (רטמן בלע״ז) מומחים.

משנת 1815 השתייכה סרוצק לממלכת פולין, יצירת הקונגרס הוינאי. בשנים הבאות הצליחה העיירה להתפתח קצת, האוכלוסיה היהודית רבתה וגם המבנה הכלכלי שלה שונה. מתוך 16 המקצועות בהם עסקו תושבי סרוצק במחצית הראשונה של המאה ה־19, עסקו היהודים רק ב־7 מהם. היהודים לא היו קדרים, נפחים, טוחנים, נווטים (מובילי דוברות עצים), דייגים, נגרים, מסגרים וסנדלרים. היהודים היו מיוצגים בעיקר בחייטות, שהיתה המקצוע הנפוץ ביותר בקרבם. החל בהתחלת המאה ה־18. בנאשלסק השכנה פעלה, החל מהמחצית הראשונה של המאה ה־18, אגודת אומנים־חייטים יהודית (גילדה) אשר הקיפה את כל אלה אשר עסקו במקצוע ההלבשה בתחום שפוטה של קהילת נאשלסק מאז.

היהודים בסרוצק היו הרוב במקצוע האפיה וכל המסחר המקומי נמצא בידיהם.

המבנה המקצועי של אוכלוסית סרוצק בשנת 1830

| מקצוע | מספר היהודים | מספר הנוצרים | ס״ה |
|---|---|---|---|
| אופים | 4 | 1 | 5 |
| קצבים | 1 | 6 | 7 |
| חוצבים־סוללים | 3 | 1 | 4 |
| טוחנים | — | 3 | 3 |
| דייגים | — | 12 | 12 |
| חייטים | 6 | 2 | 8 |
| סנדלרים | — | 4 | 4 |
| בורסקאים | 1 | 1 | 2 |
| כובענים | 1 | — | 1 |

| מקצוע | מספר היהודים | מספר הנוצרים | ס"ה |
|---|---|---|---|
| מסגרים | — | 1 | 1 |
| נפחים | — | 2 | 2 |
| פחחים | — | 4 | 4 |
| נגרים | — | 1 | 1 |
| קדרים | — | 3 | 3 |
| נווטי דוברות | — | 17 | 17 |
| חנוונים | 12 | — | 12 |
| | 28 (33%) | 57 (67%) | 85 |

חלק מתושבי סרוצק עסקו, כעיסוק צדדי, בייצור ובממכר יי"ש ושיכר. בשנת 1817 עסקו בזה 23 תושבים, ביניהם 15 יהודים ובתוכם אופים וגם סוחרים. ההכנסות מעיסוק זה איזנו את תקציביהן הדלים של המשפחות. חכירת מס המשקאות (פרופינציה בלע"ז) נמצאה, כבשנים הקודמות, בידי היהודים המקומיים. בחכירה הזאת אפשר היה לזכות, בהתאם לתקנות, רק באמצעות מכרז פומבי. בחכירה זכה זה שהציע תמורתה סכום יותר גדול והסתפק בריווח צנוע. וזוהי צורת המכרז: המגיסטרט הודיע בפומבי את התנאים והתאריך המדוייקים של המכרז הפומבי. פרנסי הקהילה היהודית הכריזו על כך בבית הכנסת. הפרנסים חוייבו לחתום, כי האינפורמציה נמסרה לכל היהודים. למכרזים היו לפעמים מהלכים מענינים, והיהודים מילאו בהם את התפקיד הראשי. בשנת 1819 השתתף במכרז רק יהודי אחד — הפונדקאי אליעזר־הירש אשר התחרה בחריפות ובשני־נות עם שני מתחרים, פריצים פולניים. הפרש קטן בהצעה הכספית הכריע את הכף לטובת היהודי. הפריץ איגנצי דמוכובסקי הציע 2003 זלוטי, ואילו היהודי הנ"ל — 2004 זלוטי.

בשנים שלאחר מכן התקיימו התחרויות רק בין היהודים הסרוצקאים בעצמם. בשנת 1847 זכה במכרז להחכרת מס המשקאות (הפרופינציה) התושב היודי הירש איגלברג. נגדו קם פסח מיודוביניק, אשר הריץ מכתב מיוחד לוועדה לעניני פנים בורשה, ובו כתוב לאמר: „כתושב קבוע בסרוצק, לא הייתי במקום בעת המכרז להחכרת הכנסות המס של יי"ש ושכר. בשובי, נודע לי שהיהודי הירש איגלברג זכה בחכירה תמורת סכום של 330 רו"כ (רובל כסף). אני מצדי מצהיר על הסכום של 375 רו"כ ומבקש מכם, שהוועדה המלכותית תואיל לקבוע תחרות משנה ביני לבינו, או לצוות לחתום אתי חוזה באופן מיוחד".

לא היה זה הנסיון היחידי לשלול מהירש איגלברג את החכירה — באותו הזמן הציע יהודי סרוצקאי אחר, בריל רוזנטל, סכום של 400 רובל מכסף, כלומר עוד יותר מהצעתו של פסח מיודוביניק.

הירש איגלברג נשאר החוכר, למרות שהותקף ע״י שכנים קרובים. הצעדים שננקטו ע״י פסח מיודובניק ובריל רוזנטל נגד הירש איגלברג מוכיחים, כי ליחסים הפנימיים בין היהודים בסרוצק במחצית המאה ה־18 לא היה כבר האופי המיוחד לישובים קטנים, עם מספר זעיר של משפחות יהודיות, אשר ביניהן התבססו החיים על קשרי שכנות טובים והדוקים. לעומת זה, נוצרה כבר בסרוצק חברה יהודית גדולה למדי, אשר הביאה בתוכה, באופן הטבעי ביותר, לידי התמודדות ומלחמת קיום לשם השגת מקומות הכנסה יותר טובים.

יהודי סרוצק השתדלו בכל מיני דרכים לחכור את הכנסות מס המשקאות, אפילו אלה אשר לא היה להם לזה ההון הדרוש. לאחרונים שייך גם מיודענו טוביה לוין, אשר לא יכול היה, בשנת 1812, להפקיד את הערבון הדרוש. סגן מושל מחוז פולטוסק קבע ש„לוין, אין ביכולתו להפקיד ערבון, הוא עני ואביון, ובמקרה של הפסדי ממון, לא יוכל לכסותם״.

בשנת 1822 חכר את מס המשקאות אליעזר כהן ומאחר ולא היה לו כסף, היה נאלץ למסור את החכירה לחוכר־משנה. בענין זה תווך משה גולדברג ממקוב, אשר מצא את השותף — פסח קופצ׳יק, וזה האחרון מסר מדי פעם את החכירה ליהודים אחרים. באופן זה קמה שרשרת ארוכה של חוכרי־משנה, אשר בגלל עניים הוכרחו להעביר את חכירתם לאחרים תמורת ריווח כספי קטן. השמוש בשיטות כאלה היה קשור במצב הכלכלי של יהודי סרוצק אז: התנאים הכלכליים אפשרו לעסוק רק במקצועות מסויימים ובמסחר זעיר — ורק יחידים יכלו לנסות וליזום פעולה משקית בשטחים אחרים. אולם אפילו בתנאים כאלה, רכשו היהודים במשך השנים גם נכסי־דלא־ניידי. ראוי להעיר שבשטח זה (רכישת נכסים) לא סבלו היהודים מהגבלות, כפי שזה היה נהוג ומקובל בישובים גדולים ומפותחים. הודות לזה גרו חלק מיהודי סרוצק בהתחלת המאה ה־19 בבתים פרטיים משלהם. כמובן, שהיו אלה בתי עץ קטנים ולא בתים עירוניים גדולים וגבוהים. חיים איצקוביץ׳ קנה בית כזה מאת יאן פולאקביץ׳ בשנת 1809 ולפי התיאור הרשמי, כלל המבנה כדלקמן: „2 חדרים, פרוזדור, מחסן קטן, אורוה לסוסים ורפת (לבהמות בית, להוציא חזירים) בעיר סרוצק אשר על הרביטבה (אחד מפרברי העיר)״. הבעלים החדשים חויבו במס של 12 זלוטי לשנה, ובעד כל הבית שולם הסכום הגדול של 4360 זלוטי, סכום השווה לתשלום שתי שנות חכירה של מס המשקאות (פרופינציה).

לחלק ניכר של היהודים, במחצית השניה של המאה ה־19, היו נכסי־דלא־ניידי. בשנת 1864 נמצאו בסרוצק 197 משפחות יהודיות, מהן 50 משפחות (25.4%) גרו בבתי עץ פרטיים. באותו הזמן נמצא בעיירה רק בית לבנים אחד.

שונה היה המצב אצל הפולנים: 65% מהם גרו בבתים משלהם, אולם הם היו בעיקר חקלאים ומטבע הדברים בעלי אדמות, מבנים משקיים ובתי מגורים.

מספר קטן של יהודים, בעיקר פונדקאים, עסקו גם בגננות. בשנת 1825 היו ליהודים שמונה גנים פרטיים. כדאי לציין שטוביה לוין והפונדקאי אליעזר הירש היו בשנת 1820 נציגי הקהילה היהודית.

המבנה המשקי של סרוצק במאה ה־19, יצר בסיס רק למספר מוגבל של תושבים. האדמיניסטרציה של „הממלכה הפולנית" ושלטונות הכבוש הרוסיים, לא פעלו מאומה בכוון של תיעוש העיירה, כך שסרוצק נשארה ישוב בו התרכזו בעלי מלאכה, סוחרים זעירים וחקלאים אשר התעסקו, בחלקם, גם בעיסוקים אחרים.

גידול האוכלוסיה ומספר הבתים בסרוצק

| השנה | מספר האוכלוסיה | מספר הבתים | מספר דיירים בבית אחד ממוצע |
|---|---|---|---|
| 1827 | 1008 נפש | 100 | 11 |
| 1862 | 1879 „ | 140 | 14 |
| 1864 | 2116 „ | 142 | 15 |
| 1885 (בערך) | 2500 „ | 200 | מעל 12 |

בשנת 1864 גרו בסרוצק 197 משפחות יהודיות, שהן 1164 נפשות — 55% של האוכלוסיה הכללית.

המספרים הנ"ל מבליטים דרגת ההתפתחות של האוכלוסיה היהודית בסרוצק. קבוצה קטנה של כמה משפחות שהתישבו במחצית הראשונה של המאה ה־18 והתפרנסו מחכירת פונדק, משרפת יי"ש ובית מבשל שכר, הפכה בשנות החמישים של המאה ה־19 לחוג רחב יותר, שונה בהרכבו המקצועי וברכושו אשר היווה רוב התושבים בעיירה.

(תורגם מפולנית בידי חנוך ורדי)

ד"ר יעקב גאָלדבערג
(ירושלים)

# יידן אין אַמאָליקן סעראַצק

ווען די יידן האָבן זיך אין 18טן יאָרהונדערט באַזעצט אין סעראַצק, האָט די שטאָט שוין לאַנג עקזיסטירט. צוליב דער גינסטיקער לאַגע פון צוזאַמענפאַלן פון די טייכן בוג און נאַרעוו, האָט זיך שוין דאָרט אין פריִען מיטלאַלטער געפונען אַ ישוב, און אין 12טן יאָרהונדערט איז דאָרט אויפגעבויט געוואָרן אַ פּריצישע פעסטונג. אין דער ערשטער העלפט פון 15טן יאָרהונדערט האָבן זיך אויף דעם שטח זייער אינטענסיוו אָנגעהויבן שאַפן ישובים און אַן אויפבוי פון האַנטווערק און האַנדל, וואָס האָט קאָנסעקווענט געפירט צו דעם אויס־פאָרמירן אַ ריי נייע שטעט, גרופירנדיק הויפּטזעכלעך אַ באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט האַנטווערק און מסחר. פון די נייע שטעט, וואָס זענען אין 15טן יאָרהונדערט אַנטשטאַנען אין מאַזאָוושע זענען דערפון 75% געווען קאָנצענטרירט אויפן שטח מזרח־דרום און צפונדיק פון דער ווייסל. סעראַצק געהערט צו דער צפונדיקער גרופע, וועלכע האָט אַרומגענומען זאַקראָטשים, נאָווע־מיאַסטאָ, פּזשאַשניש, מאַקאָוו און יאַנאָוו. ווען סעראַצק האָט אין יאָר 1417 באַקומען די שטעטישע רעכט, איז עס שוין פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט געווען אַן אַנטוויקלטער ישוב. דאָס שכנישע שטעטל נאַשעלסק האָט באַקומען די שטעטישע רעכט נאָך פריער, ד. ה. אין יאָר 1386, און אויך דאָס שכנישע פולטוסק — איינע פון די עלטסטע שטעט אין פוילן — האָט געהאַט די שטעטישע פּריווילעגיע אין יאָר 1257.

אין משך פון די ערשטע 150 יאָר זינט דער עקזיסטענץ פון סעראַצק, האָט דאָס שטעטל אויסגעבילדעט אַלע יסודותדיקע אייגנשאַפטן פון אַ שטעטישן ישוב, פאַרשטעלנדיק מיט זיך אַ באַדייטנדיקן באַפעלקערונגס־פּאָטענציאַל מיט פאַר־שידנאַרטיקע אַרבעטסגעביטן פון דער באַפעלקערונג.

דער גרעסטער אויפשטייג פון סעראַצק פאַלט זיך צוזאַמען מיט דער תקופה פון דער פּראָספּעריטעט פאַר פוילישע פעאָדאַלע שטעט בעת דער רענעסאַנס עפּאָכע, ד. ה. אין 16טן און אָנהייב פון 17טן יאָרהונדערט. אין יאָר 1564 זענען אין סעראַצק געווען 264 הייזער, אין וועלכע ס'האָבן געוווינט בערך 2000 איינוווינער, ביי די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן — אַ נישט קיין קליינע צאָל. וואָס שייך דער באַפעלקערונגס־צאָל, איז סעראַצק כמעט תמיד געווען הינ־

טערשטעליק פון דעם גלייכצייטיק אַנטשטאַנענעם שטעטל זאַקראָטשים, אין וועלכן עס זענען דעם זעלבן יאָר שוין געווען 371 הייזער. לטובת סעראָצק זאָגט דער פאַקט, וואָס שוין דעמאָלט האָבן דאָרט געוווינט 57 פאַרשידענע האַנטווערקער, ד. ה. נישט קיין קליינער פּראָצענט פון באַרופס־טעטיקע איינוווינער. די גרויסע קאָמוניקאַציע־אַרטעריע וואָס האָט געפירט פון מאַזאָווּשע אין דער לענג פון טייך בוג קיין רוסלאַנד און איז דורכגעגאַנגען דורך פּאָמיאַכאָוועק, סעראָצק, ווישקאָוו, בראָק, ניעסקוזשין און ברײנסק, איז געווען זייער גינסטיק לטובת דער אָרטיקער אַנטוויקלונג פון האַנדל און האַנטווערק. דאָ זענען געגאַנגען די טראַנספּאָרטן מיט סחורות, און קומענדיק אין קאָנטאַקט מיט פאַרשידענע סוחרים, פאַר־לייכטערט דעם אָפּזאַץ פון די אַרטיקלען, וואָס זענען פּראָדוצירט געוואָרן דורך סעראָצקער האַנטווערקער.

אין דער צייט פון רענעסאַנס־אויפבלי איז סעראָצק געווען דער צענטער פון מאַנופאַקטור־אויסאַרבעטונגען. ס'האָט זיך דאָרט געפונען אַ פאַבריק פון מאַנופאַקטור, מיט וועמענס איינריכטונגען ס'האָבן זיך באַנוצט די דאָרטיקע וועבער און דערפאַר געמוזט אָפּצאָלן. דאָס געלט פון דעם אָפּצאָל איז געוואָרן באַשטימט אויף אויסגאַבן וואָס זענען געווען פאַרבינדן מיטן אָפּהיטן די שטעטישע שוץ־מויערן. חוץ די האַנטווערקער און וועבער האָט שוין דעמאָלט אין 16טן יאָרהונדערט אין סעראָצק עקזיסטירט אַ באַדייטנדיקע פּראָפעסיאָנעלע גרופּע פישערס און זיי האָבן אויך דאָרט געוווינט אין די שפּעטערע יאָרהונ־דערטער. אין יאָר 1564 האָבן זיי געצײלט 30 פעריזאָן. אין אַנדערע קליינע שטעט האָט זיך דעמאָלט אַ טייל פון דער באַפעלקערונג פאַרנומען מיט לאַנדווירט־שאַפט, באַזונדערס בעת די שטאָט האָט דיספּאָנירט מיט גרויסע לאַנד־שטחים. דער שטעטישער פּריווילעג פון יאָר 1417 האָט צוגעטיילט סעראָצק בערך 900 העקטאַר ערד, וואָס האָט זיך שפּעטער געפונען אין באַזיץ פון מאַנכע איינוווינער.

אין דער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט האָט סעראָצק דורכגעמאַכט אַן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס איז שפּעטער מער פאַרשאַרפט געוואָרן צוליב די מלחמה־חורבות. אין די פופציקער יאָרן פון זעלבן יאָרהונדערט, הגם ס'האָבן זיך נישט אָפּגעהיטן די סטאַטיסטישע ציפערן וועגן דעם פאַרנעם פון די היזקות, איז באַקאַנט דער פאַקט, אַז אין יאָר 1660 זענען בערך 88% פון שטעטישן באָדן געלעגן אומבאַאַרבעט, ווייל ס'איז נישט געווען ווער ס'זאָל אים באַאַרבעטן. דאָס באַווייזט וועגן דעם גרויסן חורבן און אויסוואַנדערונג פון שטעטל. דער ווידעראויפבוי פון שטעטל איז פאָרגעקומען זייער לאַנגזאַם און שפּעטער נישט מער צוריקגעקערט צו דער פּאָזיציע, וואָס עס האָט פאַרנומען אין 16טן יאָר־

הונדערט. אָבער סעראָצק איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם, ווייל די מערהייט ענלעכע ישובים האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין אַ מצב פון אַבסאָלוטע נידערלאַגן, און דער פּראָצעס פון לאַנגיעריקן ווידעראויפבוי האָט שוין כמעט אין ערגעץ נישט צוריקגעקערט צו דער מדרגה פון דער רענעסאַנס־תקופה. אויך שפּעטער האָט סעראָצק געטיילט דעם גורל פון גרעסטן טייל פון פּוילישע שטעטישע ישובים, וואָס זענען כסדר חרוב געוואָרן דורך מלחמות און אינערלעכע מחלוקתן פון דער ערשטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט. נישט געקוקט אויף די פּרוּוון פון אויפבויען דאָס שטעטל און אַלגעמיינע בעסערע קאָניונקטור, וואָס האָט געהערשט אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט האָט סעראָצק באַקומען אַן אַנדערן ווירטשאַפטלעכן פּראָפיל, ווי ס׳האָט געהאַט. אין 16טן און אָנהייב פון 17טן יאָרהונדערט האָט זיך דאָרט פאַרקלענערט די צאָל איינוווינער, ווי פריער. אין יאָר 1777 האָבן זיך דאָרט געפונען 57 הייזער, ד. ה. 21.5% פון דער פאַרבויטער צאָל פון יאָר 1564, און אין יאָר 1797 איז די צאָל הייזער געשטיגן ביז 77. אָבער די דאָזיקע אָנגעגעבענע צאָל שטעלט מיט זיך נישט פאָר אַלע אַספּעקטן פון די פאָרגעקומענע שינויים, ווייל אין 18טן יאָרהונדערט האָט דער קליינשטעטלדיקער אופן פון בויען סעראָצק געטראָגן אַ דאָרפישן כאַראַקטער און מיט גאָרנישט דערמאָנט די הייזער פון 16טן און אָנהייב 17טן יאָרהונדערט.

די וויכטיקסטע שינויים האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור פון די איינוווינער און דערמיט פאַרבונדענע ווירטשאַפטלעכע פונקציעס פון שטעטל. סעראָצק האָט אָנגעווירן איר באַדייטונג אַלס פּונקט אויפן אינטערנאַציאָנאַלן האַנדלס־וועג, ווייל צוליב דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלעכער נידערלאַגע אין לאַנד האָט אויך דער האַנדל פאַרלוירן זיין כריערדיקע פּאָזיציע. די צאָל האַנטווערקער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, האָט זיך פאַרקלענערט ביז צום מינימום, און די וועבער זענען לגמרי פאַרשוווּנדן. אַ טייל פון זיי האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל, אָדער אומגעקומען פון מלחמות און עפּידעמיעס, וואָס האָט גורם געווען אַ הפסקה ביים קאָנטינואירן די טראַדיציאָנעלע פּראָפעסיעס פון די דאָרטיקע איינוווינער. די באַזע פון דער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ איז געוואָרן די לאַנדווירטשאַפט און אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון שטעטל האָט זיך פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע פון בראָנפן און ביר, מיט וואָס ס׳האָבן זיך באַשעפטיקט די איינוווינער, אָבער דער הויפּט מקור איז געווען די בראָנפנברויעריי און די קרעטשמע, וואָס האָט געהערט צום פּריצישן הויף. דאָרט איז אויך געווען דער פאַרקויף פון די אויסגעאַרבעטע געטראַנקען, אַזוי אַז דאָס איז אויך געווען

איינער פון די ווייניקע געביטן וואָס האָבן געגעבן אַ מעגלעכקייט אין שטעטל צו פֿאַרדינען מחוץ דער לאַנדווירטשאַפֿט. ס'איז אַלגעמיין געווען באַקאַנט, אַז מיט דער אַרענדע פֿון די שענקען, בראָנפֿנברענערייען און בראָווער האָבן זיך אין פֿריערדיקן פּוילן בעיקר פֿאַרנומען ייִדן. אויך דאָ האָבן זיך דערמיט פֿאַרנומען די ערשטע ייִדישע איינוווינער. די ייִדן זענען דאָ אַהערגעקומען אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 18טן יאָרהונדערט, אָבער די ערשטע ידיעות וועגן זיי שטאַמען ערשט פֿון יאָר 1765.

די ייִדן האָבן געוווינט אין סעראָצק און אין דער פֿאָרשטאָט, וווּ ס'האָט זיך געפֿונען דער אַמט פֿון וואָיט. ווי ס'איז אָנצונעמען האָט די ערשטע ייִדישע משפּחה געוווינט אין דער קרעטשמע פֿון וואָיט, צי וואָס ס'איז נישט געווען נייטיק די הסכּמה מצד די דאָרטיקע איינוווינער, און נישט פֿון מאַגיסטראַט.

דער וואָיט־אַמט האָט באַשטימט די פּענסיע פֿון דעם וואָיט, וועלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פֿון דער זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג און אויסגעפֿירט געריכטלעכע פֿונקציעס. אין אַ סך שטעט האָבן די פּריצים איבערגענומען די וואָיט־אַמטן, אַזוי אַז די באַזיצער פֿון די אַמטן האָבן זיך שוין נישט פֿאַרנומען מיט אַנדערע מוניציפּאַלע אַמטן. אין סעראָצק, וואָס איז שוין אין יאָר 1432 געווען אַ קעניג־לעכע שטאָט, האָט זיך דער וואָיט־אַמט געפֿונען אין פּריצישע הענט. דאָס איז געווען אַ פֿאַרמעג, וואָס האָט אַרומגענומען 60 העקטאַר ערד. אין דעם וואָיט־שטח האָט זיך געפֿונען אַ קרעטשמע, וואָס איז געווען געדעקט מיט דאַכוווקעס. די קרעטשמע איז באַשטאַנען פֿון 2 שטובן מיט אַ קאַמער און דערנעבן אַ פֿערד־שטאַל. דאָס איז געווען אַ טיפּ פֿון אַן אַזוי גערופֿענע דורכפֿאָר־קרעטשמע, וואָס האָט גלייכצייטיק געדינט אַלס אַ האָטעל. מען קען זיך פֿאָרשטעלן די דאָרטיקע ענגשאַפֿט, ווייל אין די 2 שטובן האָט זיך געפֿונען די משפּחה פֿון קרעטשמער, די קרעטשמע און אויך פּלאַץ צו שלאָפֿן פֿאַר די דורכרייזנדע. לויט אָפֿיציעלע ידיעות האָבן אין יאָר 1765 אין דער קרעטשמע געוווינט 8 פּערזאָן, חוץ די צוליב שטייער־טעמים אויסבאַהאַלטענע משפּחה־מיטגלידער.

אין דער צייט איז די קרעטשמע געווען אין פֿאַכט פֿון מלך אַבראַמאָוויטש. ער האָט דאָרט געוווינט מיט זיין ווייב צירל און זייער זון מרדכי מיט זיין ווייב נעכע און טאָכטער פּעשע. מרדכי האָט אויסגעפֿירט אַ סך אַרבעט, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיטן פֿירן די קרעטשמע, וואָס ביי אַנדערע קרעטשמעס, האָט זיך דערמיט פֿאַרנומען די דינערשאַפֿט. אין דער קרעטשמע האָט געוווינט יאָסל, דער שוואָגער פֿון מלך אַבראַמאָוויטש מיט זיין פֿרוי און זיין זון, וועלכער האָט אויך געהייסן מרדכי.

אין סעראַצק האָבן נאָך געוווינט 2 יידישע משפּחות: איציק שמולעוויטש — דער אַרענדאַר פון דער בראַנפן־ברענעריי און בראַוואַר, מיט זיין פרוי רחל, צוויי זין — לייביש און בערעק און אַ טאָכטער פריידע. ביי זיי האָט געוווינט דער אומפּאַרהייראַטער יעקב — דער ברודער פון איציק שמולעוויטש. די צווייטע יידישע משפּחה איז געווען דער קרעטשמער ישראל מיט זיין פרוי רחל און טאָכטער איטאַ. חוץ די דערמאָנטע יידישע משפּחות איז אין סעראַצק געווען דער לערער פון יידישע קינדער, שמואל אַבראַמאָוויטש. כדאי צו באַמערקן, אַז דער רוב פון די דעמאָלטיקע לערער אין די דערפער און קליינע שטעטלעך זענען געווען נישט פאַרהייראַטע פערזאָנען. ביים אַרענדאַר איציק שמולעוויטש האָט געוווינט דער לערער שמואל אַבראַמאָוויטש, וועלכן מ׳האָט צוליב זיין פּראָפעסיע גערופן „דער אינספעקטאָר״.

די קרעטשמער־יידן אין סעראַצק זענען באַדראָט געווען פון דער קאָנקורענץ מצד דעם אָרטיקן גלח, וועלכער האָט אויך געפירט אַ קרעטשמע. די קרעטשמערס האָבן נישט געהאַט קיין גרויסע הכנסות, מחמת דער שוואַכער אַנטוויקלונג פון שטעטל. אין יאָר 1765 האָט די שטעטלדיקע פאַרוואַלטונג דערקלערט, אַז דאָס שטעטל האָט נישט קיין שום יאַרמאַרקן און שלעפּט זיך איבער אַנדערע שטעט־לעך. צוליב דעם געפונען זיך שוין נישט אין יאָר 1781 די יידישע משפּחות, וועלכע האָבן דאָרט געוווינט אין יאָר 1765. צום ערשטן האָט זיך אַרויסגעצויגן פון שטעטל מלך אַבראַמאָוויטש און נאָך אים האָט שוין קיינער נישט געוואָלט פאַכטן די קרעטשמע ביים וואַיט. זי איז געשטאַנען ליידיק, און אין דער באַ־שרייבונג פון דער ווירטשאַפט פון „וואַיט״ פון יאָר 1773 איז צו לייענען: „די קרעטשמע מיט דעם שטאַל וועט שוין נישט האָבן קיין תיקון״.

אין יאָר 1781 האָבן אין סעראַצק געוווינט 7 יידישע משפּחות פון וועלכע צוויי האָבן זיך מפרנס געווען פון פּראָפּינאַציע (בראַנפן־ברענעריי). דער דעמאָל־טיקער אַרענדאַר פון דער בראַוואַר און בראַנפן־ברענעריי, אַן עלטערער מענטש, האָט דאָרט געוווינט מיט זיין פרוי, זון און שניר און באַשעפטיקט אַ יידישן דינער. דער קרעטשמער האָט געהאַט 2 דינער. די 5 אַנדערע משפּחות האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנטווערקעריי און קליינעם מסחר.

אַזוי האָט אויסגעזען די קליינע יידישע געזעלשאַפט אין 18טן יאָרהונדערט אין סעראַצק, וואָס האָט פאַרמאָגט אַלע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון די קליינע יידישע ישובים אין דעמאָלטיקן פוילן. אין יאָר 1765 זענען די יידן אין סעראַצק באַשטאַנען בעיקר פון אַרענדאַרן און קרעטשמערס. פּונקט אַזוי האָט אויסגעזען דער מצב פון אַלע ישובים, באַוווינט פון בלויז אייניקע יידישע משפּחות.

דאָך אין משך פון אייניקע יאָרן האָט זיך דער מצב געענדערט. אין יאָר 1781 האָבן זיך די טאַטעס פון די פינף משפחות שוין פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. דאָס קליינע הייפל וואָס האָט געפירט אַן אָרעם לעבן אין אָרעמען שטעטל, האָט זיך זייער אָנגעשטרענגט צו האַלטן אַ מלמד פאַר זייערע קינדער. אין יאָר 1765 האָבן זיך שוין דאָרט געפינען צען מענער, וואָס האָט דערמעגלעכט די יידן צו דאַווענען מיט אַ מנין.

דאָך זענען אין 18טן יאָרהונדערט די יידן אין סעראָצק געווען אין אַ צו קליינער צאָל, כדי צו גרינדן אַן אייגענע קהילה. און צוליב דעם געהערט צו דער קהילה אין נאַשעלסק, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער יידישער באַפעלקערונג פון 11 דערפער און 4 שטעט פון דרום־מזרח מאַזאָווישע. (נאַשעלסק, סעראָצק, זאַקראָטשים און נאָווע־מיאַסטאָ). נאַשעלסק איז, ווי אויף יענער צייט, שוין געווען אַ גרויסער יידישער ישוב. אין יאָר 1765 האָבן דאָרט געוווינט בערך 420 יידן. פון די יידישע שטעטלעך, וואָס האָבן געהערט צו דער נאַשעלסקער קהילה, איז סעראָצק געווען דאָס גרעסטע, ווייל אין זאַקראָטשים האָבן דעמאָלט געוווינט 12 און אין נאָווע־מיאַסטאָ — 18. אַ זעלבשטענדיקע יידישע קהילה איז אין סעראָצק אַנטשטאַנען אין די צוואַנציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט.

נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פוילן, ד. ה. אין יאָר 1795 — האָט סעראָצק געהערט צו דער פּרייסישער ממשלה, און פון יאָר 1806 — צום דעמאָלט געשאַפענעם וואַרשעווער פירשטנטום. במשך דער צייט פון פירשטנטום זענען איינגעטרעטן געוויסע שינויים אין די אינערלעכע פאַרהעלטענישן פון שטעטל, וואָס האָט זייער געליטן צוליב נאַפּאָלעאָנס קריגס־קאַמפּאַניע. אויפן באַפעל פון נאַפּאָלעאָנען האָט מען אין יאָר 1810 אָנגעהויבן צו בויען מיליטערישע באַפעס־טיקונגען צווישן בוג און נאַרעוו, וואָס האָבן געזאָלט דינען צו סטראַטעגישע פונקציעס לויט די מיליטערישע פּלענער פון נאַפּאָלעאָנען. אויך סעראָצק איז געוואָרן אַריינגענומען אין די פּלענער, און אין רעזולטאַט דערפון האָט עס גורם געווען אַ געוויסע אויפלעבונג אין שטעטל, און דערפירט צו גינסטיקע באַדינגונגען פאַר דער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די סעראָצקער יידן. די דאָזיקע באַ־גלייטנדיקע אומשטענדן האָט באַשריבן דער סעראָצקער ייד טוביה לעווין, וועלכער איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער דאָרטיקער קהילה. אין זיין בריוו צו דער מאַכט פון וואַרשעווער פירשטנטום לייענט מען, אַז ס'איז דעמאָלט געווען: „אַ שטאָט וואָס באַפעסטיקט זיך, אין וועלכער זעלנער און אַרבעטער זענען באַשעפטיקט ביי די אָקאָפּעס (פאַרשאַנ־צונגען) און אויך מייסטער אין פאַבריקן, אַלץ אין אַ גרויסער צאָל".

דאָך האָט דיווירטשאַפטלעכע אויפלעבונג, וואָס איז געקומען צוליב אַזעלכע סיבות, נאָר געקאָנט טראָגן אַ פּאַראיבערגייענדיקן כאַראַקטער, און פּאַקטיש האָט עס נאָר אָנגעהאַלטן צוויי יאָר, ד. ה. אין משך פון בויען די פעסטונג. טוביה לעווין האָט אין 1812 געשריבן: „די אַרבעט ביי דער באַפעסטיקונג אין שטעטל סעראָצק איז געוואָרן אָפּגעשטעלט, און די זעלנער, האַנטווערקער און אַרבעטער זענען אַריבער אין דער מאָדלינער פעסטונג". צוליבן בוי פון דער פעסטונג האָבן די סעראָצער איינוווינער אויך געהאַט געוויסע היזקות, ווייל מען האָט ביי זיי צוליב דעם צוועק צוגענומען אַ טייל פון זייערע פעלדער, לאָנקעס און גערטנער. בעת זיין קורצן אויפהאַלטן זיך פון נאַפּאָלעאָנען אין יאָר 1810 אין סעראָצק, האָבן די דאָרטיקע איינוווינער אים איבערגעגעבן אַ בקשה, אין וועלכער זיי האָבן געבעטן, ער זאָל זיי פּאַרגיטיקן די שאָדנס דורך פּאַרקלענערן די שטייערן. די דאָזיקע בקשה האָבן זיי איבערגעחזרט אין 1812, אָבער דער גאַנג פון די אַלגעמיינע געשעענישן האָט שוין נישט דערמעגלעכט צו דערליידיקן דעם ענין.

אין דער צייט פון בויען די פעסטונג האָט אין סעראָצק זיך אויפגעהאַלטן אַ מיליטערישער גאַרניזאָן. ווי ס'איז צו זעען פון דעם דערמאָנטן לעווינס פּאַרצייכענונגען, איז אין סעראָצק אָנגעקומען אַ גרופּע מענטשן מיט סטאַבילע און באַדייטנדיקע הכנסות, און דערמיט פּאַרגרעסערט דעם אומזאַץ אין די אָרטיקע קרעטשמעס און אויך די פּראָדוקציע פון בראָנפן און ביר. די משקאות זענען אויך געוואָרן פּראָדוצירט דורך די שטעטישע איינוווינער, זיי האָבן אָבער געמוזט דערפאַר צאָלן שטייערן. די דעמאָלטיקע אַדמיניסטראַציע האָט נישט באַזעסן אַ ספּעציעלן ווירטשאַפט־אַפּאַראַט איינצוקאַסירן אַזאַ שטייער, נאָר האָט דעם דאָזיקן שטייער פּאַרפּאַכטעט, ס'רוב צו יידן. אין יאָר 1811 איז דער פּאַכטער אין סעראָצק געווען דער דערמאָנטער טוביה לעווין, אין דער מיינונג, אַז צוליבן פּאַרגרעסערן די הכנסות אין דער פּראָפּינאַציע וועט ער אויך פון דעם שטייער־פּאַכט קאָנען גוט פּאַרדינען. דער וווּקס פון אומזאַץ האָט אויך גורם געווען דאָס שטייגן פון דער שטייער־קוואָטע. לעווין, וועלכער האָט אין 1811 געפּאַכטעט אויף דריי יאָר דעם שטייער, האָט געמוזט פּאַר יעדן יאָר צאָלן 2860 זלאָטעס, בעת זיין פּאָרגייער האָט אין 1810 נאָר געצאָלט 2400 זלאָטעס. צוליבן איבערפירן די אַרבעטער קיין מאָדלין, איז לעווין נישט געווען בכוח נאָכצוקומען די באַדינגונגען פון פּאַכט־הסכם, ווייל אין דער ניי־געשאַפענער סיטואַציע, האָבן זיך פלוצים פּאַרקלענערט די הכנסות פון די בראָנפן־ און ביר פּראָדוצענטן.

דאָס בויען פון דער פעסטונג אין סעראָצק האָט געשאַפן פּאַרדינסט־

מעגלעכקייטן אויך פֿאַר די יידן, וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיטן האָלץ־האַנדל. סעראָצק איז פֿאַר אַזאַ האַנדל געווען אַ באַקוועמער פּונקט, מחמת דאָס שטעטל ליגט צווישן צוויי פּאַרקער־טייכן, וואָס האָבן דערמעגלעכט דעם האָלץ־טראַנספּאָרט. אָנהייבנדיק פֿון יאָר 1807 האָט דאָס טראַנספּאָרטירן אויף די טייכן אָרגאַניזירט אליהו מייער און עס געפֿירט אויף אַ ברייטן פֿאַרנעם, אַזוי, אַז אין יאָר 1820 איז ער שולדיק געווען אין מאַגיסטראַט די באַדייטנדיקע סומע פֿון 250 זלאָטעס שטייער פֿאַרן טראַנספּאָרטירן איבערן נאַרעוו. ביים זעגלען אויפֿן וואַסער זענען ס׳רוב באַשעפֿטיקט געוואָרן סעראָצקער איינוווינער, וועלכע האָבן זיך שוין לאַנג פֿריער דערמיט פֿאַרנומען, אַזוי אַז אין יאָר 1830 האָבן זיך דאָרט געפֿינען 17 קוואַליפֿיצירטע טראַטווע־פֿירער.

פֿון יאָר 1815 האָט סעראָצק געהערט צום פּוילישן קעניגרייך. אין די קומענדיקע יאָרן האָט דאָס שטעטל געהאַט די מעגלעכקייט זיך אַ ביסל צו אַנטוויקלען, ס׳האָט זיך פֿאַרמערט די יידישע באַפֿעלקערונג, און ס׳האָט זיך פֿאַרענדערט די אינערלעכע באַשעפֿטיקונגס־סטרוקטור. פֿון די 16 פֿאַכן, מיט וועלכע ס׳האָט זיך אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט פֿאַרנומען די סעראָצקער באַפֿעלקערונג, פֿאַרנעמען זיך יידן — נאָר מיט 7. יידן האָבן זיך אין יענער צייט פֿאַרנומען מיט טעפּעריי, שמידן, מילנערס, טראַטווע־פֿירער, פֿישערס, טישלערס, שלאָסערס און שוסטערס. די יידן זענען רעפּרעזענטירט ס׳רוב ביי שניידעריי, וואָס איז שוין אין 18טן יאָרהונדערט געווען אַ זייער פֿאַרשפּרייטער פֿאַך. אין שכנותדיקן נאַשעלסק איז שוין אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 18טן יאָרהונדערט געווען אַ יידישער שניידער־צעך, וואָס האָט גרופּירט האַנטווערקער פֿון דער באַקליידונגס־בראַנזשע אויפֿן געביט פֿון דער דעמאָלטיקער נאַשעלסקער קהילה. אין סעראָצק זענען אין דער בעקעריי־בראַנזשע די מערהייט געווען יידן, און אויך אין גאַנצן אָרטיקן האַנדל.

די פּראָפעסיאָנעלע סטרוקטור פון דער באַפעלקערונג אין סעראַצק
אין יאָר 1830

| פּראָפעסיע | צאָל יידן | צאָל קריסטן | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| בעקער | 4 | 1 | 5 |
| פליישער | 1 | 6 | 5 |
| שטיינהאַקער | 3 | 1 | 4 |
| מילנער | — | 3 | 3 |
| פישער | — | 12 | 12 |
| שניידער | 6 | 2 | 8 |
| שוסטער | — | 4 | 4 |
| גאַרבער | 1 | — | 1 |
| היטלמאַכער | 1 | — | 5 |
| שלאָסער | — | 1 | 1 |
| שמידן | — | 2 | 2 |
| בלעכער | — | 4 | 4 |
| טישלער | — | 1 | 1 |
| טעפער | — | 3 | 3 |
| טראַטוויערס | — | 17 | 17 |
| קרעמער | 12 | — | 12 |
| צוזאַמען | (33%) 28 | (67%) 57 | 85 |

אַ טייל פון די סעראַצקער איינוווינער האָבן זיך פאַרנומען ווי אַ נעבן פאַרדינסט מיטן אויסאַרבעטן און פאַרקויף פון ביר און בראַנפן. אין יאָר 1817 האָבן זיך דערמיט פאַרנומען 23 סעראַצקער איינוווינער, צווישן זיי 15 יידן, צווישן זיי אויך בעקער און הענדלער. די הכנסות פון דער פּראָפּינאַציע האָבן אין אַ געוויסער מאָס דערגענצט זייערע הויז־הוצאות. אַזוי ווי אין פריערדיקע יאָרן האָט זיך דער פאַכט פון פּראָפּינאַציע־שטייער אויך געפינען אין די הענט פון די דאָרטיקע יידן. לויט די אָנגענומענע פאָרשריפטן האָט מען געקאָנט פאַכטן נאָר דורך ליציטאַציע, אַזוי אַז באַקומען האָט זי נאָר דעריעניקער, וועלכער האָט פאָרגעלייגט די גרעסטע סומע, און אַליין זיך צופרידן שטעלן מיט אַ קליינעם פּראָצענט. דאָס פלעגט פאָרקומען אויף פאָלגנדיקן אופן: דער מאַגעסטראַט האָט

מודיע געווען וועגן ענין און טערמין פון דער פאַרשטייענדיקער ליציטאַציע. און מ'האָט אויך מודיע געווען אין דער שטעטישער שול, און די קהילה־פאַרשטייער האָבן זיך געמוזט אונטערשרייבן, אַז זיי האָבן וועגן דעם אינפאָרמירט די יידן. די ליציטאַציעס האָבן טייל מאָל געהאַט אַ כאַראַקטעריסטישן פאַרלויף, און יידן פלעגן דאַביי שפילן די הויפט־ראָל. אין יאָר 1819 האָט אין אַזאַ ליציטאַציע זיך באַטייליקט איין ייד — דער קרעטשמער אליעזר הערש, וועלכער האָט העלדיש ריוואַליזירט מיט דריי פריצים, ס'האָט דעצידירט אַ קליינער אונטערשיד אין דער פאַרגעלייגטער סומע, ווייל דער פריץ איגנאַצי דמאָכאָווסקי האָט פאָרגעלייגט 2003 זל. און דער דערמאָנטער ייד — 2004 זל.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען בײַ אַזעלכע ליציטאַציעס צווישן די סעראַצקער יידן פאָרגעקומען קאָנקורענץ־קאַמפן, ווייל דאָס פאַכטן דעם פּראָפּינאַציע־שטייער איז פאַר זיי געווען איינע פון די זעלטענע מעגלעכקייטן צו דערגרייכן אַ לייכטן פאַרדינסט. אין יאָר 1847, איז דורכן וועג פון דער ליציטאַציע אין סעראָצק געוואָרן דער פאַכטער הערש איגעלבערג. קעגן אים איז אַרויסגעטרעטן פסח מיאַדאָווניק, וועלכער האָט וועגן דעם ענין געשריבן אַ בריוו צו דער קאָמיסיע פון אינערלעכע ענינים אין וואַרשע, אין וועלכן ס'איז צו לייענען: „אַלס סטאַבילער סעראָצקער איינוווינער בעת דער באַקאַנטגעמאַכטער ליציטאַציע צו פאַרפאַכטן די הכנסות פון דער פּראָפּינאַציע, נישט זייענדיק דעמאָלט אין דער היים און אַהיימקומענדיק האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער ייד הערש איגעלבערג האָט באַקומען דעם פריער דערמאָנטן פאַכט פאַר 330 זילבערנע רובל. איך דעקלאַריר די סומע פון 375 זילבערנע רובל מיט דער בקשה, אַז די חשובע רעגירונגס־קאָמיסיע זאָל באַוויליקן צו פאַראָרדענען צווישן מיר און אים אַ ווידערהאָלטע קאָנקורענץ־ליציטאַציע, אָדער צו פאַראָרדענען דירעקט מיט מיר צו שליסן אַ קאָנטראַקט". דאָס איז נישט געווען דער איינציקער פּרווו, וואָס האָט געצילט אַוועקצונעמען איגעלבערגן דאָס פאַכטן, ווייל גלייכצייטיק האָט אויך אַ צווייטער סעראָצקער ייד, בערעק ראָזענטאַל, פאַר דעם אָפּערירט 400 רובל, דאָס הייסט נאָך מער ווי מיאַדאָווניק. דאָך איז איגעלבערג געבליבן ביי דעם פאַכט, הגם ער איז כסדר צוליב דעם געוואָרן אַטאַקירט דורך די יידן. די האַנדלונג פון מיאַדאָווניקן און ראָזנטאַלן באַווייזן אַז די אינערלעכע באַציאונגען צווישן די יידן אין סעראָצק אין דער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, האָבן שוין נישט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון די קליינע ישובים מיט אַ קליינער צאָל יידישע משפחות, ווייל נאָר דאָרט האָט זיך דאָס צוזאַמענלעבן געשטיצט אויף די גוטע שכנישע באַציאונגען. דאַקעגן האָט זיך שוין אין סעראָצק געפינען אַ צאָלרייכע יידישע געזעלשאַפט וווּ ס'האָבן,

נאַטירלעך, געמוזט קומען צו ריוואַליזאַציע און קאָנקורענץ־קאַמפּן צו דער־גרייכן בעסערע הכנסה־מקורות.

די סעראַצקער יידן האָבן זיך באמת אויף פאַרשידענע אופנים צו פּאַכטן די פּראָפּינאַציע הכנסות. ס'האָבן זיך באַמיט אַפילו אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט דיספּאָנירט מיט דעם דערצו נייטיקן קאַפּיטאַל. צו די לעצטע האָט אויך געהערט דער דערמאָנטער טוביה לעווין, וועלכער האָט אין יאָר 1811 נישט געקאָנט אַריינלייגן די געפאָדערטע קאַוציע. דער וויצע־פּרעפעקט פון פולטוסקער פּאָוויאַט האָט שפּעטער פעסטגעשטעלט, אַז לעווין איז נישט נאָר געווען בכוח צו באַלייגן קאַוציע, נאָר אויך געווען אַזוי אָרעם, אַז אין פאַל פון געלט היזקות וואָלט ער נישט געווען אין שטאַנד דאָס צו דעקן. ס'איז כדאי, צו דערמאָנען, אַז אין יאָר 1820 זענען לעווין, צוזאַמען מיט אַן אַנדערן פּאַכטער — אליעזר הערש, געווען די פּאָרשטייער פון דער שטעטישער קהילה.

אין יאָר 1822 האָט דעם פּראָפּינאַציע־שטייער אין סעראַצק געפּאַכטעט אליעזר קאָהן, אָבער נישט באַזיצנדיק אייגן געלט, האָט ער עס געמוזט איבערגעבן צו סוב־פּאַכטערס. דעם משא־ומתן האָט פאַרמיטלט משה גאָלדבערג פון מאַקאָוו, ברענגענדיק דעם פּאַכטער פּסח קופּטשיק, און דער לעצטער האָט כסדר דעם פּאַכט איבערגעגעבן צו אַנדערע יידן. אויף אַזאַ אופן איז אַנטשטאַנען אַ ריי פון סוב־פּאַכטערס, וועלכע האָבן נישט דיספּאָנירט מיט דעם דערצו נייטיקן געלט, און געמוזט אַוועקגעבן די פּאַכט צו אַנדערע יידן. נאָר דורך דעם כסדרדיקן אַוועקגעבן די פּאַכט צו אַנדערע רעפלעקאַנטן האָבן זיי באַקומען ביי דעם אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען קליינע סומעס. אָנווענדן אַזעלכע מעטאָדן איז געווען פאַרבינדן מיט דער אַלגעמיינער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג פון דעם דעמאָלטיקן סעראַצק, ווו די עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן דערלויבט פאַרנעמען זיך נאָר מיט איינצלנע פּאַכן און מיט קליינהאַנדל, ווייל ווירטשאַפטלעכע איניציאַטיוו אויף אַנדערע געביטן האָבן געקאָנט אַנטוויקלען נאָר יחידים.

אָבער אַפילו אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן אין משך פון יאָרן וואָס אַמאָל מער יידן געקויפט אומבאַוועגלעכע גיטער. ס'איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז אויף דעם געביט איז פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין סעראַצק נישט איינגעפירט געוואָרן קיין שום באַגרענעצונגען ווי מען איז זיך נוהג געווען אין גרעסערע און מער אַנטוויקלטע ישובים. צוליב דעם האָט אַ טייל סעראַצקער יידן אין די ערשטע יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט געוווינט אין אייגענע הייזער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זענען נישט געווען קיין גרויסע שטעטישע הייזער, נאָר

קלײנע האַלצערנע הײזער. אַזאַ הויז האָט אין יאָר 1809 געקויפט חיים איצקאָוויטש פון יאַן פּאַלאַקעוויטש, און לויט דעם אַמטלעכן באַשרײַבן איז דאָס געווען אַ געבײַדע: „פון 2 שטיבן, אַן אַלקער מיט אַ קאַמער, אַ שטאַל מיט אַ כלעוו (פאַר בהמות, און נישט פאַר חזירים) אין דער שטאָט סעראָצק אויף דער „רעביטווע". די נײַע אײגנטימער זענען געווען פאַרפּליכטעט צו אַן אָפּצאָל פון 12 זל. אַ יאָר, און פאַר דער געבײַדע האָט ער באַצאָלט די גרויסע סומע 4360 זל. ד. ה. צוויי מאָל אַזוי פיל ווי ס'האָט געקאָסט דער אָפּצאָל פון יערלעכן פאַכט פון פּראָפּינאַציע־שטײער אין סעראָצק.

אין דער צווײטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָט אַ גרויסער טײל ייִדן געהאַט אײגענע אומבאַוועגלעכע גיטער. אין יאָר 1864 האָבן זיך דאָרט געפינען 197 ייִדישע משפחות — פון דעם 50 משפחות (25.4%) וואָס האָבן געוווינט אין אײגענע האָלצערנע הײזער, ווײל אין דער צײַט האָט זיך אין סעראָצק געפונען נאָר אײן געמויערט הויז. אַנדערש האָבן זיך פאַרגעשטעלט די אײגנטום־פאַרהעלטענישן בײַ דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין דעם דעמאָלטיקן סעראָצק. 65% קריסטן האָבן געוווינט אין אײגענע הײזער, אָבער זײ זענען בעיקר געווען לאַנדווירטן, אײגנטימער פון באָדן, ווירטשאַפטלעכע בנינים און וווינהײַזער. אַ קלײנע צאָל ייִדן, בעיקר קרעטשמער האָט זיך פאַרנומען מיט גערטנערײַ, און אין יאָר 1825 האָבן 8 ייִדן געהאַט אײגענע גערטנער.

די סעראָצקער ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור פון 19טן יאָרהונדערט האָט נאָר געשאַפן אַ ווירטשאַפטלעכע עקזיסטענץ־באַזיס פאַר אַ זײער באַגרענעצטער צאָל אײַנוווינער, די אַדמיניסטראַציע פון פּוילישן קעניגטום און די אָקופּאַציע־מאַכטן האָבן גאָרנישט געטאָן אין דער ריכטונג פון אינדוסטריאַליזירן דאָס שטעטל. אַזוי איז סעראָצק געבליבן אַ ישוב וואָס האָט אין זיך גרופּירט האַנטווערקער, קלײנהענדלער און לאַנדווירטן, וועלכע האָבן זיך טײלווײַז אויך פאַרנומען מיט אַנדערע מלאכות.

וווּקס פון דער באַפעלקערונגסצאָל און הײַזער אין סעראָצק

| יאָר | באַפעלקערונגס־צאָל | הײַזערצאָל | דורכשניטלעכע צאָל אײַנוווינער פון אַ הויז |
|---|---|---|---|
| 1827 | 1008 | 100 | 11 |
| 1862 | 1979 | 140 | 14 |
| 1864 | 2116 | 142 | 15 |
| בערך 1885 | *2500* | *200* | אַריבער *12* |

שוין אין יאָר 1864 האָבן אין סעראָצק געוווינט 197 יידישע משפחות. אין אַלגעמיין זענען דעמאָלט געווען אין סעראָצק 1164 יידן, וואָס האָבן געבילדעט 55% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. דאָס באַווייזט די אַנטוויקלונגס־מדרגה פּון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַמאָליקן סעראָצק. אַ גרופּע פון אַ פּאָר משפחות, וועלכע האָט זיך דאָרט באַזעצט אין דער ערשטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט און וועלכע האָט זיך אויסגעהאַלטן פון פּאַכטן אַ קרעטשמע, אַ בראָוואַר אָדער בראָנפנברענעריי האָט זיך אין די פופציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן קרייז. פאַרשידנאַרטיק אין באַצוג פון פּראָפּעסיעס און פאַרמעגן, פאַרשטעלנדיק מיט זיך דעם רוב איינוווינער פון שטעטל.

## מקורות:


Archiwum Skarbu Koronnego, oddział LVI, Nr. 22, k. 42-44.

Zakroczymskie Grodzkie Relacje Nr. 67, k. 376-377, 274, 277.

Zakroczymskie Grodzkie Relacje Nr. 76, k. 278, 816-824 v.

Komisja Rządowa Spraw Wewnętrznych i Duchownych, Nr. 4673, 4674, 4675, 4676, 4678, 4680.

**חנוך ורדי**
(רמת־גן)

# יהודי סרוצק מסוף המאה ה־19 עד פרוץ מלחמת העולם השניה

## פתיחה

סרוצק השתייכה עד שנת 1856 לפלך פלוצק ומאז — לפלך ורשה, מחוז פולטוסק. בסוף המאה ה־19, לפי מיפקד התושבים בשנת 1897, היו מספרי התושבים כדלקמן:

| המספר הכללי | יהודים | פולנים |
|---|---|---|
| 3916 | 2054 (52,5%) | 1862 (47,5%) |

(יאֶבראיסקאיא אנציקלופדיה (רוסית), כרך 14, עמ' 174)

## פרק ראשון

## מהתחלת המאה ה־20 עד פרוץ מלחמת העולם הראשונה בשנת 1914

החיים זרמו במסלולם המסורתי הרגיל: מרכז החיים היה בית המדרש, החינוך כולו היה בחדרים ובישיבות, ועל פי הרב ישק כל דבר. החיים הכלכליים מדולדלים, הפרנסה בדוחק ורבים נתמכים ע"י „מתן בסתר". רק הדים קלושים מהמתהווה בעולם הגדול ובעולם היהודי, כגון: מלחמות, מהפכות, שביתות, פרעות, ההתעוררות הציונית והסוציאליסטית — מגיעים לעיירה. לפעמים מגיע שליח ציוני לעיירה וכולם שומעים בצמאון את דרשתו. מפה לאוזן מוסרים על אחד שהפיץ כרוזים אסורים בקרב אכרי הסביבה ושהז'נדרמריה מחפשת אחריו.

אחרי מהפכת 1905 הגבירו שלטונות הכבוש הרוסיים את הלחץ נגד היהודים, גם באותם המקומות שעד כה לא הרגשה — כמו בסרוצק — יד הכובש. כמה מהמהפכנים היהודים (אהרלה המהפכן ואחרים) ברחו לאמריקה הצפונית, אחדים הגיעו בדרך־לא־דרך לארץ־ישראל.

ב־1912 גברה האנטישמיות בקרב הפולנים, עקב הבחרו (בתמיכת היהודים) של יגללו (נציג השמאל) ל„דומה" הרוסית ומפלתו של נציג האנדקים יאן קוכז'בסקי.

האנטישמים הפולנים הכריזו חרם כלכלי כללי נגד היהודים, ממנו סבלו במיוחד יהודי העיירות הקטנות — וסרוצק ביניהן — אשר הגיעו עד סף ההתרוששות

במצב של תרדמה חברתית למחצה ודלדול כלכלי, בתנאים של נגודים לאומיים חריפים, באוירה של תעמולה אנטישמית מורעלת, בציפיות בלתי ברורות לקראת העתיד — פרצה מלחמת העולם הראשונה ב־1 באוגוסט 1914, לה לא היו מוכנים היהודים של כל חלקי פולין.

פרק שני

## מפרוץ מלחמת העולם הראשונה עד הקמת מדינת פולין ב־17 בנובמבר 1918

עם פרוץ המלחמה, התחילו מיד הנגישות נגד היהודים בסרוצק: ראשי הקהילה היהודית נאסרו ושוחררו תמורת תשלום גבוה. כל הגברים, החל מגיל חמש־עשרה, יצאו לעבודות חפירות־מגן ושמירה על עמודי הטלגרף והטלפון מפני חבלנים. מדי רגע פרצו קוזקים לדירות ל„חיפושי נשק", אולם למעשה שדדו מכל הבא ליד בתוספת מכות וקללות. לפני נסיגת הרוסים הופצצה העיירה, ובתים רבים נחרבו. היהודים הסתתרו במרתפים. הקוזקים, אפילו ברגעים האחרונים של הנסיגה, חפשו ושדדו. במרתף אחד התנגד להם היהודי התקיף חיים איסר ז"ל, ונורה בידי קוזק. לפני הנסיגה נהרגו כ־14 יהודים מפגיעת פצצה ובין אלה — הגיבור חיים הלל אובוגי ז"ל.

העיירה נכבשה בידי הגרמנים באביב 1915. הכובשים נתקבלו ע"י היהודים ברגשות מעורבים.

המלחמה והכיבוש הגרמני הביאו לידי שנוי יסודי במערכות החיים היהודיים: התרדמה נעלמה, החומות נפרצו, מחיצות הוסרו והמנהיגים המסורתיים ירדו מגדולתם.

הכובשים הגרמנים סתמו את מקורות הפרנסה, איסורים הוטלו על כל צעד ושעל, ורבים הוכרחו — בכדי להחיות את נפשם — לעסוק בהברחת מצרכים מהכפרים אל העיירה ומהעיירה לוורשה. זרמי־חיים חדשים חדרו לתוך העיירה, בעיקר ע"י הנוער, אשר חיפש מוצא ממצבו שהיה ללא נשוא: הוא כולו — בנוסף להדלדלות הוריהם־מפרנסיהם — נשאר מחוסר עבודה. קמו וצצו אגודות ציוניות, ציוניות־סוציאליסטיות, קומוניסטיות וחברות תרבות. בית המדרש התחיל להתרוקן.

בתקופת הכיבוש הגרמני הגרו כמה משפחות לאמריקה הצפונית.

עם תום הכיבוש הגרמני גברה האנטישמיות בקרב האוכלוסיה הפולנית, ויום ההכרזה על הקמת מדינת פולין, ב־11 בנובמבר 1918, היה בשביל היהודים — ובמיוחד לתושבי העיירות הקטנות — יום חרדות. צבאות הגנראל האלר ערכו פרעות ביהודי למברג כמה ימים אחרי הקמת המדינה, ומנהיגות יהדות פולין הכריזה על עריכת שבתון ויום אבל לראשית חודש דצמבר 1918.

הנוער היהודי בסרוצק, שהתרכז סביב ההסתדרות הציונית והספריה „פרוגרס", אירגן את יום המחאה ב־1 בדצמבר באולם בית הכנסת העירוני הגדול. האולם קושט בשחורים, כל חנויות היהודים נסגרו בשעה הקבועה — וההמונים זרמו למקום הרכוז בבית הכנסת.

הנוער העמיד משמרות בכל קצוי העיר. השלטונות ידעו הכל, ניסו להשפיע על החנונים לא לסגור את החנויות — אולם לא הועילו מאומה.

באסיפת המחאה נגד הפורעים בלמברג השתתפו כל יהודי העיר, והכל עבר כהלכה, הודות למסירות הנפש של הנוער התוסס, אשר התנער מתרדמתו וחיפש מענה למצוקתו.

פרק שלישי

## המוסדות היהודיים בין שתי מלחמות העולם 1914—1939

א. התנועה הציונית.

בסוף 1916 התארגנו שתי אגודות ציוניות:

(1) „קדימה" — לגברים — בראשותם של אהרון קרונגולד, צבי קלינמן ואח' זכרונם לברכה;

(2) „בנות ציון" — בראשותן של האחיות קרונגולד, אסתר־לאה שליאכטוס ודבורה גרניביץ זכרונן לברכה.

האגודות האלה, שעוררו התנגדות בקרב היהודים החרדים לא האריכו ימים, מפני שרוב חבריהן עזבו את העיירה.

(3) אחרי הקמת מדינת פולין, נוסדה ב־1919 ע"י שמואל דונר (כעת בארה"ב), צבי קלינמן, ברוך קריסטל ויהושע־דוד בובק זכרונם לברכה, ההסתדרות הציונית הכללית, בבית ר' יעקב רוזנברג ז"ל, ברחוב 3 במאי. חבריה היו בעיקר בני נוער אשר עזבו את בית המדרש. ליד ההסתדרות הציונית היתה גם ספריה בשפות: יידיש, עברית ופולנית.

בשנות השלושים עמד בראש ההסתדרות הזאת יחיאל־מאיר ורדימון (ורשבסקי), כעת איש כפר ויתקין, ואחריו ד״ר חיים אינונטרז׳ ז״ל ואהרון צ סנר, (כעת בישראל). על ברכי ההסתדרות הזאת התארגנו כל אגודות הנוער הציוניות, הציוניות־הסוציאליסטיות, האגודות לעזרה הדדית ואירגון בעלי המלאכה. ראש ההסתדרות האחרון היה אהרון פסקוביץ ז״ל.

(4) „השומר הצעיר״ — נוסדה בסוף שנות העשרים ע״י שומרת מורשה, לונקה גולדמן (כעת רופאת ילדים בחדרה) ויחזקאל פרידמן ז״ל.

השוה״צ הקיפה בהתחלה כ־200 נערים ונערות החל מגיל שתים־עשרה. הנערים הגיעו להסתדרות מכל שכבות העם. רינת השומרים נשמעה מכל עבר, והטיולים מחוץ לעיר גרמו לשינוי ערכים במוחות הילדים.

עד עליתו ארצה בשנת 1934, עמד בראש הקן חנוך ורדי, ובשנים שלפני מלחמת העולם השניה — אלחנן רוזנברג, יהודה קרוננברג (שלושתם בישראל) וגרינבוים ז״ל.

(5) הנוער הציוני — נוסדה בסוף שנות העשרים ע״י אברהם רוזנברג ז״ל, ובראשה עמד שכנא פרידמאן ז״ל.

(6) הסתדרות „החלוץ״ — נוסדה באמצע שנות העשרים ובראשה עמד, עד עליתו ארצה, רפאל פרידמן (כעת בחולון).

(7) בית״ר — נוסדה בהתחלת שנות השלושים ע״י יוסף פניבסקי (כעת בישראל) בטחנת הקמח של ברל איצקוביץ ומוטל מלניק זכרונם לברכה, והקיפה מאות נערים ונערות מכל שכבות העם. בשנים האחרונות לפני מלחמת העולם השנייה עמד בראשה המורה אברהם שפילקה ז״ל.

(8) הסתדרות „המזרחי״ — נוסדה ע״י ר׳ ישעיהו הופמן ומשה פוגלמן זכרונם לברכה, בשנות העשרים, בבית ר׳ יעקב רוזנברג. השתיכו אליה: חובשי בית המדרש, בעלי מלאכה דתיים ואלה שהורחקו מבתי התפילה החסידיים. באותו מקום היה גם בית תפילה וחדר מתוקן בהנהלתו של ר׳ יהודה ליב גוטקובסקי ז״ל.

על ברכי ההסתדרות הזאת הוקמו ההסתדרויות:

(א) „השומר הדתי״, אליה השתייכו הילדים של חברי המזרחי. בראש ההסתדרות הזאת, עד חיסולה, עמד ברוך לוינסון ז״ל.

(ב) „החלוץ המזרחי״, אליה השתייכו בחורים עובדים דתיים, אשר התעתדו לעלות לארץ־ישראל. בראש ההסתדרות הזאת, עד עליתו ארצה ב־1933, עמד ברוך גורמן, ולאחריו — יהודה סולירז׳ ז״ל.

(ג) קבוץ הכשרה של „החלוץ המזרחי״.

בהתחלת שנות השלושים הוקם קיבוץ הכשרה של החלוץ המזרחי, ומשכנו

היה בבית לפני בית הכנסת הגדול. הקבוץ מנה כמה עשרות בחורים ובחורות, אשר עבדו במקומות שונים בעיר, כגון: טחנת הקמח, מגרסה, חטיבת עצים ובמשק בית. המארגן והדואג לקבוץ היה ברוך גורמן, כעת בישראל.

ב. אגודת ישראל

נוסדה בשנת 1919 על ידי ה"ה יצחק שוורץ, חיים רוזנברג, יצחק מאיר קופרבוים ודוד ורשבסקי זכרונם לברכה. אל „אגודת ישראל" השתייכו רוב באי בתי החסידים של הרבי מגור ומרדזימין ובעלי־בתים דתיים. עד אמצע שנות העשרים של המאה הזאת, היא היתה השליטה היחידה בחיי הקהילה, אולם אחרי זה נאלצה לסגת ולהתחלק בהשפעתה עם הכוחות העולים החדשים בעיר: התנועה הציונית, על כל גווניה, והמחנה של השמאל הקיצוני, אשר התרכז סביב ה„יידישע פאָלקס בילדונג ליגע".

על ברכי ההסתדרות הזאת הוקמו ההסתדרויות:

(א) „צעירי אגודת ישראל", אליה השתייכו רוב חובשי בית המדרש. בראש ההסתדרות הזאת עמדו בהתחלה העתונאי והסופר נטע ברלינר ז"ל, ושלמה מרקוס ז"ל, ולאחריהם — מאיר סולירזש ז"ל.

(ב) „פועלי אגודת ישראל", אליה השתייכו פועלים דתיים, בני החסידים. בראש ההסתדרות הזאת עמד, עד עליתו ארצה בשנת 1932, ר' גרשון פראג.

ג. הספריה „פרוגרס".

הספריה „פרוגרס" נודה בסוף 1915 (בעת הכיבוש הגרמני) ע"י שמערל אשנמיל (הגר לארגנטינה), אסתר לאה שליאכטוס ואהרון קרונגולד זכרונם לברכה. המעון הראשון של הספריה נמצא ברחוב וורשה, קצת מחוץ לעיר. נוער צמא־דעת נהר אל הספריה, והדרישה לקריאה היתה עצומה. בלילות שבת התקימו נשפי קריאה, שאלות ותשובות ושירה בצבור.

הספריה עוררה התנגדות חריפה אצל ההורים החרדים, אולם כל המלחמות נגדה לא הועילו, יען כי הנוער היה לה כחומה.

ליד הספריה פעל גם חוג דרמטי.

במרוצת הזמן עברה הספריה „פרוגרס" לאולם רחב ידים ברחוב השוק, ואז היוותה, במשך שנים, המרכז של הנוער היהודי התוסס.

בעת מלחמת פולין־רוסיה (1920) הוחרם אולם הספריה לצרכים צבאיים, ועם סיומה — לא חידשו השלטונות הפולניים את הרשיון, והפעולה המבורכת של המוסד התרבותי הזה נפסקה.

ד. איגוד מקצועי של פועלים פשוטים.

נוסד בהתחלת שנת 1922, על ידי חוגים קומוניסטיים, בבית ביילה מער־קער (כעת בארגנטינה) אשר ברחוב ה־3 במאי. האיגוד הזה שימש מקום מפגש של הנוער העובד בעיר כחייטים, סנדלרים, נגרים ותפרים, וגם של אלה אשר עבדו במשך חשבוע בעבודות שונות בעיר הבירה וורשה וחזרו העירה לשבת.ליד האיגוד היתה קיימת גם ספריה גדולה.

ב־1925 נאסרו שני חברי האיגוד, הרשל מנדזולבסקי ז״ל ושמחה אסתרוביץ (כעת בצרפת), על שהפיצו כרוזים קומוניסטיים ביום השוק בקרב האכרים, וכתוצאה מזה נסגר האיגוד המקצועי בידי השלטונות.

ה. „יידישע פאָלקס־בילדונגס־ליגע״.

הליגה היהודית להשכלה עממית.

החוגים שהתרכזו סביב ה„איגוד המקצועי לפועלים פשוטים״ השיגו במהרה רשיון חדש לפתיחת איגוד חדש תחת השם „יידישע פאָלקס בילדונגס ליגע״, אשר האחראי לתקנונו היה ציר הסיים הפולני מטעם מפלגת העם, נח פרילוצקי ז״ל. בראש האיגוד הזה עמדו: חיים קאָפּעטש (כעת בארגנטינה) יוסף פינבוים (כעת בארה״ב) ושלמה אוסטרובסקי ז״ל.

האיגוד פתח בפעולות רבות וענפות: ספריה גדולה בכמה שפות, הרצאות, חוגי השתלמות, חוג דרמטי בהנהלתו של שלמה אוסטרובסקי ז״ל וקבוצת כדור־רגל.

האיגוד הקיף חלק ניכר של הנוער היהודי הכללי והפועלי ועמד תחת השפעת השמאל הקיצוני.

בשנים האחרונות, עד סגירתו על ידי השלטונות הפולניים ב־1937, עמדו בראש האיגוד אברהם גוטקובסקי, הרש זלצמן ואברהם יז׳ומבק זכרונם לברכה, ובונם פוגלמן (כעת בישראל).

ו. תזמורת כלי נשיפה.

ב־1926 אורגנה תזמורת כלי נשיפה ע״י ובניצוחו של הנגר הרשל בורנשטיין ז״ל. המנצח שרת בתקופת הצאר בתזמ־רת צבאית והמוסיקה היתה כל חייו.

מקום התזמורת ומחסן הכלים נמצאו בבית המלאכה של המנצח, אשר בסימטה ליד בית הכנסת הגדול. הנגנים היו לרוב שוליות נגרים.

התזמורת השתתפה במופעים כלליים ויהודיים והכניסה קצת שמחה בחיים הקשים והאפורים.

ז. אגודת בעלי מלאכה (האַנטוועקער פאַראיין).

ב־1926 נוסדה אגודת בעלי מלאכה ע״י ר׳ מאיר פשיקורסקי ז״ל ור׳ אהרון־ליב גרינבוים ז״ל. האגודה עסקה בהשגת חומר גלם במחירים מוזלים, ובנציגות בוועדה להערכת מסים שע״י משרד האוצר ובוועד הקהילה היהודית.

ח. מוסדות פיננסיים

(1) הבנק העממי (בנק לודובי).

מלחמת פולין־רוסיה שנסתימה ב־1920 דלדלה את יהודי סרוצק. רבים שעסקו במלאכה, במסחר וברוכלות, זקוקים היו להון חוזר ברבית נמוכה. את החלל הזה מלא הבנק העממי אשר יזם וארגן אברהם מימון, אברך צעיר מפראגה. בהתחלה אסף כסף אצל מספר אנשים, בסכום של כמה מאות זלוטי, ואת אלה חילק, בהתאם למנהג המסורתי, בתורת גמילות חסדים לנצרכים (סוחרי תבואה, בעלי מלאכה) בלי רבית ובהחזרות שבועיות.

יש לציין שאברהם מימון עשה את כל העבודה הרבה הזאת של ארגון כספים, חלוקת הלוואות והנהלת חשבונות — בהתנדבות.

הצרכים גדלו. היקף הפעולה לא התאים למציאות החדשה, והיה הכרח למצוא דרכים חדשות בפעולה הפיננסית־הכלכלית הזאת.

אל הפעולה הברוכה של אברהם מימון (כעת בישראל), מצטרף ר׳ ישעיהו הופמן ז״ל, ושניהם פנו בסוף 1922 אל מרכז „ברית החברות הקואופרטיביות היהודיות״ („פאַרבאַנד פון יידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן״) בוורשה, רח׳ רימרסקה 6, בבקשת עצה ורשות להקים סניף מאושר של ה„ברית״ בסרוצק.

מנהלי ה„ברית״: ה״ה ד״ר חיים שושקס, מ. שמויש וד״ר אלכסנדר בירקנהיים, התיחסו להצעה הזאת באהדה והמליצו עליה בפני הנהלת ה„ג׳וינט״.

בסוף 1923 אושר התקנון ע״י השלטונות, סניף ה„ברית״ התכונן בשם „הבנק העממי״. אחד היהודים מסר לבנק חצי חדר בלי שכר דירה, והפעולה התחילה כחוק.

מהג׳וינט נתקבל סכום של 10,000 זהובים, יהודי סרוצק בעצמם נדבו כמה אלפים, כך שגם ההלוואות גדלו. הבנק התחיל לקחת, בהתאם לחוק, רבית נמוכה, האמון גבר ורבים התחילו להפקיד בסניף גם פקדונות. תוך זמן קצר הגיעו מספר החברים עד ל־500.

עם ההתרחבות, נשכר אולם מיוחד ברחוב השוק (מול ר׳ מנחם נובוגרודסקי ז״ל) ואברהם מימון מונה רשמית למנהל חשבונות ולמזכיר בשכר מלא. כגזבר הבנק מונה יהודה צימרמן ז״ל.

בסוף 1924 התקימה האסיפה הכללית הראשונה של חברי הבנק, בבנין בית התפילה של חסידי גור.

מצבו הכספי של הבנק היה: הון מניות — 10,000 זלוטי, הקצבה מהג׳וינט — 20,000 זלוטי, פקדונות — 100,000 זלוטי.

באסיפה השתתפו המונים, ולוועד הנבחר הראשון נבחרו ה״ה: יצחק שוורץ, חיים רוזנברג, ישעיהו הופמן, יצחק קופרבוים ודוד ורשבסקי זכרונם לברכה (כולם באי־כח הסוחרים) ור׳ מאיר פשיקורסקי ז״ל (ב״כ בעלי המלאכה). נוסף לוועד נבחרה מועצה של 9 אנשים. למועצה היתה רק סמכות של בקורת ותו לא.

הוועד עסק באישור הלוואות, אישור התקציב, קבלת מענקים והקצבות, והיה אחראי אישית בפני השלטונות וה„ברית״.

אחרי האסיפה הזאת, ההלוואות היו גדולות יותר ותנאי התשלום יותר נוחים.

הבנק הפך לגורם כלכלי ממדרגה ראשונה והשליטה העיקרית בו היתה בידי אנשי „אגודת ישראל״, באי־כוח הסוחרים, דבר שעורר רוגזם של בעלי המלאכה. התאחדות בעלי המלאכה, בראשותם של אהרון־ליב גרינבוים, יוסף אראל ויהושע־דוד בובק זכרונם לברכה, התאמצה במשך שנים להרחיב השפעתה בבנק, אולם ללא הצלחה.

אסיפת חברים כללית התקימה מדי שנה בשנה והיתה מחויבת, בין היתר, לבחור בשליש חדש להנהלה במקום זה שסיים תפקידו.

באסיפות הכלליות השנתיות אשר התקימו עכשיו, בגלל רבוי החברים, באולם העירוני הגדול „יוטשנקה״ (השחר), השתתפו תמיד באי־כוח מרכז ה„ברית״, אשר לקחו חבל פעיל בדיונים וגם התוו דרכים חדשות לפעולה.

מאחר והתאחדות בעלי המלאכה יחד עם מתנגדים אחרים של הנהלת הבנק, לא הצליחו במאמציהם להרחיב השפעתם בו, נעשה על ידיהם נסיון ליסד בנק חדש בשם „בנק הדדי״ (בנק אודז׳לובי), שנוהל ע״י גרשון פראג (כעת בישראל), וע״י יעקב־דוד מילשטיין ושלמה קרימקביץ, ז״ל, — אולם אחרי זמן קצר נסגר.

בשנת 1929 עבר משבר כלכלי קשה על הבנקים הקואופרטיביים היהודים ובתוכם הסניף הסרוצקאי. האנדקים * הגבירו את פעולות הנישול הכלכלי, ובראש וראשונה נגד הסוחרים הזעירים, על ידי פתיחת קואופרטיבים צרכניים והעמדת משמרות ליד חנויות היהודים. הדבר גרם לשיתוק המסחר והמלאכה היהודיים.

היהודים והלקוחות של הבנק לא יכלו להחזיר את ההלוואות בזמנן. הבנק נחנק מחוסר מזומנים ומההכרח לנקוט באמצעים משפטיים, בהתאם לחוק ולתקנות, נגד

* המפלגה האנטישמית הפולנית.

החייבים. גם האמון בבנק התערער — ובעלי הפקדונות דרשו את פקדונותיהם חזרה.

היו עוד כמה ירידות ועליות, המרכז התערב, הג'וינט לא משך ידו — אולם הבנק לא התאושש כבר מהמכה הזאת.

בסוף שנת 1929 גוייס אברהם מימון לעבודות בקורת ע"י מרכז ה„ברית" ובמקומו נבחר, כמנהל חשבונות וכמזכיר, יהודה צימרמן ז"ל.

בהנהלת הבנק האחרונה היו ה"ה: דוד ורשבסקי, יצחק קופרבוים, יצחק מאיר סולירז', מאיר פשיקורסקי זכרונם לברכה.

מנהל המשק של הבנק בכל תקופת קיומו היה האיש הנאמן והמסור אברהם בראון ז"ל.

(2) קופת גמילות חסדים.

הקופה נוסדה ב־1926 והיו"ר הראשון הנבחר היה האיש הפעיל ר' יחיאל רוזנברג ז"ל, אשר שמש בתפקיד זה עד העתיקו מקום־מושבו ליבלוננה־לגיונובה.

תפקידי הקופה היו לתת הלוואות — מ־50 עד 200 זלוטי — ברבית סמלית לרוכלים, סוחרים זעירים ובעלי מלאכה. הון הקופה היה מ:רכב מהשתתפות החברים, אולם מרבית הכספים נתקבלו כמענק מאת מרכז הג'וינט בפולין.

על הנהלת הקופה האחרונה נמנו: י. ד. בובק, משה פוגלמן, אלתר זהארק, יוסף אראל (כולם בעלי מלאכה) זכרונם לברכה. מזכיר הקופה: אלימלך פיאניק ז"ל.

ט. מוסדות לעזרה הדדית

(1) „אגודת הנשים" — נוסדה ב־1925 ע"י הגב' חנה אולדק, לבית מלובנצ'יק. תפקידי האגודה: עזרה הדדית, מסיבות חברתיות, מתן בסתר, קורסים לבשול ולקוסמטיקה. במרוצת הזמן הפכה האגודה לכתובת אליה פנתה כל אשה מרת לב ובכל סכסוך משפחתי. עם הנהלת האגודה הזאת, מלבד הגב' אולדק ז"ל, נמנו הנשים הפעילות והמסורות פריידל ורשבסקי ז"ל וחיה נובוגרודסקי ז"ל.

(2) חברת „לינת־הצדק".

תאריך היוסדה לא ידוע. היא קיימת מיום קיומה של הקהילה. עם חבריה נמנו אנשים פשוטים וטובים, שלב רחום להם. תפקידיה היו: לינה אצל חולה, נתינת רפואות חינם, השאלת מכשירים רפואיים תמורת ערבון.

בתנאים ובתקופה של אי־קיום מוסדות רפואיים ציבוריים, כגון: בטוח רפואי, אשפוז, בתי מרקחת צבוריים — מלאו אנשי החברה הזאת תפקיד מוסרי־חברתי ממדרגה ראשונה, וכל זה בהתנדבות וללא טובת הנאה כלשהי.

בראש החברה עמד, עד הרגע האחרון, המורה ר׳ יהודה־ליב גוטקובסקי ז״ל.

(3) חברת „הכנסת כלה".

מוסד עתיק, ורק ראשו מתחלף מדי פעם. מוסד כמעט של יחיד, בלי פנקסנות. בלי דו״חות — רק האימון העמוק שרוחשים למתעסק.

מתפקידי החברה: עזרה מכובדת לבנות ישראל עניות להנשא לבחירי לבן ובהקמת משפחות חדשות.

לאחרונה נשא בעול התפקיד הזה — האיש המופלא, הנפח ר׳ אברהם־יעקב כּניאָבסקי ז״ל, אשר לבו רחום הוא ועיניו קטיפה. בתפקידו זה הוא אינו מדבר, אלא פיו הטהור ממלל: „הכנסת כלה". לב נוגע בלב, ואיש כיכלתו מושיט יד ונותן.

פרק רביעי

## הקהילה היהודית

הקהילה היהודית היוותה אישיות משפטית, בהתאם לחוק מיוחד שאושר בסיים הפולני, ותפקידה היה: סיפוק הצרכים הדתיים של העדה היהודית. כל היהודים חברי הקהילה חויבו במס מיוחד — מס הקהילה. ה„סיים" הפולני דאג לא לשוות למוסד הזה צביון כלשהו של אוטונומיה לאומית.

ואלה המוסדות שהיו באחריותה ובפקוחה:

א. הרבנות. ב. השחיטה. ג. בתי כנסת. ד. החנוך הדתי. ה. חברה קדישא. ו. בתי עלמין. ז. המרחץ. ח. פעולות צדקה.

א. הרבנות — הרב ואב״ד הראשון של קהילת סרוצק היה הרה״ג ר׳ יוסף לוינשטיין ז״ל, מחבר הספר הביבליוגרפי „דור ודור ודורשיו", אחד מגדולי התורה והחסידות של יהדות פולין בתקופה האחרונה.

הוא ישב על כסא הרבנות קרוב ל־55 שנים, מתר״ל עד תרפ״ד (1870—1924), ונפטר בשיבה טובה בהיותו בן 84 שנה, ביום ד׳, כ״ו בניסן תרפ״ד.

הרב השני והאחרון היה הרה״ג ר׳ ישראל־יצחק מורגנשטרן ז״ל, מצאצאי שושלת קוצק, אשר ישב על כסא הרבנות משנת תרפ״ד עד חורבן הקהילה.

ב. השחיטה. הקהילה דאגה לכשרות ולנקיון החלק היהודי של בית המטבחיים העירוני.

השוחטים ובעלי האטליזים מהתקופה האחרונה היו:

השוחטים: ר׳ אליהו שטלונג ז״ל, ר׳ רפאל לוינסון ז״ל, ר׳ חיים שלמה ז״ל, ר׳ מנחם פרנקל ז״ל.

בעלי אטליזים: ר׳ מנדל מרקוביץ ז״ל, ר׳ גימפל ומשה זילברשטין ז״ל, ר׳ חיים נתן וינוגורה ז״ל ור׳ אברהם פשיקורסקי ז״ל (נפטר בישראל).

השחיטה היוותה גם אחד ממקורות ההכנסה של הקהילה.

ג. בתי כנסת ובתי תפילה.

בית הכנסת הגדול (מעץ) נבנה בהתחלת המאה הזאת, ביזמתו של יו״ר הקהילה ר׳ דוד רוזנברג ז״ל, אשר כיהן בתפקיד זה עד אמצע שנות העשרים.

אגף אחד של בית הכנסת שימש כבית מדרש בו התפללו ולמדו יום יום — בוקר וערב.

בבית המדרש הגדול הזה התישבו אחר תפילת מנחה, אנשי עמל, בעלי מלאכה וסתם יהודים סביב השולחנות הארוכים, ושמעו באגף אחד שעור ב„עין יעקב״ מפי ר׳ בעריש סולירז׳ ז״ל (הנקרא בריש שמעיהס), ובאגף שני — שעור במשניות מפי המשכיל ר׳ יצחק בלכמן ז״ל.

לארון הספרים ולסדר דאג האיש המופלא ר׳ אברהם יעקב פניאָבסקי ז״ל.

גם בתי החסידים של חסידי גור (הגבאי: ר׳ יצחק מאיר סולירז׳ ז״ל) ורדזימין (הגבאי: ר׳ רפאל לוינסון שו״ב ז״ל) שמשו כמקומות תפילה ולמוד תורה.

המנין בבית הרב הזקן ר׳ יוסף לוינשטיין זצ״ל התקיים גם אחרי פטירתו עד החורבן, הודות למעריצו — האיש החשוב ר׳ מאיר פשיקורסקי ז״ל.

ד. החינוך הדתי.

(א) חדרים פרטיים (בהשגחת הקהילה).

(1) ילדים בני 5—6 התחילו ללמוד אצל ר׳ אברהם ליב ז״ל, יהודי נמוך קומה, בעל פנים מאירות, שתמיד החזיק את קופסת טבק ההרחה בידו. אצלו למדו כמעט כל ילדי העיר בשלושים השנים האחרונות את האלף־בית, קריאת התפילות והתחלה של תורה. הילדים למדו אצלו שנה או שנתיים ועברו למלמד ר׳ חיים יונה סמפף ז״ל.

(2) חדרו של המלמד ר׳ חיים יונה סמפף ז״ל נמצא ברחוב קושציושקו, בבית קוז׳ניצקי, בדירת מרתף, אשר שמשה גם כמקום מגורים לבני משפחתו הגדולה. סביב שולחן ארוך ישבו כארבעים ילדים אשר למדו חומש והתחלה של גמרא עם פרוש רש״י בלבד.

המלמד הזה היה יהודי נמוך קומה, חסיד נלהב של הרבי מגור ובעל חלומות וחזיונות. התלמידים אהבוהו אהבת נפש בגלל מעשיותיו והאגדות הנפלאות שספר להם בין שעור לשעור.

משך הלימודים היה מהבוקר עד שמונה בערב, עם הפסקת צהרים בלבד.

הילדים למדו אצלו שנתיים־שלוש ועברו, בהיותם כבר כבני 10, לחדרים בעלי דרגות למוד יותר גבוהות.

(3) בחדרים של המלמדים ר׳ שמעון סמפף ז״ל, ר׳ יוסף סולירז׳ זל״ (הנקרא יוסף שמעיה׳ס) ור׳ ישראל זליג ז״ל — למדו פרשת השבוע עם פרוש רש״י, תלמוד עם תוספות ועם כל המפרשים ודינים. משך הלימודים בחדרים האלה היה שנתיים־שלוש, עד שהתלמידים הגיעו לדרגה של למוד עצמי ולהמשך למודי התורה בישיבות הקרובות והרחוקות.

(4) בחדרים של ר׳ דוד איציקס ז״ל ור׳ אפרים סנדלר ז״ל למדו בעיקר אותם הילדים שהוריהם הועידום להיכנס לעול הפרנסה, בגיל צעיר מאוד, כעוזרים לסוחרים, כשוליות אצל בעלי מלאכה וכו׳.

(ב) חדרים פרטיים דתיים־מתוקנים (בהשגחה חלקית של הקהילה).

(1) באולם הסתדרות „המזרחי״ קיים חדר מתוקן ר׳ יהודה ליב גוטקובסקי ז״ל, חניך ישיבת ליטה ובעל ידיעות רבות בלשון העברית. החדר נוסד באמצע שנות העשרים. למדו בו, בעיקר, הבנים של חברי „המזרחי״. בחדר היו שתי כתות: התחלתית (בני 6—8) ומתקדמת (בני 9—12). חוץ מלמודי הקודש המסורתיים נלמדו בו לשון ודקדוק עברי, חשבון, גיאוגרפיה, קצת היסטוריה והשפה הפולנית.

בחדר למדו כ־30 ילדים.

(2) ר׳ צבי־הערש אפרים בוגוסלבסקי ז״ל, חניך ישיבות ליטה ומשכיל, קיים חדר מתוקן בביתו הפרטי אשר ברחוב קושציושקה. למדו אצלו כ־20 ילדים, בני בעלי מלאכה. הלמודים העיקריים היו: תנ״ך, לשון ודקדוק עברי, משנה והשפה הפולנית.

(3) ר׳ יצחק מאיר אפלבוים ז״ל, אחד מחסידי גור לשעבר ולמדן גדול, קיים חדר בביתו ברחוב השוק (בבית ר׳ הלל קצב) בו למדו נערים ונערות יחד. בנוסף ללמודי דת המסורתיים, הושם הדגש על ידיעת התנ״ך, דקדוק הלשון העברית והספרות העברית החדשה.

החדר הזה נסגר ב־1929.

(4) ר׳ אליהו אהרון רוזנטל ז״ל, תלמיד חכם מובהק, איש דתי ומשכיל בכל רמ״ח אבריו, ניסה והקים חדר מתוקן בן כמה כתות בו נלמדו למודי קודש ולמודי חול לפי תכנית מעובדת ומדוקדקת. החידוש המיוחד היה בשעורי הזמרה והשירה.

החדר הזה נסגר בגלל קשיים כספיים.

(ג) חדר „יסודי התורה" (מוסד ציבורי בהשגחת הקהילה).

בכדי להתגבר על החוק הממשלתי שחייב כל ילד מגיל 6, אשר לא למד בבי"ס מאושר אחר, לבקר בבית הספר הכללי הממשלתי ששפת ההוראה היא פולנית וילדי היהודים מקבלים שם רק שני שעורי דת (גם זה בפולנית) בשבוע, יסדו אנשי „אגודת ישראל" חדר בשם „יסודי התורה", אשר תקנונו ותכנית למודיו אושרו ע"י שלטונות החנוך הפולניים.

בי"ס זה נוסד בהתחלת שנות העשרים ומעונו היה בבנין היפה, עם גן גדול מסביבו, אשר בסימטה המובילה מהשוק אל המעיין. הריהוט היה כמו בבית ספר מודרני, היו בו 10 כיתות ופעמיים בשבוע לימד המורה חיים יורקביץ' (כעת באמריקה הצפונית), המורה והמנהל של בית הספר הממשלתי (פּאָושעכנא) המיועד לילדי היהודים בסרוצק, למודי חול, כגון: פולנית, חשבון, גיאוגרפיה והיסטוריה (כמובן בשפה הפולנית). בחדר הזה הועסקו חלקית גם המלמדים של החדרים הפרטיים.

המנהל הראשון של החדר הזה היה ר' שלמה גבריאל ז"ל, איש מסודר, נבון ואהוב על התלמידים.

בראש ההנהלה עמדו: ר' יצחק שוורץ ז"ל, ר' דוד ורשבסקי ז"ל, ר' יעקב משה זלוטוגורסקי ז"ל ור' נטע ברלינר ז"ל.

בכל מוסדות החנוך המנויים לעיל שלמו ההורים בעצמם את שכר הלמוד.

(ד) ישיבה קטנה.

נעשו נסיונות ע"י ר' קלמן ווינקרנץ ז"ל לארגן ישיבה ולקימה. הנסיון לא הצליח, ואחרי תקופה קצרה נסגרה, בגלל אי־אפשרות למצוא ימי מחיה לתלמידיה.

(ה) תלמוד תורה.

ילדי האביונים, יתומים, קשי חנוך ואלה שלא יכלו למצוא מקום בחדרים אחרים — למדו על חשבון הקהילה בחדר שנקרא „תלמוד תורה". המלמד האחרון היה ר' יצחק מאיר ז"ל.

## ה. חברה קדישא.

חברי החברה הזאת היו אנשים אשר הרגישו חובה פנימית לגמול חסד אחרון לנפטרים שלא על מנת לקבל פרס. בראש החברה עמד שנים רבות עד חורבן הקהילה ר' מנחם קרוננברג ז"ל, אשר לא חסך מזמנו לטובת הכלל.

החברה נמצאה רק בפקוחה של הקהילה, אולם כל פעולותיה היומיומיות התבססו על תקנון מאושר ממשלתי מיוחד.

ביום החברה, ב״ז׳ אדר, התקימה סעודת מצוה מיוחדת ובסופה נבחר מחדש הגבאי.

ו. בית העלמין.

בית העלמין — הישן והחדש — נמצא 3 ק״מ מחוץ לעיר בדרך לפולטוסק, ליד המנסרה הגדולה, צופה פני הנהר נרב. השטח היה בבעלותה של הקהילה, אולם הסדורים בו היו בידי חברה קדישא.

בבית העלמין הזה טמונות עצמותיהם של יקירינו מזה 150 שנה. בעת חורבן הקהילה — נחרש בית הקברות ע״י הרוצחים הגרמנים, המצבות נעלמו ופרות רועות בו. אין זכר...

ז. בית המרחץ (המקווה).

בית המרחץ נמצא במורד ליד בית הרב הזקן ז״ל — בית אבן רחב, גדול וישן.

בתנאים הסניטריים הירודים של העיירה, מנע בית המרחץ מאת היהודים הרבה חליים ופגעים.

הבלן חכר את בית המרחץ מהקהילה וגבה דמי כניסה מוסכמים מבאיו.

בקרב ילדי העיירה, התהלכו אגדות פחדים סביב בית המרחץ, ופחדו לעבור על ידו בערבים.

ח. פעולות צדקה.

היסוד של „כל ישראל ערבים זה לזה״ נשאר תמיד כקו מנחה בפעולות של קהילות ישראל בכל הדורות.

1. „מעות חטין״ — מגבית מיוחדת לפני חג הפסח למען הבטיח מזון כשר ומספיק לעניים, גלויים ונסתרים. הפעילים העיקריים במצוה הזאת היו ר׳ יחיאל וינקרנץ ז״ל ור׳ יוסף דורן ז״ל (בזמן האחרון יו״ר הקהילה היהודית).

2. „מתן בסתר״ — מגבית, מדי פעם בפעם, לטובת יהודים שלפתע ירדו מנכסיהם ונשארו ללא כלום. הפעילים העיקריים במצוה הזאת היו ר׳ יוסף יגודה ז״ל ור׳ ישראל איסר הילר ז״ל.

3. מגבית החורף — מיד אחרי סוכות נערכה מגבית החורף לשם חלוקת עצים ופחם להסקה ותפוחי אדמה לנצרכים. הפעילים במצוה הזאת היו ר׳ משה גרניביץ׳ ז״ל ור׳ משה רוזנברג ז״ל.

פרק חמישי

## הבחירות האחרונות להנהלת הקהילה

שנים רבות לא התקיימו בחירות לוועד הקהילה, ובמשך הזמן הזה כהנו, בזה אחר זה, כראשי קהל: ר׳ אהרון יואל גרניביץ׳ ז״ל, ר׳ פיבל רוזנברג ז״ל ובנו ר׳ דוד רוזנברג ז״ל. זה האחרון עמד בראש הקהילה שנים רבות עד 1928.

1) בבחירות הכלליות לקהילה שהתקיימו ב־1931, בהן השתתפו 90% מבעלי זכות־בחירה, נבחרו הפרנסים כדלקמן:

1. יוסף דורן ז״ל — ב״כ רשימת הקצבים;
2. אהרון ליב גרינבוים ז״ל — ״ אגודת בעלי־מלאכה;
3. משה בוציאן ז״ל — ״ ״ ״ ״;
4. מנחם קרוננברג ז״ל — ״ חברה קדישא;
5. יוסף יאגודה ז״ל — ״ ״ ״;
6. יעקב משה זלוטוגורסקי ז״ל — ״ אגודת ישראל;
7. אליעזר אראל — ״ רשימה פרטית;

כיו״ר הקהילה נבחר ר׳ יוסף דורן ז״ל, וכגזבר הקהילה נבחר ר׳ אהרון ליב גרינבוים ז״ל. משנת 1929 עד 1935 כיהן כמזכיר הקהילה חיים באֵר (כעת בישראל) ומשנת 1935 — מ. בורנשטין ז״ל.

2) בכ׳ באלול תרצ״ו — 7 בספטמבר 1936 — התקיימו הבחירות האחרונות לקהילת סרוצק. בבחירות האלה, בהן הופיעו רק שלוש רשימות ששינו במקצת את הרכב הנבחרים מבחינה חברתית, נבחרו הפרנסים כדלקמן:

(1) מטעם רשימת „קופת גמילות חסדים״
(אשר כללה בתוכו גם את אגודת
בעלי־המלאכה ואגודת הקצבים) —

1. ר׳ אהרון ליב גרינבוים ז״ל;
2. ר׳ יהושע דוד בובק ז״ל;
3. ר׳ יוסף דורן ז״ל.

(2) מטעם רשימת חברא קדישא —

1. ר׳ מנחם קרוננברג ז״ל;
2. ר׳ יוסף יאגודה ז״ל;
3. ר׳ מוטל מעלניק ז״ל;
4. ר׳ יעקב משה זלוטוגורסקי ז״ל.

(3) **מטעם רשימת ההסתדרות הציונית —**

1. **ר' צבי קליינמן ז"ל.**

**כראש הקהל נבחר פעם נוספת ר' יוסף דורן ז"ל.**

3) **מספרים על־אודות ההכנסות, ההוצאות, התקציב, משלמי מס־הקהילה ומספר המשפחות של קהילת סרוצק בשנים 1932—1939.**

| מקורות ההכנסה | סעיפי ההוצאה | התקציב הממוצע השנתי בשנים 1932—1939 | מס' המשפחות | מספר משלמי מס הקהילה (ראשי משפחה) |
|---|---|---|---|---|
| 1. **מס הקהילה**<br>2. **מס שחיטה**<br>3. **מהמרחץ**<br>4. **נדבות** | **א)** תשלומי משכורת ל:<br>1. **הרב המקומי**<br>2. **משמש הרב**<br>3. **מזכיר הקהלה**<br>4. **השוחטים**<br>5. **שמשי ביהכ"נ**<br>6. **שומר בית־הקברות**<br>**ב)** תשלומים להחזקת:<br>1. **בית־הכנסת**<br>2. **בית־המרחץ**<br>3. **בית־הקברות**<br>4. **הקצבות לנצרכים**<br>5. **הוצאות בלתי נראות מראש** | **300,000—350,000 זל.** | **600—640** | **450** |

**ג)** רכוש הקהילה:

1. **בית־הכנסת הגדול**
2. **בית הקהילה (מול בית־הכנסת הגדול)**
3. **המרחץ**
4. **בית־הקברות**

פרק ששי

## החינוך החילוני

1) בית הספר הממשלתי (פאָווּשעכנאָ)

עד סוף מלחמת העולם הראשונה התחנכו כמעט כולם בחדרים ובישיבות, ורק יחידים ספורים למדו בבתי ספר אחרים במקום או במקומות אחרים. בראשית שנות העשרים הוקמו, בהתאם לחוק מיוחד שאושר בסיים הפולני, בתי ספר ממשלתיים כלליים (פאָווּשעכנאָ) גם ליהודים, בהם תכנית הלימודים היתה כמו בבתי הספר המיועדים לילדי הפולנים, בתוספת של כמה שיעורים בדת היהודית. כמובן, ששפת ההוראה בכל המקצועות היתה השפה הפולנית.

בית ספר כללי־ממשלתי הוקם בעירנו בהתחלת שנות העשרים והמורה־המנהל הראשון היה חיים יורקביץ׳ מפולטוסק, כעת גר בארצות־הברית.

הביקור בביה״ס הנ״ל היה חובה, פרט לאלה אשר למדו בבתי ספר מאושרים פרטיים או ציבוריים אחרים.

בשנים הראשונות היה ביה״ס הנ״ל כולו יהודי — התלמידים והמורים — אולם בראשית שנות השלושים, עם הקמת הבנין הגדול בדרך לפולטוסק, מוזג עם ביה״ס הפולני ומנהלו היה הפולני יאַן סוקולניצקי. המיזוג היה מכוון על־ידי השלטונות בכדי לטשטש צביון יהודי כלשהו בחינוך הממלכתי.

לאחרונה ביקרו בביה״ס הנ״ל מאות נערים ונערות יהודיים, דבר אשר הכניס ערבוביה בתחושה התרבותית.

### בית הספר העממי העברי

סמוך להקמת מדינת פולין בשנת 1918, יסדו כמה הורים ציונים בית ספר עממי־עברי מודרני, תחת הנהלתו של המורה הלפרן (כעת בארה״ב). בבי״ס למדו כ־20 ילדים וילדות ובגילוי ראש, דבר שעורר חמתם של החוגים החרדים.

רק שנתיים היה קיים ביה״ס הזה ונסגר בגלל הגירתו של המורה הלפרן אל מעבר לים.

## פרק שביעי

# המאבקים הציבוריים האחרונים

1) בסתיו 1938 התקיימו בחירות למוסדות המוניציפליים בכל חלקי פולין. יהודי סרוצק הצליחו, למרות הדכאון ששרר בתוכם ונגישות מצד השלטונות, להעביר שני נציגים לעיריה (מַגיסטראַט).

2) ההסתדרות הציונית בסרוצק לקחו חבל פעיל בבחירות לקונגרס הציוני ה־21, שהתקיימו בחודש יולי 1939 (כמה שבועות לפני פרוץ מלחמת העולם השניה). ואלה הן התוצאות:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| רשימה מס׳ 1 — ההסתדרות הציונית הכללית | — | קיבלה | 38 | קולות |
| ״ ״ 2 — „עת לבנות" | — | ״ | 11 | ״ |
| ״ ״ 3 — „מזרחי" | — | ״ | 10 | ״ |
| ״ ״ 4 — מפלגת המדינה | — | ״ | 0 | ״ |
| ״ ״ 5 — בלוק למען א״י העובדת | — | ״ | 34 | ״ |
| ״ ״ 6 — „פועלי ציון" שמאל | — | ״ | 0 | ״ |
| ״ ״ 7 — הנוער הכלל ציוני | | ״ | 20 | ״ |
| | | ס״ה | 113 | ״ |

(„היינט", מס׳ 170, ט׳ באב תרצ״ט, 25.7.39)

# פרק שמיני

## לוחות סטאטיסטיים

### לוח מס׳ 1

### ההרכב המקצועי של יהודי סרוצק לפני פרוץ מלחמת העולם השניה (1939)

| מס׳ סדורי | המקצוע | המספר (ראשי משפחה) |
|---|---|---|
| 1 | חנוונים | 200 |
| 2 | בתי אוכל | 4 |
| 3 | עגלונות | |
| | הובלת נוסעים | 5 |
| | " משא | 25 |
| 4 | חוכרי גנים (עצי פרי) | 20 |
| 5 | זגגים | 5 |
| 6 | שענים | 4 |
| 7 | אופים (מאפיות) | 7 |
| 8 | חייטים (בתי־מלאכה) | 6 |
| 9 | נגרים (בתי־מלאכה) | 6 |
| 10 | סנדלרים (בתי־מלאכה) | 18 |
| 11 | תפרים (בתי מלאכה) | 4 |
| 12 | סבלי רחוב | 12 |
| 13 | סורגים (בתי מלאכה לגרביים ואפודות) | 3 |
| 14 | פחחים (בתי־מלאכה) | 5 |
| 15 | עושי חבלים | 3 |
| 16 | נפחים (נפחיות) | 4 |
| 17 | סוחרי תבואה | 20 |
| 18 | רוכלים בכפרים | 9 |
| 19 | דייגים (וגם מכרו בעצמם את הדגים) | 2 |
| 20 | סוחרי דגים | 5 |
| 21 | סוחרי יערות | 2 |
| 22 | שואבי מים (מים לשתיה ממעינות הסביבה) | 5 |
| 23 | בעלי טחנות: | |
| | קמח | 2 |
| | גריסים | 1 |
| 24 | תופרות | 10 |
| 25 | בעלי אטליזים (קצבים) וסוחרי בהמות | 8 |
| 26 | מנקי קרביים | 2 |
| 27 | מריטת נוצות | 10 |
| 28 | חלבנים | 4 |
| 29 | בתי־מלאכה לעצירת שמן | 2 |
| 30 | ספרים | 4 |
| 31 | פקידים | |
| | מנהלי חשבונות | 4 |
| | מזכירים וגזברים | 3 |
| | מורים | 2 |
| 32 | כלי־קודש | |
| | רב | 1 |
| | שוחטים | 4 |
| | מוהל | 1 |
| | מנקרים | 3 |
| | שמשים | 3 |
| | מלמדים | 15 |
| | חזן | 1 |
| 33 | רופא | 1 |
| 34 | חובש (פלדשר) | 2 |
| 35 | מילדת | 1 |
| 36 | רופא שיניים | 1 |
| 37 | עורך דין | 1 |
| | | 459 |

הערה: יש להניח, שבנוסף ל־459 מפרנסים ראשי־משפחה, הועסקו מקרב הנוער כפועלים שכירים (או כשוליות) וכעוזרים במסחר במקום ומחוצה לו (הכוונה היא: רווקים):

1. כפועלים שכירים או כשוליות במקצועות:
(1) נגרות, חייטות, סנדלרות וכו' 80—70
(2) עוזרות־בית 10
2. במסחר (כעוזרים להורים וכשכירים) 60—50

## לוח מס' 2

## אוכלוסית סרוצק ב־150 השנים האחרונות

| השנה | כלל התושבים | מספר היהודים | % יהודים |
|---|---|---|---|
| 1808 | 1277 | 270 | (1) 21.1 |
| 1827 | 985 | 375 | (1) 38.1 |
| 1856 | 1602 | 901 | (2) 56.2 |
| 1857 | 1637 | 920 | (1) 56.2 |
| 1884 | 2536 | 1821 | (3) 71.8 |
| 1897 | 3916 | 2054 | (2) 52.4 |
| 1908 | 4352 | 2290 | (4) 52.6 |
| 1921 | 4694 | 2295 | (5) 48.9 |
| 1931 | 5413 | 2641 | (6) 48.8 |
| 1939 | | 3150 | * (7) |

## מקורות ללוח מס' 2

1. **Bohdan Wasiutyński:** Ludność Żydowska w Polsce w wiekach XIX—XX; Studjum statystyczne, Warszawa 1930.
2. Еврейская Энциклопедия, vol. XIV; col. 174.
3. **A. Eisenbach:** Ludność Żydowska w Królestwie Polskim w XIX w. Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego, Warszawa, Styczeń-Marzec 1959, Nr. 29, Str. 72—112.
4. **Dr. Jacob Segal:** Internationale Konfessionsstatistik; Berlin, Bureau für Statistik der Juden in Deutschland, 1914; aus Manuskript gedruckt.
5. Spis Miejscowości Rzeczypospolitej Polski (Skorowidz).
6. Czasopismo — Życie Gospodarcze, Nr. 24, 19.XII.1956.
7. הערכה משוערת — ספירת האוכלוסיה לפי הזכרון.

## פרק תשיעי

## סיכום

המצב הכלכלי של יהודי סרוצק בראשית שנות העשרים — אחרי הזעזועים של מלחמת העולם הראשונה, הכיבוש הגרמני, הקמת מדינת פולין ומלחמת פולין־רוסיה — היה כולו מעורער: מקורות הפרנסה נסתתמו והדלות פשטה בכל פינה.

לעזרתנו באה אז יהדות אמריקה ובאמצעות הג'וינט נפתח מטבח ציבורי, חולקו מלבושים, חולקו חומרי גלם לבעלי מלאכה וניתנו הלוואות בלי רבית לסוחרים הזעירים. העזרה הזאת האטה את תהליך ההתרוששות, אולם לא יכלה להדביק את כל הצרכים.

באותה התקופה התחילה הגירה גדולה והמונית לארגנטינה ולארצות־הברית, ובקילוחים דקים — לצרפת, לאנגליה ולארץ־ישראל.

ההתארגנות הפוליטית, על כל זרמיה, עזרה ליהודי סרוצק לעמוד על נפשם בתנאים החדשים של מדינת פולין והאנטישמיות המשתוללת, כמו־כן לשינוי פני המנהיגות בקהילה ובעיריה (מַגיסטראַט).

יהודי סרוצק חיפשו מקומות התערות חדשים מחוץ להגירה מעבר לימים ולארצות אחרות. בשנות העשרים והשלושים העתיקו עשרות משפחות מסרוצק את מקום מושבן לעיירה החדשה הקרובה יבלונַנה־לגיונובה, מתוך תקווה למצוא בה אפשרות קיום. המקום החדש נמצא 15 ק"מ דרומה מסרוצק, ליד מסילת ברזל, מקום קיט ומסביבו משפחות רבות של חיילי צבא הקבע הפולני.

המקום החדש נקרא בפי הבריות: הסניף של קהילת סרוצק.

### האוכלוסיה

בשנים 1908—1921 לא גדלה האוכלוסיה היהודית, ואלה הן הסיבות: מלחמת העולם הראשונה והכיבוש הגרמני עד אחרי מלחמת פולין־רוסיה גרמו לתמותה גדולה, לילודה מוקטנת ולעזיבת רבים את העיירה.

בשנים 1921—1931 היגרו רבים מעבר לים והעתיקו מקום מושבם למקומות אחרים, ומספר היהודים גדל רק ב־350, למרות הקטנת התמותה וגידול הילודה. (ראה לוח מס' 2).

יחסית למספר הפולנים לא גדלו כלל.

ב־1939 חיו בסרוצק 3150 יהודים בערך (ראה לוח מס' 2), שהן 620—640 משפחות. בקרב הנוער והמבוגרים שרר חוסר עבודה ופרנסה. מבין 640 משפחות

רק ל־459 היו מקור פרנסה (71%) (ראה לוח מס׳ 1) ו־181 משפחות היו מחוסרי כל.

המצב בקרב הנוער העובד והעוסק במסחר היה יותר חמור. המספר של הנוער היהודי בגיל העבודה היה לערך 650, והמועסקים — מ־120 עד 150 (23%). (ראה הערה בלוח מס׳ 1).

בנוסף למצב הכלכלי הקשה, גם האנטישמיות המשתוללת בראש חוצות.

מספר מסויים של בני נוער, למרות השערים הנעולים, מגיעים באופן בלתי ליגלי לארץ־ישראל.

במצב של אין מוצא, מבלה הנוער את זמנו בריקודים ובבילויים שונים.

הצל הנאצי פרוש על פני פולין. לפני המלחמה מתקרבים קצת הפולנים ליהודים. ב־5 באפריל 1939 הוזמנה הקהילה היהודית בסרוצק לקחת חבל בהפצת המלווה הלאומי לטובת כוחות הבטחון.

יהודי סרוצק, יחד עם יהדות פולין, עמדו מבודדים במלחמתם ההירואית נגד קיר ברזל של שנאה ושוויון נפש.

איש לא העלה על דעתו את ממדי האסון המתקרב.

חנוך ורדי
רמת־גן

# יידן אין סעראַצק פון סוף דעם 19טן יאָרהונדערט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

## אריינפיר

ביז צום יאָר 1856 האָט סעראַצק אָנגעהערט צו דעם ראַיאָן פון פלאָצק און דערנאָך — צום ראַיאָן (וואָיעוואודסטוואָ) וואַרשע, פולטוסקער קרייז.

ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט, לויט די פאָלקס־ציילונג אין יאָר 1897, איז די צאָל פון דער סעראַצקער באַפעלקערונג געווען פאָלגנדיקע:

| אַלגעמיינע צאָל | יידן | פאָליאַקן |
|---|---|---|
| 3916 נפשות | 2054 (52,5%) | 1862 (47,5%) |

(„יעווריעסקאַיאַ ענציקלאָפעדיאַ" (רוסיש), באַנד 14, זייט 174).

## ערשטער קאַפּיטל

### פון אָנהייב דעם 20טן יאָרהונדערט ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914

דאָס אַלגעמיינע לעבן פון דער יידישער קהילה איז זיך געפלאָסן אין זיין טראַדיציאָנעלן וועג: דער צענטער פון לעבן איז געווען דער בית־המדרש; די דערציִונג, אויסשליסלעך אין חדרים און ישיבות, און דער הויפט וועג־ווייזער איז געווען — דער שטאָט־רב.

דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז רואיגירט, און אַ טייל ווערט, צוליב פּרנסה־לאָזי־קייט, שטילערהייט געשטיצט פון צדקה.

וועגן די געשעענישן אין דער גאָרער וועלט און אין אַלגעמיינעם יידישן לעבן, ווי: מלחמות, רעוואָלוציעס, שטרייקן, אומרועו, די ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע אויפּוואַכונג אא"וו — דערגרייכן צום שטעטל נאָר בלאַסע אָפּקלאַנגען. פון צייט צו צייט קומט אין שטעטל אַ ציוניסטישער מטיף און מען הערט מיט דורשט זיין דרשה; פון מויל צום אויער גייט מען איבער וועגן אַ היימישן, וואָס האָט פאַרשפּרייט פּאַרבאָטענע אויפרופן צווישן די פּויערים אין דער סביבה, און אַז זשאַנדאַרמעריע זוכט אים אין אַלע ווינקלען.

נאָך דער רעוואָלוציע אין 1905, האָט די צאַריש־רוסישע מאַכט פאַרשטאַרקט די פאַרפאָלגונגען קעגן יידן אויך אין די ערטער ווו מ׳האָט זיי ביז איצט — ווי אין סעראַצק — נישט געפּילט.

עטלעכע יידישע רעוואָלוציאָנערן — אהרעלע רעוואָלוציאָנער און אַנדערע — זענען אַנטלאָפן קיין צפון־אַמעריקע, און אַ טייל זענען דורך פאַרשידענע וועגן אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל.

אין יאָר 1912 האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם צווישן די פּאָליאַקן, ווייל צוליב די יידישע שטימען איז אויסגעוויילט געוואָרן אין די רוסישע דומע דער פאָרשטייער פון די פּוילישע סאָציאַליסטן, יאַגעללאָ, און ס׳האָט געליטן אַ מפּלה דער קאַנדידאַט פון די ענדעקעס, יאַן קאַכאַזשעווסקי.

די פּוילישע אַנטיסעמיטן האָבן דערקלערט אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן די יידן, פון וועלכן עס האָבן ספּעציעל געליטן די יידן אין די קליינע שטעטלעך, און צווישן זיי אויך סעראַצק.

אין אַ לאַגע פון אַ געזעלשאַפטלעכן האַלב־דרימל און עקאָנאָמישע אָפּגע־שטאַנענקייט; אין אַ שטימונג פון פאַרשאַרפטע נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן און פאַר־סמטע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, מיט אומקלאָרע דערוואַרטונגען פון דער צוקונפט — איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין אויגוסט 1914, צו וועלכער די יידן אין אַלע טיילן פון פּוילן זענען נישט געווען גרייט.

צווייטער קאַפּיטל

## פונעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביזן אַנטשטיין פון דער פּוילישער מדינה אין 17טן נאָוועמבער 1918

באַלד אין אָנהייב פון דער מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן די רעפּרעסיעס קעגן די סעראַצקער יידן: די פאָרשטייער פון דער קהילה זענען גלייך אַרעסטירט געוואָרן און נאָך אַ לאַנגער צייט זענען זיי באַפרייט געוואָרן, באַצאָלנדיק אַ שווערן קנס; אַלע מענער פון 15 יאָר אָן, זענען געטריבן געוואָרן גראָבן שוץ־גריבער און אָפּהיטן פון דיווערסאַנטן די טעלעפאָן־און טעלעגראַף־סלופּעס.

יעדע מינוט האָבן זיך קאָזאַקן אַריינגעריסן אין די יידישע הייזער „זוכן געווער", אָבער פאַקטיש האָבן זיי ראַבירט וואָס נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט, און באַצאָלט מיט קלעפּ און קללות.

פאַר דעם ענדגילטיקן אָפּטרעטן פון די רוסן, איז דאָס שטעטל סעראַצק באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די דייטשן, און ס׳ווערט רואינירט אַ גרויסער טייל

פון די הייזער. די יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערן. אויך אין די לעצטע מינוטן פאַרן אָפּטרעטן זענען די קאָזאַקן באַפאַלן די קעלערן, געזוכט „געווער" און צוגערויבט יעדע ווערטפולע זאַך. אין איין קעלער האָט דער דרייס־טער און מוטיקער חיים־איסר ז״ל זיך פיזיש קעגנגעשטעלט די קאָזאַקן און איז, אין דעם נישט־גלייכן פאַרמעסט, געפאַלן פון אַ רעוואָלווער שאָס.

די לעצטע באָמבע איז געפאַלן אין אַ הויף און דערהרגעט 14 יידן, צווישן זיי — דער באַרימטער גבור חיים־הלל אובוגי ז״ל.

אין פרילינג 1915 איז דאָס שטעטל איינגענומען געוואָרן דורך די דייטשן, וועלכע זענען אויפגענומען געוואָרן דורך די יידן מיט געמישטע געפילן.

די מלחמה און די דייטשע אינוואַזיע האָבן גורם געווען גרונטלעכע ענדע־רונגען אין יידישן לעבן: די געזעלשאַפטלעכע פאַרשלאָפנקייט איז פאַרשוווּנדן, די טראַדיציאָנעלע מויערן זענען געשפאָלטן געוואָרן, אַ סך מחיצות זענען געפאַלן, און די פריערדיקע ראשי הקהל האָבן אָנגעהויבן אַראָפּגיין פון דער אַרענע.

די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן פאַרשטאָפּט די קוואַלן פון פרנסה, און יעדע באַוועגונג איז געווען באַגרענעצט דורך פאַרשידענע פאַרבאָטן. אַ סך יידן זענען געצווונגען געוואָרן — כדי צו קענען זיך דערנענערן — זיך פאַרנעמען מיט שמוגלען שפּייז־פּראָדוקטן פון די דערפער אין שטעטל און פון דאַנען — קיין וואַרשע.

נייע לעבנס־שטראָמען זענען אַריינגעדרינגען אין שטעטל, און זייער טרעגער איז געווען די יוגנט, וועלכע האָט געזוכט אַן אויסוועג פון איר שווערן מצב. די יוגנט — אַזוי ווי די עלטערן — זענען געבליבן פולשטענדיק אַרבעטסלאָז.

עס האָבן אָנגעהויבן שפּראָצן ציוניסטישע, ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, קולטור געזעלשאַפטן און אַז״וו. דער בית־המדרש האָט זיך אָנגעהויבן אויסליידיקן.

אין דער צייט פון דער דייטשער אינוואַזיע האָבן עטלעכע פאַמיליעס עמיג־רירט קיין אַמעריקע.

ביים סוף פון דער דייטשער אינוואַזיע האָט זיך צווישן דער פּוילישער באַ־פעלקערונג פאַרשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם. אַזוי אַז דער טאָג ווען ס׳איז פּראָק־לאַמירט געוואָרן די אַנטשטייונג פון אַן אומאָפּהענגיקער פּוילישער רעפּובליק (דעם 11טן נאָוועמבער 1918), איז פאַר אַלע יידן — און באַזונדער פאַר די איינוווינער אין די קליינע שטעטלעך — געווען אַ טאָג פון אומרו און שרעק.

עטלעכע טעג נאָכן אַנטשטיין פון דער פּוילישער רעפּובליק האָט דאָס מיליטער פון גענעראַל האַלער פּאָגראָמירט די יידן אין לעמבערג. אַלס פּראָטעסט קעגן

דעם פּאָגראָם האָט די אָנפירערשאַפט פון פוילישן יידנטום באַשלאָסן צו פּראָק־לאַמירן אַן אַלגעמיינעם טרויער־טאָג דעם 1טן דעצעמבער 1918.

די יידישע יוגנט אין סעראָצק, וועלכע האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער ביבליאָטעק „פּראָגרעס״, האָט אָרגאַניזירט דעם פּראָטעסט־טאָג אין דער גרויסער שטאָטישער שול, וואָס איז מיטן אָרון־קודש געוואָרן דעקאָרירט אין שוואַרצן. אַלע יידישע געוועלבער זענען פאַרמאַכט געוואָרן אין דער באַשטימטער שעה, און די מאַסן האָבן מאַרשירט צו דעם זאַמל־פּונקט. די גרויסע שול איז געווען געפּאַקט, און פּיקעטן פון דער יוגנט האָבן זיך געפונען אין אַלע עקן פון שטעטל, כדי צו קאָנען אָפּשטויסן אַן אָנפאַל פון די אַנטיסעמיטן.

די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן פון אַלעם געוווּסט און געפּרוּווט ווירקן אויף די קרעמער, נישט צו פאַרמאַכן די קראָמען, אָבער ס׳האָט זיך זיי דאָס נישט איינגעגעבן.

דער פּראָטעסט־טאָג קעגן דעם לעמבערגער פּאָגראָם איז געווען גוט אָרגאַ־ניזירט און אַדורך בשלום, אַ דאַנק דער ברויזנדיקער יוגנט, וועלכע האָט פון זיך אַראָפּגעטרייסלט דעם דרימל און געזוכט אַ לייזונג פאַר אירע נויטן.

דריטער קאַפּיטל

## די יידישע אינסטיטוציעס צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, 1914—1939

א. די ציוניסטישע באַוועגונג.

ביים סוף פון יאָר 1916 זענען געגרינדעט געוואָרן צוויי ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציעס:

(1) „קדימה״ — פאַר מענער, אין שפּיץ מיט אהרון קראַנגאַלד, צבי קליינ־מאַן ז״ל און אַנדערע;

(2) „בנות ציון״ — פאַר פרויען, אין שפּיץ מיט די שוועסטער קראַנגאַלד ז״ל, אסתר לאה שליאַכטוס ז״ל און דבורה גראַניעוויטש ז״ל.

די אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט ביי די גאָר פרומע עלטערן, האָבן נישט לאַנג עקזיסטירט, ווייל די מערהייט פון זייערע מיטגלידער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

(3) נאָך דער אַנטשטייונג פון דער נייער פּוילישער מדינה, איז אין יאָר 1919, דורך די חברים שמואל דונער (היינט אין די פאַר. שטאַטן), צבי קליינמאַן ז״ל, ברוך קריסטאַל ז״ל און יהושע־דוד באבעק ז״ל, געגרינדעט געוואָרן אין

הויז פון ר׳ יעקב ראָזענבערג ז״ל, אויף דער 3טער מאַי גאַס, די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַרום וועלכער עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די אָוועקגעגאַנגענע פון דעם בית־המדרש. ביי דער אָרגאַניזאַציע איז געווען טעטיק אַ ביבליאָטעק אין דריי שפּראַכן: יידיש, העברעיש און פויליש. אין די דרייסיקער יאָרן איז אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע געשטאַנען יחיאל־מאיר ורדימון (וואַרשאַווסקי) — היינט אין ישראל, און נאָך אים — ד״ר חיים אינוועגטאַזש ז״ל און אהרון טשעסנער (היינט אין ישראל). דער לעצטער פּאָרזיצער איז געווען ח׳ אהרון פאסקאוויטש ז״ל.

אין שויס פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אָרגאַניזירט אַלע ציוניסטישע און ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפטן פאַר קעגנזייטיקער הילף און דער האַנטווערקער פּאַראיין.

(4) „השומר־הצעיר״ איז געגרינדעט געוואָרן אין די לעצטע צוואַנציקער יאָרן דורך דער וואַרשעווער שומרת לאַנקאַ גאָלדמאַן (היינט קינדער־דאָקטאָרין אין חדרה) און יחזקאל פרידמאַן ז״ל. צום „השומר־הצעיר״ האָבן אָנגעהערט 200 קינדער פון אַלע פּאָלקס־שיכטן — יינגלעך און מיידלעך אין עלטער פון עלף ביז זיבעצען יאָר.

דער „השומר־הצעיר״ האָט אויסגעגלייכט דעם רוקן פון יוגנטלעכן, נייע לידער זענען געזונגען געוואָרן אין יעדן ווינקל און די אויספלוגן אויסערן שטעטל האָבן גורם געווען צו וויכטיקע ענדערונגען די יונגע קינדער. חנוך ורדי (וואַרשאַווסקי) איז געווען ראש־הקן ביז פיין עליה קיין ארץ־ישראל אי ניאָר 1934, און נאָך אים, ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, זענען געווען אין דער הנהגת הקן: אלחנן ראָזענבערג, יהודה קראָנענבערג (ביידע אי ישראל) און גרינבוים ז״ל.

(5) הסתדרות „החלוץ״ — געגרינדעט געוואָרן אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן, אין איר שפּיץ איז געשטאַנען רפאל פרידמאַן (היינט אין ישראל).

(6) „הנוער הציוני״ — געגרינדעט געוואָרן אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן דורך אברהם ראָזענבערג ז״ל און אין איר שפּיץ איז געשטאַנען שכנא פרידמאַן ז״ל.

(7) בית״ר — איז געגרינדעט געוואָרן אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן דורך יוסף פּניעווסקי (היינט אין ישראל) אין דער מיל פון בערל איצקאָוויטש ז״ל און מאָטל מעלניק ז״ל, און האָט אַרומגענומען הונדערטער קינדער פון אַלע פּאָלקס־שיכטן. אין די לעצטע יאָרן, ביזן אויסברוך פון 2טן וועלט־קריג, איז אין איר שפּיץ געשטאַנען דער לערער אברהם שפּילקא ז״ל.

(8) הסתדרות ה„מזרחי״ איז געגרינדעט געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן דורך ישעיהו האָפמאַן ז״ל און משה פאָגעלמאַן ז״ל אין הויז פון אויבנדערמאָנטן ר׳ יעקב ראָזענבערג ז״ל. צו איר האָבן געהערט בית־מדרש לערנער, רעליגיעזע בעלי־מלאכהס און אויך די, וועלכע זענען דערווייטערט געוואָרן פון די חסידישע שטיבלעך. דער לאָקאַל האָט אויך געדינט פאַר אַ מאָדערנעם חדר אונטער דער לייטונג פון ר׳ יהודה־לייב גוטקאָווסקי ז״ל ווי אויך פאַר אַ מנין צו דאַווענען.

אין די ראַמען פון דער אָרגאַניזאַציע זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די פאָלגנדע רעליגיעז־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס:

(א) „השומר הדתי״, צו וועלכע עס האָבן געהערט די קינדער פון „מזרחי״ מיטגלידער. אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע, ביז צו דער ליקווידאַציע, איז געשטאַנען ברוך לעווינסאָן ז״ל.

(ב) „החלוץ המזרחי״, צו וועלכע עס האָבן באַלאַנגט רעליגיעזע בחורים, קאַנדידאַטן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אין שפּיץ פון איר איז געשטאַנען, ביז זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1933, ברוך גורמאַן, און נאָך אים — יהודה סאַליאַרזש ז״ל.

(ג) קבוץ הכשרה פון „החלוץ־המזרחי״.

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קיבוץ־הכשרה פון „החלוץ המזרחי״, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ הויף, אין הויף אַנטקעגן דער שטאָטישער גרויסער שול. דער קיבוץ האָט געציילט צענדליקער בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אין פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער אין שטאָט, ווי: די מעל־מילן, די קאַשע־מיל, האָלץ־האַקעריי און אין שטוב־ווירטשאַפטן. דער אָרגאַניזאַטאָר און פּאַטראָן פון דעם קיבוץ הכשרה איז געווען דער אויבנדערמאָנטער ברוך גורמאַן.

ב. „אגודת ישראל״

„אגודת־ישראל״ געגרינדעט אין 1919 דורך ר׳ יצחק שוואַרץ ז״ל, ר׳ חיים ראָזענבערג ז״ל, ר׳ יצחק־מאיר קופּערבוים ז״ל און ר׳ דוד וואַרשאַווסקי ז״ל. די מיטגלידערשאַפט האָט אַרומגענומען די גערער און ראַדזימינער חסידים, די מערהייט לערנער און רעליגיעזע בעלי־בתים.

ביז דער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן איז די „אגודה״ געווען די איינציקע הערשערין אין לעבן פון דער קהילה, אָבער נאָך דעם האָט זי געמוזט אָפּטרעטן און זיך טיילן מיט איר השפעה מיט די נייע אויפגייענדיקע כוחות אין שטאָט — די ציוניסטישע באַוועגונג, אין אַלע אירע שאַטירונגען, און די

מחנה פון די עקסטרעם לינקע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום „די יידישע פאָלקס־בילדונג־ליגע". אין די ראַמען פון דער „אגודה" זענען אַנטשטאַנען די פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס:

(א) „צעירי אגודת ישראל", צו וועלכער עס האָבן געהערט די יונגע בית־מדרש לערנער און אַ טייל בחורים פון די „אגודה" חברים. אין אָנהייב איז אין איר שפּיץ געשטאַנען דער זשורנאַליסט און שריפטשטעלער נטע בערלינער ז"ל און שלמה מאַרקוס ז"ל. דער לעצטער פאָרזיצער איז געווען מאיר סאַליאַרזש ז"ל.

(ב) „פועלי אגודת ישראל", צו וועלכער עס האָבן געהערט רעליגיעזע אַר־בעטער, חסידישע קינדער. אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען, ביז זיין עליה קיין ארץ־ישראל אין 1932, ר' גרשון פראַג.

ג. די ביבליאָטעק „פּראָגרעס".

די ביבליאָטעק „פּראָגרעס" איז געגרינדעט געוואָרן ביים סוף פון יאָר 1915 (אין דער צייט פון דער דייטשער אינוואַזיע) דורך שמערל אַשנמיל ז"ל (גע־שטאָרבן אין אַרגענטינע) אסתר־לאה שליאַכטוס ז"ל און אהרון קראָנגאָלד ז"ל. די ערשטע דירה ון דער ביבליאָטעק איז געווען אויפן וואַרשעווער שאָסיי, אַ ביסל אויסער דער שטאָט.

וויסנדורשטיקע יוגנטלעכע האָבן געשטראָמט צו דער ביבליאָטעק, און די פאָדערונגען צום לייענען זענען געווען געוואַלטיקע. אין די פרייטיק־צו־נאַכטן זענען פאָרגעקומען רעציטאַציע־און קעסטל־אָוונטן, ווי אויך קאָלעקטיווער גע־זאַנג. די ביבליאָטעק האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפע קעגנערשאַפט ביי די שטאַרק־רעליגיעזע עלטערן, אָבער אַלע מלחמות קעגן איר האָבן גאָרנישט געפועלט, ווייל די יוגנט איז געווען איר שוץ־מויער. ביי דער ביבליאָטעק איז געווען טעטיק אויך אַ דראַמאַטישער קרייז.

אין משך פון דער צייט האָט זיך די ביבליאָטעק איינלאָקירט אין אַ גרויסן לאָקאַל, אין אַ הויז אין שטאָט־מאַרק, און דעמאָלט איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן, במשך אַ סך יאָרן, אין אַ צענטער פון דער יידישער ברווזנדיקער יוגנט.

אין דער צייט פון דער פויליש־רוסישער מלחמה (1920) איז דער ביבליאָטעק־זאַל קאָנפיסקירט געוואָרן פאַר מיליטערישע באַדערפענישן. נאָך דער מלחמה האָט די פוילישע מאַכט נישט געוואָלט באַנייען די ביבליאָטעק־דערלויבעניש, און די פרוכטבאַרע טעטיקייט פון דער קולטורעלער אינסטיטוציע איז ברוטאַל איבערגעריסן געוואָרן.

ד. פראַפעסיאָנעלער פאַראיין פון נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער

**דער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן דורך קאָמוניסטישע קרייזן אין אָנהייב פון יאָר 1922 — אין הויז פון ביילע מערקער (היינט אין אַרגענטינע), 3טע מאַי־גאַס. דער פאַראיין איז געווען דער זאַמלפונקט סיי פון די אַרבעטנדיקע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין שטאָט אַלס שניידער, שוסטער, סטאָל־יאַרעס, שטעפער, און אויך פון די אַרבעטנדיקע אין וואַרשע וועלכע פלעגן אויף יעדן שבת קומען אַהיים.**

**ביים פאַראיין איז געווען טעטיק אַ גרויסע ביבליאָטעק. אין יאָר 1925 זענען אַרעסטירט געוואָרן צוויי פאַראיין־מיטגלידער — הערשל מענדזעלעווסקי ז״ל און שמחה אסתראָוויטש (איצט אין פּאַריז), ביים פאַרשפרייטן אומלעגאַלע קאָמוניסטישע אויפרופן אין אַ מאַרק־טאָג צווישן די פויערישע וועגענער.**

**נאָך דעם אַרעסט האָבן די מאַכט־אָרגאַנען געשלאָסן דעם פראָפ. פאַראיין.**

ה. יידישע פאָלקס־בילדונג־ליגע.

**די קרייזן, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם פאַרמאַכטן „פראָפ. פאַראיין פון נישט קוואַליפיצירטע אַרבעטער", האָבן אין אַ גאָר קורצער צייט באַקומען אַ נייע דערלויבעניש צו עפענען אַ קלוב א. נ. יידישע פאָלקס־בילדונג־ליגע.**

**דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דעם רעגולאַמין איז געווען דער סיים־דע־פוטאַט פון דער ייד. פאָלקס־פּאַרטיי, נח פרילוצקי ז״ל.**

**אין שפּיץ פון דער „ליגע" זענען ביים אָנהייב געשטאַנען: חיים קאַפּעטש (היינט אין אַרגענטינע), יאָסל פיינבוים (היינט אין די פאַר. שטאַטן) און שלמה אָסטראָווסקי ז״ל.**

**די „ליגע" האָט אַנטוויקלט אַ פול פאַרצווייגטע טעטיקייט, ווי: אַ גרויסע ביבליאָטעק אין עטלעכע שפּראַכן (יידיש, פּויליש א״אַנד), פאַרלעזונגען, זעלבסט־בילדונגס־קרייזן, אַ דראַמאַטישער קרייז (אונטער דער לייטונג פון שלמה אָסטראָווסקי ז״ל) און אַ פוטבאָל־מאַנשאַפט.**

**אַרום דער „ליגע" האָבן זיך קאָנצענטרירט אַן אָנגעזעענער טייל פון די יידישע אַרבעטנדיקע און אַלגעמיינע יוגנטלעכע מיט עקסטרעם־לינקע אָריענ־טאַציעס.**

**אין די לעצטע יאָרן זענען אין שפּיץ פון דער „ליגע", ביז זי איז פאַרמאַכט געוואָרן דורך די פּוילישע מאַכט אין יאָר 1937, געשטאַנען: אברהם גוטקאָווסקי**

ז״ל, הערש זאַלצמאַן ז״ל, אברהם יאַזשאַמבעק ז״ל (איינער פון די בעסטע שפּילער אין דראַמ.־קרייז) און בונם פּאָגעלמאַן (היינט אין ישראל).

ו. דער בלאָז־אָרקעסטער

אין יאָר 1926 איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם סטאָליאַר־מייסטער הערשל באָרענשטיין ז״ל אַ בלאָז אָרקעסטער, וואָס ער האָט אויך אָנגעפירט. דער דיריגענט אַליין האָט אין די צאַרישע צייטן געדינט אין אַ מיליטערישן בלאָז־אָרקעסטער און איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער מוזיק־ליבהאָבער. אַלע רעפּעטיציעס זענען פאָרגעקומען אין דעם סטאָליאַר־וואַרשטאַט פון דעם דיריגענט. דאָרט האָבן זיך אויך געפונען אַלע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. די שפּילער זענען כמעט אַלע געווען סטאָלער־געזעלן. דער אָרקעסטער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע עפנט־לעכע, אַלגעמיינע און יידישע, אימפּרעזעס און אַריינגעבראַכט אַ ביסל פרייד און הייטערקייט אין דעם גרויען און שווערן לעבן.

ז. האַנטווערקער פאַראיין

אין 1926 איז געגרינדעט געוואָרן דער פאַראיין דורך דעם בלעכער ר׳ מאיר פּשיקאָרסקי ז״ל און דעם שניידער ר׳ אהרון־לייב גרינבוים ז״ל. דער פאַראיין האָט זיך באַשעפטיקט מיטן באַקומען רוי־מאַטעריאַלן צו רעדוצירטע פּרייזן און פאַרטרעטן די האַנטווערקער אין די אָפּשאַצונגס־קאָמיסיעס (שטייערן) ביי דעם פינאַנץ־אַמט און ביי דער יידישער קהילה.

ח. פינאַנציעלע אינסטיטוציעס

פאָלקס־באַנק (באַנק לודאָווי)

(1) די פּויליש־רוסישע מלחמה אין 1920 האָט פאַראָרעמט די יידן אין סעראָצק. פיל פון די, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מלאכה, מסחר און דאָרפס־גייער, האָבן זיך געניייטיקט אין אַן ערשטן געבאָרגטן, אויף נידעריקע צינזן, אומזאַץ־קאַפּיטאַל. דעם חלל האָט אויסגעפילט די פאָלקס־באַנק, וועמענס ערשטער איניציאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר איז געווען דער יונגערמאַן אברהם מיימון (היינט אין ישראל) — אַ נאָר וואָס נייער איינוווינער אין סעראָצק. אין אָנהייב, האָט ער צונויפגעזאַמלט ביי זיינע נאָענטסטע עטלעכע הונדערט זלאָטעס און זיי פונאַנדערגעטיילט, אין איינקלאַנג מיטן טראַדיציאָנעלן מנהג, צו באַ־דערפטיקע בעלי־מלאכהס, קליינע סוחרים א״אַנד אַלס גמילות־חסד אָן פּראָצענט, נאָר מיט וועכנטלעכע ראַטעס־צוריקצאָלונגען. ס׳איז כדאי צו באַמערקן, אַז אברהם

מײַמון האָט די גאַנצע שווערע אַרבעט, ווי: צונויפזאַמלען געלט, פאַרטיילן די הלוואות און בוכפירונג — אויסגעפירט פרייוויליק, אָן שום באַלוין.

די באַדערפעניש זענען דערווײַל געוואַקסן. דער אָנהייב פון דער ביזאיצ־טיקער פינאַנציעלער הילף האָט נישט געפּאַסט פאַר דער נײַער ווירקלעכקייט, און ס'איז דעריבער געבוירן געוואָרן די נויטוועגדיקייט צו געפינען אַ וועג פון אויסברייטערונג.

צו דער פּרוכטבאַרער אַקציע פון אברהם מײַמון איז צוגעשטאַנען ר' ישעיהו האָפּמאַן ז״ל. זיי ביידע האָבן זיך ביים סוף פון 1922 געוואָנדן צום „פאַרבאַנד פון די יידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן" אין וואַרשע, מיט אַ ביטע, זיי צו העלפן און דערלויבן גרינדן אַן אָפּטיילונג פון „פאַרבאַנד" אין סעראַצק. די דירעקטאָרן פון „פאַרבאַנד", די ה״ה ד״ר חיים שאָשקעס ז״ל, מ. שמויש ז״ל און ד״ר אַלכסנדער בירקענהיים ז״ל, האָבן זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צו דער אויבנדערמאָנטער ביטע און אויך פאָרגעשלאָגן דער „דזשאָינט"־צענטראַלע באַ־שטעטיקן פאַר דער נײַער סעראַצקער אָפּטיילונג די געבעטענע קרעדיטן.

ביים סוף פון 1923 איז דורך די מאַכט־אָרגאַנען באַשטעטיקט געוואָרן דער רעגולאַמין פון דער סעראַצקער פאָלקס־באַנק — אַלס אָפּטיילונג פון „פאַרבאַנד" אין וואַרשע. אַ יידישער אײַנוווינער האָט געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דער פאָלקס־באַנק אַ האַלבן צימער אָן דירה־געלט — און די נײַע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן אין אײַנקלאַנג מיטן געזעץ.

דער „דזשאָינט" האָט צוגעטיילט דער נײַער אָפּטיילונג אַ קרעדיט פון 10,000 זלאָטעס, די סעראַצקער יידן האָבן אַרײַנגעטראָגן אַלס אָן אײַנמאָליקע באַשטײַערונג עטלעכע טויזנט זלאָטעס, וואָס האָט באַלד דערמעגלעכט צו פאַר־גרעסערן די אַרויסגעגעבענע הלוואות. די באַנק האָט אָנגעהויבן, אין אײַנקלאַנג מיטן געזעץ, נעמען אַ געוויסן פּראָצענט, דער צוטרוי איז געוואַקסן און מ'האָט אָנגעהויבן אַרײַנלייגן אין דער אָפּטיילונג אויף פקדונות (דעפּאָזיטן).

אין אַ קורצער צײַט איז די צאָל חברים געוואַקסן ביז 500. צוליב דער פאַר־ברייטערונג, איז געדונגען געוואָרן אַ ספּעציעלע דירה אין מאַרק, אַנטקעגן דער קאַשע־מיל פון ר' מנחם נאָוואָגראָדזקי ז״ל. אברהם מײַמון איז אָפיציעל נאָמינירט געוואָרן אַלס געצאָלטער בוכהאַלטער און סעקרעטאַר, און יהודה צימערמאַן ז״ל — קאַסירער.

די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע פאָלקס־באַנק־מיטגלידער, איז פאָרגעקומען ענדע יאָר 1924, אין גרויסן גערער חסידים־שטיבל.

דער פינאַנציעלער מצב פון באַנק איז דעמאָלט געווען:

| | |
|---|---|
| אַקציעס קאַפּיטאַל | 10,000 זל. |
| פון „דזשאָינט" | 20,000 „ |
| פּקדונות (דעפּאָזיטן) | 100,000 „ |

אין דער אַלגעמיינער יערלעכער פאַרזאַמלונג האָבן אָנטייל גענומען אַלע חברים, און אין דער ערשטער געוויילטער פאַרוואַלטונג זענען אַריין די ה"ה: ר' יצחק שוואַרץ ז"ל, ר' ישעיהו האָפמאַן ז"ל, ר' חיים ראָזענבערג ז"ל, ר' יצחק־מאיר קיפּערבוים ז"ל, ר' דוד וואַרשאַווסקי ז"ל (זיי האָבן פאַרטרעטן די סוח־רים) און ר' מאיר פּשיקאָרסקי ז"ל (פאָרשטייער פון האַנטווערקער־פאַראיין). אויסער אַ פאַרוואַלטונג איז געוויילט געוואָרן אַ ראַט פון 9 מענטשן אַלס רע־וויזיאָנס־קאָמיסיע.

די אויפגאַבן פון דער פאַרוואַלטונג זענען געווען: באַשטעטיקן הלוואות און בודזשעטן, ווי אויך שטיין אויף דער וואַך צו באַקומען צוטיילונגען פון „דזשאָינט" און פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

די פאָלקס־באַנק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עקאָנאָמישן פאַקטאָר פון דער ערשטער מדרגה, און די הויפּט דעה און השפּעה איז דאָרט געלעגן אין די הענט פון די אגודת־ישראל מענטשן — די פאָרשטייער פון די סוחרים.

דער האַנטווערקער־פאַראיין, אין שפּיץ מיט ר' אהרון־לייב גרינבוים ז"ל, ר' יוסף אראל ז"ל און ר' יהושע דוד באַבעק ז"ל, האָט זיך מיט אַלע כוחות, אין משך פון עטלעכע יאָר, באַמיט צוזאַמען מיט נאָך קעגנער פון דער אַמטירנדיקער פאַרוואַלטונג, צו פאַרגרעסערן דאָרט זיין השפּעה, אָבער ס'האָט זיך אים דאָס קיין מאָל נישט איינגעגעבן.

אין די אַלגעמיינע יערלעכע פאַרזאַמלונגען וועלכע זענען פאָרגעקומען אין די לעצטע יאָרן, צוליב דער גרויסער צאָל פון חברים, אין גרויסן שטאָטישן טעאַטער־זאַל „יוטשענקאַ", האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון „פאַרבאַנד" אין וואַרשע, וועלכע האָבן תמיד אַקטיוו אָנטייל גענומען אין די פאַרהאַנדלונגען און אָנגעצייכנט ליניען פאַר דער צוקונפטיקער טעטיקייט.

און ווייל דעם האַנטווערקער־פאַראיין, צוזאַמען מיט נאָך קעגנער פון דער אַמטירנדיקער באַנק־פאַרוואַלטונג איז נישט געלונגען צו פאַרברייטערן זייער השׂ־פּעה, האָבן זיי געגרינדעט אַ „קעגנזייטיקע באַנק" („באַנק אודזשאַלאָווי"), וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך ר' גרשון פראַג (היינט אין ישראל), ר' יעקב־דוד מילשטיין ז"ל (גערופן אויך „דער מורה־הוראה") און ר' שלמה קרימקעוויטש ז"ל

(דער זון פון ר׳ מאיר איילמאַכער ז״ל), אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָט זיך די קאָנקורענץ־באַנק פאַרמאַכט.

אין יאָר 1929 איז אין אַלע יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק, און צווישן זיי אויך אין דער סראָצקער אָפּטיילונג, אויסגעבראָכן אַ שווערער און דויערנדיקער קריזיס.

די גרויסע אַנטיסעמיטישע פוילישע פּאַרטיי (ענדעקעס) האָט פאַרשטאַרקט אירע עקאָנאָמישע דיסקרימינאַציע קעגן אַלע יידן, און ספּעציעל קעגן די קליינע סוחרים־קרעמער, דורך עפענען קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון און אַוועקשטעלן פּיקעטן ביי די יידישע קראָמען. די פּיקעטן האָבן נישט געלאָזט די פוילישע פּויערים קויפן ביי דעם יידישן סוחר און נישט מאַכן באַשטעלונגען ביי דעם יידישן בעל־מלאכה.

דאָס אַלץ האָט פּאַראַליזירט דעם יידישן מסחר און די יידישע מלאכה, און די קליִענטן פון די קאָאָפּעראַטיווע יידישע בענק האָבן נישט געקענט אָפּגעבן צו דער צייט זייערע חובות. די באַנק האָט זיך געשטיקט פון פעלן אין אומזאַץ־קאַפּיטאַל און צוליב דעם האָט זי געמוזט, לויטן רעגולאַמין, אָננעמען געריכטלעכע מיטלען קעגן די בעלי־חובות. די באַנק האָט אויך פאַרלוירן דעם צוטרוי ביי די חברים, ווייל זי האָט אויך נישט געקאָנט אויסצאָלן אין דעם געהעריקן טערמין די צוריקגעפאָדערטע דעפּאָזיטן.

עס זענען נאָך דעם געווען צייטווייליקע אויפשטייגן און ירידות; דער פאַרבאַנד האָט אינטערווענירט, דער „דזשאָינט״ האָט געהאָלפן, אָבער די באַנק האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט פולשטענדיק אויסהיילן פון די אַכזריותדיקע אַנטיסעמיטישע מכה.

ביים סוף פון 1929 האָט אַברהם מיימון פאַרלאָזט די באַנק, ווייל די צענ־טראַלע האָט אים מאָביליזירט פאַר אַ קאָנטראָלער אין לאַנדס־מאַסשטאַב. אויף זיין אָרט אַלס סעקרעטאַר און הויפּט־בוכהאַלטער איז אויסגעוויילט געוואָרן יהודה צימערמאַן ז״ל.

אין דער לעצטער באַנק־פאַרוואַלטונג זענען אויסגעוויילט געוואָרן: ר׳ דוד וואַרשאַווסקי ז״ל, ר׳ יצחק־מאיר קופּערבוים ז״ל, ר׳ יצחק־מאיר סאָליאַרזש ז״ל און ר׳ מאיר פּשיקאָרסקי ז״ל.

דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער באַנק איז געווען ר׳ אברהם ברוין ז״ל.

(2) גמילות־חסדים־קאַסע

די קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1926 און איר ערשטער אויסגע־

ווײַלטער פּרעזעס איז געווען דער טיכטיקער ר׳ יחיאל ראָזענבערג ז״ל, וועלכער האָט איבערגעגעבן אַמטירט אויף דעם פּאָסטן ביז ער האָט זיך איבערגעצויגן קיין יאַבלאָננאַ־לעגיאָנאָווא.

די אויפגאַבע פון דער קאַסע איז געווען: פאַרטיילן קליינע הלוואות, פון 50 ביז 200 זלאָטעס אָן פּראָצענט צו קליינהענדלער, דאָרפס־גייער, האַנטווערקער א״אַנד, ווי אויך באַשטימען, פון צייט צו צייט, געוויסע געלט־סומעס פאַר נויט־באַדערפטיקע, וועלכע האָבן פאַרלוירן יעדן הכנסה־קוואַל.

דער קאַסע־קאַפּיטאַל איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון מיטגלידער־אָפּצאָל און פון די „דזשאָינט״־סובסידיעס.

אין דער לעצטער געווײַלטער פאַרוואַלטונג זענען אַריין: יהושע־דוד באבעק ז״ל, משה פאָגעלמאַן ז״ל, אלתר זאכארעק ז״ל און יוסף אראל ז״ל (אַלע פאַר־שטייער פון האַנטווערקער־פאַראיין).

דער לעצטער סעקרעטאַר איז געווען: אלימלך פּיעניק ז״ל.

ט. געזעלשאַפטן פאַר קעגנזייטיקער הילף

(1) פרויען־פאַראיין. דער פרויען־פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925, דורך פרוי חנה אָלדאק ז״ל, אַ טאָכטער פון אַלטן געלדשער ר׳ ישראל יאָס־קאָוויטש ז״ל. די אויפגאַבן פון פרויען־פאַראיין זענען געווען: קעגנזייטיקע הילף. געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענטרעפן, מתן בסתר, קורסן פאַר קאָכן און פאַר קאָסמעטיק.

אין דער פאַרוואַלטונג זענען געווען, אויסער די פרוי אָלדאק ז״ל, די גע־אַדרעס פאַר יעדע ליידנדיקע פרוי און פאַר יעדן משפּחה־קאָנפליקט.

אין דער פאַרוואַלטונג זענען געווען, אויסער די פרוי אולדאק ז״ל, די גע־זעלשאַפטלעך־טעטיקע און איבערגעגעבענע פרויען — פריידל וואַרשאַווסקי ז״ל און חיה נאָוואָגראָדזקי ז״ל.

(2) חברת לינת־הצדק. קיינער ווייסט נישט ווען די חברה איז געגרינדעט געוואָרן. זי עקזיסטירט פון ערשטן טאָג זינט דער קהילה־אַנטשטייונג. די מיט־גלידער זענען פּשוטע גוטע מענטשן מיט אַ ברייט רחמנותדיק האַרץ. די אויפ־גאַבן פון דער חברה זענען געווען: נעכטיקן ביי שווער קראַנקע, געבן אומזיסטע מעדיצינישע הילף פאַר אָרעמע מענטשן (דאָקטאָר, רעצעפּטן אאַז״וו) און אויס־באָרגן יעדן איינעם מעדיצינישע אינסטרומענטן קעגן אַ משכון.

אין באַדינגונגען פון פעלן פון אַן עפנטלעך־געזעלשאַפטלעכער מעדיצינישער הילף, ווי: מעדיצינישע פאַרזיכערונג, האָספּיטאַליזאַציע, עפנטלעכע אַפּטייקן, — האָבן די מיטגלידער פון לינת־הצדק פאַרפילט דעם חלל און זייער אַרבעט האָט

אויך געהאַט אַן עטיש־געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון דער ערשטער מדרגה. די דאָזיקע שווערע און חשובע הילף האָבן די לינת־הצדק חברים אויסגעפילט פרייוויליק, נישט געניסנדיק דאַביי פון קיין שום פערזענלעכן פּראָפיט.

(3) חברת הכנסת־כלה. אַן אַלטע אינסטיטוציע, נאָר אירע פּאַראַנטוואָרט־לעכע טוער בייטן זיך פון צייט צו צייט. אַן אינסטיטוציע כמעט פון אַ יחיד: אַן וואַלן, אַן בוכפירונג — און נאָר דער צוטרוי צו דעם געטרייען און שטילן אַקטיוויסט־טוער באַלעבט די גאַנצע טעטיקייט. די אויפגאַבן פון „הכנסת כלה" זענען: בכבודיקע הילף פאַר אָרעמע יידישע טעכטער ביים בויען זייערע משפחה־נעסטן.

לעצטנס האָט דעם שווערן לאַסט געטראָגן אויף זיך דער ווונדערלעכער פּשוטער ייד, דער שמיד, ר' אברהם־יעקל פּניעווסקי ז"ל, וועמענס האַרץ איז געווען רחמנות. אין דער ראָל האָט ר' אברהם־יעקל ז"ל ווינציק גערעדט; איבערערטענדיק די שוועלן פון אַ הויז, האָט זיין קלאָר מויל שטיל געשעפּטשעט: „הכנסת כלה", און אויסגעשטרעקט די רעכטע האַנט. אַ האַרץ רירט אַן אַ האַרץ — און יעדער גיט לויט זיינע מעגלעכקייטן.

פערטער קאַפּיטל

## די יידישע קהילה און איר טעטיקייט

די יידישע קהילה האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ יורידישע קערפּערשאַפט, אין איינקלאַנג מיטן ספּעציעלן געזעץ, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן אין פּוילישן סיים (פּאַרלאַמענט), און איר אויפגאַבע איז געווען: באַפרידיקן די רעליגיעזע באַדערפענישן פון דעם יידישן קהל. אַלע יידן זענען געווען פאַר־פליכטעט צו צאָלן אַ ספּעציעלן יאָרלעכן קהילה־שטייער. דער פּוילישער סיים האָט געזאָרגט נישט צו געבן דער דאָזיקער אינסטיטוציע אַ וועלכן ס'איז סטאַטוס פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

די קהילה אינסטיטוציעס זענען געווען:

א. די רבנות. ב. די שחיטה. ג. בתי כנסת. ד. די רעליגיעזע דערציִונג. ה. חברה קדישא. ו. בית עלמין. ז. די מקווה. ח. צדקה.

א. הרבנות

דער ערשטער שטאָט־רב פון דער סעראָצקער קהילה איז געווען הרה"ג ר' יוסף לעווינשטיין ז"ל, מחבר פון באַרימטן ביבליאָגראַפישן בוך „דור ודור

ודורשיו״, איינער פון די גדולי התורה און חסידות פון פוילישן יידנטום אין דער לעצטער תקופה.

הרה״ג ר׳ יוסף לעווינשטיין ז״ל איז געזעסן אויפן כסא־הרבנות אין סעראָצק קנאַפּע 55 יאָר, פון ה.תר״ל ביז ה.תרפ״ד (1870—1924).

ער איז נפטר געוואָרן אין אַ גוטער עלטער, מיטוואָך, כ״ו בניסן תרפ״ד, אַלט זייענדיק 84 יאָר.

דער צווייטער און לעצטער שטאָט־רב איז געווען הרה״ג ר׳ ישראל־יצחק מאָרגענשטערן ז״ל, אַ זון פון ווישקאָווער שטאָט־רב, אַ גרויסער למדן און חסיד. הרה״ג ר׳ ישראל־יצחק מאָרגענשטערן ז״ל איז געזעסן אויפן כסא־הרבנות אין סעראָצק פון יאָר תרפ״ד ביזן חורבן הקהילה.

ב. די שחיטה

די קהילה האָט געזאָרגט פאַרן כשרות פון פלייש און אויך געווען פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר די סאַניטאַרע באַדינגונגען פון יידישן טייל אין אַלגעמיינעם שעכט־הויז.

די שוחטים און קצבים, אין דער לעצטער תקופה זענען געווען:

(1) שוחטים: ר׳ אליהו שטעלאַנג ז״ל, ר׳ רפאל לעווינסאָן ז״ל, ר׳ מנחם־מענדל פרענקעל ז״ל און ר׳ חיים־שלמה ז״ל.

(2) קצבים (יאַטקעס): ר׳ מנחם־מענדל מאַרקאָוויטש ז״ל, ר׳ גימפּל און ר׳ משה זילבערשטיין ז״ל, ר׳ חיים נתן ווינאָגוראַ ז״ל און ר׳ אברהם פּשי־קאָרסקי ז״ל (געשטאָרבן אין ישראל).

די הכנסות פון שחיטה־אָפּצאָל זענען פאַרטיילט געוואָרן אין גלייכע חלקים צווישן שטאָטישן מאַגיסטראַט און דער יידישער קהילה.

ג. שולן

אַ גרויסע שול פון האָלץ איז אויפגעבויט געוואָרן אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט מיט דער איניציאַטיוו פון ר׳ דוד ראָזענבערג ז״ל, דער דעמאָלטיקער פּרעזעס פון דער קהילה.

איין טייל פון דער שיל האָט געדינט אַלס בית־המדרש, ווו מ׳האָט טאָג־טעגלעך געדאַוונט און געלערנט.

אין דעם גרויסן בית־המדרש האָבן זיך אין יעדן בין השמשות, נאָכן מנחה דאַוונען, אַוועקגעזעצט האָרעפּאַשנע יידן אַרום די לאַנגע טישן און האָבן אין איין זייט געהערט אַ שיעור אין עין־יעקב, געזאָגט דורך ר׳ בעריש סאַליארזש

ז״ל (מ׳האָט אים גערופן: בעריש שמעיה׳ס) און אין דער צווייטער זייט — אַ שיעור אין משניות, געלערנט פון דעם משכיל, ר׳ יצחק בלאכמאן ז״ל.

פאַר דעם גרויסן ספרים־שאַנק אין גרויסן בית־המדרש און פאַר אַלע איינ־ריכטונגען האָט געזאָרגט דער וואונדערלעכער ייד און מענטש, דער שמיד ר׳ אברהם־יעקב פניעווסקי ז״ל.

אויך די חסידים־שטיבלעך פון די גערער און ראַדזימינער חסידים האָבן געדינט אַלס ערטער פון תפילה און תורה לערנען.

דער מנין אין הויז פון אַלטן רב הרה״ג ר׳ יוסף לעווינשטיין ז״ל האָט עקזיסטירט אויך נאָך זיין פטירה, ביזן חורבן, אַ דאַנק דער איבערגעגעבנקייט פון דעם חשובן ייד, דער בלעכער ר׳ מאיר פשיקאָרסקי ז״ל.

ד. די רעליגיעזע דערציִונג

(א) פריוואַטע חדרים (אונטערן אויפזיכט פון דער קהילה).

(1) קינדער אין עלטער פון 5—6 יאָר האָבן אָנגעהויבן לערנען ביים מלמד ר׳ אברהם־לייב ז״ל, אַ נידעריקער מיט אַ ליכטיק פנים. זיין חדר האָט זיך געפונען אויף די קאָשטשושקאָ גאַס. ביי אים האָבן אין די לעצטע דרייסיק יאָר געלערנט כמעט אַלע קליינע קינדער דעם אלף־בית, תפילות און אָנהייב פון חומש. געלערנט האָט מען ביי אים אַ יאָר אָדער צוויי און מ׳איז איבערגעגאַנגען אין חדר פון מלמד ר׳ חיים־יונה סעמפף ז״ל.

(2) דאָס חדר פון ר׳ חיים־יונה סעמפף ז״ל האָט זיך געפונען לאַנגע יאָרן אין אַ גרויסער קעלער־שטוב, וואָס האָט אויך געדינט אַלס וווינונגס־פּלאַץ פאַר זיין גרויסער משפחה, אויף דער קאָשטשושקאָ גאַס, אין הויז פון קוזשניצקי. אַרום אַ לאַנגן טיש זענען געזעסן ביז 40 יינגלעך און האָבן געלערנט חומש און אָנגעהויבן גמרא מיט פירוש רש״י אַליין. ר׳ חיים־יונה ז״ל איז געווען אַ נידעריקער מיט אַ ווייסער געדיכטער באָרד, אַן ענטוזיאַסטישער חסיד פון גערער רבין און אַ בעל־חלומות. די תלמידים האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט פאַר זיינע וואונדערלעכע מעשיות, וועלכע ער האָט דערציילט יעדן טאָג אין דער צייט פון די הפסקות צווישן איין לימוד און דעם צווייטן. געלערנט האָט מען ביי אים פון גאַנץ פרי ביז 7—8 אין אָוונט מיט אַ מיטאָג־הפסקה. פרישטיק האָבן די טייערע מאַמעס געבראַכט אין חדר.

(3) אין דעם חדר האָבן די קינדער געלערנט 2—3 יאָר און דערנאָך איבער־געגאַנגען, אַלט זייענדיק שוין 10—11 יאָר, אין חדרים פון אַ העכערער מדרגה — פון ר׳ שמעון סעמפף ז״ל, ר׳ יוסף סאליארזש ז״ל (גערופן: יוסף שמעיה׳ס)

און ר׳ ישראל זעליג ז״ל. דאָרט האָט מען געלערנט די פרשת השבוע מיט רש״י, תלמוד מיט תוספות און מיט מפרשים, ווי אויך שולחן ערוך.

אין די חדרים האָט מען געלערנט 2—3 יאָר ביז די תלמידים האָבן דערגרייכט צו דער מדרגה פון קענען אָנהייבן אַליין לערנען. אַ טייל האָבן פאָרגעזעצט זייער לערנען אין נאָענטע אָדער ווייטערע ישיבות.

(4) אין די חדרים פון ר׳ דוד איציקס ז״ל און ר׳ אפרים סאַנדלער ז״ל האָבן געלערנט בעיקר די קינדער, וועמענס עלטערן האָבן באַשלאָסן זיי איינ־שפּאַנען אין לעבנס־יאָך אין אַ גאָר יונגן עלטער אַלס סוחרים־געהילפן, געזעלן ביי בעלי־מלאכהס אאַז״וו.

אין די חדרים האָט מען געלערנט פון אלף־בית, תפילה, דינים, ביז קענען אַ פרשה חומש און מעביר־סדרה זיין.

(ב) חדר „יסודי התורה״ (אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע אונטער דער קהילה־אויפזיכט).

בכדי אויסמיידן אַ קאָנפליקט מיטן מלוכהשן פוילישן געזעץ, וועלכער האָט פאַרפליכטעט יעדעס קינד אַן אונטערשיד פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט, חוץ די וועלכע באַזוכן פריוואַטע אָדער געזעלשאַפטלעכע שולן, באַשטעטיקטע דורכן פוילישן בילדונגס־מיניסטעריום, צו באַזוכן אַן אַלגעמיין מלוכהשע פאָלקס־שולע, ווו פאַר יידישע קינדער ווערן געגעבן נאָר צוויי שעה אין דער וואָך ספּעציעלע רעליגיע־לעקציעס — און אַלץ אין דער פוילישער שפּראַך — האָט די „אגודת ישראל״ אין סעראַצק געגרינדעט אַ חדר א. נ. „יסודי התורה״, וועמענס רעגולאַמין און לערן־פּראָגראַם זענען באַשטעטיקט געוואָרן דורך די פויר־לישע בילדונגס־אָרגאַנען.

דאָס חדר איז געגרינדעט געוואָרן אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן און האָט זיך געפונען אין אַ ספּעציעל שיינעם בנין, מיט אַ שיינעם גאָרטן אַרום אים, אין געסל וואָס פירט פון מאַרק צו די וואַסער־קוואַלן („זדרוי). די מעבלירונג איז דאָרט געווען ווי אין אַ מאָדערנער שול.

אין דעם חדר זענען געווען 10 כיתות (קלאַסן) און נאָר צוויי שעה אין דער וואָך האָט דער לערער חיים יורקעוויטש (היינט אין די פאַר. שטאַטן), דירעקטאָר פון די אַלגעמיינע מלוכהשע פאָלקס־שול („פּאָווּשעכנאַ״) פאַר יידישע קינדער אין סעראַצק, — געלערנט נאָר פאַר די העכערע קלאַסן פאָלגנדיקע לימודים: פויליש, חשבון, געאָגראַפיע און געשיכטע (אַלץ אין דער פוילישער

שפּראַך). אין דעם חדר זענען אויך טיילווייז באַשעפטיקט געוואָרן די מלמדים פון די אויבנדערמאָנטע פּריוואַטע חדרים.

דער ערשטער לייטער פון דעם חדר איז געווען אַ חסידישער ייד פון וואַרשע, ר׳ שלמה גבריאל ז״ל, אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, אַ פאַרשטענדלעכער און באַליבטער ביי די תלמידים.

אין שפּיץ פון דער פאַרוואַלטונג זענען געשטאַנען: ר׳ יצחק שוואַרץ ז״ל, ר׳ דוד וואַרשאַווסקי ז״ל, ר׳ יעקב־משה זלאָטאָגורסקי ז״ל און ר׳ נטע בער־לינער ז״ל.

(אין אַלע אויבנדערמאָנטע רעליגיעזע דערציִונגס־אינסטיטוציעס האָבן די עלטערן אַליין באַצאָלט דעם שכר־לימוד).

ד. ישיבה־קטנה

עס זענען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע פּרוּוון דורך ר׳ קלמן ווײַנקראַנץ ז״ל צו אָרגאַניזירן אַ ישיבה־קטנה אין סעראָצק און איר אַוועקשטעלן אויף שטאַרקע יסודות.

אַלע באַמיִונגען זענען געווען אומזיסט, און די ישיבה איז נאָך אַ קורצער צייט פאַרמאַכט געוואָרן, ווייל ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו שאַפן די מיני־מאַלסטע צאָל פון דערנערונגס־טעג פאַר די ישיבה־בחורים.

ה. תלמוד תורה

דאָס חדר „תלמוד תורה״ איז געווען אויפן חשבון פון דער קהילה, און האָט זיך געפונען אין אַ צימער אַנטקעגן דער גרויסער שול. אין דעם חדר האָבן געלערנט יתומים, קינדער פון אביונים און אויך די, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט איינגלידערן אין אַנדערע חדרים.

דער לעצטער תלמוד־תורה־מלמד איז געווען ר׳ יצחק־מאיר ז״ל.

ג. פּריוואַטע מאָדערנע חדרים (אונטער אַ טיילווייזער אויפזיכט פון דער קהילה).

(1) אין זאַל פון דער „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע, אין הויז פון ר׳ יעקב ראָזענבערג ז״ל, האָט ר׳ יהודה־לייב גוטקאָווסקי ז״ל, אַ לאַנגיאָריקער לערנער אין די ליטווישע ישיבות און אַ גרויסער ידען אין העברעיִש, געפירט אַ חדר מתוקן, אין וועלכן עס האָבן געלערנט 30 קינדער, איבערהויפּט פון די „מזרחי״ חברים. אין דעם חדר זענען געווען צוויי קלאַסן: אָנפאַנגער (6—8 יאָר) און פאָרגעשריטענע (9—12 יאָר). אויסער די טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע לימודים,

זענען דאָרט געלערנט געוואָרן: העברעיִש און גראַמאַטיק, חשבון, געאָגראַפיע, אַ ביסל געשיכטע און די פּוילישע שפּראַך.

(2) ר׳ צבי־הערש־אפרים באָגוסלאַווסקי ז״ל, אַ ליטווישער ישיבה־בחור און משכיל, האָט געפירט אַ חדר מתוקן אין זיין פּריוואַטן הויז אויף די קאָש־טשושקאָ גאַס. עס האָבן ביי אים געלערנט 20 תלמידים, קינדער פון בעלי־מלאכות. די הויפּט לימודים זענען געווען: תנ״ך, העברעיִש (שפּראַך און דקדוק) משנה און די פּוילישע שפּראַך.

(3) ר׳ יצחק־מאיר אַפּעלבוים ז״ל, אַ געוועזענער געהער חסיד־טישזיצער און גרויסער למדן, האָט געפירט אַ חדר־מתוקן ביי זיך אין הויז אויף דער מאַרק־גאַס (הויז פון הלל קצב ז״ל). אין דעם חדר האָבן געלערנט יינגלעך און מיידלעך צוזאַמען. אויסער די רעליגיעז־טראַדיציאָנעלע לימודים, זענען גע־לערנט געוואָרן תנ״ך, העברעיִש (שפּראַך און דקדוק) און די נייע העברעיִשע ליטעראַטור.

דער חדר איז פאַרמאַכט געוואָרן אין יאָר 1929.

(4) ר׳ אליהו־אהרון ראָזענטאַל ז״ל, אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ טיף־רע־ליגיעזער מענטש און משכיל, האָט געפירט אויפּשטעלן אַ חדר מתוקן פון עטלעכע קלאַסן, ווו ס׳זענען געלערנט געוואָרן לימודי־קודש און לימודי־חול, לויט אַ געניי באַאַרבעטן פּלאַן. דער אָריגינעלער אויפטו פון דעם חדר זענען געווען די מוזיק און געזאַנג לעקציעס. צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן, איז דאָס חדר געשלאָסן געוואָרן.

### ה. חברה־קדישא

די מיטגלידער פון דער חברה־קדישא זענען געווען מענטשן מיט אַן אינער־לעכן חוב צו טוען די לעצטע געפעליקייט צו מענטשן, וועלכע זענען נפטר געוואָרן. די גאַנצע אַרבעט, פון באַשעפטיקן זיך מיטן נפטר ביז נאָך דער קבורה, ווערט אויסגעפירט פרייוויליק. אין שפּיץ פון דעם מוסד איז געשטאַנען לאַנגע יאָרן (ביזן חורבן) ר׳ מנחם קראָנענבערג ז״ל, וועלכער האָט שטענדיק מקדיש געווען זיין פרייע צייט לטובת הכלל. די חברה האָט זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון דער קהילה, אָבער אירע טאָג־טעגלעכע אַרבעטן זענען געווען באַזירט אויף אַ זעלבסשטענדיק באַשטעטיקטן רעגולאַמין. אין דעם חברה־טאָג — ז׳ אדר — איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג צוזאַמען מיט אַ סעודת־מצוה און ביים סוף איז געקליבן געוואָרן דער נייער גבאי.

### ו. בית העלמין

דאָס אַלטע און נייע בית־העלמין האָבן זיך געפונען 3 קילאָמעטער אונטער דער שטאָט, אויפן וועג קיין פולטוסק (נאָכן גרויסן טאַרטאַק) און אין אַפּשיין פון קלאָרן טייך נאַרעוו. דער שטח האָט געהערט צו דער קהילה, אָבער די אַדמיניסטראַציע האָט זיך געפונען אין די הענט פון דער חברה־קדישא.

אין דעם בית־עלמין זענען באַהאַלטן די ביינער פון אונדזערע טייערסטע אין משך פון 150 יאָר. אין דער צייט ווען די קהילה איז חרוב געוואָרן (דע־צעמבער 1939), האָבן די דייטשע וואַנדאַלן געשענדעט די קברים און מיט די מצבות אויסברוקירט שאָסייען.

דאָס בית־הקברות איז פאַראַקערט געוואָרן, מ׳האָט פאַרפלאַנצט גראָזן, און פאַסטוכער פאַשן דאָרט זייערע סטאַדעס. ס׳איז אָפּגעמעקט און נישטאָ מער קיין זכר.

### ז. בית המרחץ (די מקווה)

דער מרחץ האָט זיך געפונען ביי אַן אַראָפּגאַנג, נישט ווייט פון אַלטן רבס ז״ל הויז, אין אַ גרויסער שטיינערנער געביידע.

אין די אַמאָליקע אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען אין שטעטל, האָט דער מרחץ אָפּגעהיטן די יידן פון אַ סך קראַנקייטן און מגיפות.

דער בעדער, וואָס האָט אַרענדירט דעם מרחץ פון די קהילה, האָט באַקומען פון יעדן באַזוכער אַ באַשטימטן אָפּצאָל.

צווישן די יידישע קינדער פון שטעטל האָבן קורסירט פאַרשידענע איבער־שרעקנדיקע לעגענדעס וועגן דעם מרחץ, און דערפאַר האָבן זיי אין אָוונט דאָרט מורא געהאַט דורכצוגיין.

### ח. צדקה

דער פרינציפּ פון „כל ישראל ערבים זה לזה ״ — אַלע יידן זענען קעגנ־זייטיק פאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַרן צווייטן — איז שטענדיק געווען דער פונ־דאַמענט און די פירנדיקע ליניע אין די טעטיקייטן פון די יידישע קהילות אין אַלע דורות.

(1) מעות חיטין. פאַר יעדן פסח איז דורכגעפירט געוואָרן, מיט דער קהילה־איניציאַטיוו, אַ ספּעציעלע אַקציע א. נ. מעות חיטין, און מ׳האָט מיט די געזאַמלטע געלטער געקויפט יום־טוב פּראָדוקטן (ווי: מצות, פלייש, קאַרטאָפל א״אַנד) און זיי פאַרטיילט די נויטבאַדערפטיקע.

**די אַקטיווע טוער אין דער מצווה זענען געווען: ר׳ יחיאל וויינקראַנץ ז״ל און ר׳ יוסף דאָרן ז״ל (דער לעצטער פּרעזעס פון דער קהילה).**

(2) מתן בסתר. **פון צייט צו צייט זענען דורכגעפירט געוואָרן אַקציעס לטובת יידן, וועלכע זענען פּלוצים אָרעם געוואָרן און געבליבן ביי גאָרנישט. די אַקטיווע אין דער מצווה זענען געווען: ר׳ יוסף יאַגאָדע ז״ל און ר׳ ישראל־איסר היללער ז״ל.**

(3) ווינטער אַקציע. **באַלד נאָך סוכות איז דורכגעפירט געוואָרן די ווינטער־אַקציע פאַר נויטבאַדערפטיקע. פאַר די געזאַמלטע סומען האָט מען געקויפט קוילן און האָלץ צום הייצן און קאַרטאָפל און זיי פאַרטיילט צווישן די נויט־באַדערפטיקע. די אַקטיווע אין דער מצווה זענען געווען ר׳ משה גראַניעוויטש ז״ל און ר׳ משה ראָזענבערג ז״ל.**

פינפטער קאַפּיטל

## די לעצטע קהילה־וואַלן

**לאַנגע יאָרן זענען נישט פאָרגעקומען קיין וואַלן, און אין דער צייט זענען אין שפּיץ פון דער קהילה געשטאַנען: ר׳ אהרון יואל גראַניעוויטש ז״ל, ר׳ פייוול ראָזענבערג ז״ל און נאָך אים זיין זון ר׳ דוד ראָזענבערג ז״ל. דער לעצטער האָט אַמטירט לאַנגע יאָרן אַלס ראש הקהל ביז 1928.**

**אין 1931 זענען פאָרגעקומען וואַלן צו דער קהילה אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט 90% פון אַלע וואַלבאַרעכטיקטע.**

**עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע פּרנסים:**

1. **יוסף דאָרן ז״ל — פאָרשטייער פון דער קצבים־ליסטע;**
2. **אהרון־לייב גרינבוים ז״ל — האַנטווערקער־פאַראיין;**
3. **משה באָטשאַן ז״ל — האַנטווערקער־פאַראיין;**
4. **מנחם קראָנענבערג ז״ל — חברה קדישא;**
5. **יוסף יאַגאָדע ז״ל —**
6. **יעקב־משה זלאָטאָגורסקי ז״ל — „אגודת־ישראל״;**
7. **אליעזר אראל — פּריוואַטע ליסטע.**

**אַלס ראש־הקהל איז אויסגעוויילט געוואָרן ר׳ יוסף דאָרן ז״ל, און אַלס קאַסירער — ר׳ אהרון־לייב גרינבוים ז״ל.**

**אַלס קהילה־סעקרעטאַר האָט פון 1929 ביזן סוף 1935 אַמטירט חיים בער (היינט אין ישראל) און נאָך אים האָט איבערגענומען דעם מ. באָרנשטיין ז״ל.**

**(2) אין כ׳ אלול תרצ״ו — 7 סעפטעמבער 1936 — זענען פאָרגעקומען די לעצטע וואַלן צו דער סעראָצקער קהילה.**

**דער רעזולטאַט פון די וואַלן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט נאָר דריי קאַנדידאַטן־ליסטעס, און גורם געווען צו אַ באַדייטנדער ענדערונג אין דעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענשטעל פון די אויסגעוויילטע, — איז פאָלגנדיקע:**

נאָמען פון דער ליסטע

**גמילות־חסדים קאַסע**

**(צו וועלכע עס האָבן געהערט אויך די האַנטווערקער און קצבים־פאַראייניגן)**

1. **ר׳ אהרון־לייב גרינבוים ז״ל;**
2. **ר׳ יהושע דוד באבעק ז״ל;**
3. **ר׳ יוסף דאָרן ז״ל;**

**2. חברה קדישא**

1. **ר׳ מנחם קראָנענבערג ז״ל;**
2. **ר׳ יוסף יאַגאָדאַ ז״ל;**
3. **ר׳ מאָטל מעלניק ז״ל;**
4. **ר׳ יעקב משה זלאָטאָגורסקי ז״ל.**

**3. ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע**

1. **ר׳ צבי קליינמאַן ז״ל.**

**אַלס ראש הקהל איז נאָכאַמאָל אויסגעוויילט געוואָרן ר׳ יוסף דאָרן ז״ל.**

(3) ציפערן וועגן די הכנסה־מקורות, אויסגאַבן, בודזשעט, קהילה־שטייער צאָלערס, די צאָל פון משפחות — פון דער יידישער קהילה אין סעראָצק.

**אין די יאָרן 1932—1939**

| הכנסה־קוואַלן | פאַראַגראַפן הוצאות | דער דורכשניטלעכער יערלעכער בודזשעט | צאָל פון ייד. משפחות | צאָל פון קהילה־שטייער צאָלער |
|---|---|---|---|---|
| 1. קהילה־שטייער<br>2. שחיטה געלט<br>3. אַרענדע פון מרחץ<br>4. נדבות־מתנות | א) חודשלעכע לוינען פאַר:<br>1. דער שטאָט־רב<br>2. דעם רבס משמש<br>3. סעקרעטאַר פון דער קהילה<br>4. די שוחטים<br>5. שמש פון בית־כנסת<br>6. דער שומר פון בית־קברות<br>ב) אַנדערע אויסגאַבן:<br>רעמאָנטן פון:<br>1. בית כנסת,<br>2. מרחץ<br>3. בית־עלמין,<br>4. סובסידיעס פאַר נויטבאַדערפטיקע<br>5. נישט פאַראויסגעזעענע אויסגאַבן<br>די קהילה גיטער:<br>1. די גרויסע שטאָט־שול<br>2. דאָס קהילה הויז<br>3. די מקווה<br>4. דער בית הקברות | 300,000—350,000 זלאָטעס | 600—640 | 450 (ראשי משפחה) |




ל"ג בעומר אויספלוג פון חדר־קינדער אין סעראָצק מיטן מלמד ר' שמעון סעמפף

## זעקסטער קאַפּיטל

# די וועלטלעכע (סעקולערע) דערציִונג

(1) ביזן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך כמעט אַלע יידישע קינדער דערצויגן אין די חדרים און ישיבות, און נאָר איינצלנע פון זיי האָבן געלערנט אין שולן אויפן אָרט אָדער אין אַנדערע שטעט. אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן זענען געעפנט געוואָרן, אין איינקלאַנג מיטן ספּעציעלן סיים־געזעץ, מלוכהשע אַלגעמיינע („פּאָווסעכנאַ") שולן אויך פאַר יידן, וועמענס לערן־פּלאַן איז געווען אידענטיש מיטן פּלאַן אין די שולן פאַר פּוילישע קינדער, נאָר מיט אַ צוגאָב פון עטלעכע וועכנטלעכע לעקציעס וועגן דער יידישער רעליגיע. די אונטערריכטס־שפּראַך אין אַלע קעגנשטאַנדן איז געווען די פּוילישע.

אַזאַ שול איז געעפנט געוואָרן פאַר יידישע קינדער אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, און דער לערער און דירעקטאָר איז געווען חיים יורקעוויטש פון פּולטוסק (היינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן).

דאָס באַזוכן די אויבנדערמאָנטע שול איז געווען פאַרפּליכטנדיק, חוץ פאַר די קינדער וועלכע האָבן געלערנט אין אַנדערע פּריוואַטע אָדער געזעלשאַפט־לעכע שולן, לעגאַליזירטע דורך די בילדונגס־אָרגאַנען.

אין די ערשטע צייטן איז די שול געווען אין גאַנצן אַ יידישע (תלמידים און לערער), אָבער ווען ס'איז אויפגעבויט געוואָרן, אין אָנהייב פפון די דרייסיקער יאָרן, דער גרויסער נייער שול־בנין אויפן וועג קיין פּולטוסק, איז זי, לויט אַ דעקרעט פון פּוילישן בילדונגס־מיניסטעריום, איינגעגלידערט געוואָרן אין די עקזיסטירנדיקע שול פאַר די פּוילישע קינדער. דער דירעקטאָר פון דער פאַר־אייניקטער שול איז געווען דער פּאָליאַק יאַן סאָקאָלניצקי. די כוונה פון דעם איינגלידערונגס־דעקרעט איז געווען צו פאַרטושן דעם מינימאַלסטן יידישן קאָ־לאָריט אין דער אַלגעמיינער מלוכהשער שול. לעצטנס האָבן אין דער שול באַזוכט עטלעכע הונדערט יידישע ייִנגלעך און מיידלעך. די דערשיינונג האָט צעטרייסלט די יידישע קולטורעלע אייגנאַרט.

(2) בית הספר העברי העממי (העברעיִשע פאָלקס־שול)

נאָענט פאַר דער אַנטשטייונג פון דער נייער פּוילישער רעפּובליק אין 1918 האָבן עטלעכע ציוניסטישע עלטערן געגרינדעט אַ העברעיִשע מאָדערנע פאָלקס־שול — אונטער דער לייטונג פון דעם לערער האַלפּערין (היינט אין די פאַר. שטאַטן).



די יידישע („פאָווסעכנע") שול.



שילער און שילערינס פון דער יידישער („פאָווסעכנער") שול
מיטן לערער רִינג.

דער בית־ספר איז געווען אַ פרייער און די יינגלעך האָבן געלערנט אָן היטלען. די דערשיינונג האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אויפרעגונג אין די רע־ליגיעזע קרייזן.

נאָר צוויי יאָר האָט עקזיסטירט דער בית־ספר און איז געשלאָסן געוואָרן, צוליבן אָפּפאָר פון דירעקטאָר האַלפּערין קיין אַמעריקע.

זיבעטער קאַפּיטל

## די לעצטע געזעלשאַפטלעכע ראַנגלענישן

אין האַרבסט 1938 זענען אין גאַנץ פּוילן פאָרגעקומען וואַלן צו אַלע מוני־ציפּאַלע אינסטיטוציעס. סעראַצקער יידן האָבן באַוויזן, טראָץ דער נידערגע־שלאָגנקייט און די רעפּרעסיעס פון די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען, אַריינפירן צוויי ראַטמענער אין שטאָט־ראַט.

אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין סעראַצק האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די וואַלן צום 21סטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין חודש יולי 1939 (עטלעכע וואָכן פאַרן אויסברעכן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה), און די רעזולטאַטן זענען געווען פאָלגנדיקע:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ליסטע נומ׳ 1 | — | די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע | — 38 | שטימען |
| „ „ 2 | — | „עת לבנות״ | — 11 | „ |
| „ „ 3 | — | „מזרחי״ | — 10 | „ |
| „ „ 4 | — | בלאָק פאַרן אַרבעטנדן א״י | — 34 | „ |
| „ „ 5 | — | הנוער הציוני | — 20 | „ |

(„היינט״, נומ. 170 פון 25.7.1939).

## אכטער קאַפּיטל

## סטאַטיסטישע טאַבעלן

### טאַבעלע נומ. 1

**דער פּראָפעסיאָנעלער צוזאַמענשטעל פון די סעראַצקער יידן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה (1939).**

| לויף נומער | פּראָפעסיע | צאָל משפּחה־עלצטע |
|---|---|---|
| 1 | קרעמער | 200 |
| 2 | רעסטאָראַנען | 4 |
| 3 | טראַנספּאָרט: | |
| | פאַסאַזשירן־פירער | 5 |
| | משא־פירער | 25 |
| 4 | גערטנער אַרענדאַרן (סאַדאָווניקעס) | 20 |
| 5 | גלעזער | 5 |
| 6 | זייגערמאַכער | 4 |
| 7 | בעקער (בעקערייען) | 7 |
| 8 | שניידער (וואַרשטאַטן) | 6 |
| 9 | סטאָליאַרס „ | 6 |
| 10 | שוסטערס „ | 18 |
| 11 | שוך־שטעפּער „ | 4 |
| 12 | געפּעק־טרעגער | 12 |
| 13 | שטריקער (וואַרשטאַטן פון שקאַרפּעטן, סוועטערס) | 3 |
| 14 | בלעכער (וואַרשטאַטן) | 5 |
| 15 | שטריקמאַכער | 3 |
| 16 | שמידן (וואַרשטאַטן) | 4 |
| 17 | תבואה־סוחרים | 20 |
| 18 | דאָרפס־גייער | 9 |
| 19 | פישער און פאַרקויפער | 2 |
| 20 | פיש־הענדלער | 5 |
| 21 | וואַלד־סוחרים | 2 |
| 22 | וואַסער־טרעגער (טרינק־וואַסער פון די קוואַלן) | 5 |
| 23 | נייטאָרינס | 10 |
| 24 | מיל אייגנטימער | |
| | מעל | 2 |
| | קאַשע | 1 |
| 25 | יאַטקע־אייגנטימער, (קצבים, בהמה־סוחרים) | 8 |
| 27 | פעדער־שלייסער | 10 |
| 26 | קישקע־מאַכער | 2 |
| 28 | מילך־הענדלער | 4 |
| 29 | אייל־פּרעסער | 2 |
| 30 | פריזירער | 4 |
| 31 | באַאַמטע: | |
| | בוכהאַלטערן | 4 |
| | סעקרעטאַרן און קאַסירער | 3 |
| | לערער | 2 |
| 32 | כלי־קודש: | |
| | רב | 1 |
| | שוחטים | 4 |
| | מנקרים | 3 |
| | מוהל | 1 |
| | שמשים | 2 |
| | מלמדים | 15 |
| | חזן | 1 |
| 33 | פעלדשער | 2 |
| 34 | מעדיצין־דאָקטאָר | 1 |
| 35 | אַקושערין | 1 |
| 36 | דענטיסט | 1 |
| 37 | אַדוואָקאַט | 1 |
| | בס״ה | 459 |

(באַמערקונג צו דער טאַבעלע נומ. 1)

וואַרשיינלעך, אַז אויסער די 459 משפחה־שפּייזער עלצטע, זענען פון דער יוגנט (פריילײדיקע) געווען באַשעפטיקט אַלס לערן־אַרבעטער (אָדער געזעלן) און אַלס געהילפן אין מסחר אין שטאָט און אויסער איר:

(1) אַלס לוין־אַרבעטער און געזעלן אין די פאַכן:
סטאָלעריי, שניידעריי, שוסטעריי א״אַנד — 70—80 יוגנטלעכע

(2) אין מסחר (געהילפן אין די קראָמען ביי די עלטערן, האַנדלס־אַנגעשטעלטע) — 50—60 „

(3) דינסט־מיידלעך — 10

## טאַבעלע נומער 2

### די באַפעלקערונג אין סעראַצק אין די לעצטע 150 יאָר

| יאָר | אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג | צאָל פון יידן | % יידן |
|---|---|---|---|
| 1808 | 1277 | 270 | (1) 21.1 |
| 1827 | 985 | 375 | (1) 38.1 |
| 1856 | 1602 | 901 | (2) 56.2 |
| 1857 | 1637 | 920 | (1) 56.2 |
| 1884 | 2536 | 1821 | (3) 71.8 |
| 1897 | 3916 | 2054 | (2) 52.4 |
| 1908 | 4352 | 2290 | (4) 52.6 |
| 1921 | 4694 | 2295 | (5) 48.9 |
| 1931 | 5413 | 2641 | (6) 48.8 |
| 1939 | | 3150 | (7) * |

## מקורות צו טאַבעלע נומ. 2


1. **Bohdan Wasiutyński:** Ludność Żydowska w Polsce w wiekach XIX—XX; Studjum statystyczne, Warszawa 1930.

2. Еврейская Энциклопедия, vol. XIV; col. 174.

3. **A. Eisenbach:** Ludność Żydowska w Królestwie Polskim w XIX w. Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego, Warszawa, Styczeń-Marzec 1959, Nr. 29, Str. 72—112.

4. **Dr. Jacob Segal:** Internationale Konfessionsstatistik; Berlin, Bureau für Statistik der Juden in Deutschland, 1914; aus Manuskript gedruckt.

5. Spis Miejscowości Rzeczypospolitej Polski (Skorowidz).

6. Czasopismo — Życie Gospodarcze, Nr. 24, 19.XII.1956.

7. הערכה מעוערת — ספירת האוכלוסיה לפי הזכרון.

נײַנטער קאַפּיטל

# רעזומע — סיכום

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די סעראַצקער ייִדן אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן — נאָך די אויפטרייסלונגען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, די דײַטשע אינוואַזיע, דאָס אַנטשטיין פון דער נײַער פּוילישער רעפּובליק, די פּויליש־רוסישע מלחמה — איז געווען אין גאַנצן צעשטערט, די פּרנסה־קוואַלן פאַר־שטאָפּט און דער דלות האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַלע ווינקלען.

אין יענער צײַט איז צו הילף דער קהילה געקומען דאָס אַמעריקאַנישע ייִדנ־טום. דער „דזשאָינט" האָט געעפנט אַ פאָלקס־קיך, פאַרטיילט מלבושים, האַנט־ווערקער האָבן באַקומען רוי־מאַטעריאַלן, הלוואות אָן פּראָצענט, און פאַר די קינדער איז צוגעטיילט געוואָרן ספּעציעלע שפּײַז־פּראָדוקטן.

די דאָזיקע וויכטיקע הילף האָט נאָר פאַרלאַנגזאַמט דעם פּראָצעס פון פאַר־לירן דעם באָדן אונטער די פיס און האָט דאָך נישט געקענט באַפרידיקן אַלע באַדערפנישן.

אין די דאָזיקע יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע עמיגראַציע פון די סעראַצקער ייִדן אין די פאַראייניקטע־שטאַטן און אַרגענטינע, און אין אַ קלענערן מאָסשטאַב אויך קיין פראַנקרײַך, ענגלאַנד און ארץ־ישראל.

די אינערלעכע פּאָליטישע אָרגאַניזירונג, אין אַלע אירע שטרעמונגען, האָט אין די באַדינגונגען פון דער נײַ־אַנטשטייענדער פּוילישער רעפּובליק מיט דעם אַגרעסיוון אַנטיסעמיטיזם — געשטאַרקט די סעראַצקער ייִדן אין זייער זעלבסט־פאַרטיידיקונגס־ווילן קעגן אַלע דיסקרימינאַציעס, און אויך גורם געווען צו ענדערן די פירערשאַפט אין דער קהילה.

די סעראַצקער ייִדן האָבן געזוכט עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן, נישט נאָר אין די לענדער מעבר לים, נאָר אויך אין ערטער אַרום זיך. ביים סוף פון די צוואַנ־ציקער, און אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן, האָבן אַ סך פאַמיליעס זיך באַ־זעצט אין דעם נאָענטן שטעטל יאַבלאָננאַ־לעגיאָנאָוואַ, 15 קילאָמעטער דרום פון סעראַצק, מיט דער האָפענונג צו געפונען דאָרט פּרנסה.

דאָס נײַע שטעטל איז אויך גערופן געוואָרן: די אָפּטיילונג פון דער סע־ראַצקער קהילה.

די באַפעלקערונג:

די ייִדישע באַפעלקערונג איז נישט געוואַקסן אין די יאָרן 1908—1921, ווײַל די ערשטע וועלט־מלחמה און די דײַטשע אינוואַזיע ביז נאָכן פּויליש־רוסישן

קריג, האָבן גורם געווען צו אַ גרויסער שטערבלעכקייט, צו אַ פאַרקלענערטן צוּוואוקס און צום פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אין די יאָרן 1921—1931 האָבן אַ סך עמיגרירט מעבר לים און זיך איבער־געצויגן אין אַנדערע נאָענטע ערטער.

די צאָל יידישע נפשות איז געוואַקסן נאָר מיט 350, טראָץ דער פאַרקלע־נערטער שטערבלעכקייט און פאַרגרעסערטן צוּוואוקס. (זע טאַבעלע נומ. 2), פּראָפּאָרציאָנעל צו די פּאָליאַקן איז נישט געווען קיין שום שטייגערונג.

אין יאָר 1939 האָבן אין סעראָצק געלעבט 3150 יידן (בערך) 620—640 משפּחות (זע טאַבעלע נומ. 2). צווישן די דערוואַקסענע און יוגנטלעכע האָבן געהערשט פּרנסהלאָזיקייט און אַרבעטסלאָזיקייט.

פון צווישן די 640 משפּחה־עלצטע האָבן נאָר 459 געהאַט אַ געוויסן פּרנסה־קוואַל (71%) און 181 משפּחות זענען געווען פּרנסהלאָז. (זע טאַבעלע נומ. 1).

די לאַגע צווישן דער אַרבעטנדיקער און אין מסחר באַשעפטיקטע יוגנט איז געווען נאָך שווערער.

די יידישע יוגנטלעכע אין אַרבעטס־עלטער האָבן געציילט בערך 650 און די באַשעפטיקטע צווישן זיי — נאָר 120—150 (23%). (זע באַמערקונג 13 טאַ־בעלע נומ. 1).

אַלס צוגאָב צו דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע האָט אויך אויף דער גאַס געבושעוועט דער אַגרעסיווער אַנטיסעמיטיזם.

אַ קליינע צאָל יוגנטלעכע זענען, טראָץ די פאַרמאַכטע טויערן, אומלעגאַל אַוועק קיין ארץ־ישראל.

אין אַ לאַגע פון אָן אַן אויסוועג האָט די יידישע יוגנט פאַרברענגט די צייט מיט טענץ און פאַרשידענע פאַרוויילונגען.

דער נאַצישער שאָטן איז פאַרשפּרייט איבער פּוילן. אין די לעצטע חדשים פאַר דער מלחמה, הייבן אָן געוויסע טיילן פון דער פּוילישער באַפעל־קערונג זיך דערנענטערן צו די יידן. דעם 5טן אַפּריל 1939 איז די יידישע קהילה אין סעראָצק אָפיציעל איינגעלאַדנט געוואָרן אָנטייל צו נעמען אין פאַרשפּרייטן די נאַציאָנאַלע הלוואה פאַר די שוץ־כוחות פון לאַנד.

די סעראָצקער יידן, צוזאַמען מיטן גאַנצן פּוילישן יידנטום, זענען געשטאַנען איזאָלירטע אין זייער העראָישן קאַמף קעגן די אייזערנע וואַנט פון שנאה און גלייכגילטיקייט.

קיינער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט די דימענסיעס פון דעם דערנענ־טערנדיקן אומגליק.

חנוך ורדי.

הרב יעקב העניך צימערמאַן ז״ל

## דער סעראַצקער רב הרב הגאון ר׳ יוסף לעווענשטיין זצ״ל

איך געדענק אים מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד און פיאות, מיט זיין פּאַטריאַכאַלישן אויסזען און מיט זיין גרויסער גוטסקייט.

זיין אָפּשטאַם איז פון גרויסן יחוס:

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר ת״ר. זיין פאָטער, ר׳ אביש ז״ל, איז געווען איינער פון די גרויסע לומדים, אַן אור־אייניקל פון גרויסן גאון ר׳ אברהם אביש ז״ל אב״ד של פראַנקפורט דמיין און פון באַרימטן גאון דער בעל „פני יהושע״ ז״ל.

צו 17 יאָר האָט ר׳ יוסף לעווענשטיין חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ר׳ איטשע ניסלס פון פּראַגע, אַ וואָרקער חסיד און גרויסער למדן, ער האָט אויך דאָן באַקומען סמיכות לרבנות ביים לובלינער רב הרה״ג ר׳ יהושע העשיל אשכנזי ז״ל.

אַ יאָר שפּעטער איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס דיין אין שטעטעלע כארזשל, און אין אַ קורצער צייט נאָך דעם — רב און אב״ד אין דער שטאָט זאַקליקאָוו ביי לובלין. ווען ער האָט אָנגעהויבן באַרימט צו ווערן אַלס גרויסער גאון, איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד אַלס רב און אב״ד אין סעראָצק, זייענדיק אַלט בערך 30 יאָר.

אין שטאָט איז ער געווען באַליבט ביי אַלע: חסידים, לומדים, מתנגדים, משכילים, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער גאון מיט אַ שאַרפן מוח, אַ היסטאָ־ריקער און אַ גוטער מענטש. געווען פון אָנהייב אַ מתנגד, אָבער ווערנדיק אַ חסיד האָט ער דאָס באַנומען אַלס מיטל צו דערהייבן יידן צו דער מדרגה פון שמחה און האָפענונג.

ווען דער וואָרקער רבי ר׳ יצחק זצ״ל איז נפטר געוואָרן, האָבן זיך צום סעראָצקער רב געוואַנדן די באַדייטנדסטע וואָרקער חסידים און אים געוואָלט מכתיר זיין אַלס זייער רבי; ער האָט זיי געזאָגט מיט אַ שמייכל: „זייט צופרידן, אַז איך בין אַליין אַ חסיד״.

איך האָב זוכה געווען צו זיין דעם רבס אַ תלמיד, פיל מאָל געזעסן אין דער זייט ביי זיינע דין־תורות און בין נתפעל געוואָרן פון זיין חכמה און הומאָר.

אָט זענען דאָ צוויי בלימעלעך פון יענער צייט:

א) עס איז אַריינגעקומען צו אים ר׳ לוי יצחק דער קצב, און געזאָגט: „רבי, איך וויל, איר זאָלט שיקן רופן אברהם יעקל קאָוואַל צו אַ דין־תורה״. אויף דער פראַגע וועגן עניָן, ענטפערט ער: „אברהם יעקל האָט אויף מיר מוציא שם רע געווען״. פרעגט אים דער רב, אויב ער אַליין האָט עס געהערט. „ניין — זאָגט ער — הערשל שניידער האָט עס מיר דערציילט״. „ווי באַלד אַזוי — ענטפערט דער רב — דאַרפסטו רופן הערשל שניידער, ווייל דו האָסט דאָך פון אים אַליין געהערט. פון אברהם יעקל, ווייסט דו דאָך נישט צי עס איז אמת, אַז ער האָט אַזוי געזאָגט״. לוי יצחק האָט דעם רבין געבעטן שיקן נאָך הערשלען. דער רב הייסט אים נישט רופן. „ווייל ער איז אַן עזות פנים און קאָן עס נאָך אַ מאָל זאָגן״. לוי יצחק איז אַוועק מיט דעם וואָס ער איז געקומען.

ב) אין דער צייט פון דער מחלוקה וועגן ר׳ אלי׳ שוחט האָט עמעצער געמסרט צום גובערנאַטאָר קיין וואַרשע, אַז דער רב איז שוין צו אַלט, אַז ער ווייסט נישט וואָס ער טוט און געבעטן אים, ער זאָל באַפעלן מ׳זאָל אויפנעמען אַ נייעם רב (דער רב איז דעמאָלט שוין געווען אַ זקן). צו יענער צייט האָט דער גובערנאַטאָר באַדאַרפט זיין אין סעראַצק. ווען ער איז געקומען, איז דער רב מיט די דאָזאָרעס געגאַנגען אין קאַנצעלאַריע אים באַגריסן. דער רב האָט קיין רוסיש נישט געקענט, האָט ער מיטגענומען זיין איידעם שלום יעקב אַלס איבער־זעצער. דער גובערנאַטאָר האָט אים זייער שיין אויפגענומען, און זאָגט אים גלייך אַז מ׳האָט אים געשריבן, אַז דער רב איז נישט מער ביים קלאָרן שכל. דער רב האָט רויִק געענטפערט: „דער, וואָס האָט געשריבן, איז בייז, פאַר וואָס איך פאַרשטיי נאָך צוכיל און פיר נאָך די קהילה מיט אַ שטאַרקער האַנט. וואָלט איך טאַקע נישט געווען ביים קלאָרן געדאַנק, וואָלט דער שרייבער געווען צופרידן און וואָלט נישט געשריבן״. דער גובערנאַטאָר איז שטאַרק נתפעל געוואָרן פון דעם ענטפער און אים געדריקט די האַנט.

סעראַצק האָט געהאַט צוויי שוחטים: ר׳ רפאל לעווינסאָן און ר׳ חיים שלמה, ביידע — חסידים לומדים, דער ערשטער — אַ „גערער״; דער צווייטער — אַן „אַלעקסאַנדערער״. ביידע זענען געווען נישט בלויז חסידים, נאָר אנשי מעשה: ווו אַ קראַנקער, ווו אַ נויטבאַדערפטיקער, זענען זיי געווען די ערשטע צו זאָרגן און העלפן מיט וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען. אַ מאָל איז אַרויס אַ קלאַנג אויף איין שוחט, אַז די האַנט ציטערט אים; און אויפן צווייטן, אַז זיין ראיה איז אים שוואַך געוואָרן, און דערפאַר מוז מען האָבן אַנדערע שוחטים. דער רב האָט זיי מנסה געווען און מפרסם געמאַכט, אַז דאָס איז



דער סעראָצקער רב הרב הגאון ר׳ יוסף לעוונשטיין זצ״ל

לעת זקנתי כבדו עלי איברי וקשה עלי הכתיבה. אמנם זכרתי ימי
קדם ימי עניי אשר בני העיר רחקו מעלי אף לחם לאכול ובגד
ללבוש הייתי חסר. והרב המגיד שליט"א הוא פותח יד ומשביע
לכל הפושטים ידיהם אליו ואף אוהב מרחוק. הן בכבוד
יו"ט. ומתענג בצדקותיו ובייחוסו והוא מזרע רבינו פנחס
מקארץ שבינא דמלכא ומטרונתא. אהבה דוחקת הבשר כאלו
הנני נער גם שטר שכר טרחתי ששה מילאן. כאלו לא הכרתי
טובתו. בשמחה בלי עצב. ב' תזריע בכל קודש פ"ד
סעראצק הק' יוסף במהר"א ז"ל מלובלין.



כתב־יד פון סעראָצקער רב זצ"ל, אין וועלכן ער דערמאָנט די דורכגעמאַכטע שווערע צייט און די הילף וואָס ער האָט באַקומען פון סעראָצקער מגיד זצ"ל. גענומען פון דער „מגילת יוחסין" פון מגיד זצ"ל. וואָס דער רב זצ"ל האָט געשריבן) דער טעקסט פון דער פאָטאָ־קאָפּיע לייענט זיך:

לעת זקנתי כבדו עלי איברי וקשה עלי הכתיבה. אמנם זכרתי ימי קדם ימי עניי אשר בני העיר רחקו מעלי אף לחם לאכול ובגד ללבוש הייתי חסר. והרב המגיד שליט"א הוא פותח יד ומשביע לכל הפושטים ידיהם אליו ואף אוהב מרחוק. הן בכבוד יו"ט. ומתענג בצדקותיו ובייחוסו והוא מזרע רבינו פנחס מקארץ שבינא דמלכא ומטרונתא. אהבה דוחקת הבשר כאלו הנני נער גם שטר שכר טרחתי ששה מילאן. כאלו לא הכרתי טובתו. בשמחה בלי עצב. ב' תזריע בכל קודש פ"ד.

סעראָצק הק' יוסף במהר"א ז"ל מלובלין.

אַ בייזווילִיקער בלבול, אָבער דאָך, כדי צו פאַרמיידן אַ מחלוקת־פייער, האָט ער באַשלאָסן אויך אויפצונעמען אַ דריטן שוחט. דער רב האָט שטענדיק געהאַט עטלעכע יידן מיט וועלכע ער האָט זיך באַראַטן, און וואָס ביי זיי איז באַשלאָסן געוואָרן, האָט דער רב גלייך דורכגעפירט. ער האָט זיי צוזאַמענגערופן, און זיי האָבן מסכים געווען, מ׳זאָל נעמען נאָך אַ שוחט. אומר ועושה, האָט מען אַראָפּגעבראַכט פון אָסטראָווע אַ שוחט, ר׳ אלי׳ שטעלאַנג, אַ חסידישער יונגער־מאַן, אַ חריף, אַ חכם, אַ פלאָם. דער רב האָט אים געגעבן אַ כתב, אַז ער נעמט אים אויף אַלס אַ שוחט. דאָס איז געווען אין יאָר 1907

דער ערשטער דאָזאָר איז געווען אהרן יואל גראַניעוויטש, אַ ליטווישער ייד, אַ נגיד, אַ פּאָדרייטשיק. ער איז אַרויס מיט אַ ויצעקו: „היתכן, דער רב האָט אים נישט געפרעגט, נאָר מיט עטלעכע געוויסע חסידים האָט ער באַשלאָסן און אויפגענומען אַ שוחט״. עס איז גלייך געוואָרן אַ פייער, און דאָס שטעטל איז צעטיילט געוואָרן אין צוויי לאַגערן: מיטן צד קעגן רב און דעם שוחט — האָט אָנגעפירט אהרן יואל; מיטן רב׳ס צד האָט אָנגעפירט לייבל לעווינער, אַ ייד אַ למדן, אַ געוועזער חסיד, און דערצו אויך אַ גביר. אויך זיינע קינדער זענען געווען לומדים, חסידים, נגידים. די מחלוקה איז אָנגעגאַנגען אַ פּאָר יאָר, אָבער די שחיטה האָט עס נישט געשטערט.

די אָפּאָזיציע, זעענדיק, אַז זי קאָן גאָרנישט אויפטואן, האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ באַזונדערע שחיטה און זיי האָבן טאַקע באַלד אויפגענומען אַ שוחט — ר׳ מנחם מענדל פּרענקעל פון פּאָפּאָווע. אָבער צו אַ שוחט דאַרף מען דאָך אַ רב, האָט מען פאַרהאַנדלט מיט אַ רב.

איך האָב דעמאָלט געגעסן קעסט אין אָסטראָלענקע. איין מאָל אין אַ פריי־מאָרגן באַקום איך פון סעראָצקער רב אַ בריוו, אין וועלכן ער שרייבט מיר: היות כ׳בין זיינער אַ תלמיד, און אַזוי ווי דער רב פון קאַצין וויל קומען קיין סעראָצק צו דער אָפּאָזיציע, בעט ער מיך, איך זאָל אים רופן צום אָסטראָלענקער בית־דין. אָסטראָלענקע האָט געהאַט אַ רב מיט צוויי מורי־הוראה, און איך זאָל אים געבן אַ התראת בית־דין, אַז אויב ער וועט קומען קיין סעראָצק נעמען דאָס רבנות, וועט ער אים אסרן זיין הוראה פאַר דער גאַנצער וועלט. (קאַצין איז געווען אַ דאָרף מיט אַ באַן־סטאַציע, 4 קילאָמעטער פון אָסטראָלענקע, ס׳האָבן דאָרט געוווינט 20 יידישע משפחות).

איך בין גלייך אַוועק צום אָסטראָלענקער רב און אים געוויזן דעם בריוו. זאָגט ער מיר, אַז כ׳זאָל שוין נעמען אַ דראָזשקע, און זאָל אים דעם קאַצינער רב ברענגען גלייך צו פירן. איך האָב אַזוי געטאָן. עס איז מיר נישט לייכט

אָנגעקומען. כאָטש ער האָט געוווּסט וועגן וואָס ער ווערט גערופן, האָט זיך אים דאָך נישט געגלוסט צו פאָרן. איך בין אָבער צו אים פעסט צוגעשטאַנען מיט גוטן און בייזן און אים געבראַנגט צום אָסטראָלענקער רב. דאָרט האָב איך אים געגעבן די התראה פון סעראָצקער רב. דאַן האָט דער אָסטראָלענקער רב צו אים געזאָגט: „אין נאָמען פון אונדזער בית־דין וואָרענען מיר דיך, אַז ווען דו וועסט פאָרן קיין סעראָצק נעמען דאָס רבנות, וועלן מיר דיר אסרן דיין הוראה פאַר דער גאַנצער וועלט". דערויף האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט בדעה צו טאָן קעגן רב און וועט מער אַפילו נישט טראַכטן וועגן דעם.

עס זענען נישט אַריבער קיין פיר וואָכן און דער קאָצינער רב איז געקומען קיין סעראָצק. דער אַלטער רב האָט אויסגערופן אַן איסור אויף דעם רב. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און דער קאָצינער רב האָט אין סעראָצק פאַרלוירן זיין פרוי און צוויי דערוואַקסענע קינדער. בערך צוויי יאָר שפעטער האָב איך דעם זעלבן רב געטראָפן אין וואַרשע גיין איבער די הייזער. איך האָב אים געגעבן אַ שיינע נדבה.

עס איז אין דער מחלוקה אַריינגעמישט געוואָרן דער שוחט פ.ן פאָפּאָווע, וועלכער האָט אָבער געהאַט שכל און כאָטש ער איז געווען שוחט פון דער אָפּאָזיציע, איז ער געווען נכנע אונטערן רב און איז אַלע מאָל געקומען צו אים מיט הכנעה און דרך־ארץ. ביים ענדיקן די מחלוקת איז ער געבליבן שוחט, ד. ה. דער — פערטער.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז צווישן די אָנפירערס פון צד שכנגד האָבן אַ טייל נישט זוכה געווען צו זען דעם סוף פון דער מחלוקה, און אַנדערע זענען פאַר־אָרעמט געוואָרן.

דעם רבס ז"ל קינדער זענען טייל געווען בעלי־הוראה און אויך סוחרים: דער איידעם, ר' אברהם קראָנענגאָלד ז"ל, אַ תלמיד חכם, אַ גערער חסיד און דערצו אַ משכיל, האָט געהאַט אַ גרויס גאַלאַנטעריע־געוועלב אין סעראָצק. דער אַנדערער איידעם, יעקב שלום (דעם קאָלאָביעלער רבס אַ זון), אויך אַ ס.חר, איז אין 1922 אַוועק קיין אַמעריקע — און איז, דאַכט זיך, דאָרט געוואָרן אַ רב. דער רב האָט געהאַט דריי זין: דער עלטסטער — אביש איז יונגערהייט אַוועק קיין אַמעריקע. דער צווייטער — אורי, האָט געוווינט אין רוזשאַן און געווען אַ תלמיד חכם און חסידישער ייד. דער דריטער, בעריש, האָט געוווינט אין וואַרשע און געווען אַ בן־תורה און עסקן ציבורי.

אַז דער רב איז אַ מאָל אַוועקגעפאָרן (הגם זעלטן), זענען אין שטאָט

געווען 2 יידן, וועלכע האָבן געפּסקנט אַ שאלה — מיין פאָטער ז״ל און אלי׳ חיים מלמד ז״ל.

ר׳ יוסף לעווענשטיין זצ״ל איז געווען נישט נאָר דער גאון הדור אין תורה, נאָר אויך אַ גרויסער ביבליאָגראַף און היסטאָריקער. וועגן דעם זאָגט עדות דער פאַרצווייגטער בריוו־אויסטויש מיט די גרויסע היסטאָריקער: גרעץ, דובנאָוו, יעבץ א. אַ. און עס איז אויך באַרימט געוואָרן זיין גרויס ביבליאָגראַפיש בוך „דור ודור ודורשיו״, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר תר״ס אין וואַרשע.

ער האָט אויך אַרויסגעגעבן די ספרים „ברכת אברהם״ און „קנה אברהם״ פון זיין עלטער־זיידע ר׳ אברהם אביש אב״ד דפראַנקפורט דמיין זצ״ל, מיט זיינע פרושים און חידושים.

אויסער דעם האָט ער פאַרעפנטלעכט מאמרים אין אַלע תורה־אויסגאַבן ווי „מאסף״, „תורה מציון״, „שערי תורה״, „הפסגה״, „הפלס״, „כנסת חכמי ישראל״ און אַנדערע.

עס זענען נאָך אים פאַרבליבן אַ סך מאַנוסקריפּטן אויף די געביטן פון תורה און הלכה.

זקן ושבע ימים, אַרומגערינגלט מיט ליבע פון אַלע, איז ער נפטר געוואָרן אין סעראָצק ביום ד׳, כ״ו ניסן תרפ״ד.

## דער סעראָצקער מגיד הרב ר׳ אהרן קאַצענעלענבויגן זצ״ל

אין יאָר תרע״ו (1916), שבועות־צייט, איז קיין סעראָצק געקומען דער קאָנסטאַנטינער רבי און האָט פאַרנומען אַ גרויסע דירה אין מאַרק, אין עק פון אַפּטייק און דער שול־גאַס. ער האָט געעפנט זיין בית־המדרש און עס זייער שיין אָוועקגעשטעלט. עס איז גלייך געקומען אַן עולם, וואָס האָט אָנגעהויבן דאָרט דאַווענען. שבת צום טיש איז שטענדיק געקומען אַ ריזיקער עולם. עס זענען כסדר געקומען חסידים פון אַנדערע שטעט: פולטוסק, מאַקאָוו, רוזשאַן, ווישקאָוו און אַנדערע; עס איז געוואָרן אין שטעטל לעבעדיק. ער איז אויך געווען פון גרויסן יחוס, אַן אייניקל פון ר׳ מרדכי נעסכיז. לויט דעם ספר היוחסין, געשריבן פון אַלטן סעראָצקער רב זצ״ל, האָט ער געשטאַמט פון קדושי עליון ביז די תנאים און גייט ביז דוד המלך ע״ה. ער איז געווען אַ גרויסער צדיק און חכם און האָט געהאַט אַ גוט האַרץ, און ווער עס איז איין מאָל געקומען אין באַרירונג מיט אים, האָט שוין מער פון אים נישט אָפּגעטרעטן. עס איז אַן אינטערעסאַנטע מעשה, ווי אַזוי איך אַליין בין געוואָרן אַ ידיד נאמן מיט אים, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז איך באַלאַנג צו די גערער חסידים, ווייל פאַר

יעדער נסיעה מיינער קיין גער, פלעג איך גיין מיט אים געזעגענען זיך, און ווען איך בין צוריקגעקומען, בין איך אַרייַנגעגאַנגען שלום נעמען. ער האָט אַ מאָל געזאָגט: „פון חסידים זאָלן כאָטש בלייבן ידידים".

איך בין צו יענער צייט געווען אַ פליט, נאָך געגעסן קעסט אין אָסטראָ־לענקע. אין חודש אָב תרע"ה (1915) האָבן די רוסן אין משך פון 6 שעה אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון אָסטראָלענקע. פאַרשטענדלעך, אַז מ'איז אַרויס בעירום ובחוסר כל. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט 3 קינדער, דער עלטסטער פון זיי איז אַלט געווען 5 יאָר. און אַזוי האָב איך געוואַנדערט קיין אָסטראָווע, און פון דאָרט מיט שווערע מי דערשלאָגן זיך ביז וואַרשע. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע און אויך סעראָצק, בין איך געקומען מיט מיין אָרעמער פאַמיליע קיין סעראָצק. מיינע עלטערן האָבן אונדז פאַרזאָרגט מיט אַ דירה אין מאַרק. מיין דירה איז געווען קעגנאיבער דעם רבינס דירה. אַז מ'איז געשטאַנען ביי מיר אויפן באַלקאָן, און חסידים זענען געשטאַנען ביים רבין אויפן באַלקאָן, האָט מען געקענט הערן אַלץ וואָס עס איז גערעדט געוואָרן. נאָך אַ קורצער צייט בין איך געוואָרן אַ שפּיליטער און געבערענגט סחורות פון וואַרשע קיין סעראָצק.

אלי' שוחט, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן „אלי חסיד" — כאָטש ער איז געווען אַ גערער חסיד — איז ער געווען ביים סעראָצקער רבין די רעכטע האַנט. ער האָט אָנגעפירט מיט די טישן: וועמען און ווו איינעם צו זעצן, מכבד צו זיין מיט אַ זמר אדג"ל. אַרום אָנהייב חודש אלול, קומט אלי' צו מיר מיט אַ בקשה, איך זאָל אַרויספגיין צום רבין, ווייל דער רבי וויל באַשטעלן אַ פּאָר קעסטלעך וויין אויף ראש־השנה. איך בין קיין מאָל צו קיין אַנדערן רבין נישט געגאַנגען, איך האָב דעם רבי אפילו נאָך קיין שלום נישט געהאַט געגעבן. האָב איך אלי'ן קאַטעגאָריש געזאָגט, אַז גיין וועל איך נישט, נאָר אויב ער וויל מיר ברענגען די באַשטעלונג, וועל איך דאָס באַזאָרגן. ער האָט מיט מיר זיך נישט געדינגען און האָט געבערענגט די באַשטעלונג אויף 150 פלאַשן וויין. דער וויין איז געקומען און געוואָרן אָפּגעשטעלט צום רבין אין שטוב אַריין אין דער בעסטער אָרדענונג.

ערב ראש־השנה קומט אלי' און זאָגט, אַז דער רבי האָט געבעטן כ'זאָל אַרויפקומען מיטן חשבון, ווייל ער וויל באַצאָלן פאַרן וויין איידער ער גייט זיך נוצן. איך בין אַרויפגעגאַנגען, שלום גענומען און גלייך דערלאַנגט די רעכענונג. דער רבי האָט אַריינגערופן חיים שמש און אים געהייסן גלייך באַצאָלן. דער רבי האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק, אָבער קיין חסיד זיינער בין איך נישט געוואָרן.



דער סעראָצקער מגיד הרב ר׳ אהרן קאַצענעלענבאָגען זצ״ל

ראש־השנה האָב איך מיט מײַן כאַמיליע געגעסן בײַ מײַנע עלטערן. צוריק־גײַענדיק פֿון גערער שטיבל פֿון דאַווענען, זענען מיר געגאַנגען צום אַלטן רבֿ זאָגן „לשנה טובה״, אַזוי האָט זיך מײַן פֿאָטער ז״ל געפֿירט אַלע יאָרן. אַרויס־גײַענדיק פֿון רבֿ, זאָגט מײַן כאָטער צו מיר: „דו מוזט אויך אַרויפֿגײן צום רבין זאָגן „לשנה טובה״. איך בין געבליבן אױיסער זיך און זאָג צו אים: „דו גייסט דאָך אויך נישט״. זאָגט ער צו מיר: „אַז איך גיי נישט איז קיין קושיה נישט, איך קען אים נאָך נישט, און ער קען מיך נישט, אָבער דו ביסט דאָרט געווען הײַנט בײַ טאָג, וועט דאָס אפֿשר זײַן אַ חולשת הדעת און מ׳דאַרף האָבן דרך־ארץ — ער איז דאָך אַ בן־קדושים״.

מילא, פֿאַרכאַלן. דער טאַטע הייסט, מוז מען גיין. איך בין אַרויפֿגעקומען. עס זענען געווען עטלעכע הונדערט יידן. איך האָב דאָס צום ערשטן מאָל געזען. אַלע האָבן נאָך געהאַט אויף זיך די טליתים, ווייל דאָרט האָט מען ראש־השנה

ביי נאַכט געדאַווענט אין טליתים. ווען איך בין צוגעגאַנגען צום רבין און געזאָגט: „לשנה טובה״, האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ זייער פּנים צוחקות, אין לשון הקודש: „אבקשך לבוא אל השולחן״. איך האָב גאָרנישט געענטפערט און אַוועק כמעט בייז.

ווען איך בין געקומען אין שטוב, דערציילט איך וועגן דעם מיין פאָטער און דערקלער, אַז איך וועל זיכער נישט גיין צום רבינס טיש. ענטפערט מיר מיין פאָטער גלייך: „ניין, מיין קינד, וועסט טאַקע יאָ מוזן גיין״. איך האָב געשוויגן. ביים וואַשן זיך צום עסן, זאָגט מיר מיין פאָטער: „פאַרגעס נישט, האָב אין זינען, אַז בענטשן וועסטו ביים רבין״.

עס איז אָנגעקומען אַן עולם פון גערער שטיבל צו אונדז אין שטוב. מיר האָבן געענדיקט עסן. פאַרן בענטשן זאָגט מיין פאָטער: „יעקב הענעך מוז אַרויפגיין צום רבין צום טיש, און אויב ס׳איז דאָ ווער פון אייך, וואָס וויל מיטגיין, וועט אים זיין היימלעכער״. עס זענען טאַקע עטלעכע יונגע־לייט מיטגעגאַנגען.

אַזוי ווי איך האָב זיך באַוויזן אויפן שוועל, האָט מיך גלייך אלי׳ בקול רם גערופן צום טיש. מ׳האָט מיך אַוועקגעזעצט דעם ערשטן נעבן רבין, דער רבי האָט מיך גלייך געבעטן זינגען „ויאתיו כל לעבדך״, עס איז געווען אַ טיש מיט שיריים, שאַרפע תורה און זמירות. נאָכן בענטשן שטעלט זיך דער רבי אויף און טוט אַ זאָג צו מיר: „יעקב הענעך, איך בעט דאָ דאַווענען שחרית — אַ גוטן יום־טוב״, און איז אַריין צו זיך אין שטוב. דער עולם גיט זיך אַ לאָז צו מיר: „מזל־טוב, בעל־שחרית!״ (מוסף האָט דעמאָלט דער רבי אַליין גע־דאַווענט). ענטפער איך זיי: „עס הייבט זיך גאָר נישט אָן, לאָזט טאַקע וויסן אייער רבין, ער זאָל זיך אויף מיר נישט פאַרלאָזן, ווייל איך וועל נישט דאַווענען״.

איז געווען דאָרט אַ חסיד משה הירש סרעבראָ (מענדל ליטמאַנס איידעם), ער האָט געוווינט אין פּולטוסק, אַ פּייערדיקער סעראָצקער חסיד, טוט ער אַ זאָג: „זאָלסט וויסן, אַז ראש־השנה ביינאַכט נאָכן טיש, קאָן קיין מענטש נישט אַריינ־קומען צום רבין, איך גיי זיך איינשטעלן דאָס לעבן איבער דיר, און גיי אָנקלאַפּן ביים רבין״. איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט. באַלד טוט זיך אַן עפן די טיר, און דער רבי באַווייזט זיך. עס ווערט שטיל אין בית־המדרש. דער רבי רופט מיך צו און זאָגט: „פאַרוואָס וויל מען נישט דאַווענען, ווייל מ׳איז נאָך נישט אַלט קיין 30 יאָר? איז מען זיך מצרף מיטן ציבור, ווערט מען אַ בן־שלושים. מרוצה לקהל? דער קהל וויל דאָס וואָס איך וויל, און אין זכות פון מיינע עלטערן



ר׳ אליהו שוחט הי״ד



דער אוהל פון סעראַצקער מגיד זצ״ל אויפן וואַרשעווער בית־עולם

בעט איך יעקב הענעך זאָל דאַווענען. איך זאָג יעקב הענעכן צו אַ בעסער יאָר ווי דאָס פאַרגאַנגענע יאָר״. און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער פאַרמאַכט די טיר.

מ׳האָט נאָכדעם פאַרבראַכט ביז 3 פאַרטאָג מיט משקה, זמירות, ריקודים און פאַרשטייט זיך — איך האָב געדאַוונט. איך מוז מודה זיין, זייט דעמאָלט בין איך געבליבן אַ בעל־תפילה, נאָר אַזוי דאַוונען ווי דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, האָב איך מער נישט זוכה געווען, און אין דעם יאָר זענען זיינע ברכות אויך פולקאָם מקויים געוואָרן. פון דעמאָלט אָן איז פאַרבליבן דאָס ידידות עד אין לשער.

אין קיין נסתרות האָב איך קיין ידיעה נישט, אָבער איך וויל בלויז באַמערקן עטלעכע זאַכן, וואָס איך און אַנדערע האָבן געזען.

דער רבי האָט אַריינגעצויגן אַלע בחורים פון שטאָטישן בית־המדרש און פון גערער שטיבל (קיין אַנדערע חסידישע שטיבלעך זענען דעמאָלט אין סעראָצק נישט געווען) צו זיך אין בית־המדרש, דאָרט האָבן זיי געשמאַק געלערנט. דער רבי, ווי באַקאַנט, איז דאָך געווען געקליידעט זייער עלעגאַנט: אַ געפּרעסטן קאָלנער, שטייפע מאַנקעטן, לאַקירטע שיך און שטיוול, מלבושים בלויז פון זייד, וואָס האָט ממילא געגעבן די בחורים אַ הכשר און אַ טייל האָט טאַקע אָנגעהויבן צו זיין אַ ביסל מער געפּוצט. צוליב דעם זענען געווען אַזעלכע עלטערן, וואָס האָבן זייערע קינדער נישט געלאָזט דאָרט גיין. דער סוף איז געווען, אַז אַלע בחורים פון רבינס בית־המדרש זענען געבליבן יראי ה׳, און דווקא די אַנדערע — קאָמוניסטן. דער רבי איז איין מאָל צוגעגאַנגען צום בית־המדרש און געטראָפן די טיר פאַרשלאָסן. ער האָט געקלאַפּט ביז מ׳האָט אים געעפנט. אַריינקומענדיק, האָט ער אַ פרעג געטאָן: „פאַר וואָס איז די טיר געווען פאַרשלאָסן? וואָס האָט איר דאָ געטאָן?״ מיט גרויס פחד האָבן זיי געענטפערט און מודה געווען, אַז מ׳האָט געשפּילט שאַך. האָט ער געזאָגט: „פון היינט אָן זאָלט איר יעדן טאָג 1 שעה, אָבער נישט מער, שפּילן שאַך ביי אָן אָפענער טיר״. ער האָט זיך באַצויגן צו די בחורים ווי אַ פאָטער צו קינדער.

עס איז צו אים אַריינגעקומען זייער פיל געלט, אָבער ווען עס וואָלטן נישט געווען די עטלעכע יידן, וואָס האָבן געזאָרגט פאַר דער שטוב מיט די אורחים, וואָלטן די רביצין מיט די קינדער געליטן דחקות. נישט נאָר וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן נויטבאַדערפטיקע דאָס געלט, נאָר אויך שטובזאַכן, וועש און אַפילו פון זיינע מלבושים. עס איז כדאי צו דערמאָנען די צוויי ראָזענבערגס:

יצחק און ישעיה, די צווי יידן גבירים, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַרן אויסהאַלט פון רבינס שטוב.

שפעטער, ווען ס'איז געוואָרן אַן ענדערונג: אַנשטאָט רבי, איז ער געוואָרן מגיד — בין איך שוין נישט געווען אין סעראָצק. איך האָב דעמאָלט געוווינט אין דאַנציג. איז דער מגיד געקומען קיין דאַנציג מיט די כוונה (אין יענעם יאָר צו פאָרן אויף זומער־וווינונג קיין צאָפאָט (ביי דאַנציג). ער איז געקומען זען און עס איז אים נישט געפעלן. דערווייל איז ער געווען אַ וואָך מיין גאַסט. דעמאָלט איז אַ חסידישער ייד, יצחק סעגאַל, געלעגן קראַנק אין שפיטאָל. איך האָב געזאָגט צום מגיד, אַז ווען איך וואָלט געוווסט, אַז מ'וועט צו אים דאָרט אַריינלאָזן, וואָלט גלייך צוצופאָרן. זאָגט ער: „מיר פאָרן". איך האָב גענומען אַן אָפענעם אויטאָמאָביל, און ווייל ער איז דאָך געווען אַליין אַ קראַנקער, האָב איך דעם שאָפער געהייסן פאָרן זייער פאַמעלעך. אויפן גאַנצן וועג איז געוואקסן דער עולם פוןביידע זייטן. איך האָב געהערט ווי גויים האָבן גערעדט צווישן זיך: „דער הייליקער רבי פאָרט". אין שפיטאָל האָט קיינער גאָרנישט געפרעגט. אומעטום האָט דער שומר זיך פאַרנייגט און ברייט געעפנט די טיר. איינער, וואָס האָט יאָ געפרעגט, איז געווען דער קראַנקער: „די דאָקטוירים זאָגן, אַז מ'מוז אָפערירן". און טאַקע באַלד האָט דער מגיד געזאָגט: „דו פאָרסט קיין בערלין, דאָרט וועסטו הערן וואָס מ'וועט דיר זאָגן". אויף צומאָרגנס האָט ער זיך טאַקע אויסגעשריבן פון שפיטאָל, געפאָרן קיין בערלין און דאָרט געזונט געוואָרן.

נאָך אַ קליינע כאַראַקטעריסטיק פון מגיד: ביי די שבת־טישן פלעגן אונטער זיין שטול שטיין די שאַרפע יונגעלייט, און אויף דער לאַנגער באַנק, ביי דער וואַנט, פלעגן זיצן די פרעמדע אָרעמעלייט, וואָס זענען געגאַנגען איבער די הייזער קרועים ובלוים. דער רבי האָט אויף זיי אַכטונג געגעבן מער ווי אויף זיינע חסידים. איין מאָל ביי אַ טיש, האָט ער נישט געטיילט שיריים, נאָר אַלץ אַוועקגעגעבן די אָרעמע לייט. אלי' חסיד האָט זיך אַראָפּגעבויגן און דעם מגיד שטיל עפּעס איינגערוימט. איך האָב געהערט דעם ענטפער: „אַז איך וועל געבן יעדן אַ שטיקעלע, וואָס וועלן זיי האָבן פון דעם? די יידן וועלן אָפּעסן, וועלן זיי זיין זאַט, און די חסידים וועלן האָבן אַ חלק אין דעם".

דאָס חסידישע לעבן אין סעראָצק לאָזט זיך נישט קיין סך צעטיילן. דאָס רוב פון שטאָט זענען געווען חסידים. די איינציקע וואָס האָבן אַלע יאָרן געהאַט אַ שטיבל, זענען געווען גערער חסידים. געוויסע צייטן האָבן אויך ראַדזימינער חסידים געהאַט אַ שטיבל. אין קליינעם שטאָטישן בית־המדרש פלעגט דער ערשטער מנין דאַוונען נוסח אשכנז, די אַנדערע מנינים — נוסח ספרד. שבת זענען געווען 2 מנינים. ביי דעם ערשטן השכמה מנין, וואָס האָט געדאַוונט נוסח אשכנז, איז נישט געווען קיין גרויסער עולם; ביי דעם צווייטן אָבער, וואָס האָט געדאַוונט נוסח ספרד — אַ פולער און געפּאַקטער בית־מדרש.

אויב מ׳זאָל איינטיילן דאָס שטעטל, קאָן מען עס נאָר טאָן לויטן ווילשטאַנד. נגידים זענען געווען ווייניק — דער רוב: מיטלשטאַנד און אָרעמע לייט; די אָרעמע לייט זענען אויך געווען בכבודיקע. שבת, למשל, האָט מען נישט דערקענט קיין אָרעמקייט.

נגידים זענען געווען געציילטע. קנאַפּע משפחות האָבן זוכה געווען צו זיין נגידיש־חסידיש, ווי למשל: ר׳ לייב לעווינער ז״ל. מ׳האָט אים גערופן „לייבל פון הינטן", ווייל ער האָט געוווינט הינטן, ביים נאַרעוו. ער איז געווען אַן עניו, אַ בעל מידות, אַ תלמיד חכם, אַ הייסער גערער חסיד און נגיד. ער האָט געהאַט אַ זייער גוט האַרץ, געהאָלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן און זיין הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן ייד. אויך זיינע קינדער זענען געגאַנגען אין זיינע וועגן.

אין דער משפחה ראָזענבערג זענען געווען דריי ווייטע קרובים צווישן זיך: 1) ר׳ פייוול איז געווען אַן אַלטער קאָצקער חסיד, אַ גביר לאחיו, ער איז געווען יאָרן־לאַנג ביז זיין פּטירה, דער ערשטער דאַזאָר. ער האָט געבויט די שולן און די מקווה. אין זיין צייט איז די שטאָט געווען באַקאַנט אין דער וועלט. ער האָט געלאָזן 3 זין: דוד, וועלכער איז געוואָרן נאָך אים דאַזאָר, שמואליק און משה, וואָס האָבן געהאַט די מיל, און צוויי איידעמס: ישעיהו מעלניק און משה פישמאַן. אַלע קינדער, שיינע בעלי־בתים אין שטאָט. 2) זיינוויל ראָזענבערג איז געווען גערעכנט ווי דער שטאָט־נגיד. שוין אַ מאָדערנער, אָבער אַ הויפּט־ערלעכער ייד. ער איז געווען זייער געאַכטעט, אַ בעל־צדקה, געפירט זייער אַ ברייט הויז און איבערגעלאָזט דריי זין: ישעיהו, חנא און יענקל; צוויי איידעמס: אברהם און אליעזר מערקער. די איידעמס זענען געווען ברידער — דעם אָכאָטער רבס זין, ביידע תלמידי חכמים. 3) משה ראָזענבערג, נישט קיין גביר, אָבער געפירט אַ חסידיש הויז, געווען אַן אָטוואָצקער חסיד און האָט

איבערגעלאָזט דריי זין: יצחק, געוואָרן אַ נגיד אין דער צייט פון מגיד (ווי שוין דערמאָנט), חיים, אַ שיינער בן־תורה און חסיד, און יחיאל, אַ בעל־הביתישער ייד, און איין איידעם — אשר, יוסף בעקערס אַ זון.

לומדישע, נגידישע און חסידישע יונגעלייט, קעסטקינדער, וועלכע זענען געזעסן און געלערנט און עוסק געווען אין צדקה און גמילות־חסדים, געלערנט אין גערער שטיבל שעורים מיט בחורים, זענען געווען: אברהמל, ישראל יצחקס איידעם, אויך דער שווער — אַ חסידישער ייד, באַקאַנט געוועןביים נאָמען ישראל יצחק אַרזיכאָווער) ; יעקב דוד מילשטיין, אַ ייד אַ למדן (איטשע מאיר יעקילס איידעם) ; דוד וואַרשאַווסקי (מענדל קריסטאַלס איידעם). מ'האָט אים גערופן אין שטאָט דוד יאָרעס, אויף דער שוויגערס נאָמען ; איטשע שוואַרץ (משה פיעניקס איידעם) ; חיים אלעזר, יצחק אהרנס זון און איצל יאַנישעס איידעם א. א.

איך געדענק די צייט, ווען סעראָצק האָט נאָך געהאַט עטלעכע קאָצקער חסידים. וועגן בנימין קריסטאַל, געדענק איך בלויז זיין לוויה. ער איז געווען אַ קאָצקער חסיד (אַ ת״ח — דער נגיד פון שטאָט). אַן אַנדערער: משה יאָסל (לייבל לעווינערס שווער) און מאיר משה (מענדל וויערניקס ערשטער שווער — שפּעטער האָט מענדל וויערניק חתונה געהאַט מיט יאָרע קריסטאַל — די אַלמנה פון מענדל קריסטאַל). מענדל קריסטאַל האָט געהאַט אַלע מעלות פון זיין פאָטער בנימין — געווען אַ ת״ח, גערער חסיד און גביר.

דער זיידע זצ״ל, ר׳ יוסף אליעזר שוחט, איז געווען אַ יונגערמאַן אויף די קעסט־יאָרן ביי אַ חסידיש־נגידישן שווער אין סעראָצק, אַ שאַרפער יונגערמאַן, געפאָרן קיין אַלעקסאַנדער צום רבין ר׳ הענעך זצ״ל. ער איז אַ מאָל געפאָרן קיין אַלעקסאַנדער מיט דער מחשבה צו זיין דאָרט עטלעכע וואָכן, ווי ער האָט אַלע מאָל געטאָן. אַריינקומענדיק שלום נעמען, זאָגט צו אים דער רבי, ער זאָל פאָרן קיין ראַדזימין צו משה אברהמען און לערנען זיך שחיטה (דער משה אברהם איז געווען שוחט אין ראַדזימין, אויך אַ חסיד פון אַלעקסאַנדער) און געזעגנט. ער איז גלייך אַוועקגעפאָרן פון אַלעקסאַנדער קיין ראַדזימין מיט „אָקס" (קיין באַן איז אויף דער שטרעקע נאָך דעמאָלט נישט געווען) און מען האָט געמוזט דורכפאָרן סעראָצק און באַדאַרפט וואַרטן דאָרט אַן ערך פון 2 שעה ביז אַ וועגעלע וועט פאָרן קיין ראַדזימין. ער איז געשטאַנען אויפן שאָסיי און געוואַרט. דער שווער איז אַרויסגעקומען און אים געבעטן דערווייל אַריינגיין אין שטוב. האָט ער געענטפערט: „דער רבי האָט דאָך מיר געהייסן פאָרן קיין ראַדזימין, האָב איך נישט קיין רעכט אַריינגיין אין אַנדערע ערטער..."
אַריינקומענדיק אין ראַדזימין צו משה אברהם אין שטוב, זאָגט אים משה אברהם:

„יוסף אליעזר, איך האָב די מינוט געהאַט אַ פּאָסט־קאַרטל פון רבין וועגן דיר״, און נעמט גלייך אַרויס אַ חלף און לערנט אים. ערשט אין אַ האַלבע שעה אַרום הייסט ער אים זיך אַוועקזעצן און עפּעס טועם זיין. מחמת דער רבי האָט געשריבן וועגן לערנען, האָט מען פריער נישט געקענט רעדן, ביזן אָנהייבן צו לערנען.

נאָך צוויי חדשים זיצן אין ראַדזימין, זאָגט צו אים משה אברהם, אַז ער קען שוין שחיטה. אויף זיין בקשה צו באַקומען אַ תעודה, אַז ער קען — זאָגט אים משה אברהם, אַז „דער רבי האָט נאָר געשריבן וועגן לערנען, אָבער נישט דערמאָנט וועגן געבן אַ תעודה״, און געהייסן פאָרן צוריק צום רבין און זאָגן: „דער שוחט האָט באַשטעטיקט, אַז ער קען שוין״.

ער איז גלייך אַוועקגעפאָרן צוריק קיין אַלעקסאַנדער. דורכפאָרנדיק סעראָצק, האָט זיך ווידער אָפּגעשפּילט די זעלבע געשיכטע, וואָס פריער דערמאָנט. געקומען צום רבין אוןביים שלום געבן, האָט ער אים געזאָגט דאָס וואָס משה אברהם האָט געהייסן, לא פחות ולא יותר. דער רבי האָט גאָרנישט געענטפערט. שבת האָט אים דער רבי שטאַרק מכבד געווען, אויף וואָס דער עולם האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט. מוצאי־שבת האָט דער רבי געשיקט אים רופן. אַריינקומענדיק זאָגט דער רבי צו אים: „פאָר אַהיים און ווער אַ שוחט אין סעראָצק״, און האָט אים גלייך געזעגנט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן ענין, אָבער אַז דער רבי הייסט פאָרן — פאָרט מען. דאָס מאָל איז ער שוין, קומענדיק קיין סעראָצק, גלייך געגאַנגען צו זיך אַהיים, ווייל דער רבי האָט דאָך געזאָגט „פאָר אַהיים״. אין שטוב האָט ער שוין געהערט די בשׂורה, אַז מיט צוויי וואָכן פריער איז איין שוחט פּלוצלינג נפטר געוואָרן. צו מאָרגנס פרי נאָכן דאַווענען, איז ער אַריינ־געגאַנגען צום רב און דערציילט די גאַנצע מעשה מתחילה ועד סוף, אַזוי ווי דאָס איז געשען. דער רב האָט נישט געענטפערט קיין איינציק וואָרט, נאָר גלייך גענומען סתם עפּעס אַ שטיקל פּאַפּיר און האָט מיט זיין גענדזענער פעדער (דער רב זצ״ל האָט זיין גאַנץ לעבן געשריבן מיט אַ גענדזענער פעדער), גלייך אָנגעשריבן, אַז ער נעמט אים אויף פאַר שוחט ראשון אין סעראָצק און וועט ביינאַכט מיטפאָרן צו דער ערשטער שחיטה.

דער בית־השחיטה איז געווען צוויי ווי־אָרסט פון שטאָט אין אַ דערפל וויערביצע. זאָגט אים דער זיידע, אַז ער האָט נאָך אַפילו נישט קיין חלפים. הייסט ער אים גיין אַהיים, עסן אָנבייסן און קומען באַלד צוריק. צוריקקומענדיק גיט אים דער רב אַ פּעקל און זאָגט, אַז דאָ זענען די חלפים מיט שטיינער און ער וועט דאַרפן באַצאָלן וויפל ער וועט מיט דער אלמנה פון שוחט אָפּמאַכן, ווייל קיין פּרייז איז נאָך מיט איר נישט געמאַכט. ער איז גלייך געגאַנגען,

געמאַכט די חלפים אין אָרדענונג. ביינאַכט איז געגאַנגען דער רב מיטן ויידן אין בית־השחיטה און אַלע חסידים פון שטעטל זענען מיטגעגאַנגען. אין אַלעק־סאַנדער שטיבל איז נאָך דער שחיטה געווען אַ גרויסע סעודה. דער רב און פאַרשידענע בעלי־בתים פון שטאָט זענען אויך געווען, און יוסף אליעזר איז געוואָרן סעראַצקער שוחט. אַ וואָך שפּעטער גייט ער אַריין צום רב און דערמאָנט אים, אַז ער האָט נאָך נישט קיין תעודה און בעט אַ קבלה (אַזוי רופט מען די תעודה פון אַ שוחט). ענטפערט ער אים: „דער רבי האָט דיך געשיקט ווערן אַ שוחט און דאָס האָב איך געטאָן, נאָר וועגן אַ קבלה האָט דער רבי צו מיר נישט געשיקט".

אַ יאָר שפּעטער איז דער רבי זצ"ל פון אַלעקסאַנדער געפאָרן קיין פולטוסק אויף אַ חתונה און איז דורכגעפאָרן סעראַצק, ווו ער איז געבליבן איבער נאַכט. דעמאָלט איז געווען אַ סעודה, אויף וועלכער די גאַנצע שטאָט איז געווען. נאָך דער סעודה האָט דער רבי געזאָגט, אַז ער וואָלט געוואָלט, אַז דער ויידע זאָל שחטן אַן עוף, וועלכעס ער וויל מיטנעמען מיט זיך. מ'האָט באַלד געבראַכט צוויי ווייסע הענער און דער ויידע האָט אים געוויזן דעם חלף. ער האָט גענומען דעם חלף, אַ קוק געטאָן און אים גלייך צוריקגעגעבן און געהייסן שחטן. דער רבי האָט מכסה געווען דאָס בלוט, געהייסן געבן פּאַפּיר און אַליין די הענער איינגעפּאַקט, נישט לאָזנדיק קיינעם צוהעלפן און האָט בשעת מעשה געזאָגט בקול רם: „איר זאָלט וויסן יידן, עס איז אַ מצוה צו עסן פון דעם יונגערמאַנס שחיטה". אין דער פרי איז דער רבי אַוועקגעפאָרן קיין פולטוסק. די גאַנצע שטאָט האָט אים באַגלייט ביז וויט אונטערן שטאָט. אַלע יידישע בעלי־עגלות: יעקעלע זעלדעס און איטשע בערל מיט זייערע בריטשקעס, פייוול משה האַנצעס (הענעך פּאַסקאָוויטשעס שווער), וועלכער איז געווען אַ חסידישער ייד און געהאַט פערד און וועגן און פלעגט פאָרן קיין וואַרשע נאָך סחורות, משה דידאַק און משה מרגליות, זענען אַרויסגעפאָרן מיט זייערע דראָבניאַסטע וועגענער און האָבן געפירט דעם סעראַצקער עולם קיין פולטוסק פריי.

דער ויידע איז אין שטאָט שטאַרק רעספּעקטירט געוואָרן. די חסידישע יידן האָבן אים געהאַלטן האַלב ווי בחינת רבי, דער רעשט עולם האָט ממש פאַר אים מורא געהאַט.

דער אַנדערער שוחט איז געווען נחמן שוחט, אַ חסיד פון פילעוו, אויך אַ גרויסער תלמיד־חכם, און אויך זייער רעספּעקטירט געוואָרן אין שטאָט. נחמן שוחט האָט פאַרן ויידן שטאַרק דרך־ארץ געהאַט.

צוויי יאָר שפּעטער איז דער רבי פון אַלעקסאַנדער נפטר געוואָרן. צו יענער

צייט איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון פולטוסק צום זיידן, ער זאָל ווערן שוחט ראשון אין פולטוסק, דאָס האָט געמיינט טאָפּל געלט און כבוד. האָט דער זיידע די דעלעגאַציע זייער שיין אויפגענומען, געמאַכט פאַר זיי אַ סעודה און נאָך דער סעודה זיי געזאָגט, אַז פאָרן מיט זיי קאָן ער נישט, ווייל דער רבי, זכרונו לברכה, האָט מיר געזאָגט: „פאַר אַהיים און ווער סעראַצקער שוחט". אַזוי ווי דער רבי איז נישטאָ מער, קאָן קיינער נישט משנה זיין, און איך בין נאָר אַ שוחט פאַר סעראַצק. מיט יאָרן שפּעטער, דער זיידע איז שוין אַלט געווען איבער 50 יאָר, איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען די שרעקלעכע מגיפה (כאָלערע). מענטשן זענען אומגעקומען ווי פליגן. ווען די שלאָפקייט האָט געכאַפּט, איז אין פאַרלויף פון געציילטע שעהן, אָדער העכסטנס אַ טאָג, געשטאָרבן רח"ל. נחמן שוחט איז אַוועקגעפאַלן און דעם צווייטן טאָג ל"ע געשטאָרבן. דער זיידע איז אַהיימגעקומען פון דער לויה און האָט געשיקט רופן די דאָזאָרעס און זיי געהייסן זיך נעמען אַנדערע צוויי שוחטים, ווייל ער איז אויך נישט מער קיין שוחט. גלייך נאָך דעם האָט ער זיך געלייגט אין בעט אַריין און איז נישט געזונט געוואָרן. דער דאָקטאָר איז געקומען און האָט געזאָגט, אַז עס איז גאָרנישט. אָבער ער האָט צוזאַמענגערופן די קינדער און זיי פאַרשידנס אָנגעזאָגט, צווישן אַנדערן אויך, אַז קיינער פון זיי זאָל נישט ווערן קיין שוחט. אויפן דריטן טאָג איז ער נפטר געוואָרן. אין שטאָט איז געווען חושך. ביז נאָך די שלושים האָט מען אַפילו נישט גערעדט וועגן נייע שוחטים. דערנאָך זענען אויפגענומען געוואָרן רפאל און חיים שלמה.

פון זיידנס קינדער האָבן אין סעראַצק געלעבט: אַן איידעם (מיין פאָטער ז"ל) און אַ זון, וועלכער איז געווען אַ באַרימטער מוהל. ביידע האָבן געהייסן איטשע מאיר.

## פרומע יידן

דער רוב יידן אין סעראַצק זענען געווען פרום. אַ פרייער האָט געהייסן אין שטעטל איינער וואָס האָט זיך שוין דערלויבט צופוצן אַ ביסל די באָרד, אָבער כמעט קיין ייד האָט נישט פאַרפעלט אַ טאָג אין בית־המדרש צום דאַווענען. מ'קאָן זאָגן, אַז דאָס מין „עם־הארץ" איז נישט געווען, צוליב די חברות, וואָס האָבן געלערנט אין בית־המדרש בין מנחה למעריב חיי אדם, עין יעקב, משניות, תהילים. יעדער פשוטער ייד האָט געהאַט ליב און דרך־ארץ פאַר תורה. פשוטע יידן האָבן אָפּגעשפּאָרט פונעם ביסן פון מויל און געצאָלט גרויסע געלטער

גרעסערע מלמדים שכר־לימוד, כדי זייערע קינדער זאָלן ווערן בני־תורה.

ס'איז געווען אַ ייד אברהם־יעקל קאָוואַל. איין זון זיינער, יהושע, איז געווען אַ שאַרפער תלמיד־חכם, האָט חתונה געהאַט פון פולטוסק. פון סעראָצק פלעגט מען אַוועקשיקן קינדער אין דער פרעמד לערנען אין ישיבות. עס זענען געווען אַ סך יונגעלייט קעסט־קינדער און פיל בחורים תלמידי־חכמים: זיי האָבן געלערנט שעורים מיט די ייִנגערע בחורים. די יונגע, וואָס זענען אַריינגעקומען אין בית־המדרש, האָבן שוין געלערנט פאַר זיך גמרא מיט תוספות, ווייל פריער איז מען נישט אַרויסגעגאַנגען פון חדר. עס זענען געווען קצבים בני־תורה, צ. ב.: משה קאָזאַק־ווײַנבערג. מ'האָט גערופן די גאַנצע משפחה קאָזאַק, ווייל זייער פאָטער, דער אַלטער יאָסל קאָזאַק, איז געווען אַ קאַנטאָניסט. אַלס קינד האָט מען אים געכאַפּט און פאַרשיקט ערגעץ אין רוסלאַנד ווו ער האָט געדינט 25 יאָר און איז אַהיים געקומען אַ ייד. ער האָט דערצויגן אַ דור קינדער, וועלכע זענען געווען ערלעכע יידן: משה, אַ תלמיד־חכם, איז געווען איינער פון זיי און ער האָט געהאַט 2 זין: יצחק מאיר און מאָטעלע — ביידע שיינע לומדים.

אַזעלכע טיפּן זענען געווען אַ סך.

געווען אַ ייד יעקל שניידער, וועמען דער אַלטער רב זצ"ל האָט געהייסן מאַכן דעם ארון אין זיין קבר פון דעם טיש, אויף וועלכן ער פלעגט צושניידן די מלבושים, וואָס ער האָט גענייט. דער רב האָט אויף אים עדות געזאָגט, אַז ער האָט נישט געטאָן קיין שטאָך אָן תהילים, און ביי אים איז קיין מאָל נישט געבליבן קיין פיצל פרעמדע סחורות. ס'איז נישט געווען קיין שבת אָדער יום־טוב אָן אַן אורח.

געווען איז אויך מענדל באַבעק, אַ ייד אַן אויסנאַם: ביז נאָך זיין חתונה איז ער געווען אַ גאָר פשוטער מענטש. ער האָט גענומען פאַר זיך אַ רבי, ר' שלמה פסח מלמד (רפאל שוחטס פאָטער), אַ גרויסער למדן און אַ חסידישער ייד. מענדל האָט אָנגעהויבן ווי אַ חדר־ייִנגל: חומש־רש"י, משניות, און אַפילו ווען ער האָט שוין געקענט לערנען פאַר זיך אַ פרק משניות, האָט ער אַלץ געהאַלטן דעם רבין — ביז ער האָט געקענט ששה סדרי משנה אויסנווייניק. מענדל באבעק איז געווען מיין מוסר־ספר: איך האָב געוווינט מיט אים איבער דער וואַנט. ליגנדיק אין בעט פאַרטאָג, האָב איך שוין געהערט מענדלען לערנען, האָט עס מיך אַרויסגעטריבן פון בעט. אַ סך בלעטער גמרא האָב איך צו פאַרדאַנקען מענדלס משניות. ער האָט געהאַט איין טאָכטער און גענומען אַן איידעם אַ בן־תורה פון נאַשעלסק און געגעבן עטלעכע יאָר קעסט בכבוד גדול, זיין דרך־ארץ פאַר אַ בן־תורה איז גאָר נישט געווען אָפּצושאַצן.

געווען אַ ייד ישראל יצחק סטאָלער, ער האָט געהאַט אַ זון אַ תלמיד־חכם, וועלכער האָט צוזאַמען מיט מיר געלערנט אַ שיעור ביים רב זצ״ל; משה דבורה יערילס, אַ בעקער, האָט געהאַט צוויי זין, איינער, רפאל, אַ מופלג גדול און משה — אויך אַ בן־תורה.

אַ סך סעראַצקער יידן האָבן זייערע קינדער דערצויגן אַלס בעלי־מלאכות. יעדער פּשוטער ייד האָט געהאַלטן די קינדער אין חדר אָדער אין תלמוד־תורה און דערנאָך אָנגעהויבן לערנען אַ מלאכה. אַ גרויסער טייל האָט געהאַט קינדער תלמידי־חכמים. ס'איז כדאי צו דערמאָנען אַ ייד, וואָס האָט געוווינט אין זעלבן הויף ווי מיינע עלטערן ז״ל. גערופן האָט מען אים הערש מאיר קאָזאַק (דער ריכטיקער נאָמען — וויינבערג), אַ זון פון יאָסל קאָזאַק. זיין פּרנסה איז געווען אַ וואַסער־פירער אויף אַ וועגעלע מיט 2 רעדער מיט אַ גרויס פאַס — צוגעשמידט, און אַ פערדל, וואָס האָט זיכער, חוץ מאַנטיק און דאָנערשטיק, אויך געמוזט פאַסטן אַלע אָפּיציעלע תעניתים. דעם יידס פּרנסה האָט מען געקאָנט שאַצן העכסטנס 3 רובל אַ וואָך, — עס רעדט זיך פון דער צייט ווען פּוילן איז געווען אונטער רוסלאַנד. זיין יינגל — אברהם נתן — האָט ער געהאַלטן ביי ישראל־זעליג מלמד און געצאָלט אַ רובל מיט 20 קאָפּיקעס אַ וואָך שכר־לימוד, און מיט דעם רעשט האָט מען באַדאַרפט לעבן.

מיין מוטער ז״ל, איז אַ מאָל אַריינגעקומען אין שטוב און האָט שרעקלעך געוויינט, און ווען מיין פאָטער ז״ל האָט זיך דערשראָקן און אַ פרעג געטאָן: „וואָס האָט פּאַסירט”, האָט זי נאָך מיט מער יאָמער און געוויין געזאָגט, אַז זי איז געווען אין הויף און געהערט ווי די מומע בינע האָט געזאָגט צום מאַן, ער זאָל זיך וואַשן און גיין עסן, און זי האָט זיך דאַביי אַנטשולדיקט פאַר אים, אַז ברויט האָט זי נישט מער ווי דאָס שטיקל, אָבער זי האָט נאָך געהאַט אין שטוב עטלעכע קאַרטאָפל, האָט זי עס געמאַכט מיט אַ ביסל רייזשעכץ. פרעגט זי דער מאַן, אויב אברהם נתן האָט שוין געגעסן? זאָגט זי, אַז נישט, ווייל ער איז נאָך נישטאָ פון חדר. זאָגט ער דעמאָלט, אַז זי זאָל אים געבן נאָר צוויי קאַרטאָפל און דאָס ברויט זאָל בלייבן פאַר זיין זון אברהם נתן, ווייל ער זיצט אַ גאַנצן טאָג און לערנט און מוז האָבן כוח.

און דאָ האָט זי זיך ערשט ווידער צעוויינט און געשריגן אויף מיין פאָטער: „אַזאַ אָרעמקייט ביי אונדז אין הויף און מיר ווייסן גאָרנישט. וואָס איז פון זיצן און לערנען, אַז אַזעלכעס קען פּאַסירן ביי דער צווייטער טיר, אין זעלבן הויף”.

זייער זון, אברהם נתן, איז טאַקע געוואָרן אַ תלמיד־חכם. אין יאָר 1910

האָט ער באַדאַרפט שטיין צום פּריזיוו. ער איז אַוועק קיין לאָנדאָן און איז געוואָרן אַ „מאַשינער", ד. ה. אַ שטיקל שניידער. אברהם נתן, אין זיינע 53 יאָר אין לאָנדאָן, האָט נאָך נישט פאַרפעלט אַ טאָג אָן אַ בלאַט גמרא, אָדער אַ תפילה בציבור און איז געבליבן אַן אמתער חסידישער ייד.

## מלמדים

די מלמדים זענען געווען אַלע בני תורה — אַפילו די דרדקי־מלמדים. די דרדקי־מלמדים אברהם לייב און יהושע מערלע האָבן געלערנט דאַוונען, לייענען און אַנהויב חומש. פאַר עלטערע קינדער, וואָס האָבן געלערנט חומש מיט רש"י און אַ בלאַט גמרא אָן מפרשים, זענען געווען די מלמדים חיים יונה, יוסף שמעיהס, דוד איציקס און אפרים סאנדלער ז"ל.

די גרעסטע מלמדים זענען געווען ישראל זעליג, יוסף מענדלס, יעקב הירש א. א. זייער שיטה איז געווען ווי אין אַ ישיבה: יוסף מענדלס האָט געלערנט גמרא מיט תוספות און אַ שיעור יעדע צוויי וואָכן. נאָך יוסף מענדלס חדר איז אַ יינגל אַריין צו ישראל־זעליגן, אָדער צו יעקב הערשן. דאָרט האָט מען שוין געלערנט יעדע וואָך אַ שיעור בעיון מיט אַלע מפרשים. אין די חדרים האָט מען געלערנט ביז 14—15 יאָר.

נאָכדעם ווען מען האָט געקענט לערנען פאַר זיך גמרא, תוספות און פוסקים, איז מען אַריין אין גערער שטיבל און געלערנט צוזאַמען מיט די בחורים און יונגעלייט.

חיים קאַפּעטש
(בוענאָס־איירעס)

# דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן

אויפן רעכטן ברעג פון טייך, דאָרט ווו ס׳פאַראייניקט זיך דער בוג מיט דעם נאַרעוו און גיסן זיך צוזאַמען אין דער ווייסל און דראָען שוין דורכצומאַכן דעם וועג ביזן באַלטישן ים, אָט דאָרט אויפן הויכן באַרגיקן ברעג האָט זיך אויסגעלייגט אונדזער שטעטעלע סעראָצק. נידריקע הייזקעס, זעלטן ווו אַ צוויי שטאָקיקע מויער, אַ פּירעקיקער מאַרק, פון וועמענס ווינקלען עס צעגייען זיך אין אַלע ריכטונגען באַוווינטע און נישט באַוווינטע געסלעך און אַ שאָסיי מיט שטיבלעך און קלייטלעך פון ביידע זייטן, וואָס קומט פון ערגעץ און גייט אַוועק אין ערגעץ... ביים אַריינפאָר אַ צמענטאַר און ביים אַרויספאָר אַ בית־עולם, אָפּהענגיק פון וועלכער זייט מ׳קומט אָן. אָט, אויף דעם שטח פון וואַסער, בית־עולמס און ברייטע צעאַקערטע פעלדער און בלי׳ענדיקע סעדער האָבן זיך אין משך פון יאָרהונדערטער אויסגעלעבט און אויסגעשטאָרבן גאַנצע דורות יידן און קריסטן.

אַמאָל, גאָר אַמאָל, ווען ס׳זענען קיין באַנען און שאָסייען נאָך נישט געווען, האָט, ווי ס׳פּלעגן דערציילן אַלטע לייט, אונדזער שטעטל געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אינעם קאָמוניקאַציע־וועזן אין לאַנד. עס איז נעמלעך געווען אַ סטאַנציע־פּונקט פאַר די בערלינקעס, שיפן און טראַטוועס, וואָס זענען געקומען מיט די טייכן בוג און נאַרעוו און געפירט געהילץ, תבואות און פאַרשידענע אַנדערע סחורות אויף די אייראָפּעי׳שע מערק. דאָ איז געווען זייער לעצטע סטאַנציע, איידער זיי זענען אַרויף אויף דער ווייסל, וואָס האָט זיי שוין געפירט דירעקט קיין דאַנציג. דאָ האָט מען אויך איבערגעקוקט און איבערקאָנטראָלירט די סחורות, געשאַצט און געמאָסטן, געקויפט און איבערפאַרקויפט, געחשבונט פאַרדינסט און היזקות. אין שטעטל זענען דעריבער שטענדיק געווען געסט: סוחרים, מעקלערס, מעסטער, שאַצער און מבינים.

דאָס אַלץ זאָל האָבן געווען אַמאָל, אַמאָל. אָבער דאָס צוואַנציקסטע יאָר־הונדערט האָט געטראָפן אונדזער שטעטעלע אַ יורד — אַן איינגעשרומפּנס, אַן אָרעמס, אויסזיכטלאָז, אַן אַ היינט און אָן אַ מאָרגן. די שטורמישע און ברויזנדיקע געשעענישן ווי מלחמות, פּאָגראָמען, שטרייקן און רעוואָלוציעס האָבן זיך אויך

אַנגעשלאָגן אינעם פאַרשטיינערטן און האַלב פאַרשלאָפענעם לעבנס־שטייגער פונעם שטעטלדיקן ישוב.

ביי אונדז קינדער פון יענער צייט איז געבליבן אין זכרון אומבאַשטימטע, אומקלאָרע פאַרשטעלונגען וועגן די געשעענישן און פּאַסירונגען, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, אָבער זיי זענען דעמאָלט געווען איבער אונדזערע כוחות צו פאַרשטיין און באַנעמען. איצט טויכן אויף אָפּגעריסענע און מטושטשע עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט פון יענער שטורמישער צייט: די רוסיש יאַפּאַנישע מלחמה, שטרייקן, קישעניעווער פּאָגראָם, ברוך שולמאַנס אַטענטאַט אויפן וואַר־שעווער גובערנאַטאָר. די לידלעך וועגן די געשעענישן און העלדן האָבן פון די וואַרשעווער הייף זיך אויך איבערגעטראָגן אינעם שטעטל און געזונגען געוואָרן. ס'האָבן זיך אויך אַרויסגעהויבן אייגענע העלדן: אַרעלע רעוואָלוציאָנער האָט געמוזט עוקר זיין קיין אַמעריקע, ווי אויך זעלבסמאָרדן צוליב פּאָליטישע טעמים — אַ מיידל האָט זיך געסמט, אַן אַפּטייקערס זון האָט זיך דערשאָסן, און נאָך אַזעלכע אָדער וויניקער וויכטיקע געשעענישן, ווי אייגענע מחלוקת וועגן שוחטים און סתם מחלוקתן.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט זיין גרוילקייט און



**אַ יוגנט גרופּע**

פון רעכטס צו לינקס:
חיים וויינקראַנץ חיים קאַפּעטש, יאַנטשע קוזשניצקי, שמערל אַשנמיל, יעקב באַרנשטיין.

צעשטערערישקייט האָט אויך צוגעטראָגן זיין חלק אינעם לויז מאַכן די צוימען, וואָס האָבן יאָרן לאַנג געהאַלטן איינגעשפּאַרט די אומגעהויערע יוגנט־ענערגיע.

אַ טייל יוגנטלעכע האָבן זיך דאָ אין די נייע באַדינגונגען אַרומגעזען, אַז זיי זענען פּשוט אָדם־נאַקעט אָן שום צוגרייטונג צום טאָג־טעגלעכן לעבן און זייערע פּראָבלעמען, זיי האָבן זיך דעריבער געוואָרפן מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען אויף די ביכער, וואָס זיי האָבן געהאַט אונטער דער האַנט, כדי צו זוכן אַן אָנהאַלט, אַן אָנשפּאַר און אַ פאַרענטפערונג פאַר אַ סך פראַגן, וואָס דאָס לעבן האָט אַרויסגערוקט.

דעמאָלט איז געבוירן געוואָרן די ביבליאָטעק „פּראָגרעס". אויך פריער האָט עקזיסטירט אַ פּריוואַטע ביבליאָטעק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן ביכער קעגן קאַוציע און אַ געוויסן אָפּצאָל. מאָטל צוקערמאַן, אַ שניט־סוחר, וועלכער האָט געזוכט צו פאַרבעסערן זיין געשלאָגענע מערכה אין פּרנסה, האָט צוגעטראַכט דעם נעבן־פאַרדינסט. די דאָזיקע ביבליאָטעק איז נאָר געווען פאַר יחידים, פאַר בעסער סיטואירטע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געהאַט די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן און זענען געווען אַ ביסל אונטערן איינפלוס פון דער נאָענטער גרויסער שטאָט וואַרשע, אָבער צו דער גרויסער מאַסע יוגנטלעכע האָט עס נישט דערגרייכט.

די געגרינדעטע ביבליאָטעק „פּראָגרעס", ווי אַ געזעלשאַפטלעכע, האָט באַלד פון אָנהייב געזוכט דעם לייענער, וועלכער האָט אַרויסגעפילט, אַז ס'איז זיין ביבליאָטעק, צו וועלכער ער איז אַ מיט־שותף און דעריבער געזוכט זי צו אַנט־וויקלען. שווער צו געדענקען געניי ווען די ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן און אַלע נעמען פון די גרינדער. וואַרשיינלעך איז דאָס געווען אָנהייב 1915, און צווישן די גרינדער זיכער: שמערל אַשענמיל, אסתר לאה שליאַכטוס, אהרן קאָרנגאָלד. איך האָב די ביבליאָטעק געטראָפן הינטער דער שטאָט, אויפן וואַר־שעווער שאָסיי, צווישן קריסטן (קיין יידן האָבן דאָרט נישט געוווינט), אין איין צימער מיט די נייטיקע פּאָליצעס ביכער, אַ פּאָר בענקלעך און אַ טיש.

יעדן פרייטיק־צונאַכטס און שבת ביי טאָג האָט זיך די יוגנט פאַרזאַמלט, אויסגעזעצט זיך אַרום טיש, עפּעס פאָרגעלייענט פון אַ ביכל, אָדער געזונגען פאַרשידענע יידישע לידער, וואָס זענען דעמאָלט געווען אין דער מאָדע, געזונגען בציבור מיט האַרץ און געפיל און דער עיקר — מיט ברען.

דער עלטערער דור האָט געקעמפט ביי זיך אין דער היים מיט די אייגענע קינדער קעגן די נייע געזאַנג פון דער יוגנט, קעגן לייענען „טריף פסול" א. אַ. וו. איין מאָל פרייטיק־צונאַכטס האָט אַ מאָל געטראָפן אַז אַ פאָטער איז געקומען אין די ביבליאָטעק און אויסגעפּאַטשט זיין טאָכטער פאַר דער חוצפה צו זיצן און

זינגען לידער. אויף דער יוגנט האָט די געשעעניש געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג און מיט ליבע אַרומגערינגלט איר אינסטיטוציע און געהאָלפן דער ביבליאָטעק גיין פאָרויס.

דער צווייטער פעריאָד הייבט זיך אָן מיט אַרויסציִען זיך פון צימערל הינטער דער שטאָט און דאָס אַריינציִען זיך אין מאַרק ביי גלאָוואַצקען אין צוויי צימערן. די צימערן זעַנען געווען גרויסע — איינס פאַר דער ביבליאָטעק און דאָס צווייטע — אַ לייענזאַל, האָבן צוגעגעבן מער חשיבות און געהאָלפן אויסברייטערן די קולטור־טעטיקייטן פאַר דער יוגנט. די אינסטיטוציע האָט אָנגעהויבן אויך העלפן דער פאָלקס־קיך, וואָס האָט אויסגעטיילט דעמאָלט מיטאָגן פאַר דער אָרעמער און הונגעריקער באַפעלקערונג און געזאָרגט פאַר דער ראַציאָנעלער פאַרטיילונג פון די באַקומענע אַמעריקאַנער פראָדוקטן. אומגעפער אין דער צייט ווערט געמאַכט אַ פרווו צו גרינדן צוויי ציוניסטישע פאַראיינען: פאַר פרויען, אונטערן נאָמען „בנות ציון״ — מיט אסתר לאה שליאַכטוס, די שוועסטער קראָנגאָלד און דבורה גראַניעוויטש — בראש; פאַר מענער די „קדימה״, מיט אהרון קראָנגאָלד, צבי קליינמאַן א. אַ.ביידע פאַראיינען האָבן נישט געהאַט קיין אריכות־ימים אינעם יוגנטלעכן לעבן פון די פאָלקס־מאַסן.

עס זענען אויך געווען פרווון צו פאַרוואַנדלען די ביבליאָטעק „פראָגרעס״ אין אַ פאַרטייאישן צענטער, אָבער דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן.



די גרינדער פון דער ריאָן־צייטונג „אונדזער וואָרט״

די טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק האָט זיך קאָנצענטרירט אויף אַרויסגעבן ביכער אַהיים, פירן שמועסן אויף אַקטועלע טעמעס, קעסטל־אָוונטן, אָרגאַניזירן אַ דראַמ.־קרייז, און ס׳זענען אויך געווען פּרוּוון פון שאַפן אָוונט־קורסן און אַנדערע ענלעכע אינסטיטוציעס.

איינע פון די איניציאַטיוון איז געווען דאָס אַראָפּברענגען שרייבער אויף רעפעראַטן. דער ערשטער שרייבער און רעדנער, וועלכער איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן, איז געווען דער באַקאַנטער „מאָמענט"־מיטאַרבעטער הלל צייטלין. אויך דער אויסוואַל האָט גורם געווען אַ פּרוּוו צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד מצד די עקסטרעם־רעליגיעזע קרייזן. אָבער באַלד נאָך צייטלינס אַ באַזוך ביים אַלטן רב ר׳ יוסף לעווינשטיין און שמועסן מיט אים תורה, האָט זיך אויסגעווירקט לטובת דער יוגנט.

דער צווייטער רעדנער, וועמען די ביבליאָטעק האָט אַראָפּגעבראַכט, איז געווען יוסף העפטמאַן, אויך אַ מיטאַרבעטער אין „מאָמענט" (אונטערן פּסעוודאָנים עמנואל). אויך זיין באַזוך איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג, הן מאָראַליש, הן מאַטעריעל. און דאָ ווילט זיך דערציילן אַ קליינעם אַנעקדאָט: ביים געזעגענען זיך מיט אים, האָבן מיר געבעטן, אַז ער, העפטמאַן, זאָל אונדז איבערלאָזן אַ גוט וואָרט לעצט־געלט. נאָך אַ לאַנגער שקלא וטריא, האָט ער די לעצטע מינוט אַ זאָג געטאָן: פון היינט און ווייטער, לאָמיר שרייבן סעראָצק מיט אַ יוד. אַזוי „סיעראָצק" און וואָס וועט אין ראשי תיבות באַדייטן: „סעראָצק יוגנט עמאַנציפּירט, רופט אַלעמען צו קולטור". ביי פרייד־אויסרופן איז אונדזער גאַסט אַרויסבאַגלייט געוואָרן פון אונדז פול מיט ענטוזיאַזם אויף ווייטערדיקע דערפאָלגן.

אַ גרויס געשעעניש איז געווען אין שטעטל דאָס ערשטע מאָל טעאַטער שפּילן פון אייגענעם דראַמ.־קרייז. דאָס איז געשען אומגעפער אַרום סוף זיבנצנטן יאָר. שוין פון מיטן זומער אָן האָט דער דראַמ.־קרייז זיך געגרייט אויפצופירן אַ גאַנצע פּיעסע. ווען אַלץ איז שוין גרייט געווען, האָט געפעלט דער עיקר — אַ פּאַסיקער זאַל פאַר דער פאָרשטעלונג. נאָך לאַנגען אַרומזוכן איז געבליבן אויסנוצן אין די סוכות־טעג דעם לאָקאַל פון דער רעגירונגס־שול, ווו ס׳האָט געלערנט דער לערער חיים יורקעוויטש. דעם לערערס ערשטע באַוואָרעניש איז געווען, אַז דעם שליסל וועט ער איבערגעבן ערב־סוכות פאַרן אָפּפאָרן, ווען ער וועט שוין נישט מורא האָבן פאַר קיין אינספּעקציע. מ׳האָט געדאַרפט אַרויסנעמען די שול־בענק כדי צו מאַכן אַ בינע, שטעלן בענק פאַרן פּובליקום, שאַפן דעקאָראַציעס, אַ פאָרהאַנג און נאָך אַזעלכע זאַכן וואָס זענען דערצו נייטיק.

באַלד איז מאָביליזירט געוואָרן דער גאַנצער אַקטיוו. יעקב אריה סטאָליאַר

האָט מיט אַ פור געברענגט פון זיין וואַרשטאַט ברעטער, זיינע טישלער־מכשירים אין די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן. דער אויפטריט איז געווען באַשטימט אויף מוצאי יום־טוב פון די ערשטע טעג סוכות. און כאָטש ס׳איז געווען אויף דער גרענעץ, ווו ס׳האָבן געוווינט יידן, האָט זיך אָבער די נייעס, אַז מ׳וועט שפּילן טעאַטער, פאַרשפּרייט ווי אַ פונק, וואָס פאַלט אין טרוקענעם שטרוי. דעם 2טן טאָג סוכות ביים דאַוונען אין דער גרויסער שול, האָט דער שטענדיק רואיקער אין אַלטער רב געשיקט לאָזער שמש אויסרופן אַ חרם אויפן טעאַטער. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו גיין מיט אַ דעלעגאַציע צום רב און פועלן ביי אים, מ׳זאָל אָפּרופן דעם חרם.

אין דער דעלעגאַציע זענען אויסגעקליבן געוואָרן: דער שרייבער פון די שורות און שמעריל אַשנמיל. נאָך אַ סך טענהן מיטן רב, האָט ער מסכים געווען אָפּצורופן דעם חרם, כדי עס זאָל הערשן אין שטעטל דער שלום בית — נאָר אויב ער וועט זיין געצוווּנגען דערצו מצד דער אָפיציעלער מאַכט.

צום סוף האָט דער רב געשיקט לאָזער שמש און ביי מנחה אָפּגערופן דעם חרם. אָבער לאָזער שמש האָט אונדז צוגעגרייט אַ נייעם סיורפּריז: ער איז אַרויף אויפן בעלעמער און אויסגערופן, אַז ער איז מוסר מודעה אין נאָמען פון רב, אַז דער חרם בלייבט חרם, נאָר אַזוי ווי דער רב איז געצוווּנגען געוואָרן אים אָפּצורופן, רופט ער אים אָפּ. דער גורל פון דער טעאַטער־פאָרשטעלונג איז שוין געווען געחתמעט. די פאָרשטעלונג איז טאַקע פאָרגעקומען, אָבער פאַר בוך־

שטעבלעך ליידיקע בענק. דאָס פּובליקום איז באַשטאַנען ס׳רוב פון די, וועלכע האָבן זיך ביים טעאַטער געפּאַרעט.

אָט אַזוי, און מיט אַזעלכע, אָדער אַנדערע געשעענישן, האָט דאָס שטעטל און די יוגנט פון שטעטל אויסגעלעבט זיך און אויסגעפּילט די צייט ביז נאָוועמבער 1918, ווען די דייטש־עסטרייכישע אַרמייען האָבן פאַרלאָזט דאָס אָקופּירטע פּוילן, און ס׳איז דאַן אַנטשטאַנען די פּוילישע זעלבסטשטענדיקע מלוכה.

שוין אין יענעם חודש נאָוועמבער, ווען די נייע מלוכה האָט אָנגעהויבן שטעלן די ערשטע טריט, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטל אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער יידישער יוגנט אין די פּוילישע שטעטלעך. אויב ביז איצט איז דער קאַמפּס־פראָנט געווען אויף דער ליניע פון אַריינברענגען וועלטלעכקייט און קולטור אין דער אייגענער סביבה, האָט זיך מיטן אַנטשטיין פון אַ זעלבסט־שטענדיק פּוילן, אויפגעעפנט אַ נייער פראָנט: אַ קאַמף פאַרן רעכט פון די יידישע בירגער צו עקזיסטירן און לעבן געזעלשאַפטלעך, קולטורעל, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש.

די יוגנט אין אונדזער שטעטעלע איז, מער ווייניק, צו יענער צייט געווען צוגעגרייט צו דעם קאַמף. געווען איז דאָס סוף נאָוועמבער, אָנהייב דעצעמבער, ווען ס׳איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינער טרויער־טאָג, אַלס פּראָטעסט צוליב דעם ערשטן פּאָגראָם, וואָס די ניי אָרגאַניזירטע פּוילישע אַרמיי האָט דורכ־געפירט ביי איר ערשטן אַריינמאַרש אין דער שטאָט לעמבערג.

אין געציילטע שעהן האָט זיך די יוגנט אָרגאַניזירט און מאָביליזירט, גרייטנדיק זיך אויף יעטוועדער עווענטואַליטעט. די גרויסע שול מיטן אָרון־קודש זענען אויסדעקאָרירט געוואָרן מיט שוואַרצן און ווייסן קרעפּ־פּאַפּיר, וואָס איז פאַר דעם צוועק ספּעציעל אַראָפּגעברענגט געוואָרן פון וואַרשע. דער אַריינ־גאַנג אין שול פון דער גאַס איז געוואָרן באַצירט מיט צוויי גרויסע פענער פון שוואַרץ־ווייס־קרעפּ, און די יוגנט, מיט עטלעכע פאַרביקע בענדער אויף די אָרבל און בלימעלעך אין די לאַצן, האָט געהיטן סיי דעם אַריינגאַנג אין שול און סיי די גאַסן אַרום. אַנדערע גרופּעס יוגנטלעכע זענען אַרויס איבער דער שטאָט, אַז די יידן זאָלן פאַרמאַכן די קלייטן און גיין אויף דעם צענטראַלן קאָנצענ־טראַציע־פּונקט אין שול, בלייבנדיק אַליין אין גאַס אויף אויסצוהיטן פון אַ וועלכע ס׳איז רעאַקציע מצד דער פּויליש־אַנטיסעמיטישער באַפעלקערונג.

וואַרשיינלעך, אַז די קאָנצענטראַציע, דאָס פאַרמאַכן די קלייטן „אין מיטן אַ מיטוואָך״, און דאָס פּרעזענטירן זיך פון דער יוגנט אין גאַס אויף אַן אָרגאַ־ניזירטן אופן, האָט געמאַכט דעם געוווּנטשענעם עפעקט: דער קריסטלעכער



**אַ יוגנט גרופּע**

זיצן אין דער ערשטער ריי פון רעכטס צו לינקס:
**יוסף פיינבוים, גבריאל גאל, שלמה אָסטראָווסקי, פייוויל באראב, פּיעניק**
**צווייטע ריי: טעמע שטעלאַנג, חוה שטעלאַנג**
**דאָס בילד אין די רעם איז פון וואָלף גערווער ז״ל.**

עלעמענט האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן, געלאָפן צו דער פּאָליציי, איבערגעשראָקענע פּאָליציאַנטן האָבן זיך באַוויזן אין גאַס און ס׳איז אויף גיך אַרויסגערופן געוואָרן פאַרשטאַרקונגען פון דעם לעגיאָנען רעזערוו, וואָס איז איינגעשטאַנען אין זעגזשע. געווען אויך אַ פּרווו מצד דער אָפיציעלער מאַכט אָנצושרעקן אייניקע קרעמער, זיי זאָלן עפענען זייערע קלייטן, אָבער די וואַכזאַמקייט פון דער יוגנט און די אַלגעמיינע פּראָטעסט־שטימונג וואָס האָט באַהערשט די סביבה, האָט צונישט געמאַכט אַלע פּרווון פון קעגן־אַקציעס. דער פּראָטעסט־טאָג איז טאַקע אַריבער רויִק, אָבער די יוגנט האָט איבערגעלאָזט אַן אויסערגעוויינלעכן רושם, און אָט דער פאַרדינסט דאַרף צוגעשריבן ווערן אויפן חשבון פון דער יוגנט־ביבליאָטעק „פּראָגרעס״.

צו יענער צייט האָט די ביבליאָטעק „פּראָגרעס״, מיט איר טיילווייז צעצווייגטע, פאַר יענער צייט, טעטיקייט, אָנגעהויבן צו פילן אַן ענגשאַפט אין אירן צוויי צימערן ביי גלאָוואַצקין; זי האָט זיך שוין געניייטיקט אויך אין אַ זאַל מיט אַ בינע פאַר דער טעטיקייט פון דראַמ.־קרייז ווו ס׳זאָלן אויך קאָנען אָפּטער פאָרקומען רעפעראַטן און אַנדערע טעטיקייטן. אַזאַ דירה האָט זיך אָפּגעפונען

אין שכנות ביי וואלאשן — אַ גאַנצער שטאָק איז געדונגען געוואָרן. לויט אַן אָפּמאַך מיטן באַלעבאָס, זענען אַרויסגענומען געוואָרן ווענט און ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ גרויסער זאַל מיט אַ בינע, אַ צימער פאַר דער ביבליאָטעק א. אַ. וו.

מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט האָבן זיך די פאַראינטערעסירטע בחורים און מיידלעך געוואָרפן צו דער אַרבעט און אָוועקגעגעבן אַלע פרייע שעהען אויף צו מאַכן מעבל, מאָלן די ווענט, וואַשן, קערן, באַפּוצן און שענער מאַכן דעם אייגענעם לאָקאַל.

ביים מאָלן די ווענט און די בינע האָט זיך אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט דאָס שוסטער־ייִנגל, חיים מינץ — ווי אַ פעיִקער צייכענער און מאָלער, און ביים טעאַטער שפּילן, לייבל בלומבערג — ווי אַ פיינער קאָמיקער מיט געלונגענע איינפאַלן. די אַלע זענען פאַרשוווּנדן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

אין דער צווישן־צייט האָט די ניי אַנטשטאַנענע פּוילישע מלוכה אָנגעהויבן פאָרמירן איר גרויסע אַרמיי, צוריק אומצוקערן פּוילן איר רום פון אַמאָל אין צענטער פון אייראָפּע און פאַרווירקלעכן פּילסודסקיס גרויסקייט־מאַניע פון שאַפן אַ פּוילן „אָד מאָזשאַ דאָ מאָזשאַ". די יוגנט, פון 20 ביז 26 יאָר אַלט, איז גערופן געוואָרן צום מיליטער. כאָטש דאָס האָט אָפּגעצויגן פיל יונגע לייט, איז די טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק נישט געוואָרן אָפּגעשטעלט. ערשט ווען די באָל־שעוויסטישע אַרמיי איז אין איר מאַרש דערגאַנגען ביז די טויערן פון וואַרשע, איז די ביבליאָטעק רעקווירירט געוואָרן איינצוקוואַרטירן מיליטער אין דעם לאָקאַל. די ביכער זענען ווי אומנוצלעכע זאַכן אַרויסגעשליידערט געוואָרן אויף דער גאַס, און דאָס מעבל דעמאָלירט. אַ טייל האָט די געטרייע יוגנט אין שטעטל באַוויזן צו ראַטעווען. ס'זענען דעמאָלט געוואָרן אַרעסטירט שמערל אשענמיל, מלך פּיעניק, מאָטל וויערניק און ישראל קאָהן, און אַוועקגעשיקט קיין דאָמביע־פּיאַסקי, לעבן קראָקע, ווו ס'האָט עקזיסטירט אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר פּאָליטישע פאַרברעכער. אגב, האָט אויסער שמערל אַשענמיל, קיינער פון די איבריקע כמעט אָדער לחלוטין נישט געהאַט קיין שום שייכות צום געזעל־שאַפטלעכן לעבן אין שטעטל, נישט קולטורעל און נישט פּאָליטיש.

צוויי וואָכן שפּעטער, ווען די פּוילישע אַרמיי האָט צוריק אָפּגענומען אונדזער שטעטל, האָט דער שרייבער פון די שורות, (דעמאָלט געדינט אין מיליטער אין נאָענטע שכנות פון שטעטל), זיך אַראָפּגעכאַפּט אַהיים און, געפונענדיק דעם חורבן, געגאַנגען צוזאַמען מיט ביילע פּיעניק צוויי טעג פון שטוב צו שטוב און צונויפגעשלעפּט, וואָס ס'האָט זיך געלאָזט, כדי צו דערמעגלעכן שפּעטער

ווידער צו עפענען די ביבליאָטעק. אָבער מער האָט די פּאָליציי און אַדמיניס־טראַטיווע מאַכט נישט דערלויבט זי ווידער צו עפענען.

אין פעברואַר 1922, ווען איך האָב מיך אומגעקערט אַהיים פון מיליטער־דינסט, האָב איך שוין געפונען עקזיסטירן אַ נייע יידישע אינסטיטוציע אונטערן נאָמען „פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון אומפאַכאַווע אַרבעטער", וואָס האָט איר צענטראַלע אין וואַרשע און איז געווען אַ פּראָדוקט פון די רעכטע „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי. צו אונדז אין שטעטל האָט דער נאָמען פאַרבלאָנדזשעט פּשוט צוליב דעם, ווייל דאָס איז געווען איינער פון די לעגאַלע וועגן צו קאָנען עפענען אַ לאָקאַל מיט אַ ביבליאָטעק פאַר דער יוגנט. דער פּראָפ. פאַראיין האָט געהאַט זיין לאָקאַל אויפן שאָסיי ביי ביילע מערקער און איז געווען דער זאַמלפּונקט פון דער אַרבעטנדיקער יוגנט, סיי פון די וואָס האָבן געאַרבעט אין שטעטל אַלס שניידער, שוסטער, קאָמאַשנמאַכער און סטאָליאַרעס, און סיי פון די, וואָס האָבן געאַרבעט אַ גאַנצע וואָך אין וואַרשע ביי פאַרשידענע באַשעפטיקונגען און פלעגן אויף יעדן שבת קומען אַהיים.

אין שטעטל האָט זיך דאַן געפילט דער מאַנגל אין אַ פאַראיין, וואָס זאָל אויך אַריינעמען די נישט אַרבעטנדיקע, די בעלי־בתישע יוגנט. אַזאַ פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אויף אַ פאַרזאַמלונגביים לערער חיים יורקעוויטש. דאָס איז געווען דער ציוניסטישער פאַראיין „קדימה", מיט צבי קליינמאַנען אַלס פאָרזיצער און האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ צימערל ביים פישער מאַכלעווסקי אויף ראַדזימינסקי גאַס, אַ געגנט פון בלויז קריסטן, פישערס.

צו יענער צייט האָט אויך אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אַן אָפּטיילונג וועמענס ציל איז געווען צו קעמפן קעגן דער „פּריצות" צווישן דער יוגנט. די טעטיקייט האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע רעאַקציע ביי די פּראָגרעסיווע קרייזן פון דער יוגנט — עס האָבן אויפגעברויזט שטאַרקע קריגערייען, און אין רעזולטאַט פון דעם און אויך פון אַנדערע עקאָנאָמישע סיבות, האָבן אַ טייל עמיגרירט קיין אַרגענטינע.

די טעטיקייט פון דער יוגנט, אָרגאַניזירטע אין פּראָפ. פאַראיין, האָט דאַן אָנגעהויבן אויסברייטערן און פאַרטיפן זיך. ליטעראַרישע שמועסן, קעסטל־אָוונטן, ליטעראַרישע משפטים און קאָנפערענצן מיט פרעלעגענטן פון וואַרשע, זענען פאָרגעקומען יעדע וואָך. היות די דירה, וואָס דער פאַראיין האָט פאַרנומען, איז געוואָרן צו ענג, איז געדינגען געוואָרן אויפן וואַרשעווער שאָסיי ביי שמואלקע ראָזענבערג אַ נייע דירה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן לאָקאַל פון צוויי

גרויסע צימערן און ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ קליינע בינע פאַר קליינקונסט־טעאַטער און אַנדערע טעטיקייטן.

צו יענער צייט האָט די פוילישע רעאַקציע אָנגעהויבן שטאַרקער דריקן אויף די כמעט רעכטלאָזע יידישע באַפעלקערונג און אַרויפלייגן אויף אירע אָרעמע און שוואַכע פּלייצעס דעם גאַנצן לאַסט פון עקאָנאָמישן קריזיס. דאָס האָט פאַר־שטאַרקט דעם דראַנג צו עמיגראַציע, איבערהויפּט צווישן דער יוגנט, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייטן און פּערספּעקטיוון פאַר אירע אַספּיראַציעס. די לענדער אָבער, וווהין צו פאָרן, זענען געווען באַגרענעצטע און די מיטלען דאָס צו דערגרייכן — נישטיקע.

די פאַרוואַלטונג פון פּראָפ. פאַראיין האָט זיך דאַן פאַרשטענדיקט מיט די פאָרשטייער פון דער „איקא״ אין וואַרשע, וועלכע האָט צוגעזאָגט צו געבן צו־שטייער 15 דאָלאַר יעדן איינעם, וואָס וויל פאָרן אין אַרגענטינע און וועט קומען צו איר מיט אונדזער באַשטעטיקונג. עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַ גרעסערע אויס־וואַנדערונג פון שטעטל קיין אַרגענטינע, אויסנוצנדיק די הנחה אין די שיפס־קאַרטן אויפן סמך פון דער פאַרשטענדיקונג. נישט אַלע איז געלונגען זיך איינ־צואָרדענען אין דער נייער היים, און טייל האָבן געמוזט צוריקפאָרן, אָבער אַ גרויסער טייל איז געבליבן, זיך פאַרוואָרצלט און פאָרמירט היינט דעם קערן פון סעראָצקער יידישן ישוב אין אַרגענטינע.

דער פּראָפ. פאַראיין, וואָס איז פאַקטיש געווען אַ יוגנט־אינסטיטוציע, האָט זיך פאַרנומען דער עיקר מיט קולטור־טעטיקייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט, האָט זיך דערוואָרבן אַ סך חשיבות ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג אינעם שטעטל.

אָט די צעצווייגטע טעטיקייט האָט אַלע מאָל אַלץ מער אויסגעברייטערט דאָס פעלד פאַר אַקציע. אַזוי איז עס אויך געווען ווען די שטאָט האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער זעגזשער גמינע און באַקומען אַ סטאַטוס פון אַן אייגענער שטאָט און געדאַרפט אויסוויילן 24 ראַטמענער מיט אַ בורמיסטש, לאַווניקעס און מאַגיסטראַט, איז עס געווען דער פּראָפ. פאַראיין, וואָס האָט צעמענטירט די איינִיקייט ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אַזוי ווי די מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען כמעט אַלע פון יונגערע ווי די וואַל־באַרעכטיקטע און נאָך ווינציקער פון אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט רעכט אויסגעוויילט צו ווערן לויטן וואַל־געזעץ, איז געשען, וואָס דער שרייבער פון די שורות איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן, נישט האָבנדיק די פולע יאָרן, און איז אויך דעריבער שפּעטער געפּסלט געוואָרן, ווען ער האָט זיך צופיל געמישט אין די שטאָט־ענינים.

דער פּראָפ. פאַראיין איז נישט געווען פּראָפעסיאָנעל אין געניִיען זיִן פון

וואָרט. פאַר אַלעמען איז ער געווען דער צענטראַלער נערוו פונעם שטעטלדיקן קול־טורעלן אויסלעבן זיך און ווי אַזאַ פולשטענדיק אַפּאָליטיש; זיין אויסשטראַלונג אויך אויף אַנדערע געביטן פון אָרטיקן לעבן געהערט אויסשליסלעך צום לאָקאַלן כאַראַקטער זיינעם און באַווירקט פון די אומשטענדן. עס האָבן צו אים געקענט געהערן אַלס מיטגלידער, אַלע וואָס האָבן נאָר געוואָלט, אָן אונטערשיד פון אָריענ־טאַציע און ריכטונג. די יוגנט אָבער, אָט דער עמפּינדלעכער טייל פון דער געזעלשאַפט, וואָס פילט און נעמט אויף די צייט־פּראָבלעמען ווי אייגענע, קאָכט זיי דורך אין זיך, מיט זיין ענערגיע און וויטאַליטעט שטויסט זיי פאָרויס און זוכט די וועגן פאַר זייער פאַרווירקלעכונג — אָט די יוגנט איז אויך פילבאַר אויף עוולות און אויף אומגערעכטיקייטן, וואָס זי טרעפט אָן אויף אירע לעבנס־וועגן; אָט די יוגנט רעאַגירט אויף אַלץ און זאָגט איר וואָרט אומעטום, הגם אָפט מאָל צו האַסטיק און ווייניק ראַציאָנעל, אָבער שטענדיק אמתדיק און ערלעך. אָט די יוגנט, וואָס האָט דורכגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה, פּוילנס באַפרייאונג און מאניע צו ווערן אַ גרויס־מאַכט און אונטערדריקט אירע מינדערהייטן, האָט געהאַט פאַר זיך פּראָבלעמען פון לעבנס־וויכטיקייט און איז דעריבער רייף געוואָרן אויפצונעמען די לאָזונגען, וואָס די עפּאָכע האָט אַרויס־געריקט. אַזוי איז געשען, אַז אינערהאַלב אין דער יוגנט־אינסטיטוציע איז באַ־האַנדלט געוואָרן אַלץ, וואָס איז געווען אַקטועל צו יענער צייט. דאַביי האָבן זיך געשאַפן אָנהענגערס און קעגנערס, אָבער אין אַלגעמיין גענומען, איז עס געווען אַ געאייניקטע מאַסע אונטער אָט דעם נאָמען „פּראָפ. פאַראיין פון אומפּאַכאָווע אַרבעטער".

דעריבער איז נישט קיין ווונדער, וואָס ס'איז געשען דעם 25סטן יאַנואַר 1925, וואָס האָט באַשטימט אויך דעם ווייטערדיקן גורל פונעם פּראָפ. פאַראיין, וואָס איז אין דעם טאָג אַוועק אין דער אייביקייט, אַזוי ווי די ביבליאָטעק. און געשען איז אַזוי: דער 25 יאַנואַר איז אויסגעפאַלן אין אַ כּראָסטיקן פרייטיק. אין דעם מאַרק־טאָג האָבן 2 יוגנטלעכע מיטגלידער פון פּראָפ. פאַראיין און קאָמוניסטישער פּאַרטיי (הערשל מענדזעלעווסקי און שמחה עסטעראָוויטש) אַרומ־געשפּאַצירט אויפן מאַרק, געטאַפּט אין די וועגענער די סחורה, וואָס די פּויערים האָבן געברענגט צום פאַרקויפן, געקויפט האָבן זיי גאָרנישט, אָבער איבערגעלאָזט האָבן זיי יאָ. אין יעדן וואָגן, וואָס זיי האָבן באַטאַפּט, האָבן זיי פאַרשפּאַרט אַ פּראָפּאַגאַנדע־בלעטל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַזוי לאַנג ביז איין פּויער האָט עפּעס חושד געווען און געכאַפּט מענדזעלעווסקין בײַ דער האַנט, עסטעראָוויטשן איז געלונגען צו אַנטלויפן. דער פּויער האָט מענדזעלעווסקין

איבערגעגעבן דער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט זוכן דעם אַנטלאָפענעם, און וועמען ס׳וועט זיך נאָר לאָזן. ווען די פּאָליציי איז אַריין צו יאַנטשע קוזשניצקין אין שטוב, האָט זי אים געטראָפן אינעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך געגרייט אַריינוואַרפן אַ פּעקל ליטעראַטור אינעם ברענענדיקן אויוון.

דער פרייטיק און דער שבת נאָך אים, זענען געווען צוויי שוואַרצע, כמאַרנע טעג אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטעטלדיקער יוגנט.

דער שטענדיקער פאַרנאַכטיקער שפּאַציר, איבערהויפּט בעת די שבתדיקע טעג, איז געווען פולשטענדיק פּאַראַליזירט. אַז מ׳האָט זיך יאָ געטראָפן, האָט מען נאָר געשמועסט וועגן דעם וואָס ס׳קומט פאָר אויפן פּאָליציי־פּאָסטן, ווו מ׳האָט געהאַלטן די צוויי אַרעסטירטע, געפאָרשט און דאַבײ אַכזריותדיק גע־שלאָגן. מאָנטיק זענען די צוויי אַרעסטירטע אָפּגעפירט געוואָרן אין דער תפיסה קיין פולטוסק. אין רעזולטאַט האָט די פּאָליציי אויך פאַרמאַכט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

דערמיט אָבער האָט זיך דאָס לעבן נישט אָפּגעשטעלט, און די יוגנט האָט זיך בשום נישט געוואָלט אונטערגעבן דעם אַדמיניסטראַטיוון ווילקיר און אויפגע־נומען דעם קאַמף, כדי זיך דורכצושלאָגן אַן אייגענעם וועג.

אין גיכן איז אַרויסבאַקומען געוואָרן אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ נייעם פאַראיין אונטערן נאָמען „יידישע פאָלקס־בילדונג ליגע”, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון דעם דעפּוטאַט נח פּרילוצקי און זיין פאָלקס־פּאַרטיי.

די קולטור־טעטיקייט איז באַנייט געוואָרן, מיט מער אייפער און התמדה; ס׳איז געדינגען געוואָרן אַ דירה אין סאַמע מיטן מאַרק, און ווידער איז געעפנט געוואָרן די ביבליאָטעק און אַ לייען־זאַל. ס׳זענען באַנייט געוואָרן די עפנטלעכע דיסקוסיעס, ליטעראַרישע שמועסן און דאָס אַראָפּברענגען רעדנער פון וואַרשע. דאָס צוזאַמענקומען זיך אין די שבתים און יום־טובדיקע טעג אין אַ היימישער און וואַרעמער סביבה איז ווידער געוואָרן אַ שם דבר אין שטאָט און כמעט ווי אַ חוב פאַר יעדן יוגנטלעכן.

צו דער צייט געהערט אויך דאָס שאַפן דעם בלאָז־אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פונעם סטאָליער הערשל באָרענשטיין (שוסטאַק), וועלכער האָט אין די צאַרישע יאָרן געדינט אין אַ פּולק־אָרקעסטער. ער האָט וואַרשיינלעך געקענט דאָס פאַך, דעם אָרקעסטער אַרויפגעפירט אויף אַ וועג, און זיי האָבן גאַנץ נשקשהדיק געבלאָזן און געצימבלט. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אויך די איניציאַטיוו איז געקומען פון דער פאָלקס־בילדונג ליגע. אין אַלגעמיין איז די טעטיקייט פון

בלאָז־אָרקעסטער געווען אַ פּרוכטבאַרע און האָט צוגעגעבן גלאַנץ און לעבן דעם יוגנט־עלעמענט אין שטעטל.

ס׳זענען נאָך געווען אַנדערע איניציאַטיוון, סיי פריער און סיי שפּעטער, אָבער זיי האָבן איבערגעלאָזט ווייניק שפּורן און געהאַט אַ קורץ לעבן. אַזוי איז געווען מיטן „השומר הצעיר״, וואָס ס׳האָט געגרינדעט און אָנגעפירט אַ וואַרשעווער שומרת, ליאָנקע גאָלדמאַן; דאָס זעלבע איז אויך געשען מיטן פוטבאָל־קלוב, וואָס איז אַפילו דערגאַנגען צו שפּילן אַ מעטש מיט די ווישקאָווער פוטבאָליסטן. אָבער זיי אַלע האָבן זיך נישט פאַרוואָרצלט. איינע פון די הויפּט־סיבות איז געווען די עמיגראַציע פון דער יוגנט.

לאַנגע יאָרן האָט זיך געחלומט וועגן אַן אָרגאַניזירטן יוגנט־אַפּאַראַט פאַר דער קולטור־טעטיקייט פון אייגענע, נאָענטע, שטעטלדיקע, וואָס זאָלן פאַרשטיין די שטעטלדיקע יוגנט, זיי אָנווייזן און העלפן פאַרטיפן און אויסברייטערן די באַקומענע קענטענישן. ס׳האָט זיך געפילט עפּעס אַ מחיצה און פרעמדקייט פון די וואָס פלעגן קומען פון וואַרשע, די גרויסע שטאָט,און שענקען אַ קולטור־נדבה און אַן איבערגעחזרטע דרשה. ס׳האָט זיך פשוט געבענקט נאָך אינטימיטעט און וואַרעמקייט צווישן דעם לערער און שילער, רעדנער און הערער. אָט די אידעע־פיקס מיט זיין גאַנצער פּראָווינציאָנעלקייט און נאַיִוויטעט איז אין אַ געוויסן מאָמענט רייף געוואָרן און באַקומען מער אָנהענגער אויך צווישן אייניקע פולטוסקער יוגנטלעכע, צווישן וועלכע ס׳איז געווען דער דיכטער שמחה דאַן, אייניקע לערערינס פון די דאָרטיקע שולן און אויך אַזאַ אויטאָריטעט, ווי דער דירעקטאָר פון די פולטוסקער פּויליש־יידישע גימנאַזיע, ד״ר ליפּמאַן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן פּרוּוון צוזאַמענצורופן פאַרשטייער פון די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן ביבליאָטעקן און פאַרנעמען זיך מיט קולטור־אַרבעט אָן אונטערשיד פון ריכטונג, אָבער וועמענס פּראָבלעמען זענען ביי אַלע די זעלבע. ס׳איז געמאַכט געוואָרן פּרוּוון שאַפן אַ פאַראייניקטן קאָמיטעט.

ס׳זענען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן איינלאַדונגען צו אַלע אינסטיטוציעס אין פולטוסק, סעראָצק, נאַשעלסק, ווישקאָוו, רוזשאַן און קראַסנאָשעלץ, ד. ה. פון פולטוסקער און מאַקאָווער פּאָוויאַט. אָפּגערופן האָבן זיך בלויז די לינקע „פּועלי־ציון״ פון פולטוסק, סעראָצק און די י. פּ. ב. ל. נאַשעלסק, די ביבליאָטעק ביים „בונד״ פון קראַסנאָשעלץ און די דאָרטיקע ביבליאָטעק; מאַקאָוו האָט אָנגענומען אַן אַפּוואַרטנדיקע שטעלונג און צוגעזאָגט שיקן אָבסערוואַטאָרן און ווישקאָוו און רוזשאַן האָבן אין גאַנצן נישט געענטפערט.

סוף ווינטער 1926 איז דער צוזאַמענטרעף פאָרגעקומען אין פולטוסק און

געדויערט אַ שבת מיט אַ זונטיק. באַלד פון אָנהייב איז דעם צוזאַמענקום נישט געגאַנגען כשורה און דער ערשטער מכשול האָט באַלד געדראָט מיט אַ דורכפאַל. געווען איז עס אַזוי: כדי צו באַקומען די דערלויבעניש האָט די פּאָליציי געפאָדערט די ליסטע פון די אָנטיילנעמער, און אין דער ליסטע איז געווען דער שרייבער פון די שורות און יוסף פיינבוים, ביידע קאַטאַלאָגירט ביי איר ווי געפערלעכע קאָמוניסטן. די דערלויבעניש האָט זי געגעבן, נאָר דער פּאָליטישער רעפערענט פון דער פּאָליציי, אַן אַלטער שפּיאָן, איז געקומען בכבודו ובעצמו בייזיין די זיצונגען און מאַכן פאַרצייכענונגען. די אָנוועזנדע פּולטוסקער, און אויך די אָרגאַניזירער, ווען זיי האָבן דערזען דעם גרויסן „כבוד", וואָס ווערט זיי אָנגעטאָן מצד אַזאַ „פּערזענלעכקייט", האָבן געוואָלט זיך צוריקציִען אומבאַמערקט. ס'האָט געקאָסט מי זיי איינצוהאַלטן, אָבער דעם פּראָגראַם האָט מען געמוזט ענדערן. נישט אַלע רעדנער האָבן געוואָלט רעדן. אין סך־הכל איז אַרויסגעקומען נאָר אַ קאָמיסיע אויף אַרויסצוגעבן אַ געגנט־זשורנאַל פאַר קולטור־פּראָבלעמען, וואָס זאָל אויף להבא צוגרייטן אַ ברייטערע קאָנפערענץ.

דער ערשטער נומער פון זשורנאַל איז אַרויס אונטערן נאָמען „אונדזער וואָרט" אין וועלכן די סעראָצקער האָבן זיך באַטייליקט מיט מאַטעריאַל און אַדמיניסטראַציע. דער זשורנאַל האָט נישט געהאַט קיין כוח צו דערשיינען, און אַלע פּלענער זענען אויסגערונען געוואָרן.

פון וואָרנקי, ווו ס'האָבן זיך געפונען פאַרשיקט אויף 2 מיט אַ האַלב יאָר יאַנטשע קוזשניצקי און הערשל מענדזעלעווסקי, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען טרויעריקע ידיעות. נאָכן דורכמאַכן אַ לאַנגן הונגער־שטרייק איז דער לעצטער אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז אין אַן אָוונט האָט ער באַקומען אַ בלוט־שטורץ, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט אָן יעדער מעדיצינישער הילף. די חברים פון דער צעלע האָבן אים אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. עס איז דעריבער נייטיק געווען מאָביליזירן אַלעמען, וואָס האָבן געקאָנט עפּעס טוען, כדי אים אַרויסצונעמען פון דאָרט און קורירן אויף דער פרייַ. נאָך לאַנגע און כסדרדיקע אינטערווענצן ביי די געהעריקע געריכטס־אָרגאַנען מצד דער פאַרטיידיקונג און פון אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן ביים הויפּט־פּראָקוראָר קיערניק, איז אים איבערגעריסן געוואָרן דאָס אָפּקומען די שטראָף אויף אַ יאָר צייט. נאָכן יאָר איז ער צוריק איינגעזעצט געוואָרן — דאָס מאָל אין מאָקאָטאָווער תפיסה (אין דער שפּיטאָל־אָפּטיילונג).

אין דער צווישנצייט איז קראַנק געוואָרן איינער פון אונדזערע געזונטסטע און קרעפטיקסטע חברים — וואָלף גערווער, סעקרעטאַר פון די י. פּ. ב. ל. קיינער

האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן געוואָרן אַ קראַנקן. אין גיכן איז בייטיק געוואָרן אים צו אָפּערירן. ער איז צוויי מאָל אָפּערירט געוואָרן אין יידישן שפּיטאָל. אויך די 2טע אָפּעראַציע האָט נישט געהאָלפן — ער איז געשטאָרבן אין מיין אָנוועזנהייט דעם 27סטן סעפּטעמבער, 1927 יאָר (ראש השנה). איך האָב זיך תיכּף פאַרבונדן טעלעפאָניש מיט די חברים אין שטעטל און אַלע זענען זיך צונויפגעקומען אין לאָקאַל פון דער י. פּ. ב. ל. אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג און באַראַטונגען און באַשלאָסן אַריינצופאָרן קיין וואַרשע כדי אָפּצוגעבן דעם נאָענטן חבר דעם לעצטן כבוד.

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען מיט דער אַדמיניסטראַציע פון בית־עולם ביי דער יידישער גמינע, מיט דער אַקטיווער אינטערווענץ פון דאָזאָר לעאָ פינקעלשטיין, איז געלונגען צו באַקומען אַ קרקע אויפן בית־עולם אין וואַרשע. די לוויה איז דעריבער פאָרגעקומען שפּעט פאַרנאַכט, אויך דאָ האָבן די מלווים אַרויסגעוויזן פיעטעט און ליבע. אַ פּאָר קוואַרטאַלן פאַרן בית־עולם איז דער אָרון אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער עגלה און אין געשלאָסענע רייען, טראָגנדיק אים, פאָרויס די קרענץ, אַריינמאַרשירט אויפן בית־עולם. די קבורה איז שוין פאָרגעקומען שפּעט ביי אָנגעצינדענע לאַמטערנס.

דעם 27סטן אַפּריל 1928 האָט אַ צווייטע אבידה אויפגערודערט דאָס שטעטל. אין דעם טאָג האָט די שטעטלדיקע אַקטיווע יוגנט באַגלייט צו זיין אייביקער רו דעם אַקטיוון און מוסטערהאַפטן חבר יאַנטשע קושניצקי. ביז דער לעצטער מינוט פון זיין טראַגישן לעבן איז ער אַקטיוו געשטאַנען אויף זיין פּאָזיציע; שטענדיק גרייט געווען צו העלפן, כאָטש אַלע האָבן פון פריער געוווסט, אַז זיין גורל איז צוליב זיין קראַנקייט געחתמעט, האָט פון דעסטוועגן זיין טויט צעטרייסלט אַלעמען און געטראָפן שווער. אויך אים האָט די גאַנצע יוגנט באַגלייט צו זיין אייביקער רו מיט כבוד, אַזוי ווי ס'איז אים געקומען. ביידע איז געשטעלט געוואָרן פּאַסיקע מצבות. נישט געקוקט אויף די געליטענע אבידות האָט זיך דאָס געזעלשאַפטלעכע קולטור־לעבן אין שטעטל נישט אָפּגעשטעלט.

**משה קאַנאַרעק**
**(אזור)**

## דאָס עקאָנאָמישע לעבן

(אַרבעט און מנוחה אין שטעטל)

**מיט וואָס האָבן זיך יידן פאַרנומען אין סעראָצק, און פון וואַנען האָט מען אַרויסגעשלעפט פרנסה?**

### די טרעגער

פאַר וואָס זיי דווקא, די עלטערע יידן דאַרפן אַרבעטן ביי אַזאַ מין אַרבעט? בכלל האָט זיך קיינער מיט קיין אַרבעט נישט געוואָרפן. די טרעגערס האָבן שווער געאַרבעט, בכדי צו דערנערן זייערע משפחות, זיי האָבן אויף די פלייצעס אויס־געשלעפט שווערע משאות סחורה און געווישט זיך מיט דעם פון שווייס שוין נאָסן שאַליק. ביי דער אַרבעט אין גאַס האָבן זיי געטראָגן צעריסענע קליידער: אַן אַלטן „שפּאַנצער", אַ פּאָר צעריסענע הויזן, אַלטע, פאַרדאַרטע שטיוול, און אַפילו דאָס היטל אויפן קאָפּ איז אויך געווען האַלב צעריסן, ווייל טראָגנדיק דעם זאַק מיט ווייץ אויף די פלייצעס, איז דער קערפּער געווען איינגעבויגן און די משא איז געלעגן אויך אויפן קאָפּ און געריסן דאָס היטל. זיי פלעגן אַרבעטן אין דער גאַס, ביי קעלט, רעגן און היץ; פאַרשמוצט, פאַרמאַטערט און תמיד מיד. נאָכן אַראָפּלאָדענען אַ טראַנספּאָרט מעל, פלעגן זייערע קליידער זיין ווייס ווי שניי, אָדער שוואַרץ — נאָכן אָפּלאָדענען אַ וואַגאָן קוילן. און דאָך זענען די טרעגער געווען צופרידן, אַז זיי האָבן געהאַט אַרבעט; נישט געהאַט קיין גרויסע פאָדערונגען אין לעבן, געווען צופרידן מיטן טאָג אַרבעט, ווען זיי האָבן אים געהאַט, אָבער נישט אַלע מאָל איז דאָס געווען, מחמת עס זענען געווען אויך קריטישע צייטן צוליב אַרבעטסלאָזיקייט.

### שוסטער

ביים דעם פאַך האָבן זיך אין סעראָצק באַשעפטיקט אַ פּאָר צענדליק יידן. די שוסטער האָבן זיך געטיילט אויף עטלעכע גרופּן — לויט זייער קוואַליטעט. עס זענען געווען שוסטער, וועלכע האָבן זיך נאָר פאַרנומען מיט פאַרריכטן

אַלטע שיך, ווייל קיין נייע פּאָר שיך האָבן זיי נישט געקאָנט מאַכן. אויך דער רוב פון זייערע פּאַטערס, ביי וועמען זיי האָבן געלערנט דאָס פאַך, האָבן אויך קיין נייע פּאָר שיך נישט געקאָנט מאַכן. די אַרבעט האָט מען אַ סך מאָל געמוזט מאַכן צו דער צייט, ווייל נישט יעדער האָט געהאַט אַ צווייטע פּאָר שיך צו בייטן.

באַלד ווען מען פלעגט אַריינקומען צום שוסטער, איז אין דער זייט פון פענצטער געשטאַנען אַ נידעריק טישל מיט נייטיקע כלים צו דער אַרבעט; אַרום דעם טישל — אַ ביסל אַלטע קאָפּיטעס,ביים טישל אַ שוסטער־בענקל אויף דריי פיס, און אויפן געזעס — אַ פּאָר שמאַטעס: דאָס איז געווען דאָס פרנסה־ווינקל. אין דער צווייטער זייט שטוב — אַ קוך אויף פיר פייערקעס צו קאָכן און אַ טיש, צוויי אָדער מער בעטן, אַן אַלטע שאַנק און אויך אַלט־מאָדישע בילדער, בעיקר פון פאַרשטאָרבענע עלטערן און קרובים.

אַנדערש האָט אויסגעזען דאָס לעבן ביי די שוסטער „פּאַכמענער". זיי האָבן געלעבט אין בעסערע באַדינגונגען, געאַרבעט מיט אייגענע סחורה, געמאַכט נייע שיך און געהאַט פרנסה. דער ווערקשטאַט האָט זיך שוין געפונען אין אַ באַזונדערן אָרט — אַזאַ מין אַלקערל. אַ קליינע קיך, פון קיך — אַ טיר צו אַ מער־ווייניקער מעבלירט צימער. דער סאָרט ווערקשטעל גופא האָט אויסגעזען ווי אַ קליין געוועלבל.

עס זענען אויך געווען יידן, וואָס האָבן געהאַט געשעפטן פון שיך.

### שניידער

אַ בכבודיק אָרט האָט פאַרנומען אין סעראַצק דאָס נאָדל־פאַך. אַ גרויסער טייל יידן האָט זיך פאַרנומען מיט שניידעריי. דער טאַנדייטניק האָט געמוזט גאַנץ שווער אַרבעטן, ביז ער האָט אויסגעאַרבעט זיין טאָג פרנסה. זיי פלעגן אַרבעטן 16—15 שעה אין טאָג, זייער אַרבעט איז באַשטאַנען נאָר אין שטעפּן אויף דער מאַשין. זיי האָבן אויך געלעבט נישט ווי צום בעסטן. די שניידערס־כאַלופניקעס פון בעסערער קאָנפעקציע, האָבן אויך גאַנץ שווער געאַרבעט. געווען שניידערס, „באַשטעלטע שניידערס", לויטן מאָס. ביי דער באַשטעלטער אַרבעט איז געווען אַ סך צו פּרעסן. דאָס לערן־יינגל האָט זיך גוט אָנגעבלאָזן, ביז ער האָט הייס געמאַכט דאָס אייזן, און דער פרעסער האָט אויך גוט געשוויצט ביים איינפּרעסן קעלנער־קלאַפּעס פון דעם פאַלטן אָדער מאַרינאַרקע. ביי שניידעריי

האָט אויך די פרוי, אָדער אַ דערוואַקסן קינד, געקאָנט צוהעלפן באַוואָרפן נענט, אַרויסנעמען פּאַסטריגעס א. אַ. וו.

## סאַדאָווניקעס (פּאַכטער פון פרוכט־גערטנער)

געוועז יידן, וועלכע האָבן אָפּגעדינגען ביי די קריסטן די סעדער און מיטן אַראָפּנעמען פון די ביימער די פרוכט, האָט זיך דער קאָנטראַקט געענדיקט. אָנהייב זומער פלעגן די „סאַדאָווניקעס" אַרויספאָרן מיט זייערע משפחות אין די דערפער צו געדינגענע סעדער און דאָרט געוווינט אַ גאַנצן זומער. אָפט זענען זיי געבליבן איבער ראש־השנה און יום־כיפור. די סאַדאָווניקעס פלעגן באָרגן אַ ספר־תורה, דינגען אַ בעל־תפילה און מאַכן אויפן אָרט אַ מנין. די אַרבעט אין סאָד האָט געפאָדערט די גאַנצע משפחה. ווען די פרוכט האָט אָנגעהויבן רייף ווערן, האָט מען געמוזט אָפּהיטן פון גנבים אָדער סתם שאָדנס, דורך די שטיינער־וואַרפער אויף די ביימער. די קינדער פלעגן אויפקלייבן די פון די ביימער אַראָפּגעפאַלענע עפל און באַרן („ספּאַד").

רייפע פירות זענען געוואָרן אַראָפּגענומען פון די ביימער, געפּאַקט אין קעסטלעך מיט שטרוי און אַריינגעלייגט אין אַ קעלער אויף ווינטער. פאַרשטייט זיך, אַז ווינטער האָט מען אויך געמוזט קאָנטראָלירן, צי עס זענען נישטאָ קיין קאַלעדיקע. פאַר פסח האָבן די סאַדאָווניקעס אַרויסגעפירט די סחורה קיין וואַרשע און נאָכן פאַרקויפן געמאַכט אַ חשבון.

## סטאָלאַרעס (טישלער)

די סעראָצקער סטאָלאַרעס האָבן געמאַכט זייער שיין מעבל. צ. ב. יאָסל מענדזעלעווסקי האָט אויסגעאַרבעט זייער שיין מעבל און געשיקט קיין וואַרשע. עס זענען אויך געווען בנין־סטאָלאַרעס פון פענצטער און טירן צו די הייזער; זיי פלעגן אָפט אויך אָננעמען אַרבעט אין דאָרף.

## קאָוואַלעס (שמידן)

זיי האָבן געמאַכט אייזנאַרבעט ביי די וועגענער, פאַרלייגן רייפן אויף די רעדער און שמידן פערד. דער סעזאָן פאַר שמידן פערד איז געווען ווינטער, ווען די וועגן פלעגן זיין גליטשיק. די קאָוואַלעס זענען געווען געזונטע יידן מיט שטאַרקע מוסקולן פון די שווערע האַמערס צו שמידן דאָס אייזן. ס׳געדענקט

זיך נאָך היינט דער קלאַנג פון דעם האַמער אויף דער קאָוואַדלע, גייענדיק אין חדר אַריין, פלעגן די יינגלעך לויפן קוקן אין די קוזשניע פון ר׳ אבא לייב קאָוואַל.

## קצבים

ס׳רוב קצבים האָבן געהאַט וועגענער מיט פערד, פלעגן פאָרן אויף ירידים איינקויפן בהמות, פירן שחטן, טרייבערן, ביינערן, שניידן, האַקן און פאַרקויפן דאָס פלייש. ס׳איז געווען אַ שווערע און נישט ריינע אַרבעט. מען האָט אויך געמוזט אויפשטיין גאַנץ פרי, אָפט זיין אונטערוועגנס און שלעפן זייטן פלייש אויף די פלייצעס.

## תבואה־סוחרים

זיי פלעגן פאָרן אויף מערק, אויפקויפן ווייץ, קאָרן, האָבער, גערשט, און שפעטער דאָס פאַרקויפן מיט אַ געוויסן פאַרדינסט.

## דאָרפסגייער און קראָמען אייגנטימער

די יידן פלעגן גיין אין די אַרומיקע דערפער אויפקויפן פאַרשידענע זאַכן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און פון דעם האָבן זיי געהאַט פרנסה.

געווען קליינע שפייזגעוועלבלעך אָדער אַנדערע קליינע געשעפטן. אַ גרויסער טייל יידן האָבן געהאַט שניטגעשעפטן (מאַנופאַקטור). די פרנסה ביי שניט איז נישט געווען קיין שלעכטע, ווייל די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געגעבן אַ סך צו לייזן. געווען געשעפטן פון אייזן, האָלץ־סקלאַדעס א. אַ. וו. צוויי גרויסע מילן זענען געווען יידיש אייגנטום.

## שבת און יום־טוב

נאָך דער האָרעוואַניע פון דער גאַנצער וואָך, איז אין שטעטל געקומען די מנוחה פון שבת.

פרייטיק נאָכמיטיק פלעגט אַלץ שטיל ווערן, די גאַס האָט זיך צוגעגרייט צום שבת. באַלד איז ר׳ לאָזער שמש ז״ל אַרויס אין גאַס מיט זיין שיינעם ניגון וואָס קלינגט נאָך היינט אין די אויערן: „יידן, ליכט צינדן!!!״ ווען עס איז נאָר

אַ ביסל טונקל געוואָרן, פלעגן די יידן אַרויס אין שול דאַווענען, אַלע שיין, ריין אָנגעטאָן — יידישע היטלען, לאַנגע מאַנטלען, שבת יום־טובדיק.

אין פוילן זענען יידן, ווי באַוווּסט געוואָרן פאַרפאַלגט, אָבער די טראַדיציעס האָבן זיי דאָך אָפּגעהיטן.

די טראַדיציעס זענען אין סעראָצק, אַזוי ווי אין אַלע יידישע ישובים אין פוילן, געוואָרן זייער אָפּגעהיטן, אָנהייבנדיק פון כשרן כלים, בודק חמץ־זיין, איינאָרדענען אַ שיינעם סדר, קויפן ערב־שבועות גרינס צו באַפּוצן די שטוב, באַקן קעז־קיכלעך און בכלל היטן אַלע ימים־טובים אַ גאַנץ יאָר. באַזונדערס געדענקט זיך יום הכיפורים, די שטימונג אין שטוב פאַר כל־נדרי, ווען די עלטערן פלעגן אונדז בענטשן און ווינטשן, אַז מיר זאָלן זיין געזונט און עס זאָל קיין שלעכטס נישט פאַסירן. די גרויסע שול איז פול מיט מתפללים, הונדערטער גרויסע ליכט ברענען, אַ הייליקע שטילקייט הערשט.

## די ציוניסטישע יוגנט אין סעראָצק

אין סעראָצק איז געווען אַ שיין אַנטוויקלטע יוגנט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם וואָס אין פוילן האָט געהערשט אַ גרויסער אַנטיסעמיטיזם, האָבן מיר געזען אַז פאַר אונדז איז אין פוילן נישטאָ קיין צוקונפט. דער ציל פון גרעסטן טייל יוגנטלעכע אין סעראָצק איז געווען ארץ־ישראל. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. אין סעראָצק איז געווען אַ קן פון דער באַוועגונג „בית״ר״, וועלכע האָט געציילט ביי צוויי הונדערט יוגנטלעכע. דער מפקד פון קן איז געווען אברהם שפילקע. אַ בחור אָנגעזאַפּט מיט תורה און חכמה. עס איז געווען אַ „השומר הצעיר״ מיט זייער אַ שיינער יוגנט. „השומר הלאומי״, אַן אָרגאַניזאַציע פון פרומע יוגנטלעכע און „החלוץ המזרחי״.

די יוגנט פלעגט קומען אין די אָרגאַניזאַציעס און דאָרט פאַרטיפט דעם יידיש־ציוניסטישן באַוווּסטזיין. עס פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען, פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס. מען האָט געלערנט יידישע און ציוניסטישע געשיכטע.

עס זענען געווען יוגנטלעכע, וועלכע האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען און געפאָרן אויף הכשרה, אַ צוגרייטונג פון אַ טיפּ מענטשן צו פעלד־אַרבעט. נאָך צוויי יאָר הכשרה איז דער יוגנטלעכער געווען גרייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. עס איז געווען אַ צוטיילונג פון סערטיפיקאַטן, און ס׳זענען אויך פון סעראָצק אַרויסגעפאָרן יוגנטלעכע קיין ארץ־ישראל.

אין אַלע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען ביבליאָטעקן, וווּ מען האָט באַקומען

צום לייענען ביכער, אויך אַ וואַנט־צייטונג צו שרייבן פאַרשידענע אַרטיקלען. דער יוגנטלעכער אין סעראַצק האָט געוווּסט, אַז ער איז איינער פון דער גרויסער מחנה, וועלכע דאַרף און מוז מאַכן אַ סוף פון גלות.

אין ל״ג בעומר איז געווען אַ מנהג, אַז די גאַנצע יוגנט פון שטאָט פלעגט אַוועקגיין אויף אַן אויספלוג עטלעכע קילאָמעטער אונטער דער שטאָט. 5 אין דער פרי האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט אויף אַ גרויסן פלאַץ, אַנגעטאָן אין אוניפאָר־מען, יעדער פון זיין אָרגאַניזאַציע מיט איר פאָן. אַלע קבוצות האָבן געהאַט זייערע פענער. שיין און גלייך אָנגעטאָן, זענען מיר אין דער שפּיץ מיט אַ יידישן אָרקעסטער און מיט געזאַנג אַרויס פון דער שטאָט אויף אַ גאַנצן טאָג. ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן אָרט, האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ מחנה און אַ גאַנצן טאָג זיך פאַרנומען מיט פאַרשידענע שפּילערייען און פאַרמעסטונגען.

אַ באַזונדערן איינדרוק האָט געמאַכט ווען בערך אַ 1000 יוגנטלעכע זענען אָנגעקומען צוריק אין שטאָט אַריין. ממש אַן אַרמיי. מענטשן אין מונדירן. מיט געזאַנג מאַרשירט שטאָלץ אין גלייכן ריטמישן טראָט. יעדער איינער פון אונדז האָט זיך דאַן געפילט ווי אַ קעמפער פאַר אַן אייגענער היים.

אין סעראַצק איז אויך געווען אַ פוטבאָל מאַנשאַפט און אָרקעסטער. מיר האָבן געלערנט שווימען, אָנטייל גענומען אין פאַרשידענע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען א. אַ. וו. ס׳איז אויך געווען אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אויסגעפירט פאַרשידענע פּיעסן מיט דער באַטייליקונג פון אברהם יזומבעק, סאַבינאַ טיק, אהרון טשעסנער א. אַ.

## אַ שפּאַציר איבערן סעראַצקער מאַרק און סביבה

ביים אָנהייב פון מאַרק — אַ הויף מיט עטלעכע משפחות: הלל קצב, טוביה באַרנשטיין, אברהם וועלנער, ישראל באַרנשטיין; ווייטער — חאַצקל מענדזע־לעווסקי און משפחה, יעקב אריה טעמעס, חיים ראָזענבערג, איטשע מאיר דער מוהל. אין עק האָט געהאַט אַ שפּייז־געשעפט ברכה מלכהס טאָכטער, אַנטקעגן איז געווען די משפחה נאָוואָגראָדסקי (דער קאַשע־מאַכער), דער פּאַפּאָווער בעקער, הערשל גראָסמאַן — דער קאַמאַשן־שטעפּער און בעל־תפילה; אין צווייטן עק — די משפחה לעווינער, ביילע שמעונס מיט אירע גוטע לאָדעס, ברכה מלכה מיטן פּאַיאַנס־געשעפט; מנחם קראָנענבערג — אַ שיינער ייד מיט זיין משפחה; איטשע־מאיר סאַליארזש, יאַנקל יאָניש, מאיר פשיקאָרסקי (דער בלאַכאַזש), ברוך יוסף און מילך־געשעפט, די משפחה שפּילקע. אין עק ביים שאָסיי — דאָס שפּייז־געשעפט

פון לעווינער, אין קעלער די בעקעריי פון קאַלינאַ, דער סקלאַד פון האָלץ; אַקעגן די משפחה קאַלוסקי, די משפחה וואַרשאַווסקי, נאָך זיי די בעקעריי וויינשטאָק, די פריזעריי אובוגי; אַ געשעפט פון מאָנאָפּאָל שאַרפּע־געטראַנקען איז געווען אין יידישע הענט, די משפחה קופּערבוים. ווייטער אין עק — דער קוילן־סקלאַד פון אַ פרומער משפחה, יעקב דוד מילשטיין. זיין זון יהודה מילשטיין מיט אַ גרויסער פּאַרטיזאַנער פאַרגאַנגענהייט (געפינט זיך אין ישראל). „אויף יענעם עק" (האָט מען עס גערופן) איז געווען די גרויסע מיל פון משה ראָזענבערג, די שענק פון חנה מאַרגאָלעס, לעבן זיי — די פּאַסקאָוויטשעס, צו ענדע — אויף יענער זייט — האָט געווינט מיין באָבע אסתר רחל חיים קיוועס מיט די אייניקלעך: שמואל־שלום שיפּמאַן און זיין שוועסטער, חנה איטל.

אויף דער צווייטער זייט נאָכן קריסטלעכן בית־עולם — אַ שיין הויז פון די גראַניעוויטשעס, ווייטער — דאָס נייע הויז, וואָס האָפּמאַן האָט געבויט, און וויש־ניעוויצעס יאַטקע. אין עק איז געווען אַ סאָדע־געשעפט, איך געדענק פון דאָרט חוהלע און ראַצען, די קוזינע פון פּניעווסקי; די עלטערן פון יוסף פּניעווסקי (מאַשע איז געווען מיין שוועסטערס חברטע) און יענקל סטעלמאַכס משפחה מיטן נאָמען קאָנקאָל. ווייטער דער באַקאַנטער הויף פון יענקל ראָזענבערג. עס איז דאָרט געווען היימלעך, דאָרט איז געווען דער לאָקאַל פון „השומר הצעיר" און פון „השומר־הלאומי". דאָס שיך און שניט־געשעפט פון איטשע שוואַרץ; די געשעפטן: ליבל ליס, יעקב זלאָטאָגאָרסקי, משה, פּסח שניידער, שמעון מענדזעלעווסקי, יאָסל סטאָלאַזש, חיים מינץ. אין מאַרק — יעקב אריה דער סטאָלאַזש. רויזע די מאַנג־לערקע, דער רב מאָרגענשטערן, מאָטל קצב מיט זיינע זין, און מאַלע ביילע פייגעס. ביי דעם נאַרעוו האָבן געווינט די יידישע פישערס: די קאַנאַרעקס, חיים פּישער, אלתר פישער, יאַנקל פישער, הערשל פישער, יחיאל פישער. האָט אויך דאָרט געווינט אַ משפחה חיים מעלניק און ביילע לאה לינקער.

**אהרן צסנר**
**(חיפה)**

# סרוצק, עיר נעורי

עיירה יהודית טיפוסית בלבה של מדינת פולין, בה גרו יהודים מדורי־דורות. רבים מבין היהודים היו חסידים ואנשי מעשה האוהבים את „כלל־ישראל" ומסורים בלב ונפש לתורה ולמסורת. היו ביניהם למדנים שהגו בתורה יומם וליל ומוכנים בכל עת ובכל שעה למסור נפשם על קידוש השם.

מעטים היו יהודים אמידים ועשירים, היהודים מהמעמד הבינוני עסקו, כמו ברוב העיירות בפולין, במסחר תבואות עצים. ובהמות. רבים היו חנונים ובעלי־מלאכה שעמלו למעשה שתים־עשרה—ארבע־עשרה שעות ביום למצוא לחם ולבוש לבני ביתם. השאר, דלת העם שעיקר פרנסתם היתה „היריד" — יום השוק הקבוע בשבוע. לא מעטים היו בעלי־מלאכה שלא מצאה ידם להתקין להם בית־מלאכה, ובכדי לפרנס את בני־ביתם — היו יוצאים לסובב בכפרים עם כלי מלאכתם המעטים כל ימות השבוע וחוזרים בערב שבת עם רדת היום, להביא משכרם הדל לפרנסת המשפחה. אלה נקראו בלשון העם „פיסגייער" *. היו גם שתי טחנות קמח מכניות — אחת של ר' משה רוזנברג והשניה של חותני אבי אשתי, ר' בריל איצקוביץ, זכרונם לברכה, והם העסיקו יהודים רבים ופרנסום בכבוד.

העיר סרוצק שוכנת בין וורשה בירת פולין לבין פולטוסק עיר המחוז, על יד שני הנהרות היפים, הנרב והבוג. אזרחי העיר היו גאים על הנופים היפים ועל הנהרות והיו מצביעים על „קו המים" העובר באמצע והמבדיל בין שני הנהרות המתאחדים לא הרחק מהעיר ובכל זאת כל אחד שומר, כאילו, על עצמאותו. הם ראו בזה כסמל לבני שני העמים — היהודים והפולנים — החיים יחד בעיר סרוצק וכל אחד שומר על עצמיותו ועל תרבותו. הגבעות המוריקות והמיוערות שעטרו את העיר נסכו עליה חן מיוחד ושמשו מקום לטיולים ולבלויים של הנוער היהודי הבריא והמפותח בגופו וברוחו, וכמו כל נוער — נוטה לרומנטיקה.

במשך השנים גברה השפעת העיר וורשה והמגמה של ממשלת פולין להפיץ את תרבותה בין המיעוטים הלאומיים ולהחיש את התבוללותם בתוך העם הפולני.

הילדים והנוער שבקרו בבתי הספר הפולניים, והמבוגרים שקראו עתונים וספרים פולניים, ידעו כמובן על הגיבורים הלאומיים של פולניה, על מלכיה,

---

* רוכלי כפרים.



קבוצת עסקנים ציוניים
מימין לשמאל — עומדים: יחיאל יוניש, אהרון פסקוביץ, יחיאל מאיר ורשבסקי־ורדימן, יהושע דוד בובק.
יושבים: בלומה רוזנברג־מרקוס, חיה יוניש־גודס, ד״ר חיים אינונטרז׳, חנה פינבוים־פסקוריץ׳ האורח ד״ר ליפמן, בילה בובר.
יושבים: שרה וולינסקי, לאה ורשבסקי, טובה ויארניק.

משורריה וסופריה — אך גיבורי ישראל הקדומים ואישי ישראל מתקופת התחיה הלאומית היו זרים להם. על הרצל, מייסד הציונית הפוליטית, לא ידעו ועל אחד העם לא שמעו. את ה„אוטומנציפציה״ של ליאו פינסקר לא ראו ובשירי ביאליק וטשרניחובסקי לא קראו — גם ברנר ובורוכוב היו זרים לרבים מבני הנוער והמבוגרים.

אך היה בעיר גרעין של נוער חלוצי לאומי שלא השלים עם המצב הקיים — הוא ידע כי לא זו הדרך וחרד לגורל הנוער היהודי ולעתיד ילדי ישראל.

ובינתיים התחילה האדמה „בוערת״ ממש תחת רגלינו. האנטישמיות הפולנית שהיתה בשנים הראשונות לתקומת פולין פאסיבית והסתפקה בעיקר בהפצת מאמרים בעתונים וספרים — הפכה לאגרסיבית ומסוכנת לחיי היהודים, לכלכלתם ולנפשם. במשך זמן קצר נוסדו חנויות ובתי מלאכה של פולנים אנטישמיים, העמידו משמרות של חוליגאנים על יד פתחי החנויות ובתי המלאכה של היהודים, הסיתו בכוח נגדם וקיפחו את פרנסתם. הגיעו הדברים עד לידי התנפלויות על יהודים בגנים הציבוריים, באוניברסיטאות וגם על ילדי ישראל הלומדים בבתי־ספר הממשלתיים העממיים והתיכוניים. אנחנו, קבוצת הנוער

החלוצי־הלאומי, שאפנו לקרב את ילדי ישראל ואת הנוער היקר שלנו אל מקור מחצבתו, להפיח בו גאוה לאומית, ללמדו את ערכי התרבות היהודית ולהצילו מההתבוללות הפולנית ומההתבטלות בפני הפולנים הגאותנים. שאפנו לחנך את הנוער היהודי ברוח התחיה הלאומית, להכשרה, לעליה לארץ ישראל ולחיים פרודוקטיביים בגולה ובארץ. בפגישות, בכינוסים, במסבות ובשיחות עם יחידים הצלחנו לכבוש חלק לא קטן מהנוער הטוב שלנו, לנטוע בו אמונה בעתיד עם ישראל, שאיפה לארץ ישראל, לא ללכת כפופי־גב ולא לפחד מהאנטישמיים ומהחוליגאנים.

חברי הנוער הציוני הלהיבו את הלבבות והיו פעילים בלב ונפש למען הקרן הקימת, קרן היסוד, קבוצי הכשרה והפצת תרבות ישראל בין המתבוללים. לדאבוננו הרב נספו רבים מאד בימי השואה ולא זכו להגשים שאיפותיהם. ואלה מחברי היקרים שזכרם לא ימוש מקרבי ותמיד אראם כמו חיים לפני עיני בכל עת שאני הוגה בהם — ואי אפשר לא להגות בהם — והם: אברהם רוזנברג, אהרון פסקוביץ, יחזקאל פרידמן, שמחה פרידמן, מאיר מושקטנבליט, לאה וואַרשבסקה, הניה



יום הפרח לטובת קרן הקימת לישראל ע״י הנוער הציוני

מימין לשמאל עומדים: ברכה פיאניק, רבקה קוליגובסקי, אליעזר אירנבוים, רבקה רוזנברג, ישראל פיאניק חנה חמילרז׳, שמואל־שלום בורנשטיין, ינטה שפילקה

יושבים: יוסף טיקולסקי, יחיאל מאיר ורשבסקי־ורדימון, יצחק פרידמן

יושבים: מאיר קרוננברג, יוסף סטרדינר

רוזנברג והבנות האחרות ששיתפו פעולה אתנו, והנפשות היקרות והעדינות שנקטפו בגיל הפריחה באביב ימיהן: רגינה רוזנברג, מניה בהרב, רגינה קופרבאום, אסתר קופרבאום, נחמה כץ — החבורה הנאה שנקראה בלשון חבה — „החבילה"; ויבדלו לחיים ארוכים: גניה לוינר ורעיתי רחל איצקוביץ שזכו להגשים חלומן ושאיפתן ועלו לארץ ישראל לבנות ולהבנות בה.

מאושר אני בראותי את פעילי אגודתנו שזכו לקיים את שבועתם ולהגשים חלום נעוריהם בארצנו והם — האחים חנוך ויחיאל מאיר וורשבסקי. חנוך (שם משפחתו כעת: ורדי), שהתגייס להגנה ולבריגדה היהודית להצלת שארית הפליטה ולנקום באויבינו; ויחיאל מאיר (שם משפחתו כעת: ורדימון), איש התרבות הציונית מנעוריו שזכה והגשים שאיפתו החלוצית והשתקע כאכר עובד אדמה בכפר ויתקין. אציין עוד את חברנו אלעזר הסמן, ציוני ותיק, עבר הכשרה חלוצית, עלה ארצה וזכה להקים בה משפחה ולחיות חיי עמל וכבוד.

רבים מבני הנוער שנמשכו אחרינו, הלכו לקיבוצי־הכשרה ולא נכנעו להפצרות ההורים האמידים, ובמקום להגר לארצות אמריקה ולאוסטרליה, עלו לארץ־ישראל והצטרפו למחנה הבונים והלוחמים ויחד עם אלפים אחרים הנאמנים לאידיאל הנעורים הניחו את היסודות לעצמאות ישראל ולמדינת ישראל. וכמו חיים עומדים לפני עיני המראות המרטיטים את הלב, עת לווינו את חברינו שזכו לעלות לארץ ישראל. את לחיצות הידים החמות, את העינים הנוצצות מדמעה ואת ההורות הסוערות בחצר בית־הנתיבות של עירנו. ולעולם לא אשכח את חברינו היקרים שנשארו ולא זכו להגשים את שאיפתם וחלומם. ינון זכרם לעד!

הייתי בסרוצק שמונה שנים בגיל הנעורים היפים והתוססים. הושפעתי מהנוף היפה של העיר ומהדר הטבע שלה. שכנעתי את חברתי לעזוב את בית הוריה העשירים — בית בריל איצקוביץ — המכובד על הבריות. היא הלכה אחרי והצטרפה לחוג הפעילים, נעשתה קודם חלוצה ואחר כך אשתי. עלינו יחד ארצה והגשמנו את שאיפתנו ובנינו את ביתנו לרגלי הכרמל.

את אלה מחברי שלא הזכרתי אני מבקש סליחה, כי קצר המצע...

ברגש קודש הנני מעלה זכרם של משפחת אשתי: האב בריל איצקוביץ והאם בילצ'ה זכרונם לברכה; אחי אשתי מאיר, חניך הנוער הציוני, שסרב בעקשנות לציית לגרמנים ובחל להיות קאפו ולהרביץ לפועלים. ספג מכות־רצח אך עמד במבחן כקדוש. בזמן שהובילו אותו בקרונות הרכבת הסגורים יחד עם אלפי יהודים מעונים אחרים, קפץ מהרכבת בשעת מהלכה, נורה ונהרג בידי הרוצחים; הדוד משה זילברשטין, אשתו שפרה ובתם היחידה אלטילה, שנספו בידי זדים טמאים. יהי זכרם ברוך!

ש. ראזנטאל
(תל־אביב)

# זכרונות פון די קינדער־יאָרן

אין די צוואַנציקער יאָרן איז עס געווען. דעם טאָג דערמאָן איך זיך גאַנץ גענוי, אין אַ פרייטיק, די טיר האָט זיך אויפגעפראַלט, און דאבעלע, אונדזער שכנטע, איז געבליבן שטיין מיט פאַרבראָכענע הענט און אויסגערופן צו מיין מאַמען: „דבורה קרוין! דבורה לעבן! ס ברענט אין שטאָט! אַ שריפה, אַ גרויס אומגליק איז אונדז געשען!" אַ פאַרמאַטערטער איז מאָטל שמש אָנגעקומען פון מאַרק, טראָגנדיק די פיש אין דער רויטער פאַטשיילע. מיט זיין הייזעריק קול, האָט ער אין איילעניש געגעבן דעם גאַנצן סיפור המעשה, אַז פאַרגלוסט האָט זיך עטלעכע קליינע „שקצים": דעם איילמאַכערס זון, דעם תבואה־סוחרס זון און נאָך עפּעס אַ משוגענעם אַריינצוואַרפן טריפהנע בלעטלעך אין די וועגענער אויפן מאַרק. פּאָליציי האָט דאָס דערשנאַפּט, און די אַלע „חתנים" אונטער קלעפּ פון די נאַגייקעס פאַרבעטן אין די חד־גדיא. דער גאַנצער וועג פון מאַרק און אַרום איז געווען פול בלוט. דעם ערגסטן סוף פון אַלע האָט געליטן דעם איילמאַכערס זון — אים האָט דער הויכער פשאַדאָווניק געפּאַקט אין זיין בוידעם־שטיבל, אַ באַלאַדענעם איןביידע הענט מיט דער „גאָלדענער סחורה"...

נאָך דער שכנטעס פאַרלאָזן אונדזער שטוב, האָב איך איבערגעפרעגט די מאַמען, וואָס ס'האָט פּאַסירט. איך האָב באַקומען אַן ענטפער, אַז מ'טאָר נישט אַנטלויפן פון חדר, און ווער ס'טוט אַזוי, כאַפּט די פּאָליציי. אויף זומער האָט מיך מיין מאַמע געבראַכט אין חדר אַריין צו אברהם ליב דעם מלמד. דער רבי האָט מיך אַוועקגעזעצט ביי אַ לאַנגן טיש, וואָס איז געווען אויסגעזעצט אין צוויי שורות מיט יינגלעך. אין איין ווינקל איז געשטאַנען אַ הילצערנע „פריטשע", וווהין דער רבי פלעגט דעם, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט „פאַרשיקן" מיט אָנגע־דרייטע אויערן. די רביצן טשורטל, האָט יעדן טאָג אַרויפגעשטעלט אויפן לערן־טיש פאַרן רבין אַ טאָפּ הייס וואַסער און דאָרט איינגעבראָקט די דאַרע אַלטע שטיקלעך ברויט. דער רבי האָט געגעסן און געלערנט מיט אונדז, יעדן פרייטיק פלעגן מיר פריי זיין פון לערנען נאָכן האַלבן טאָג.

די מאַמע האָט מיר איין מאָל געגעבן אַ ווייס זעקעלע און געהייסן צוגיין צום טאַטן אין מיל. דאָרט האָב איך געטראָפן ממש אַ יריד וועגענער, אַריין און אַרויס, מ'וועגט, מ'שיט אויס די תבואה. דער ערשטער, וואָס האָט מיך דאָ

באַמערקט, איז געווען דער בעל־הבית, בכבודו ובעצמו — משה ראָזענבערג. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן בליציק, מיט צווײ גוטמוטיקע אויגן און אויסגערופן: „אליהו אהרן! אייער ייִנגל איז געקומען!" מײַן טאַטע האָט נישט געהאַט קיין צײַט זיך צו פאַרנעמען מיט מיר, איז צוגעגאַנגען צו מיר משה ראָזענבערג, געגעבן מיר אַ קניפּ אין בעקל, אויסגעפרעגט זיך מיר וועגן חדר, אָנגענומען מיך בײַ דער האַנט און אַרײַנגעפירט אין די מיל. מיט גרויס מי בין איך אָנגעקומען אַהיים צו דער מאַמען, אַ פאַרשוויצטער און אַ פאַרווייסטער פון דעם צעשאָטענעם מעל, ווײַל דאָס זעקעלע איז געווען צו אַלט און שוואַך. אַזוי פלעג איך כמעט יעדן פרײַטיק זײַן אַן אײַנגייער אין משה ראָזענבערגס מיל. די בעל־הביתטע פלעגט זיך באַקלאָגן אויף איר מוזיניק חנא (היינט אין ישראל) ווײַל ער וויל נישט גיין אין חדר, לויפט אַרום פאַרשמירט פון סמאָלע פון באָדן זיך אין דאַמף־וואַסערל נעבן דער מיל. אָט לויפט אָן טאַקע חנא׳לע מיט אַ שטיק טרוקן ראַזעווע ברויט אין מויל. מײַן טאַטע פלעגט דערויף תמיד מרמז זײַן בײַ אונדז אין שטוב און טענהן, אַז ער איז אַ גרעסערער בעל־הוצאה ווי זײַן בעל־בעל־הבית. אַלע יאָרן האָבן מיר געשפּאָרט, אָבער נישט פאַר זיך. ס׳האָבן שוין דערשנאַפּט גוטע מענטשעלעך, „געיאַוועט" זיך פאַר מײַן טאַטן מיט אַ פרומער מינע, געשלאָסן עפּעס אַ געשעפט, פון וועלכן מײַן טאַטע איז שטענדיק אַרויס אַ „גאָלענער", דערצו נאָך גוט אָנגעבראָכן די ביינער. דער שוואַרצער טאָג, פאַר וועלכן מײַן פאָטער האָט זיך תמיד געשראָקן און געשטרעבט ווי אַזוי זיך פון אים צו פאַרזיכערן, איז געקומען. אין אַ פראָסטיקן שבת פאַרטאָג אין יאָר 1926 איז די מיל אָפּגעברענט געוואָרן, און מיטן רויך איז אויך אַוועק זײַן פאָסטן.

אָנגעקומען בין איך אין חדר צו יהודה לייב דעם מלמד. זײַן ווײַב מיט מײַן פאָטער זענען געווען שוועסטער און ברודער. קיין ספּעציעלע פּריווילעגיעס האָב איך נישט געהאַט בײַ מײַן פעטער. נישט איין מאָל האָב איך אַרײַנגעכאַפּט פעטש. אַ שטיקעלע מזל האָב איך טאַקע יאָ געהאַט, וואָס מײַן פאָטער פלעגט מיר ס׳רוב פאַרהערן די סדרה, נאָר איין מאָל אין דער וואָך — דאָנערשטיק נאָך מיטאָג. ביז דעמאָלט האָב איך באַוויזן גוט אײַנחזרן. מײַן פעטער יהודה לייב ז״ל איז געווען אַ כהן. ער האָט געהאַט אַ שאַרף אויג, האָט אַלץ אויפגעכאַפּט, און ווײ איז געווען צו דעם וואָס האָט פּראָבירט אונטער־זאָגן און אַרויסהעלפן זײַן חבר. דער איצטיקער רבי מײַנער האָט פון תמיד געליטן אויף אַ ברענעכץ פון מאָגן. זומער און ווינטער פלעגט ער נוצן טרינק־סאָדע און עסן מאַנע־קאַשע מיט מילך. ווער פון די תלמידים עס האָט זיך פאַר־

זינדיקס, האָט באַקומען אַחוץ קלעפּ, אויך אַ פּאַרציע קללות מיט זאַפּטיקע, ווייכע רישן. דאָס האָט אַלץ נישט געשטערט, ער זאָל זיין באַליבט ביי דער גאַנצער משפּחה און אַלע פלעגן אַנקוועלן פון זיינע משלים און מעשיות. מיין מומע פלעגט מען, צוליב איר קליינעם וווקס, רופן שיינע רחל'ע. שלאָפן פלעגט זי קיין מאָל נישט, נאָר כאַפּן אַ דרימל זיצנדיקערהייט, ווי להבדיל אַ הינדעלע פאַרנאַכט. ביינאַכט פלעגט זי טאָפּיען חלב און מאַכן דערפון זייף און שפּעט ביינאַכט שלעפּן זיך אין וועגענער צו פאַרקויפן אין די שכנותדיקע שטעטלעך.

מיטן צווייטן פעטער מיינעם, דוד בערל, מיין מאַמעס ברודער, האָבן מיר זיך נישט אַזוי געחברט, צוליב זיין ווייב, די מומע מרים, וועלכע איז געווען אַ שטרענגע. וועגן וואָס זי האָט געזאָגט האָט מען געמוזט צושטימען, אַנדערש — איז זי געוואָרן בייז. געהאַט האָט זי אַ טבע צו משלען זאַכן און באַצייכענען: „די דאָזיקע", „דער דאָזיקער" — מעשה אינטעליגענטקע. אין דער משפּחה פלעגט די מומע אָנגיין מיט אַ ביינאָמען די „שוויענטאַ מאַריאַ". מיין טאַטנס ברודער, דוד בערל, איז געווען דער היפוך פון מיין טאַטן, ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון עולם־הזה, געשוירן זיך זיין שיין בערדל מיט אַ קמצל, די קליידער האָבן פון אים אַראָפּ־געבלאַנקט. די שוואַרצע גימזענע שטיוועלעך האָבן באַלויכטן דעם ברוק, געהאַט האָט ער אַ מאַיעסטעטישן גאַנג, מיט אַ באַצירט שטעקעלע אין דער האַנט. אין זיין שטוב האָט קיינער נישט פאַרשוועכט דעם „טאַטעשיס שטול", יעדן שבת אָדער יום־טוב נאָך דער סעודה, פלעגט זיין שאַ־שטיל — ווייל דער טאַטעשי שלאָפט.
געדאַוונט האָבן מיינע פעטערס צוזאַמען מיט מיין פאָטער אין „מזרחי"־שטיבל, אין יעקל ראָזענבערגס הויז, ווו זיין שותף יחיאל ראָזענבערג איז געווען דער טאָן־געבער. יחיאל ראָזענבערג, אַ טעמפּעראַמענטפולער פון דער נאַטור, האָט ליב געהאַט שמחות, סעודות ברבים, ער האָט ליב געהאַט, אַז קהל זאָל זיך משמח זיין אין אַן איינפאַכן שבת, שוין אָפּגערעדט פון אַ יום־טוב. פאַר הערשל קאַמאַשנמאַכערס (גראָסמאַן) אַ „אמר ר' אלעזר", אָדער אַ „אָבינו מלכנו", פלעגט ער באַלד מנדב זיין אַ פאַס ביר, אַ שטאָף בראָנפן אָדער ווייַן, אַנדערע פלעגן נאָכטאָן זייןביישפּיל אין אַ קלענערן פאַרנעם. דער הויכער צאַלקע איז שוין געווען דער „סאַרווער" און דער ברענגער פון דעם ביר, ווײַן א. אַ. וו. דער גבאי חיים הערש, דער מאָלער, האָט תמיד געהאַט אַ גוט געמיט. בעלי־תפילות זענען געווען געגנוג: אַלטער קאַשעמאַכער, יהושע האָפמאַן, דער גלעזער און מיין פעטער דוד בערל, וועלכער האָט געדאַווענט הויך, נוסח סיראָטאַ. מיין פעטער יהודה לייב איז געווען דער ממונה איבערן „לינת־הצדק", ווו דאָס גאַנצע שטעטל האָט געניצט, קעגן אַ משכן, וואַרעם פלעשער, באַנקעס א. אַ. וו.

לאַנגע יאָרן האָט פּראַקטיצירט אין סעראָצק אַ יידישער „דאָקטאָר", ישראל שמואל. פון פאַך איז ער געווען אַ שוסטער און ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגט ער „לאַטשען" אַלטע שיך, כדי צו פאַרדינען זיין „בידנע פּרנסה". אַז ס'פלעגט ווער „אַוועקפאַלן" אין שטעטל, האָט ער שנעל פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס שוסטער־פאַרטוך און פייל פון בויגן לויפן צום חולה. היילן פלעגט ישראל שמואל מיט באַנקעס, ספּירט־קאָמפּרעסן, מאַסאַזשן, ים־חזירלעך, פּיאַווקעס און פאַרשידענע קרייטעכצער. קיין באַלוינונג האָט ער נישט גענומען, האָט צוריקגעוואָרפן די מטבעות און געוואָרן דערפאַר ברוגז מיט יעדן ווער ס'האָט דאָס געפּרוווט טאָן. אויך גויים פלעגן אים וועקן אין מיטן נאַכט צו זייערס אַ חולה.

חוץ שוסטערס, שניידערס, פּישערס, קאַוואַליערס, סאַדאָווניקעס און מלמדים, האָבן יידן אין שטעטל געהאַט אַ שטאַרקע פויסט — די „דידאַקעס". געווען זענען זיי דריי ברידער מיט זין און טעכטער. זיי אַלע זענען געווען געבענטשט פון גאָט מיט גבורה, און דערמיט פאַרהיטן דאָס לעבן און כבוד פון דער גאַנצער עדה יידן אין שטעטל. דער עלטסטער פון זיי, שאַיע דידאַק, איז דעמאָלט געווען אַ ייד אין די פופציקער, אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, ממש אַ ריז; געהאַנדלט האָט ער מיט פערד און נישט איין מאָל געקומען אין סיכסוך מיט די פּאָליאַקן אויף אַ יריד. אַלע שטרייטן פלעגט ער לייזן אויפן פּשוטן אופן מיט זיין גבורה — פּשוט אַרויסכאַפּן אַן „ארטשיק" פון זייערס אַ וואָגן און געבן קלעפּ אויף רעכטס און לינקס. גיין פלעגט ער פּאַוואָליע. געשלעפּט האָט ער מיט זיינע זין אַ גאַנץ לעבן שווערע זעק. יעקל דידאַקעס זין זענען געווען די בעלי־עגלות. אויסערלעך מאָגערע, פלעגט דאָס גאַנצע שטעטל שקצים ציטערן פאַר זיי. דער דריטער ברודער משה דידאַק מיט די זין האָבן געשמאָלצן ביינער. בטבע זענען זיי אַלע געווען רואיקע, ווי לאַנג מ'האָט זיי נישט אָנגעטראָטן אויפן „אָטשיסק". און שלאָגן פלעגן זיי זיך נוהג זיין אויף „נאַס", ד. ה. מיט מעסערס און קינדזשאַלן זיי פלעגן אַלע אָפּגעבן כבוד טאַטע־מאַמע. באַזונדערס האָבן זיי אַלע געהאַט אָפּשיי און געגאַנגען ממש אין פייער אַריין פאַר די שטעטלדיקע משכילים זייער שוועסטער, מיט וועלכער די גאַנצע משפּחה האָט זיך געגרויסט, איז שוין געווען אַן אינגענייערין אין פּרץ־ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַרק, טיר־ביי־טיר פון שוסטער שטיינסקי. דאָ פלעגן קומען די אַלע „געכאַפּטע אין דער מעשה" זון פון בעלי־מלאכות. ס'האָט אָבער אויך נישט געפעלט דווקא בעלי־בתישע זין, ווי וואָלף גערוועד די ברידער קאַפּעטש, יאַנטשע קוזניצקי, יאָסל פיינבוים, פּייוול באַראַב א. אַ. וו.

די יוגנט דאָ איז געווען אַ לעבעדיקע און אַ דינאַמישע. כמעט יעדע וואָך פלעגט זיין אַ פאָרלעזונג אויף אַ פּאָליטישער אָדער ליטעראַרישער טעמע. ביי

דער פּרץ־ביבליאָטעק האָט זיך אויך געפונען אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס פלעגט אויפפירן פאָרשטעלונגען אין דער שטאָטישער געביידע אויפן פּולטוסקער שאָסיי. דער לעבעדיקער גייסט איז דאָרט געווען שלמה — ביילע שימעס (אָס־טראָווסקי), אַ פעסט געבויטער און שטענדיק פריילעכער מענטש. מיט מסירות־נפש און טאַלאַנט, פלעגט ער אויסשפּילן די צענטראַלע ראָלן אויף די טעאַטער־ברעטער; ער איז געווען פאַרליבט אין פוטבאָל. די גאַנצע צייט פון מעטש פלעגט ער נאָכלויפן ווי אַ קליין יינגל נאָך דעם באָל מיט די שפּילער און אַרבעטן אויף אַלע כלים מיט די הענט און פיס און שרייען „גיב אים, דערלאַנג אים". גאַנץ אָפט האָט פּאַסירט אַז אין גאַנצן אומשולדיק האָבן מענטשן באַקומען פון אים אַ „שטורכע" אין דער זייט, אָדער אַ קאָפּע אין די פיס. יעדער אַזאַ מעטש מיט אַן אויסערן שטאָטישער מאַנשאַפט, האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פּאַראַד איבערן גאַנצן שטעטל מיט אַן אָרקעסטער בראש, ווו ס'זענען געווען פאַרטרעטן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די נשמה פון אָרקעסטער איז געווען הערשל דער סטאָלער. ער האָט איינגעזאַמלט אין זיין הויז אַריין די אַלע יונגע־לייט, וואָס האָבן זיך איינגעשאַפט די בלאָז־כלים



אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט
צווישן זיי יענטא שפּילקא, שרה כהן און שרה שפּילקא.

פון זייערע פּאַרדינסטן. אין די אַוונטן נאָך דער אַרבעט האָט ער זיי געלערנט שפּילן ביז ער האָט דערלעבט נחת. אומדערוואַרטעט פאַר די פּאָליאַקן, אין דעם פּוילישן יום־טוב, 11טער נאָוועמבער, איז ער דערשינען אויף די גאַסן פון סעראָצק בראש פון אַ יידישן אָרקעסטער. די פּאָליאַקן האָבן געקריצט מיט די ציין פאַר קנאה און בושה, אָבער ס'האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן. ביים אויפשפּילן דעם הימן „יעשטשע פּאָלסקאַ" האָבן זיי אַראָפּגענומען די היטלען פון קאָפּ. אַזוי נישט ווילנדיק אויך אָפּגעגעבן כבוד די „זשידעס" מיט זייער אָרקעסטער.

ווי ס'איז דערמאָנט געוואָרן, האָט זיך די „מזרחי"־שול געפונען אין יעקל ראָזענבערגס אַ הויז. דאָרט האָבן זיך געפונען אַלע יידישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס: „השומר הלאומי", „בית"ר", „השומר הצעיר", וווּ ס'האָט תמיד געזשומעט מיט יוגנט אין סקויטישע, פאַרביקע קליידער. די איבונגען ביי די נאַפּאָלעאָנער־בערג, צופוסנס פון נאַרעוו, די הורה'ס און געזאַנג האָבן פאַר־הילכט דעם וואַרשעווער שאָסיי. קינדער פון פאָלק האָבן געבענקט נאָך ציון און נישט דערלעבט: זישע צוקער, שכנא פרידמאַן, כאַסקעלע פרידמאַן, יהושע האָפמאַן. יעדער איינער האָט געטראָגן טיף אין האַרצן אַ פעסטן גלויבן און געווען טאָלעראַנט. ווען די פּרץ־ביבליאָטעק האָט איינגעאָרדנט אַ בלימל־טאָג, האָבן ציוּ־ניסטן אויך געשפּענדעט, אפילו געקומען אויף זייערע פאַרלעזונגען. פון צייט צו צייט פלעגט מען אין שטאָט איינאָרדענען וויכוחים. אין איין טאָג, דערמאָן איך זיך, אויפן בעלעמער איז דער ערשטער אַרויף דער רב און גערופן יידן צו תשובה, און דער צווייטער איז געווען חנוך וואַרשאַווסקי (היינט אין ישראל) און גערופן צו פאַרלאָזן דעם גלות און גיין קיין ציון. דער לעצטער איז אויפגעטרעטן חיים קאָ־פּעטש. ער האָט אַלע מאָל גערעדט אין נוסח פון אַ פילאָזאָף. מען האָט דעמאָלט געשמועסט, אַז זיין רבי איז גאָר באַקונין. ער פאַרשטענדלעך האָט גערופן צו פאַרבלייבן דאָ און קעמפן פאַר „אַ בעסערן מאָרגן".

אַלט זייענדיק 10 יאָר האָב איך זוכה געווען צו האָבן פאַר אַ מורה מיין אייגענעם טאַטן. דאָס איז נישט געווען דאָס ערשטע חדר, וואָס מיין טאַטע האָט געפירט. ווי איך געדענק, האָט מיין פאָטער אין די יאָרן 1922 געפירט אַ חדר און אַ קינדער־גאָרטן ביי הענדזשען אין הויז, דערנאָך ביי יענקל צדוקן אין הויז, אויפן באַרג, און אין אַלטן רבס הויז. די תלמידים האָבן גערופן מיין טאַטן „מורה". מיין פאָטער איז געווען ליבעראַל צו די תלמידים, פלעגט קיין מאָל נישט אויפהייבן די האַנט אויף זיי. די שטיפער פלעגן דאָס נישט תמיד אויסניצן צום גוטן. יינגלעך פלעגן זיך אויך לערנען שרייבן יידיש, פּויליש, עברית און בוכהאַלטעריע. אויסער די אַלע דורכפאַלן, וואָס מיין טאַטע האָט



יוגנט פאַרווײַלט זיך

געהאַט אַ גאַנץ לעבן, פון וועלכן לצים האָבן געשפּעט, אַז פון זײַנע געשעפטן לאָזן זיך אויס „קוימענס", איז מײַן פאָטער אָנגעגאַנגען אַלס אַ משכיל אין יענער צײַט; זײַנע תלמידים זענען עס שפּעטער געוואָרן דער חוט השדרה פון גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַלע פלעגן זיי באַגעגענען זייער אַמאָליקן מורה און אים אָפּגעבן כבוד.

ווען ס'איז צו מײַן פאָטער דערגאַנגען די ידיעה, אַז אויך איך בין געוואָרן „געכאַפּט אין דער מעשה", האָט ער מיך גענומען אויף אַ שפּאַציר אונטער דער שטאָט, גערופן צו איבערטראַכטן און געעצהט צו לערנען, וואָס וועט מיר דערמעגלעכן צו שאַפן דעם גן־עדן אין מײַן לעבן. צו יענער צײַט בין איך לײַדער געווען טויב צו זײַנע אמתע ווערטער.

אין יענעם פרײַטיקדיקן טאָג האָט מען יאַנטשע קוזשניצקין מיט זײַנע חברים אַרעסטירט. נאָכן אָפּזיצן עטלעכע יאָר אין תפיסה, איז ער אַרויס אויף דער פרײַ און געשפּיגן מיט בלוט. ער האָט נאָך געקוקט אויף זײַנע חברים מיט גוטע אויגן ווי זיי וואָלטן זאָגן: „יאָ, פערזענלעך האָב איך פאַר דער „הייליקער זאַך" מײַנס געטאָן, איצט שלעפּט איר ווייטער דעם וואָגן". אין מיטן דער נאַכט אין אַ דאָר־נערשטיק האָט ער אויסגעהויכט זײַן נשמה. צומאָרגנס איז געווען די לויה. אויף זײַן קבר איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מצבה, וווּ ס'איז געווען אויסגעקריצט אַ בוים, מיט די באַקאַנטע אָפּגעהאַקטע צווײַגן, אַלס סימבאָל פון זײַן פרי פאַרשניטן ווערן פון לעבן.

**יעקב ברוכאַנסקי**
(ניו־יאָרק)

## דאָס שטעטל ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה

צופוסנס פון אַ קייט גערופענע „נאַפּעלעאָנער־בערג״ איז זיך אונטן געפּלאָסן דער טייך נאַרעוו, ווו ער האָט זיך אין צענטער צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם גרעסערן טייך בוג. פון אויבן האָט זיך רחבתדיק אויסגעלייגט דאָס שטעטעלע סעראָצק. ביים שיין פון וואַסער האָט עס אויסגעזען ווי אַ לאַנדשאַפט פון אַ מײַסטער אויסגעמאָלן. ווען מען איז אַמאָל אַרויפגעקומען פון אַ זומערדיקן אויסבאָדן זיך, דורכן באַרג, האָט דיר דאָס ערשטע מקבל־פּנים געווען דער וואַרעמער היימיש פיר־קאַנטיק פאַרבויטער מאַרק, און פון דאָרט צום צענטער — די קאָשטשושקאַ און די דריטע־מאַי־גאַס, וואָס זענען געווען באַזעצט מיט 95 פּראָצענט פון יידישע איינוווינער, אומגעפאַר 600 משפחות. דאָס שטעטל איז אַלט געווען אַן ערך 800 יאָר, און תמיד געווען אַ יידישער ישוב, וואָס האָט געצויגן זיין פּרנסה פון קליין־האַנדל, ווי: קרעמלעך פון ערשטן געברויך, בעלי־מלאכות, שוסטערס, שניידערס, סטאָלאַרעס, בעלי־עגלות און אַנדערע, וועלכע האָבן געלעבט פון אחינו בני ישראל און פון דער שטאָטישער און דאָרפישער פּוילישער באַפעלקערונג.

קיין גרויסע פאַבריקן זענען כמעט ווי נישט געווען אין שטאָט. צוליבן פעלן פון אַ באַן־ליניע האָט זיך קיין אינדוסטריע נישט אַנטוויקלט. די נאָענטע באַן איז געווען 7 קילאָמעטער אונטער דער שטאָט ביים פאָרט זעגזשע. צוליב דער זעלבער סיבה האָבן אויך געמוזט פיל פון די אויסגעוואַקסנדע יוגנט, כדי צו געפינען אַרבעט, אויסוואַנדערן קיין וואַרשע, און צו די נאָך נענטערע שטאָט לעגיאָנאָווע. די ווייט גרעסטע מערהייט איז איבערגעבליבן אין דער היים מיט די עלטערן אין סעראָצק ווו זיי האָבן געפינען באַשעפטיקונג.

די קינדער האָבן זייער אויסבילדונג באַקומען בעיקר אין די חדרים, ווי אויך אין די מער מאָדערנע אגודה אָדער חדר הכללי און ביי פּריוואַטע העברעישע לערער און מלמדים. פאַר די לעצטע 10 יאָר פאַרן 2־טן וועלט־קריג, האָבן אַלץ מער יידישע קינדער אויך אָנגעהויבן צו לערנען אין דער נייער פּוילישער פאָווסעכנער שקאָלע. אַ גרויס אָרט אין דער גייסטיקער געשטאַלטונג פון דער יוגנט האָט פאַרנומען די גרעסערע צאָל ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און אַנדערע קולטור־רעלע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך די פאָלקס־בילדונגס־ליגע מיט איר גרויסער

ביבליאָטעק, ספּאָרט־קלוב און דראַמאַטישן קרייז. אַלץ צוזאַמען האָט אַרויסגעגעבן אַן אינטעליגענטע, באַוווסטזיניקע יוגנט מיט אַ גוטן נאָמען אין דער אומגעגנט.

פון אַ גרויסער באַדייטונג פאַר ספּאָרט און פאַרווייַלונג פון דער יוגנט איז געווען דער טייך ווי אויך די אַזוי גערופענע נאַפּאָלעאָנער בערג. אָנהייבנדיק פון חדרדיקע ל״ג בעומר־פייערונגען מיט פייער־ווערק, ביז שומרישע און בית״רישע גימנאַסטישע איבונגען און מושטרירונג, געהיימע צונויפטרעפן און זיצונגען. אין משך פון פיל דורות האָבן אין זיך איינגעזאַפּט אָט די בערג פרייד, ליבע און פאַנטאַזיע פון דער באַגייסטערטער סעראָצקער יידישער יוגנט.

דער וואַרשעווער שאָסיי, אָדער די דריטע־מאַי גאַס איז אַלע מאָל געווען דער באַליבטער פלאַץ פאַר די שפּאַצירנדיקע אין די שבתים און יום־טובים. די געדיכטקייט איז געוואַקסן מיטן אָנקומען פון די געסט אויף יום־טוב פון דער גרויסער שטאָט, כדי זיך צו טוליען צו זייערע היימען אין שטעטל, וואָס האָט זיי שטענדיק געצויגן און געבינדן מיט פיל טויזנטער פעדעם.

מיט דעם אָנקומען קיין סעראָצק פון אַ נייעם קאַטוילישן גלח האָט זיך אָרגאַניזירט אַ נייע ענדעקישע אַנטיסעמיטישע פאַרטיי, וואָס האָט זיך שנעל איינגעגעסטעט. ווי אין אַנדערע פוילישע שטעט האָט זיך די מגיפה שנעל פאַרשפּרייט און גורם געווען כוליגאַנישע איבערפאַלן, און באָיקאָט אויף יידישע קראָמען, כדי געפעלן צו ווערן זייערע נאַצישע דייטשע שכנים, וועלכע האָבן די ערשטע געוויזן ווי אַזוי דאָס צו טאָן. אַ דאַנק די אין שטעטל גוט צוגעגרייטע יידישע זעלבסט־שוץ פון דער יוגנט און דער שטאַרקער האַנט פון די קצבים אין בעלי־עגלות, האָט מען אַרויסגעוויזן העלדישקייט אויף אייניקע ירידים און צוריקגעגעבן געזונטע קלעפּ די מאַרק־פּויערים, וואָס האָבן פּראָוואָצירט מחלוקות.

יהודה מענדזשעלעווסקי
(בת־ים)

# סעראָצקער יידן

מיר זעען אייך אומעטיקע, אָרעמע און בכבודיקע יידן. מיר זעען אייך הדרת־פנימדיקע שטאָלצע יידן, מיר זעען אייך אָפּגעהיטענע יידן גיין מיט די טליתים יעדן באַגינען אָפּגעבן אַ חוב דעם „רבונו של עולם", וואָס איר זענט אים שטענדיק שולדיק געווען, מיר זעען אייך זיצן אין די בתי־מדרשים ביז נאָך חצות און לערנען.

מיר זעען אייך אויך טייערע קינדער גיין פון די חדרים, חזרנדיק אויפן וועג די פּסוקים נישט פאַרענדיקטע אין חדר, מיר זעען אייך אויך פריילעכע, לוסטיקע קינדער גיין פון דער שולע, שפּרינגענדיק און טאַנצנדיק. מיר זעען אייך אויך קינדער אַרומשטיפן שפּילנדיק זיך ווער מיטן פּאַלאַנט, ווער מיטן פוטבאָל, ווינטער אויף דער גליטש מיט קוילן שניי אין די הענט. מיר זעען אייך אויך דערוואַקסענע בחורים און בחורות, טרוימער אידעאַליסטן און אויך די קעמפערישע יוגנט.



אַ יוגנט־גרופּע
דער ערשטער לינקס, אין דער צווייטער שורה פון אונטן איז שלמה אָסטראָווסקי



**אַ יוגנט גרופּע**

פון רעכטס צו לינקס, ערשטע שורה שטייענדיק:

**חוה בלומבערג, הערשל ראָזענפעלד, פייגע קאַפּעטש, אברהם יאַזשאַמבעק, פייגע ברעסלער, אברהם גוטקאָווסקי.**

צווייטע שורה זיצנדיק:

**פּיוול באַראַוו, חוה שטעלאַנג, הערשל זאַלצמאַן, גוטמאַן קאַלינאַ, ליבה חאימאָוויטש.**

דריטע שורה זיצנדיק:

**לאה זאַלצמאַן און דבורה קרעדא.**

מיר זעען די אַלע חברות, הילף־אינסטיטוציעס, פאַרשידענע פאַראיינען, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ריכטונגען, דעם באַרימטן יידישן אָרקעסטער, קולטור־ווינקלען און דראַמ־קרייזן.

אַ קליין שטעטעלע סעראָצק און אַזוי פיל ענערגיע, אַזוי פיל גייסטיקן כוח און אידעאַליזם ביז קרבנות גרייטקייט — יעקב קוזשניצקי, הערשל מענדזעלעווסקי און אַנדערע. ווער האָט נישט געקענט שלמה אָסטראָווסקין? — וויפל ענערגיע, וויפל כוח, מיט וויפל ענטוזיאַזם, מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג ער האָט אָרגאַניזירט דעם יידישן דראַם־קרייז אין סעראָצק, אַלע פאָרשטעלונגען באַ־אַרבעט דורך אים, זענען אַדורך מיט גרויס דערפאָלג. דער סעראָצקער דראַמע־קרייז האָט זיך געצײלט פון עטלעכע צענדליק חברים. שלמה אָסטראָווסקי, מיט זיין שאַרף אויג, האָט זיך דערקענט אויף יעדן באַזונדער: ווען עס איז אים געווען נייטיק אַ גוטע, האַרציקע מאַמע, האָט ער זי געפינען אין פייגע ברעסלער, און ווען ער האָט באַדאַרפט אַ ישיבה־בחור, האָט ער אים דערקענט אין אברהם



די פוסטבאַל־מאַנשאַפט

יאַזשאָמבעק. אַזוי אויך משה ברעסלער, פייוול באַראוו, רעלע גלאַדעק, וואָלף געראָווער, הערש זאַלצמאַן, רחל גרינבערג און צו לאַנגע יאָרן, שמואל ברוכאַנסקי און אַנדערע. אַזוי האָט יעדער געגעבן אומדערמידלעך זיין ביישטייער פאַרן סעראָצקער דראַמ־קרייז, אַוועקשטעלנדיק אים דערמיט איינעם פון די בעסטע אין דער גאַנצער אומגעגנט.

קיין צענטער פון אַרבעט צו קענען עקזיסטירן איז אין סעראָצק נישט געווען. דער רוב יוגנט זענען געפאָרן זוכן אַרבעט אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע, אָבער לאַנג איז דאָרט קיינער נישט געבליבן. עס האָט זיך געבענקט אַהיים. עס האָט געצויגן דאָס פאַרכישופטע שטעטעלע מיט אירע שיינע אַנטציקנדיקע נאַטור־לאַנדשאַפטן, אויך נאָך די שבת־באַגינענדיקע אויספלוגן אין די הערלעכע וועלדער, און די באַצויבערנדע סודותפולע קינסטלעכע בערג האָבן געמאַכט פאַרגעסן אין עצם עקזיסטענץ. עס איז קיין מאָל נישט געווען קיין שפּעטע שעה; אַן אינערלעך שטיל געזאַנג האָט זיך צונויפגעגאָסן פון שטילן שעפּטשען און פליסן פון דעם נאַרעוו. פריי, זאָרלאָז האָט זיך געלעבט אין דעם שטעטעלע, געדאַכט זיך אַז דער הימל איז דאָ קלאָרער, ליכטיקער, שענער און געטרוימט און געגלויבט אַז עס וועט קומען אַ גליקלעכע צוקונפט, אָבער ס'איז געקומען דער חורבן.

יהודה מענדזעלעווסקי
(בת־ים)

# דער פּריזיוו אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות

ווען עס איז געקומען די צייט צו שטעלן זיך צו דער מיליטערישער קאָמיסיע האָבן די סעראָצקער ייִנגעלייט, פּאָליאַקן און ייִדן, אין זעלבן טאָג געמוזט פֿאָרן אין די קרייז־שטאָט פּולטוסק. עס איז שטענדיק אויסגעקומען סוף פֿרילינג. אַ טאָג פֿאַר דעם פּריזיוו זענען די פּוילישע פּריזיוואָניקעס, אונטערגעהעצט דורך די ענדעקעס, געגאַנגען אין די ייִדישע געשעפֿטן און געפֿאָדערט אויסלייזגעלט, אַנדערש וועלן זיי ביי נאַכט אָנמאַכן אַ חורבן. די אייגנטימער פֿון די געשעפֿטן, וויסנדיק וואָס עס דערוואַרט זיי, האָבן זיך אויסגעקויפֿט, צאָלנדיק די כוליגאַנעס די געפֿאָדערטע סומע. ווייל איז געווען דעם יעניקן, וואָס האָט זיך געפּרוּווט אָפּדינגען. דער שאָדן ביי אַ זעלכן איז שוין ביי נאַכט געווען פֿיל גרעסער. פֿאַרן אַנגעזאַמלטן געלט האָבן זיך די כוליגאַנעס אָנגעטרינקען. נאָך אַזאַ ריכטיקן טרינק זענען זיי אין גאַנצן ווילד געוואָרן, געהאַקט און געבראָכן וואָס עס איז זיי אונטערגעקומען. ווע[ג]ענער פֿון נישט באַקאַנטע בעלי־עגלות האָט מען געקאָנט געפֿינען אויף צו מאָרגנס, איבערגעקערט און צעבראָכן ביי דעם נאַרעוו, באַרג־אַראָפּ, בערך אַ קילאָמעטער פֿון שטעטל. אַפֿילו טרעפּן פֿון די הייזער זענען געוואָרן אַרויסגעריסן און צעבראָכן. די וואָס האָבן זיך פֿריער אויסגעקויפֿט האָבן ווייניקער געליטן. די כוליגאַנעס האָבן צוליב דעם געפֿירט אַ רשימה.

די פּריזיוואָניקעס צום מיליטער האָבן זיך גערופֿן „לאָסאָוויקעס". די ייִדישע „לאָסאָוויקעס" האָבן זיך געהאַלטן באַזונדער און אויך נישט אויסגענוצט די אומזיסטע „פּאָדוואָדע" פֿון שטאָטישן מאַגיסטראַט, נאָר זיך צונויפֿגעלייגן צו פֿאַר גראָשן און געדינגען אַ בעל־עגלה צו פֿאָרן צום פּריזיוו קיין פּולטוסק, 21 קילאָמעטער פֿון סעראָצק. דער בעל־עגלה איז געווען לייבעלע צוקער (יאַנקעלע זעלדעס), זייער אַ דרייסטער און אַ שטאַרקער יונגערמאַן און אויך געקאָנט געבן אַ גוטן קלאַפּ ווען עס איז געווען נייטיק. לייבעלע צוקער האָט זיך אָפּט געפֿינען אונטערוועגס און געקומען אין באַרירונג מיט פּאָליאַקן איינער קעגן אַ סך. אָבער עס האָט קיינער נישט געוואַגט אַרויפֿלייגן אויף אים אַ האַנט, וויסנדיק, אַז עס וועט גלאַטיק נישט אָפּגיין.

אָבער דאָס מאָל, אין יאָר 1933, האָט זיך ביי די פּאָליאַקן אָנגעצינדן די

רציחה, וואָס עפּעס באַטייליקן זיך אויך יידן אין אַזאַ הייליקער זאַך ווי עס איז פּויליש מיליטער — און האָבן באַשלאָסן אָנלערנען די „זשידעס". אונדזער בעל־עגלה, פילנדיק אַז דער וועג אויף צוריק וועט נישט אַדורך גוט, האָט זיך געוואָנדן צו אונדז, אַז מיר זאָלן זיך שנעל אָפּפּאַרטיקן, ווייל ער וויל אַרויספאָרן פון פּולטוסק קיין סעראָצק אַ שעה פאַר די פּאָליאַקן, כדי אויסמיידן אַ צוזאַמענשטויס מיט זיי אונטערוועגס. ס'איז אָבער געשען אַנדערש: די פּאָליאַקן, זעענדיק, אַז דער בעל־עגלה מיט די „זשידעס" האָבן זיך „אָפּגעטראָגן", האָבן זיי גענומען יאָגן מיט זייערע „ריסאַרסקע ברישקעס" — געשפּאַנט צו צוויי פערד, און דעריאָגט לייבלס שוואַך פערדל אין דערפל קלוסקי — 4 קילאָמעטער פאַר סעראָצק. מיט ווילדע אויסגעשרייען „הוראַ נאַ זשידאַ"! האָבן זיי אָנגעהויבן אַראָפּשפּרינגען פון די „ריסאַרקעס" און מיט שטיינער און שטעקנס זיך געלאָזט צו אונדז. מיר האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן, נאָר לייבעלע איז געבליבן רויִק שטיין אויפן פלאַץ לעבן זיין פערד און וועגעלע, און שנעל אַ זאָג געטאָן: „די שוואַכע זאָלן זיך צעלויפן!" אַ טייל פון אונדז זענען זיך צעלאָפן ווי עס האָט זיך געלאָזט. נישט ווייסנדיק וואָס צו טאָן, און ווי צו לויפן, בין איך אינסטינקטיוו אַראָפּגעשפּרינגען אין דער ריכטונג קיין סעראָצק און געבליבן שטיין, אַן ערך פון 50 מעטער ווייטער פון די כוליגאַנעס. ס'איז אוממעגלעך צו באַשרייבן די העלדישקייט, וואָס עס האָט באַוויזן אונדזער בעל־עגלה, איינער קעגן 50 (און אפשר מער). פון איינעם צום אַנדערן איז ער געשפּרינגען אונטער שטיינער און שטעקנס; אַרויסגעכאַפּט פון איינעם אַ שטעקן און געהאַקט רעכטס און לינקס און געוואָרפן איינעם אויפן אַנדערן. אַנטוישטע האָבן זיך די כוליגאַנעס אָפּגעטראָגן און איך האָב גענומען לויפן ווייטער אין דער ריכטונג פון סעראָצק. פאַר מיר זענען אויך געלאָפן עטלעכע בחורים, אָבער איך בין געבליבן דער לעצטער. נאָכן דורכפאַל, האָבן די באַנדיטן געזוכט נקמה צו נעמען כאָטש אין עמעצן און אָנגעהויבן זיך יאָגן מיט די פערד נאָך מיר. איבער 2 קילאָמעטער בין איך געלאָפן מיט איבער מענטשלעכע כוחות ביז זיי האָבן מיך מיט זייערע פערד דערגרייכט. ווען איך האָב דערפילט 5 מעטער הינטער זיך דריי פון די באַנדיטן, מיטן געשריי „זשידאָווסקאַ מאָרדאַ — אובּיימי גאָ", האָב איך באַוויזן, אומגערעכט פאַר זיי, זיך צו געבן אַ דריי אַריין לינקס אין פעלד אין דער ריכטונג צום נאַרעוו. אין דער גרויסער נס איז געווען, וואָס עס איז דאָרט אַ באַרגיקע געגנט, אַזוי אַז די באַנדיטן, לויפנדיק נאָך מיר מיט אַן אימפּעט, זענען אויסגעקומען אונטערן באַרג. בכדי מיך צו דערגרייכן, האָבן זיי געמוזט צוריק אַרויפקריכן אויפן באַרג. אין דער צייט האָב איך זיך דערשלעפּט צו אַ הייזקע, וואָס האָט געהערט צו

איינעם אַ שוסטער, אַ פּאָליאַק. איך בין דאָרט אַריינגעפאַלן און דער שוסטער, אַ גוטער מענטש, האָט זיך שנעל אָריענטירט, גלייך פאַרשלאָסן די טיר און געכאַפּט אַ בליק דורכן פענצטער. ווען ער האָט דערזען דריי שקצים מיט שטעקנס אין די הענט זוכן אין אַלע ריכטונגען, האָט ער שנעל פאַרשטעלט דאָס פענצטער און אַפילו ביי מיר נישט געפרעגט, וואָס ס'איז געשען. איך האָב סיי ווי נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט — האָט ער מיך צוגעהאַלטן און געהאָלפן באַרויִקן.

ווען איך האָב ביסלעכווייז אָנגעהויבן קומען צו זיך, האָט ער מיך אַריינ־געלייגט אין בעט און אין עטלעכע שעה אַרום, פאַרנאַכט, איז ער אַוועק אין שטאָט צו מיינע עלטערן, זיי זאָלן מיך אַהיים נעמען.



דער סעראָצקער מאַגיסטראַט

**אלימלך הערשפינגער**
(קיבוץ אפק)

## אונדזער אַמאָליק היימשטעטל

אונדזער שטעטעלע סעראָצק איז בכלל נישט געווען אָפּגעשטאַנען פון די אַרומיקע שטעטלעך: אַ שול, אַ בית המדרש, שטיבלעך — גערער און אַלעקסאַנדרער, אַ רב, אַ דיין, אַ יידישע קהילה מיט דאָזאָרעס, און אַ פּאָרטגעשריטענע יוגנט. ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע גרופּירונגען — אויך לינק געשטימטע, אַ ביבליאָטעק און אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס פלעגט געבן עטלעכע מאָל אין יאָר פאָרשטעלונגען. דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט אַ מעכאַנישע מיל, וואָס האָט געהערט צו אַ ייד; סוחרים: גרעסערע, קלענערע און מאַרק־סוחרים; בעלי־מלאכות: האַנטווערקער, שוסטער, שניידער — כמעט אַלע האָבן געצויגן די פּרנסה פון דאָרף. אַ גאַנצע וואָך געווען פאַריאָגט און פרייטיק נאָך מיטאָג געלאָפן אין מקווה אַריין, אַרומוואַשן זיך און פון דעם וואָכעדיקן עול אָפּגעשאָקלט זיך און געוואָרן אַן אַנדערער מענטש.

אין שטוב — ביי איינעם מער און ביי וועמען ווינציקער, אָנגעגרייט אויף שבת, צוגערוימט די שטוב, דעם וואַרשטאַט, די ניי־מאַשין איבערגעדעקט מיט אַ ווייסע זאַך — מיט איין וואָרט: שבת אויף דער וועלט און אויך ביי אונדז אין שטעטל.

פרייטיקצונאַכטס, ווען דער עולם גייט פון דאַוונען אין שטוב אַריין, איז אַלץ איבערגעטאַן, אַרומגעוואַשן. דער געדעקטער טיש, מיט חלה ווי אויך ווייַן אויף קידוש, אַרום וועלכן די גאַנצע פאַמיליע איז געזעסן און נישט געיאָגט זיך ווי אין דער וואָכן. די יוגנט איז אַוועק אין זייערע אָרגאַניזאַציעס פאַרברענגען אויף זיצונגען, און ווער אויף טעאַטער־רעפּעטיציעס, אָדער צומאָרגנס שבת נאָכמיטאָג אַזוי גלאַט זיך אַ ביסל איבערגיין. זומער אין די היצן צו דעם טייך נאַרעוו, אויף דער פּלאַזשע, אָדער אויף די נאַפּאָלעאָנער בערג זיך אָפּרוען.

סעראָצקער יידן דערציילן, אַז ווען נאַפּאָלעאָן איז געגאַנגען מיט זיין מיליטער אויף רוסלאַנד, איז סעראָצק געווען ביי אים אַ וויכטיקער פּונקט: ער האָט געהייסן אָנשיטן בערג. שבת פאַרנאַכט — יונג און אַלט גייט אַזוי זיך אַרויס שפּאַצירן, מיידלעך אָנגעטאָן אין מאָדערנע קליידלעך, יונגע מענער מיט שיינע אַנצעגער, אויף דער הויפּט־גאַס, 3טער מאַי, פון ווו איין וועג גייט קיין וואַרשע אין איין זייט, און די צווייטע זייט — אין די קרייז־שטאָט פּולטוסק.

אין אונטס, ווער עס גייט זיך פּאַרוויילן, און ווער אויף קהילישע זיצונגען אין די יידישע פאָלקס־באַנק אָדער גמילות־חסדים־קאַסע, ווי אַזוי צו פּאַרטיילן די הלוואות.

איז מען אין מיין שטעטעלע געוואָרן געבוירן, דערצויגן, אונטערגעוואַקסן, חתונה געהאַט און פרישע דורות געבערענגט. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געפרייט, ווען עס איז ביי וועמען פאָרגעקומען אַ שמחה, און פאַרקערט — ווען עס איז ביי וועמען פאָרגעקומען אַן אומגליק, האָבן קינד און קייט, יונג און אַלט באַוויינט. רואיקע צייטן געווען, שלעכטע צייטן אַדורך. די עלטערע מענטשן ביים וואַרעמען אויוון ווינטער־צייט פלעגן דערציילן פון די צייטן, און די באָבע — ביים שלייסן די פעדערן און שנייצן די נאָז אין פאַרטוך — צו זיפצן און באַשטעטיקן: „יאָ, יאָ, קינדערלעך, אמת, אַזוי איז געווען". ביי שלעכטע צייטן האָבן יידן געזאָגט תהילים און אָפּגערופן גזירות. געווען גוטע יידן, וועלכע האָבן איינגעלייגט וועלטן פאַרן אויבערשטן, דאָס לעבן זיך איינגעשטעלט, געפאַסט יעדע וואָך, מאַנטיק און דאָנערשטיק, כדי ס'זאָל ווידער גוט ווערן. געווען צייטן אַזעלכע...

עס איז געווען סוף יאָר 1933. אָנהייב ווינטער איז געשטאָרבן מענדל באַבעק. ער פלעגט גיין טאָג־טעגלעך באַלד אין דער פרי דאַווענען אין שול מיט מנין אין שול געגאַנגען לערנען משניות. אַ טייערער און פשוטער ייד איז געווען מענדל באבעק. געלעבט נישט בלויז פאַר זיך, געהאַט אין זינען אָרעמע בעלי־מלאכות. ווען ער איז געשטאָרבן האָט דאָס גאַנצע שטעטל אים אָפּגעגעבן כבוד, ביז צום גוטן אָרט האָבן יידן געבעטן ביי אים ער זאָל זיך מיען פאַר כלל ישראל, ווייל עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער המן, אַ שונא ישראל, וואָס האָט אַ פּלאַן צו פאַרטיליקן אַלע יידן. געבעטן אים איינרייסן וועלטן פאַרן אויבערשטן... אָבער די טויערן זענען געווען פאַרמאַכט.

שלעכטע צייטן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר יידן אין פוילן פון 1936 ביז 1939, דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס איז געקומען צו דער מאַכט אַ פאַשיסטישע רעגירונג. זי האָט אָנגעהויבן מיט אַן עקאָנאָמישער אויסראָטונג פון די פוילישע יידן און געוואָרן פראָ־נאַציש. די פוילישע רעגירונג, מיט סקלאַדקאָווסקי בראש, האָט באַשלאָסן אַרויסצורייסן דעם האַנדל פון ידישע הענט, און דער פאַראָל „אָווששעם" איז געווען גענוג פאַר די פוילישע אַנטיסעמיטן. פראַנק און פריי איז אַרויס די פוילישע פרעסע מיט די גרעסטע זידלערייען אויף יידן. אויך אין אונדזער שטעטל סעראָצק זיינען נישט אָפּגעשטאַנען די פוילישע אַנטיסעמיטן: אָוועקגעשטעלט „פּיקעטן" ביי יידישע געוועל־

בער און נישט צוגעלאָזט פּאָליאַקן זאָלן קויפן ביי יידן, נאָר ביי די פריש אויפגעשטאַנענע פּוילישע סוחרים, אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער קריזיס ביי די סעראָצקער יידן.

אין וואַרשע האָבן זיך אַלע מאָל פּוילישע סטודענטן געלאָזט אויף די יידישע געגנט שלאָגן יידן; אויך אין די קליינע שטעטלעך, און סעראָצק אַריינגערעכט. מיר יידן אין פּוילן זענען געוואָרן הפקר. מען פלעגט זיך באַקלאָגן פאַר דער פּאָליציי אָבער די היטער פון דער אָרדענונג האָבן אונדז אויסגעלאַכט. דערנאָך איז געקומען דער פּאָגראָם אין פּשיטיק מיט דעם באַרימטן משפט קעגן דער יידישער יוגנט, וואָס האָט געהאַט די העזה זיך אַנטקעגן־צושטעלן. אויך אין בריסק און אין מינסק־מאַזאָוויעצק און נאָך שטעטלעך, ווערט הפקר יידיש האָב און גוטס, יידיש בלוט ווערט ביליק. שניידן אָדער אויסרייסן ביז בלוט יידישע בערד איז געווען אַן אָפּטע דערשיינונג, אויך אַרויסוואַרפן אין מיטן גאַנג פון צוג אַ ייד איז פאַר די פּאָליאַקן געוואָרן אַ פאַרווייַלונג. די אָנוועזנדיקע פּוילישע פרויען ווילן זיך דערביי און לאַכן אָפּ פון ייד, וואָס האָט זיך געבעטן און געוויינט, אַז ער איז אַ טאַטע פון קינדער. „טאַטעלע, מאַמעלע, קינדערלעך" — שפּעטן זיי נאָך. איז אַ ייד געגאַנגען אין דאָרף, איז ער צוריקגעקומען צעהרגעט און צעבלוטיקט. מיר זענען געבליבן אָן שוץ, די ערד ברענט אונטער אונדזערע פיס, מען איז מער נישט זיכער אין גאַס, אונטערוועגס און אויך שוין נישט ביי זיך אין שטוב. פון דייטשלאַנד הערט מען פון טאָג צו טאָג שלעכטע נייעס פאַר די דאָרטיקע יידן. אַלץ איז פאַר יידן פאַרשלאָסן — אַ שוואַרצע כמאַרע ריקט זיך אָן אויף אונדז.

די פּאָליאַקן פאַרנעמען פון די טשעכן דעם זאַאָלזע געביט, פון דריטן רייך קומען הויכע געסט באַזוכן די פּאָליאַקן. דער אויסערן־מיניסטער בעק האַלט אָן די בעסטע באַציאונגען מיט נאַצי־דייטשלאַנד. פאַרן סוף יאָר 1939 האָבן די פּאָליאַקן מיט זיך צו טאָן, טראָץ דעם פאַרגעסן זיי נישט צו פּייניקן די יידן. אויך אויף אונדזערע סעראָצקער יידן דריקט אַ שווערער לאַסט פון שרעק.

ישראל מארקעוויטש
(תל־אביב)

# מיין שטעטל

דער טאָג האָט זיך געשטעלט מיטן עפענען די קראָמען, די וואַרשטאַטן און די בעקערייען. מען פלעגט, נאָך האַלב פאַרשלאָפענע, לויפן קויפן געבעקס, ווער צו רייצע די בעקערין נאָך דעם געשמאַקן שוואַרצן קאָרן־ברויט, ווער צו זלאַטע די בעקערין — נאָך די פרישע פאַשלאַטקעס און די פלעצל מיט ציבל. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף פון מענטשן. מען האָט זיך געאיילט: ווער צו די קאַרעטעס צו פאָרן צו דער באַן — שפּעטער שוין מיט די אויטאָבוסן — קיין וואַרשע, און ווער צו דער אַרבעט, אָדער אין דאָרף. די יינגלעך זענען געגאַנגען אין חדר און אַ טייל אין שולע; די קליינהענדלער און דאַרפסגייער פלעגן זוכן ווי צו פאַרדינען אַ פאָר זלאָטעס אויפן טאָג פרנסה.

פאַר מיטאָג פלעגן זיך דרייען אויף דער גאַס דאָס ביסל יידישע אַרבעטסלאָזע. מ׳פלעגט זוכן ווי צו פאַרטרייבן די צייט, אַ טייל פלעגן זיך זאַמלען שמועסן פּאָליטיק ביי מאיר דעם שערער, און אַ טייל ביי בעריש ראָזענפעלד אין סאָדע־געוועלב. אין די אָוונטן פלעגט מען זיך זאַמלען אין די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, וווּ ס׳זענען געווען אָרגאַניזירט דער גרעסטער טייל פון דער סעראָצקער יוגנט. עס איז געווען דער קן „השומר הצעיר”, דער בית״ר א. אַ.

ווען איך דערמאָן זיך אין דעם קליינעם שטעטל סעראָצק, וווּ עס האָבן דורות לאַנג געלעבט אונדזערע נאָענטע און טייערע, זע איך פאַרשידענע געשטאַלטן און טיפּן פון דעם יידישן לעבן פון אונדזער שטעטל. יידן פון אַלע שיכטן האָבן געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר דעם טעגלעכן לעבן, ווער ביי אַרבעט און ווער ביי מסחר. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען גרויס, קיין פאַבריקן זענען נישט געווען. ס׳זענען געווען צוויי מילן וווּ ס׳האָבן געאַרבעט 90% פּוילישע אַרבעטער. דער מאַגיסטראַט האָט קיין יידישע אַרבעטער נישט באַשעפטיקט. יידן האָבן געאַרבעט נאָר ביי געוויסע פאַכן און ס׳איז נישט געווען גענוג אַרבעט פאַר אַלע. פאַרטאָג ווען עס איז נאָך געווען פינצטער, פלעגן יידן אויפשטיין און גיין אין שול אַריין דאַווענען. דער ערשטער איז געווען אברהם יאַנקל פּניעווסקי, ער פלעגט עפענען די שול און זאָגן תהילים ביז עס פלעגן זיך צונויפזאַמלען אַנדערע יידן און זיך שטעלן דאַווענען.

דער גרעסטער טייל אַרבעטער־יוגנט האָט זיך גרופּירט אין דער פאָלקס־

בילדונגס ליגע, וואָס האָט געגעבן אַ גרויסןביישטייער צו דער קולטורעלער אַנטוויקלונג. די ליגע האָט געהאַט אַ גרויסע און רייכע ביבליאָטעק, און צוויי מאָל אין וואָך פלעגט מען בייטן ביכער. ס'האָט זיך דאָרט געפירט אַ גרויסע טעטיקייט אויפן קולטורעלן געביט — אָנגעפירט דורך יאָסל פיינבוים, און אַ גוטער דראַמקרייז — אָנגעפירט דורך שלמה אָסטראָווסקי, וועלכער האָט אויס־געפירט די בעסטע זאַכן פון די יידישע קלאַסיקער. ס'איז געווען טעטיק אַ רע־פערענטן־קרייז מיט לעקציעס איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, סאָציאַליזם, ליטע־ראַטור; אויך רעציטאַציעס, קעסטל־אָוונטן און אַנדערע קולטורעלע אַטראַקציעס.

אַזוי האָט געלעבט דאָס קליינע שטעטל סעראָצק ביזן חורבן.



אַ הויז אין סעראָצק

קלמן קוליגאַווסקי
(בוענאָס־איירעס)

# געשטאַלטן פון מיין קינדהייט

(זכרונות)

אַלס יתום אין עלטער פון 3½ יאָר האָב איך אָנגעהויבן זאָגן קדיש נאָך מיין יונג פאַרשטאָרבענעם פאָטער ע״ה וואָס איז אַזוי יונג אַוועקגעריסן געוואָרן. צוויי מאָל אַ טאָג האָב איך אָנגעהויבן גיין אין בית־המדרש ווו מען האָט מיך אַרויפגעשטעלט אויף די באַנק נעבן בעלעמער. ס׳דערשיינט פאַר מיר די געשטאַלט פון ר׳ מענדל באבעק מיט זיין ווייסער באָרד, וועלכער האָט מיך אָפּגעהיט אַז איך זאָל זאָגן קדיש, ווי אויך דעם גרויסן גוטן ייד, ר׳ חיים־שלמה שוחט מיט זיין גוטן האַרץ, וועלכער פלעגט אַפילו ביים דאַווענען שמייכלען צו יעדן איינעם. איך האָב אָנגעהויבן צו גיין אין חדר אַריין: אַ זמן צו ר׳ אברהם לייב, אַ רבי פון אַמאָליקע צייטן. נאָך דעם בין איך געגאַנגען עטלעכע וואָכן צו ר׳ חיים יונה ע״ה און אויך צו ר׳ אפרים סאנדלער פאַר וועלכן די קינדער האָבן מורא געהאַט, אָבער ער האָט מיך געלערנט אויף אַ מער מאָדערנעם אופן. אויך ר׳ יהודה־לייב גוטקאָווסקי האָט אין מיר איינגעפלאַנצט אַ ביסל יידישקייט, הגם אַמאָל פלעגט ער געבן אַ שמיץ מיט אַ פּאַסיק, וואָס האָט געהאַט אַ קניפּל. אויך דער רבי הערש־אפרים באָגוסלאַווסקי איז געווען מיין מלמד, אָבער מיין ליבע מוטער רחל־לאה איז געווען מיין בעסטע לערערקע. זי האָט מיר אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ די ערשטע אותיות פון אלף־בית, נישט קוקנדיק אויף די שטענדיקע דאגות צו פאַרדינען אויף ברויט.

נאָך אַלס יינגל בין איך אַריין אין „בית״ר״ וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין די מיל פון בערל איצקאָוויטש און מאָטל מעלניק. פון דעמאָלט אָן האָב איך שוין אָנגעהויבן צו קלערן וועגן אַ יידישע מלוכה. אַזוי זענען מיר געוואַקסן צוזאַמען מיט אַ סך, וועלכע געפינען זיך שוין היינט אין ישראל. אפילו אין שווערע צייטן פלעגן מיר זיך צוזאַמענטרעפן און דיסקוטירן. איינער פלעגט וועלן איבערצייגן דעם צווייטן ווי אַזוי צו בויען אַ בעסערע וועלט, אַ בעסערע צוקונפט און בעיקר אַ יידישע מדינה. מען האָט שוין אָנגעהויבן איבערפאַלן יידן, ספעציעל אויף די מערק און יארידן; מען פלעגט באַפאַלן די יידישע קרעמער. דאָס יידישע לעבן איז געוואָרן באַדראָט. די פינצטערע ידיעות פון דייטשלאַנד זענען דעמאָלט דערגאַנגען צו אונדז אין שטעטל סעראָצק. ס׳איז כדאי דאָ צו דערמאָנען די יידישע העלדן פון יענער צייט. צוויי העלדישע יידן קעמפנדיק קעגן אַ ריזיקן המון געשטיצט פון דער פוילישער פאָליציי, האָבן דעמאָלט געגעבן די געהעריקע קלעפּ די איבערפאַלער. איך דערמאָן זיי מיט כבוד: מאָטל בארנ־שטיין (שאלקע שוסטערס זון) און הערשל פניעווסקי, אַפילו מיט איין האַנט (די צווייטע איז אים דעמאָלט געווען קראַנק) האָט ער מיט דרענגער געקלאַפּט אויף זייערע קעפּ.

היינט זענען נישטאָ מער קיין יידן אין פוילן. נישטאָ מער די יידן פון תורה און חכמה, ישיבות, שטיבלעך, חסידים, סוחרים און בעלי־מלאכהס.

געבליבן איז אַן אייביקע וווּנד.



**תעודת בית״ר** | תרצ״ג

שם המשפחה ...............

השם הפרטי ...... קלמן

קן בית״ר בעיר ...............

נדוד (או דרגא) ...............

תפקיד בקן (או בסניף) ...............

בארץ ...... פולין

ראש בית״ר

מפקד הקן

590

תעודת בית״ר פון קלמן קוליגאָבסקי

שמואל ברוכאָנסקי
(ניו־יאָרק)

# די סעראַצקער זעלבסטבילדונג־ליגע און איר טעטיקייט

די סעראַצקער ביבליאָטעק אונטערן נאָמען: „זעלבסט־בילדונג ליגע" האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער קולטורעלער אַנטוויקלונג און גייסטיקער געשטאַלטונג פון אַ גרויסן טייל פון דער סעראַצקער יוגנט.

געגרינדעט די ביבליאָטעק האָט אַ גרופּע חברים־פּיאָנערן אין אָנהייב פון די 20־ער יאָרן. דאָס שטעטל האָט ערשט אָנגעהויבן צו קומען צו זיך נאָך די צעשטערונגען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דער באָלשעוויסטישער אינ־וואַזיע. די שוין מער רייפערע אין קולטורעלן זין יוגנט האָט פאַרשטאַנען און געפילט די נייטיקייט צו שאַפן אַ קולטור־ווינקל, ווו די אַרבעטער־יוגנט זאָל זיך קענען צונויפקומען און באַקומען אַ קולטורעל־גייסטיקע דערציונג. די איניציאַטאָרן זענען געווען ענערגישע בחורים ענטוזיאַסטן און זיי האָבן זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דער אַרבעט. די גרינדער פון דער ביבליאָטעק זענען געווען: חיים קאַפּעטש (היינט אין אַרגענטינע), יחיאל־מאיר זאַכאַרעק, אברהם גוטקאָווסקי (גראַבסקי), יוסף פּיינבוים (היינט אין אַמעריקא), וואָלף געררוווער, שלמה אָסטראָווסקי, הערשל מענדזעלעווסקי און שרה סאַנדלער.

די ערשטע אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין שאַפן אַ ביסל געלט און באַקומען פון די מאַכט־אָרגאַנען אַ לעגאַלן סטאַטוס פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן זיך געווענדעט צום באַקאַנטן יידישן פּובליציסט און געזעלשאַפטלעכן טוער נח פּרילוצקי, דעמאָלט דער פירער פון דער יידישער „פאָלקס־פּאַרטיי" און די ביבליאָטעק איז לעגאַליזירט געוואָרן אונטערן נאָמען: „זעלבסט־בילדונג ליגע". אַ ביסל ביכער איז געלונגען איינצושאַפן פון אַ ביבליאָטעק, וועלכע האָט נאָך פריער עקזיסטירט אונטערן נאָמען „פּראָגרעס" — געגרינדעט פון שמערל אַשנמיל (היינט אין אַרגענטינע) און שמואל דאַנער (היינט אין ניו־יאָרק). מען האָט צונויפגעזאַמלט אַ געוויסע סומע געלט און איינגעקויפט נאָך אַ ביסל ביכער, געדינגען אַ לאָקאַל אין שטאָטישן מאַרק, און אָנגעהויבן ווערבירן מיטגלידער. מיט דער צייט איז די צאָל מיטגלידער געוואַקסן, און די טע־טיקייט האָט זיך פאַרברייטערט. די חברים חיים קאַפּעטש, יוסף פּיינבוים און אַנדערע, האָבן אָנגעהויבן פירן אַ פאַרצווייגטע ליטעראַרישע אַרבעט.

מען האָט איינגעאָרדנט עטלעכע מאָל אין דער וואָך קעסטל־אָוונטן, באַהאַנדלט פֿאַרשידענע אַקטועלע פֿראַגן פֿון ליטעראַרישן, סאָציאַלן און פּאָליטישן כאַראַקטער. מען האָט דיסקוטירט פֿאַרשידענע פּאַרטיי־פּראָגראַמען, לאָקאַלע געשעענישן א. אַ. וו. ס׳זענען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן פֿאַרשידענע זעלבסבילדונג קרייזן. מען האָט געלערנט ליטעראַטור און געשיכטע. עס איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אַ רעפֿערענטן־קרייזל, ווו מען האָט זיך געשולט עפֿנטלעך אַרויסצוטרעטן מיט רעפֿעראַטן. פֿון צייט צו צייט פֿלעגן מיר ברענגען אויף רעפֿעראַטן אָנגעזעענע רעפֿערענטן — שרייבער, דיכטער, פּובליציסטן אָדער ליטעראַטור־קריטיקער. ס׳איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם זייער פֿעיִקן און באַגאַבטן אַרטיסט שלמה אָסטראָווסקי, וועלכער איז אַ געוויסע צייט געווען אַ מיטשפּילער אין יוגנט־טעאַטער אין וואַרשע, אונטער דער רעזשי פֿון יוסף ראָטבוים.

שלמה אָסטראָווסקי האָט זיך אָפּגעגעבן דער אַרבעט מיט דער גאַנצער נשמה, און דער דראַמאַטישער קרייז איז געווען אונדזער שטאָלץ. דער דראַמקרייז האָט זיך כּסדר פֿאַרגרעסערט מיט נייע כּוחות און צווישן זיי — אויך איך בתוכם. פֿיל טאַלאַנטירטע יוגנטלעכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט ווו דאָס אַרויסצוווייזן. מיר האָבן אויסגעפֿירט די בעסטע פּיעסן פֿון די יידישע קלאַסיקער, ווי למשל: פּרץ הירשביינס („דער איבעריקער מענטש", „דער אינטעליגענט", „מרים") ; גאָרדינס („די שחיטה", „גאָט, מענטש און טייוול") ; שלום־עליכמס („דאָס גרויסע געווינס", „מענטשן") ; בערגעלסאָנס („דער טויבער") ; לייוויקס („הירש לעקערט") און פֿיל אַנדערע פּיעסן און איינאַקטער פֿון בעסטן יידישן רעפּערטואַר.

אונדזערע פֿאָרשטעלונגע האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג, און דער זאַל איז שטענדיק געווען געפּאַקט. עס זענען געקומען סיי אינטעליגענטע און סיי האָרעפּאַשנע יידן מיט זייערע משפּחות, און אַלע האָבן הנאה געהאַט פֿון אַ יידיש טעאַטער־ספּעקטאַקל. דאָס שטעטל האָט ממש אויפֿגעלעבט. אויך פֿון די שכנות־דיקע שטעטלעך: פּולטוסק, ווישקאָוו, נאַשעלסק, ראַדזימין און יאַבלאָנגע פֿלעגט די יוגנט קומען צו אונדזערע פֿאָרשטעלונגען. איניקע מאָל האָט מען אונדז אַרויסגערופֿן אין די שכנותדיקע שטעטלעך שפּילן, און מיר האָבן געהאַט גרויס דערפֿאָלג. די הכנסות זענען געגאַנגען אויף איינצוקויפֿן נייע ביכער. נאָך יעדער פֿאָרשטעלונג האָבן מיר צוגעקויפֿט עטלעכע הונדערט נייע ביכער. די ביבליאָטעק האָט שוין געציילט עטלעכע טויזנט ביכער.

אָבער נישט די הכנסות זענען געווען דער עיקר. דער דראַמקרייז האָט

אַריינגעברענגט פיל לעבן אין דער אָרגאַניזאַציע. די רעפעטיציעס, דאָס פאַרלייענען און באַהאַנדלען די ווערק האָבן אַריינגעברענגט אינטערעס פאַר ליטעראַטור און קונסט.

איך וויל דאָ אויסרעכענען אַ טייל פון די אָנטיילנעמער אין דראַמקרייז: שלמה אָסטראָווסקי, (רעזשיסער) — אברהם יאזשאָמבעק, פייוול באַראוו, משה ברעסלער, פייגע ברעסלער, הערשל זאַלצמאַן, שמואלקע ברוכאנסקי, משה גוטקאָווסקי, מאָשקע ווורובעל, מאַלע מענדזעלעווסקי, יידל מענדזעלעווסקי. פייוול גאל, דבורה קרעדאַ, שרה־ביילע גזשעביעניאַזש, משה־יאָסל אובאגי, יעקב ברוכאנסקי, הערשל ראָזנפעלד, פייוול פשיקאָרסקי, איטשע־לייב שטיינסקי. די דעקאָראַציעס האָט געמאָלן מיט טאַלאַנט מיין ברודער שעפסל ברוכאַנסקי, ער האָט אויך געמאָלן פאָרטרעטן פון די יידישע קלאַסיקער, וואָס האָבן באַצירט די ווענט פון דער ביבליאָטעק). פישל סטערדינער איז געווען טעכנישער לייטער. נאָך דעם ווי שלמה אָסטראָווסקי איז אַוועק קיין וואַרשע, האָבן מיר געשאַפן אַ רעזשי־קאַלעגיום פון אברהם יאזשאמבערק, משה־יאָסל אובאגי און דער שרייבער פון די שורות.

די ליגע האָט נישט בלויז געזאָרגט פאַר קולטורעל־גייסטיקע אַרבעט צווישן דער יוגנט, נאָר אויך פאַר זייער פיזישער אַנטוויקלונג. מיר האָבן געפירט אַ פאַרצווייגטע ספאָרט־טעטיקייט, ווי: פינג־פאָנג, באַסקעט־באָל; שפעטער אויך אַ פוטבאָל דרוזשינע פון עטלעכע בריגאַדעס. אַ ספעציעל באַצאָלטער אינסטרוקטאָר האָט טרענירט די מיטגלידער. מיר פלעגן איינאָרדענען מעטשן מיט דרוזשינעס פון דער פרעמד. אונדזערע ספאָרטלער פלעגן זיך אויסצייכענען מיטן גוטן שפילן. יעדעס מאָל ווען אַזאַ מעטש איז פאָרגעקומען, האָט דאָס שטעטל ממש אויפגעלעבט. דער יידישער אָרקעסטער האָט מאַרשירט איבער די גאַסן מיט די 2 בריגאַדעס, און דער עולם האָט זיך געלאָזט צום ספאָרט־פלאַץ, צום פאַרמעסט. דאָס האָט אַריינגעברענגט אַ ביסל הייטערקייט אינעם גראָען לעבן פון אונדזער שטעטל.

אַזוי איז די אַרבעט פון דער „זעלבסט־בילדונג ליגע" אָנגעגאַנגען ביז היטלער ימ"ש האָט אונדזער שטעטל פאַרניכטעט.

**יוסף פיינבוים**
**(אַמעריקע)**

# דער אָנהייב פון מאָדערנער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט

סעראָצק, ווי איינס פון די צענדליקער שטעטלעך בעת דער צאַרישער הער־שאַפט, האָט געהערט צו די טיפּישע יידישע ישובים אין זייער סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן — פאַרגליווערט און קאָנסערוואַטיוו אין לעבנסשטייגער. די יידן אין שטעטעלע סעראָצק זענען געווען אָן אַ פּערספּעקטיוו אויף אַ בעסערער צוקונפט.

די קליינע גרופּע יחידים מיט זייערע פאַרשידנאַרטיקע טעאָריעס זענען נישט געווען בכוח און נישט פאַרמאָגט קיין מעגלעכקייט צו ענדערן עפּעס אין דער ריכטונג פון אויפטרייסלען און ענדערן די געזעלשאַפט צו אַן אינטענסיוו קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ערשט אין 1915—1918, בעתן ערשטן וועלט־קריג, ברייטערט זיך אויס דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער יוגנט אין די קליינע יידישע ישובים. די יוגנט הייבט אָן צו זוכן אַן ענטפער אויף צענדליקער פּראָבלעמען און עס



**אַ יוגנט־גרופּע ביים נאַרעוו**

פון רעכטס צו לינקס:
**רחל איצקוביץ׳־טשעסנער (אין ישראל), יוסף פיינבוים (אין צפון אַמעריקע), פייוול באַראַוו, חנה ברוידא, ישראל וואלינסקי, רבקה קופּערבוים.**

אַנטשטייט אין סעראַצק די ערשטע מאָדערנע קולטור־אינסטיטוציע — די ביבליאָ־טעק און קולטור־קלוב א. נ. „פּראָגרעס".

עס איז כדאי צו דערמאָנען אַ ריי מענטשן, וועלכע האָבן מיט דעם טיפן ערנסט געטאָן די דאָזיקע אַרבעט: די ברידער אשענמיל, די פאַמיליע שטעלאַנג, גראָסבאַרד, קאָפּעטש, דאַנער, קליינמאַן, בלומבערג; און די יונגערע: אָסטראָווסקי, פיינבוים, גראָסבאַרד, גערווער, גאל יורקעוויטש, זאַכאַרעק יחיאל מאיר וואַרשאַווסקי פאסקאוויטש, טיקולסקי, פרידמאַן, טשעסנער, ראָזענבערג א. אַ. עס הייבט זיך אָן די גרויסע באַוועגונג אויפצוהייבן דעם קולטור־ניוואָ ביי דער יוגנט. די דאָזיקע „פּראָגרעס"־אינסטיטוציע אַנטוויקלט פאַרשידענע פאָרמען אין דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט ווי: ביבליאָטעק, קעסטל־אָוונטן, יום־טוב־פאַרוויילונגען, רעפעראַטן, דיסקוסיע־אָוונטן, ליטעראַרישע־משפּטים, דראַמאַטישע קרייזן, כאָרן א. א. וו. צו דעם צוועק אַנטשטייען אַ ריי אינסטיטוציעס. אויך יחידים פון דעם עלטערן דור ווערן אַריינגעצויגן אין דעם נייעם לעבן. עס הייבט אָן ווערן ליכטיקער און העלער אין דעם פינצטערן אַרום. עס אַנטשטייען די אָרגאַניזאַציעס „החלוץ", פּראָפ. כאַראיין, פאָלקס־בילדונגס־ליגע, „השומר הצעיר", „מזרחי" א. אַ. וו. עס הייבן זיך אָן ערנסטע און לאַנגדויערנדיקע וויכוחים וועגן נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַפרייונג, קונסט, ליטעראַטור, מאָלעריי, מוזיק. אין דעם פּרט זענען אָפּגעטרעטן אַלע אידעישע אונטערשיידן צווישן די קולטור־טוער; ליטעראַרישן אָוונט, דיסקוסיע אָוונטן קומען פאָר בשותפותדיק.

אונדזער שטעטל סעראַצק האָט זיך טיף איינגעבאַקן אין אונדזער האַרצן, דאָרט ווו מיר האָבן זיך דערצויגן, און דער בוג־נאַרעוו האָבן אונדז איינגעוויגט אויף זייערע כוואַליעס, דאָרט ווו דאָס „קאָכעדיקע ברונעלע" מיט די נאַפּאָלעאָנישע בערג האָבן זיך שטיל צוגעהערט צו אונדזערע לידער, צו אונדזערע ליבעס און אַנטוישונגען, ווו אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט, געשאַפן און דערצויגן נייע דורות. פון אַלעם איז גאָרנישט געבליבן.

איך בין געווען אין סעראַצק אין סעפּטעמבער 1964 און האָב אַרומגעשפּרייזט דאָס שטעטעלע אין דער לענג און אין דער ברייט. איך האָב געזוכט שפּורן און סימנים פון אונדזער הונדערט־יאָריקער געשיכטע אין סעראַצק...

ליידער: פּוסט און חושך. איך האָב געהאַט דאָס געפיל ווי די גאַנצע נאַטור דאָרט, צוזאַמען מיטן בוג־נאַרעוו, זיינען געבליבן יתומים. די גאַנצע שיינקייט אַרום איז פאַראומערט און פאַרזאָרגט, ווייל עס איז פאַרשניטן געוואָרן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון איר פאַרמעגן: די יידישע סביבה און אירע פאַרחלומטע יוגנט פון מיין שטעטעלע סעראַצק.

צבי אַפּעלבוים
(בית שמש)

# יידיש סעראָצק

סעראָצק איז אַ שטאָט וואָס איז אויסגעוואַקסן פון אַ דאָרף אין משך פון לאַנגע יאָרן אויפן שליאַך וואַרשע—זעגזשע—סעראָצק-פּולטוסק—מאַקאָוו אָנ־געהויבן צו בויען האָט זיך דאָס דאָרף אין ענדע פון 14טן יאָרהונדערט אויפן רעכטן ברעג פון די זיך צונויפגיסנדיקע טייכן: בוג און נאַרעוו, און זיך גע־רופן — סעראָצק אויפן נאַרעוו. מיט דער צייט ווען דאָס דאָרף האָט זיך אָנגעהויבן פאַרגרעסערן האָט מען אָנגעהויבן בויען הייזער אויף די דערבייאיקע בערג ווו ס'איז דורכגעגאַנגען דער שאָסיי וואַרשע־פּולטוסק.

געבויט איז עס געוואָרן ווי אַלע דעמאָלטיקע שטעטלעך: פוןביידע זייטן שאָסיי זענען אויפגעבויט געוואָרן איינשטאָקיקע פאַרטער־הייזלעך. קווער צום שאָסיי איז אין דער ריכטונג פון מאַרק אויסגעבויט געוואָרן איין גרויסע גאַס (א. נ. פון קאָשטשושקאָ) פון כמעט בלויז איינשטאָקיקע הייזער, ווו ס'האָבן זיך געפונען אַ סך געוועלבער, ווי אויך אַ יידישע פאָלקס־שול. פּאַראַלעל צו דער גאַס האָט זיך געפונען די אַזוי גערופענע שול־גאַס, ווו ס'איז געווען אויפ־געבויט די גרויסע הויכע שטאָטישע שול, אַ בית־המדרש, סתם הייזער און אַ קאַשע־מיל, וואָס האָט געהערט צו דער משפחה נאַוואַגראָדזקי. אַרויף צום שאָסיי צו, איז געווען אויסגעבויט אַ יידישע קוזשניע פון אבא־לייב פרידמאַן.

ס'זענען געווען נאָך עטלעכע גאַסן שיטער פאַרבויטע, ווי דאָס מקוה־געסל, ווו ס'האָט געוווינט דער רב פון שטאָט, און ווו ס האָט זיך געפונען דער סטאָליער וואַרשטאַט פון יעקב־אריה. פונעם מקוה־געסל האָט זיך געצויגן אַ גאָר קליינער ווינציק פאַרבויטער דורכגאַנג, ווו ס'האָבן געוווינט עטלעכע האָרעפּאַשנע יידישע משפחות, ביז צום קאַטוילישן קלויסטער.

דער מאַרק אַליין איז געווען אַ גרויסער פירעקיקער: פון אַלע זייטן הויכע איינשטאָקיקע הייזער און פאַרטער־הייזלעך. נאָענט צו דער הויפּטגאַס האָט זיך געפונען אַ ברונעם און אויפן גרויסן פּלאַץ פון מאַרק פלעגן זיך יעדן דינסטיק און פרייטיק צונויפפאָרן די פויערים פון די שכנותדיקע דערפער און פאַרקויפן לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן.

נאָכן ענדיקן דעם מאַרק האָבן זיך די פויערים געלאָזט אין די יידישע געוועלבער איינקויפן וואָס איינער האָט באַדאַרפט.

**רפאל פרידמאַן**
(חולון)

# סעראָצק — אַמאָל

דער יידישער ישוב אין סעראָצק האָט ביז זיין אונטערגאַנג געציילט בערך 250 יאָר. איידער דאָס שטעטל איז אַנטשטאַנען, איז האָרט פון יענער זייט נאַרעוו שוין לאַנג געשטאַנען דאָס דאָרף ארטשעכאווא, ווו עס האָבן געלעבט עטלעכע יידישע משפחות. סעראָצקער יידישע זקנים פלעגן צווישן זיך שמועסן, אַז דאָס איז געשעען צוליב דעם, וואָס די דעמאָלטיקע פוילישע מלוכה האָט גוזר געווען אַז יידן טאָרן זיך נישט באַזעצן אין סעראָצק, וואָס איז געווען אַ שטעטעלע פון בלויז גויים. דאָס שטעטל האָט זיך דאַן געניייטיקט אין יידישן האַנדל. די זקנים האָבן אויך דערציילט, אַז דאָס דערפל פאָפאָווא, וואָס ליגט אויפן וועג קיין ווישקאָוו, איז געווען אַ פריערדיקער ישוב פון סעראָצק. ווען אין סעראָצק איז שוין געווען אַ היפשער יידישער ישוב, האָט מען נאָך אַלץ געפירט מתים אויפן בית־הקברות אין פאָפאָווא. מיט יאָרן שפּעטער, ווען עס איז אַרויס די גזירה פון דער פּוילישער שלאַכטע, אַז יידן טאָרן זיך נישט פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט, זענען כרוב פאפאווער יידן אויך געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף און באַזעצן



אַ גאַס אין סעראָצק

זיך אין סעראָצק, אַזוי, אַז פון די צוויי דערפער מיט יידן האָט זיך געשאַפן דאָס יידישע שטעטל סעראָצק.

נאָך מיט יאָרן צוריק האָט מען אַ טייל סעראָצקער יידן גערופן ביים נאָמען צ. ב.: „דער פּאַפּאָווער ייד". איינעם אַזאַ ייד האָט מען גערופן „דער פּאַפּאָווער בעקער". כ׳געדענק אויך ווי איין מאָל בין איך מיט מיין זיידן, ר׳ חיים שלמה דער שוחט, געפאָרן קיין פּאַפּאָווע. דער שוחט איז אַהין געפאָרן שעכטן געגנדז. דער זיידע האָט מיר דערציילט, אַז פיל פּאַפּאָווער יידן האָבן, צוליב די אויבנדערמאָנטע סיבות, דעמאָלט זיך באַזעצט אין דעם ניי־געבויטן שטעטל סעראָצק.

ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט סעראָצק געציילט בערך 3000 יידישע נפשות. און כאָטש יידן זענען דאָרט געווען אַ מערהייט, האָבן די אָרטיקע גויים זיך באַמיט, אַז מען זאָל צורעכענען עטלעכע דערבייאיקע דערפער, כדי אַזוי־אַרום זאָל ווערן אויסגעקליבן אַ קריסטלעכער בורמיסטש.

די סעראָצקער יידן האָבן זיך מערסטנטייל פאַרנומען מיט האַנדל און מלאכה. אַזוי זענען קאָוואַלעס געווען נאָר יידן. אויסער מיין זיידע איז אין סעראָצק געווען נאָך אַ שוחט — ר׳ רפאל. צוליב מחלוקתן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן יאָרן, זענען דערנאָך צוגעקומען פון דער פרעמד נאָך צוויי שוחטים, ר׳ מענדל פון פּאָפּאָווע און ר׳ אליהו פון אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק.

דער אַלטער רב האָט תמיד אין זיין הויז געהאַט אַ מנין צו דאַוונען. עס האָבן ביי אים געדאַוונט די חברה־קדישא און סתם יידן. נאָך ביי זיין לעבן האָט די שטאָט אויפגענומען נאָך אַ רב — דעם ווישקאָווער רבס אַ זון.

*

אין סעראָצק, אויפן וועג צום בית הקברות, איז געווען אַ קוואַל, וועלכן מען האָט גערופן „דאָס קאָכעדיקע ברונעלע". סעראָצקער יידן פלעגן פון דאָרט שעפּן וואַסער און דערמיט וואַשן זייערע קראַנקע אויגן. קראַנקע יידן האָבן געגלייבט, אַז דאָס קוואַל־וואַסער איז פאַר זיי אַ רכואה שלימה.

ס׳איז געווען אַ ייד מיט אַ שוואַרץ בערדל, וועלכער האָט געהייסן נחומקע. ער פלעגט דעמאָלט אין די פאַרטאָגיקע סליחות־טעג קלאַפּן אין די פאַרמאַכטע לאָדנס, רופנדיק: „אין שול אַריין"! נחומקע פלעגט אויך יעדן פרייטיק פאַר ליכט־צינדן טראָמפּייטערן מיט אַ טראָמפּייטער, כדי די קרעמער זאָלן שליסן זייערע

געוועלבער. אברהם יאַנקל דער שמיד, געדענק איך, איז יעדן פאַרטאָג אַריינגעלאָפן מיט אַ ברעון אין בית־המדרש. אברהם יאַנקל איז תמיד געווען דער ערשטער צום ערשטן „מנין".



סעראָצקער יידישע זעלנער אין דער צאַרישער אַרמיי

סעראָצקער מלמדים זענען געווען: חיים יונה, רפאל מינקעס, דוד איציקס, חיים יהושע און אברהם לייב. נישט צו אַלע פון די מלמדים האָבן די חדר־יינגלעך געוואָלט גיין; זיי האָבן נישט געוואָלט גיין צו חיים יונה, רפאל מינקעס און „פלגי נזקא", דערפאַר, ווייל זיי האָבן געשלאָגן, און די אַנדערע מלמדים — נישט.

אין סעראָצק איז אויך געווען אַ מלמד, וועלכער איז געקומען פון ראַדזימין, כדי צו לערנען מיט דערוואַקסענע יינגלעך גמרא מיט תוספות..

אין יאָר 1922 איז אין סעראָצק, נעבן דער אַלטער אַפטייק, געגרינדעט געוואָרן דער „חדר יסודי התורה" אונטער דער השגחה פון דעם „אגודת ישראל" פירער — ר' איטשע שוואַרץ און אַנדערע. אויסער גמרא מיט תוספות, האָט מען דאָרט אויך געלערנט צוויי מאָל אין וואָך וועלטלעכע לימודים: חשבונות, פּוילישע שפּראַך און געשיכטע. די לימודים זענען געפירט געוואָרן דורכן יידישן לערער חיים יורקעוויטש פון פולטוסק.

בכדי צו לערנען מער די וועלטלעכע לימודים ווי אין „חדר יסודי התורה", האָבן פאַרמעגלעכע אויך געלערנט ביי דעם סעראָצקער משכיל אליהו אהרן ראָזענטאַל. מען האָט זיך אויך געלערנט העברעיש ביי חיים הערש קליינמאַן, דעם גלעזערס זון.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען פאַרבאָטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אַריינצופירן שפייז פון דערפער. צוליב דעם איז אין שטעטל אויסגעבראָכן אַ הונגער. יידן און פּאָלאַקן האָבן פאַר טייערע פרייזן אַהין אַריינגעשמוגלט שפּייז־פּראָדוקטן. און דער רוב יידן פונעם שטעטל האָבן נישט געהאַט קיין געלט עס איינצוקויפן. אין רעזולטאַט דערפון איז אויסגעבראָכן טיפוס און כאָלערע־עפּידעמיעס — און ס'זענען געווען אַ סך קרבנות.

*

אין יאָר 1920 האָבן די באָלשעוויקעס זיך דערנענטערט קיין סעראָצק. בעת אַ שטאַרקער שיסעריי אונטערן שטעטל איז אַריין אַ באָמבע און געהרגעט צוויי יידן — אַ זיידע מיט אַן אייניקל. באַלד נאָך דעם איז אַריין אַ צווייטע באָמבע נעבן הויז פון חיים שלמה שוחט און דערהרגעט די עופות־הענדלערקע מינקע, חיים דודס פרוי, און אויך כאַרוונדעט צוויי יידן.

נאָך דעם ווען די באָלשעוויסטישע אַרמעע האָט זיך צוריקגעצויגן פון סעראָצק, זענען אַריין די „האַלערטשיקעס" און באַלד זיך גענומען צו די יידן. זיי האָבן אָנגעהויבן ביי יידן רויבן, שלאָגן און רייסן בערד. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן גאַנצע דריי טעג.

אין יאָר 1922 האָט אין סעראָצק געהערשט אַ שטאַרקער עקאָנאָמישער קריזיס. די יוגנט, נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, האָט גענומען עמיגרירן קיין אַרגענטינע.

*

אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן זענען אין סעראַצק אויפגעקומען ציוניסטישע פּאַרטייען: „אַלגעמיינע ציוניסטן” און „מזרחי”. אַ ביסל שפּעטער איז אַנטשטאַנען דער „החלוץ”, מיטן שרייבער פון די שורות בראש. נאָך זיי האָט זיך באַוויזן די קאָמוניסטישע „ליגע”, וואָס האָט געפירט אַ קאָנספּיראַטיווע אַרבעט אונטערן מאַנטל פון דער יידישער קולטור־טעטיקייט. ביים סוף פון די צוואַנציקער יאָרן איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער „השומר־הצעיר” דורכן אומגע־



אַ סעראַצקער יידישער זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי

קומענעם יחזקאל פרידמאַן ז״ל און ליאַנקאַ גאָלדמאַן (היינט אין מדינת ישראל), ווי אויך דער „העובד הציוני”, אונטער דער אָנפירונג פון מיין אומפאַרגעסלעכן ברודער שכנא פרידמאַן ז״ל.

די ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן גענומען דערציִען די יוגנט אין ציוניסטישן גייסט. יעדע וואָך זענען געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן פון אָרטיקע און פון

פרעמדע ציוניסטישע רעדנער. גאָר אויסגעצייכנט מיט זיינע רעפעראַטן האָט זיך הענעך וואַרשאַווסקי (היינט — חנוך ורדי) פון „השומר הצעיר". אויך יוסף טיקולסקי האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף אונדזער ציוניסטישער יוגנט.

ווען ס'איז דערעפנט געוואָרן דער אוניווערסיטעט אין ירושלים איז אין סעראָצק געווען גאָר אַ גרויסע פייערלעכקייט. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל מיט יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער שטאָט־שול. מען האָט געטאַנצט און געזונגען אַ גאַנצע נאַכט און געזאַמלט געלט פאַר ארץ־ישראל.

די יוגנט האָט זיך גענומען גרייטן צו עליה. אַ טייל פון זיי האָבן דורכגעמאַכט די אַזוי גערופענע „הכשרה" אין גראָכאָוו און אין שטוטשין נעבן ביאַליסטאָק. אייניקע פון זיי האָבן טאַקע באַקומען סערטיפיקאַטן און עולה געווען.

**שלמה רבינוביץ'**
**(חיפה)**

# נצני החינוך העברי המודרני בסארוצק

סרוצק היתה עיירה בפולין שבה גרו יהודים רבים. רוב היהודים נתנו חינוך דתי לילדיהם. בתי ספר לעברית לא היו בנמצא. הילדים למדו ב„חדר" (כך נקרא אז בית הספר היהודי) המחנכים היו „מלמדים" או כפי שקראו להם „רבי". ילד שלא שמע בקולו, או שסרב ללמוד כפי שדרש זאת הרבי, היה מקבל עונש לא נעים כלל, בצורת מלקות, לעיני כל הילדים בחדר. שעות הלימוד היו משמונה בבוקר עד 6 בערב. הילדים ישבו בצפיפות על גבי ספסלים ליד שולחן ארוך, אחד מול שני, וכך היו לומדים. לימוד זה בחדרים נמשך עד גיל 14—15. רבים מהם המשיכו ללמוד אחרי זה בישיבה, אחרים הלכו לעבוד, מי לחנות של הוריו ומי למצוא מלאכה חדשה, וכל זאת מבלי אפשרות להתקדם.

באותו זמן רצו הורים רבים לתת לילדיהם חינוך מודרני. כמה הורים ששאפו לכך התאספו והחליטו על הקמת בית ספר עברי, שבו החינוך יהיה מודרני. נסעו



**המורה בבית הספר העממי הממלכתי, חיים יורקביץ עם קבוצת תלמידים**
עומדים בשורה הראשונה מימין לשמאל: **שמואל מרגוליס, שיינדיל ברנשטיין, חוה בהרב, שלמה רבינוביץ**
יושבים: **רבקה וולינסקי, רבקה בהרב, חיים יורקוביץ גיטהלה גרינברג**

בית הספר העממי הראשון בסרוצק — במרכז: המורה־המנהל הלפרין

לורשה ומצאו מורה לעברית, בשם הלפרין, בעל השכלה טובה, והביאו אותו לעירנו. כך נפתח בית הספר העברי הראשון בסרוצק בהנהלתו של המורה הלפרין. צורת הישיבה בכתות הלימוד שונתה: התלמידים לא ישבו אחד מול השני, אלא כולם עם הפנים למורה. חידוש נוסף שהוכנס בבית־הספר הוא לימוד בנים ובנות יחד. בית הספר מנה אז 30 בנים ובנות. התלמידים למדו עברית, חשבון ופולנית. התלמידים הצליחו מאד בלימודים, כיון שהמורה היה מצוין. כמו כן

רב היה רצונם ללימודים ולהורים היה סיפוק רב מילדיהם. אז התחילו הצרות: כשנודע בעיר כי בביה״ס לומדים לשון הקודש ותנ״ך בלי כובע על הראש, וגם בנים ובנות יחד, התרתחו הקיצונים הדתיים — בלילה אחד פרצו כמה לבית הספר, שברו את השמשות וחבלו ברהוט. כשהתלמידים באו למחרת לבית הספר עמדו נדהמים למראה התמונה המחרידה. אולם רב היה הרצון ללמוד: תוך זמן קצר תקנו את הכל, הלימודים המשיכו להתנהל כסדרם, אבל הרושם הרע נשאר בעינו. הדבר נודע לרב העיר, יהודי בן 80, תלמיד חכם ופיקח, הוא הזמין אליו את המורה הלפרין, התנצל על מה שקרה, אבל יחד עם זאת בקש מהמורה שלנו, לא ללמוד עברית ללא כובע ולהפריד בין הבנים והבנות. ביניהם התנהל ווכוח שנמשך כשעתיים ולבסוף הוסכם, שהבנים בזמן לימוד תנ״ך ושפה העברית יחבשו כובע, אבל המורה לא ויתר בענין לימוד מעורב של בנים ובנות. הלימוד עם המורה הלפרין נמשך כשנתיים וכולם היו מרוצים, אבל לצערם הגדול של ההורים והתלמידים, הוא היגר לארצות־הברית אל משפחתו, ואז נשאר בית הספר בלי מורה. זמן רב נמשכו חיפושים אחרי מורה חדש ובקושי הושג אחר, אלא לרוע המזל התברר, שהתלמידים יודעים עברית יותר טוב ממנו. לאחר מבחן שערך המורה החדש בשעור הראשון, הוא תקן שגיאות, שלא היו שגיאות כלל וכלל, למשל: כאשר התלמידים כתבו „עכשו״ תיקן המורה ל„אכשו״ עם אלף במקום עין. כמובן שההורים פטרו תכף את המורה הזה. החיפושים אחרי מורה אחר העלו חרס, ובית הספר התפרק. חלק מהתלמידים המשיכו בלימודים בבית הספר העממי העירוני, ואחר הצהריים — אצל המורה לעברית צבי קלינמן, שהיה היחיד שיכול היה ללמד את הילדים, וגם אני ביניהם.

דבר אחד בטוח: אלה שלמדו אז וקבלו את היסוד בבית הספר בו למד המורה הלפרין, ידעו ויזכרו את המורה שהכניס אותנו לאוירה הטובה שהשרתה השפה העברית על הנוער שגדל בעירנו. לדאבוני הגדול נשארו מהם אחרי מלחמת העולם האחרונה רק יחידים.

מלה מענדזעלעווסקי
(בת־ים)

# דאָס מאָדערנע חדר

צווישן אַלע סעראַצקער חדרים פאַרנעמט אַ בכבודיק אָרט אין די 20־ער יאָרן דאָס חדר פון ר' אלי־אהרן ראָזענטאַל ז"ל. ער האָט געדאַווענט אין „מזרחי" מנין און זיך אויך באַטייליקט לטובת „קרן קימת". דאָס חדר האָט פאַרנומען 2 צימערן מיט לאַנגע בענק צום זיצן, אַ לוח ווו דער לערער האָט פאַרטייטשט די לעקציעס פאַר זיינע תלמידים, און אַפילו אַ גלאָק צום קלינגען אויף אַ הפסקה אַזוי ווי אין אַ „שקאָלע", — אַ מאָדערנע שול.

אין חדר האָט מען געלערנט העברעיִש, תנ"ך, רעליגיעזע לימודים, אויך וועלט־לעכע קעגנשטאַנדן: חשבון, יידיש, געשיכטע, פויליש און אַפילו געאָגראַפיע.

אַ סך פון די לעבנגעבליבענע האָבן זייער ערשט ביסל וויסן: געשיכטע און ליבע צו ארץ־ישראל — באַקומען אין דאָזיקן חדר. ווער פון זיי געדענקט נישט די ערשטע העברעיִשע לידער: „על חלון, על חלון עמדה ציפור יפה", „שוען מתקתק תק־תק", „קוקוריקו קורא התרנגלות", אָדער „די סאָכע" געזונגען אין יידיש, און נאָך אַ סך אַנדערע לידער, אויסגעזונגען דורך זיינע תלמידים.

מיט קלענערע קינדער פון דער „פרעבלוווקע" אָדער „אָכראַנקע"־מיידלעך, האָט זיך פאַרנומען אַן אַנגאַזשירטע לערערין פון וואַרשע. יעדעס קינד האָט געהאַט אַ קליינעם לוח מיט אַ גריפל צום שרייבן און האָט אויך באַקומען יעדן טאָג אַ טעפּעלע קאַקאַאָ מיט אַ זעמל.

ווען די קינדער זענען געגאַנגען שפּאַצירן מיט זייער לערערין, זענען זיי אַלע געווען אָנגעטאָן אין בלוי־ווייסע פאַרטעכלעך און ווייס־בלויע גע־פלאָכטענע היטעלעך פון קרעפּ־פּאַפּיר, ווייל אויף שטאָף האָט מען נישט געהאַט קיין געלט, און סובסידיעס איז דעמאָלט נאָך נישט געווען אויף חדרים אָדער „פרעבלוווקעס". דאָס חדר האָט עקזיסטירט פון געצאָלטן שכר־לימוד, און נישט אַלע עלטערן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו מאַכן פאַר זייערע קינדער ספּעציעלע אוניפאָרמען פאַר דער „פרעבלוווקע".

דער מורה — אַזוי האָבן אים גערופן די תלמידים — האָט מיט אַ סך געדולד און איבערגעגעבנהייט געלערנט מיט זיינע תלמידים און זיך באַמיט צוהעלפן צו פאַרשטיין די לימודים דורך דערציילן משלים פון תנ"ך, און געשיכטע

כדי צום לערנען און וויסן, צו דערהייבן זייער מאָראַל און ליבע צו אַ חבר און נישט זיין קיין תקיף אויפן חשבון פון שוואַכן. און ווען ער האָט אויסגעפונען אַ תלמיד, וואָס איז פעיִק און וויל זיך לערנען, נאָר האָט נישט קיין געלט — פלעגט ער מיט טאַקט, אַז דאָס קינד זאָל, חס ושלום, נישט פילן זיך פאַרשעמט, צוריקברענגען אין חדר, אָדער אָפּגעבן באַזונדערע לעקציעס אפילו שבת. ער האָט קיינמאָל נישט געקלערט וועגן זיך, אַז ער דאַרף רוען. ער האָט נישט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק צו פעיִקע קינדער, און געהאָפט, אַז די טאַטעס וועלן שוין באַצאָלן, ווען זיי וועלן האָבן; אַ יתום האָט ער שוין ממילא מקרב געווען, פשוט געצוווּנגען אים צו לערנען. „יידישע קינדער דאַרפן זיך לערנען מיט וועמענס הילף ס'זאָל נישט זיין, אַבי לערנען. דער וואָס איז אינטעליגענט, וועט זיך שוין שפּעטער אַלץ אַליין דערוועררבן" — אַזוי האָט דער מורה שטענדיק געטענהט.

קיין גרויסע פּרנסה האָט ער פון חדר סיי ווי נישט געהאַט און געלעבט אין גרויס דחקות. עס זענען געווען עלטערן, וואָס האָבן געצאָלט רעגולער פאַר זייערע קינדער, אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, אַז זיי דאַרפן צאָלן, און דער מורה האָט נישט געהאַט דאָס האַרץ צו דערמאָנען דאָס דעם תלמיד. בכלל האָט ער געהאַלטן אונטער זיין כבוד צו מאָנען שכר־לימוד, ווייל דאָס דאַרף זיין זייער מאָראַלישער חוב און וויסן, אַז דאָס איז זיין פּרנסה. און ווען די נויט האָט שוין שטאַרק דערקוטשעט, פלעגט ער געבן זיין פרוי אַ רשימה ביי וועמען עס קומט געלט, אָבער זי פלעגט שטענדיק פאַרשעמט אַהיימגיין אָן אַ גראָשן און געוויינטיקט אויף אירע אייגענע און קינדערס מזל.

געהאַט האָט ר' אלי־אהרון ז"ל אויך אַ סוג תלמידים, עלטערע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן געענדיקט די שול; זיי האָט ער געגעבן לעקציעס עברית און בוכהאַלטעריע, און אַ סך האָבן שפּעטער געאַרבעט אַלס בוכהאַלטערס. אַ געוויסע צייט האָט ער אַליין געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער ביי משה ראָזענבערג אין מיל און שבת געגעבן לעקציעס, אָן געלט, פעיִקע, אָרעמע קינדער, ווייל פּרנסה האָט ער שוין דעמאָלט געהאַט. ער האָט זיך אויך געווידמעט פאַר קהלישע צוועקן: „מזרחי"און „לינת הצדק", — און בכלל העלפן אַנדערע בסתר, מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט.

נאָך דעם ווי די מיל איז אָפּגעברענט געוואָרן, האָט ער זיך ווייטער אָפּגעגעבן מיט לערנען קינדער, וואָס איז ווידער געוואָרן זיין מקור פּרנסה. געווען איז ער שטענדיק אַ בעל־בטחון און געהאָפט, אַז עס וועט נאָך גוט זיין.

היות קיין צרות האָט אין סעראָצק קיין מאָל נישט געפעלט, פלעגן צו אים קומען דערדריקטע און פאַרצווייפלטע, וועגן פאַרשידענער הילף. ר' אלי „האָ־

רינשי״ פלעגט שרייבן בריוו פאַר פרויען צו זייערע מענער אין אַמעריקע, און די בריוו האָבן כמעט תמיד מצליח געווען. די מענער פון מעבר־לים האָבן זיך אָפּגערופן און גלייך געשיקט געלט און מיט דער צייט אַריבערגענומען זייערע פרויען און קינדער צו זיך. ער פלעגט אויך שרייבן „פּראָשעניעס״ (ביטעס) אויף פּויליש פאַר אומגליקלעכע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפינען אין אַ עת־צרה. שטענדיק איז ער געווען גרייט יענעם גרינגער צו מאַכן. זיינע בריוו און „פּראָ־שעניעס״ האָבן געקאָנט „רירן אַ שטיין״ און די געליטענע פלעגן אויפגעריכט ווערן. ער פלעגט זיך מיטפרייען מיט זיי, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט געהאָלפן געוואָרן.

אָנהייב 30־ער יאָרן, ווען עס איז געווען אוממעגלעך זיך מפרנס צו זיין פון די לעקציעס און די קינדער זיינע זענען אויך אונטערגעוואַקסן, האָט ער פאַרלאָזט סעראָצק און אַריבערגעצויגן זיך קיין וואַרשע, וווּ ער האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער און אויך געגעבן לעקציעס אין עברית. געשטאָרבן איז ער אין יאָר 1938, שבועות. זיין פרוי, דבורה ראָזענטאַל, איז אומגעקומען אין וואַר־שעווער געטאָ. כבוד זייער אָנדענק.

יאָסל גראָסבאָרד ז״ל

# אונדזער שטעטל...

שטיל, רויִק און באַשיידן ליגט זיך אונדזער שטעטל צווישן ברייט פונאַנ־דערגעשפּרייטע פעלדער און לאָנקעס, צווישן בערג און וואַסער, ווי גאָט וואָלט עס בכוון פאַרזעען מיט אַלעם גוטן, ווי אַ טאַטע זיין איין־און־איינציק קינד; שמייכלט עס טאַקע צו אים, וואָס זעט, אַז די זון זאָל עס אַפילו פון אירע וואַרעמע שטראַלן אויך נישט קאַרגן.

לעבט זיך אונדזער שטעטל, ווי אַ וועלט, באַשיידן פאַר זיך און צווישן גאָטס גרויסע וועלטן, פאַרנעמט עס רויִק איר אָרט. די וואַסערן ביי אונדז, דער „נאַרעוו" און דער „בוג" פליסן זיך דורך ווי נישט באַמערקט אין זייערע ברעגן, ווי זיי וואָלטן די רויִקייט אין שטעטל נישט געוואָלט שטערן.

און שיין, אַזוי קינדיש־נאַיִוו, זעט אונדזער שטעטל אויס אין אירע געל גרויע פרילינגס־באַגינען, ווען דער מאָרגן ליגט נאָך אין טוי איינגעהילט און טוישט זיך אין די פאַרטאָג־זוניקע שטראַלן. דעמאָלט זעט עס אויס, ווי אַ ליב, האַרציק קינד אין אַ ווייכער מאַמע־שויס וואָלט זיך פון אַ שטיל־זיסן חלום אויפגעכאַפּט. און אין די פאַרנאַכטן, ווען דער זונס לעצטע, טונקעלע קופּער־



אַ סעראָצקער לאַנדשאַפט



ברוינע שטראַלן שטאַרבן אָפּ אין טייך, דרימלט איין אונדזער שטעטל אין דער האָפענונג אויף אַ פרישן פרימאָרגן...

*

און אַזוי, אין אַ פּליסיקער רויִקייט לעבט זיך אונדזער שטעטל — אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ זומער נאָך אַ פרילינג... ווי די צייט וואָלט דאָ קיין שליטה נישט געהאַט, ווערט עס קיין מאָל נישט אַלט — איז דער הימל דאָ קיין מאָל נישט פאַרכמורעט, בייז... זינגען שטענדיק דאָ די פייגל... גרינען שטענדיק דאָ די פעלדער!...

דאָס וואַסער, די בערג, די פעלדער, ווייסן אַ סך צו דערציילן פון מיידלשע טרוימען און יינגלשער בענקשאַפט. אָ, זילבערנע וואַסערן פון „בוג" און „נאַרעוו" דערציילט: וויפל קושן, אָפּגעפרעסטע אויף מיידלשע ליפּן אין שטילע פאַרנאַכטן אויף שיפלעך קליינע, באַהאַלט איר אין זיך; אָ, בערג! וויפל טרוימען געגאַרטע און בענקשאַפט, געהאַפטע — איז צעזייט איבער אייך; וויפל לידעלעך, צאַרטע פון מיידלשע הערצער, פאַרבענקטע פון פאַרלאַנגען נישט דערפילטע, ליגן סודותדיק אין אייך!...

יאָ, מיין שטעטל! יאָ, איר וואַסערן, פעלדער, בערג און טאָלן — רייך זענט איר אָן אַ שיעור.

— גאַנצע וועלטן פון צויבער ליגן אין אייך!... און דאָך — אַזוי נישט אָנזעבאַר; און — אַזוי רויִק און באַשיידן...

**מיין האַרציק שטעטעלע! מ'דאַרף זיין אַ טייל פון דיר אויסגעוואַקסן, אַ טייל פון דיר אויסגעבאָדן אין דיינע וואַסערן, אויסגעוואַרעמט אין דיינע שטראַלן, אַ שטיק כישוף פון דיר אַליין — מ'זאָל דיך דערקענען, מ'זאָל דיך דערפילן!... און דערפאַר ווייל איך בין אַ קינד פון דיין שויס געבוירן, און אין דיינע אָרעמס דערצויגן, און מיין האַרץ האָט ווי אַ רויז אין דיר אויפגעפלאַמט; און דערפאַר — ווייל מיינע יוגנט־שענסטע, געשפּינטע טרוימען זענען צעזייט איבער דיינע לאָנקעס און וואַסערן; און אין מינוטן, זיס־באַרוישטע — האָב איך ביז וואַנזין געטרינקען פון דיינע פאַרכישופטע נעקטאַר־געטראַנקען; דערפאַר — איז, ווי ס'לעבן וועט מיך אַ מאָל פאַרוואַרפן, ווי ס'וועט אַ מאָל נאָר מיין דופק קלאַפּן; אידעאַלן וועלן זיך טוישן, טרוימען וועלן פאַרשווינדן און ווערן פאַרגעסן, נאָר דיך, מיין קליין האַרציק שטעטעלע, — דיך וועל איך שטענדיק, שטענדיק געדענקען...**

(„אונדזער וואָרט" 1, פולטוסק, 1928)



**בים נאַרעוו**



די נאַציִשע מערדער אַמוזירן זיך ביים רייסן און פאַרברענען די בערד ביי יידן
(די פאָטאָגראַפיע איז גענומען פון „מורשת״ — אַרכיוו)

**משה גודעס**
(תל־אביב)

# חורבן סעראַצק

איך בין געקומען קיין סעראַצק מאָנטיק, כ״ב כסלו ת״ש, 4 דעצעמבער 1939, איין טאָג פאַרן גירוש און געהערט, אַז אין נאַשעלסק האָט מען היינט פאַרטריבן די יידן. מיין ברודער יאַנקל איז דעם טאָג געווען אין נאַשעלסק אין געשעפטס־ענינים און איז געוואָרן מיטגעטריבן מיט די נאַשעלסקער.

ביינאַכט בין איך געווען צוזאַמען מיט מיין קראַנקן טאַטן ר׳ יצחק הערש און מיין שוועסטער חייטשע יאניש־גודעס, פאַרטאָג האָט מען אָנגעהויבן קלאַפן אין די טירן. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז מען גייט אונדז פאַרטרייבן. דאַן האָט די מאַמע און די שוועסטער גענומען אויף זיך אַ ביסל וועש און איך האָב גענומען פון מיין שוועגערין יוכבד אַ זאַק מיט בעטגעוואַנט און וועש. ווען מען האָט געעפנט די טיר, זענען אַריין די דייטשן און באַפוילן אַרויסצוגיין און שטעלן זיך אין מאַרק. ווען מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז מ׳קאָן נישט פאַרלאָזן דעם קראַנקן טאַטן, האָבן זיי געזאָגט, אַז ער קומט נאָך אונדז. מיר זענען צו צום טאַטן און האָבן זיך מיט אים צעקושט. דער טאַטע האָט שוין קוים גערעדט, זאָגט ער צו אונדז: „ווו לאָזט איר מיך איבער?״ די דייטשן זענען נאָך געשטאַנען און אויף זייער באַפעל האָבן מיר געמוזט אַרויס פון שטוב.

קומענדיק אין מאַרק איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, באַלד איז געקומען אַ באַפעל פון די ס. ס.־מענער, אַז ווער ס׳האָט אַ וואָגן מיט פערד, זאָל אַהיימגיין איינשפאַנען די וועגענער צו פירן די קראַנקע מיטן בעטגעוואַנט. איך האָב געהאַט געליטן דערפון, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט דעם טאַטן אַליין, האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב אַ פערד מיט אַ וואָגן. איך בין צוריקגעגאַנגען אַליין אַהיים צו זען וואָס עס טוט זיך ביים טאַטן. צוקומענדיק נאָענט צו דער היים, זענען צו מיר צוגעגאַנגען צוויי שטורמיסטן און איינער האָט אויסגעשטעלט די ביקס מיך צו שיסן, און דער צווייטער האָט אים דערפון אָפּגעהאַלטן. איך האָב געמוזט צוריקגיין אין מאַרק אַריין נישט זעענדיק מער מיין טאַטן.

אין שטעטל איז געווען אַ יונגערמאַן, אפרים סאנדלער מלמדס אַ זון. שטייענדיק אין מאַרק זענען צו צו אים צוויי ס. ס.־לייט מיט רעוואָלווערן, צוגע־שטעקט אים צום קאָפּ צו שיסן, און דאַביי הילכיק געלאַכט. זיי האָבן אַזוי געהאַלטן די רעוואָלווערן ביים קאָפּ אייניקע מינוט. דער יונגערמאַן האָט שטאַרק

געוויינט און אַוועקגעקוקט אין דער זייט. נאָכדעם האָבן זיי אים אָפּגעלאָזט.

ווען עס איז געוואָרן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש. אויסגעשטעלט צו פינף, זענען מיר אַוועק פון סעראַצק. דער צוג איז געווען זייער אַ לאַנגער, און נאָך אונדז זענען נאָכגעפאָרן וועגענער מיט די קראַנקע: מענדל מאַרקע־וויטש, דער קצב, רחל צלאַלס, פייגע וועגנער און נאָך אַנדערע.

ישראל איסר הילער, אַ שניט־סוחר פון סעראַצק, וועלכן מען האָט נאָך פריער אַ פּאָר מאָל פאַרהאַלטן, כדי אויסצופּרעסן פון אים געלט, האָט מען בעתן טרייבן אַרויסגעלאָזט און ער איז געגאַנגען מיט אונדז צוזאַמען אין בלויזן קאָפּ, ווייל גלייך פון טורמע איז ער אַריין אין די רייען.

די פאָלקס־דייטשן האָבן אונדז געדראָט, אַז ביי וועמען מען וועט געפינען געלט, וועט דערשאָסן ווערן. די יידן האָבן מורא געהאַט און האָבן אויסגעליידיקט די קעשענעס און זיי אַלץ אַוועקגעגעבן.

אַלע עלטערע, וואָס זענען אָפּגעשטאַנען און נישט געהאַט קיין כוח צו גיין, האָבן געקריגן געשלאָגן מכות־רצח. אַזוי איז דער אַלטער לערער, יצחק בלאָכמאַן געוואָרן צעשלאָגן, וועלנדיק אויפן וועג זיך זען מיט מיין טאַטן און בלייבן כּון די לעצטע. מיט אַלע כוחות האָב איך אים אַריינגעשלעפּט טיפער צווישן עולם, ביז עס איז געלונגען אים אויף אַ פור אַרויפצוזעצן. קומענדיק קיין נאַ־שעלסק, איז שוין געווען פאַרנאַכט. מען האָט אונדז מיט קלעפּ צוגעטריבן צו דער נאַשעלסקער שול.

פאַר דער שול האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צוויי רייען פון שטורמיסטן און פאָלקסדייטשן און געשלאָגן מיט שטעקנס איבער די קעפּ. דער אַריינגאַנג אין נאַשעלסקער שול איז מיט אַ פּאָר טרעפּלעך אַראָפּצוגיין. פון שרעק האָבן מענטשן דאָס נישט באַמערקט, און איינער איז געפאַלן אויפן צווייטן.

די פערד און וועגענער מיטן גאַנצן באַגאַזש זענען באַלד קאָנפיסקירט געוואָרן אין נאַשעלסק. מיין ברודערס זאַק מיט בעטגעוואַנט האָב איך נישט אַראָפּגענומען פון אַקסל, אפילו אַריינגייענדיק אין שול. אַזוי האָב איך אָפּגע־ראַטעוועט זיין בעטגעוואַנט.

צווישן אונדז זענען געווען אַ סך יידן פון פולטוסק, פּאַפּאָווע, זאַטאָרי, זעגזשע א. אַ. אַריינקומענדיק אין שול האָבן מיר געזען אויפן אָרט פון אָרון־קודש, אַ האַקן־קרייץ. ווייטער איז אַלץ געווען אַרויסגענומען פון דער שול.

דערנאָך זענען אַריין די שטורמיסטן אין שול. מיר האָבן נישט געוווסט צו וואָס, און יעדער האָט זיך פאַר שרעק געשטופּט צו דער וואַנט. סוף־סוף האָט מען

אַרויסגענומען 10 מאַן אויף אַרבעט. צווישן זיי לייבוש שמערל ווינאָגראַד, דער קוואַשניק, (אַ פעטער פון מענדל הילער) און ישעיהו באַבעק (אַ קוזין פון יהושע דוד באַבעק). די אַרבעט איז געווען צו גראָבן אַ גרויסן גרוב, נישט ווייט פון דער שול. זיי האָבן באַדאַרפט אַראָפּנעמען אַלע קראַנקע פון די וועגענער און אויסלייגן זיי אין רייען אין דעם גרוב.

ישעיהו באַבעק (דער שוסטער) האָט אונטערגעהערט אַ געשפּרעך צווישן מיין קראַנקן טאַטן און מענדל מאַרקעוויטש.

מענדל קצב האָט געזאָגט צום טאַטן, אַז עס איז אים קאַלט. דערויף האָט אים דער טאַטע געענטפערט, אַז עס וועט אונדז באַלד זיין וואַרעם... דאָס הייסט, אַז ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מען גייט זיי שיסן. ווייטער גיט מען איבער, אַז מענדל קצב האָט געשאָלטן, געזידלט די דייטשן און זיי צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן האָבן אַ מיאוסן סוף.

די שיסער זענען געווען יונגע שקצים פון דער „לאַכע" (אַ דייטשע קאָלאָניע ביי סעראָצק) אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ שטורמיסט.

די 10 יידן האָט מען געהייסן זיך אויסדרייעןביים שיסן, נאָכן שיסן האָבן זיי באַקומען אַ באַפעל צוצושיטן די טויטע און האָבן דאַביי געזאָגט קדיש. זיי האָבן באַקומען אַ באַפעל אַריינצוגיין אין שול, ווו זיי האָבן אַלץ דערציילט.

דאָס איז פאָרגעקומען כ"ד כסלו ביי נאַכט אין דער שול.

מען האָט ווייניק אַרויסגעלאָזט דערליידיקן די באַדערפעניש, און, נישט קאָנענדיק זיך איינהאַלטן, האָבן די מענטשן עס געמוזט טאָן אין שול. צומאָרגנס, ווען ס'האָט געטאָגט, האָט מען אַרויסגעטריבן מיט שטעקנס און קלעפּ 4 קילאָ־מעטער צו דער באַן. זיי האָבן אין די שול פאַרהאַלטן אַ סך מענטשן ריין צו מאַכן מיט די נעגל האָט מען זיי געהייסן שנעל ריינמאַכן די ווענט און די פּאָדלאָגעס און דערביי זיי געשלאָגן. צווישן די פאַרהאַלטענע איז געווען מיין קוזין שלמה צאַלקעס. ער האָט דערנאָך אַלץ דערציילט. נאָך דעם האָבן זיי געמוזט לויפן 4 קילאָמעטער, צו דעריאָגן דעם עולם.

ביי דער באַן איז שוין געשטאַנען די גרענעץ־וואַך פון גענעראַל־גוווערנעמענט. סעראָצק און נאַשעלסק זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן צום דייטשן רייך און די יידן זענען געפירט געוואָרן אין פּראָטעקטאָראַט. די רוצחים האָבן אָנגעטאָן די גרעסטע סאַדיסטישע צרות די יידן, געהייסן דעם רבס זון, שלמה מאָרגענשטערן אָנטאָן די תפילין, און יעקב לעווינערן — זיך טובלען אין די בלאָטעס אין דער קעלט. ער האָט געוואָלט אויסטאָן פון זיך די אויבער־וועש,

כדי נאָכדעם אָנטאָן די טרוקענע קליידער, האָבן זיי נישט געלאָזט. דעם געפייניקטן האָט דאָס געקאָסט פיל געזונט און פאַר חרפה און קרענקונג, האָט ער לאַנג נישט געלעבט.

אין נאַשעלסק, וואַרטנדיק ביי דער באַן, האָט די גרענעץ־וואַך דורכגעקוקט יעדנס פעקל און פיל אַוועקגענומען און דערנאָך געטריבן מיט קלעפּ איבער די קעפּ ביז אין די וואַגאָנעס. איך אַליין, דורכקוקנדיק מיינע זאַכן, האָב געקריגן אַ קלאַפּ אין קאָפּ מיט אַ שטעקן. דער צוג איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן. מען האָט נישט געוווסט ווו מען פירט אונדז. דריי טעג און דריי נעכט האָט מען געפירט פון איין סטאַציע צו דער צווייטער. די דריי מעת־לעת אין באַן זענען מיר געווען אָן וואַסער. דאָס געוויין פון די קליינע קינדער נאָך ברויט און וואַסער איז אַרויפגעגאַנגען צו גאָט. זייגנדיקע קינדער האָט מען געפרוווט ראַטעווען מיט אַריינשפייען אין מויל אַריין. אין פיל ערטער האָבן פּאָליאַקן געוואָלט ברענגען וואַסער פאַר געלט, אָבער די דייטשן האָבן נישט געלאָזט. אויף אַ סטאַציע ביי־נאַכט, האָבן מיר געהערט עפענען די וואַגאָנעס און — שיסן. עס איז געווען פינצטער, און עראָפּלאַנען האָבן גערוישט. נאָכן עפענען די וואַגאָנען האָט מען אונדז געטריבן אויף דער פריי אָן באַגלייטונג קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק. די יידן פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסק דאַרף מען געבן אַ שבח, כמעט די גאַנצע שטאָט האָט אונדז אַנטקעגן געטראָגן וואָס איינער האָט נאָר געהאַט אין שטוב. דער אָרעמאַן האָט אַנטקעגן געטראָגן וואַסער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, זענען די יידן געוואָרן זאַט און אָנגעטרונקען דורך די ביאַלער־־פּאָדלאַסקער יידן.

יעדער איינער האָט אַהיימגענומען משפחות צו זיך אין שטוב אַריין. וויפל ער האָט געקאָנט. מיך האָט אַ געוויסער פרומער ייד, יעקב קאנא, איינגעאָרדנט ביי זיך. איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב אויך אַ מוטער מיט אַ שוועסטער, האָט ער זיי אויך אַריינגענומען.

זייענדיק צוויי וואָכן אין ביאַלא־פּאָדלאַסק, האָב איך געזען דעם גורל פון די סעראָצקער יידן. עס איז באַלד אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קיך מיט מנחם קראָנענבערג און יעקב דוד וואָלמאַן בראש, און ווער עס האָט זיך נישט געשעמט, איז געגאַנגען נעמען מיטאָגן.

פיל סעראָצקער יונגעלייט זענען אַריבער די ווייסל קיין בריסק אויפן בוג, — פיל דורך אַן אַנדערער געגנט. אַ טייל זענען אַוועקגעשטאָרבן אין ביאַלא־פּאָדלאַסק, אַ טייל — צווישן זיי אויך איך — זענען דורך מעזריטש אַוועק קיין וואַרשע.

עס זענען געווען צוויי צוגן פון נאַשעלסקער באַן־סטאַציע: איינער קיין ביאַלא־פּאָדלאַסק און דער צווייטער — קיין לוקאָוו.

## דאָס וואַרשעווער געטאָ

מיינע שוויגערעלטערן זענען אַריבער מיט זייער קנעפּלעך־פאַבריק פון ניישטאָט קיין וואַרשע און געאַרבעט ביי פּאָדעם־קנעפּלעך. אין דער צייט ווען איך בין געפאָרן צום פאָטער ז״ל קיין סעראָצק האָט מען אָוועקגענומען מיין פאַבריק אין נאָווידוואָר. דעם מאָטאָר, וואָס איך האָב געהאַט באַהאַלטן, האָט די פרוי געמוזט, צוליב אַ מסירה, אָפּגעבן די דייטשן אין משך פון איין טאָג. נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן אין נאָווידוואָר, איז זי אַוועק צו אירע עלטערן קיין וואַרשע.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון ביאַלא־פּאָדלאַסק, איז מיר דאָס בלוט קאַליע געוואָרן פון שרעק. איך בין געלעגן קראַנק ביי די שוויגערעלטערן אויף קאַרמעליצקאַ 8 אַ פּאָר חדשים און האָב זיך נישט געקאָנט נעמען צו קיין אַרבעט. נאָכדעם האָב איך געאַרבעט ביי פּאָדעם־קנעפּלעך.

ווען מען האָט געשמועסט וועגן אַ געטאָ, האָט מען אָנגעהויבן אַריינצופירן קיין וואַרשע שפּייז־פּראָדוקטן, און ווער ס׳האָט נאָר געהאַט שכל, כוח און געלט, האָט זיך אָנגעגרייט געגנוג עסן. איך אַליין האָב אָנגעגרייט דריי מעטער קאַרטאָפל, אַ מעטער מייערן און אַ קליין מילעכל צו מאָלן גערשטנקאַשע, וואָס מען האָט געקאָכט צוזאַמען מיט קאַרטאָפל.

בעת די דייטשן האָבן געשלאָסן דאָס געטאָ, האָבן זיי נאָר געזוכט וועגן ווי אַזוי צו שליסן אַלע צוגענג. ווען מען וואָלט נישט אַרויסגעטריבן די יידן מיט כוח פון געטאָ, וואָלט מען זיך נאָך אפשר געקענט אַן עצה געבן מיטן עסן, וואָס איז אַריינגעשמוגלט געוואָרן פון דער פּוילישער זייט אויף דער יידישער זייט. די קאָזשע גאַס איז געווען יידיש אין איין זייט, און פון דער אַנדערער — פּויליש. די דייטשן האָבן פאַרמאַכט די פענצטער פון יענער זייט, כדי נישט דורכלאָזן עסנוואַרג פאַר יידן. דאָך איז דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע עסן פאַר דאָס יידישע וואַרשע דורך רערן. די יידישע טרעגער האָבן דערביי שווער געאַרבעט, ריזיקירנדיק מיט זייער לעבן.

פון טאָג צו טאָג איז אין געטאָ געוואָרן ערגער. מענטשן זענען געפאַלן אין די גאַסן פון הונגער. די חברה־קדישא האָט געמוזט פירן 10 מתים אין אַן עגלה. ביי יעדן הויז האָט מען געפונען טאָג־טעגלעך געשטאָרבענע פון הונגער.

ס׳זענען באַלד אויסגעבראָכן פלעקטיפוס און אַנדערע עפּידעמישע קראַנקייטן.

נאָך יעדער רייניקונג פון אַ הויף מיט פלעקטיפוס, האָט מען געטריבן נאָך צוויי וואָכן אין באָד אַריין, דערביי זענען פיל געפאַלן פון הונגער. נאָכדעם האָט מען יונגע מענטשן אָנגעהויבן כאַפּן אויף אַרבעט, פון וועלכע זיי זענען מער נישט צוריקגעקומען.

## אין נייסטאָטער געטאָ

איך אַליין האָב איבערגעאַרבעט מיין פּאַס אויף עלטער, אָבער ווען איך האָב געזען, אַז מען נעמט עלטערע אויך, האָב איך זיך אָנגעהויבן אויסבאַהאַלטן. ווען איך האָב געזען, אַז די יידישע פּאָליציי קומט מיט אַ ליסטע ביינאַכט כאַפּן יידן, בין איך אַריין אין דעם אַליין אויפגעבויטן אויוון פון ברויט. אַ סך מאָל בין איך אַרויף אויפן פּערטן שטאָק און זיך באַהאַלטן אונטער די ברעטלעך פון אַ בוידעם.

ווען איך האָב געזען, אַז מען קאָן שוין נישט זיין מער אין דעם וואַרשעווער געטאָ, בין איך אַוועק קיין נייסטאָט.

אויף מיאַדאָווע גאַס זענען געשטאַנען דריי וואַכן. אויף דער יידישער זייט — יידן און אויף דער פּוילישער זייט — פּאָליאַקן, און אויך אַ דייטש. דער יידישער פּאָליציאַנט האָט גענומען צו 5 מאַרק און איינגעטיילט פאַר אַלע דריי. איך בין אַדורכגעגאַנגען, ווייזנדיק אַ שטיקל פּאַפּיר.

קומענדיק אויף דער פּוילישער זייט מיט אַ לאַנגן ווינטער־פּאַלטן טראָגנדיק אַ פּעקל, זענען באַלד צו מיר צו אויף מיאַדאָווע גאַס צוויי שקצים און כלומרשט אויס רחמנות אויף מיר געזאָגט, אַז מ׳וועט מיך דאָ באַלד כאַפּן, ווייל כ׳גיי אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן פּאַלטן און מיט אַ פּעקל. זיי לייגן מיר פאַר אַדורכפירן קיין פּראַגע. איך האָב דעם פּרייז געגעבן (פינף זלאָטעס) און זיי האָבן אונדז אַריינגענומען אין דערמיט און מיר זענען געגאַנגען ביז פּראַגע. אונטער דער בריק האָבן זיי מיר אַלץ אַוועקגענומען, אפילו דעם טלית מיט די תפילין און געדראָט, אַז ווען כ׳וועל רעדן איין וואָרט, ברענגען זיי מיר גלייך דייטשן. זיי האָבן מיך באַזוכט און צוגענומען דאָס גאַנצע געלט און איך האָב שוין געקאָנט זאָגן: „כי במקלי עברתי את הירדן הזה״. צוגעקומען ביז פּעלצאָוויזנע, איז געשטאַנען אַ דייטשע וואַך, אָבער זיי זענען געווען באַשעפטיקט מיט כאַפּן אַ גרויסן שמוגל ביי אַ פּאָליאַק, און מיר זענען אַדורך בשלום קיין לעגיאָנאָווע.

אין לעגיאָנאָווער געטאָ האָבן מיר גערוט שבת. איך בין געגאַנגען דאַווענען

אין אַ שטוב און דאָרט געטראָפן פיל סעראַצקער יידן: העניך פּאַסקאָוויטש מיט די קינדער און אייניקלעך; פסח קאַניער און אַנדערע. געעסן האָב איך ביי פּייוול הילער.

שבת־צו־נאַכטס האָב איך זיך פאַרבונדן מיט אַ שמוגלער־גרופּע צו גיין קיין ניישטאָט. איך האָב פאַרקויפט דאָס לעצטע העמד און פאַרן געלט האָב איך באַקומען 1 ק״ג ברויט, וואָס איך האָב געגעסן מיט דער פרוי גייענדיק קיין ניישטאָט. אויפן וועג זענען מיר געגאַנגען דורך וועלדער ביז מען איז צוגע־קומען צום טייך נאַרעוו. דאָרט איז געווען די גרענעץ צווישן רייך און גענעראַל־גאָווערנעמענט. דורך סימנים מיט ליכט־באַטעריעס האָבן די קריסטלעכע שמוגלער אונדז איבערגעפירט אין אַ שיפל און גענומען 5 מאַרק פאַר אַ קאָפּ. פאַרטאָג זענען מיר אַריין אין די נאַשעלסקער וועלדער. דאָרטן איז דער הויפּט־שמוגלער אַוועק פון אונדז, און מיר זענען אַליין געגאַנגען דורכן וואַלד ביז הינטער ניישטאָט.

הינטער דער שטאָט האָבן געאַרבעט 100 יונגע יידן, וועלכע דער יידן־עלטסטער האָט געמוזט צושטעלן צו דער אַרבעט. די אַרבעט איז באַשטאַנען אַרויסצונעמען גרויסע שטיינער פון די פעלדער, וואָס האָבן געשטערט צו אַקערן. די שווערע גרויסע שטיינער האָט מען געמוזט צונויפברענגען אויף איין פּלאַץ און מאַכן מעטער־שטיינער צום פאַרקויפן און איבערשיקן צו דער באַן. דאָס געלט האָט דער דייטשער בירגערמייסטער צוגענומען. דער בירגערמייסטער איז געווען פון שלעזיען, גערעדט פויליש און דייטש, אַ געפערלעכער שונא־ישראל. ער האָט זיך נישט גערירט אָן דער גומענער נאַגייקע. נאָך דער אַרבעט פלעגן די יידן „אָרגאַניזירן" וואָס איינער האָט נאָר געקאָנט, עפּעס האַנדלען, קויפן ביי גויים און אַריינברענגען אין שטעטל צו עסן.

מיט די יידן האָב איך זיך פאַרבונדן און מיט זיי צוריק, נאָך דער אַרבעט, אַריין אין שטעטל. אַזוי בין איך מיט זיי אויך אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט, ווייל איך האָב געוואָלט עפּעס האַנדלען און פאַרדינען. אויפגעפּאַסט אויף אונדז האָבן פּוילישע, אָרטיקע שקצים.

פיל מאָל האָט געטראָפן, אַז דער בירגערמייסטער איז אונדז אַנטקעגן גע־קומען בעת מיר זענען געגאַנגען צוריק פון דער אַרבעט און אונדז רעווידירט, אָבער זיין באַדינער און באַגלייטער איז געווען אַ פּוילישער שייגעץ, וואָס איז געוואָרן גוט באַצאָלט דורך דער יידישער קהילה. ווען דער בירגערמייסטער האָט אים געהייסן איינשפּאַנען, האָט ער אַזוי לאַנג געשפּאַנט, ביז ער האָט מודיע געווען די יידן, זיי זאָלן דאָס מאָל גאָרנישט מיטנעמען.

מיט דער צייט האָבן די שקצים נישט מער געוואָלט אַוועקלאָזן אונדז פון דער אַרבעט. מען האָט דעריבער מער נישט געקאָנט האַנדלען גייענדיק צו דער אַרבעט. איך האָב באַשלאָסן אַליין צו גיין אין די דערפער האַנדלען.

12 אַ זייגער ביינאַכט בין איך אַדורכגעקראָכן דעם פּאַרקאַן, וואָס איז געווען אַרום געטאָ, און איך האָב זיך געפונען אויף דער פּוילישער זייט. מיין פרוי, וואָס האָט מיך באַגלייט ביז דער פּוילישער זייט האָט די נאַכט זיכער נישט געקאָנט שלאָפן. קומענדיק אין הויז פון דעם אַפּטייקער אויף דער פּוילישער זייט, האָב איך זיך אַרומגעקוקט צי מען זעט נישט קיינעם און בין אַריין אין קירכע־הויף.

איינמאָל, אַריבערגייענדיק אויף דער פּוילישער זייט, האָט מען מיך באַ־לויכטן מיט אַ לעמפּל און אָנגעהויבן נאָכיאָגן. איך בין אַריין צום אָרגאַניסטער אין הויף און זיך באַהאַלטן צווישן געהאַקט האָלץ. אַזוי בין איך געלעגן אַ פּאָר שעה און האָב אונטערגעהערט צו מען גייט נישט. ווען איך האָב געזען אַז עס טאָגט און מען וועט מיך כאַפּן צו דער אַרבעט אויף דער פּוילישער זייט, האָב איך באַשלאָסן צו גיין ווייטער. איך האָב מיך געלייגט אויף אַלע פיר און זיך אַרויסגעריקט פון דעם הויף. איך בין צו צום פּאַרקן פון דער קירכע און אַזוי ליגנדיקערהייט געקראָכן אַ שטיק וועג. פּלוצים איז מען צו מיר צוגעשפּרינגען. איך האָב געמיינט, אַז כ׳בין שוין פאַרלוירן.. דאָס איז געווען אַ פּוילישער היטער פון געטאָ. איך האָב אים עפּעס געגעבן און אויך געמאָלדן, אַז מאָרגן קום איך ווידער.

דורך סטעזשקעס אין קאָרן אין די פעלדער, בין איך אַוועק 8 קילאָמעטער. גייענדיק אין וועג דורך אַ וואַלד, האָב איך זיך געלייגט שלאָפן. דאָס איז געווען מיין ערשטער תענוג אָן פּחד צו שלאָפן. נאָכדעם בין איך ווייטער געגאַנגען ביז איך בין אָנגעקומען אין אַ דאָרף. איך האָב דאָרט פאַרקויפט אָנציגער, פלר־שענע קאָלדרעס און טישטעכער, און באַקומען דערפאַר אייער און הינער. אַ גאַנצן טאָג האָב איך מיך אין דאָרף נישט אַרומגעדרייט נאָר אַרויף אויף אַ סטאָדאָלע און איבערגעשלאָפן. ווען איך בין געוואָר געוואָרן, אַז ס. ס.־לייט געפינען זיך אין דאָרף, בין איך אַוועק אין אַ בית־שמוש.

פאַרנאַכט ווען עס איז געוואָרן רואיק אין דאָרף, בין איך ווידער אַרויס האַנדלען. גייענדיק ביינאַכט אַהיים איז געווען פינצטער און מען האָט קיינעם נישט געזען פאַר די אויגן. איך בין נאָר געגאַנגען לויט אַ שטערן. איינמאָל ווען קיין שטערן זענען נישט געווען, בין איך געגאַנגען לויטן זכרון, און צוליב אַ קרייצונג אין די וועגן, אַוועק אין אַן אומבאַקאַנטן דאָרף. אין דער סביבה

זענען געווען אַ סך דערפער פון פאָלקס־דייטשן. עס בלייבט מיר נאָר אויפמאַכן אַ טיר און אַריינפאַלן צו אַ פאָלקס־דייטש. אָבער באין ברירה ווען ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן, האָב איך באַשלאָסן יאָ אַריינצוגיין. עפענענדיק אַ טיר, האָב איך צו מיין גליק, געטראָפן באַקאַנטע גויים. איך האָב זיך אַנטשולדיקט, אַז איך האָב געבלאָנדזשעט און בין ווייטער אַרויס מיטן געדאַנק צו גיין אַהיים.

איינמאָל האָט געטראָפן אַז איך האָב מיך באַגעגנט ביינאַכט מיט אַ מענטש, וועלכער איז געשטאַנען פון דערווייטנס און זיך נישט גערירט פון אָרט. ס׳איז געווען שטאַרק פינצטער און איך בין געבליבן פאַרשטיינערט אויף מיין אָרט. דער מענטש, ווייזט אויס, האָט געמיינט, אַז איך בין אַ ס. ס.־מאַן און איך האָב געמיינט פאַרקערט. אָבער אָפּשטייענדיק אַ 10 מינוט, איז דער מענטש פאַרשוווּנדן.

איינמאָל, (דאָס איז געווען פאַר פסח 1941), בין איך אַרויס אין אַ דאָרף און געטראָגן צו פאַרקויפן אַן אַנצוג, אַ רעגן־מאַנטל, אַ שטיק שניט־סחורה און אַ פּלושענע קאָלדרע אַרום זיך. קומענדיק אין אַ הויז, האָב איך פאַרגעלייגט די זאַכן צום פאַרקויפן. דאָרט האָט זיך מיט מיר פאַרבונדן אַ יידישער בחור, פּלוטניק, פון ניישטאָט, און צוזאַמען האָבן מיר געקויפט 150 אייער. פון דער־ווייטנס האָט אונדז באַמערקט אַ דייטשער סעקוועסטראַטאָר. ער האָט אָנגעהויבן שרייען: „האַלט״! ער איז געווען פון אונדז בערך 200 מעטער. זאָגט דער חבר צו מיר, אַז מיר זאָלן אַנטלויפן. איך האָב נישט געהייסן אַנטלויפן, מחמת ער האָט זיכער געווער און אין פעלד איז נישטאָ קיין שוץ קעגן אים. מיר זענען געלאָפן און באַהאַלטן די 150 אייער אין הויף. דער רשע איז אויך אַריין אין הויף און האָט אונדז פאַרהאַלטן. באַמערקנדיק די באַהאַלטענע אייער, פרעגט ער אונדז, וואָס מיר טאָן דאָ. מיר האָבן געענטפערט, אַז מיר אַרבעטן אין דער סביבה. ער האָט אונדז אַריינגענומען אין אַ שטוב פון אַ קריסט, אים פאַראַנט־וואָרטלעך געמאַכט פאַר אונדז און אַליין געגאַנגען ברענגען אַ וואָגן אונדז אָוועקצופירן. אין דער צייט האָב איך די זאַכן אַוועקגעלייגטביים קריסט. ווען ער איז צוריקגעקומען מיט דער פור, האָב איך געהאַט אויף זיך נאָר דעם אַנצוג מיטן רעגנמאַנטל. ער הייסט אונדז אַרויפגיין אויפן וואָגן, און מיר פרעגן אים „וווּ־אַהין?״ זאָגט ער — קיין שטשוטשין. זאָגן מיר, אַז מיר געהערן קיין ניי־שטאָט און ער זאָל אונדז אָפּפירן צו אונדזער בירגערמייסטער. ער האָט נישט געוואָלט, מיר בעטן אים רחמים, אָבער ער בלייבט ביי זיינס. באין ברירה, מיט געווער אין האַנט, פירט ער אונדז צו דער קאָמאַנדאָ קיין שטשוטשין, און מיר מיינען, אַז דאָרט וועט מען אונדז אומברענגען. דער קאָמענדאַנט פון דער פאָליציי האָט געמאַכט אַ רעוויזיע און געפונען ביי אונדז אַ פעקל מיט אייער.

ער שרייט: „אונדזערע סאָלדאַטן אין שפּיטעלער און אויפן פראָנט דאַרפן דאָס האָבן און איר שמוגלט דאָס"! ער באַזוכט אונדז און געפינט אויך אַ פּאָר מאַרק און נעמט זיי צו. דער פאָלקס־דייטש עפנט מיר אויף דעם פּאַלטן און ווייזט דעם קאָמענדאַנט אַז איך טראָג צוויי אָנציגער מיט אַ מאַנטל. „ער איז דאָך אַ שמוגלער" — ענטפערט אים דער קאָמענדאַנט — זיי זענען שוין צו מיין דיספּאָזיציע, דו קאָנסט שוין גיין!", דערנאָך זאָגט ער צו אונדז: „נעמט די אייער און טראָגט זיי אין קיך אַריין צו דער קעכין פון דער קאָמאַנדאַנטור, עס איז דאָך אַ שאָד אַזויפיל אייער צו צעברעכן".

דער קאָמענדאַנט פאַרשליסט אונדז אין אַ דאָרפישער „קאָזע" (צייטווייליקע תפיסה) דער חבר מיינער הייבט אָן צו וויינען און שרייט: „מאַמע, העלף מיר"! איך הייס אים זאָגן אַ שטיקל תהילים ממעמקים קראתיך ה'. עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווי די טיר האָט זיך געעפנט און דער קאָמענדאַנט קומט צו אונדז און זאָגט, אַז ווען מיר וועלן צעשניידן די בעלקעס, וואָס ליגן אויפן הויף, וועלן מיר זיין פריי.

דאָרט איז געווען אויף אַ צוויי דריי טעג אַרבעט. דער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן אונדז צושטעלן די כלים צו דער אַרבעט.

דעם שליח, וואָס האָט געברענגט די כלים, האָבן מיר געבעטן צו זאָגן דעם קאָמענדאַנט, אַז מיר זענען שוין צוויי טעג הונגעריק, ער האָט דאַן באַפוילן, אַז דאָס וואָס בלייבט אין קיך, זאָל די קעכין אונדז געבן צו עסן.

דריי יאָר האָב איך שוין אַזאַ עסן נישט געעסן — קאַרטאָפל, יויך, פלייש מיט ווייסער חלה. נאָך די דריי טעג אַרבעט, האָבן מיר מודיע געווען דורך דער קעכין, אַז די אַרבעט איז געענדיקט. דאַן פרעגט ער זי צי עס איז נאָך דאָ אַרבעט פאַר אונדז. זי האָט געהייסן אָפּוואַשן אַלע פּאָדלאָגעס און אַריינגעגאַנגען זאָגן, אַז מיר בעטן די פּעסער צוריק און אַ שיין אויף אַהיים־צוגיין. ער דראָט אונדז, אַז אויב מיר וועלן זיך נישט באַלד אָפּטראָגן, וועט ער אונדז דערהרגענען. מיר זענען באַלד אַנטלאָפן און, פאַראייניקנדיק זיך מיט אונדזער קאָמאַנדאָ, צוזאַמען אַריין קיין נײַ־שטאָט.

די ילה און פרייד ביי מיר אין שטוב איז געווען אַ גרויסע. איך האָב נאָך אָפּגערעכט דעם לעצטן סדר פסח מיט ארבע כוסות פון רויטן באָרשט.

נאָך סוכות 1941 האָט מען פאַרשטעלט דאָס געטאָ מיט וואַכן פון ס. ס. און פאָלקס־דייטשן מיט געווער אין די הענט און באַפוילן, מ'זאָל נישט אַרויס. אין משך פון דער צייט האָב איך מיט נאָך יידן געאַרבעט אין פולטוסק און אומגעגנט ביזן סוף יאָר 1941. דאָרט זענען קיין יידן מער נישט געווען, אַלע שולן זענען

פֿאַרברענט געוואָרן. מיר האָבן געאַרבעט ביי פֿלאַנטירן (אויסגלייכן דעם באָדן).

ווען עס איז געקומען דער באַפֿעל אין די ליִצטע טעג פֿון יאָר 1941 צו ליקווידירן דאָס ניי־שטאָטער געטאָ, האָט מען אונדז צוריקגעשיקט קיין ניי־שטאָט.

דאָס געטאָ איז געוואָרן פֿאַרמאַכט. מיר האָבן געוווּסט, וואָס עס דראָט אונדז. איך האָב געפּלאַנט מיט דער גאַנצער פֿאַמיליע אַרויסצוגיין ביינאַכט אונטער דער שטאָט אין אַ וואַלד אַריין און מיטנעמען שפּאָדלעס. אויסגראָבן אַ קאָפּיעץ אונטער דער ערד, דאָרטן וווינען, און פֿון צייט צו צייט אַרויסגיין אין די דערפֿער בעטן עסן. אָבער ווען עס איז געקומען די לעצטע מינוט ווען מען האָט באַדאַרפֿט אויספֿירן דעם פּלאַן, האָבן זיך די הענט בשום אופֿן נישט געלייגט און מיר זענען נישט אַרויס.

צוויי וואָכן זענען מיר געווען באַלאַגערט דורך די מונדירטע פֿאָלקס־דייטשן. ווען עס האָבן זיך צוגעריקט די לעצטע פּאָר טעג, איז געקומען אַ באַפֿעל צו די יידן־עלטסטע, מ'זאָל צושטעלן אַלע קאַליקעס און אַלטע יידן. די אַלטע פֿרומע פֿאַמיליעס זענען אַוועק אויפֿן זאַמל־פּלאַץ. אויך דעם יידן־עלטסטן האָט מען דעמאָלט אַרויסגעפֿירט.

אַלע אַלטע יידן און קאַליקעס זענען אויפֿגעלאָדנט געוואָרן אויף פּויערישע וועגענער, זיי צוגעפֿירט צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע, און מיט נאָך יידן פֿון אַנדערע שטעט געשיקט קיין אוישוויץ.

דורך דער צייט זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין ניישטאָטער געטאָ יידן פֿון דראָבנין, שטשוטשין און אַ טייל פֿון טשעכאַנאָוו. די ענגשאַפֿט אין געטאָ איז געווען זייער גרויס. 7—8 פֿאַמיליעס האָבן געוווינט אין איין שטיבל. ביי מיר האָט מען צוגעזעצט עטלעכע פֿאַמיליעס — אַ דראָבנינער היטלמאַכער מיט פֿינף דערוואַקסענע מיידלעך. זיין גאַנץ פֿאַרמעגן איז באַשטאַנען פֿון אַ בעט, צונויפֿגעקלאַפּט פֿון ברעטער, מיט אַ ביסל שטרוי. אין דעם איז געשלאָפֿן די גאַנצע משפּחה מיט די קינדער. אין אַ בעט אין אַ צווייטן ווינקל איז געשלאָפֿן אַ פֿאַמיליע — אַ פֿרוי, צוויי קינדער מיט אַ פּלעמעניצע.

איינמאָל פֿאַרטאָג איז געקומען אַ באַפֿעל, אַז אין מיטן דער נאַכט פֿירט מען אונדז אַלע אַרויס. דאָס לעצטע מאָל האָט דער בעקער געבאַקן ברויט. אין מיטן דער נאַכט האָט מען צונויפֿגענומען די יידן אין מאַרק. דער שונא־ישראל, דער בירגערמייסטער, האָט באַפֿוילן אין אַלע דערפֿער צו צושטעלן פֿאָדוואָדעס. מיר זענען אַוועק צו פֿוס, און דאָס בעטגעוואַנט אויף די פֿאָדוואָדעס (פּויערים וועגענער). פֿון ביידע זייטן האָבן געהיטן פֿאָלקס־דייטשן און שטורמיסטן און זיי האָבן אונדז אַריינגעטריבן קיין פּלאָנסק אין דעם יידישן געטאָ.

מען האָט אונדז איינקוואַטירט אין יידישע שטובן, פון עסן האָט מען שוין נישט געוווּסט אין פּלאָנסק. פּלוצלינג קומט אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך צושטעלן אויפן מאַרק. דאָרט האָבן מיר געקריגן אַ באַפעל, אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף, אָוועקצוגעבן דייטשיש געלט. די פאָלקס־דייטשן זענען אַרומגע־גאַנגען מיט וואַליזקעס און יעדער איינער האָט אַריינגעוואָרפן, וואָס ער האָט געהאַט. נאָך אַ געוויסער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן רעוויזיעס פון זוכן געלט ביי מענטשן. מען האָט אַרויסגענומען אַ ייד פון דער רייע, אים באַזוכט און געפונען קליינגעלט און דערפאַר דערשאָסן אים אויפן אָרט.

אַזוי ווי מיין פרוי איז געגאַנגען שיין אָנגעטאָן, האָבן זיי געמיינט, אַז זי איז רייך. מען האָט זי אַוועקגענומען מיט נאָך פרויען אין אַ קאַמער אַריין און געזוכט ביי איר אין פאַרבאָרגענע פלעצער געלט. איך האָב געמיינט, אַז זי איז שוין פאַרלוירן, אָבער זי איז צוריקגעקומען. נאָך דער סצענע האָט מען אַלע געהייסן אַהיים גיין.

אין אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער האָט מען געהייסן אַלע ניישטאָטער אַרויס־גיין און מען האָט אונדז געזאָגט, אַז מען פירט אונדז צו דער באַן. מיר זענען געגאַנגען צום אומשלאַגס־פּלאַץ. דאָרט אויפן פּלאַץ האָט מען אונדז געטיילט ברויט. איך האָב מיטגענומען צוויי פלעשער וואַסער, ווייל איך בין שוין איינמאָל געפרווּט געוואָרן ביים סעראָצקער טרייבן און געוווּסט, אַז דורשט איז ערגער ווי הונגער.

טרייבנדיק פיר קילאָמעטער צו פוס פון דער יידישער געטאָ ביז דער באַן, האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין פינפטלעך. טרייבנדיק שנעל דורך ס. ס.־לייט, האָט קיינער נישט געוואָלט בלייבן דער לעצטער. מיט מיר אין מיין רייע איז געגאַנגען אַ פרוי, אַן אלמנה מיט אַ קליין זעקס יעריק יינגל. ווייזט אויס, אַז דער מאַן איר'ער האָט שוין נישט געלעבט. ווען די שטורמיסטן האָבן געטריבן שנעל צו לויפן, האָט דאָס קליינע יינגעלע, פאַרשוואַכט און פאַרהונגערט, נישט געהאַט מער קיין כוח צו לויפן. די געוואַלדן פון דעם קינד צו דער מוטער איז אַרויפגעגאַנגען אין הימל אַריין. דאָס קינד האָט געבעטן פון דער מאַמען, זי זאָל אים נעמען אויף די הענט אָבער די מוטער אַליין, נישט האָבנדיק קיין כוח, האָט געשלעפּט דאָס קינד פאַר דער האַנט און געשריגן אויף אים. זעענדיק די סצענע, האָב איך געכאַפּט דאָס קינד אויף די פּלייצעס און אים שטיל געמאַכט. ווען מען האָט מיך געוואָרנט, אַז איך וועל בלייבן אונטערשטעליק און קריגן געשלאָגן, האָב איך נישט געענטפערט, נאָר איך האָב דאָס קינד געטראָגן אַ לענגערע צייט און אָפּגעווישט זיינע טרערן.

קומענדיק צו דער באַן האָט מען אונדז אַריינגעטריבן מיט קלעפּ אין די וואַגאָנעס, איין פלאַש וואַסער איז דערביי געוואָרן צעקלאַפּט. איך בין געבליבן מיט איין פלאַש אויף צוויי טעג פאַרשלאָסן אין די וואַגאָנעס.

נאָך צוויי מעת־לעת וואַנדערן איבער פאַרשידענע סטאַציעס, זענען מיר, אַלע אויסגעשעפּטע, שפּעט ביינאַכט אָנגעקומען אויף דער טרויעריקער סטאַציע אוישוויץ. דאָס איז געווען אין דער ערשטער העלפט פון חודש יאַנואַר 1942.

## אוישוויץ...

אני הגבר ראה עני בשבט עברתו. ומי יתן עיני פלגי מים ומקור דמעה ואבכה יומם ולילה את שבר בת עמי. מי יתנני אבר כנשר ואתבודד על ראשי ההרים ואשא נהי על אחי ואחיותי אשר במו עיני ראיתי איך הם נשרפו ונחנקו בכבשן האש.

נאָכן אַרויסטרייבן אונדז פון די וואַגאָנען, אָנקומענדיק אין אוישוויץ, האָט מען מיך אָוועקגעשטעלט צוזאַמען מיט מיין פרוי צווישן עלטערע מענטשן, וואָס האָבן באַדאַרפט אָפּגיין גלייך אין קרעמאַטאָריום.

די ס. ס.־לייט, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי דער באַן, האָבן אַדורכגעקוקט די מענטשן. ווען ס'איז זיי געפעלן אַ פּנים האָבן זיי אים אַריבערגעשטעלט צו די וועלכע דאַרפן גיין אין אַרבעטסלאַגער. הגם מען האָט נאָך דעמאָלט געגוי נישט געוווּסט וווּהין מ'וועט פירן, האָב איך באַמערקט ווי פיל יידן ווילן אַריבערלויפן פון איין רייע צו דער אַנדערער, וועלכע האָבן באַדאַרפט גיין אין לאַגער אַריין, אָבער די ס. ס. האָבן זיי נאָכגעיאָגט מיט קלעפּ פון קאָלבעס פון די ביקסן און זיי צוריק איבערגעשטעלט. אַדורכקוקנדיק די מענטשן איז צו מיר צוגעקומען אַן ס. ס.־מאַן און האָט מיך געהייסן איבערגיין אין דער צווייטער רייע צו די אַרבעטער. דאַן זאָג איך צו דער פרוי מיינער: „איך שייד זיך נישט מיט דיר, דאָרט ווו דו גייסט, גיי איך". זאָגט די פרוי צו מיר: „משה! גיי שטעל זיך איבער אין יענער זייט, אפשר וועסטו בלייבן לעבן, וועסטו נעמען נקמה פאַר מיין בלוט". בעת דעם שמועס האָט מיך אָוועקגעריסן דער ס. ס.־מאַן, און כ'בין אַוועק צו דער ריי, וואָס דאַרף גיין אין לאַגער אַריין.

די פרויען האָט מען צונויפגענומען אין אַן אַנדערער זייט, בערך 100 יונגע פרויען האָט מען אָוועקגעשטעלט באַזונדער, אַריינצוגיין אין לאַגער אַריין. איך, ווי אַ גלייביקער, האָב דערין געזען אַ נס.

די יידישע קאָמאַנדע־לייט, וואָס האָט זיך גערופן „קאַנאַדע", האָבן מיט כוח

אַוועקגענומען די קינדער פון די יונגע מאַמעס און זיי איבערגעגעבן די אַלטע פרויען אָדער באָבעס, כדי די יונגע פרויען זאָלן קענען אַריינגיין אין לאַגער אַריין, מחמת צוליב די קינדער האָט מען אויך יונגע פרויען געשיקט אין דער זייט פון טויט. האַרצרייסנדיקע סצענעס האָבן זיך דאַביי אָפּגעשפּילט. פון 1800 יידן, וואָס זענען אַרויס פון ניי־שטאָט, זענען 350 מענער און 100 פרויען אַריין אין לאַגער, און צווישן זיי — איך און מיין פרוי. פון די אַלע איז נאָכן קריג געבליבן סך הכל מענער און פרויען עטלעכע און צוואַנציק פון אַ שטאָט פון 1800 יידן זענען געבליבן דריי מנינים.

גייענדיק פון דער באַן אין מיטן דער נאַכט צו פוס אין לאַגער אַריין, האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין אַ בלאָק. פון שלאָפן איז קיין רייד נישט געווען. מיר זענען געשטאַנען אויף די פיס אַ גאַנצע נאַכט. פון צייט צו צייט איז אַריינגעלאָפן אַ קאַפּאָ מיט אַ לאַנגער נאַגייקע, און יעדער איינער האָט זיך צוגעשטופּט צו דער וואַנט. צו די פענצטער זענען צוגעקומען יידישע העפטלינגען, כדי צו „אָרגאַניזירן" עפּעס עסן פון די פריש אָנגעקומענע. זיי האָבן אונדז געזאָגט: „מ'וועט אייך באַלד אַלץ צונעמען, דעריבער גיט אונדז", אַזוי האָבן מענטשן אָנגעהויבן זיך טיילן מיט וואָס זיי האָבן געהאַט.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען אונדז געפירט אין באָד אַריין, אַוועקגענומען אַלץ פון אונדז און באַקומען לאַגער־אָנגעטועכץ פון סחורות, געמאַכט פון האַלץ. מיר זענען שיִער נישט געפרוירן געוואָרן פון קעלט. צוויי וואָכן האָט מען אונדז געהאַלטן אָפּגעשלאָסן אין קאַראַנטין, צוליב אַ חשד פון פלעק־טיפוס אין די געטאָס, אָבער רוען האָט מען אונדז אויך נישט געלאָזט. ווען אַלע העפטלינגען זענען אַרויס אין דערפרי צו דער אַרבעט, האָט מען אונדז אויס־געשטעלט אויפן בלאָק־הויף, אַזוי האָט מען געמוזט שטיין 8 שעה ביז אַלע קאָמאַנדעס זענען אָנגעקומען פאַרנאַכט פון דער אַרבעט און געמאַכט אַן אַפּעל צי ס'פעלט נישט קיינער.

ווען די רעכענונג האָט געשטימט פון גאַנצן לאַגער מענטשן, דאַן זענען אַלע אַריין אין בלאָק. מ'האָט באַקומען פאַרנאַכט דאָס ביסל שלעכטע מיטיק און מ'האָט אונדז אָנגעהויבן לערנען ווי מיר דאַרפן שטיין מיטן שיסעלע ביי די קעסלען. דער בלאָק־עלצטער האָט אַריינגעגאָסן דאָס ביסל זופּ און גלייך האָט מען געמוזט אַנטלויפן (דאָס איז געווען אין בלאָק). אין אַ פּאָר מינוט האָט דאָס עסן געמוזט ווערן איינגאַנצן פונאַנדערגעטיילט. פּאַר פּחד האָבן זיך די הענט געוואָרפן. ווען ס'איז נישט געלונגען וועמען אַוועקשטעלן דאָס שיסעלע גענוי אויפן ראַנד פון עס־קעסל, האָבן די מערדער מיט דעם לעפל קאָכעדיק עסן

דערלאַנגט איבערן קאָפּ און דאָס ביסל עסן שוין מער נישט געגעבן.. טייל האָבן נישט געוואָלט דאָס ביסל עסן און נישט קריגן געקלאַפּט פון די באַנדיטן — די בלאָק־עלצטע.

אין משך פון די צוויי וואָכן קאַראַנטין (איזאָלאַציע) האָבן מיר נישט געקאָנט האָבן קיין שום ידיעה פון די פאַמיליעס, ווייל מ'האָט קיינעם צו אונדז נישט צוגעלאָזט. נאָך די צוויי וואָכן, ווען מיר האָבן שוין געקריגן די נומערן אויף די הענט (דער נומער איז געמאַכט געוואָרן אויף דער האַנט מיט שטעכן פון אַ נאָדל מיט טינט) און געווען אָנגעטאָן ווי אַלע העפטלינגען, האָט מען אונדז געהייסן גיין צו דער אַרבעט.

ס'זענען געקומען קאַפּאָס פון פאַרשידענע געפערלעך שווערע קאָמאַנדאָס, וווּ מענטשן זענען ביי זיי דורך שלאָגן געפאַלן ווי פליגן — פון הונגער, פון קעלט און פון דער שווערער אַרבעט. זיי זענען געקומען זוכן פרישע קרבנות צווישן די ניי אָנגעקומענע.

דעם ערשטן טאָג בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ קאָמאַנדאָ וואָס האָט אַרויס־גגעשלעפט מיט מאַשינען זאַמד פון וואַסער. בערך 7—6 ק"מ האָבן מיר הונגעריק באַדאַרפט פירן האַמערס און פאַרשידענע אייזערנע כלים צו דער אַרבעט און צוריק. מען האָט זיך אויפן וועג אַהיים אָנגעהאַלטן אין אַ חבר, אָדער דער חבר אין מיר. נישט גיין צו דער אַרבעט איז אָפּט געווען ערגער. קומענדיק צוריק צו מיין בלאָק 10 (אוישוויץ 3, אַ רעפּרעזענטאַנץ־לאַגער), זענען מיר גע־שטאַנען אויפן אַפּעל אַ לענגערע צייט ביז אַלע קאָמאַנדאָס זענען געקומען צוריק און איבערגעגעבן די שטורמפירער ביים טויער אַלע צאָלן פון זיי, און על פּי נס האָט אַלץ געשטימט.

אין אונדזער בלאָק פון די פריש אָנגעקומענע, האָב איך געהערט אויסרופן: „ווער ס איז אַ שניידער, זאָל אויפהייבן די הענט". מען האָט איבערגעציילט די וואָס האָבן אויפגעהויבן די הענט און זיי געהייסן אַרויסגיין פון דער ריי און נאָכן עסן, זיך רעגיסטרירן אין דער שרייבשטובע. מען האָט ווייטער גערופן: „ווער איז אַ שוסטער, עלעקטריקער און אַנדערע פאַכלייט, זאָלן אויפהייבן די הענט.

האָב איך געטראַכט: רבונו של עולם, ווען מיין פאָטער וואָלט מיך געלערנט אַ פאַך, אפשר וואָלט איך אויך געקאָנט איבערלעבן, ווייל אַזוי אַרבעטן איז נישט מעגלעך אויסצוהאַלטן.

אין דער מינוט רופט מען אויס: „ווער איז קאַרב־מאַכער — אויפהייבן די הענט". איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן, אַז כ'האָב דאָס אַמאָל געלערנט אַלס

חלוץ אין „הפועל המזרחי״ גרייטנדיק זיך צו די הכשרה קיין ארץ־ישראל, האָבן די עלטערן מיך צוגערעדט לערנען אַ פאַך און איך בין דעמאָלט אַוועק צו אַ פּאַליאַק, באַצאָלט 200 זלאָטעס אויסלערנען זיך פלעכטן קוישן. (מיין פאַך איז פריער געווען אייל־מאַכער) ווען מ׳האָט אויסגערופן, „ווער ס׳איז אַ קאָרבן־מאַכער זאָל הייבן די האַנט״, איז מיר דאָס אַריין אין קאָפּ און נאָכן אויפהייבן די הענט, האָט מען מיך געהייסן אַרויסגיין פון דער ריי. מ׳הייסט מיך נאָכמיטאָג קומען אין שרייבשטוב. ווען כ׳בין דאָרט געקומען, זיצט אַ שרייבער, אַ פּאָליאַק, זאָגט ער צו מיר אויף פּויליש: „אַ פּוילישער ייד איז אַ קויבער־מאַכער?״ אָבער ווען איך דערצייל אים, אַז כ׳האָב באַצאָלט אַ פּאָליאַק 200 זל. פאַר אויסלערנען, גלייבט ער מיר און ער גיט מיר אַ צעטל און הייסט מיך גיין צום בלאָק. דער בלאָקאָווער גיט מיר אַ גרויסע פּאָרציע ברויט אויף מאָרגן און אַ זופּ אָפּצועסן, און הייסט מיך גיין פון 10טן בלאָק אין 4טן בלאָק, צווישן בלויז פּאָליאַקן. דער 10טער בלאָק איז באַשטאַנען פון בלויז איצט אָנגעקומענע יידן — אונטער אַ פּוילישן בלאָקאָוון, אַ רשע גרעסער ווי המן. פאַר גאָרנישט האָט ער געקנאַקט מיט דער נאַגייקע. אונדזערע זענען נעבעך געשטאַנען צווישן די בעטן, מורא אַרויסצוגיין אַ טריט פאָרנט מורא געהאַט צו רעדן אַ וואָרט. דער טויט־פּחד איז געווען אין בלאָק אין לשער. פאַר יעדער זאַך האָט מען באַקומען געשלאָגן: פאַרן עסן, פאַרן שלעכט מאַכן דאָס בעטל א. אַ. ביי יעדער קלייניקייט פלעגט ער זידלען מיט גראָבע ווערטער. ווען מ׳האָט מיך איבערגעפירט אין 4טן בלאָק, בין איך אַרויס ווי פון גיהנום אויף דער פריי.

אין 4טן בלאָק זענען געווען בלויז פּאָליאַקן און אוקראַאינער. מ׳האָט גע־שפּילט אויף האַרמאָשקעס, פריי זיך באַוועגן, פריי און הויך גערעדט. איך — איין ייד — בין פאַרלוירן געוואָרן צווישן זיי. צומאָרגנס אין דער פרי נעמט מען מיך שוין אַוועק אויף אַרבעט צו אַ קאָמפּאַניע, וואָס הייסט „קאָמאַנדאָ גערטנעריי־רייסקע״ (אַ פּויליש דערפל).

די קאָרבן־מאַכער האָט מען געשיקט 10 ק״מ צו דער ווייסל שניידן „וויעט־קעס״ (דינע שטעקעלעך). קומענדיק אויף דער לאַנקע פון דער ווייסל צו שניידן די וויעטקעס זענען מיינע כוחות נישט געווען ווי פון די גויים, האָב איך באַקומען געשלאָגן פון אַ קאַפּאָ, אַ געפערלעכן שונא־ישראל. דערנאָך האָבן די שקצים געמסרט פאַרן שאַרפפירער, אַז דער ייד אַרבעט נישט.

דאַן קומט צו מיר דער שאַרפפירער און שרייט: „פאַרפלוכטער ייד, האָסט געזאָגט ליגן, איך וועל דיך לערנען, דו באַקומסט שטיי־בונקער״. די שקצים לאַכן פון מיר. ווען ס׳קומט מיטאָגצייט (קיין מיטאָג האָט מען נישט געברענגט)

איז געווען אַ שעה רו. די אַרבעטער מאַכן פייער, וואַרעמען זיך און דערציילן פאַרשידענע אַנטיסעמיטישע מעשיות וועגן יידן. דאָס טוען אויך די ס. ס.־לייט, זיי דראָען: „אויף דעם פייער וועט מען דיך באַלד אַרויפהאַקן און פאַרברענען". איך בין איין ייד צווישן אַזויפיל וועלף.

אין דער צייט נעם איך אַ פּאָר וויעטקעס און הייב אָן פלעכטן אַ ראַנד פון אַ קויש. כאַפּן מיר אַרויס די שקצים די דענקע און מיט אַ געלעכטער פון דעם וואָס דער יודע מאַכט! זיי ברענגען דאָס פאַרן שאַרפפירער. ווען ער זעט די אַרבעט, קומט ער צו מיר און זאָגט כהאי לישנא: „יודע, האָסט גליק, וואָס דו קענסט אַרבעטן, ווען נישט וואָלט איך דיך פאַרטיק געמאַכט". נאָכמיטאָג האָט מען מיך שוין מער נישט גערודפט. אין לאַגער האָט מען מיר שוין נישט געגעבן בלויז צו שלעפּן.

צומאָרגנס אינדערפרי קומט אַ באַפעל, אַז די פאַכלייט גייען מער נישט צו דער ווייסל שניידן וויעטקעס, נאָר מיר גיין מיט אין די גערטנערייען. דאָרט גיט מען אונדז אָפּ אַ שטוב און ס'ווערט אויפגעקלאַפּט טישלעך צו דער אַרבעט און מ'זעצט זיך אַוועק פלעכטן קאָרבן. פון די אַלע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס בעלי־מלאכות, האָט נאָר געקענט גוט אַרבעטן אַ יונגער פּאָליאַק, וואָס האָט געענדיקט אַ פאַך־שול. אויפן צווייטן אָרט בין איך געווען. די רעשט קריסטן האָבן זיך נאָר אַריינגעגנבעט צו דער אַרבעט. דורך פּראָטעקציע האָבן זיך אַריינגעריסן צו דער אַרבעט אַ פּוילישער פּראָפעסאָר און אַ פּוילישער קאַפּיטאַן, וועלכע האָבן גאָרנישט געקענט. אין שטוב איז געווען וואַרעם. כדי די הענט זאָלן נישט אָפּשטיין פון דער אַרבעט, מוז זיין וואַרעם.

אָנהייבנדיק די אַרבעט האָב איך געזען, אַז כ'האָב שוין פיל פאַרגעסן, אָבער צוקוקנדיק זיך ווי דער מייסטער אַרבעט, האָב איך אים נאָכגעמאַכט. די רעשט זענען געזעסן מאַכנדיק זיך אַרבעטן. די ס. ס.־לייט קומען אַלע פינף מינוט אַריין זען ווי דער מייסטער אַרבעט און איך פלעכט אַ קויש און די אַנדערע זיצן ווי גולמס און האַלטן ביים אָנהייב. ער האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. פון דעמאָלט אָן האָט מען מיך טראַקטירט אַ ביסל אַנדערש. די שקצים האָבן שטאַרק מורא געהאַט מ'זאָל זיי נישט אַרויסוואַרפן פון דער קאָמאַנדאָ. צו וועמען גייט מען? „יאַק ביעדאַ — טאָ דאָ זשידאַ" (אין אַ נויט — צום ייד). פאַר ברויט, וואָס זיי האָבן באַקומען אין די פעקלעך, האָבן זיי געמאַכט מיט מיר אַ מסחר. דאָס וואָס איך האָב אָפּגעאַרבעט האָבן זיי צוגענומען און דאָס וואָס זיי האָבן געמאַכט, האָב איך פאַרענדיקט. דערווייל האָב איך געהאַט ברויט

און אַ וואַרעמע שטוב. איך בין געווען אומרואיק וועגן גורל פון מיינע נאָענטע און באַקאַנטע. מיין מנוחה איז פאַרשטערט געוואָרן



די זאָנדער־קאָמאַנדאָ שלעפן די פאַרגאַזטע יידן אין קרעמאַטאָריע

ווען איך בין אַמאָל אַרויס ביינאַכט געוויר־וועךן אין 10טן בלאָק וואָס עס הערט זיך ביי די שטעטישע, האָבן זיי מיר דערציילט ווער ס׳איז אין שפּיטאָל. דאָרט האָבן געאַרבעט יידישע דאָקט.ירים און געראַטעוועט מענטשן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, אָבער ווען דאָס שפּיטאָל האָט זיך פאַרפילט, זענען געקומען ס. ס.־לייט מיט אויטאָבוסן און באַפוילן, אַז די דאָקטוירים מיט די דינער זאָלן אַוועק. זיי האָבן מיטגעברענגט מיט זיך באַנדיטן און אַרויסגעטריבן אַלע קראַנקע אויף די אויטאָס און אַוועקגעפירט קיין „בזשעזשינקע” (אַ וואַלד — עטלעכע קילאָמעטער אונטער אוישוויץ), דאָרטן זענען געשטאַנען קרעמאַטאָריעס. ווען דאָס שפּיטאָל איז געבליבן ליידיק, זענען מענטשן ווייטער געגאַנגען אַהין אַריין. די גאַנצע צייט ביז מ׳האָט אים ווידער אויסגעליידיקט. דערווייל איז געלונגען אַ טייל מענטשן צו ווערן געהיילט און צו קומען צוריק אין לאַגער. ווען כ׳פלעג זאָגן מ.סר פיל יידן: „יידן גייט נישט אין שפּיטאָל, מ׳פירט אייך אַלע פון דאָרט אַרויס אין קרעמאַטאָריום”, — האָבן מיך פיל אָפּגעזידלט און געזאָגט: „זעסט דאָך, עס קומען מענטשן צוריק”. אָבער אין אמתן איז אַ קליינער צאָל צוריקגעקומען. ווען דאָס שפּיטאָל איז פאַרפולט געוואָרן, האָט מען אַלע ווידער אַוועקגעפירט אין קרעמאַטאָריום.

אַזוי איז פון די 350 יידן אין משך פון איין חודש צייט קיין 100 נישט געבליבן. ווען מיר זענען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט — האָב איך זיך נאָכגעפרעגט, וואָס איז געוואָרן מיט די פרויען. אַז מ׳האָט דערציילט אַ יידן, אַז ער האָט שוין נישט קיין פרוי און קינד ווייל זיי זענע פאַרברענט געוואָרן, האָט ער יענעם אָנגעשפּיגן אין די אויגן אַריין. זיי האָבן זיך איינגערעדט, אַז די פרויען האָט מען אַוועקגעשיקט אַרבעטן אין אַ צווייטן לאַגער, און אַז גרופּן צו 5 קינדער ווערן געהיטן פון אַ פרוי...

דורך דער צייט האָב איך אָפּגענומען אַ גרוס פון מענער וואָס זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, אַז זיי האָבן געזען אַ קאָמאַנדאָ פרויען אַדורכגיין לעבן זיי צו דער אַרבעט און צווישן זיי געפינט זיך מיין פרוי. ווען איך בין געוואָר געוואָרן, אַז די פרוי לעבט, האָב איך אָנגעהויבן זוכן עצות ווי אַזוי זיך מיט איר צו זען. איך האָב געשיקט דורך דער מענער־קאָמאַנדאָ, וואָס קומט אין פרויען־לאַגער: עלעקטריקער, שלאָסער, סטאָלאַרעס א. אַ. וו. אַ בריוו, אַז איך לעב און בין אין דער גערטנעריי־רייסקי, האָט זי זיך צוגעשטעלט צו דער גרופּע, וואָס גייט אַרויס דאָרטן אַרבעטן.

איך האָב איינגעהאַנדלט אַ ביסל קאַרטאָפל פאַר אַ פּאָרציע ברויט און זיי אָנגעטאָן אויפן פּאַסעק. אַזויערנאָך בין איך אַוועק צו דער אַרבעט און כ׳האָב אַרויסדערלאַנגט מיין פרוי געבראָטענע קאַרטאָפל. איינמאָל באַפעלט מיר די פרוי, אַז זי האָט נישט קיין שיך. זי איז געקומען מיט שמאַטעס אַרומגעוויקלט אויף די פיס צו דער אַרבעט און ס׳דראָט איר אַוועקגעשיקט צו ווערן אין קרעמאַטאָריע. דאַן האָב איך דורך אַן אויסטויש אָרגאַניזירט ביי מיר אין בלאָק אַ פּאָר שיך. צומאָרגנס פרי׳ האָב איך איינגעקוועטשט די 2 שיך אונטערן פּאַסעק און דאָס האָב איך געברענגט אין גערטנעריי־רייסקי פאַר דער פרוי. דאָס איז געשען אַזוי: כ׳האָב גענומען אַן עמער, אַריינגעלייגט די שיך און צוגעדעקט. כ׳בין אַריינגעגאַנגען נעמען האָלץ און קוילן צו דערוואַרעמען דעם וואַרשטאַט. איך בין עקסטראַ אַדורכגעגאַנגען לעבן דער פרויען־קאָמאַנדאָ, איבערגעדרייט דעם עמער און נישט גערעדט קיין איין וואָרט מיט איר. מיין פרוי האָט אויפגעהויבן די שיך. מיט דער צייט האָט זי באַקומען אַ בעסערע קאָמאַנדאָ און מ׳האָט איר געהייסן זאָגן, אַז זי האָט אַ מאַן אין קאָמאַנדאָ „קאַנאַדער״, אפשר וועט די פרויען־קאַפּאָ איר דערלויבן דאָרט צו אַרבעטן.

די ערשטע 8 חדשים האָב איך געאַרבעט אין גערטנעריי „רייסקי״, אַ וואַרעמע שטוב, געבראָטן קאַרטאָפל און געקריגן פון צייט צו צייט עפּעס פון די פוילישע „גרויסע״ לייט.

איינמאָל ווען כ׳בין געשטאַנען אויפן אַפּעל איז געקומען אַ באַפעל אָוועקצוגעבן וואַשן די היטלען און גיין מיט בלויזע קעפּ. און דאָס איז געווען אין מיטן ווינטער.

מ׳האָט אָוועקגעשטעלט קאַסטנס און יעדער איינער האָט באַדאַרפט אַריינלייגן דאָרט זיין היטל. דאָ האָבן שקצים געמאַכט אַ ביסל ליצנות, נישט אָוועקגעלייגט נאָר געוואָרפן. פאַר דעם האָט מען באַקומען אַ שטראָף, אַז אַלע זאָלן זיך וואַרפן אויף דער ערד. די ס. ס.־לייט זענען געשטאַנען מיט רעוואָלווערן אין די הענט. מיר האָבן זיך באַדאַרפט קוילערן אין דרויסן אַ שעה־צייט, אַזוי אַז כ׳בין געבליבן אָן אָטעם.

כדי נישט צו פאַרגעסן, מוז איך איבערגעבן, אין עטלעכע ווערטער וועגן דעם רעפּרעזענטאַנץ־לאַגער וועלכער האָט זיך געפונען נישט ווייט פון מיר, און וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען אָפּצונאַרן ציניש די וועלט, און ספּעציעל — דעם רויטן קרייץ.

אין די בלאָקן זענען געווען שיינע געפּאַרבטע פּאָדלאָגעס אויף רויט, שיינע וואַרט־צימערן מיט שפּיגלען, דאָס עסן איז געווען זויבער — דאָרטן איז נישט געווען קיין קרעמאַטאָריע, דאָס האָט מען געוויזן די אויסלענדישע פאָרשטייער פון רויטן־קרייץ אַלס מוסטער פון די אַרבעטס־לאַגערן.

איך דערמאָן זיך, אַז איינמאָל האָט באַדאַרפט קומען אַ וויכטיקער נאַצי, מען האָט דערמאַנט דעם נאָמען פון אייכמאַן ימח שמו, האָט מען דעם לאַגער געפּוצט אַ פּאָר טעג. אונדז האָט מען ביי אַזאַ פייערלעכן מאָמענט געפירט אין באָד נאָך דער אַרבעט. מען האָט זיך געמוזט אויסטוען  אין מיטן ווינטער נאַקעט, איבערלאָזן דאָס אָנטועכץ ביים בעטל און לויפן אין פראָסט איבער עטלעכע גאַסן אין באָד אַריין. דערשוויצטערהייט צוריק אין אויסגעפּוצטן באַראַק.

אין אַ געוויסן טאָג קומט אַ באַפעל, אַז די קאָמאַנדאָ־גערטנעריי רייסקי״ ווערט איבערגעפירט קיין בירקענאַו, אַ צווייטער לאַגער נעבן אוישוויץ, מחמת די גערטנעריי „רייסקי״ איז נענטער קיין בירקענאַו ווי אוישוויץ. קומענדיק מיט מיין קאָמאַנדאָ קיין בירקענאַו בין איך ווייטער געווען צווישן קריסטן, ווו דער רעזשים איז געווען „לייכטער״. כ׳בין אַרויסגעגאַנגען נאָך דער אַרבעט באַקוקן וואָס עס טוט זיך ביי די אַנדערע קאָמאַנדאָס. און געזען, אַז דאָס אומגליק איז דאָרט געווען זייער גרויס: מענטשן זענען געשלאָפן אין לעכער פון דער וואַנט. מ׳האָט געשלאָגן מכות־רצח, דאָס ערגסטע נאָך דער אַרבעט איז געווען צו שטיין 4—5 שעה אויפן אַלגעמיינעם אַפּעל. „סיבות״ האָבן קיינמאָל נישט געפעלט:

אַ טעות פון צייטלער, „דעזערטירן" און בכלל זענען מיר אַלע געווען איבעריק אויף דער וועלט. שטייענדיק אין דער רייע מיט שטאַרקע בויך־קראַמפּן און געפּערלעכע ווייטאָקן — האָט איך מיין קאָפּ געדרייט אַהין און צוריק און געשריען:

„אלי, אלי, למה עזבתני? מאין יבא עזרי?"...

איידער די קרבנות זענען געגאַנגען אין די קרעמאַטאָריעס, פלעגן זיי פריער ווערן געפּייניקט פון די בלאָקאָוועס. נאָך היינט שטייען מיר פאַר די אויגן די נאַקעטע פאַרדאַרטע מענטשן־הערינג, די זעקלעך ביינער אָן אַ פּיצל פלייש אויף זיך, ליגן יעדן אינדערפרי גרופּן פאַר די בלאָקן, וואָס די בלאָקאָוועס און די שטובדינסטן האָבן אַרויסגעוואָרפן. ווען אַ מענטש האָט געהאַט אַ שלשול אָ־ן האָט נישט באַוויזן צו גיין אין קלאָזעט אַריין, האָט דער בלאָקאָווע מיט די שטובדינסטן אים געקלאַפּט מיט שטעקנס, אַרויסגעוואָרפן פאַר דער טיר, ווו ער איז פאַרפרוירן געוואָרן. אין דעם לאַגער איז נישט געווען קיין שום סאַניטאַרע איינריכטונג — אין גאַנצן ראַיאָן האָט זיך געפונען איין וואַסערפּאָמפּע.

נאָך 8 חדשים אַרבעט אין דער קאָמאַנדאָ „גערטנעריי רייסקי", צוזאַמען מיט פיל פּוילישע דאָקטוירים, מיליטער־לייט, לערערס, פּראַקטיקאַנטן, איז די קאָמאַנדאָ באַשטאַנען בערך פון 100 מאַן.

דאָן איז אַראָפּגעקומען אַן אויבער־שטורמפירער און האָט געזען אַז מענטשן דרייען זיך אַרום ליידיק, האָט ער באַפוילן צו פאַרקלענערן די קאָמאַנדאָ ביז 30.

דאָס שטיקל ברויט, וואָס מ'האָט באַקומען בײנאַכט צוזאַמען מיט דער זופּ און מיט אַ שטיקל מאַרגאַרינע, האָב איך געמוזט פאַרקויפן, כדי צו באַקומען 15 קאַרטאָפל פון דער קאָמאַנדאָ, וואָס האָט געאַרבעט ביים שיילן. פיל פון זיי זענען געפאַלן פון די קלעפּ פאַרן „אָרגאַניזירן" קאַרטאָפל פון קיך. טראָץ דעם האָבן מענטשן זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן. אין דעם טאָג ווען ס'איז נישט געווען קיין קאָנטראָלע, האָט מען ווייטער „אָרגאַניזירט". די 15 קאַרטאָפל האָב איך מיטגענומען אינדערפרי אונטערן פּאַסעק צו דער אַרבעט, אָפּגעבראָטן אויפן אַש פון אויוון און מיט דער מאַרגאַרין געגעסן צוויי מאָל אין טאָג. מיט מיר איז געווען אַ פּוילישער קאַפּיטאַן. ער האָט נישט געקאָנט מאַכן קיין קוישן, פלעגט ער זיך מיט מיר פאַרטוישן. איך האָב אים געגעבן דעם אָנהייב פון קויש וואָס איך האָב אָפּגעאַרבעט און דערפאַר האָט ער מיר געגעבן אַ טייל פון די פּעקלעך, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון דער היים. די דייטשן האָבן געוואָלט שאַפן אַ פּוילישן לעגיאָן און דעריבער האָבן זיי געמאַכט הנחות פאַר די פּאָליאַקן און אַריינגעלאָזט פאַר זיי פּעקלעך. די פרוי מיינע, וואָס איז געווען

אין פרויען־לאַגער אין אושוויץ, האָב איך באַפוילן, אַז זי זאָל זיך צושטעלן צו דער פרויען־אויפזעערין פון דער גערטנעריי „ריסקי״ און אַזוי אַרום וועט זי זיך קאָנען מיט מיר זעען. זי איז געקומען. דער קאָנטאַקט איז געווען דורך מענער, וואָס זענען אַריינגעגאַנגען מיט דער מענער־קאָמאַנדאָ אין פרויען־לאַגער אַרבעטן ביי שלאָסעריי, עלעקטרא־מעכאַניק און סטאָלעריי. די בעסטע אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען די קאַנאַליזאַציע־ריינקער, ווען זיי האָבן גערייניקט אין פרויען־לאַגער דעם רעזערוואָאַר און די קלאָזעטן. אין דעם גרויסן רעזערוואָאַר זענען געוואָרן באַהאַלטן אַלע בריוו, וואָס מענער און פרויען און באַקאַנטע האָבן געשריבן איינער צום אַנדערן. זיי האָבן געקויפט ווערטזאַכן און באַצאָלט מיט עסן (די קאָמאַנדאָ איז געווען בלויז יידן). דער מסחר איז געגאַנגען מיט די ציווילע קריסטן, וועלכע האָבן געאַרבעט אַלס מייסטערס אין לאַגער. אויך די קריסטן זענען געוואָרן רעווידירט ביים טויער און דעריבער אויך ריזיקירט מיטן לעבן.

איינמאָל — ביי אַ צוזאַמענטרעף — זאָגט מיר מיין פרוי, אַז זי וועט נישט קאָנען קומען צו דער אַרבעט, ווייל זי האָט שוין ווידער נישט קיין שיך. די פיס אירע זענען געווען איינגעוויקלט מיט שמאַטעס. פונקט אין דער צייט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָנטראָל אין פרויען־לאַגער. מ׳האָט צונויפגענומען אַלע פרויען, וועלכע זענען נישט אַרויס צו דער אַרבעט, צווישן זיי אויך מיין פרוי. די פרוי מיינע האָט זיך געבעטן ביי דעם פרויען־קאַפּאָ: „איך קאָן דאָך נאָך אַרבעטן — פאַרוואָס שיקסטו מיך צום פאַרברענען?״ האָט ער געענטפערט, אַז ווייל מ׳דאַרף אַלע באַלד אַוועקפירן אין קרעמאַטאָריום. דאַן האָט זיך דער אונטער־קאַפּאָ דורכשפּאַצירט און געזען די פרוי מיינע, וועלכע ער האָט נישט געקענט, און זי געהייסן אַנטלויפן. אַזוי־ערנאָך איז זי דאָסמאָל ניצל געוואָרן פון טויט. זי האָט מיר גלייך ווייטער באַפוילן, אַז זי שפּילט מיטן לעבן צוליב פעלן פון שיך.

איך האָב איר באַפוילן שנעל קומען צו מיר מיט די שמאַטעס אויף די פיס, ווייל איך האָב אָרגאַניזירט אַ פּאָר שיך. דאָס איז געשען ווען מ׳האָט געטרישט ביי נאַכט שיך אין בלאָק. איך האָב גענומען אַ פּאָר נייע שיך — און די אַלטע נישט אָפּגעגעבן. אינדערפרי, אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט, האָב איך פאַרזיכטיק געבראַכט די שיך אויף דער קאָמאַנדאָ און זיי באַהאַלטן אונטער די „וויעטקעס״, (רעדן צו פרויען האָט מען נישט געטאָרט). איך האָב גענומען אַן עמער, אַריינגעלייגט דאָרט די שיך און זיך געמאַכט גיין ברענגען האָלץ און קוילן. כ׳בין צוגעגאַנגען לעבן די פרויען און איבערגעדרייט דעם עמער —

און די פרוי האָט געכאַפּט די שיך. אַזוי־ערנאָך איז זי געוואָרן צוריק אַ מענטש.

די יידישע פרויען־קאָמאַנדאָס זענען געווען פון פאַרשידענע לענדער ס׳זענען אָנגעקומען פאַריזער פרויען, אָבער אין משך פון אַ פּאָר טעג, זענען זיי אַוועק־געפאַלן פון גיין 10 ק״מ צו דער אַרבעט אין דער גערטנעריי און עסן אַ גאַנצן טאָג, און פון דעזינטעריע צוליב דעם אומרייניעם וואַסער, וואָס איז דאָרט געווען.

די קאָמאַנדאָס ווערן ווייטער פאַרפילט מיט יידישע פרויען פון גריכנלאַנד, אָבער אין משך פון אַ פּאָר טעג ווערן זיי פאַרשוווּנדן. אין דער „רייסקי״־קאָ־מאַנדאָ האָט געאַרבעט אַ געפערלעכער קאַפּאָ, אַ געוועזענער גנב און דערנאָך העפטלינג אין לאַגער. אָט דער מערדער פלעגט טויטן אַ סך יידן. ער פלעגט שלאָגן מיט אַ ברעט ביי דער אַרבעט און אין פעלד. איינמאָל נעמט ער מיך אַרויס אין שנייי אַריין און זאָגט: „דו האָסט זיך היינט נישט געוואַשן״. דאַביי לייגט ער מיך אַריין אין שניי און רייבט מיר דאָס פּנים, כ׳האָב קוים געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם. זיין סוף איז אויך געקומען. אין אַ מיטן העלן טאָג האָט ער באַקומען בויך־קראַמפּן, מ׳האָט אים גענומען אין שפּיטאָל און אים מער נישט געזען. מ׳האָט געשמועסט אַז דער אונטערגרונט פון פּאָליאַקן, וואָס האָבן גע־אַרבעט אין לאַגער, האָט אים פאַרסמט. איינמאָל קומט אַ שאַרפפירער און באַשטעלט ביי מיר צו מאַכן אַ בייטש. ווען די בייטש איז געווע פאַרטיק, האָט ער מיך געהייסן זיך בוקן און מיך אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט דער בייטש אויפן אונטן. אין אָנהייב האָב איך געשוויגן, אָבער דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן צו שרייען, דעמאָלט האָט ער געזאָגט: „איצט ווייס איך, אַז די בייטש איז גוט״.

## אין דער קאַרטאָפל האַלע קאָמאַנדאָ

נאָכן אַרויסוואַרפן די יידן פון דער גערטנעריי רייסקי קאָמאַנדאָ איז מיר געוואָרן שלעכט. כ׳בין אַריין אין אַ קאָמאַנדאָ וואָס בויט קעלערן צו קאַרטאָפל און זיך אָנגעמאַטערט אַ יאָר צייט. מיין פרוי איז דערווייל אַריבערגעגאַנגען אין אַ בעסערע קאָמאַנדאָ ביים סאָרטירן די פּעקלעך, וואָס די אַהערגעשלעפּטע מענטשן האָבן געבראַכט. אויף דער סטאַציע האָט מען די פּעק געלאַדעוועט אויף אויטאָבוסן, אַוועקגעפירט אין מאַגאַזינען און דערנאָך קיין דייטשלאַנד. ווען כ׳האָב געאַרבעט ביי די קאַרטאָפל האָט מען געקליבן אַ זאַנדער־קאָמאַנדאָ צו די קרעמאַטאָריעס, ווייל די אַלטע קאָמאַנדאָ האָט שוין צו לאַנג געלעבט. די דייטשן האָבן נישט געוואָלט, אַז פון די ברענערס זאָל די וועלט שפּעטער עפּעס

געוואָר ווערן, דעריבער האָבן זיי כמעט אַלע האַלבע יאָר פֿאַרברענט די אַלטע זאַנדער־קאָמאַנדאָ (בערך 200 מאַן) און געקליבן אין לאַגער אַ נייע.

די פּרוי מײַנע איז דערפֿון געוואָר געוואָרן און מיר געשריבן אַ בריוו מיט די ווערטער: „משה, כ׳האָב געהערט, אַז מ׳גייט קלייבן אַ זאַנדער קאָמאַנדאָ. ווען דו וועסט ווערן געקליבן צווישן דער ז. ק. זאָלסטו צוגיין צו די עלעקטרישע דראָטן, וואָס אַרום דעם לאַגער, און זאָלסט מאַכן אַ סוף צום לעבן. כ׳וויל נישט, אַז מײַן מאַן זאָל זײַן איינער פֿון די ברענערס פֿון יידישן פֿאָלק. ווען כ׳וועל הערן אַז דו האָסט אַזוי געטאָן, וועל איך אויך צוגיין צו די דראָטן און אַזוי טאָן". דאַן האָב איך זיך באַקלערט און באַשלאָסן, אַז ווען כ׳וועל ווירקלעך ווערן געקליבן, צו זאָגן: „שיסט, איך גיי נישט!"

אין דעם טאָג ווען מ׳האָט געקליבן די זאַנדער־קאָמאַנדאָ איז געקומען אַ באַפֿעל, אַז די יידן גייען נישט אַרויס צו דער אַרבעט און דאַרפֿן זיך שטעלן אויף דעם גרויסן פּלאַץ.

איך בין אַוועק אין אַ פֿרעמדן בלאָק, זיך אַרונטערגעלייגט אונטער די בעטן און אַזוי געלעגן אַ גאַנצן טאָג אין טויטשרעק ביז די פּאָליאַקן זענען געקומען פֿאַרנאַכט פֿון דער אַרבעט (פֿון עסן איז קיין רייד געווען — מחמת די שרעק איז געווען גרעסער ווי דער הונגער). דאַן האָב איך געגעבן אַ שבח דעם רבונו של עולם — און צוריקגעגאַנגען אין מײַן בלאָק. די זאַנדער־קאָמאַנדאָ איז שוין געווען געקליבן. איך האָב מודיע געווען מײַן פֿרוי אַז אַלץ איז אַדורך בשלום.

די אַרבעט אין דער קאַרטאָפֿל־האַלע קאָמאַנדאָ האָט זיך געענדיקט, און די איבערגעבליבענע זענען געוואָרן באַשעפֿטיקט ביים אָנפֿילן די קעלערס מיט קאַרטאָפֿל. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געמוזט טראָגן שווערע און לאַנגע זעק און דאַביי איז מען געוואָרן געשלאָגן און געיאָגט פֿון פּוילישע קאַפּאָס, דייטשע קאַפּאָס און ס. ס.־לייט

מײַן פֿרוי עצהט מיר דעמאָלט, אַז כ׳זאָל גיין אַרבעטן אין דער „קאַנאַדע"־קאָמאַנדאָ („קאַנאַדע" — ווייל דאָרט איז אַ פֿעט לאַנד) ביי דער באַן און אָפּנעמען טראַנספּאָרטן.

כ׳בין אַדורכגעגאַנגען דריי סעלעקציעס אין 31סטן בלאָק אין בירקענאַו. דאָס ערשטע מאָל זענען פֿון 300 יידן געבליבן אַ העלפֿט; ביים צווייטן מאָל זענען געבליבן עטלעכע און דרייסיק יידן, און דאָס דריטע מאָל איז מיר שוין געוואָרן נמאס — כ׳האָב שוין מער נישט געוואָלט לעבן. כ׳בין געווען אין גאַנצן צע־קראַצט און דאָס איז געפֿערלעך ביים דייטש. ווען דער דאָקטאָר מענגעלע האָט באַמערקט, אַז אַ קערפּער איז צעגאָסן און געשוואָלן אָדער אַ זעקל ביינער



אַ גאַז־קאַמער

אָן פלייש — איז דער מענטש געווען אַ פאַרטיקער צום פאַרברענען. מיט אים איז מיטגעגאַנגען אַ פוילישער שרייבער. מיר זענען געלאָפן נאַקעט איבער די בלאָקן און ווען דער דאָקטאָר האָט געהייסן פאַרשרייבן דעם נומער, איז שוין געווען זיין סוף. ביי נאַכט האָט מען אויסגערופן די אַלע נומערן אין די בלאָקן און זיי זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צו די קרעמאַטאָריעס.

ביי דער לעצטער סעלעקציע האָט דער פוילישער שרייבער אויך מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געוואָלט פאַרשרייבן מיין נומער. איך האָב מיך מיט אים געריסן, און דער הויפּט־באַנדיט האָט געמאַכט מיט דער האַנט, אַז ער זאָל מיך אָפּלאָזן. אַזוי זענען מיר געבליבן די לעצטע 16 יידן פון אַ פּאָר הונדערט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און דער בלאָק איז ווייטער געוואָרן פאַרפולט מיט פרישע אָנגעקומענע יידן.

## אין דער קאָמאַנדאָ „קאַנאַדע"

מיין שוועסטער חייטשע, יאַניש־גודעס איז אָנגעקומען פון לאַגער מיידאַנעק. ווען דער רוסישער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָט מען דאָרט געמאַכט אַ סעלעקציע: די שוואַכע געהייסן מאַרשירן אין איין ריי און די געזונטערע אין

אַ צווייטער ריי. דער שוואָגער מיינער, יחיאל יאַניש איז אַריינגעפאַלן צווישן די שוואַכערע און די שוועסטער צו די שטאַרקערע, וועלכע מ'האָט איבערגעשיקט פון מײַדאַנעק קיין בירקענאַו. עטלעכע 20 טויזנט שוואַכערע יידן, צווישן זיי — יחיאל יאַניש, זענען געוואָרן אויסגעשאָסן.

די שוועסטער מיינע האָט באַקומען אַ גוטע קאָמאַנדאָ אין בירקענאַו צו רייניקן דעם וואַש־רוים און די קלאָזעטן. זי האָט מיטגעבראַכט צוויי גאָלדענע אַמעריקאַנער דאָלאַרן. די גאָלדענע דאָלאַרן זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורך אַ פאַרמיטלער צום לאַגער־עלצטן, אַ פאָלקס־דייטש, וועלכער האָט דערנאָך באַפוילן מיך איבערטראָגן אין „קאַנאַדע"־קאָמאַנדאָ.

כ'האָב אָנגעהויבן די אַרבעט אין די מאַגאַזינען פון די פעקלעך. ביים עפענען יעדעס פעקל און זעענדיק בילדער פון פאַמיליעס, איז מיר דאָס בלוט פאַרגליווערט געוואָרן אין די אָדערן. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז יעדע פאַמיליע שטייט און לעבט פאַר מיר. כ'האָב דעריבער נישט געקאָנט און נישט געוואָלט טועם זיין פון דעם עסן, וואָס האָט זיך תמיד געפונען אין די טויטע פעקלעך.

אַ לאַנגע צייט איז אַדורכגעגאַנגען און אין האָב נישט געוואָלט טועם זיין פון די פעקלעך. אייניקע רעליגיעזע יידן אין לאַגער, נאָך אַ שקלא וטריא, האָבן געפסקנט, אַז כ'מעג יאָ טועם זיין, כדי צו קענען אַוועקגעבן מיין פאָרציע ברויט אין לאַגער אַ צווייטן יידן און ראַטעווען יענעם פון טויט. ווען כ'בין אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט ביינאַכט, זענען שוין געשטאַנען מיינע באַקאַנטע און געפרעגט אַזוי ווי אַ טאַטן: — „משה, וואָס האָסטו אונדז געבראַכט?"

ווען כ'האָב געפונען וואורשט, האָב איך עס פאָרזיכטיק געלייגט אונטער די פיס און געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער אַ קילאָמעטער, ביז מ'איז אַרויסגעקומען פון די מאַגאַזינען. אין דעם קאָמאַנדאָ האָט מען שטאַרק רעווידירט. ביי די טירן זענען געשטאַנען קאָסטנס, מ'האָט אונדז באַפוילן, דאָס ווען מ'געפינט אין די פעקלעך ווערטפולע זאַכן, זאָל מען אַלץ דאָ עס אַריינוואַרפן. ווער ס'וועט עפּעס מיטנעמען, ווערט דערשאָסן אויפן אָרט. פיל יידן זענען אַזויערנאָך דערשאָסן געוואָרן. איך אַליין האָב גענומען די ערשטע צייטן עסנוואַרג, ווייל פאַר דעם האָט מען נאָר געקראָגן עטלעכע שמיץ. פאַר די שטיקלעך וואורשט וואָס כ'האָב אַהיימגענומען, האָב איך געראַטעוועט אַ ייד. ווען איינער האָט געוואָלט איבערגיין אין אַ בעסערער אַרבעטס־קאָמאַנדאָ, האָט מען באַדאַרפט עפּעס געבן דעם קאַפּאָ. מיט אַ וואורשט האָט מען אים אָפּגעקויפט. איינמאָל האָב איך אַהיימגעברענגט אַ פּאָר טויזנט שטיק שטיינער צו פּאַפּיראָסן־צינדערס און דערמיט געראַטעוועט יידן. לעצטנס האָב איך אָנגעהויב צו „אָרגאַניזירן"

ווערטפולע זאַכן און דערמיט געהאָלפן אַ קוזין אים איבערפירן אין אַ בעסערער קאָמאַנדאָ.

אַזוי האָב איך געהאַט זיבן גוטע חדשים. כ׳בין געווען רואיק און געקאָנט זיך אַרומקוקן וואָס עס טוט זיך אין לאַגער. נישט ווילנדיק גיין צו דער באַן און נאָר אַרבעטן אין די מאַגאַזינען, האָב איך דאָך דאָס נישט געקאָנט אויס־מיידן און מען האָט מיך, נאָך שטאַרקע קלעפּ פון קאַפּאָ פון „קאַנאַדע״, גע־שלעפּט צו דער באַן. ס׳איז אָנגעקומען אַ צוג פון לעטלאַנד און צווישן זיי אַ סך קאַלטע וואַגאָנען און מער ווי אַ העלפט זענען אומגעקומען אין פאַרלויף פון טראַנספּאָרט. ווען מ׳האָט די לעבעדיקע אַרויסגענומען און זיי אַוועק געשטעלט צוזאַמען אויף איין פּלאַץ, האָב איך זיך מיט זיי אויסגעמישט. אַן עלטערער חסידישער ייד פרעגט מיך ווו מען פירט זיי. איך בין געבליבן שטיין און נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. דאָך האָב איך באַשלאָסן יאָ צו זאָגן. איך האָב דעם ייד געענטפערט, אַז ער גייט צו די אָבות: אברהם, יצחק ויעקב און זאָל ער זיי זאָגן אַז עס קאָן שוין זיין גענוג צו אונדזערע צרות...

## דער יידישער אויפשטאנד אין אוישוויץ

איך האָב געוווינט אין שכנות מיטן בלאָק, ווו עס האָבן זיך געפונען די יידן פון דער זאָנדער־קאָמאַנדע. זייער אויפגאַבע איז געווען צו פאַרברענען די פאַרגאַזטע אין קרעמאַטאָריעס און נאָכדעם צו פאַרשפּרייטן דאָס אַש, אַזוי אַז עס זאָל נישט בלייבן קיין שום זכר פון די אומגעקומענע. די זאָנדער־קאָמאַנדע האָט מען „געטוישט״ און דערשאָסן יעדע פּאָר וואָכן. באַלד נאָכדעם האָבן די רוצחים ווידער אויסגעקליבן געזונטערע יידן, כדי צו דינען דעם שטן אין גיהנום של מטה.

מיינע אויגן האָבן געזען ווי דאָס יידישע פאָלק גייט אויס אין פלאַמען און איך בין אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ געפיל צו שטאַרקן זיך מיט אַלע כוחות, כדי איך זאָל קענען איבערגעבן דער וועלט וועגן דער גרויסער רציחה.

איך האָב געטאָן אַלץ, בכדי אַריינצוקומען ביינאַכט אין באַראַק פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ. דערצו האָבן מיר געהאָלפן באַקאַנטע סאַראַצקער און פּאַפּאַווער יידן, וועלכע האָבן געהערט צו דער טרויעריקער איינהייט. כ׳האָב זיך צוגעהערט צו זייערע דערציילונגען, וועלכע האָבן שטענדיק באַשטעטיקט אַלץ וואָס מיינע אויגן האָבן געזען.

די בענדינער און סאָסנאָוויצער יידן זענען געווען פון די לעצטע, וועלכע



די קרעמאַטאָריע, וווּ די פאַרגאַזטע יידן ווערן פאַרוואַנדלט אין אַש

זענען אָנגעקומען קיין אוישוויץ. זיי האָבן שוין געוווּסט אַז זיי ווערן געפירט צום טויט. באַלד ביי דער באַן־סטאַציע אין אוישוויץ האָבן זיי געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד און נישט געוואָלט גיין קיין בירקענאַו צו די קרעמאַטאָריעס. די ס. ס. האָבן אַרומגערינגלט די יידן און מיט מאַשין־געווער זיי אַלע ביי דער באַן דערשאָסן.

די דייטשן אין וואַרשע און אומגעגנט, וועלנדיק אַרויסנאַרן די אַלס אַריער פאַרשטעלטע אָדער אין בונקערס באַהאַלטענע יידן, האָבן אַרויסגעשיקט פּוילישע פּראָוואָקאַטאָרן צו פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז פאַר אַ געוויסער סומע דאָלאַרן וועלן יידן אָנערקענט ווערן אַלס אַמעריקאַנער בירגער און אַרויסגעשיקט ווערן קיין אויסלאַנד.

טויזנטער יידן זענען אַזוי אָפּגענאַרט געוואָרן. זיי האָבן באַצאָלט גרויסע סומעס געלט, זיך אַריינגעזעצט אין באַקוועמע וואַגאָנעס צוזאַמען מיט מונדירטע דייטשן, זיי זענען געפאָרן קיין „אויסלאַנד" אָבער אָנגעקומען — אין אוישוויץ.

איינמאָל איז אָנגעקומען אַ גרויסער טראַנספּאָרט פון יידן „אַמעריקאַנער בירגער". ווען אַלע זענען אויסגעשטיגן פון די וואַגאָנעס, האָט מען זיי העפלעך

געהייסן זיך אויטאָן און זיך אָפּוואַשן, כדי נאָכדעם זיי איבערצופירן אויף אַ „צווייטן פּלאַץ״.

די יידן האָבן אָנגעהויבן צו שרייען: „ניין, ניין!״ צווישן זיי איז געווען אַ פרוי, אַן אַקטריסע. ווען מ׳האָט זי געהייסן זיך אויסטאָן, האָט זי נישט געוואָלט. אַ העכערער ס. ס.־אָפיציר וויל וויסן די סיבה. איר ענטפער איז געווען: „דו וועסט מיין נאַקעטן קערפּער נישט זעען״. זי האָט זיך געווענדעט צו איר מאַן, אַז ער זאָל רעאַגירן. דאַן האָט דער מאַן געכאַפּט אַן אייזערנע כלי און זי געוואָרפן מיט כוח אין קאָפּ פון דעם ס. ס.־מאַן, וועלכער איז צעמישט געוואָרן און אומגעפאַלן. באַלד האָט אַ צווייטער מערדער אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און אויפן אָרט דערשאָסן דער אַרטיסטקעס מאַן. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, ס׳איז אָנגעלאָפן אַ גרויסע באַוואָפנטע ס. ס.־גרופּע און אַלע אָנגעקומענע זענען אויפן אָרט אויסגעשאָסן געוואָרן.

אַ מאָל איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מיט גריכישע יידן. עטלעכע פון זיי זענען באַשטימט געוואָרן אין די זאָנדער־קאָמאַנדאָ. ווען ס׳האָט זיך ביי דער קרעמאַטאָריע אין בירקענאַו אָנגעזאַמלט אַ סך פאַרברענטע מענטשן, האָט מען דאָס אַש אַרויסגעפירט אין גרויסע לאַסט־אויטאָס און עס אַריינגעשיט אין דער ווייסל, נישט ווייט פון קראָקע.

מיט אַזאַ לאַסט־אויטאָ זענען אַמאָל מיטגעפאָרן צוויי גריכישע און עטלעכע פּוילישע יידן. דער שאָפער און אַ באַגלייטער זענען געווען באַוואָפנטע ס. ס.־לייט. ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער ווייסל, בכדי אויסצושיטן דאָס מענטשן־אַש, זענען די צוויי גריכישע יידן אָנגעפאַלן אויף די צוויי באַגלייטער, זיי גוט צעשלאָגן, צוגענומען ביי זיי דאָס געווער, אַריינגעשפּרינגען אין וואַסער, איבער־געשווומען אויפן צווייטן ברעג און אַנטלאָפן. מ׳האָט זיי נישט געכאַפּט. די פּוילישע יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט דעם מוט צו טוען וואָס זייערע ברידער פון גריכנלאַנד האָבן געטאָן, זענען צוריקגעפאָרן אין לאַגער, ווו זיי זענען אויף אַ שוידערלעכן אופן דערמאָרדעט געוואָרן.

אין מיטן זומער 1944 האָט מען פאַרברענט אַ גאַנצע יידישע זאָנדער־קאָמאַנדע. אין דעם זעלבן טאָג איז אָנגעקומען אַ פרישער טראַנספּאָרט פון מאַקאָווער, מלאַווער, פּאַפּאָווער און סעראָצקער יידן. מ׳האָט באַלד דורכגעפירט אַ שטרענגע סעלעקציע און די איבערגעבליבענע זענען באַשטימט געוואָרן אַלס נייע זאָנדער־קאָמאַנדאָ. צווישן זיי זענען געווען דער דיין פון מאַקאָוו, משה מאַרגולעס פון סעראָצק און די צוויי ווײנקראַנצס פון פּאַפּאָוו. בס״ה זענען דאָרט געווען בערך 200—250 מאַן.

איך האָב זיך געטראָפֿן זייער אָפֿט מיט משה מאַרגוליעסן אין בלאָק פֿון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ. ער האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר אויפֿגעהויבן די אויגן צום הימל, געשאָקלט מיטן קאָפּ און טיף געקרעכצט. משה מאַרגוליס, מיין קרוב און שכן פֿון סעראָצק, איז געצוווּנגען געוואָרן צו ווערן אַ דינער אין גיהנום של מטה.

ראש־השנה און יום־הכּיפּור האָב איך געדאַוונט צוזאַמען מיט דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ אין זייער בלאָק. זיי האָבן הייס געדאַוונט און אַלע האָבן געזאָגט קדיש יתום. דער בעל־תּפילה איז געווען דער מאַקאָווער דיין און זיין קדיש יתום האָט מיך דעמאָלט צעטרייסלט. ביזן היינטיקן טאָג הער איך נאָך זיינע קלאַנגען. אין מיטן דאַווענען האָט איינער, אַן אָנגעווייטיקטער, געשאָלטן און געלעסטערט דעם רבונו של עולם. מיר האָבן אים נישט געזידלט , דער צער זיינער איז דאָך געווען אַ טיפֿער: זיין צער — אונדזער צער.

אין 1944, צווישן ראש־השנה און סוכּות, האָט מיר משה מאַרגוליס געזאָגט: „יאָ, יאָ, דעם שמחת־תּורה טאַנץ איך מיטן טאַטן ביים אַמשינאָווער רבי״. זאָג איך צו אים: „משה, וואָס רעדסטו? וועסט נאָך איבערלעבן די מלחמה״. האָט משה פֿאַרלייגט זיינע פֿאַרשוואַרצטע שטאַרקע הענט אויפֿן האַרץ, אויפֿגעהויבן זיינע רויט־געוואָרענע אויגן צום הימל און אָנגעהויבן שטיל צו זינגען מיט אַ חסידישן ניגון: „אלי, אלי למה עזבתני?״

איך האָב מיטגעוויינט.

## דער אויפֿשטאַנד פֿון דער זאָנדער־קאָמאַנדע

און אַזוי איז דאָס געווען:

אין אַ פֿאַרמיטאָג, סוכּות 1944, בין איך געווען באַשעפֿטיקט ביי קאַנאַליזאַציע־אַרבעט, נישט ווייט פֿון די קרעמאַטאָריעס. פּלוצים זע איך ווי אַ קרעמאַטאָריע ברענט. באַלד איז מיר קלאָר געוואָרן דאָס די זאָנדער־קאָמאַנדאָ האָט געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד. פֿאַרטאָג איז אַדורכגעפֿירט געוואָרן אַ סעלעקציע אין דער גאַנצער קאָמאַנדאָ און אַלע האָבן זיך צעבונטעוועט. ראשית האָבן זיי דערשטיקט די וואַכן און אַריינגעוואָרפֿן לעבעדיקערהייט אין אַ ברענענדיקן אויוון עטלעכע דייטשן, די געפֿערלעכסטע שונאי ישראל. נאָכדעם האָבן זיי אונטערגעצינדן דעם לאַגער מיט די באַראַקן און די קרעמאַטאָריעס. ווען אַלץ האָט שוין געברענט, זענען זיי זיך צעלאָפֿן אין אַלע פֿיר עקן, כּדי זיך אַרויסקריגן פֿון בירקענאַו. דאָס פֿייער האָט זיך צעשפּרייט. אַ געדיכטער רויך האָט פֿאַרדעקט דעם הימל און ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה.

באַלד האָבן אָנגעהויבן פייפן די סירענעס און דער גאַנצער גרויסער מיליטערישער כוח איז מאָביליזירט און אַלאַרמירט געוואָרן. הונדערטער ס. ס.־מענער אויף מאָטאָציקלען האָבן אָנגעהויבן נאָכלויפן, שיסנדיק צו די אַנטלאָפענע, און זוכן די באַהאַלטענע.

אַ סך פון די אַנטלאָפענע זענען אויפן וועג דערשאָסן געוואָרן און די געכאַפּטע זענען געבערענגט געוואָרן צעשלאָגענע און זיי פאַרזאַמלט אויף אַן אָפענעם פלאַץ נישט ווייט פון פאַרברענטן לאַגער. קיינער פון די אַנטלאָפענע האָט נישט זוכה געווען צו דערלעבן די פרייהייט.

מ׳האָט אַלע געצוואונגען זיך אויסלייגן אויף דער ערד מיטן פנים אַראָפּ. צווישן זיי איז אויך געווען משה מאַרגוליס, און די ס. ס.־לייט האָבן אַלע מיט מאַשין־געווער דערשאָסן.

די הבטחה פון משה מאַרגוליס איז מקויים געוואָרן. דעם שמחת־תורה איז ער שוין געווען באַפרייט...

## איך פאַרלאָז אוישוויץ

ביים ענדע יאָר 1944, זענען די רוסישע און פוילישע אַרמייען צוגעקומען ביז 60 ק״מ פאַר קראָקע. פון דערווייטנס האָט זיך שוין דערטראָגן דאָס שיסן פון האַרמאַטן.

די רוצחים האָבן באַשלאָסן צו עוואַקוּאירן אַלע געזונטע מענטשן פון אוישוויץ. די שוואַכע, וועלכע האָבן שוין מער נישט געקענט מאַרשירן, זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ זייט, מ׳האָט זיי צוגעפירט צי די וועלדער און זיי דערמאָרדעט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן פון די באַראַקן און גע־הייסן זיך אַריינשטעלן אין די רייען. איך בין אַריין אין דעם צוג, וואָס האָט מיך צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן אַוועקגעפירט ביז דעם טרויעריקן לאַגער שטוטהאָף ביי דאַנציג. דאָרט בין איך געווען דריי חדשים, געאַרבעט ביים אויסגראָבן קאַרטאָפל און אַנדערע שווערע אַרבעטן. עסן האָבן מיר באַקומען נאָר כדי צו דערהאַלטן די נשמה.

נאָך דריי חדשים האָט מען אונדז איבערגעפירט צו פוס אין אַ מיזערנעם לאַגער אין דאָרף רווען, נאָענט צו דאַנציג. מיר אַלע זענען באַשטימט געוואָרן צו אַרבעטן אין דאַנציג אין די פאַבריקן, וואָס פאַבריצירן געהיימע מיליטערישע מאַטעריאַלן. אַלס עלעקטראָטעכניקער, האָב איך געאַרבעט ביי די אונטערוואַסער

שיפלעך. מ׳האָט מיך אויסגעלערנט שווייסן, אָבער נאָכער האָבן זיי חרטה געהאַט און מיך נישט מער צוגעלאָזט צו שווייסן די געהיימע סחורה.

צו יענער צייט האָבן אין די מיליטערישע פאַבריקן אין דאַנציג געאַרבעט צענדליקער טויזנטער ציווילע פּאַכלייט פון אַלע פעלקער אין אייראָפּע. די אויבנדערמאָנטע האָבן געהאַט אַ גרויסן עס־זאַל, וווּ מ׳האָט זיי גוט באַדינט, אָבער יידן האָבן געאַרבעט עבודת־פּרך און באַקומען אַ הונגער־דיעטע. אונדזערע כוחות האָבן אָנגעהויבן אויסצוגיין. מיטאָג־צייט, נאָכדעם ווי די ציווילע פּאַכלייט האָבן פאַרענדיקט זייער עסן, האָבן מיר זיך אַריינגעריסן אין עס־זאַל און ווי די קעץ אויסגעלעקט די טעלערס און צונויפגעזאַמלט דאָס אָפּפאַלעכץ...

אויך דעם תענוג האָבן אונדז די ס. ס.־לייט נישט פאַרגינען. און מיט קלעפּ פאַרטריבן פון דעם גן־עדן. ווען די רוסן האָבן אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן דאַנציג, איז אונדזער לאַגע אַ ביסל בעסער געוואָרן. מיר האָבן פון דעמאָלט אָן צוזאַמען מיט אַלע געגעסן אין גרויסן זאַל.

מיר, די 1500 אויסגעהונגערטע יידן, האָבן נישט געקענט שטיין רויִק אין די רייען צום עסן. מיר זענען פשוט משוגע געוואָרן פון הונגער. די ס. ס.־לייט האָבן אויף זייער שטייגער אונדז שטיל געמאַכט און די ציווילע דייטשן האָבן אונדז געבעטן זיך באַרויִקן.

ווען דאַנציג איז שטאַרק באָמבאַרדירט געוואָרן און די שטאָט איז געשטאַנען אין פלאַמען, האָבן אונדז די דייטשן עוואַקואירט פון לאַגער. אין מיטן דער נאַכט האָבן 1500 האַלב־טויטע יידן אָנגעהויבן צו מאַרשירן, אָבער שוין אָן אַן אָרדענונג — מ׳האָט אויך נישט באַקומען צו עסן. הונדערטער זענען געפאַלן אויפן וועג פון אָנמאַכט. די ס. ס.־באַגלייטער זענען געווען צעמישט — איינמאָל געשלאָגן, אַ צווייט מאָל זיך געחנפעט צו אונדז — מיר האָבן גענעכטיקט אין קירכעס און אויך אונטערן פרייען הימל און קיינער פון דער דייטשער דאָרפישער באַפעלקערונג האָט אונדז אַפילו נישט דערלאַנגט אַ ביסל וואַסער. קיין איין לאַגער האָט אונדז נישט געוואָלט אויפנעמען. עראָפּלאַנען האָבן כסדר באָמבאַרדירט.

עס האָט זיך אויף אונדז דערבאַרעמט אַ קאָמענדאַנט פון אַ גרויסן ס. ס.־לאַגער, נישט ווייט פון קעניגסבערג — ער האָט געגעבן נאָר איין גרויסן באַראַק פאַר אַלע יידן.

אין באַראַק איז געווען אַ שטופּעניש, אַן ענגשאַפט און אַ פאַרשטיקטע לופט — צענדליקער זענען געשטאָרבן יעדע נאַכט. אין דער אומגעגנט פון באַראַק

זענען אויך נישט געווען קיין אוביקאַציעס און אויך קיין וואַסער. פון לאַגער האָט מען נישט אַרויסגעלאָזט, ווייל ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פלעקן־טיפוס.

מיר זענען געווען ווי מצורעים.

די דייטשן האָבן מורא געהאַט זיך דערנענטערן צו אונדז און אין די לעצטע צוויי וואָכן האָבן מיר אַפילו די ברויט־פּאַרציע נישט באַקומען.

ווען דער הונגער איז געוואָרן גאָר גרויס — האָבן מיר זיך געבעטן ביי די דייטשן דאָס זיי זאָלן אונדז אַרויסלאָזן אָפּצוקאָכן געפייגערטע פערד, וועלכע זענען געלעגן אין אַ גרויסער צאָל אויף אַלע וועגן. טיילמאָל האָבן די ס. ס.־מענער אונדז דאָס דערלויבט.

אויך די געפייגערטע פערד זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן. איך האָב אַמאָל געקויפט אַ פלאַש פערדן־בלוט ביי אַ פּאָליאַק, עס אָנגעוואָרעמט און געטרונקען... כ׳האָב אויסגעזוכט אין לאַגער פאַרשידענע פערדישע ביינער, זיי געגריזשעט גאַנצע נעכט, אָבער דאַביי אויך מיינע געזונטע ציין געפּאַטערט. ווען ס׳זענען שוין קיין ביינער אויך נישט געווען, האָב איך געזוכט גראָז, אָבער אין ווינטער איז עס געווען פאַרשימלט. כ׳האָב דאָס פאַרשימלטע גראָז געקאָכט, צוגעגעבן פאַרשטינקענע ביינער און געזאָגט: רבונו של עולם, קאָנסט מיך אויך שפּייזן מיט גראָזן.

## פאַרן סוף

מיר האָבן אָנגעהויבן הערן האַרמאַטן שאָסן. די רוסישע אַרטילעריע האָט באָמבאַרדירט די גאַנצע געגנט. אונדזער לאַגער איז געווען אין אַ טאָל, אַזוי אַז מיר זענען על פּי נס ניצול געוואָרן. דער בירגערמייסטער פון אַ נאָענטן שטעטל האָט באַשלאָסן צו גראָבן אַ ברייטן טיפן און לאַנגן קאַנאַל, בכדי איינ־צוהאַלטן דעם מאַרש פון די סאָוויעטישע טאַנקען. ער האָט מאָביליזירט ציווילע באַפעלקערונג און אויך געבעטן אונדז פאַר אַ גרויסע פּאַרציע ברויט און פלייש מיטצוהעלפן, ווייל דער גרעסטער טייל פון די יידן זענען געווען אין אַ מצב פון גסיסה.

אויך איך בין געווען אויסגעשעפּט, מיינע פיס זענען פון קעלט געשוואָלן געוואָרן, איך האָב זיך נישט געקענט רירן און געוואַרט אויפן טויט.

✶

איינמאָל פאַרטאָג קוק איך דורכן פענצטער פון באַראַק און זע דאָס אַלע וועגן זענען שוואַרץ פון מענטשן: אַלע דאָרפישע דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו

לויפן — ווער צופוס און ווער מיט וועגענער. אַזוי זענען זענען מיר געלאָפן פון סעראַצק און פון נאָווידוואָר קיין וואַרשע מיט עטלעכע יאָר צוריק. דעם זעלבן טאָג — דאָס איז געווען מערץ אָדער אַפּריל 1944 — איז געקומען דער קאָמענדאַנט פון די ס. ס. און אונדז געמאָלדן, אַז די דייטשן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ און ווער עס וויל מיטגיין קאָן דאָס טאָן.

איך און דער רוב פון אַלע יידן האָבן באַשלאָסן צו בלייבן, נישט קוקנדיק אויף די קאָנסעקווענצן.

אין מיטן דער נאַכט איז אָנגעקומען אַ מיליטערישער פּאַטרול און מיטגע־נומען מיט זיך די די לעצטע ס. ס.־לייט און שנעל אַוועק. די ס. ס.־לייט וועלכע האָבן אונדז באַדאַרפט אויסשיסן, האָבן דאָס מאָל נישט אויסגעפירט דעם באַפעל, וועלנדיק דערמיט שאַפן פאַר זיך אַן אַליבי. נאָר די יידן זענען געבליבן אַליין אין גרויסן לאַגער. באַלד איז אָנגעקומען אַ רוסישע אויסשפּיר־גרופּע. וואַרטנדיק אויף מײַן טויט האָב איך געהערט געשרייען.

„יידן, געוואַלד, די חברים זענען דאָ".

מיר האָבן איבערגעגעבן די רוסן וועגן די קאַנאַלן פאַר די רוסישע טאַנקען, און זיי האָבן דאָס באַלד אויסגעפּאַרשט.

אינדערפרי איז אַריין אין לאַגער דאָס רוסישע מיליטער — מיר זענען איצט פרייע מענטשן!

מיט די לעצטע כוחות זענען מיר אויפגעשטאַנען פון אונדזערע נאַרעס, אַרויס אין דרויסן און אויסגעשטרעקט די הענט נאָך עסן. די רוסן האָבן אונדז געגעבן מאַרמעלאַדע, פּושקעס מיט קאָנסערווירט פלייש און ברויט.

אַלע האָבן זיך צוגעכאַפּט צום עסן — און אונדזערע קישקעס האָבן נישט געקענט די שפּייזן פאַרדייען. באַלד איז אויסגעבראָכן די דעזינטעריע, פון וועלכער ס'זענען געשטאָרבן קרוב 75% פון אַלע לעבנגעבליבענע יידן.

נאָכדעם ווי די רוסן זענען אָנגעקומען, האָבן זיי אונדז איבערגעפירט אין די היגיענישע וווינונגען פון די ס. ס. און געברענגט אַרטיקע דייטשן אונדז צו באַדינען. איך בין געווען קוים לעבעדיק, אָבער אין די לעצטע מינוטן האָב איך מיך געשטאַרקט. כ'האָב אָנגעהויבן נאָר טרינקען טיי מיט סוכאַרעס. ביז דער מאָגן האָט זיך אויסגערייניקט. נאָך אַ פּאָר וואָכן האָב איך זיך געקענט שטעלן צוריק אויף מיינע פיס. די אַלע געשטאָרבענע אין לאַגער פון דעזינטעריע זענען באַגראָבן געוואָרן אין אַ גרויסן ברידער־קבר.

נאָכן געזונט ווערן, בערך אַפּריל 1944, בין איך אַוועק קיין פּוילן זוכן מיינע ברידער און שוועסטער, אָבער קיינעם מער נישט געפונען.

חוה קונקול־קאנארק
(תל־אביב)

# בשנות האימים

היה זה יום ששי, 1.9.39, כאשר פרצה המלחמה. בערב־שבת זה חלפו מטוסים גרמניים מעל עיר מולדתי סרוצק. הם הנמיכו טוס והטילו צללים כבדים ואימה גדולה. בציפית פחדים עברו ארבעת הימים הראשונים של המלחמה. ביום החמישי טעמנו את ראשית טעמה. באותו יום הופצצה העיר ובהפצצה זו שיכלנו את אחינו הבכור, שמואל ז״ל. כל עוד רוחנו בנו, ברחה כל משפחתנו לעבר השני של הנהר נאַרב.

לאחר כיבוש העיר על ידי הגרמנים, חזרנו כולנו לסרוצק, שכן פסקו ההפצצות, נדמו היריות והשתרר שקט. אך כעבור ימים אחדים היתה הפקודה לכל הגברים היהודים להתאסף בבית־הכנסת הגדול. למשפחות המצפות ליקיריהם חזרו רק הזקנים. כל הגברים הצעירים נלקחו משם וגורשו לגרמניה. לביתנו לא חזר אז אחי הגדול משה קאַנאַרק.

זמן קצר לאחר מכן גורשו כל היהודים מסרוצק — ובתוכם 5 אחיותי — לביאלה־פודלאסק. אבי, אמי ואני לא היינו בין המגורשים, כי בשעת הגירוש היינו אצל דודנו בכפר זאטורי, שמעבר לנהר נארב. כשהגיעה אלינו בשורת הגירוש, שמנו פעמינו לוולומין, אל הדודה, אחות אמי.

הדודה קיבלה אותנו יפה, אך הדאגה לאחיות המגורשות לא הניחה לנו אפילו לרגע אחד עד שנכמרו רחמיה של הדודה והיא נסעה לביאלה־פודלאסק, והביאה אתה את כל אַחיותי.

ושוב היינו יחד בבית הדודה. וטוב היה להיות יחד, אלא הוכרחנו להפרד, שכן לא יכלה הדודה לכלכל את כולנו. אז ידענו את הרעב שהתחיל להציק. לאמא עוד אחות, בכפר ווילישוב ליד זגז׳ה. נסענו, איפוא, אני ואחותי חנה לדודה זאת. בעלה היה חייט ואנו עזרנו לו בעבודה. לאחר זמן מה הגיעה לווילישוב אמנו ולאחר מכן האחיות מאַשה ולאה. אצל הדודה צר היה המקום. שכרנו, לכן, חדר קטן וצר בביקטה של פולניה אחת וגרנו שם. לא עברו ימים רבים ואחד, אחד התקבצו אלינו כל שאר בני המשפחה וכולנו הצטופפנו יחד בחדר הקטן והצר — ובלבד להיות יחד.

בווילישוב גרנו עד שנת 1940. באוקטובר אותה שנה גורשנו לגיטו לודבישין בסביבות לגיונובה. בגיטו סבלנו מרעב מתמיד ומפחד מפני חיסול.

מדי יום ניסו האמא והאחיות להסתנן לכפר הסמוך כדי לנסות להחליף את שארית בגדינו העלובים בלחם, תפוחי־אדמה, או בדברי מאכל אחרים. כאשר שיחק להן המזל היה בא אל פינו דבר מה ומפסיק לשעה קלה את הרעב הגדול.

באותם הימים עזבתי את הגיטו והלכתי אל הפולניה שלי שגרה בכפר. הפולניה היטיבה עמי והייתי אצלה כעשרה חודשים. למשטרה נודע הדבר ובאו לאסרני, ודיני היה להיהרג. בבכי, בתחנונים ובהשתדלויות רבות עזבוני, בתנאי שאחזור לגיטו. חזרתי לגיטו.

בחדשי החורף של שנת 1941 שרר קור עז. עצים, או חומר אחר להסקה, לא היו. בנוסף לרעב ולפחד, חדר הקור לעצמות עד לבלי נשוא. אבא לא יכול היה לראותנו מתענים בקור, ובסכנת נפשות הלך ליער הסמוך לאסוף עצים להסקה ופעם אחת נתפס וספג מכות בכל גופו. פצוע ושותת דם חזר ונפל למשכב, ממנו לא קם עוד. ללא אוכל, בלי כל עזרה רפואית ותרופות — נפח אבא את נשמתו ב־19 במארץ 1941.

באחד מימי הסתיו הסגרירים באחד השבתות של שנת 1942, בשעה 5 לפנות בוקר הגיעו אוטובוסים גדולים לגיטו — לגירוש ולחיסול הגיטו. בני משפחתי הצליחו לברוח מהגירוש אל מחוץ לגבולות הגיטו, אל היער הסמוך. מאתיים יהודים נורו ונהרגו בו במקום. מעטים מאוד ברחו והשאר הוגלו. אני ועוד עשרה אנשים התחבאנו במרתף. במרתף היינו כל אותו יום השבת. עם רדת הערב התגנבנו, באין רואים, מן המרתף וכל אחד מאתנו פנה לעבר אחר.

אני שרכתי דרכי אל הפולניה שלי, שביתה היה במרחק של 3 קילומטרים. דפקתי על דלתה והיא פתחה לי את הדלת. כשראתה אותי פרכה ידיה, הצטלבה וזעקה: — „איך הצלחת להנצל מן הגיהינום הזה?„. היא האכילה והשקתה אותי. כששבה אלי רוחי, סיפרה לי שגם אמי ואחותי הקטנה לאה נמצאות בכפר והן מחפשות אותי. בנה של הפולניה הלך מיד, במצוות אמו, למצוא אותן ולאחר שעה קלה הביא אותן אלי.

אצל הפולניה הזאת היינו שלושה ימים בלבד. באישון לילה היינו נאלצות לעקור משם, שכן כבר פשטו שמועות, כי אצל יאבורובסקה מסתתרים יהודים.

ברחנו ליער. לאור היום רבצנו תחתינו במחבואים שונים ומשונים ובלילות יצאנו לטרוף טרף לפינו. שלושה שבועות היינו ביער, ברעב, קור ופחד. ביער פקדה אותנו מכה נוספת — כינים. השרצים הזעירים לא נתנו לנו מנוח.

לאחר שלושה שבועות של טילטולים מלאי סבל ותלאות ללא מוצא, לא היתה לנו כל ברירה אחרת, אלא לנסות ולחזור אל הפולניה. בראותה אותנו שוב פעם לפניה, נבהלה והתחלחלה מאוד. אך חיש נעלה את הדלת והעלתה

אותנו לעליית־הגג. היא הביאה לנו אוכל, מים, בגדים ומסרק צפוף־שנים.

שלושה ימים ושלושה לילות הסתתרנו בעליית־הגג. אך ביום הרביעי אמרה הפולניה, שאין ביכולתה לכלכל את כולנו וכי מוכנה היא להשאיר אצלה את אחת הבנות. מאחר ומראה פני היה יהודי בולט וסכנה מיוחדת ארבה לי בשל כך, ומשום שכבר רגילה הייתי עם הפולניה — נפל בגורלי להשאר.

אמא ואחותי הקטנה לאה הלכו והגיעו לורשה. בפרבר פראגה היו לה מכרים פולנים שהסתירון ימים אחדים, אך בגלל פחד הגרמנים והמלשינים הפולנים לא יכלו להשאר אצלם. פעם שרכו שתיהן רגליהן באחד הרחובות של פראגה, כשהרעב מציק להן ללא נשוא, והנה נקרתה להן בדרכן אשה מבוגרת, בעלת חזות מעוררת אמון. העיזה אמי וביקשה ממנה פרוסת לחם בשביל הילדה. האשה לא היססה, פתחה מיד את החבילה שהיתה עטופה בידה, שהכילה את ארוחתה לעבודה — הושיטה לאמא והפטירה: „אם רוצה את, מסרי לי את הילדה ואני אגדל אותה בביתי". האמא שמחה מאוד ובו במקום קיבלה הפולניה הזרה את אחותי הקטנה. תמורת הבת קיבלה אמא מאת הפולניה את כתובתה. בדמעות צורבות ליוו עיניה של אמי את בתה הקטנה, שהתרחקה יחד עם הפולניה הזרה. זמן רב ניצבה במקום — עמדה ולא יכלה לזוז. הילדה היפנתה גם היא כל כמה צעדים את ראשה אל אמא ומבטן נפגש מבעד למסך כפול של דמעות זורמות. היתה זאת הפעם האחרונה שראו זו את זו. לאחר מכן חזרה אמא אלי לכפר וסיפרה על כל הקורות אותה ואת אחותי הקטנה. היא מסרה לי את כתובת האפוטרופסית של הילדה ולפיה התכתבתי עם האחות הקטנה באמצעותה של הפולניה המיטיבה שלי.

*

הגיע החורף של שנת 1943. אמא היתה כל הזמן אתי, אך אוכל לא היה וסבלנו מאוד מרעב. גם הפולניה הטובה ובנה בן השתים־עשרה, סבלו חרפת רעב. עם רדת השמש, היתה אמא יוצאת כל ערב לתור ולחפש דבר־אוכל. כאשר האיר לה המזל, היתה חוזרת עם משהו מוסתר תחת בגדיה. אך לעתים קרובות היתה שבה בלא כלום. לאחר הפשרת השלגים עברה אמא אל ביתה של מכירה באותו כפר.

לימים פגשה אמא את הדודה טובה מווילישוב. הדודה חיתה זמן מסויים יחד עם שני ילדיה הקטנים בגבעות ובחורשות שבסביבה. לאחר שפגשה את אמא היו יחד. אך הדבר לא נמשך זמן רב. בחודש מאי היה מצוד בסביבה ושני ילדיה של הדודה נחטפו וחילקו, כנראה, את גורלם של כל ילדי היהודים

בפולין. אמא והדודה הצליחו להמלט מהמצוד. לאחר שלושה שבועות נפרדו, עקב הנסיבות, זו מזו — כל אחת לגורלה. בגורלה של אמי עלה להיות קרבן למלשין פולני, שהסגיר אותה לגרמנים והיא נאסרה ונלקחה לבלי שוב. הדודה, לעומת זאת, חיה היום בארצות־הברית.

*

עד הסתיו של שנת 1944 הייתי אצל הפולניה שלי. מאז סוף הקיץ של 1942 לא ראיתי אור שמש. ימים ולילות הייתי סגורה ומסוגרת ללא אויר וללא אור, נחבאת ומסתתרת מעין רואים. כל אנשי הכפר הכירו אותי ואסור היה להם לדעת על הימצאי אצל הפולניה מחשש הלשנה.

כאשר הצבאות הרוסיים החלו להתקרב לסביבות ורשה התחילו השלטונות הגרמניים לגרש את האוכלוסיה הפולנית ממקומות רבים. הפולניה ומשפחתה היו בין המגורשים ואני הצטרפתי אליה. את ראשי ופני עטפתי היטב במטפחת שחס־וחלילה לא יכירוני. השוטרים הגרמניים הובילו אותנו ברגל מרחק של שלושים קילומטרים לעברה השני של ורשה, לאיזור של מפעלים ובתי־חרושת.

כאשר התקרבנו למטרת הליכתנו הקשה היה כבר ערב. פחד גדול נפל עלי מחמת הסכנה שיגלו אותי כיהודיה לכשנגיע למקום. גם הפולניה שלי, שצעדתי אתה יחד כל הדרך, נדבקה בפחדי ושלושה קילומטרים לפני בתי־החרושת התחמקנו שתינו מן השורות והתחבאנו.

למחרת היום הובלו כל המגורשים לגרמניה לעבודה ובדרך נס ניצלתי מגורל זה.

משם הלכנו לפרושקוב, שכן היו שם לפולניה שלי מכירים. אך היינו שם רק זמן קצר ונסענו לצ׳נסטוחובה. משם אמרנו לנסוע חזרה לורשה, אך אליה לא הגעתי. באמצע הדרך היה מצוד. חטפו את כל הצעירים לחפור חפירות. הייתי כבר אז בת 21 — מבוגרת למדי בכדי להיחטף. תחנוניה של הפולניה שלי ודמעותיה לא הועילו. הייתי בין החטופים הרבים. הובילו אותי תחת משמר כבד, יחד עם החטופים האחרים, לבית־הסוהר בפיוטרקוב ומשם לסוליוב לעבודה.

נחטפתי והובלתי לעבודה כפולניה נוצריה. עוד בהיותי בכפר שינתה הפולניה שלי את חזותי ומראי. שערות ראשי חומצנו והיו לבהירות. צבע הגבות ואפילו ריסי־עיני שונו. היתה לי קאנקארטה כדת. שמי היה קריסטינה לשצ׳ינסקי — נולדתי בפוזנאן והוטבלתי, לפי תעודתי, כדת וכדין כנוצריה

בכנסייה הקדושה „מריה הבתולה״. מקום מגורי האחרון היה בפראגה, ברחוב סטאלובה מספר 12. כל זה היה כתוב וחתום בניירותי וחרות בזכרוני היטב לבל אשכח או אשגה, חס וחלילה, באחד הפרטים. השפה הפולנית היתה שגורה בפי ומבטאי הפולני היה ללא דופי. כל זה עמד לי בכל עת צרה ולא פעם הצילוני מכליה.

כאשר הובאתי לעבודה בסוליוב שאלו אותי הממונים על העבודה שאלות משאלות שונות: על השכלתי, ידיעותי, מקצועי. בהיותי אצל הפולניה המיטיבה שלי, למדתי לכתוב במכונת כתיבה. עניתי איפוא, בין היתר, שאני כתבנית. הוצבתי לכן לעבודה במשרד. ובמכונת כתיבה ערכתי רשימות של כל הניצודים והחטופים לעבודה.

חדשיים ימים עשיתי במשרד בפחד תמידי ובסביבתם הקרובה של הממונים לא יכולתי לעמוד במועקת הפחד הזה וביקשתי שיעבירו אותי לעבוד במטבח, שהיה מחוץ למחנה עצמו. במטבח זה עבדתי יחד עם עוד חמש פולניות עד שהצבא הרוסי שיחרר אותנו ב־16 בינואר 1945.

*

גם לאחר השיחרור לא יכולתי לגלות את יהדותי ומוצאי. כפולניה ישנתי אצל הפולניה פייכוטובה והייתי אנוסה להעמיד פני נוצריה אדוקה בדתה. כל ערב אמרתי תפילה וכל יום ראשון הלכתי לכנסייה. חודש ימים לאחר השיחרור הייתי אצל הפולניה הזאת וגם עם לכתי ממנה לא ידעה כי יהודיה אנוכי.

חודש לאחר שחרורי הגעתי ללודז׳ ורק שם פגשתי ביהודים. ממכרה אחת נודע לי, ששתי אחיותי הקטנות מאשה ופייגה חיות ונמצאות בביאלה־פודלאסק.

לאחר זמן נקשר קשר מכתבים גם עם חנה וטובה שהיו בגרמניה. בעזרת הוועד היהודי בפראַגה נודע לי גם שאחותי הקטנה חיה בביתה של אותה פולניה שקיבלה אותה מידי אמא. לימים הגיעתני גם הבשורה, כי אחי השני היה בצבא וכי הגיע ממנו מכתב לסרוצק.

בשמחה קיבלתי גם את הידיעה, כי בן־עירי קונקול, בעלי בעתיד, בין הניצולים.

כעבור זמן קצר נמצאו ונתקבצו כל השרידים של משפחתנו מלבד ההורים ואחינו הגדול שניספו בחורבן הגדול. כעת אני עם בעלי ושני בנים בישראל ותוהה על דרך היסורים והגיהנום של שנות האימים.

איטקה מיודובניק
(ארצות הברית)

# עזרה בכל התנאים

מספר שנים לפני פרוץ מלחמת העולם השניה עשיתי בורשה הבירה. עם גבור המתיחות ב־1939, חייתי בתחושה שמלחמה עולמית תפרוץ בקרוב ויעצתי לכולם לאגור מצרכי מזון. זכורתני שאז חלמתי חלום זוועות על מלחמה ומוראותיה; מראה החלום היה — חזון נבואי משונה ואכזרי שהתגשם. חשתי בזוועה המתקרבת, אולם לא שערתי ממדיה.

המלחמה פרצה, ואני נשארתי רחוקה מהמשפחה לה דאגתי וחרדתי.

לפני שנסעתי לסרוצק נודע לי מאת ד"ר פרידה אפשטיין, שבבית יעקב רוזנברג פגעה פצצה ואבדו שם כמה עשרות אנשים, בין היתר — יעקב, הניה ואסתושה רוזנברג (אברהם היה בחזית), חיה שורץ עם בעלה והילדים והרבה אחרים.

הייתי מאושרת בראותי שכל משפחתי חיה. היה להם עוד מה לאכול. הגרמנים לקחו אותם לעבודות, אבל בהתחלה נתנו להם גם כן משהו לאכול. אף אחד לא היה בטוח במחר שלו. חרדתי מאוד לגורל הקרובים שלי. אודותי לא דאגתי, ידעתי שיש בכוחי להתמצא בכל מצב. הייתי מאוד אמיצה, לא פחדתי מהגיסטאפו ומאף אחד. חוללתי, פשוט, ניסים: לא פעם נכנסתי ללוע הארי.

בעת שנסעתי בפעם הראשונה לסרוצק, לאחר הכיבוש הגרמני, רווחו שמועות שכולם יגורשו. פחד תקף את הכל אבל לא היתה עצה. סיפרו שאחדים התחילו לברוח מסרוצק. חזרתי לורשה משום שצריכה הייתי להרויח לעצמי ובשביל המשפחה. בוורשה הציעו לי כל מיני משרות במשרדים גרמניים, בין היתר לארמון בריל, משום שידעתי גרמנית. אך לא רציתי לקבל משרות אצל הגרמנים, והתפרנסתי ממכירת בגדי האישיים.

ביום 5 בדצמבר 1939 התכוננתי שוב לנסוע לסרוצק כדי להביא משם מספר חפצים. באותו הזמן סופחה סרוצק לפרוסיה המזרחית ושמשה גבול בין הגנרל־גוברנמנט לבין פרוסיה המזרחית. נסעתי עד לגיונובה וברגע שהתכוננתי להכנס לרכבת ההולכת לזגז'ה — פגשתי בלייבל ווליצנסקי. הוא שאל אותי „לאן את נוסעת"? ואני עניתי: „לסרוצק", והוא אמר: „אין לך למי לנסוע. אף אחד איננו, כולם גורשו היום בשעה 4 לפנות בוקר". למרות הבשורה המרה הזאת רציתי לנסוע, אולם הוא החזיק אותי ולא נתן לי לזוז בכות. לבסוף השתכנעתי ולא נסעתי. התחלתי להתרוצץ כאחוזת טירוף ולשאול אם מישהו

יודע לאיזה כיוון גורשו. דיברו שונות: אחדים אמרו שברמברטוב שמעו צעקות של מגורשים ושהפנו אותם לנשלסק. נכנסתי מיד לרכבת ההולכת לנובידבור, ובדרך שאלתי על מגורשים והגעתי עד נשלסק. בתחנה ניגש אלי קצין גרמני והתחיל לדבר אתי. הוא רצה, כפי הנראה, לעורר את תשומת לבי כאיש אמיץ וסיפר לי תיכף בהתחלה, שהיתה לו עבודה מענינת: „אנחנו השלכנו היום את כל היהודים". ואני על זה אמרתי: „איך יכולתם לעשות דבר כזה לאנשים עניים?" והוא אומר: „האם גם היהודים הנם אנשים?" מה יכולתי להמשיך ולדבר אתו? בצורה דיפלומטית, הוצאתי ממנו שליהודי נשלסק צרפו גם יהודים מערים אחרות והפנו אותם לעבר צ׳כנוב. בתחנת נשלסק היו הרבה סימנים של הטרגדיה: ראיתי חלקי בגדים, סידורי תפילה, תפילין וכד׳. נסעתי מיד לצ׳כנוב. שם כאיש נויטראלי, כביכול, שאלתי על מגורשים. נודע לי שהובילו מספר אנשים לעבר מלבה. לדאבוני הייתי מוכרחה לשבת לילה שלם בתחנת הרכבת של צ׳כנוב משום שלא היה קשר. כמה ז׳נדארמים, אשר היו בשמירת לילה בתחנה, לקחוני לצריף איפה שהם ישבו והתחממו ליד מדורת אש. פרצופיהם היו איומים ועוררו בי פחד, אבל הם היו אדיבים כלפי, כי דברתי אתם גרמנית. ידעתי להטעות את הנבלים הגדולים ביותר וזה עזר לי גם בחיי בשנים הבאות. מצ׳כנוב נסעתי למלבה, שם אמרו לי יהודים, שמגורשים נסעו דרך מלבה לעבר סולדאו. נסעתי לסולדאו אך לא מצאתי שם שום עקבות. חזרתי ללגיונובה ושם נודע לי ממכרים שהגיעה ידיעה על יהודי סרוצק שהם נמצאים בלוקוב, מזריץ׳ וביאלה־פודלאסק. תיכף נסעתי ללוקוב ומצאתי שם את אמא, את אחותי לאה ווייץ עם הילדים ואת האחות גיטל והרבה מכירים. השארתי להם, בראש וראשונה, כמה זלוטי ונסעתי משם לביאלה פודלאסקי, לחפש את יתר בני המשפחה. בביאלה פודלאסקי מצאתי את אבא, את האחות פסל, את האח, את אשת אחי עם הילדים — את כולם. איך היתה הפגישה עם כולם לא אתאר, כי לא אוכל לבטא את הרגשותי. ברגע שראיתי את אבי החולה השוכב על ערמת שחת על הרצפה, לא היה גבול לכאבי. במאורה צרה ומלוכלכת התגוררו 20 אנשים. עוד לפני זה היו שם מגורשים מסובאלק ומעיירות אחרות. אי אפשר לתאר את הטרגדיה שנתגלתה לעיני. רושם איום עשו עלי אלה ההמונים הרבים, עם הטלאי הצהוב על בגדיהם. שמעתי מפיהם את מה שעבר עליהם, איך הובילו אותם במשך 3 ימים בקרונות חתומים, בלי אוכל, בלי מים, איך ילדים לקקו את הטל מעל השמשות לרוות צמאונם, אך כל זה היה רק בבחינת התחלה הטרגדיה. כמה מכות ספגו כולם. אלה שמצאו אצלם כמה זלוטי הוכו עד אבדן ההכרה. היות ואנשי סרוצק

ציפו לזה שיגורשו, השתדל כל אחד, בהתאם לאפשרויותיו, לאסוף ולהחביא כסף. אחותי גיטל עשתה ממטבעות כסף של 5 זלוטי כפתורים ותפרה אותם בשמלתה. הגרמנים מצאו זאת והיא קיבלה מכות כמספר הכפתורים. בן אחותי יעקב ווייץ החביא בכיסו רק זלוטי אחד, הגרמנים לקחו ממנו את הזלוטי וכבדו אותו במכות איומות.

לא יכולתי להפסיד זמן, משום שהצטרכתי לעשות משהו. בראש וראשונה איחדתי את בני משפחתי בביאלה פודלאסקי, בכדי שיהיה לי יותר קל לעזור להם. תנאי הדיור היו איומים. לבי נשבר בי לרסיסים, אולם בשטח זה לא יכולתי לעזור. רבים ממגורשי סרוצק התחילו לעזוב את מקום הגירוש. אחדים ברחו לורשה ולמקומות אחרים, אולם הרוב הגדול נשאר בביאלה פודלאסקי.

קצת יותר טוב היה למשפחת רוזנברג משום שרבקהלה התחילה לעבוד כמנהלת חשבונות בטחנת הקמח של הפולני יאן קוּרלבסקי. ידיד נאמן של משפחתה. רוזנברג הזקן ובנו פייבל גם הם התחילו להרוויח בעבודות אשר מסביב לטחנה. גם פייגה הרוויחה. הם עזרו לאחרים, אבל לא יכלו להאכיל את כולם. בתחילה היתה להם דירה טובה אחר כך גם זה אבד. נסעתי לקרובי בלודז׳ ובקשתי מהם קצת בגדים ומצעים בשביל הורי. מלאתי שק גדול עם כל החפצים שהשגתי בלודז׳ והעברתי הכל לביאלה פודלאסקי. הייתי מאושרת שהורי הזקנים יוכלו לישון, להשעין את ראשיהם על כרית ולהתכסות בשמיכה. הלבשתי אותם במקצת ומסרתי להם הרבה מבגדי האישיים וממצעי וחזרתי שנית לורשה.

הרדיפות התחילו על כל צעד ושעל. היהודים נצטוו לענוד סרטים לבנים עם כוכב כחול. אני לא ענדתי, ידעתי שכיהודיה לא אוכל לקיים את עצמי ואת כל משפחתי. חפשתי ומצאתי לי חדר אצל משפחה ארית ונרשמתי תחת שם זר כאחת שהעתיקה את מקום מושבה מהעיר לודז׳. באותה תקופה עדיין לא היתה דרושה תעודת זיהוי אישית. כארית קבלוני לדירה. אז כבר לא רצו הפולנים להשכיר חדרים ליהודים. היה זה בהתחלת שנת 1940. היו לי מכירים שמכרו תכשיטים (זהב, יהלומים וכו׳), והייתי למתווכת בעיסקות גדולות. סחרתי בשותפות גם עם הענעך האכמאן. הרווחתי לא רע, אולם היו לי הרבה התחייבויות. עם בני משפחתי הייתי בקשר מתמיד. שלחתי להם כסף, חבילות. לאחר מכן הגיעה אחותי עם ילדיה לורשה ומצאה מקלט זמני אצל גיסתה חימוביץ, נובוליפקי 46, כי בביאלה פודלאסקי הכנים אכלו, פשוט, את הילדים, ולא יכלה יותר להחזיק שם מעמד.

כל העול רבץ עלי, הייתי מחוייבת לקיים את המשכחה בביאלה פודלאסק,

ואת אחותי וילדיה בורשה. נוסף לכך היו לי עוד שתי אחיות בורשה. לא פעם התהלכתי רעבה, בכדי לכלכל את הילדים. הילדים העריכו זאת וכל פעם אמרו: „את הנך דודה אהובה, לולא את, היינו כבר מזמן גוועים מרעב". והם צדקו.

בינתיים עברה גם כל משפחתי מלודז' לורשה, הגרמנים היו גוזלים בדרך מאת היהודים את כל מטענם. העברתי למענם את רכושם והמלבושים היקרים ברכבת. פרוות שועלים לבשתי על גופי.

פעם נסעה אתי פולניה טהורה מורשה. נטפלו אליה שהיא יהודיה וצוו עליה להתפשט, בדקוה ולקחו ממנה את כל החפצים. כל מכירותי האריות סבלו מהגרמנים על שחשדו בהן שהן יהודיות.

פעם אירע לי שז'נדארם גרמני חשד בי שהנני יהודיה. היה זה בהתחלת שנת 1940, הלכתי עם מכירי דר' מלכוביץ' ברחוב מרשלקובסקה, הוא ענד טלאי לבן ואני לא, דבר שעורר את חשדנותו של הז'נדארם. הוא עצר אותי במלים אלה: „את יהודיה, בבקשה תעודה עם תמונה". לא התבלבלתי והוצאתי מהארנק כנקס ביטוח ישן מלפני המלחמה כי תעודה אחרת לא היתה לי. בהושיטי לו את „התעודה" אמרתי לו בגרמנית: „בבקשה, כאן התעודה, החושב אתה שהנני יהודיה? נא לחשוב. האם ההליכה הזאת עם יהודי מוכרחה להוכיח שהנני יהודיה? הז'נדארם התבלבל, ברכני, קד קידה ואמר: „תסלחי לי, עלמה נכבדה, אני טעיתי." הוא לא רצה אפילו לבדוק את התעודה למרות שתחבתי אותה מתחת לאפו.

אני בטוחה שהגרמנים לא היו יכולים אף פעם ללכדני, לולא נטפל אלי מלשין פולני אשר הביאני לגיסטאפו.

אני חייבת להעיד שהיו גם פולנים אשר הצילו יהודים. פולנים אחרים, אשר הלשינו ומסרו יהודים לגיסטאפו — היו רבים.

בן דודי, מי שהיה מנהל בנק יהודי בלודז', גר בורשה והיה מוכרח לנהל עסקים כדי להחיות את נפשו ובני משפחתו. אך בעצמו לא יכול היה לנסוע, כי את היהודים השליכו מהרכבות ומהאוטובוסים, אני הייתי לכן שליחתו, וכמובן שקבלתי כתמורה תשלום מתאים.

הסתובבתי תמיד באוטובוסים של דואר גרמני בין ורשה לטומשוב מזוביצק עמוסה בואלוטה (כל מיני שטרות כסף). קבלתי על עצמי כל עבודה שהיא ובלבד להרוויח להחזקת משפחתי. — אמא ואבא והאחיות פסקה וגיטל עברו ללומאז, 18 ק"מ מביאלה פודלאסקי. אחותי פסקה השתכרה כמה פרוטות מתפירה. היתה זו עוד התקופה המאושרת עת שכולם נהנו מהחופש. אבוי לחופש כזה. אולם הוא היה כגן עדן לעומת הימים הנוראים שהגיעו אחרי זה.

בראשית שנת 1941 הקימו הגרמנים את הגיטו בורשה שבתחילה היה עוד פתוח ואפשר היה לצאת ולהכנס בו.

לאט לאט נתמעטו העיסוקים ונאלצתי לקבל משרה במשרד גרמני פרטי. כל חיי התרכזו כעת בעבודה, בריצות לגיטו, החזקת קשר עם ביאלה פודלאסקי ולומאזי. בכל חג נסעתי אליהם.

הרכבת התהלכה רק עד ביאלה פודלאסקי ומשם עד לומאז, 18 ק״מ הוכרחתי ללכת ברגל, ולא פעם ברוח, בקור ובכפור. זכורתני נסיעה אחת איומה בחג המולד 1941. בחוזרי מלומאז לתחנת הרכבת בביאלה פודלאסקי, הועפתי ככדור ע״י רוח קרה חזקה, התקררתי, קיבלתי חום גבוה, אבל איך שהוא יצאתי מזה בשלום. פחדתי מפני מחלה, כי אם אחלה, יהיה זה קץ המשפחה.

המאורע הקשה ביותר בחיי היה יום סגירת הגיטו בורשה. היה זה ב־15 בנובמבר 1941. המחשבה שלא אוכל לראות את אחיותי וילדיהן, הביאתני עד לידי אבדן החושים. מלאי המזון הדל אזל מהר ואני השתדלתי בכל כוחותי למלא ולספק את החסר. עמדתי בקשר טלפוני מתמיד עם ד״ר סוניה פילכנפלד, בת ישעיהו רוזנברג, בת דוד של אברהם רוזנברג, שגרה ברחוב ז׳לנה 1/א. הבית הזה היה כבר בתחום הגיטו אולם החלונות האחוריים שעד מחציתם היו מוסתרים בלבנים יצאו לעבר הארי. לעת ערב עמדתי למטה והד״ר סוניה הורידה בעד החלון סל קשור לחבל ארוך, אני מלאתי אותו במצרכי מזון והוא הוחזר והועלה למעלה.

ככה נהגתי זמן מה. התקשרתי עם המשפחה באמצעות הטלפון, וע״י סימנים שונים ומיוחדים קבענו מתי להעביר את המזון בעד החלון הצופה לעבר הארי. באמצעות סימנים שונים קבענו איך ואיפה נוכה לראות אחד את השני.

בהתחלה קבענו פגישות ע״י הגדר של הגיטו בקרן רחוב סמולנה ושוק מירובסקי. היתה שם גדר עץ וחורים בין הלוחות. לאותו מקום הגיעו תמיד ילדי אחותי, תחבו ידיהם בינות לחרכים ואני שמתי לתוכן מה שרק יכלתי והחלפתי בחפזון גם כמה מלים. הייתי מוכרחה גם להיות אמיצה ולא לבכות, כי הבכי היה מעורר תשומת לב הארים.

כל זה התרחש ממש לעיני הז׳אנדרמים. לפעמים הצלחתי אפילו לקבל מהם רשות להכנס לתוך הגיטו. המצאתי לשם כך כל מיני תירוצים כגון: מסרתי משהו לתיקון ולתפור אצל יהודי ואני מוכרחה לקבל זאת בחזרה, אחרת אפסיד הכל. הבטחתי לז׳נדארמים שמיד אשוב וגם קיימתי את ההבטחה. נכנסתי לגיטו צעדתי כמה צעדים, נכנסתי לאחד הבתים ברחוב סולנה ומסרתי מהר לאחותי לחם, סוכר וכו׳, החלפתי כמה מלים וחזרתי דרך שער המשמר.

יכולתי גם בעת ההיא להציג, במקרה של דרישה, תעודת עבודה גרמנית. תעודות אחרות לא היו לי. בניגוד לאחרים לא היו לי, בכל תקופת האוקופציה תעודות אריות, משום שאף פעם לא היו לי סכומי כסף כאלה, שיאפשרו לי לקבל תעודה ארית המעידה שהנני כשרה לכל הפחות מזה ארבעה־חמישה דורות. לעומת זאת היתה לי תעודת־לידה מזויפת, אולם אף פעם לא השתמשתי בה, בכרתי לא להראות מאומה, מאשר תעודה כזאת. בכל אופן, אף פעם לא נדרשתי להציג תעודות אריות.

גם בעת קבלת משרה חדשה, לא נתבקשתי להגיש תעודות המעידות על מוצאי הארי, כי תמיד הייתי מומלצת ע"י אישיות ארית ולא נתעוררו, לכן, ספקות ביחס לכשרותי הגזעית. יש לציין, שגם הממליצים לא ידעו אף פעם את האמת על מוצאי האמיתי.

מקום המפגש עם האחיות ובני הדוד מלודז' היה בנין בית המשפט ברחוב לשנה. היהודים נכנסו לבנין הנ"ל דרך רחוב לשנה ומרחוב ביאלה נכנסו הארים. מקום המפגש הזה היה מסוכן מאוד, ובפרוזדורים שרצו בלשים על כל צעד ושעל. לא התחשבתי בזה והבאתי לשם חבילות, לחם, כסף, ובפרוזדורים האלה וכמעט לעיני הגרמנים מסרתי הכל לקרובי. לא קל היה להכניס משהו גם משם לגיטו, כי היהודים, בעזבם את בנין בית המשפט, נבדקו בדיקה מדוקדקת וצריך היה להחביא הכל היטב מתחת ללבנים ולהמציא כל פעם המצאות חדשות. הפרוזדורים האלה היו מקום פגישותינו העיקרי לאחר שהקשר הטלפוני עם הגיטו פסק לחלוטין.

ידיעות רעות הגיעו, מדי פעם בפעם, מביאלה פודלאסקי ולומאז ואני בעצמי הייתי בגיהנום. מאות אנשים עברו מדי יום ביומו דרך משרדי והייתי כמעט בטוחה, שבאחד הימים יופיע לקוח לא רצוי אשר יגלה אותי. והנה היום האיום הזה הגיע. באחד הימים הופיע כלקוח במשרדי הגרמני הפולני יאן מיכאליק מסרוצק ומיד לאחר מכן התחילה הסחיטה. אשתו התחילה בסחיטה באמצעות הטלפון. כתוצאה מזה חליתי וקבלתי 40 מעלות חום. משפחתי לא ידעה מאומה מהגיהנום הזה — כי גם בלאו הכי חרדו לחיי.

המצב בגיטו הורע מיום ליום. אנשים מתו באלפים מרעב. יעצתי לאחותי לאה שתחזור עם ילדיה לביאלה פודלאסקי או ללומאז. היו מבריחים אשר בעד כסף הוציאו יהודים מן הגיטו והיא נסעה עם הילדים.

בנין בית המשפט ברחוב לשנה הפך לבית חולים גרמני וחדל לשמש מקום למפגשים. רוב האפשרויות לחדירה לתוך הגיטו נסתמו. נאלצתי למצוא דרך חדשה. התחלתי לעבור דרך גגות הבתים. חדרתי לגיטו בחצות

הלילה דרך גג הבית אשר ברחוב זלוטה 52. יצאתי לרחוב שננה ובקרתי את כל המשפחה ואז ענדתי את הסימן המיוחד ליהודים, משום שסכנה היתה צפויה לארי להראות בזמן ההוא ברחובות הגיטו היהודי. הוכרחתי להוציא מהגיטו את המצעים ויתר החפצים של אחותי לאה ולהעבירם ללומאז. עם שק מלא חפצים טיילתי חזרה על הגגות ואז נתפסתי ע״י מלשינים פולניים. שחררוני תמורת סכום הגון של כסף.

את החפצים העברתי בעצמי לאחותי לאה ללומאז. לבי נשבר בקרבי כשהסתכלתי בפנים החוורים של בני משפחתי. עשיתי למענם כל שיכולתי, את עזרתי הגשתי להם אפילו בזמן שהיא היתה כרוכה בסכנת חיים. כולם זכרו עד הרגע האחרון איך השלכתי ככרות לחם בעד גדרות הגיטו לעיני הז׳נדארמים. בהתחלה היו גדרות, אולם אחרי זה צצו חומות, חומות ומגור מסביב... קשה היה לי לחיות, החרדה למשפחתי, חוסר הבטחון, חיים חסרי תקוה — כל זה מוטט אותי... פחדתי שמא לא אחזיק מעמד.

בחג המולד 1941 נסעתי לביאלה פודלאסקי וללומאז. את הדלות המגוונת בה חיו אחי, גיסתי וילדיהם בביאלה פודלאסקי (הם גרו בבית הכנסת) אי אפשר לתאר. פניהם היו שחורות, נפוחות ומזוהמות, לבי נקרע למראה הזה, אולם לא רק קרובי חיו בתנאים כאלה — רבים חיו כמוהם.

כשהגעתי ברגל ללומאז מצאתי את אחותי גיטל חולה אנושה בטיפוס וכולם התהלכו המומים. ידעתי שכולם יכולים להדבק במחלה הארורה הזאת, כי ישנו יחד. גיטלה היתה כגוססת, מדי פעם בפעם חזרה אליה ההכרה, ואז כל נחמתה הייתי אני, והיא התחננה בפני: „איטקה, צאי מכאן, תדבקי במחלתי. את מוכרחה לחיות!״

הבאתי אליה את הרופא המקומי ד״ר קשמינסקי אשר טיפל בה וגם סיפק לה תרופות חינם אין כסף. ד״ר קשמינסקי היה איש פעיל, עוזר לאחרים.

עלי לציין, כי בלומאז, עד הרגע האחרון, לא היה גיטו והיהודים היו כאילו חפשים.

בלב שסוע חזרתי לורשה. אחרי זמן מה קבלתי ידיעה שמצבה של אחותי בלומאז הוטב קצת, אולם אחותי השניה פסקה חלתה. כולם נדבקו במחלת הטיפוס. התמדתי את קשרי אתם.

מביאלה פודלאסקי ומלומאז קבלתי מכתבים לפי הכתובת של מכרתי זופיה פרונצ׳ק, זלוטה 42, שהיתה נכנסת מדי פעם בפעם לתוך הגיטו והביאה מזון למכירים.

היה זה מסוכן לקבל מכתבים מהורי לפי כתובתי האישית. אני שלחתי

להם כסף ותבילות לפי הכתובת של הפולני קובלסקי, בעל טחנת קמח בלומאז. מדי פעם בפעם הוא נתן להם קצת קמח וקצת גריסים.

מביאלה פודלאסקי ומלומאז הגיעו כל פעם ידיעות מחרידות. כתבה אלי גם רגינקה רוזנברג.

לפני פסח 1942 מת אבי ושבועיים אחריו מתה גם אמי. האחיות במכתביהן לא הזכירו זאת. הפסקתי לקבל מכתבים מביאלה פודלאסקי ומלומאז. בהתחלת קיץ 1942 כתבו לי האחיות במכתביהן האחרונים לא לשלוח להן מאומה, כי לא ידוע מה ילד יום. הרגשתי את הבאות. בזמן ההוא התחיל הרצח ההמוני של היהודים. אי אפשר היה לפי שעה לנסוע אליהן, משום שלא יכולתי לעזוב את העבודה. בחודש אוגוסט 1942 — או בספטמבר 1942 — הגיעה לורשה קובלסקי, הטוחן מלומאז (פולני שעבד פעם כטוחן בטחנת הקמח של משה רוזנברג בסרוצק) ונפגשתי אתו. בהתחלה לא רצה לדבר, אולם אחר כך סיפר הכל: ב־7 ביולי 1942 גורשו כל יהודי לומאז, 2000—1900 נפש ליער הלומאזי ושם נרצחו כולם. — כולם נקברו בבור משותף אחד, וביניהם רבים נקברו חיים.

באותו הקיץ חוסלו יהודי ביאלה פודלאסקי, אינני יודעת את התאריך הנכון, אולם אני מניחה שזה היה באותו החודש ובאותה השנה, היינו יולי 1942.

מה שעבר עלי אז ועד היום הזה, לא אוכל לתאר. אני זוכרת שבליל ה־6 ביולי 1942 חלמתי חלום נורא, התעוררתי אחרי שמעי צעקות וקריאות אחיותי וילדיהן — „אירנקה, אירנקה, הצילוני!" אני בטוחה שיקירי מתו עם שמי על שפתותיהם.

לא יכולתי להשלים עם הרעיון שהנני בודדה בעולם וקויתי למצוא בחיים שרידים ממשפחתי ומקרובי.

בחג המולד 1942 (סוף דצמבר 1942) נסעתי למקומות ההריגה ביאלה פודלאסקי ולומאז. בלומאז לא מצאתי אף נפש חיה אחת. לפני הבית הקט בו גרו הורי נפלתי מתעלפת, ועד היום אינני זוכרת כמה זמן שכבתי בשלג מחוסרת הכרה. התעוררתי ובקושי הגעתי חזרה לביאלה פודלאסקי. שם נודע לי שהיהודים גורשו בחפזון, כשהגרמנים יורים בהם כבברווזים. גם הפולנים לקחו חלק ברצח הזה. ביחוד הצטיין הפולני מריאן וולנסקי ששירת במשטרה הפלילית, ומוצאו היה מצ'נסטוחובה. הוא גם הלשין עלי בפני הגיסטאפו שהנני יהודיה, אבל מכירי ערבו בעדי שהנני בת־דודתם. בביאלה פודלאסקי נודע לי מפי קובלסקי שגם אחרי חיסול הגיטו בביאלה פודלאסקי, הוא קבל מכתב מפיגה רוזנברג־כהן (בתו של משה רוזנברג) ממזריץ', אני בעצמי קראתי את הפתק, היא בקשה קצת כסף שהגיע לה מהטוחן של מזריץ' ואשר התגורר עכשיו בביאלה

פודלאסקי. לא הספקנו לעשות שום דבר למענה כי נעלמו מעינינו כל עקבותיה.

הידיעה האחרונה מרוזנברג הזקן (משה) ומפייבל רוזנברג — בנו, הגיעה מטרספול, מזה יוצא שהצליחו להמלט, אולם אחר כך גם כן נעלמו.

ובכן, הגיע הסוף לביאלה פודלאסקי וללומאז. הטרגדיה נתנה בי סימנים. הוכרחתי להתאמץ לא לבכות לאור היום, אולם בלילות בכיתי ללא הפוגות וללא מעצורים, והתייסרתי ביסורים על־אנושיים.

מהגיטו בוארשה עמדתי בקשר עד הרגע האחרון, כשהגיעו כל פעם ידיעות יותר מחרידות. על אודות אחיותי שהיו בגיטו הורשאי לא נודע לי דבר.

מבני משפחת סטשלקובסקי (משפחת פולנים ענפה מסרוצק), שגרו בורשה בתקופת המלחמה נודע לי שבמשך תקופה מסוימת שלחו חבילות מזון ללאה הורביץ במאידנק. מהם נודע לי איך אבדה משפחת קיפרבוים. כפי המסופר, קיפרבוים הזקן (בעל חנות יינות בסרוצק) קרא בקול בלתי שפוי „תנו לי לנגוס חלק מהארון לאכול!" את שרה (סבינה) ורגינה (רבקה) קיפרבוים פגשתי לא פעם בצד הארי. הן סחרו בסוכריות. אני חושבת ומניחה שסבינה נצלה. כל קרובי בורשה ובלודז׳ אבדו.

רגעים טראגיים חייתי ב־1943, כאשר הגיטו בער — מי יכול היה להרגיש בכאב כמוני?

אני המשכתי לעבוד. ב־2 למרץ 1944 עצר אותי בלש פולני בשם יאק ליד תחנת הטראמים והובילני לשדרות ע"ש שוך לגיסטאפו. מה שהרגשתי אז יכול להבין רק זה שהיה עצור שם. אגיד רק בקיצור: כל אנשי הגיסטאפו השתוממו ולא הבינו איך העיז יאק לעצרני ברחוב, כי כולם היו משוכנעים שאיני יהודיה. השטורמפירר ברנדט בעצמו, מנהל המחלקה קראני אליו ובאופן מיוחד בדק את מבנה גופי, בעיקר מבנה הראש, האף; סובבוני מכל הצדדים: ישר, באלכסון ולבסוף קבע שאין לי מבנה שמי, אין בי האופי השמי אלא שהנני טיפוס מונגולי.

עברתי גם בחינה בדת הרומית־קאתולית. בבחינה הזאת לא הצלחתי במיוחד. במשך כל החקירה הייתי שקטה, אמיצה, חייכתי. אנשי הגיסטאפו השתוממו ושאלו אותי: איך את מסוגלת במצב כזה לחייך? הידוע לך מה צפוי לך? במשך כל הזמן שמעתי מחמאות מאת אנשי הגיסטאפו: „אשה נבונה", „אשה אינטליגנטית".

המצב החמיר, אולם ברגע האחרון עזרני איש שעבד בגיסטאפו, יהודי בשם הבדוי „לובו" (ידעתי גם את שם משפחתו, אולם שכחתיו), שמו הפרטי היה איגנאץ, מגיסטר למשפטים. הוא נשאל ע"י ברנדט אם יש לי מבטא פולני

טוב וטהור. לובו קבע שהמבטא שלי הוא מצוין ונכון. אנשי הגיסטאפו הודו בעצמם שהמבטא הגרמני שלי הוא טוב מאוד.

דברתי אתם בלי מתורגמן. לובו יעץ לי להודות בפני ברנדט שהנני בת תערובת, „בת תערובת דרגה א׳״. שמעתי בקולו ואמרתי זאת לברנדט. על יסוד זה שוחררתי, אולם נצטוויתי להתיצב שנית אחר חודש אחד. הייתי לגמרי שבורה והרוסה נפשית, אולם המשכתי לעבוד. ידידים יעצו לי לברוח מיד מורשה. לובו הפציר בי להתייצב ולהסביר שעדיין לא הספקתי לקבל את תעודות האב שלי. אמרתי שאבי היה ארי, אולם אמי — יהודיה. לבני־תערובת התייחסו כאל אריים, אבל הכרחי היה להוכיח את המוצא הארי של אחד מההורים.

שמעתי בקול לובו וב־10 לאפריל התייצבתי במשרדי הגיסטאפו, אשר בשדרות שוך. הראיתי אישורים ממכתבים רשומים אלי מלודז אשר כללו בקשות להעביר אלי תעודות האב. כל זה היה מעט מאד.

מכירי נפרדו ממני, כאילו לעולמים, כי לא האמינו שאחזור משם בחיים. הרגשתי שאני נכנסתי לתוך האש. ואכן עמדו שם עוד מעט לעצרני. לובו רץ מחדרו של ברנדט לחדר מזכירו הלוך וחזור, הוא היה מרוגז, אך השתדל להרגיעני ואמר לי: „אל תפחדי, תצאי מכאן, אני אחראי בראשי, שתצאי מכאן, היית כה אמיצה, את מוכרחה להיות חופשיה״.

חכיתי בחרדת אימים. ציפיתי למוות. ברגע מסויים נכנס לחדר המזכיר שחזר מבראנדט, ואמר: „ובכן, עלמתי, את נשארת פה״. אני עניתי: „נעים מאוד להישאר עם אנשים אינטליגנטים״. אחרי זה אמר: „אינך מפחדת? — את חפשיה, אולם את חייבת להתייצב אצלנו כל יומיים״.

לא נרשמתי אצלם אף פעם, לובו הודיעני בטלפון שאני מוכרחה להעלם. נעלמתי, ומאז מתחיל הגיהנום שלי.

בדרך כלל, מתמעטים הידידים בעת אסון. לזמן מה עזבתי את ורשה. חזרתי כעבור חודש. לא היה איפה להתגורר, לא יכולתי להסתובב בחוצות ורשה, כי רבים הכירוני. מרים היו אז חיי. נודע לי כי הגיסטאפו מחפשת אותי והם רוגזים מאוד עלי, מכרה שלי הציגה אותי בפני מישהו, אשר בזמנים רגילים לא הייתי מתאמצת להסתכל אפילו עליו, אולם כעת הייתי זקוקה לעזרה.

היו לו כנראה מהלכים בחוגים מסויימים ויכול היה להכין תעודות. אני הייתי מוכרחה להחליף את תעודתי ובאיזה שהוא מקום להירשם, אך בריון זה הנריק גורצינסקי סחט ממני קרוב ל־3 אלפים זלוטי ולא עשה מאומה. במקום תעודות

התחיל להפחידני. שמו האמיתי היה אחר. הוא הכין תעודות מזויפות גם לעצמו וכל פעם שינה את שמו.

חודש אחד גרתי אצל זופיה פראנצק, זלוטה 42, בלי להיות רשומה. היא נמצאה תחת לחץ ואיומים על עזרתה ליהודים.

תנים בדמות אנשים החלו לצבור רווחים מאסון הזולת ואני הייתי אחד הקרבנות. לעת כזאת הגיש לי עזרה חשובה מרק פישר, חבר לספסל הלימודים, בן אחד הפרופסורים של הגימנסיה הפולטוסקאית. הוא השיג למעני תעודה וגם 500 זלוטי מדי חודש בחודשו מאת הועד היהודי, שם הופעתי בשם שרה גולדמכר. אינני יודעת אם נשאר בחיים או לא — עקבותיו נעלמו. קבלתי גם כמה מאות זלוטי מאת מכירי האינג' סטאניסלאב ג'דובון. גם אודותיו אין לי שום ידיעה — נעלם.

לחיי לא היה כל ערך — בחודש יולי עזבתי את ורשה והתאכסנתי בכפר אחד אצל מכירים, אבל האדמה בערה תחת רגלי ובסוף החודש חזרתי לורשה חלושה, מעוצבנת ונכנעת לגורל. כל לילה לנתי במקום אחר. במקומות ההם לא ידעו שאני יהודיה. בעד הסתרת יהודים צפוי היה למסתיר עונש מוות. וכל אחד חרד לעורו.

ב־1 באוגוסט 1944 פרצה ההתקוממות בורשה, אותה קדמתי בברכה. קויתי שמהרגע הזה לא אהיה נרדפת כחיה.

התקוה נתבדתה. לאחר דיכוי ההתקוממות גברו התלאות. נדדתי ממקום למקום עד חודש ינואר 1945, עת נכבשה ורשה בידי הצבא הפולני.

צבי קליינמאַן ז״ל

# די אינקוויזיציע אין שול

זונטיק דעם 10טן סעפּטעמבער 1939, צומאָרגנס נאָך דעם ווען אַ דײַטשער זעלנער איז דערשאָסן געוואָרן דורך אַ פּוילישן קרעמער פֿאַר ראַבירן זײַן קראַם — האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבערן שטאָט, בעיקר אויף די ייִדישע גאַסן — אַ מחנה דײַטשע זעלנער, גרייט צום קאַמף. דער שטורעם איז געווען אַזוי געוואַלטיק, אַז פֿיל מענטשן האָבן געמיינט, אַז דאָס פּוילישע מיליטער איז צוריק אַרײַנגעטרעטן אין שטאָט און בײדע חיילות באַגעגענען זיך פּנים־אל־פּנים מיט געווער אין די הענט. אָבער נישט מיטן פּוילישן מיליטער האָט זיך געדאַרפֿט איצט די דײַטשע מחנה באַגעגענען, — נאָר געגאַנגען „פּאַציפֿיצירן״ דאָס שטעטל, וואָס האָט געוואַגט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם מיליטער בײַם אַרײַנמאַרשירן אין שטאָט.

האָט מען טאַקע באַלד אין דער ערשטער מינוט געהערט געוואַלטיקע קולות פֿון שלעגער און געשלאָגענע צוזאַמען, דײַטשע זעלנער האָבן זיך אַרויסגעלאָזן איבער דער שטאָט זוכן די הײַזער. ס׳איז נישט געבליבן קיין איין שטוב, וואָס זאָל נישט ווערן איבערגעדרייט נישט צו דערקענען. אַלע שפּיגלען צעהאַקט, אַלע שויבן־טירן פֿון די קרעדענסן — צעבראָכן און דאָס בעטגעוואַנד אַזוי צעפּליקט און צעריבן, אַז ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו דערקענען וואָס עס איז אַמאָל געווען. קיין איין טיר איז נישט פֿאַרבליבן אומגעעפֿנט, קיין איין שלאָס האָט נישט געקאָנט בײַשטיין דעם כּוח פֿון דער זעלנערישער פֿויסט און שטיוול.

אַרײַנקומענדיק אין אַ שטוב האָבן די זעלנער נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן מענער און פֿרויען; צווישן אַלט און יונג; צווישן געזונטע און קראַנקע; אַלע אָן אויסנאַם זענען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער אַכזריות און סאַדיזם אַרויס־געשליידערט געוואָרן אויף דער גאַס, ווער דורך דער טיר, און ווער דורכן פֿענצטער. „גליקלעכער״ האָבן אָפּגעשניטן יונגערע און געזונטע מענטשן: נאָכן באַקומען די ערשטע קלעפּ, האָבן זיי פֿלינק געמאַכט פּליטה פֿון שטוב אַרויס; דאַקעגן עלטערע און שוואַכע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַזוי שנעל נעלם ווערן, האָבן געקריגן מכּות רצח. אויך די קינדער זענען דורך די סאַדיסטן נישט געשוינט געוואָרן. אַלע גאַסן זענען פֿול געוואָרן מיט קרבנות, וועלכע האָבן שוין נישט געהאַט קיין מענטשלעכע צורה און אַרויסגעגעבן משונהדיקע קולות, ווײַל פֿאַרן קומען אין מאַרק אַרײַן ווו אַלע ייִדן זענען אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרן זיך צו פֿאַרזאַמלען, האָבן אַלע געמוזט אַדורכגיין שבעה מדורי גיהנום



דער פּלאַץ, וווּ ס'איז געשטאַנען די סעראַצקער שול

דורך די פאַרשידענע דייטשע „וואַכן" אין די ווינקלען פון די גאַסן, און מיטנעמען צידה לדרך, צוהאַקטע קעפּ, געשפּאָלטענע נעז, אונטערגעהאַקטע זייטן.

יידן האָבן דערווייל נישט פאַרגעסן, אַז זיי זענען יידן. איבערקומענדיק אַזאַ שווערן וועג, האָט מען זיך אַוועקגעשטעלט גאַנץ געשמאַק זאָגן תהילים און ווידוי, כדי זיך צוצוגרייטן צו דעם נאָך לענגערן און לעצטן וועג, וואָס דער־וואַרט זיי. ס'איז געווען פאַר אַלע אַ זיכערע זאַך, אַז מען וועט אַלע מענטשן פון שטעטל אויסשיסן אַלס נקמה.

דאָס צונויפטרייבן די מענטשן אין איין אָרט אַריין איז געטאָן געוואָרן מיט אַזאַ שטורעם, מיט אַזאַ כעס און מיט אַזאַ שוים אויף די ליפּן, אַזוי אַז ס'האָט קיינער נישט געצווייפלט אין דעם אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף.

דער גאַנצער מאַרק איז געווען אַרומגערינגלט פון אַ גרעסערער צאָל באַוואָפנטע זעלנער, וועלכע האָבן מיט גרויס צאָרן צענויפגעטריבן דעם עולם פון איין ווינקל צום אַנדערן.

דאָס תהילים און ווידוי־זאָגן האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן פאַרשטיקטן געוויין פון זקנים און קראַנקע; מיט די קוויטשנדיקע און ספּאַזמירנדיקע קולות פון פרויען און געוויין פון קינדער.

אין דער זעלבער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן פּוילישן מיליטער, וואָס האָט זיך געפונען צוויי קילאָמעטער ווייט פון שטאָט, אויף דער צווייטער

זייט נאַרעוו, און צווישן דעם דייטשן מיליטער, וואָס האָט איינגעמויערט די האַרמאַטן און קוילן־וואַרפערס כמעט אין שטאָט. די קוילן פון בײדע צדדים זענען געפלויגן איבער דער שטאָט, איבער די קעפ פון דעם צונויפגעטריבענעם אין מאַרק עולם. יעדער שאָס און אויפרייס פון די זייער נאָענט געפאַלענע גראַנאַטן האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די מהומה און אַרויסגערופן יעדעס מאָל פרישע געוואַלטן און געשרייען.

דערנאָך איז געקומען אין מאַרק אַריין אַ דייטשער אָפיציר און געמאָלדן וועגן דעם גרויסן פאַרברעכן, וואָס די שטאָט איז באַגאַנגען מיטן דערמאָרדן דעם דייטשן זעלנער, און אַז על פּי־דין דאַרף מען אַלע מענטשן פון שטאָט אויסשיסן ווי די הינט, נאָר זיי, די דייטשן, זענען איידעלע לייט און דערפאַר באַפרייען זיי אַלע פרויען און קינדער פון יעדער שטראָף, די מענער אָבער מוזן באַשטראָפט ווערן און דעריבער ווערן זיי אַרעסטירט.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע יללה פון די פרויען, וועלכע זענען מיט געוואַלט אָפּגעטיילט געוואָרן פון זייערע מענער. ענדלעך זענען אָנגעקומען אייניקע זשאַנדאַרמען און באַפוילן דעם עולם צו מאַרשירן און לסוף זענען מיר אַריינגעפירט געוואָרן אין שול, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געפאַנגען־לאַגער.

אין שול האָבן יידן באַמערקט דעם גרויסן חורבן, וואָס איז דאָרט געמאַכט געוואָרן מיט אייניקע מינוט פריער, אַלע שטענדערס זענען געווען צעבראָכן, דער אָרון־קודש — צעהאַקט, די ספרי־תורה — אַרויסגעשליידערט און אַ טייל אַריינגעוואָרפן אין קלאָזעט, און די איבעריקע געטרעטן מיט די שטיוול; געשפּיגן און אָנגעלייגט אויף זיי מיסט און צואה און צום סוף אונטערגעצונדן. אַלע אויסגעמאָלטע תפילות אויף די ווענט זענען פאַרפּאַטשקעט און אָפּגעריבן געוואָרן.

צוזעענדיק דעם חילול־הקודש האָבן די יידן מיט יאוש די קעפּ אַראָפּגעלאָזט און נישט ביי איינעם פון זיי האָט זיך געשטעלט די פראַגע: צי וואָלט נישט גלייכער געווען און אויך שענער פאַר גאָט אַליין, ווען די הענט פון די וואַנדאַלן וואָלטן אָפּגעדאַרט געוואָרן?

מיט אַ שעה שפּעטער זענען די זעלבע יידן געצוווּנגען געוואָרן אונטערצוצינדן די ספרי־תורה, וואָס האָבן זיך פאַרוואַלגערט אין אַ ווינקל און אַ ייד איז אַליין געצוווּנגען געווען זיי אונטערצוצינדן און דערביי האָט ער געקריגן שטאַרק געשלאָגן. ער האָט אַ לענגערע צייט זיך געמאַטערט ביים אָנצינדן די ספרי־תורה, אָבער זיי האָבן זיך נישט אָנגעצונדן, ביז לסוף האָט ער זיי געמוזט מיט אייגענע הענט אַריינוואַרפן אין קלאָזעט אַריין.

אין שול האָט מען זיך אָנגעהויבן אויסצולייגן אויף די צעבראָכענע בענק.

עטלעכע קריסטן, וועלכע האָבן געוווינט צווישן יידן, זענען צוזאַמען מיט זיי געטריבן געוואָרן אין שול אַריין. צווישן זיי האָט זיך געפונען דער אַפּטייקער און דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָסט, באַקאַנטע אַנטיסעמיטן.

די וואַך, וואָס איז געוואָרן אָוועקגעשטעלט צו היטן דעם עולם — אַן ערך פון 300 פּערזאָן, איז געווען זייער אַ שטרענגע. פאַר צוגיין צום פענצטער צו כאַפּן אַ ביסל לופט, האָט מען געשלאָגן מכות־רצח; אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין אין דער אוביקאַציע איז אָנגעקומען אַזוי שווער, אַז מ'האָט פּשוט געמוזט דערפון רעזיגנירן און איינהאַלטן זיך מיט אַלע כוחות. די מערהייט פון דעם פאַרזאַמלטן עולם האָט זיך אָפּגעזאָגט פונעם עסן, וואָס מען האָט צוגעבראַכט פון דער היים, בלויז צוליב דעם, מ'זאָל נישט דאַרפן צו אָפט אָנצוקומען נאָך אַזעלכע מינים דערלויבענישן.

דער פראָנט איז געווען זייער נאָענט, און יעדעס מאָל זענען געקומען פרישע פאַרמאַציעס מיליטער און זייערע אָפיצירן. דערוויסנדיק זיך וועגן די יידן, וואָס זיצן אין „געפאַנגענ־לאַגער", זענען זיי צוגעקומען אָנקוקן און דאַבײַ געשאָטן פעך און שוועבל אויף די „יודען", און אויך געטיילט קלעפּ.

דעם צווייטן טאָג איז געקומען אַן אָפיציר, אַוועקגעזעצט זיך ביים איינגאַנג, וואָס האָט געפירט פון שול אין בית־המדרש אַריין. יעדער האָט געדאַרפט פאַר־בייגיין זיין טישל פון שול אין בית־המדרש אַריין. די דייטשן האָבן איבער דער גאַנצער ברייט פון בית־המדרש אַוועקגעשטעלט טישן, דורך וועלכע יעדער האָט געדאַרפט איבערשפּרינגען, כדי פון דאָרט צו ווערן אַריינגעלאָזט אין אַ קלענער שטיבל, וואָס האָט אַמאָל געדינט פאַר אַ תלמוד־תורה. דער יונגערער עולם, וועלכער האָט זיך שנעל איבערגעקריגן אויף דער צווייטער זייט, איז נאָך פאַרהעלטניס־מעסיק איבערגעקומען מיט קלענערע קלעפּ, דאַקעגן די עלטערע און שוואַכערע מענטשן האָבן געפילט דערביי דעם טעם פון טויט. פאַר זיי איז דאָס געווען דאָס אמתע גיהנום און זייערע געוואַלטן און געשרייען זענען געגאַנגען ביזן הימל.

יעדעס מאָל, ווען אַזאַ קרבן האָט נאָך פיל פּרווון, וועלכע האָבן אים טייער געקאָסט, איבערגעקייקלט זיך אויף דער צווייטער זייט, בלייבנדיק ליגן פאַר־חלשט אויף דער ערד, האָט עס ביי די פייניקער אַרויסגערופן גרויס צופרידנהייט און פרייד און אַ פּאַטשן מיט די הענט.

נאָך דער דערמאָנטער „קאָנטראָל" זענען אַלע מענטשן אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אַן ענג שטיבל, אין וועלכן ס'איז געווען זייער הייס און דושנע. נאָכן פאַר־ברענגען אין ענגן שטיבל 4 שעה צייט, האָט די וואַך ערשט דערלויבט דעם עולם איבערצוגיין צוריק אין שול אַריין.

דעם זעלבן טאָג האָבן די דייטשן אַרויסגענומען אַן אַלטן מאַן פון 75 יאָר, איינעם פון די גרעסטע תלמידי־חכמים און משכילים פון שטאָט, ר׳ יצחק בלאַכמאַן, און אים באַשולדיקט, אַז ער זאָל האָבן צוגעגרייט געווער צו באַגעגענען די דייטשן ביים אַריינמאַרשירן אין שטאָט. די באַשולדיקונג האָט זיך גענומען דערפון, וואָס בשעת מ׳האָט צעראַבירט זיין געוועלב פון קיך־געשיר, האָט מען געפונען עטלעכע טוץ מעסער.

דאָס פאַרענטפערן זיך פון דעם זקן, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף זיין עלטער און שוואַכקייט, אויף זיין נישט פעאיקייט צו שלאָגן זיך מיט זעלנער, האָט גאָנץ ווייניק געהאָלפן. ער איז געוואָרן שטאַרק געפייניקט. די מענטשן, וועלכע האָבן דאָס צוגעזען, האָבן געוויינט. ס׳איז גאָרנישט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי דער זקן און שוואַכער מענטש איז געבליבן לעבן. שוין נאָכדעם, ווי מ׳האָט אים באַפרייט פון דער שווערער באַשולדיקונג, האָט מען געפונען אַ געלעגנהייט אים צו שלאָגן: מ׳האָט אים געהייסן אַפּטראָגן זיך שנעל, בליץ שנעל, דער זקן אָבער, וועלכער פלעגט אָפּט אין נאָרמאַלע צייטן גיין זייער פּאַמעלעך, האָט איצט נאָך די באַקומענע קלעפּ זיך אינגאַנצן נישט געקאָנט רירן. זיינע אַלע אָנשטרענגונגען האָבן נישט געהאָלפן. דער אַלטער איז פּשוט געבליבן ליגן אויף דער ערד. די דייטשן האָבן אים געטרעטן מיט די שטיוול איבערן גאַנצן קערפּער.

אין זייער שווערע באַדינגונגען און אונטער זייער אַ שטרענגן רעזשים האָבן די צוזאַמענגעטריבענע אין שול איבערגעלעבט פון זונטיק ביז דאָנערשטיק. דאָנערשטיק איז ווידער געקומען אַן אָפיציר, איבערגעחזרט די לעקציע פון מאָנטיק, און לסוף האָט מען אַלע מענטשן פון 18 ביז 45 יאָר איינגעטיילט אין צוויי גרופּעס, פון וועלכע איינע איז אָפּגעשיקט געוואָרן צו פּוס קיין פולטוסק. קינדער ביז 18 און עלטערע פון 45 יאָר זענען באַפרייט געוואָרן.

(פון אַרכיוו פון דעם ייד. היסט. אינסטיטוט אין וואַרשע).

שלמה סטערדינער
(רמת־גן)

# פון סעראָצק, יאַבלאָננאַ־לעגיאָנאָווא
# דורך דער וואַרשעווער געטאָ ביז טרעבלינקי

באַלד ביים פאַרנעמען סעראָצק דורך די דייטשן, האָבן זיי באַזעצט אַלע בריקן. די קהילה יאַבלאָננאַ־לעגיאָנאָווא — 15 ק״מ דרום פון סעראָצק — איז באַשטאַנען פון אַ מערהייט סעראָצקער יידן, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט, צוליבן אויסזיכט פון געפינען פרנסה, אין די לעצטע פאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון 2טן וועלטקריג. איז באַלד נאָך סעראָצק אויך לעגיאָנאָווע געפאַלן, און די דייטשן האָבן גלייך געפאָדערט אַ גרויסע קאָנטריבוציע. אַזוי ווי ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו שאַפן דאָס געלט צום אָנגעצייכנטן טערמין, האָבן די רוצחים אַרעסטירט 21 יידן, צווישן זיי ר׳ משה ווישניעוויטש און זיין זון יידל יעקב לעווינער א. אַ. הי״ד, וועלכע זענען אַפילו נאָכן באַצאָלן די קאָנטריבוציע, דער־מאָרדעט געוואָרן.

אַ קורצע צייט נאָך דער אינוואַזיע האָבן די דייטשן באַשטימט אין לעגיאָנאָווע אַ געטאָ, אין דעם טייל פון שטאָט וואָס האָט זיך גערופן — לודווישין, אין וועלכן זיי האָבן קאָנצענטרירט אויך די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, ווי: פיעקעלע, דאָמברוווקאַ, הענדריקאָוו א. אַ.

אין לעגיאָנאָווער געטאָ האָבן זיך אויך געפונען אַ סך פון די סעראָצקער יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון ביאַלאַ־פאָדלאַסק, לוקאָוו, לאַמאָזי, ווו זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן פון סעראָצק אין דעצעמבער 1939.

דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען שווער און ביטער. מ׳האָט די רוצחים געמוזט אָוועקגעבן אַלע ווערט־זאַכן, פוטערס און גאָלד.

דעם 15טן אָקטאָבער 1942 (שמחת תורה) איז אויף אַ שוידערלעכן אופן ליקווידירט געוואָרן דאָס יאַבלאָננאַ־־לעגיאָנאָווער געטאָ (מ׳האָט דאָס שטעטל גערופן, און ס׳איז פאַקטיש געווען, דאָס אויסגעבריי־טערטע סעראָצק).

טייל יידן זענען אויפן אָרט דערמאָרדעט געוואָרן, אַ קלענער טייל האָט באַוויזן אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַרומיקע וועלדער — און די רעשט זענען אָוועקגעפירט געוואָרן, אויף פויערישע וועגענער, קיין ראַדזימין — אַ מרחק פון 40 ק״מ — פון ווו מ׳האָט זיי צוזאַמען מיט די אָרטיקע און וואָלאָ־מינער יידן אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע.

# דער וועג פֿון פּיין

דעם 28סטן אַפּריל 1943, 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג, האָט מען אונדז אַדורכגעפירט דורך די וואַרשעווער ברענענדיקע גאַסן ביז מיר זענען צוגעקומען צו דעם בלוטיקן פּלאַץ (גערופן — „אומשלאַגפּלאַץ״). דאָרט האָב איך שוין אָנגעהויבן זען אונדזער טראַגעדיע. איך האָב זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, ווי אונדזערע שוועסטער און ברידער ליגן דערמאָרדעטע דורך די נאַצי־מערדער, וועלכע האָבן דאַביי נאָך באַוויזן צו טאַנצן אין יידיש בלוט. ווען מען האָט אונדז צוגעפירט צו די וואַגאָנעס, האָב איך באַמערקט אַז פֿון דער צווייטער זייט זענען געשטאַנען צוויי רייען פֿון ס. ס.־לייט, דורך די רייען פֿון די מערדער זענען אַדורך איינצלנע מענטשן — מענער און פֿרויען. אַ טייל פֿרויען האָבן געטראָגן אויף זיך קינדער, אויסגעצערטע און אויסגעמאַטערטע פֿון הונגער, זיי זענען שוין געזעסן זייט עטלעכע טעג אין דער געביידע פֿון אומשלאַגפּלאַץ, אַזוי אַז מענטשן זענען דורכגעגאַנגען דורך די רייען ביז צום וואַגאָן, זענען זיי שוין געווען דערשלאָגן. די וועלכע זענען נישט געגאַנגען אַזוי ווי די מערדער האָבן געוואָלט, איז געשטאַנען אַ ספּעציעלע מערדער־באַנדע גרייט און געוואַרט אויף דעם יידישן בלוט. זיי האָבן די פּיסטאָלעטן און מאַשינגעווער שטענדיק געהאַלטן אויסגעשטרעקט צו די דערשלאָגענע, וועלכע וואַקלען זיך שוין אויף די פֿיס, און גלייך געעפֿנט אַ שיסעריי אויף אומבאַהאָלפֿענע מענטשן. מיטן געשריי פֿון „שמע ישראל״ זענען זיי געפֿאַלן.

גלייך נאָך דעם איז געווען אַ באַפֿעל צו די חסד־של־אמת־אַרבעטער, אָפּצורוימען דעם פּלאַץ. בעת די יידישע אַרבעטער רוימען די מתים אַוועק אין אַ זייט, גייען די מערדער צוריק זוכן נייע קרבנות. צוויי יידישע אַרבעטער האָבן געטראָגן איין יידישן קרבן. מערקנדיק, אַז דער קרבן איז שווער, האָט דער ס. ס.־מאַן געפֿרעגט: „איז דיר צו שווער? — דאַן קאָן איך דיר לייכטער מאַכן״. ער נעמט זיי ביידע אַוועק פֿון פּלאַץ און פֿירט זיי צו צום באַרג פֿון אונדזערע קרבנות און גיט דעם באַפֿעל צו די יידישע אַרבעטער זיך אויסצולייגן. איינער פֿון די מערדער נעמט אַרויס דעם באַגנעט און זעצט אַריין דעם אַרבעטער אין האַרץ, דער צווייטער זעענדיק דעם טויט פֿון זיין חבר, האָט אָנגעהויבן צו לויפֿן. ס׳האָט זיך געעפֿנט אַ שיסעריי און דער אַרבעטער איז געפֿאַלן.

און דאָ, ווייטער אין די רייען גייט די אַרבעט פֿאָרווערטס. מענטשן גייען און פֿאַלן, דאָס בלוט גיסט זיך ביז מען קומט אין וואַגאָן. איצט, אין וואַגאָן הייבט זיך אָן די אמתע טראַגעדיע: איינע שרייט „וווּ איז מיין מאַן״, און אַ פֿרוי

שרייט: „מען האָט מיר דערמאָרדעט מיינע קינדער, לאָזט מיך אַרויס, זאָל מען מיך דערשיסן, איך וויל אומקומען אַזוי ווי מיינע קינדער זענען אומגעקומען". מען הערט געשרייען: „ווּ איז מיין שוועסטער און ברודער, מען האָט זיי שוין דערמאָרדעט", עס הערן זיך נאָר יאָמערלעכע געשרייען. אין דעם וואַגאָן איז ענג. מיר קאָנען שוין נישט אָטעמען, מענטשן בעטן: „וואַסער, מיר שטאַרבן!" מען שרייט אַזוי לאַנג „וואַסער" ביז די מענטשן שטאַרבן פון הונגער און פון דורשט. מען לייגט די מענטשן אַוועק אין דער זייט, איינעם אויף דעם צווייטן, ביז צום אָפּפאָר זענען שוין געשטאָרבן 17 פרויען און 8 מענער. די מענטשן האָבן אויפגעהערט שרייען. עס איז שטיל געוואָרן אין וואַגאָן. אַ טויט־שטילקייט האָט געהערשט איבער אונדזערע קעפּ. דאַן הערט זיך ווערגן פרישע קרבנות. איך דריק זיך דורך צו דער צווייטער זייט פענצטער און זע, אַז מען פירט גרויסע גרופּן מענטשן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון די בונקערס. ווען די מענטשן האָבן זיך דערנענטערט צו די וואַגאָנעס, זענען זייערע פּנימער געווען שוואַרץ און פאַרחלשט.

מען האָט מער נישט גערעדט, נאָר געבעטן: „רבונו־של־עולם, מאַך מיט אונדז אַ סוף, לאָז אונדז זיך נישט לאַנג מוטשען אין די וואַגאָנען!". באַלד האָט מען געהערט, ווי מען עפנט די טירן פון די וואַגאָנען און מען הייבט אָן צו שלאָגן און שיסן. מענטשן דריקן זיך וואָס שנעלער, כדי אַריין צו באַקומען זיך אין די וואַגאָנען. פון וואַגאָן הערן זיך ווידער די יאָמערלעכע געשרייען: „ווּ זענען די קינדער, איך האָב די קינדער פאַרלוירן!". און די מערדער דרייען זיך אַהין און צוריק ביי די וואַגאָנען. זיי לאַכן און שרייען צו אונדז: „ווילט איר וואַסער?, גייט אַרויס און גיט אַרויס אייער גאָלד!". ווען זיי באַקומען נישט קיין ענטפער, שיסן זיי צו אונדז און ס'פאַלן 5 מענטשן. די מערדער עפענען די טירן פון דעם וואַגאָן און שטרעקן אויס זייער מאַשין־געווער. ווען מיר האָבן באַמערקט דאָס ווילדע קוקן אויף אונדז, זענען מיר אַלע געבליבן אַ ווײַלע שטיל. דאָס האָט זיי שטאַרק אויפגערעגט און זיי האָבן אַרויסגענומען אַ פרוי אין עלטער פון 23 יאָר. די מערדער האָבן זי אַוועקגעפירט און אין משך פון 10 מינוט האָט זיך דערהערט אַ שאָס. אַלע זענען פאַרשטיינערט געוואָרן, ס'האָבן זיך דערהערט די טריט פון די מערדער. זיי זענען שוין דאָ, אונדזערע הערצער קלאַפּן. באַלד עפענען זיך טירן פון וואַגאָן און די מערדער שרייען אַריין: „אַרויס צוויי מענער". קעגן איבער דער טיר זענען געזעסן צוויי מענער. זיי זענען בלאַס געוואָרן און האָבן זיך גלייך אויפגעשטעלט און אויסגעשריגן צו אונדז: „בלייבט איר אַלע לעבן, מיר האָבן עס שוין גענוג". און זענען

אַרויס פון וואַגאָן. שפּרינגענדיק פון וואַגאָן האָבן זיי נאָך אויסגעשריגן: „לעבט און נעמט נקמה!"

באַלד זענען אַנדערע געקומען און פאַרמאַכט דעם וואַגאָן. ביי דעם קליינעם פאַרדראָטעטעם פענצטער שטיי איך און קוק ווי די מערדער פירן אונדזערע ייִדן אויף דעם זעלבן וועג, וווּ די יונגע פרוי איז געפאַלן אַ קרבן. אַ ווײַלע בלייבט שטיל ביי אונדז אין וואַגאָן. איך קוק אַנגעשטרענגטערהייט דורך דעם קליינעם פענצטער און זע ווי די אָוועקגעפירטע טראָגן די דערשאָסענע פרוי צו די וואַגאָנעס. זיי עפענען אַ צווייטן וואַגאָן און לייגן זי אַריין, און באַלד הערט זיך אַ יאָמערלעך געוויין פון איר מוטער, וועלכע האָט זי דערקענט. אין דער זייט זיצט אַן עלטערער ייִד און שרייט: „ליבע מענטשן, ווי גוט איז דער טאָכטער פון דער מוטער, זי האָט געהאַט אַ זכות פון הימל, ווייל זי האָט נישט באַדאַרפט מיטצופאָרן אין אַזאַ וועג פון הונגער און דורשט און נאָך דעם פאַרברענט צו ווערן אין די קאַלך־אויוונס!" באַלד האָבן אַלע מענטשן פון וואַגאָן אָנגעהויבן וויינען, און אַ לאַנגע צייט האָט מען מער נישט געהערט ווי דאָס קרעכצן.

אַרום 6 אַ זייגער נאָכמיטאָג דערהערט זיך דער פייף פון לאָקאָמאָטיוו. די מענטשן זעצן זיך אַוועק, די קעפּ איינגעבויגן איינער צום צווייטן און זאָגן: „שוין אונדזערע לעצטע שעהן, מיר גייען אַלס קרבנות, ווער וועט פאַר אונדזער בלוט נקמה נעמען; ווער וועט וויסן וווּ אונדזערע קערפּערס וועלן אַהינקומען!" און ס'הערט זיך דער צווייטער פייף. עס הייבט זיך אָן אונדזער שרעק, די הערצער קלאַפּן, דער לאָקאָמאָטיוו פאָרט אָפּ פון דעם בלוטיקן פּלאַץ און נאָך אייניקע מינוט בלייבט ער שטיין אויף דער באַן־סטאַציע גדאַנסק. דאָרט נעמען אונדז איבער צוויי צעווילדעוועטע פאַרברעכער און הייבן אָן לויפן פון איין וואַגאָן צום צווייטן. מען רויבט, שלאָגט און מאָרדעט. ייִדן שרייען צו אונדזערע פּוילישע שכנים: „דערלאַנגט אונדז וואַסער, מיר שטאַרבן פון דורשט", און זיי הייסן זיך דערלאַנגען צו 500 זלאָטעס, כדי צו געבן וואַסער. אַ פאַרחלשטע פרוי, בעט ביי זיי: „איר וועט פון מיר באַקומען מיין פּאַלטאָ, און גיט מיר אַ פלעשל וואַסער". איינער פון זיי רופט זיך אָפּ: „גיב מיר דעם פּאַלטאָ מיט אַ פלאַש, ברענג איך דיר גלייך וואַסער". די פרוי ציט פון זיך דעם מאַנטל און גיט אים אַוועק. עס קומט נישט קיין מענטש און נישט קיין וואַסער. זיי שטייען און קוקן ווי אַזוי די צעווילדעטע אוקראַאינער שלעפּן פון אונדז די קליידער אַראָפּ און פאַרקויפן זיי. דער געדראַנג איז זייער גרויס, מען שטופּט זיך, מען איילט זיך וואָס שנעלער צו כאַפּן אונדזערע קליידער — ווי גרויס

איז געווען אונדזער חרפּה. אין דער זייט זיצט אַ ייד און קרעכצט: „יידן, מיר האָבן גאָרנישט צו פאַרלירן, מיר דאַרפן מאַכן אַ סוף פון אונדזער לעבן. זאָלן די ווילדע בעסטיעס אונדז נישט מער פּייניקן. אַ פרוי, אַ דאָקטאָרין, ענטפערט: „מיר מוזן לעבן און ליידן ביז מיר וועלן קומען אויף דעם אָרט". זי מיינט, אַז מען פאָרט נישט קיין טרעבלינקע, נאָר קיין לובלין, טראַווניק אָדער פּאָניאַטאָוו, דאָרט ווו אַלע יידן אַרבעטן און מיר וועלן אַרבעטן. מיר יידן ווייסן שוין גאַנץ גענוי, אַז מיר זענען געבוירן געוואָרן נאָר פרעמדע אַוועקצוגעבן אונדזער גאַנצן פאַרמעג.

מיר זענען געווען 120 מאַן אין וואַגאָן. יעדע ווײַלע קוקט מען אַרויס פון פענצטער. ווו געפינען מיר זיך? צי פאָרן מיר קיין טרעבלינקע אָדער קיין לובלין? דאַן הייבט זיך ווידער אָן אַ שמועס אין וואַגאָן. איינער זאָגט, אַז דאָס איז דער וועג קיין טרעבלינקע, בלייבן אַלע זיצן ווי דערשלאָגענע. יעדער איינער זיצט און קרעכצט. ווו וועלן אונדזערע קערפּערס אַהינקומען? ווער וועט וויסן פון אונדז? אַ פרוי בעט, מען זאָל זי צולאָזן צום פענצטער, זי קען דעם וועג. מען לאָזט זי צו צום פענצטער: „מיר פאָרן קיין לובלין!" יעדער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. ס'הערט זיך ווידער אַ געשריי: „וואַסער"! מען חלשט, אָבער קיין וואַסער איז נישט געווען. מען שרייט: „ראַטעוועט, מענטשן, — עס איז אַ חוב צו ראַטעווען אַ מענטש פון טויט!"

מען פאָרט אין דער נאַכט, עס פעלט אויס לופט. מען הערט ווי צוויי יונגע־לייט זיצן אין דער זייט און זיי רעדן גאָרנישט און אַרבעטן זייער פלייסיק. עס איז שוין נאַכט — מען האַלט, אַז עס איז עלף אַ זייגער. ווייטער ווערט שטיל. זיצן זיך די יונגע־לייט און אַרבעטן ווייטער מיט אַ טאַשן־מעסער אַדורכצושניידן די פּאָדלאָגע. עס דערהערט זיך אַ פייף פון לאָקאָמאָטיוו, אַ סימן, אַז אַ סטאַציע דערנענטערט זיך. די שיסערייען הערן נישט אויף. מענטשן שפּרינגען פון די וואַגאָנעס, און די מערדער שיסן. באַלד דערהערט זיך אַ סיגנאַל. די באַן בלייבט שטיין אויף דער סטאַציע דעמבלין.

עס איז שוין 8 אַ זייגער אין דער פרי, דורך דעם קליינעם פאַרדראָטענעם פענצטערל באַווייזט זיך ליכט. און די מענטשן בעטן ווידער וואַסער און וואַסער, ווייל מיר שטאַרבן פון דורשט. די באַן שטייט נישט לאַנג און זי פאָרט אָפּ, די טירן זענען שטענדיק פאַרמאַכט. ווען איינער וואָלט געוואָלט עפּעס דער־לאַנגען, וואָלט ער אויך נישט געקאָנט. אין וואַגאָן ליגן טויטע קערפּערס, אין דער צווייטער זייט זיצן אויסגעמאַטערטע מענטשן און וואַרטן אויף דעם זעלבן סוף. די יונגע־לייט זיצן מיט דעם טאַשן־מעסער און אַרבעטן זייער שווער ביז עס

געלינגט זיי אַדורכצושניידן די דיקע ברעטער פון דעם וואַגאָן. אונטער לובלין שטייט אויף איינער פון די יונגע־לייט און שרייט אויס: „מיר האָבן געעפנט די פּאָדלאָגע. יעדער איינער קאָן זיך ראַטעווען, די צייט איז קורץ! איך בין פון וואַרשע, מיין נאָמען איז הערשל אייזן. געוווינט האָב איך אויף ניזקע גאַס נומער 12. ווען מיר גיט זיך נישט איין, זאָלט איר אַלע געדענקען!" ביז לובלין זענען אַרויס בערך 20 מענטשן. דאַן הערט מען שוין אַ סיגנאַל פון לאָקאָמאָטיוו, און ער בלייבט שטיין. מיר זענען שוין אין לובלין. ס'איז דער 1טער מאַי 1943, מען עפנט אויף די טירן פון די וואַגאָנעס און ס. ס.־מענער גיין דורך אַלע וואַגאָנעס און פרעגן, וויפל טויטע ס'זענען פאַראַן. דאַן זאָגן מיר וויפל, און זיי גיין אַוועק מיט אַ געלעכטער מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן. דאַן באַמערקן מיר ווי אַ באַן־אַרבעטער פירט אַ יידישע פרוי צו די ס. ס.־לייט. אַן ס. ס.־מאַן נעמט זי נאָענט צום וואַגאָן און פרעגט זי אויס, ווער זי איז און די פרוי ענטפערט גלייך: „איך בין אַ יידישע פרוי", גלייך ציט ער אַרויס זיין פּיסטאָלעט און גיט איר אַ באַפעל צו לייגן זיך. די פרוי פאָלגט נישט אַזוי שנעל און באַקומט פון אַ מערדער מיט זיין ביקס איבערן קאָפּ און זי פאַלט אַוועק אויפן אָרט. איינער פון דער באַנדע הייסט זי שיסן. דער מערדער דערשיסט זי און זיי גייען זיך פונאַנדער, אָנווייזנדיק אויף די אַלע וואַגאָנען. מיטאָגצייט האָבן מיר באַמערקט, ווי עס זענען געקומען העכערע אָפיצירן, און איינער פון די ס. ס.־לייט גיט זיי איבער אַ ראַפּאָרט. זיי זענען דורכגעגאַנגען אַלע וואַגאָנען.

בעת מיין זיין אין וואַרשעווער געטאָ האָב איך זיך געטראָפן מיט די פאָלגנדע לאַנדסלייט: דוד וואַרשאַווסקי, שיע זילבערשטיין, יהודה (יידל) קולי־גאָווסקי, שלמה אָסטראָווסקי, ראָזענבערג, יוסף פישמאַן, מיין שוואָגער סקורניק מיט זיין פרוי און זייערע צוויי קינדער און מיין ברודער פישל סטערדינער.

## אין טרעבלינקע...

שטייענדיק שוין אויף דער סטאַציע לובלין, האָבן די דייטשע רוצחים נאָך נישט אויפגעהערט די רציחות. ס'איז געקומען אַ באַפעל — אַז אַ האַלבן צוג צו פירן קיין מאַידאַנעק, און דעם צווייטן — קיין טרעבלינקע. איך בין געבליבן אין צוג, וואָס מען האָט געפירט קיין טרעבלינקע. פאָרנדיק צוריק, האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען וווהין מיר פאָרן. שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אויף דער סטאַציע מאַלקין. דאָרט האָבן זיך אַרומגעדרייט פּאָליאַקן, און מיר האָבן געבעטן וואַסער. דער ענטפער איז געווען: „עס לוינט אייך שוין נישט

צו טרינקען, שוין נישט ווייט קומט אייער סוף פון לעבן. וואַרפט אַרויס וואָס איר האָט, אפשר וועלן אייערע שומרים דערלויבן אייך צו דערלאַנגען וואַסער״. פרויען האָבן אויסגעטאָן רינגלעך פון די פינגער און געוואָרפן. די מערדערישע שומרים האָבן אַלץ אויפגעקליבן און אַריינגעשאָסן אין צוג. די ס. ס.־לייט האָבן דערהערט שיסן, זענען זיי אַרויס פון זייער וואַגאָן און באַפוילן אויפצומאַכן די טירן פון די וואַגאָנען און אָנגעהויבן שלאָגן מיט די ביקסן איבער די קעפּ. ביי מיר אין וואַגאָן איז געוואָרן אַ בלוט־באָד, און אַזוי האָט מען אונדז גלייך אָפּגעפירט פון מאַלקין קיין טרעבלינקע, אַ שטרעקע פון 7 קילאָמעטער.

מיר זענען אָנגעקומען אין טרעבלינקע דורך אייזערנע טויערן, וואָס זענען געעפנט געוואָרן מיט פייפעריי און סיגנאַלן. מען הערט דעם פייף, און דער צוג בלייבט שטיין. אין די מינוטן האָט מען געעפנט די וואַגאָנען מיט אַ מער־דעריש געשריי: „אויסשטייגן!״ דערפילנדיק דאָס אומגליק פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, איז יעדער מיטן געשריי „שמע ישראל!״ געשפּרונגען. איך האָב ביי זיך געהאַלטן מיין זון, וועלכער איז אַלט געווען 15 יאָר. ער זאָגט צו מיר: „געקומען דער סוף פון אונדזער לעבן״. מען שרייט „רעכטס, לינקס״. איך מיט מיין זון הייסט מען „רעכטס״, ס׳איז געווען ביי נאַכט. דאָן זענען מיר שוין געווען אָפּגעטיילט פון אַלע אונדזערע נאָענטע, מען האָט אונדז אָנגעהויבן פירן צווישן בערג און גריבער. יעדער איינער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען די גריבער אָנגעגרייט פאַר אונדז. מיר זענען שוין געווען דערשלאָגן פון מידקייט און פון הונגער — און פון דער נאָענט פילט מען דעם גערוך פון די ברענענדיקע מענטשן. רעדן טאָר מען נישט, נאָר יעדער מורמלט אין זיך ווידוי, און „שמע ישראל״, און אַזוי, ביז מיר זענען אַרויס פון דעם טיפן טאָל.

נישט ווייט פון אונדז דערזעט מען אַ הויכן פּלויט פון שטעכל־דראָט. באַלד קומען מיר אָן צו אַ הויכן מויער, ווו עס זענען געשטאַנען ס. ס.־מענער. זיי שרייען: „אַריין, יודן פערלויזעט!״ מען האָט אונדז צוגעפירט צו גרויסע באַראַקן, גלייך איז געקומען אַ באַפעל צו שטעלן זיך צו דריי, כדי צו ציילן דעם עולם.

דאָס איז געווען אין אַ מאַי־נאַכט, גוט קאַלט און אַ סך פּחד. מען האָט געקענט הערן ווי יעדן איינעם קלאַפּן די ציין, אָבער רעדן טאָר מען נישט. די מערדערישע אוקראַאינער רעדן רוסיש און ווייזן אונדז אויפן האַלדז: „מאָרגן קומט איר אין וואַלד, געננוג געלעבט!״ אַזוי איז אַדורך די נאַכט פון פּיין און יסורים, ביז עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. איינער האָט געקוקט אויפן צווייטן און געטראַכט וועגן דעם שווערן סוף פון לעבן. ווו האָט מען אונדז געבראַכט נאָך מער פּייניקן? מיין זון קוקט אויף מיר, און איך — אויף אים, דאָס רחמנות

איז גרויס, אָבער העלפן קאָן מען נישט. מען קאָן אפילו נישט וויינען און שרייען, נאָר שטיקן די טרערן אין זיך. עס ווערט ליכטיקער, מען הערט שרייען: „אויפשטיין, אַלע אַרויס צום אַפּעל!" עס לויפן אַרויס פון די באַראַקן יידישע קרבנות, — אַלע נאַקעט, אָפּגעריסן די קליידער. ווער עס לויפט נישט, דעם שלאָגט מען. מען כאַלט איינער אויפן צווייטן, מען שלעפּט אויף אַ וועגעלע טויטע קערפּערס. גלייך ביים אַפּעל נעמט מען שוין פון אונדזער גרופּע צו מאַר־שירן קיין מאַלקין צו דער אַרבעט אויף דער באַן־סטאַציע. איך און מיין זון זענען געבליבן אין אַ צווייטער גרופּע אויף דעם פּלאַץ אַרבעטן. אַזוי איז אַדורך דער טאָג פון אַרבעט אין טויט־שוויס. די אוקראַאינער־מערדער האָבן דערשאָסן אַ פּאָר פון אונדזער גרופּע. מיר האָבן געמוזט מיטברענגען די דערשאָסענע אין לאַגער־הויף. ס'איז געווען אַ גרופּע צו גראָבן גריבער, און אַזוי האָט מען קובר געווען די קרבנות.

אויפן צווייטן טאָג, ביי דער פרישער אַרבעט, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס זעלבע שלאָגן און שיסן, אַזוי אַז יעדער איינער פון אונדז האָט מקנא געווען די דערשאָסענע. מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט די, וואָס זענען שוין געווען לענגער אין טרעבלינקע. זיי האָבן אונדז דערציילט וואָס דאָ קומט פאָר. דעם באַראַק 1 האָט מען גערופן דער „טויטער באַראַק" און דער באַראַק 2 — אויף דערווייל „צו לעבן". די פאַכמענער האָבן געאַרבעט אין וואַרשטאַטן: שוסטער, שניידער, סטאָלער, וועבער, שלאָסער א. א. אַ גרויסער בוי־פאַכמאַן איז געווען אַ יונגער בחור פון דער שטאָט סטערדין לעבן טרעבלינקע. דערהערנדיק ווי מען האָט מיך גערופן סטערדינער, איז ער גלייך צוגעקומען צו מיר און געפרעגט, פאַרוואָס מען רופט מיך סטערדינער. ער האָט געמיינט, אַז איך בין פון זיין שטאָדט און געזאָגט, אַז אויב איך בין אַ פאַכמאַן, וועט ער מיך אַרויסנעמען פון טויטן באַראַק 1 און אַריינגעמען אין באַראַק 2.

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין אַ גוטער סטאָליער. איז ער אַוועק צום ס. ס.־מאַן און געמאָלדן, אַז עס איז דאָ אַ גוטער פאַכמאַן. גלייך איז דער ס. ס.־מאַן געקומען און מיך אויסגעפרעגט וואָס איך קען, און אויף אַלעם האָב איך געענטפערט.

אויפן דריטן טאָג באַלד אינדערפרי, ביים אַפּעל, איז דער ס. ס.־מאַן צוגעקומען און מיך געפרעגט, אויב איך קאָן די באַראַקן־ווענט סאָרטירן. איך האָב געענטפערט, אַז יאָ, און דער ס. ס.־מאַן האָט באַפוילן דעם בחור, מיר צו געבן אַרבעט, און אונדז אַרויספירן אויפן פּלאַץ, ווו די ווענט זענען געלעגן. ווען מיר האָבן נאָר אָנגעהויבן צו אַרבעטן, האָבן די אוקראַאינער אָנגעהויבן ציילן און

דערשאָסן עטלעכע אַרבעטער. צו מיטאָג איז אַרויסגעקומען דער ס. ס.־מאַן אויפן פּלאַץ, זעען ווי אַזוי די אַרבעט גייט. ווייזט אויס, אַז די אַרבעט איז אים געפעלן. קומענדיק פון דער אַרבעט טויט־הונגעריק און באַקומען דאָס ברויט מיטן ביסל וואַרעמע וואַסער, איז צוגעקומען דער זעלבער בחור, יצחק מיידענבערג ע״ה און מיר געזאָגט, אַז דער מערדער איז צופרידן. איך האָב געבעטן, אַז דער בחור זאָל זאָגן דעם ס. ס.־מאַן, אַז מען קאָן נישט אַרבעטן, ווייל מען שיסט אויף אונדז, ער איז אַוועק צום ס. ס.־מאַן און וועגן דעם געמאָלדן. דער ס. ס.־מאַן איז געקומען אויף דעם פּלאַץ און באַפוילן נישט צו שיסן אויף אונדז. מען האָט נאָר באַקומען קלעפּ און געוואָרן געפּייניקט, אַזוי אַז עס איז אונדז שוין געווען מיאוס דאָס לעבן. קיין כוח איז נישטאָ, ס׳איז געקומען דער סוף פון אונדזער לעבן. טויט־הונגעריק זענען מיר פאַרקראָכן אין דעם טויטן־באַראַק, אַוועקגעלייגט זיך אויף די האַרטע פּריטשעס, איינער אויף דעם צווייטן, און געהערט די ווילדע געשרייען פון די ס. ס.־מענער און די שיכורע אוקראַאינער. זיי גייען גלייך צו אונדז און עס הערט זיך „יודן העראַוס״! און די מערדער שטעלן זיך אַוועק נעבן דער טיר מיט די שטעקנס און פּיסטאָלעטן, מען שיסט און מען שלאָגט, יידיש בלוט גיסט זיך, און עס איז נישטאָ קיין הילף. מיר פאַלן איינער איבער דעם צווייטן. איינער ווערט דערשאָסן, דער צווייטער פאַרוווּנדעט ביז די מערדער זענען מיד געוואָרן פון דעם שפּיל און האָבן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. די נאַכט איז אַריבער, מיר שטייען ווידער צום פרימאָרגן־אַפּעל, און די מערדער זוכן, ווער עס האָט עפּעס אַ צייכן פון די קלעפּ, דעם האָבן זיי באַפוילן נישט גיין צו דער אַרבעט, — דאָס איז שוין געווען דער סימן פון טויט.

אַזוי זענען אַדורך איניקע טעג. פּאַרטיעס זענען געקומען און נאָכן פאַרלירן די כוחות זענען זיי דורך סעלעקציעס געגאַנגען צום שייטער־אויוון. איך און מיין זון אברהם ע״ה האָבן דעמאָלט געאַרבעט ביי גלעזעריי פון די באַראַקן, וואָס מיר האָבן אויפגעבויט. ווידער אַ סעלעקציע „לינקס־רעכטס״. ווען עס איז געקומען מיין רייע און דער ס. ס.־מאַן פרעגט מיך, וואָס איז מיין באַרוף, האָב איך געענטפערט, אַז אַ טישלער, איז געקומען דער באַפעל „רעכטס״. דער צווייטער איז געווען מיין זון, און דער ס. ס.־מאַן פרעגט אים אויף זיין באַרוף, און ער זאָגט פריזירער, ער באַפעלט צו גיין „רעכטס״, און איך מיט מיין זון זענען זיך ווידער צונויפגעקומען. די פון לינקס האָט מען גלייך געפירט צום פאַרברענען, און אונדז — פון רעכטס — אין פאַרשידענע פּלעצער אויף אַרבעט. מיך האָט מען אַריינגעפירט, אין אַ גרויסן וואַרשטאַט פון סטאָלעריי, ווו עס זענען געווען יידישע מייסטערס און עטלעכע באַקאַנטע יידן פון וואַרשע. ווען

דער ס. ס.־מאַן איז אַרויס פון וואַרשטאַט, דערציילן די יידן, אַז זיי זיצן שוין אין טרעבלינקע איבער אַ יאָר. איינער וויל וויסן וואָס עס הערט זיך אויסער טרעבלינקע, און איך מוז דערציילן דעם אמת, אַז מען ליקווידירט די יידן פון אַלע שטעט, און אפילו וואַרשע איז שוין אויך ריין פון יידן. יעדער זיפצט, דער צער איז גרויס, און עס איז נישטאָ קיין הילף.

איך האָב באַקומען אַ באַפעל פון ס. ס.־מאַן צו מאַכן אַ קאַרטאָטעק־קעסטל. מען האָט מיר צוגעהאָלפן און עס איז געמאַכט געוואָרן. צומאָרגנס ווען די מערדער זענען אַריינגעקומען אין וואַרשטאַט און אָנגעהויבן באַקוקן דאָס קעסטעלע, — און צום מזל איז עס זיי געפעלן געוואָרן — האָבן זיי באַפוילן דעם שרייבער (ד״ר רייזנער) מיך און מיין זון גלייך צו שיקן אין באָד אויף דיזענפעקציע און אונדז איבערפירן אין באַראַק 2. אין דעם באַראַק צוויי האָט אונדז אויפגענומען דער יידישער קאַפּאָ. ער האָט מיר באַלד געהאָלפן באַקומען דאָס בעט און מיך צוגעטיילט צו אַ בעסערער גרופּע צום עסן. מאַנכעס מאָל האָבן די מערדער געהייסן אַריינשיטן אַ ביסל קלייען, און אין דעם טאָג איז ביי אונדז געווען אַ יום־טוב. אין דעם באַראַק איז שוין געווען אַ ביסל ריינער. די דייטשן, אָדער אוקראַאינער, זענען נישט אַריינגעקומען צו פיל. מיר זענען שוין געגאַנגען נאָך אַ מאָל צו דער אַרבעט אָן פרישטיק, אָן ברויט. יעדער איינער האָט געטאָן דאָס מעגלעכע, צו זוכן און צו געפינען עפּעס אַ גראָז, אָדער אַ פלאַנץ. מען האָט זיך געטיילט איינער מיט צווייטן. אונדז יידן פון באַראַק 2, איז געווען פאַרבאָטן צו טרעפן זיך מיט אַנדערע, כדי ס׳זאָל נישט זיין צופיל פאַרבינדונגען.

נאָך צוויי חדשים, ווערנדיק מיט אַלע באַקאַנט, האָבן די „העפטלינגע״ מיר פאַרטרויט אַ סוד. צו מיר איז צוגעקומען איינער פון די יידישע פאַכמענער (זיין נאָמען איז געווען פנחס ווייסמאַן ע״ה, שפּעטער געשטאָרבן אין ישראל) און מיר געזאָגט: „זיי וויסן, מיר אַלע ווי איינער, האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַן אויפשטאַנד, ווייל אונדזער לעבן איז קיין לעבן, טאָג־טעגלעך צו זען דאָס פייניקן אונדזערע ברידער און שוועסטער. מיר מוזן וואָס שנעלער באַשליסן!״ ער האָט מיר גלייך אויפגעקלערט, ווי אַזוי דער אויפשטאַנד דאַרף פאָרקומען. יעדן פרימאָרגן זענען די מערדער אַרומגעגאַנגען באַזוכן די וואַרשטאַטן. ביי די אָרגאַניזאַטאָרן איז שוין געווען באַשלאָסן דער טאָג, ווען עס וועט פאָרקומען. יעדער איינער פון אונדז האָט באַקומען אַ באַפעל, אַז ווען דער טאָג וועט קומען און די מערדער וועלן זיך באַווייזן אין אונדזער וואַרשטאַט, ווי אויך אין אַנדערע וואַרשטאַטן, מוזן זיי דערהרגעט ווערן. ס׳איז אומעטום געווען צוגעגרייט שאַרפע העק.

דער טאָג איז געקומען און מיר האָבן שוין געוואַרט אויף דער שעה. פּלוצלינג דערזעען מיר ווי מיר ווערן אַרומגערינגלט פון די ס. ס.־לייט און אוקראַאינער און עס קומט אַ באַפעל: „יידן הערויס!“ דעמאָלט האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז עס איז געקומען אונדזער סוף פון לעבן. גלייך האָט מען אונדז באַפוילן אויסצושטעלן זיך אין די רייען און די הענט אויפהייבן, און מען האָט אָנגעהויבן זוכן ביי אונדז געווער. טראָץ די קלעפּ, האָט יעדער פון אונדז געשריגן, אַז מיר האָבן קיין געווער. די מערדער האָבן אַלץ געוווסט, אַפילו ווען עס האָט געזאָלט פאָרקומען דער אויפשטאַנד, און אויך ביי וועמען עס געפינט זיך געווער, ווייל אַ מוסר האָט אַלץ איבערגעגעבן. דערווייל זענען מיר געשטאַנען, די הענט אין דער הויך, ביז עס איז געקומען דער באַפעל אַרונטער צולאָזן די הענט. מיט שטעקנס האָבן די מערדער געקלאַפּט איבער אונדזערע גופים. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונג — ווער עס האָט געבראַנגט דאָס געווער.

עס איז געווען מיט אונדז אַ בחור, ער האָט געשטאַמט פון דייטשלאַנד, האָט מען אים אַרויסגענומען פון די רייען, ער זאָל זאָגן, ווער עס האָט אים געהייסן ברענגען געווער. אַז דער בחור האָט נישט געוואָלט זאָגן, האָט מען געבראַנגט אַ גרויס פאַס און מען האָט אַריינגעגאָסן ביז פול מיט וואַסער און דעם בחור גענומען פאַר די פיס און מיט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און אַרויסגענומען פון פאַס וואַסער, און געוואַרט, ביז ער איז געקומען צו זיך, און ווידער דאָס זעלבע איבערגעחזרט. ער איז שוין געווען כמעט פאַרפייניקט, און זיי האָבן נאָך פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל נאָך אויסגעבן, ביז דער בחור האָט אויס־געשריגן: „עס וועט קומען דער טאָג פון נקמה!“ עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געזאָגט, און האָבן אים אָפּגעשניטן אַן אויער. גלייך נאָך דער בלוטיקער צערעמאָניע האָבן זיי אַרויסגענומען פון די רייען 17 יידן, צווישן זיי אויך דעם קאַפּאָ. מען האָט אים גערופן איגנאַץ, אַ ייד פון וואַרשע. ער האָט נאָר געקלערט ווי אַזוי צו באַפרייען זיך און אַנדערע און נקמה צו נעמען פון די מערדער. אין דעם טאָג פון ווערן זיך באַפרייען, האָט ער, און נאָך 16 יידן, געפונען דעם טויט דורך די מערדער. יעדער איינער פון אונדז האָט זיך אויך געווונטשן דעם טויט. עס איז געקומען דער באַפעל צוריקצוגיין צו דער אַרבעט. דערשלאָגן און צעבראָכן זענען מיר אַריין אין די וואַרשטאַטן.

באַלד קומט דער אונטערשאַרפ־פירער לאַנץ מיט אַ געשריי: „ווער נאָך וויל דערשאָסן ווערן!“ זענען איייניקע יידן אַרויסגעטראָטן און אים געזאָגט: „שיס“! און אויפגעריסן די קליידער. דער ס. ס.־מאַן איז גלייך אַוועק. אין אָוונט האָט מען

צוויי ייִדן פֿון באַראַק אַריוסגענומען. מיר האָבן זיי שוין מער נישט געזען, נאָר די שפּורן פֿון זייער בלוט האָט מען געקאָנט מערקן ווען מיר זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט.

אַזוי איז אַדורך דאָס 43סטע און 44סטע יאָר, ביז עס איז געקומען דער טאָג פֿון ליקווידירן טרעבלינקע, צוזאַמען מיט דעם רעשט ביסל ייִדן. עס איז געווען זונטיק, דעם 23סטן יולי 1944. אין לאַגער האָבן זיך נאָך געפֿונען איבער 500 ייִדן. באַמערקנדיק ווי מען האָט אויסגעדרייט די אַלע בודקעס פֿון די וואַכפּאָסטנס, האָבן מיר שוין געזען דעם סוף פֿון לעבן. זעקס אַ זייגער פֿאַרנאַכט זענען אַלע ס. ס.־מענער מיט די אוקראַאינער אַריין אין לאַגער מיט אַ געשריי: „יודן הערויס און זיך אויסלייגן!” ווען מיר, עטלעכע ייִדן פֿון סטאָלער־וואַרשטאַט, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַהאַלטן, זענען די מערדער אַריין און אונדז אַלעמען מיט שטעקנס אַרויסגעטריבן אויף די ייִדן, וועלכע זענען שוין געלעגן. איך אַליין בין געפֿאַלן אויף אַ טשעך, וועלכער איז געווען פֿון 5טן דור געשמדט. ער איז געווען די גאַנצע צייט אַ גרויסער מוסר און געהאַט בעסערע באַדינגונגען. פּילנדיק איצט אַז ער ווערט דערהרגעט פֿון די מערדער, איז מיר לייכטער געוואָרן. נאָך 20 מינוט ליגן האָט זיך דערהערט ווי מען באַפֿעלט אויפֿצושטיין. מען האָט אונדז אַריינגעפֿירט צווישן אַ פֿאַרצוימונג ביי דעם אַריינגאַנגס־טויער, און אין גרופּן פֿון 20 פּערזאָן געפֿירט אין וואַלד אַריין, נישט ווייט פֿון לאַגער, צו אַ גרויסן גרוב. באַלד האָט זיך דערהערט אַ גרויס שיסעריי און ס'איז שטיל געוואָרן, די מערדער זענען ווידער געקומען נאָך פֿרישע 20 קרבנות פֿירן צום גרוב, אָבער באַלד נאָך דעם טויער איז געפֿאַלן מצד די ייִדן אַ שאָס, עס איז געוואָרן צווישן די מערדער אַ גרויסע בהלה. ס'איז נאָר געווען איין פּיסטאָלעט מיט איין קויל, דאָך זענען אין דער מהומה אייניקע ייִדן אַנטלאָפֿן.

אונדז, די געבליבענע ייִדן, האָט מען אַריינגעפֿירט אין אַ בונקער, ווו מיר זענען געזעסן די נאַכט און צומאָרגנס ווידער געפֿירט אין לאַגער און צעטיילט אין גרופּן. יעדע גרופּע האָט באַקומען אַ באַפֿעל אויסצופֿאַרטיקן די אַרבעט פֿאַר דער ווערמאַכט. אין טישלעריי בין איך געווען מיט נאָך צוויי מאַן, אָבער צוליבן מאָרד, וואָס די רוצחים האָבן אויסגעפֿירט איבער מיין 16 יעריקן זון, האָב איך נישט געקענט באַוועגן מיט די הענט און דערפֿאַר באַקומען גוט צעשלאָגן. די ס. ס.־לייט האָבן מיך שטרענג אויפֿגעפּאַדערט צו ענדיקן די אַרבעט. מיינע חברים האָבן מיך באַרואיקט און מיר האָבן געקלערט ווי אַזוי צו באַפֿרייען זיך.

אין משך פֿון די ווייטערע 7 טעג זענען פֿון אונדזער גרופּע, 20 מאַן —

געבליבן נאָר 9. יעדן טאָג האָבן זיי אומגעבראַכט מענטשן. דעם 1טן אָקטאָבער 1944, 5 אַ זייגער פֿאַרטאָג, האָבן די ס. ס.־לייט באַפֿוילן צו זיין גרייט. עטלעכע טעג נאָכן פֿאַרלאָזן טרעבלינקע, זענען מיר אָנגעקומען אויף אַ פּלאַץ נעבן קראָקע און דאָרט ווידער צוגעטיילט געוואָרן צו אַרבעט אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אוקראַאינער. מיר זענען ווידער געוואָרן מערדערלעך געפּייניקט.

דערנאָך זענען מיר ווידער איבערגעפֿירט געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט, נעבן קאַזשימיעזש ווי‏עלקי און געמוזט אויספֿירן שמוציקע אַרבעט. אָבער אין דער צייט האָט זיך דאָס רוסישע מיליטער כסדר גערוקט פֿאָרויס. די ס. ס.־לייט האָבן זיך ווידער געגרייט אונדז צו פֿירן קיין וואַלברום צו דער געשטאַפּאָ און אונדז געדראָט דאָרט צו פֿאַרניכטן. 11 ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין מיעכאָוו. בעת די ס. ס.־לייט זענען געשלאָפֿן האָבן מיר, די געבליבענע 9 ייִדן, אָנגעהויבן לויפֿן אויפֿן וועג צוריק.

ס'האָט זיך געהערט אַ שיסעריי און איך בין לויפֿנדיק אַריינגעפֿאַלן אין אַ גרוב מיט שניי. די קעלט האָט מיך אָפּגעפֿרישט און האָב ווידער, לויט די סימנים פֿון מיינע טריט אין שניי, אָנגעהויבן גיין צוריק. נאָך בערך אַ קילאָמעטער בין איך צוריקגעקומען צו אַ דאָרף.

זוכנדיק די אַנדערע אַנטלאָפֿענע 8 ייִדן, פֿאַרהאַלט מיך אויפֿן וועג אַ דייטשער סאָלדאַט און פֿרעגט וווּהין איך גיי. איך האָב צו אים גערעדט פּויליש און נישט פֿאַרשטייענדיק, האָט ער מיך אָפּגעלאָזט. גייענדיק ווייטער בין איך אָנגעקומען אין שטעטל סאַנדאָמיעזש. ס'איז שוין געוואָרן טאָג, און איך האָב דאָרט געזען פֿיל דייטשיש מיליטער און אויך אַ גרויסע צאָל הרוגים.

איך בין אַריינגעגאַנגען צו אַ פּויער בעטן עפּעס עסן, אָבער ער הייסט מיך וואָס שנעלער אַנטלויפֿן, ווייל די אוקראַאינער כאַפּן דאָ מענטשן צו דער אַרבעט קיין דייטשלאַנד. איך פּרוּוו אים באַווייזן, אַז מען זעט דאָ כּלל ווייניק דייטשן, דערקלערט ער מיר, אַז נישט ווייט פֿון דאָ איז די פֿראָנט־ליניע און דאָס דייטשע מיליטער ליגט אין די אָקאָפּעס.

נאָכדעם ווי כ'האָב ביים פּויער געבעטן רחמנות צו האָבן, ווייל איך שטאַרב פֿון הונגער און אויסשעפּונג, פֿירט ער מיך צום טויער און ווייזט מיר פֿון דערווייטנס אַ פּויערישן הויף, וווּ כ'וועל געפֿינען שוץ. איך הייב אָן צו גיין אויף דעם וועג. פֿון אַלע זייטן הערט זיך אַ שיסעריי. און אָנקומענדיק אין דעם הויף באַגעגנט מיך אַ פּוילישע פֿרוי און פֿרעגט מיך פֿון וואַנען איך קום. נאָכדעם ווי כ'האָב געזאָגט, אַז איך אַנטלויף פֿון די דייטשן, האָט זי מיך באַלד אַריינגעפֿירט אין אַ קעלער, וווּ ס'האָבן זיך שוין געפֿונען פֿיל פֿרויען און קינדער. די

פרוי האָט מיר דערלאַנגט ברויט און מילך, און מיך באַרואיקט און צוגעזאָגט צו העלפֿן.

אַרום 9 אַ זייגער אין דער פרי האָט זיך דאָס שיסן אַ ביסל אָפּגעשטעלט. באַלד איז מען געקומען אָנזאָגן די נייעס, אַז די רוסן זענען שוין דאָ, האָבן באַזעצט דעם פּאַלאַץ און שיסן אויס די דייטשן, וואָס זיי כאַפּן.

באַלד זענען אַלע באַהאַלטענע פרויען און קינדער אַרויס פון קעלער, אָבער איך בלייב נאָך דאָרט. די קריסטין קומט אַריין און פירט מיך אין דעם הויז און פאַרזיכערט אַז אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. אומעטום האָט זיך שוין געפונען רוסיש מיליטער און האָבן געשמועסט מיט די פויערים פון דאָרף.

אין שטוב האָב איך ווידער באַקומען עסן. איר מאַן פרעגט מיך אויס פאַר־שידענע פּרטים, און עצהט מיר, נאָך אַזוי פיל הונגער צו זיין פאָרזיכטיק מיטן עסן, ביז דער דאָקטאָר וועט מיך אונטערזוכן. דערווייל האָט זיך ווידער געמאַכט אַן ענדערונג אויפן פראָנט און די דייטשן זענען ווידער צוריקגעקומען.

איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו אַ יישוב און באַשלאָסן צו לאָזן זיך קיין פינטשעוו — בערך 35 קילאָמעטער. איך בין צוריק קיין סאָנדאָמיעזש און פון דאָרט קיין פינטשעוו, וואָס איז שוין געווען באַפרייט. דאָרט האָב איך גע־טראָפן די ערשטע יידן. נאָכן איבערשלאָפן די ערשטע נאַכט אויף דער פּאָדלאָגע, בין איך אַוועק קיין ראַדאָם, ווו ס'איז שוין געווען אַ יידישער קאָמיטעט, און מען האָט באַקומען הילף.

נאָך עטלעכע טעג בין איך דעם 29סטן יאַנואַר 1945 אָפּגעפאָרן מיט דער באַן קיין פּראַגע.

אין פּראַגער יידישן קאָמיטעט, ווו ס'זענען שוין געווען פאַרזאַמלט יידן פון די געטאָס, לאַגערן און רוסלאַנד, האָט יעדער אַריינגעשריבן זיין נאָמען און צייטווייליקן אַדרעס, כדי לייכטער צו מאַכן דאָס אָפּגעפונען פון נאָענטע.

נאָך פיל אַרומזוכן קרובים און פריינד און נאָכן אָפּגעפונען אַ פּאָר לאַנדסלייט, בין איך אַוועק דורך עסטרייך קיין דייטשלאַנד און פון דאָרט — קיין ישראל.

דער מחבר פון דעם גבית עדות, שלמה סטערדינער איז דעם 26סטן נאָוועמבער 1966 אויפגעטרעטן אַלס עדות אין ווין (עסטרייך) אין אַ פּראָצעס קעגן איינעם פון זיינע פייניקער, דעם מייסטער לעאָפּאָלד לאַנץ, וועלכער איז מיט אַ חודש שפּעטער פאַרמשפּט געוואָרן אויף צען יאָר תפיסה.

הלל פרידמאַן
(פתח־תקוה)

# חורבן סעראָצק

צוויי טעג פאַרן פאַרנעמען סעראָצק האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט און ס׳זענען אומגעקומען צענדליקער משפחות צוזאַמען מיט יעקב ראָזענבערג, אין וועמענס קעלער זיי זענען געווען אויסבאַהאַלטן. מיט גרויס מי האָט מען פון דאָרט אַרויסגענומען די קרבנות און זיי קובר געווען אין אַ ברידער־קבר אויפן בית־עלמין.

זונטיק אין דער פרי האָט מען שוין געפילט דעם שונאס האַנט. עס איז געווען אַ פּאָגראָם, מ׳האָט אויך געהרגעט פיר פּאָליאַקן, און גענומען יידן זיי צו באַגראָבן דעמזעלבן טאָג, נאָכדעם האָט מען צונויפגעשלעפּט אַלע יידן, אַלט און יונג, אויך גויים, אין דער גרויסער שול, וואָס איז געוואָרן פאַראומרייניקט. מיטוואָך האָט מען באַפוילן, אַז עלטערע פון 45 און יינגערע פון 17, קאָנען פאַרלאָזן די שול, דער רעשט איז געבליבן אין שול ביז דאָנערשטיק 10 אַ זייגער פאַרמיטאָג. מען האָט גענומען צו צווייען אין קליינעם בית־המדרש. דאָרט איז געשטאַנען אַ שפּאַלער פון ס. ס.־לייט און אַריינגעטריבן אין ווייבערישן בית־המדרש און דאָרט געשלאָגן אַלע יידן. מענטשן האָבן געחלשט, ביינאַכט האָט מען געמוזט אויסהאַקן די פענצטער, ס׳זאָל אַריין לופט — אַזוי ביז צומאָרגנס פרייטיק.

פרייטיק אין דער פרי, דעם צווייטן טאָג ראש־השנה ת״ש — 15טער סעפּטעמבער 1939, האָט מען אונדז אַריינגעלאָזט אין קליינעם בית המדרשל און ביז 10 האָט מען באַדאַרפט זיין צוגעגרייט צום אָפּמאַרש. ווּהין האָט מען נישט געוווּסט. ס׳האָט געהייסן — אויף אַרבעט. 10 אַ זייגער האָט מען אַלע אַרויס־געפירט, אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי, אונטער דער אָנפירונג פון אַ פּאָר פּוילישע שקצים, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען אַ ביסל דייטש: זיגמונט ווזשעשיען און סאָבאָלעווסקי, און איטשע מאיר וויינגאַרטס אַן איידעם פון סאָסנאָוויץ (אויך ער האָט געקענט גוט דייטש) און שלמה באַרנשטיין. זיי האָבן אונדז באַדאַרפט צור־שטעלן קיין פּולטוסק צו דער דייטשער קאָמאַנדאַנטור, מיטן באַדינג, אַז פאַר איין אַנטלאָפענעם וועלן דערשאָסן ווערן 10. צווישן אונדז זענען אויך געווען אַ סך יונגע פּאָליאַקן, האָבן מיר געגלייבט אַז מ׳שיקט אונדז באמת אויף אַרבעט. דעם צווייטן טאָג ראש־השנה, פרייטיק פאַרנאַכט, זענען מיר אָנגעקומען קיין

פּולטוסק. מען האָט אונדז באַלד אָפּגעטיילט פון די פּאָליאַקן און אַרויפגעטריבן אויפן ערשטן שטאָק פון דער געביידע אַן פענצטער און אַן טירן. (די פּאָליאַקן האָט מען איינגעאָרדנט אונטן) מיט גרויסע שלעק און קלעפּ האָט מען אונדז אַרויפגעטריבן, קיין טרעפּן זענען נישט געווען — נאָר מיט צוויי לייטערס האָבן האָבן מיר באַדאַרפט קלעטערן. איך האָב געקריגן אַ געפערלעכן קלאַפּ פון אַ דייטש, אַ גאַנצע נאַכט האָט מען אונדז געהאַלטן אויפן בוידעם.

שבת, באַלד אין דער פרי, האָט מען אונדז אַרויפגעשיקט ציווילע פּוילישע כוליגאַנעס, צווישן זיי די סעראַצקער: סוסקי, קאַפּיעץ — סטרוזשעס פון דוד ראָזענבערג און מאַלאַוואַנטשיק. די צוויי האָבן אָנגעוויזן אויף די יידישע גבירים הורוויץ און דוד ראָזענבערג, וועמען מ׳האָט אױסגעטאָן נאַקעט און געשלאָגן מכות רצח, און נאָך זיי — אונדז אַלע. די פּאָליאַקן, וועלכע מ׳האָט אַרויסגע־טריבן גלייך מיט אונדז, האָבן געהאָלפן ראַבירן.

שבת 10 אַ זייגער איז געקומען אַ באַפעל פון דער דייטשער מאַכט, אַז מ׳זאָל אונדז אָפּשיקן צו פוס קיין טשעכאַנאָוו צו דער באַן. מיר האָבן דעמאָלט געשטעלט אַ שטיקל ווידערשטאַנד דער דייטשער מאַכט און נישט געוואָלט אַראָפּגיין פון בוידעם. מיר זענען געזעסן נאַקעט און געפּאָדערט אונדזערע קליידער. נאָך אַ האַלבער שעה איז געקומען אַן אָפיציר און באַפוילן, אַז מ׳זאָל אונדז געבן די קליידער. אַ גרויסן טייל פון די קליידער האָבן די פּאָליאַקן צוריקגעברענגט. אַוועקגעלייגט זיי אויפן הויף אין אַ קופּע און יעדער האָט געמוזט גיין דערקענען זיינע זאַכן. אַזוי ווי דאָס איז געווען אוממעגלעך, האָט מען זיך אָנגעטאָן וואָס ס׳איז געווען, אַ סך אויך — אָן אונטערוועש.

דערנאָך האָט מען אונדז אַרויסגעשיקט נאָך טשעכאַנאָוו, אין באַגלייטונג פון דייטשן אויף ראָווערן מיט ביקסן. זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן צו שלאָגן, דער ערשטער איז דערשאָסן געוואָרן אברהם אָסטראָווסקי און געפאַלן לעבן מיינע פיס, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין כוח צו גיין, דאָס איז געווען פאַר גאלאמין, נאָכדעם זענען געווען נאָך קרבנות: יוסף באָרנשטיין און אברהם שפּילקע. נאָך אַ פּאָר ק״מ איז געפאַלן הערש לייב שניידער (פּסח שניידערס אַן איידעם), נאָך אים: גוטמאַן באַבעקס איידעם — לייזער (אַ פּולטוסקער, דורך קלעפּ פון אַ קאָלבע, — ער האָט זיך געבעטן מ׳זאָל אים שיסן, האָט דער דייטש געענטפערט, אַז עס איז אַ שאָד אַ קויל. די היץ איז געווען גרויס, ס׳זענען אויך געפאַלן יידן פון אַנדערע שטעט, וואָס זענען געגאַנגען מיט אונדזער טראַנספּאָרט. הערשל שטיינסקיס זון, אליהו פּניעווסקי און אַנדערע האָבן מער נישט געהאַט קיין כוח צו גיין — האָבן מיר זיי געשלעפּט אויף אונדזערע פּלייצעס

ביז טשעכאַנאָוו — טראָץ וואָס דאָס איז געווען אַ גרויסע סכנה. נאָכמיטיק איז אַראָפּ אַ שלאַקס־רעגן און האָגל — דאָס האָט אונדז אינגאַנצן אויסגעשעפּט די כוחות.

שבת פאַרנאַכט, זענען מיר אָנגעקומען אין טשעכאַנאָוו. אַרויסגעקומען זענען עטלעכע קריסטן מיט וואַסער, אָבער די דייטשן האָבן געעפנט אַ שיסעריי אויף זיי. דער לעצטער קרבן פון וועג איז געווען פּיניע סאָקאַל, דער זייגערמאַכער (בלינץ, דעם פעלדשרס אַן איידעם). אַזוי האָט אויסגעזען דער טרויעריקער וועג פון פולטוסק ביז טשעכאַנאָוו.

אין טשעכאַנאָוו האָט מען אונדז געפירט צו די מיליטערישע קאָשאַרן און דעם עולם אַוועקגעשטעלט אויפן שאָסיי אין אַ ריי ביז 11 ביינאַכט. ווער עס האָט זיך צוגעזעצט, האָט באַקומען אַ קויל. אין דער צייט האָבן די דייטשן צוגעגרייט אַזאַ טייוולאָנישן לויער: צווישן שאָסיי און דעם אַריינגאַנג אין די קאָשאַרן האָבן זיי געהייסן אויסגראָבן אַ טיף און ברייטן גרוב און עס אָנגעפילט מיט שמוציק וואַסער. איבער דעם גרוב האָבן זיי אינסטאַלירט אַ שמאָל הילצערן בריקל, ווּהין בעתן אָוונט אין דער פינצטער, ווען אַלע זענען געווען אויסגעשעפּט, האָבן די באַנדיטן אונדז באַפוילן שנעל אַריינלויפן דורכן ענגן בריקל אין די פערד־שטאַלן. מ'האָט געטריבן איינעם אויפן צווייטן, מיט קלעפּ און גוואַלדן, און ווער עס איז אַריינגעפאַלן דאָרט, האָט שוין מער נישט געקאָנט אַרויס, אַזוי אַרום זענען אומגעקומען צענדליקער מענטשן.

אין די סטאַייניעס האָבן די דייטשן רעווידירט, אויב ס'זענען נישטאָ קיין יידן צוזאַמען מיט פּאָליאַקן, זיי האָבן געדראָט מיט ווערן דערשאָסן. די ערשטע פון אַזאַ גרופּע זענען אַרויס צוויי פולטוסקער יידן, האָט מען זיי כמעט ווי געהרגעט. איך האָב איצט אונטערגעיאָגט מיין קוזין מיט די שטיינסקיס שנעל איבערצולויפן אויף דער אַנדערער זייט, און דאָס איז געלונגען. אָבער שפּעטער בין איך אַרויף אויף אַ קלאָץ און געפאַלן באַוווסטלאָז. אַלע סעראָצקער האָבן אָנגעהויבן צו זוכן איינער דעם צווייטן, האָבן זיי מיך געפונען אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד און מיך געראַטעוועט.

דאָרט האָט מען אונדז געהאַלטן ביז זונטיק אינדערפרי אָן עסן. זונטיק אינדערפרי האָט מען געהייסן אַרויסגיין אָנרייסן מייערן, וואָס זענען דאָרטן געוואַקסן. יעדן איז אויסגעקומען צו דריי מייערן.

נאָכדעם האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין מאַגאַזין פון דעם פּוילישן מיליטער, זיך געהייסן אָנטאָן — אַ סך פון אונדז זענען פשוט געווען נאַקעט. יעדער האָט באַקומען אַ ¼ שוואַרץ ברויט מיט שימל פון פּוילישן מיליטער, וואָס

מ׳האָט אַוועקגעוואָרפן. די, וואָס האָבן נישט איבערגעלאָזט פון די מייערן אויף שפּעטער, האָבן שטאַרק געליטן פון הונגער און דורשט. צו דער באַן פון טשעכאַנאָוו האָט מען אונדז ווייטער געטריבן ביז ווו מיר זענען געקומען 11 אינדערפרי, און געוואַרט ביז 5 אַ זייגער נאָכמיטיק. דערנאָך האָט מען אונדז אַריינגעיאָגט צו 80 מאַן אין אַ פערד־וואַגאָן, און אַזוי האָט מען אונדז אַרומגעפירט מיטן צוג אַ גאַנצן מעת־לעת.

אויף צומאָרגנס — מאָנטיק בייטאָג, האָט מען אונדז אַרויסגעלאָזט אויף אַ סטאַציע און באַדאַרפט אין משך פון 5 מינוט זיך אָנטרינקען און זיין צוריק אין די וואַגאָנען. מיר זענען צוגעפאַלן צום וואַסער מיט גרויס תאווה — אַ סך האָבן דערפון באַקומען דיזענטעריע. צוריק אין די וו]גאָנען איז מען שוין גע־גאַנגען אונטער קלעפּ, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין טרעפּ, און דעריבער איז געווען שווער אַריינצוגיין אין וואַגאָן. יהודה לייב שטיינסקי האָט געקריגן שטאַרק גע־שלאָגן, אַרויפדראַפּנדיק זיך אין וואַגאָן, האָט אַ דייטש אים געהאָלפן מיט אַריינ־שטעכן אין הינטן אַ באַגנעט און אים שטאַרק פאַרוווּנדעט. אַזוי האָט מען אונדז געבראַנגט קיין ריזענבורג (מזרח־פּרייסן) מאָנטיק אָוונט.

אָנקומענדיק קיין ריזענבורג, האָט מען באַלד אָפּגעטיילט יידן פון קריסטן (זיי האָט מען געשיקט אין אַ צווייטן לאַגער) און אונדז אַריינגעפירט אין אַ סטאַיניע פון פערד און באַפוילן, אַז יעדער איינער זאָל כאַפּן אַ ביסל שטרוי. מ׳האָט געגעבן 2 בינטלעך צעריבענע שטרוי פאַר 400 מענטשן. דאָס האָט געדאַרפט דינען אויף נאַכט־לעגער. אַזוי אַרום האָט מען זיך „איינגעאָרדנט" — און יעדער איינער האָט זיך געשאַפן זיין געזעלשאַפט — סעראַצקער זענען געווען ביז אַ הונדערט יידן. אויף צומאָרגנס, דינסטיק 12 אַ זייגער בייטאָג, האָט מען אונדז געעפנט קראַנען מיט וואַסער, ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער געדראַנג, און אַלע האָבן באַקומען מיט שטעקנס געשלאָגן. דינסטיק אַרום 4 אַ זייגער איז אַריינגעקומען אַ דייטש און געמאָלדן, אַז מ׳זאָל אויסקלייבן עלצטע פון די גרופּן, כדי פאַר אַלע צו באַקומען שפּייז.

דער גרופּן־פירער פון די סעראָצקער — פישל סטערדינער, איך און דוד פון אַרטשיכאָווע (די צווייטע זייט נאַרעוו) זענען געגאַנגען נעמען עסן פאַר אַלע סעראָצקער. מיר האָבן באַקומען אַ פּאָר ביסקוויטן, אַ שטיקל לעבערוורשט, ¼ ברויט און אַ שטיקל מאַרגאַרין פאַר יעדן איינעם, דאָס איז קוים גענוג געווען אויף איין מאָלצייט. מיטוואָך אין דערפרי האָט מען אונדז געגעבן אַ ביסל קאַווע. אונדזער אַרבעט איז געווען אויפקלייבן די בלעטער פון די

ביימער און גראָבן פעלד־קלאָזעטן. עטלעכע מאָל האָבן מיר געקריגן קלעפּ, ווייל מיר האָבן זיך פאַרן שלאָפן געקריגט איבער אַ ביסל שטרוי.

יום־כיפור האָבן מיר געמאַכט אַ מנין. אין די טעג ווען מ׳האָט נישט געאַרבעט, זענען מיר געווען פאַרמאַכט אין אַ שטאַל, און אַ האַלבע שעה האָט מען געקריגן אויף דערלעדיקן די נאַטירלעכע באַדערפענישן. אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז חול־המועד סוכות, ת״ש. מיר האָבן אויך באַקומען מיטאָג פון קעסל. געגעסן האָבן מיר אין אַ צווייטן לאַגער. דאָרט זענען געווען 4 לאַגערן: 1) אַ מיליטערישער פאַר פּוילישע געפאַנגענע; 2) אַ מיליטערישער — פאַר יידישע געפאַנגענע; 3) אַ פּוילישער ציווילער און 4) אַ יידישער ציווילער. איינמאָל האָבן מיר זיך געפּילט שלעכט, איינער האָט אָפּגעבראָכן, ס׳איז געוואָרן אַ טומל, זענען אַריינגעקומען די דייטשן און שטיל געמאַכט אויף זייער אופן. יעקב קאַלוסקי און פּנחס קאַלוסקי זענען אויך דאָרט געווען.

די פרומע יידן האָבן כמעט נישט געגעסן פון קעסל — מיר האָבן זיי געגעבן אונדזער ברויט און פון זיי גענומען די זופּן, אויף מוצאי יום־כיפור האָבן מיר זיי צוגעגרייט ברויט מיט קאַווע. די לעצטע טעג חול־המועד סוכות איז אַריינגעקומען אַן ס. ס.־מאַן און האָט זיך געפרעגט, ווער ס׳וויל פאָרן צו די באָלשעוויקעס. די ערשטע רגע האָט דאָס געמאַכט אַ פיינלעכן רושם, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט צו ענטפערן, אפשר איז עס אַ פּראָוואָקאַציע, אָבער נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן הייבן הענט, אַזוי אַז כמעט אונדזער גאַנצער לאַגער האָט זיך געמאָלדן צו פאָרן. דעם זעלבן טאָג האָט ער צוגעגרייט אַ רשימה פון נעמען, מיט אַ באַדינג, אַז מ׳זאָל אים אויסרייניקן פון שמוץ די פאַבריקן פון סטאָלערײ. מיר האָבן מיט די לעצטע כוחות אַלץ אויסגערייניקט, כדי עס זאָל נישט זיין קיין תירוץ.

צומאָרגנס גאַנץ פרי, ווען ס׳איז נאָך געווען טונקל אין דרויסן, האָט מען אַלעמען אַרויסגענומען אויפן הויף, אויסגעשטעלט אין רייען און אויסגערופן אַלע פאַרשריבענע נעמען. מען האָט יעדן איינעם געגעבן אַ האַלב ברויט און צוגעפירט צו דער באַן, נאָענט פון לאַגער.

מ׳האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז נאָך היינט וועלן מיר זיין ביי די באָלשעוויקעס. מ׳האָט אונדז אָנגעלאָדן אויף וואַגאָנען אין מענטשלעכע באַדינגונגען, יעדער איינער האָט געקריגן אַן אויסוויַיז־ביכל, אַז דער מענטש איז געווען אין דעם לאַגער, און וואָס ער באַזיצט, האָט ער רעכט צו האָבן. אויפן צווייטן טאָג אינ־דערפרי האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט אויף אַ פּלאַץ. פונוויַיטנס האָבן מיר געזען פּאָליאַקן מיט לאָקירטע דאַשקעס — האָט מען אָנגעהויבן שרייען צו זיי, זיי

זאָלן אויפמאַכן די וואַגאָנען. דאָס מזל איז געווען, וואָס מיט אונדז האָבן זיך געפונען פּאָליאַקן, וואָס האָבן אויך געשריגן צו זיי: „ברידער עפנט!" ס'האָט זיך געפונען איין קריסט, וועלכער איז צוגעגאַנגען און געעפנט אַ פּוילישן וואַגאָן, און אויף אונדזער בקשה, אויך אונדז אַרויסגעלאָזט. מיר האָבן זיך געפונען אין גראַבאָווע נעבן אָסטראָלענקע. אַ טייל זענען אַוועק קיין אָסטראָלענקע — צווישן זיי אלתר ווישניעוויטש, מיין ברודער און נאָך געציילטע סעראָצקער, זיי זענען אַריבער אויף דער רוסישער זייט.

איך, מיט נאָך אַ גרופּע סעראָצקער, זענען געגאַנגען אַהיים דורך רוזשאַן. אויפן וועג דאָרט האָבן אונדז באַגעגנט דייטשן אויף פערד, אונדז פאַרהאַלטן, צוגענומען די אויסווייז־שיינען און געזאָגט, אַז דאָס איז „שייסע".

מ'האָט אונדז געהייסן זיך אויסלייגן אויפן פעלד און נישט געבן זיך אַ ריר. דאָס האָט געדויערט ביז פאַרנאַכט, ביז זיי האָבן צונויפגעזאַמלט אַלע מענטשן, אויך פּאָליאַקן וועלכע זענען געווען אין לאַגער, און געגאַנגען אויף דעם וועג פּולטוסק־סעראָצק.

פאַרנאַכט האָבן זיי אונדז אַיינגעשטעלט אין מיליטערישע רייען און מ'האָט געזאָגט, אַז מ'פירט אונדז דורך רוזשאַן מיטן תירוץ, אַז פאַר אונדז זענען געווען גריכן, וועלכע זענען אָנגעפאַלן אויף די געשעפטן, און נאָכדעם ווי זיי וועלן אונדז אַדורכפירן די שטאָט, וועלן מיר קענען גיין ווי מיר ווילן. דאָס איז נאָר געווען אַ ליגן, ווייל צוקומענדיק צום וועג, וועלכער גייט נאָך רוזשאַן, האָבן זיי אונדז געהייסן אַריינגיין אין אַ וועג, וואָס פירט נאָך קראַסנאָשעלסק. די באַציאונג פון די דייטשן, וואָס האָבן אונדז געפירט, איז געווען אַ בעסערע, ווי די וואָס האָבן אונדז געכאַפּט. מיר האָבן זיי געפרעגט פאַרוואָס נישט רוזשאַן, האָט ער געענטפערט אַז מיר זענען נישט אַרויס פון לאַגער אויף אַ געזעצלעכן וועג. אויפן וועג האָבן זיי אונדז אַפילו געלאָזט אָפּרוען (ס'איז געווען 11 ביינאַכט) און דערלויבט אַריינגיין צו די פּויערן אין דאָרף צו טרינקען וואַסער. נאָכדעם איז מען געגאַנגען ביז קראַסנאָשעלסק, ביז 5 פאַרטאָג. דאָרט האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ קירך און אונדז געגעבן עסן ברויט. אין שטאָט האָבן זיי געזאָגט, זענען שוין נישטאָ קיין יידן.

מיר האָבן געהאַט אַ ביסל אינצידענטן מיט די קריסטן אין דער קירך. דאָס האָט אַזוי געדויערט ביז 5 פאַרנאַכט. ס'זענען אָנגעקומען גרויסע לאַסט־אויטאָס מיט באַוואָפנטע ס. ס.־לייט און נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט, צי מיר ווילן גיין צו די באָלשעוויקעס. מיר האָבן געענטפערט אַז יאָ, מיר האָבן שוין געהאַט

רעזיגנירט פון אַלעמען, און געזען, אַז ס'איז אַ שפּיל פאַרן טייוול. די פּראָצעדור האָט געדויערט אַ שעה, ביז מ'האָט אויסגעקליבן אַלע יידן באַזונדער פון דער קירך, און מ'האָט ווייטער זיי איינגעשטעלט אין די רייען. יעדער האָט באַקומען אַ האַלב ברויט מיט צוויי לעפל מאַרמעלאַד. מען האָט אונדז אַנגעלאָדן אויף די אויטאָס, וואָס האָבן זיך אויטאָמאַטיש צוגעמאַכט, און אונדז אַוועק־געפירט צוריק קיין אָסטראָלענקע. דאָרט האָט מען אונדז אַוועקגעשטעלט אין מיטן מאַרק, און מיר האָבן געזען פון דערווייטנס יידן, וועלכע האָבן אונדז באַוויינט. מ'האָט צו אונדז קיינעם נישט צוגעלאָזט — אַזוי זענען מיר געשטאַנען אין מאַרק אַ שעה, נאָכדעם געפירט מיט די אויטאָס נאָך 20 מינוט, ווידער אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג און מיט אַ געשריי געהייסן אויסשטייגן. אַזוי ווי מיר זענען אַרויס, זענען די אויטאָס פאַרשווּנדן געוואָרן. מיר זענען געבליבן אַליין אויפן פעלד און נישט געוווּסט ווייטער וואָס צו טאָן. אַ טייל האָבן אָנגעהויבן צו גיין קיין אָסטראָלענקע, האָט מען אויפסנײ געעפנט אַ שיסעריי פון פּולעמיאָטן, מען האָט אָנגעהויבן צו לויפן אויפן וועג קיין לאָמזשע. ביינאַכט האָבן מיר זיך צעשפּרייט צווישן קריסטן. זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָ איז קיינער נישטאָ — נישט קיין דייטשן, נישט קיין רוסן.

אינדערפרי האָבן מיר אָנגעהויבן צו גיין אין דער געגנט פון לאָמזשע, האָבן מיר געטראָפן יידן פאָרן אויף דראָזשקעס. זיי האָבן אונדז געזאָגט:

„גייט קינדערלעך, משיח וואַרט אויף אייך". אָפּגייענדיק אַ פּאָר ק"מ, האָבן מיר געטראָפן אַ פויער וואָס האָט געפירט בהמות.

אונדז איז געוואָרן גרינגער — יעדער איינער האָט שוין געהאַט געשוואָלענע פיס, און דאָך ווייטער געלאָפן אין דער געגנט פון לאָמזשע.

אָנקומענדיק פאַרנאַכט 2 ק"מ פאַר לאָמזשע, זענען אונדז אַנטקעגן געקומען עטלעכע קאָזאַקן אויף פערד מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, אונדז פאַרהאַלטן און געפרעגט, ווער מיר זענען. קיינער פון אונדז האָט נישט געקענט קיין רוסיש, נאָר פּויליש. זיי האָבן אונדז גענומען אין מיטן און אַריינגעפירט ביז לאָמזשע, אונטער דער שטאָט, דאָרט איז געשטאַנען דער שטאַב פון מיליטער. די, וואָס האָבן אונדז געברענגט, האָבן געמאַלדן, אַז זיי האָבן געברענגט מענטשן, וועלכע פאַרשטייען נישט וואָס מ'רעדט צו זיי. האָבן זיי אונדז געשיקט אַן אָפיציר, אַ ייד. ער האָט זיך געפרעגט צו מיר זענען יידן. ווען ער האָט דער־הערט, אַז יאָ, האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער האָט געטרייסט, אַז ער וועט פאַר אונדז זאָרגן, און אַז זיי ווייסן, וואָס ס'געשעט דאָרט מיט אונדז. מ'האָט אונדז געגעבן באַלד פון מיליטערישן קעסל עסן. נאָכדעם האָבן זיי אונדז

צוגעפירט אין שטאָט, און אונדז איבערגעגעבן צו דער יידישער קהילה. קיין לאָמזשע זענען מיר אָנגעקומען הושענה רבה ת״ש.

לאָמזשע איז געווען צעהאַקט. מ׳האָט איבערנעכטיקט אין אַ קליין שולעכל, און צומאָרגנס האָט מען זיך געוואָנדן צום קאָמיסאַר פון דער שטאָט, אַז מ׳זאָל אונדז איינאָרדענען אויף אַרבעט. האָט ער געענטפערט אַז ער האָט נאָכנישט קיין שום מעגלעכקייט, אָבער דערווייל האָט ער אונדז געהייסן צופאָרן קיין ביאַליסטאָק. מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר האָבן נישט קיין געלט, האָט ער אונדז געגעבן קופּאָנען צו אַ פריזירער, און צו 3 רובל אין קעשענע, מ׳זאָל האָבן צו קויפן עסן. נאָך דעמזעלבן טאָג זענען מיר אָװעק קיין ביאַליסטאָק.

אין אונדזער גרופּע האָבן זיך געפונען: פישל סטערדינער, יהודה לייב שטיינסקי, אלי פניעווסקי מיטן ברודער, דודאַקס אַ זון, הערשל בערנשטיין, שלמה לעסערס אַ זון און יצחק קויפמאַן. מיר האָבן גענעכטיקט אין צוויי דערפער גאָטש און זאַוואַדי, דאָרטן האָבן געוווינט אַ פּאָר יידישע משפּחות.

אַזוי זענען מיר אַרויס פון דייטשן גיהנום און אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

**מרים קריקה־קנרק**
**(גני־תקוה)**

# נע־ונד

כשפרצה המלחמה גרתי בעיר מולדתי סרוצק.

הייתי קטנה מדי ובעצם ילדה בכדי להבין את המושג מלחמה, אולם בימיה הראשונים הרגשתי באופן מוחשי שהיא נושאת בחובה מות ויסורים.

ב־1 בספטמבר 1939, עת התכוננתי ללכת לבית הספר, הודיע הרדיו על התקרבות מפציצים גרמניים וכתוצאה מכך ברחנו מהבית לעבר השני של הנרב, לכרי המרעה של התושבים הגרמנים, כי שם היה שקט.

ארזנו את המצעים וחפצים נחוצים וחיינו כמה ימים במעברה גדולה המשמשת להובלת בהמות, ליד החוף של הנהר בוג.

לאחר כמה ימים חזרנו הביתה ואז נודע לנו שהעירה הופצצה והאח הגדול שלי נהרג במרתף יחד עם עוד 42 אנשים. את יגוני אי אפשר היה לתאר וביחוד יגון האמא אשר שכבה על הדשא ליד הבית ובכתה ימים שלמים ללא הפוגות. היתה זאת טרגדיה לאמי, כי האח הגדול עמד להתחתן.

הייתי קמה בשעה 3 בלילה לעמוד בתור בכדי לקבל ככר לחם נוסף.

הרבה פולנים התגרמנו ז.א. הפכו לפולקסדויטשים. הם עשו זאת בעד כוס משקה והתפארו במוצאם הגרמני. אחרי כמה ימים אספו הגרמנים את כל הגברים היהודים בבית הכנסת הגדול, את הזקנים שחררו והצעירים הגלו לגרמניה. בין הצעירים האלה היו גם אחי אשר הצליח לברוח וכל תקופת המלחמה היה בברית המועצות.

הרעב גבר והשתררו עצבות ופחד. האבא והאמא יצאו בסירתנו לדודתנו אשר גרה בכפר סמוך מעבר לבוג, בכדי להביא מעט מזון לתקופת החורף, ובדיוק באותו היום ז.א. ב־5 בדצמבר 1939, העירו אותנו הגרמנים בברוטליות וגרשו אותנו מהעיר. היה זה לפנות בוקר ולא הספקנו לקחת אפילו את בגדינו. אחותי הגדולה הוכרחה לעזוב את הבית בסנדליה. רצינו לברוח לעבר השני של הנהר בוג, בכדי להתחמק מהאסון, אבל פולני אחד הלשין עלינו וצעק: „יודה". זה היה בזמן שהיינו באמצע הנהר נרב. הגרמנים ירו לעברנו ובנס פגעו הכדורים רק במים. המעביר היה מוכרח לחזור אל החוף והגרמנים התחילו לבעוט בנו, להכות בנו ובריצה הגענו אל השוק בו נתגלה לפני עיני מחזה אימים. כל יהודי העיר במספר של קרוב לשלושת אלפים נפש נמצאו שם. את החולים העלו על

העגלות ואחרי זה התחיל המסע לנשלסק, ברגל. השכנה שלנו באה במרוצה ובבכי ונתנה לנו לחם לדרך. בעת „העליה לרגל" ההיסטורית הזאת אשר ארכה, באם אינני טועה, יום שלם, הכו, ירו, רצחו ורדפו אותנו כבהמות. רבים מתו בדרך, לאחותי הבכורה נקרעו הנעלים והיתה מוכרחה לרוץ על פני השלג והקרח יחפה.

בעת שהגענו למקום המיועד, לנשלסק, הכניסו אותנו לבית הכנסת העירוני בצפיפות איומה. הוכינו ונשמעו יריות משך כל הלילה.

בבוקר הובילונו אל תחנת הרכבת, איפה שעברנו חיפוש מדוקדק. חפשו זהב וחפצי ערך וכשמצאו תשמישי קדושה, כגון: טלית, תפילין, סידורים וכד' — פרצו בצחוק וחללו אותם. לרבים גזזו באכזריות את הזקנים וציוו עליהם להתרחץ בבוץ. הפשיטו את האנשים, את אחותי הכניסו לבית הכסא, חיפשו אצלה בהיותה כולה ערומה, כי חשדו שהסתירה חפצי ערך במקום מסויים. עקרו את שני הזהב מפי האנשים.

עד היום אינני יודעת וחושבני שלא אדע זאת לעולמים, בעד מה סטר לי גרמני אחד בחזקה. בעד מה? בהיותנו בתוך הקרונות נסגרנו וכך הובילונו במשך שלוש יממות בלי מים ובלי אוכל, הדבר הגרוע ביותר היה הצמאון. אחותי הצעירה התחננה, כמו מתוך חלום, שנחפש למענה משהו לשתות בדלי. אני, יחד עם אחותי, ישבנו על הרצפה ליד בית השמוש וברגעי הצמאון לקקנו חליפות בפינו את הטל מזגוגיות החלונות.

בתוך הקרונות רווחו שמועות שונות: אחדים אמרו שנרוכז במחנה ריכוז שמסביבו גדר תיל, אחרים אמרו שהגרמנים ירצחו אותנו או שיובילונו לגרמניה לעבודת פרך. לאמתו של דבר הובלנו דרך פרוסיה המזרחית ולבסוף הובאנו לביאלה פודלסקי.

מהתחנה ביאלה פודלסקי הובלנו לבית הכנסת, ובדרך פגשו אותנו היהודים המקומיים והם בכו. מבית הכנסת לקחו אותנו היהודים לבתיהם, אני מצאתי אנשים מאוד הגונים. רגלי היו נפוחות והאצבעות קפואות. נחתי. המזון לא הספיק, אולם היה טוב בהשוואה למה שהיה לפני זה. היה שמה גם תנור חם.

לאחר זמן מה נודע לדודתנו מוולומין שהננו בביאלה והיא באה אלינו ולקחה אותנו אליה. הנסיעה לוולומין היתה בקרונות משא ושם צוו הגרמנים את דודתי לסגור ולפתוח את הדלת בלוית מכות.

אצל הדודה מצאתי את הורי ואחות אחת אשר הצליחו להתחמק מיום הגירוש לנשלסק והיו אז אצל דודתי בכפר שע"י הנהר בוג.

הדוד בוולומין היה איש טוב וחיט מצויין אבל בתקופת המלחמה קשה לפרנס 16 נפשות (אנחנו 8 נפשות והם 8 נפשות) וכתוצאה מכך הופיעו הרעב

והקור והציקו, כי חורף 1940 היה קשה מאוד. אני למדתי את ילדי השכנה ותמורת זאת קבלתי קצת מזון.

כעבור זמן־מה קמנו והמשכנו דרכנו לדודתנו בכפר ווילישוב, אשר בעלה היה גם־כן חיט, ומצבם היה לא רע. בעד עבודתו קיבל מזון, כי לכסף לא היה כל ערך.

הודות לכך שאחת מאחיותי היתה תופרת והתחילה לעבוד, יכולנו להתגבר על הכל. שכרנו חדר בו נמצאה כל המשפחה. אחותי תפרה ותמורת עבודתה קיבלה לחם, תפוחי אדמה וכו׳. האמא עסקה במכירת עגבניות ותמורתן קיבלה סוכר, לחם, שמורים ומצרכים שונים אחרים.

כך נמשכו חיי עד סוף שנת 1940, בו רווחו שמועות שהשלטונות הגרמנים החליטו לרכז את היהודים במרכזים מסויימים ורק שם יוכלו להתנועע באופן חפשי. במלים פשוטות — להכניסנו לגיטו.

מכאן מתחיל החלק השני של חיי. הגיטו בתוכו נמצאתי היה במקום הנקרא לודבישין ע״י ורשה. קבלנו חדר קטן אשר שימש גם כמטבח. עד היום קשה לי להבין איך יכלו להתגורר 8 נפשות בשטח כה צר. האח הקטן היה ברוסיה הסוביטית. אז התחילה מלחמת הקיום, מלחמה עם הרעב. נצלנו את כל האמצעים בכדי לא למות מרעב. האמא הסתובבה בכפרים הסמוכים ומכרה סבון ותמורתו קיבלה לחם, תפוחי אדמה, קצת מרק והמצרכים האלה החיו את נפשותינו. כמובן, שהסיבובים של האמא היו אסורים וכל אי־זהירות יכלה להיגמר באבדון.

בעבודת האמא עזרתי אני ואחותי. שתי אחיותי התעסקו בסריגת אפודות טובות. אנחנו השגנו אפודות קרועות והאחיות עשו מהן חדשות. האבא היה רגיל להביא עצים מהיער, אולם לא היו לו נעלים. רגליו היו עטופות בסמרטוטים ותמיד היה מצונן. פעם תפסו אותו הגרמנים, הכו אותו באכזריות וכתוצאה נפל למשכב, קיבל דלקת ריאות ומת ב־18 במרץ 1941, מבלי שאיש יעזור לרפא אותו.

מקרה אחד לא אשכח לעולם: פעם בחצותי את גבול הגיטו עם חתיכות סבון, ניתפסתי ע״י איש הגיסטאפו ושוטר פולני. על שאלתם „מה אני עושה מחוץ לגיטו״, עניתי להם בהחלטתיות שאינני יהודיה, אולם נמוקי והוכחותי לא הועילו והוכנסתי בכוח לכלא לתוכו הציצו אנשי הס. ס. השעשוע האהוב עליהם היה לירות לתוך קבוצות יהודים או ביחידים, אשר לא מצאו חן בעיניהם. בכלא בכיתי בלא הפוגות. נפרדתי מהחיים ומההורים. לא רציתי למות, נלחמתי למען החיים למרות גילי הצעיר. „הם״ היו חזקים וגורל היהודים נחתם — איזה ערך

היה אז לעוד ילד יהודי אחד? ריחם עלי השוער, אשר מסר לי שה־ס.ס. דורש בעדי כופר נפש.

הובלתי ע״י הגרמני לתוך הגיטו ליודנראט, ושם דרש בעדי סכום כסף ניכר. יו״ר היודנראט לא רצה לשמוע על כך, בהסבירו „שאין כסף, כי הכסף מוכרח תמיד להימצא אצלו במגירה, למקרה שאנשי ס. ס. מתפרצים אליו בדרישה לסכומים ניכרים. פעם לא היה כסף ונהרגו חמישים יהודים״. לעומת מציאות כזאת, מי ומה אני? אולם נחרץ גורלי לחיות: בכי ובקשות אמי, בכרעה על ברכיה, בהתחננה להציל ילדתה, הועילו. היא הבטיחה להחזיר לראש היודנראט את החוב אחרי שתמכור את האפודות הישנות שלה. וכי מה יכלה להציע יותר? נכמרו רחמי היו״ר של היודנראט, ואיש ה־ס. ס. הסכים לסכום יותר קטן — ואני שוחררתי.

כל זה לא הפחידני וחציתי לא פעם אחת את גבול הגיטו. נסעתי ברכבות ועברתי הרבה מקומות במטרה להשיג מזון, כדי לא למות ברעב וממחלות יחד עם כל המשפחה. אחותי השתדלה להלבישני יפה כדי לא ליפול לפח ולא להראות „כיהודיה ארורה״. וככה נדדתי בכדי לכלכל את משפחתי, אולם למרות כל מאמצי היו זמנים שמתוך רעב אכלתי גרגרים ירוקים ואם אלו חסרו — אכלתי דשא. ביותר פחדתי מפני הטיפוס, אשר הפיל הרבה חללים בגיטו שלנו ובתנאים כאלה חייתי עד שהתחילו לדבר על חיסול הגיטאות — וכל יום הביא ידיעות חדשות. לא הבינו את המילה „חיסול״ — לא ידעתי שהמילה „חיסול״ פירושה: תנורי גז וקרימאטוריום לעם היהודי בפולין.

ביום אחד דברו על החיסול הקרוב של הגיטו שלנו וחכינו לילה שלם ככבשים אשר אינם מתנגדים לפני השחיטה. ב־4 לפנות בוקר, — את התאריך איני זוכרת — היה זה בסתיו 1942, שמעתי שאון של אוטובוסים ליד ביתנו. בלי רגע של מחשבה ברחתי דרך שדות וביצות לחורש הסמוך. שמעתי מרחוק יריות, צעקות של אנשים ונביחת כלבים. בהתחשב עם זה שהחורש הסמוך היה קטן היה זה אבסורד להשאר שם, כי הגרמנים חפשו בכל מקום וגם ברחובות הסמוכים. הגיע הרגע, אותו אי־אפשר לשכוח, של פרידה מההורים ומהמשפחה. התנשקנו וכל אחד הלך לדרכו הוא לחפש מחבוא ומסתור מפני המוות הקרוב ובא. נשקתי לאמי וזו היתה הפעם האחרונה. יותר לא ראיתיה, כי נורתה בידי הגרמנים.

אני יחד עם אחותי פיגה, יצאנו ברכבת לזגז׳ה, היכן שמצאנו מחסה מפני המוות ומרעב בגורן עמוק בתוך התבן בה בשעה שהגרמנים חיפשו יהודים ביסודיות בכל הסביבה. אחרי זה נסעתי לשדליץ לאחותו של אותו

הפולני אשר החביאני בזגז'ה. הוא אמר ששום איש אינו מכיר אותי, אולם פה קיימת סכנה של עין רעה. אחות הפולני לא ידעה שאנחנו יהודיות. עבדתי אצלה בשדה בעבודה קשה. היה טוב ,אולם כל זה היה רק שבוע אחד, משום שהאפוטרופוס הטוב לא יכול היה לשמור על הסוד. הריאקציה הופיעה במהירות וגורשנו בלווית עלבונות.

ומה הלאה? הייתי בטוחה שבביאלה פודלסקי נמצאים עוד באותו הזמן יהודים בגיטו, ובתמימותי הלכתי לתחנת הרכבת. שם הוזהרתי שהגרמנים חוטפים נערות צעירות לעבודה בגרמניה גופה. היה זה סתיו 1942 ונכון הוא שהנוער התחבא, אולם כלפי לא היה שום הבדל, כי שאפתי לרגע אשר יקרבני יותר מהר אל הסוף של נדודי וחיים מרודים אלה.

לאחר שהגעתי לביאלה התברר שהגיטו היה מוקף במשמרות חזקות. סובבתי ברחובות. הלכתי מבית לבית ושאלתי אם אפשר לקבל עבודה כעוזרת בית, מטפלת ילדים וכדומה. את אחותי קבלו לעבודה — לי המזל לא שיחק.

בדינו סיפור שהננו מקוברין, שביתנו נשרף ויחד עמו כל ניירותינו, אולם איש לא האמין לבדיותינו ויעצו לי להודות על האמת, כי אז יוכלו יותר קל להשיג למעני קֶאנקארטה (תעודת זהות). פיגה אחותי קיבלה את התעודה המבוקשת ואני קבלתי עבודה אחרי שלושה ימים של טילטולים.

נותנת העבודה שלי היתה אשה אינטליגנטית, לשפע לא הגעתי כי העני היה כללי, אולם קצת אוכל וכמה סמרטוטים ללבוש הוו למעני אוצר רב.

השפע לא ארך הרבה זמן, כי כעבור שלושה שבועות נודעה לגברתי זהותי האמיתית ובכאב לב הוציאתני מביתה כי המוות היה צפוי לי וגם לה ולמשפחתה, ומה עוד שמאחורי הקיר גרו ששה אנשי גיסטאפו.

לאן אפוא, ללכת? לאן הלאה לנדוד? הלכתי לפיגה אחותי אולם בלי תוצאות. יצאתי שוב אל הרחוב ומצאתי שנית עבודה אצל פולני אחד, איש רע — לחם קבלתי במידה ובמשקל ובקושי שבעתי. טפלתי בילד, עשיתי כל עבודת בית ובנוסף לזה טפלתי ב־60 שפנים, תרנגולות ועזים.

בעת שבדקתי תרנגולות אם יש להן ביצים, וקרה שהביצה לא יצאה, אז הוכיתי בידי מעבידי באמרו: — איפה הביצה?

לחם גנבתי ואכלתיו בלילה על משכבי, פחדתי מאוד ללכת לעיר אשר היתה מרוחקת מהכפר מרחק של כמה קילומטרים, כי פעם אחת לא מצאתי את הדרך חזרה. תעיתי ובכיתי מרות, אולם זה לא ארך הרבה זמן, ושוב יצאתי לחפש מקום עבודה חדש.

מצאתי עבודה חדשה בכפר אחד כעוזרת בית ומשק. האכלתי חזירים,

תרנגולות, פרות, ושם למדתי כל מיני עבודות חקלאיות. בעל המקום היה יערן, איש טוב מאד. אשתו היתה גם כן צעירה והתידדתי אתה. היא בעצמה כבסה כבסים עבור הפרטיזאנים הרוסים, תמורת זאת קיבלה שומן וכסף וגם אני נהניתי מזה, אולם גם הפעם הזאת, האושר לא ארך הרבה זמן, כי איכרי הסביבה התחילו ללחוש כי הנני יהודיה ושמעבידי קיבל ממני, בעד המחסה, הרבה כסף וזהב.

פעם אחת נסעתי העירה ברכבת, ובשעת בדיקת התעודות הודעתי שהשארתי אותן בבית. כמובן שאיש הגסטאפו לא האמין בסיפור הזה ובהיותי לבושה במקטורז לפי הדוגמה הרוסית, חשבני לאחת המשתייכת לפרטיזנים, והובילני אל תוך היער בכדי להרגני. באותו הזמן עמד על ידינו איש אחד אשר הגן עלי ואמר שהוא מכיר אותי ושאני גרה בכפר שלו, דבר שגם ה„וויט", ראש הכפר יכול לאשר. הוא הוכה בראשו, נפל על הארץ ואנשי הגסטאפו בעטו בו וגם כלביהם נשכוהו. כנראה שהייתי מיועדת עוד לחיים, וראש הכפר העיד כששיניו נוקשות זו לזו מתוך פחד, שהנני עובדת בכפר והוא מכיר אותי היטב.

אולם היערן אצלו התגוררתי בקשני לעזוב את ביתו, כי בקרבו: מקום התגוררה קבוצת הגיסטאפו. אחרי זמן מה נודע לי שהיערן נורה בידיהם ונקבר מאחורי דיר החזירים.

בעת הביקורים הליליים של הפרטיזאנים הרוסים, התחננתי שירשו לי להצטרף אליהם. הם הבטיחו לקחתני, אולם חלף ערב אחד, חלפו הרבה ימים ולילות והם לא באו, כי הפרטיזנים התנגשו בגרמנים והעתיקו את בסיסיהם ליערות יותר רחוקים.

אולם היערן לא השאיר אותי בלי מוצא והשתדל אצל בן־אחיו בעיר לקחתני לעבודה. לבן אחיו היה ילד קטן וגם משק זעיר. כמובן שלא ידעו את זהותי שהנני יהודיה. התחלתי לעבוד אצלו. במרוצת הזמן המשפחה הזאת העתיקה את מקום מושבה לתוך הגיטו היהודי לשעבר, שם קיבלו דירה בת שלושה חדרים וגם חדר בשבילי.

שם היה לי טוב, המשפחה טובה והאשה כאחות. ראש המשפחה השתדל להשיג למעני תעודת זהות (קאנקארטה) ובאותה התקופה נאסר ונורה.

פעם אחת, עת יצאנו מהעיר אל מקום־קיץ, בדקו בדרך את התעודות. אולם עגלתנו הצליחה להתחמק ונצלתי. פעם אחת, עת טיילתי עם הילד הקטן, נעצרתי, אולם הצלחתי לברוח.

אחרי רצח ראש המשפחה, חדר לבתינו הרעב. קמתי לפנות בוקר בכדי

לעמוד בתור הארוך לקבלת ככר לחם, וקצת חלב רזה, אחרי זה באה לגור אתנו החותנת, אם הנרצח, אשר כלכלה אותנו מכספה. החותנת הזאת היתה אשה רעה, התעללה בנו וגרמה הרבה צרות.

אשת הנרצח בכתה תמיד ומצבנו הורע. באותו הזמן קבלתי תעודת זהות הודות למאמציו של ידיד הנרצח. השתעשעתי בתעודה שעות רבות, נשקתיה. ובלילות נדדה שנתי כי הודות לתעודות האלה כבר נהייתי לאחרת ולא הייתי יותר יהודיה וזה אומר שהצלתי את חיי.

בעלת הבית אמרה לי שכעת, בהמצא תעודות בידי, אני צריכה לחפש לי עבודה אחרת, כי לשם מה עלי לסבול רעב וסבל מיותר מהחותנת. אני לא רציתי לעזבה כשהיא חולה עם ילד קטן חלוש וחלקתי עמה את מנת החיים. אולם לחיים חוקים משלהם, ואני עזבתי אותה אחרי זמן מה. קבלתי עבודה אצל שלושה אנשים מבוגרים. האוכל היה ממדרגה ראשונה, המשכורת גבוהה. מתנות, קולנוע, ימי ראשון חופשיים וכו׳, אולם רווחו שמועות על החזית שהיא מתקרבת, ומעבידי העתיקו מקום מגוריהם וברחו ואז שכרתי לעצמי חדר אצל משפחה עניה ואני עבדתי בנקיון אצל גרמנים, אולם גם הם ארזו חפציהם והתכוננו לברוח. התחלתי לעבוד בבית המטבחיים המקומי בנקיון. בשר ושומן לא חסר לי, אכלתי די וגם הבאתי נתחים הגונים לבעלת הבית שלי, אצלה התגוררתי והחייתי נפשה.

ופתאום החזית התקרבה, ושוב: מלחמה, פצצות וברחתי לכפר. שם עבדתי בשדה גם בשעת ההפצצות — היה זה ביולי 1944, אולם בעד העבודה הזאת לא קבלתי מספיק מזון, ויצאתי לכן, לחפש עבודה אחרת, אולם כשלא קבלתיה, החלטתי לחזור העירה ברגל מרחק של 24 ק״מ. בדרך אל העיר, לא רחוק מכפר אחד, הופיעו מאחורי תל אחד שלושה חיילים רכובים על סוסים שמדיהם היו שונים ממדי הגרמנים, ושאלו אותי על המרחק לורשה, ובאם גרמנים נמצאים בקרבת המקום. האכרים אז קבעו שאלה הם רוסים, — וזוהי הפעם הראשונה בחיי שראיתי רוסים. החיילים הרוסים ציוו עלינו לחזור אל הכפר, אולם בדרך התחילה הפצצה ויריות הדדיות עם הגרמנים — והמלחמה היתה על כיבוש העיירה הסמוכה. התחבאתי בשדה בתוך קמת הדגן ואחרי זמן מה יצאתי שנית לדרך, יחד עם בחורה צעירה. הדרך היתה זרועה בגוויות אנשים, סוסים וציוד צבאי.

ביאלה־פודלסקי נראתה כמתה, הרחובות ריקים, העיר חרבה.

כך, מבלי לצפות לזה, הגיעה שעה גאולתי, עליה לא חלמתי ולא צפיתי. כי הייתי משוכנעת שהגרמנים ישארו לעולמים בפולין. והנה הגיע גם זמנם —

נעלמה החיה הפאשיסטית אשר נשאה אתה רק אבדון, ולפולין חדרו הצבא האדום המשחרר והצבא הפולני, אשר הצילו מיליונים של אנשים בלי הבדל דת ולאום.

עבודה לא היתה, ומה הלאה? שאיפתי היתה לחזור אל עמי ולהיות יהודיה, כי כזאת נולדתי. הבעיה היתה איך ובאיזה אופן להגשים את השאיפה הזאת. הפחד והרעדה הציפוני — פשוט פחדתי להכנס לבית יהודי, להתקרב ליהודי. ברחוב הסתכלתי מסביבי בכדי להיוכח אם מי שהוא אינו עוקב אחרי, ואחרי זה נכנסתי לבית יהודי. בהתחלה לא האמינו לי שהנני יהודיה, שאלו על ידיעת הלשון, ורק אחרי חקירות רבות האמינו.

נוכחתי איך שלאט לאט נרפאים הפצעים, וחוזר אלינו כבוד האדם. לאכול לא היה מספיק וכל היהודים עסקו במסחר. המסחר הזה היה עלוב, אולם הוא הספיק ללחם צר. החיילים הרוסיים עזרו לנו בנתנם לנו מזון ובגד ללבוש.

החלטתי לצאת לדרך ולחפש את המשפחה. יצאתי במכונית משא צבאית לורשה ובועד היהודי בפראגה נודע לי על אחות אחת שחיה, על בת דודה שחיה וגרה בורשה, ובעקבות הידיעות האלה נודע לי גם על אחות שניה אשר נשארה בחיים ומתגוררת בלודז׳.

המשכתי לנדוד מכפר לכפר, והיה זה בחורף עז וקר והשלג הגיע עד לברכיים, ומצאתי דודה ושלוש בנותיה — את האמא לא מצאתי.

אחרי כן נסעתי ללודז׳. הבאתי את הדודה אל בת־דוד, וככה, לאט לאט, התאחדה המשפחה. אחרי זמן־מה מצאתי את אחי בצבא הפולני ונודע לי על שתי אחיות הנמצאות בגרמניה. אולם האושר הזה לא ארך הרבה זמן. אחות אחת עזבה את לודז׳ ואני יחד עם האחות פיגה נשארנו במצב קשה, בלי דירה ואוכל. החלטתי, לכן, בעצת פיגה לנסוע לדנציג בתקווה להשיג שם דירה פנויה אחרי פינוי הגרמנים. המחשבה התאמתה. קבלתי בדנציג דירה יפה מרוהטת, אני עבדתי בבית קפה ופיגה — בבית החולים. האוכל היה מספיק, בהתאם לתנאי הזמן ההוא. במקום הזה הייתי עד עליתי לארץ.

**אברהם שפילקא** ז״ל

# איבערלעבענישן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה

## א) ביי די דייטשן

פיר טעג פאַר ראש־השנה, ת״ש, שבת אָוונט, איז דאָס דייטשע מיליטער אַריין אין אונדזער שטעטל און באַלד האָבן זיך די דייטשע זעלנער גענומען באַווייזן אין די גאַסן. יידן זענען געזעסן אין שטוב פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן. קיינער האָט זיך נישט דערנענטערט צו די פענצטער, צוליב מורא, אַז ער זאָל נישט ווערן באַמערקט דורך די זעלנער, אַלע פאָרהאַנגען פון די פענצטער זענען געווען אַראָפּגעלאָזט ביז די פּאָדלאָגעס. אין די שטובן האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט. עס האָט זיך געהערט דאָס שווערע קלאַפּן פון די פערד און דער רעש פון די סאָלדאַטן אויף די גאַסן. די זון האָט אויפגעשיינט ווי אַלע מאָל, און געשיקט אירע שטראַלן אויף דער ערד. די מאָנאָטאָנע שטילקייט האָט לאַנג נישט געדויערט. איידער מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו דערקענען און באַאָבאַכטן די אומגעבעטענע געסט, זענען דערגאַנגען צו אונדזערע אויערן קלאַנגען, און מיר האָבן געזען, ווי דייטשן האָבן אויפגעהאַקט טירן און פענצטער פון געוועלבער און שטובן, אָנגעהויבן ווילדעווען, גערויבט און פאַרניכטעט וואָס עס האָט זיך געפונען. נאָך דעם זעלבן טאָג האָבן זיי אַרויסגענומען פון אַלע שטובן און באַהעלטענישן אַלע איינוווינער אָן אונטערשיד פון רעליגיע און אָפּשטאַם, יונג און אַלט, פרויען און קינדער, געפירט צום גרויסן מאַרק־פּלאַץ. זעלנער מיט מאַשין־געווער האָבן אונדז אַרומגערינגלט. די יאַמערן און געוויינען פון אַלע זענען דערגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן ווערן אויסגעקוילעט אַזוי ווי שעפּסן. די געפאַר איז געווען פאַר אונדזערע אויגן, עלטערן און קינדער, שכנים און באַקאַנטע האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט און זיך געזעגנט.

פלוצלינג איז אַ קאָמאַנדיר אויפגעשטאַנען און געגעבן אַ צייכן, אַז מיר זאָלן שווייגן און האָט אָנגעהויבן צו אונדז רעדן: „אַן אומווירדיקע זאַך איז באַגאַנגען געוואָרן אין אייער שטאָט, אונדזערס אַ זעלנער איז אומגעקומען צווישן אייך און צוליב דעם פאַרברעך זענט איר פאַראורטיילט געוואָרן אויסצושיסן אייך אַלע, אָבער איך וועל מיט אייך טאָן אַ געפעליקייט: פרויען און קינדער וועלן ווערן באַפרייט, אָבער מענער און יונגוואַרג וועלן ווערן געהאַלטן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אויף אייניקע טעג״.

די גרויסע שול האָבן זיי געמאַכט פאַר אַ לאַגער. מיר האָבן דאָרטן איבער־געלעבט שרעקלעכעס, און נישט אַלץ לאָזט זיך דערציילן. זיי האָבן נישט דער־לויבט צו טאָן אונדזער טאָג־טעגלעכן געברויך. מיר זענען געשטאַנען אין די רייען עטלעכע שעה, צו עסן האָבן מיר באַקומען אַ שטיקל ברויט און אַ ביסעלע וואַסער, געשלאָפן זענען מיר אויף דער פּאָדלאָגע, די ביינער זענען געוואָרן צעקוועטשט פון פיל ליגן אויף דער ערד, אַ דושנע דעמפּיקייט האָט געהערשט, די קליידער זענען צעריסן געוואָרן און איינגעשמוצט פון בלאָטע און שטויב. די הענט און דאָס פּנים זענען נישט געוואָרן געוואַשן. דאָס וואַסער, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן, האָט דעמאָלט נישט געקאָנט לעשן דעם דורשט. די ליפּן האָבן געטריקנט. די פריערדיקע שול איז איצט פאַר אונדז געווען אַ גיהנום. פון מאָל צו מאָל איז אַריינגעשפּרונגען צו אונדז אַ דייטש מיט אַ בייטש און מערדערלעך געשלאָגן ביז מען איז געפאַלן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד.

איינמאָל זענען אַריינגעקומען עטלעכע דייטשע „דאָקטוירים” און באַפוילן, אַז ווער עס איז קראַנק אָדער אַ קאַליקע, זאָל זיך לאָזן אונטערזוכן, ווער עס וועט זיין קראַנק וועט ווערן מאָמענטאַל באַפרייט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז צווישן אונדז האָבן זיך געפונען קראַנקע, די „דאָקטוירים” האָבן פאַרלאַנגט, צו לאָזן זיך אונטערזוכן אין אַ באַזונדער צימער. מיר האָבן נישט געוווסט, אַז דאָרט געפינען זיך נאָך אַנדערע מערדער מיט שטעקנס און נאַגייקעס און שלאָגן דאָרט יעדן מערדערלעך: ווער עס איז געלאָפן האָבן זיי געשלאָגן, פאַרוואָס ער איילט זיך; ווער עס איז געגאַנגען געלאַסן, האָבן זיי געשלאָגן, ווייל ער גייט נישט גיך. ווען מיר האָבן דערהערט די געוואַלדן און געשרייען פון די געליטענע, האָבן מיר נישט געוואָלט גיין זיך לאָזן אונטערזוכן. דאַן האָבן זיי געצוווּנגען אַפילו די געזונטע זאָלן זיך לאָזן אונטערזוכן און ווערן געשלאָגן. זיי האָבן אונדז אַריינגעיאָגט אין אַן ענג, שמאָל צימער, ווו מען האָט נישט געקאָנט אַפילו שטיין. מיר זענען געשטאַנען צונויפגעקוועטשט און צוזאַמענ־געפּרעסט ווי איין קנויל, שווייס האָט זיך געגאָסן פון אונדזערע קערפּערס. די פיס האָבן געציטערט פון פיל שטיין און קיינער האָט נישט דערוואַגט צו עפענען דאָס מויל און רירן זיך, צוליב מורא עס זאָל זיך נישט ווידער איבערחזרן די זעלבע אַכזריותדיקייט. אַזוי זענען מיר געשטאַנען צוגעשמידט צום אָרט מיט שרעק און ציטער עטלעכע שעה.

ערב ראש־השנה, נאָכמיטאָג, האָבן די דייטשן גענומען 50 מאַן אויף אַרבעט הינטער דער שטאָט. קומענדיק אַהין האָבן זיי געהייסן לויפן אין אַ קרייז אין משך פון צוויי שעה. דערנאָך געהייסן אויסגראָבן מיט די הענט גריבער און פאַרשיטן



די נאַציס פייניקן געכאַפּטע יידן

זיי מיט שטיינער. דאָס אַלץ האָט געמוזט געטאָן ווערן געשווינד און געשיקט, און ווער עס האָט זיך נישט געאיילט ביי דער אַרבעט, האָבן זיי געשלאָגן אָן רחמנות. דערנאָך ווידער געהייסן מאַכן אַ גרויס גרוב און אַריינגעזעצט אייניקע אינעווייניק און צוגעשיט מיט ערד און שטיינער פעסט ביז צום האַלדז, אַזוי זענען די קרבנות געזעסן איבער אַ שעה און דערנאָך געהייסן זיי אַרויסשלעפּן ביי די הענט. יוען דאָס איז נישט געווען מעגלעך, האָבן זיי געהאַלפן אַרויסשלעפּן מיט די באַגנעטן, און דאַביי פאַרוואונדעט די קרבנות. נאָך דער אַרבעט האָבן זיי געהייסן זינגען, מיר האָבן געזונגען די ראש־השנהדיקע ניגונים. דערנאָך האָבן זיי אונדז געפירט צוריק. ווען מיר זענען געקומען אויפן שול־הויף, האָבן זיי אונדז אויסגעשטעלט אין איין לאַנגע ריי און אָפּגעשוירן עטלעכע יונגעלייט די בערד און פיאות. אַריינקומענדיק אין לאַגער, זענען מיר געפאַלן אויף דער ערד מיד און פאַרמאַטערט פון דער שרעקלעכער אַרבעט.

אַזוי איז אַדורך אַ וואָך. עלטערע און קינדער זענען געוואָרן באַפרייט און די יונגערע זענען ווייטער געבליבן אין לאַגער. אויף אונדז האָבן זיי געזאָגט, אַז מיר גייען אויף אַרבעט אין זייער לאַנד. איידער מיר זענען געוואָרן אָפּגעשיקט, האָט מען אונדז איינגעשטעלט אין צווי רייען און נאָמינירט עטלעכע פון אונדז אַלס פירערס, זיי זאָלן אונדז אָפּפירן און אויב איינער וועט

אַנטלויפן אין מיטן וועג, וועלן צען מאַן ווערן דערשאָסן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, וואָסערע אויסזיכטן עס דערוואַרטן אונדז, אָבער זיך נישט געקאָנט העלפן. מיט געוויין און קרעכצן און מיט אַ ים טרערן האָבן מיר זיך דעם צווייטן טאָג ראש השנה ת״ש געלאָזט פירן אין דעם ווייטן אומבאַקאַנטן וועג.

אין מיטן וועג זענען די כוחות געוואָרן שוואַכער, די זון איבער אונדז האָט געברענט, די ערד האָט געבריט, עס האָט זיך געדאַכט, אַז די זון און די ערד און די דייטשן האָבן שותפות געמאַכט אונדז אומצוברענגען. די פעלדער און גערטנער זענען געווען אין זייער פולן שיינעם פראַכט.

צי וועט מען זיך נאָך זעען מיט אונדזערע נאָענטע לעבעדיקערהייט? די פראַגע האָט אונדז באַגלייט דעם גאַנצן וועג. אין מיטן וועג איז געשען אַ פאַל: איינער פון אונדזער מחנה איז אַנטלאָפן. און איידער וואָס, איז ער אַריינגע־שפרונגען אין נאַרעוו און אַריבערגעשווימען אויף דער צווייטער זייט. מיר האָבן אים צוריקגעברענגט, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט פאַר די קאָנסעקווענצן.

קומענדיק הינטער דער שטאָט פולטוסק, איז אַנטקעגן געקומען אַ מחנה דייטשן מיט שטעקנס, זיי האָבן אונדז געפירט ביז אויפן הויף פון אַ לאַגער אין פולטוסק. דאָרט זענען מיר געשטאַנען אַ שעה צייט און געמוזט אויסהערן באַ־ליידיקונגען, דערנאָך האָט מען אונדז געהייסן אַרויפקריכן אויף אַ בוידעם, און ווער ס׳איז נישט שנעל געלאָפן אויפן לייטער, איז געוואָרן מערדערלעך צע־שלאָגן. פיל זענען געפאַלן אויף דער ערד באַגאָסן מיט בלוט אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד. ביינאַכט האָבן מיר זיך געלייגט אויפן בוידעם, וואָס איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט; קאַלך, צעמענט, ציגל, זאַמד, שטיינער זענען געווען אַנגעוואָרפן.

אין מיטן דער נאַכט איז געוואָרן אַ טומל, מען האָט געברענגט צו אונדז נאָך אַ מחנה באָרוועסע און נאַקעטע מענטשן, זיי האָבן געוויינט און געקלאָגט, און מיר האָבן מיטגעוויינט. אַזוי איז אַדורך די נאַכט. אויף צומאָרגנס זענען געקומען דייטשן מיט געפאַנגענע זעלנער, און האָבן אָנגעהויבן אַראָפציען פון אונדז די קליידער און שיך און ווער עס האָט זיך קעגנגעשטעלט, איז שרעק־לעך צעשלאָגן געוואָרן.

נאָך עטלעכע טעג פון פאַסטן און פייניקונגען האָבן די דייטשן געהייסן אונדז פאָרזעצן אונדזער וועג ביז דער שטאָט טשעכאַנאָוו — אַ שטרעקע בערך 40 ק״מ. פון דאָרט, — האָט מען אונדז צוגעזאָגט, — וועט מען פאָרן מיט דער באַן קיין דייטשלאַנד. דער טאָג איז געווען צום־גדליהו ת״ש און איז געווען

פאַר מיר און אַנדערע אַ ברענענדיקער גיהנום. ביז מיטאָגצייט האָט די זון שטאַרק געברענט, אַז אַפילו דאָס העמד אויפן לייב איז געווען איבעריק, דערנאָך האָט געגאָסן אַ רעגן צוזאַמען מיט אַ האָגל, האָבן מיר געטאָפּטשעט אין וואַסער ביז די קני. דעם טאָג זענען מיר פאַרמשפט געוואָרן איבערצוקומען די ארבע מיתות בית דין: סקילה, שריפה, הרג וחנק — אונטערגאַנג און פאַרניכטונג. דעם טאָג געדענק איך שטענדיק, ווייל כ'האָב אים מיט מיין אייגן בלוט באַגאָסן. די דייטשן האָבן געהייסן אונדז לויפן „ביעגעם" גאַנצע 42 קילאָמעטער, און ז״י זענען געפאָרן אויף ראָווערן. רוען האָבן זיי נישט געלאָזט. וואַסער האָט מען נישט געטאָרט טרינקען, וועגן ברויט איז נישט געווען וואָס צו רעדן, אפילו לויפן האָבן זיי געהייסן אַמאָל אויפן פעלד און אין ראָוו, און ווידער אויפן שאָסיי און אַזוי כסדר, און דאַביי געשטאָכן מיט די באַגנעטן, און ווער עס איז געפאַלן ביים לויפן, אָדער זיך פאַרהאַלטן ביי עפּעס, איז באַלד געוואָרן דערשאָסן און אָפּגערוימט פון וועג.

איך האָב געוואָלט רוען אַ מינוט און פאַרבינדן די שנורעוואַדלעס פון די שיך — אין דער זעלבער מינוט האָב איך געהערט שיסן אין מיין ריכטונג. און באַלד האָבן זיי מיך אַריינגעשליידערט אין ראָוו. פּלוצלינג הער איך ווי איין דייטש זאָגט צום צווייטן: „ער לעבט נאָך, לאָמיר מאַכן זיין סוף. באַלד הער איך ווידער אַ שאָס, אָבער צו מיין גליק, בין איך געקומען צום באַוווסטזיין: אויסגעצויגן די פיס, אַראָפּגעלאָזט די הענט, פאַרמאַכט די אויגן, אויפגעהערט צו אָטעמען און זיך געמאַכט טויט. זעענדיק, אַז איך בין טויט, זענען זיי אַוועק און מיך איבערגעלאָזט אויפן פעלד. איך בין געבליבן דערשלאָגן און פאַרוווּנדעט אין אַ קאַלוזשע בלוט. איך האָב זיך געוואָלט אויפשטעלן און נישט געקאָנט. איך האָב געזען ווי קליינע קריסטלעכע קינדער באַטראַכטן מיך. ווען איך האָב זיי געבעטן אַ ביסל וואַסער, זענען זיי פאַרשוווּנדן געוואָרן. און אַזוי בין איך ווייטער געבליבן ליגן אין מיין ווייטיק אַ האַלבע שעה. דערנאָך האָט זיך צו מיר דערנענטערט איינער מיט אַ פלאַש וואַסער, אומגעקוקט צי קיינער זעט נישט, און מיר געגעבן צו טרינקען און באַלד אַוועק. די נאַכט האָט זיך דערנענטערט. אַ שרעק האָט מיך אַרומגענומען. ווי אַ געפגרט פערד וועט מען מיך דאָ באַגראָבן, און מיין נאָמען וועט ווערן פאַרגעסן אויף אייביק. דעמאָלט האָב איך זיך אויפגעשטעלט מיט די לעצטע כוחות און אַריבערגעגאַנגען דעם שאָסיי צו דער צווייטער זייט; געגאַנגען און געפאַלן, ביז איך בין קוים אָנגעקומען אויף דער צווייטער זייט, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ שטיבל. צוקומענדיק צום אָרט, בין איך אַנידערגעפאַלן אָן כוחות. אַ פויער איז צוגעקומען צו מיר און

געזאָגט, איך זאָל גיין צו אים אין שטוב, נאָר ער וועט גיין פּאַרדיס, און איך זאָל אים נאָכגיין. בכדי צו ראַטעווען זיך, בין איך פּשוט געקראָכן אויף אַלע פיר. פאַר זיין שטוב איז געשטאַנען זיין פרוי מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ וויינענדיקן קול זאָגט זי צו מיר: „איך וואָלט דיך גערן אַריינגענומען, אויך איך האָב אויף דיר רחמנות. מיינע קינדער וויינען, זיי ווייסן, וואָס עס איז געשען מיט דיר, אָבער וואָס זאָל איך טאָן? די דייטשן האָבן אָנגעזאָגט, אויב מען וועט טרעפן ביי זיי אין שטוב אַ ייד אויסבאַהאַלטן, וועלן זיי ווערן פאַר־אורטיילט פונקט ווי דער ייד. זי האָט מיר דערלאַנגט זיסן טיי מיט סאָך און אַ שטיקל קעז און געהייסן גיין. אָן שום ברירה האָב איך זיך געשלעפּט צוריק אויף יענעם אָרט, דאָרט זענען געווען צוויי ליידיקע צימערן, אין ערשטן האָב איך מורא געהאַט צו זיין, בין איך אַריין אין צווייטן, אָבער דאָרט איז געווען פיל וואַסער מיט בלאָטע אויף דער פּאָדלאָגע. אַ פאַרשמאַכטער, האָב איך זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד אָפּצורוען מיינע צעבראָכענע ביינער, איצט האָב איך אָנגעהויבן פילן מיין וווּנד. בלוט האָט גערינען, איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס צו פאַרהאַלטן דאָס בלוט. איך האָב געקרעכצט און געוויינט, אָבער ווער האָט מיר געקאָנט העלפן אין דער צייט? אַזוי בין איך געלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין מיינע גרויסע יסורים און פאַרטראַכט זיך אויף מיין ביטערן גורל. פאַרטאָג הער איך רעדן אין ערשטן צימער, ווי איינער זאָגט צום צווייטן: גיי אַריין און זע „וואָס דאָרט איז געשען". דער צווייטער ענטפערט: — „איך האָב מורא, גיי דו" — און פּלוצים עפנט זיך די טיר או איינער באַווייזט זיך. אַ טויט־שרעק האָט מיך אַרומגענומען. באַלד פרעגט ער מיך, וואָס איז פאָרגעקומען. איך האָב אים געשילדערט מיין שרעקלעכע טראַגעדיע, און ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַלס צייכן פון מיטלייד. איך האָב אים געפרעגט פון וואַנען קומט ער דאָ? האָט ער מיר דערציילט, אַז ער וווינט אין אַ דאָרף ביי דער שטאָט טשעכאַנאָוו און צוליב די שיסערייען איז ער אַנטלאָפן פון דאָרף מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. איינגעפּאַקט אַ ביסל זאַכן אויף דער פיר און אַזוי אַוועק, אַבי זיך ראַטעווען. און איצט פאָרט ער צוריק אַהיים. ביינאַכט טאָר מען נישט פאָרן און אָט צוליב דער סיבה איז ער און זיין פאַמיליע אַריינגעגאַנגען דאָ איבערנעכטיקן. ער האָט געהערט מיין קרעכצן און וואַרפן זיך אַ גאַנצע נאַכט און צוליב דעם, וואָס עס איז געווען פינצטער, האָט ער מורא געהאַט אַריינצוגיין צו מיר. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיך מיטנעמען, ביז דער שטאָט טשעכאַנאָוו, האָט ער נישט געוואָלט און באַלד אַוועק.

איך בין ווידער געבליבן אַליין אַ פאַרלאָזענער פון אַלע. מיינע ווייטיקן

האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט, דאָס בלוט פֿון דער ווונד איז געוואָרן פֿאַרגליווערט, עס איז מיר געוואָרן שרעקלעך קאַלט, מיינע כּוחות האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצולאָזן. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען פֿון וווּ קען קומען צו מיר הילף. איך האָב זיך קוים צוגעשאַרט צו דער טיר, בכדי אַרויסצובליקן און זען וואָס הערט זיך אין דרויסן. פּלוצלינג זע איך, ווי עטלעכע דייטשן אויף ראָווערן שטייען ביי דעם אָרט, ווּ איך בין געפֿאַלן, און פֿרעגן זיך ווּ בין איך אַהינגעקומען און ווער האָט מיך פֿון דאַנען צוגענומען. אַ קאַלטער שווייס האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב מורא געקריגן, אַז זיי זאָלן, חלילה, נישט צוקומען דאָ אַהער מיך זוכן, און זיך צוריקגעשאַרט אויפֿן זעלבן אָרט און איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקל, אַבי מען זאָל מיך נישט באַמערקן. מיינע ליפּן האָבן געשעפּטשעט אין דער שטיל אַ געבעט צו גאָט, אַז איך זאָל ווייטער נצול ווערן פֿון זייערע הענט.

אַזוי פֿאַרטראַכט אין מיינע מחשבֿות, האָט זיך די טיר געעפֿנט און איינער איז אַריינגעקומען מיט אַ פֿלאַש טיי, געמישט מיט האָניק, און מיר געגעבן טרינקען און געפֿרעגט, וואָס איך מאַך. נאָך אים זענען אַריינגעקומען נאָך עטלעכע מענטשן און גערעדט צווישן זיך אין דער שטיל, וואָס זאָל מען טאָן מיט מיר. קינדער אין דרויסן זענען געשטאַנען ביים פֿענצטער און האָבן מיך באַטראַכט, איינער האָט געזאָגט: „ער וועט נישט לעבן״. איך האָב געמיינט אַז זייערע ווערטער זענען ריכטיקע. עס האָט מיר זייער וויי געטאָן פֿון זייערע רייד. איך זאָל שטאַרבן אין אַזאַ אומווירדיק אָרט. ס'האַרץ האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן שטאַרקער פֿאַר שרעק פֿון אָט דער מחשבֿה. באַלד ווענדט זיך איינער פֿון די אַלע צו מיר, איך זאָל גיין פֿאָרויס אין דעם נאָענטן דאָרף, און זיי וועלן מיר נאָכגיין. איך בין אויפֿגעשטאַנען און געגאַנגען. אין דאָרף האָט מען מיר דערלאַנגט אַ ביסל וואַרעם וואַסער מיט זייף. איך האָב זיך אַרומגעוואַשן פֿון בלוט. זיי האָבן אַרויפֿגעגאָסן אויף דער ווונד דעזינפֿעקציע־וואַסער און מיט אַ שמאַטע פֿאַרוויקלט די ווונד, איך האָב באַקומען מילך און געלייגט זיך אויף שטרוי אַנטקעגן דער וואַרעמער זון. ליגנדיק אַזוי עטלעכע מינוט, האָבן זיי מיך געהייסן גיין צוריק אויפֿן ערשטן אָרט. איך האָב געבעטן, זיי זאָלן זיך דערבאַרעמען איבער מיר. דער אויסרייד איז געווען, אַז די דייטשן האָבן אָנגעזאָגט, אַז מען טאָר נישט אויסבאַהאַלטן קיין יידן.

אָן שום אויסזיכטן צו קאָנען דאָ בלייבן, האָב איך זיך געלאָזט גיין צוריק צום ערשטן אָרט. גייענדיק אַזוי אויפֿן פֿעלד, פֿאַרטראַכט אין מיינע געדאַנקען, ווענדט זיך צו מיר אַ פּויער (וואָס האָט געאַרבעט אויפֿן פֿעלד מיט איין־יקע פֿערד, לעבן אים איז געשטאַנען זיין פֿרוי און אַ פֿאַראָבעק): „נאַרישער מענטש — זאָגט ער — ווּ גייסטו דאָרט, דאָרטן וועלן דיך פּאַקן די דייטשן און מאַכן

אַ סוף צו דיינע רעשט יאָרן. אויב דו ביסט געבליבן לעבן, גייסטו זיך איבערגעבן אין זייערע הענט. גיי און באַהאַלט זיך אויפן פעלד אונטערן שייער פון תבואה, און דערנאָך וועל איך שוין זען, ווו דיך אויסצובאַהאַלטן". איך האָב זיך דאָרט באַהאַלטן און דערנאָך איז ער צו מיר צוגעקומען און מיר געגעבן טרינקען מילך. געמאַכט אַ בעסער באַהעלטעניש און בין אַזוי דאָרטן געלעגן און אַנטשלאָפן געוואָרן אויף עטלעכע שעה. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, זע איך 2 מענטשן שטייען פאַר מיר און זאָגן, אַז זיי גייען דערציילן די דייטשן, אַז איך באַהאַלט זיך דאָ. זיי האָבן מיר פאָרגעוואָרפן, פאַרוואָס איך בין געבליבן אַ ייד, איך האָב זיך געדאַרפט שמדן און מאַכן אַ סוף צום יידישקייט, וואָלט איך נישט צוגעקומען צו אָט די שווערע ליידן. זייערע ווערטער האָבן מיך געברענט און געשטאָכן. איך האָב זיי געוואָלט ענטפערן, אָבער איך האָב מורא געהאַט. איך האָב זיי נאָר געבעטן זיי זאָלן נישט אויסגעבן, אַז איך געפין זיך דאָ באַהאַלטן. ווען זיי זענען אַוועק, האָב איך נאָכגעקוקט ביז זיי זענען פאַרשוואונדן געוואָרן פון מיינע אויגן. אין האָב זיך שטאַרק געשראָקן, צי וועלן זיי אויסגעבן דעם סוד פון מיין באַהעל־טעניש. מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, האָבן מיך אויפגעוועקט צוויי ייִנגלעך, מיר געגעבן צו טרינקען מילך, געגאָסן דאָס דעזינפעקציע וואַסער אויף דער וווּנד, צוריק באַנדאַזשירט און געהייסן, איך זאָל גיין מיט זיי. אָנהאַלטנדיק מיך ביי די הענט האָבן זיי מיך געפירט אויפן פעלד, אינמיטן וועג האָבן זיי געזאָגט: „מיר באַהאַלטן דיך אין אַ סטאָדאָלע און וועלן אַרויסלאָזן אַ קלאַנג אין דאָרף, אַז דו ביסט אַנטלאָפן אין אַן אומבאַקאַנטן וועג, און ווער עס וועט דיך רופן, זאָלסטו נישט ענטפערן". זיי האָבן אָנגעגעבן זייערע נעמען און געזאָגט, אַז ווען זיי וועלן אָנרופן די נעמען, זאָל איך זיך אָפּרופן, און זיי וועלן מיר ברענגען עסן און טרינקען. מיר זענען צוגעקומען צו אַן אָרט, זיי האָבן געעפנט די טיר, צוגעשטעלט אַ לייטער און איך בין אַרויף אין דער הויך. דער לייטער איז געוואָרן צוגענומען, די טיר פאַרמאַכט.

ווען איך האָב זיך געלייגט שלאָפן, הער איך פּלוצלינג ווי עס דערנענטערן זיך טריט, דאָס האָט זיך איבערגעחזרט כסדר, און דערווייל האָב איך געלעבט אין גרויסער שרעק. מיין מוח האָט שיער געפּלאַצט פון פיל קלערן און טראַכטן. פאַרטאָג האָט איינער געברענגט עסן און אַ ביסל האָניק. איך האָב אים דערציילט פון ווו איך בין און וואָס עס איז מיט מיר געשען און וויפיל צרות איך בין דורכגעגאַנגען. אין זיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן פון מיטלייד אויף מיר. דערנאָך האָט ער אָנגענומען מיין האַנט און געזאָגט: „האָב נישט קיין מורא, שרעק זיך גאָרנישט, איך וועל זיך מיט דיר באַגיין ווי אַ פאָטער צו אַ זון,

איך וועל דיר געבן עסן און טרינקען, עס וועט דיר גאָרנישט פעלן, וועסט ווערן אַ ביסל געזונט, וועל איך דיך אָפּפירן אַהיים". ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אויפן פעלד ליגן אַ סך הרוגים פון די, וואָס זענען געגאַנגען מיט מיר. איך האָב זיך נישט געקאָנט באַהערשן און האָב שטאַרק אָנגעהויבן צו וויינען פאַר פרייד, אַז איך בין געראַטעוועט געוואָרן; פון דער צווייטער זייט, האָב איך געוויינט, וואָס יונגע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך נעכטן געלעבט, געווען געזונט און פריש, און איצט ליגן זיי טויט, צעזייט אויפן פעלד.

דריי מאָל אין טאָג איז דער פויער געקומען אין דער סטאָדאָלע און מיטגע־ברענגט עסן פאַר מיר. ער האָט מיך געטרייסט און מיט מיר געשמועסט. איינמאָל איז געקומען צו מיר דער פויער בייטאָג און געזאָגט: „זאָלסט וויסן עס איז שלעכט, דייטשן קומען אָן אין דאָרף און ווילן נעכטיקן אין די סטאָדאָלעס. אייניקע האָבן זיי שוין באַקוקט און אויך די אין וועלכער דו שלאָפסט. קען זיין, אַז זיי וועלן זי אויך נעמען צום שלאָפן. וואָס טוט מען מיט דיר. עס איז נישטאָ קיין אָרט ווו דיך אויסצובאַהאַלטן. עס איז אַ קליין דאָרף, און די שכנים וועלן זיך באַלד דערוויסן, אַז דו ביסט אין דאָרף. קאָן זיין, אַז זיי וועלן נאָך דיך אויסגעבן. אַלזאָ, וואָס טוט מען?" ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און באַלד אויפגעשיינט פאַר פרייד. „איך האָב געפינען אַן אָרט — זאָגט ער — אונטן אין סטאָדאָלע איז פאַראַן אַ סך שטרוי, איך וועל דיר מאַכן אַ טיפן קעלער, דיך אַריינלאָזן און מיטגעבן עסן אויף 2 טעג און איך וועל דיך גוט פאַרמאַכן, מען זאָל נישט דערקענען. נאָר זיי פאַרזיכטיק, אַז דו זאָלסט נישט הוסטן אַמאָל, וועסט זיין דאָרטן ביז זיי וועלן אַוועק". פאַרטאָג איז ער געקומען און מיט פרייד אויסגעשריגן: „קום אַרויס, האָב נישט קיין מורא זיי זענען אָבער באַלד אַוועק". איך בין אַרויף צוריק אויף מיין געלעגער.

אַ טאָג פאַר ערב יום־כיפור, ליגנדיק אַזוי און טראַכטנדיק וועגן מיין גורל און שעפּטשענדיק אַ געבעט צו גאָט, ער זאָל מיך נישט פאַרגעסן און שיקן אַ הילף, הער איך פּלוצלינג אַ קול רופט מיין נאָמען, איך זאָל אַראָפּגיין. איך ענטפער גאָרנישט. נאָך אַ מאָל שווערט זיך איינער: „מיר זענען פיר יידן, מיר קענען דיך גוט, מיר זענען פון דער שטאָט פולטוסק. האָב נישט קיין מורא". איך האָב זיכער געמיינט, אַז דאָס זענען דייטשן. אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין אויסוועג און איך בין אַראָפּגעגאַנגען. אונטן זענען טאַקע געשטאַנען פיר יידן און האָבן זיך געוואָנדן צו מיר בקיצור: אַזוי ווי מאָרגן איז ערב יום־כיפור און זיי פאָרן אַהיים, וועלן זיי דאָ וואַרטן אויך אויף מיר, און איך זאָל זיך צוגרייטן מיט־צופאָרן קיין פולטוסק. אַ צייכן האָבן זיי מיר געגעבן, אַז זיי וועלן זאָגן „משיח",

זאָל איך באַלד אַראָפּ. זיי זענען אַוועק, און איך בין צוריק אַרויף אויף מיין אָרט. באַלד איז אָנגעקומען דער פויער און מיר געשילדערט, וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען: די יידן האָבן אַ סאָד (אַן אויבס־גאָרטן) אין אַ צווייטן דאָרף, דאָרטן האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז אַ ייד איז געוואָרן פאַרווּנדעט אויפן וועג און האָט זיך געפונען אין אַ דאָרף באַהאַלטן אונטער אַ שייער תבואה און ער איז פאַרשווּנדן געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. די ידיעה האָט זיי נישט געלאָזט רוען און זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט און נאָכגעפאָרשט, ביז זיי זענען געקומען אין דעם דאָרף. איך בין געשטאַנען מיט עטלעכע פויערים, זענען צוגעקומען צו אונדז עטלעכע יידן און געפרעגט, צי מיר ווייסן עפּעס וועגן אַ יונגן ייד, וואָס איז דאָ געפאַלן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי מיינען דיך. האָב איך געגעבן אַ צייכן, זיי זאָלן שווייגן. אַזוי איז געווען. דערנאָך האָב איך זיי איבערגעגעבן ווו דו ביסט.

דער פויער איז אַוועקגעגאַנגען און איך בין געבליבן אַליין, פאַרטראַכט אויף די ישועה וואָס דאַרף קומען. איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן. אַזוי איז אַדורך אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב זיך געפונען אין דער זעלבער לאַגע ווי דער אַרעסטאַנט, וואָס גלייבט נישט און צווייפלט אין זיין באַפרייאונג. פאַרטאָג איז אַרויפגעקומען צו מיר דער פויער און מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ געשטיקטער שטימע זיך געוואָנדן צו מיר: „איך האָב דיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, אויסגעהיט דיך פון אַלעם בייזן, האָסט געהאַט ביי מיר אַ רעטונגס־אָרט און איצט פאָרסטו אַהיים צו דיינע עלטערן. צי וועסטו מיך געדענקען צום גוטן? און שרייבן מיר אַ בריוו פון אָרט ווי עס איז אַדורך דער וועג און וואָס דיינע עלטערן זאָגן וועגן מיר", און — מיט אַ געלעכטער — „וויפל וועסטו מיר באַצאָלן פאַר דעם!"
איך האָב געשוווירן, אַז קיינמאָל אין לעבן וועל איך אים נישט פאַרגעסן. ער האָט מיר געדאַנקט דערויף און געגעבן זיין אַדרעס. איך האָב געגעסן און געטרונקען. דערנאָך האָט ער מיט מיר זיך געזעגנט זייער הערצלעך. ער האָט מיך געהאַלדזט און געקושט און שטאַרק געוויינט. איך האָב אים שטאַרק געדאַנקט, ער איז פון מיר שטיל אַוועקגעגאַנגען. שפּעטער איז געקומען זיין פרוי און זון און האָבן זיך מיט מיר געזעגנט און געווּנטשן, איך זאָל בשלום צוריקקומען צו מיינע עלטערן. זיי האָבן מיר מיטגעגעבן מילך אויפן וועג. נאָך זייער געזע־גענען זיך מיט מיר איז אָנגעקומען די פור. איך בין אַרויף אויפן וואָגן און דער פויער און פרוי און קינדער זענען געשטאַנען פון דערווייטנס און צוגעקוקט ווי איך פאָר אַוועק.

אַרויספאָרנדיק פון דאָרף האָבן מיך דערקענט אייניקע פויערים און גע־פרעגט פון וואַנעט איך בין דאָ. מיר האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג קיין פולטוסק.

אויפֿן וועג זענען געגאַנגען מחנות דייטשן און זיי האָבן אויף מיר נישט געלייגט קיין אַכט. איך האָב זיך זייער פיל געשראָקן. מיר זענען געווען גוט באַקאַנט זייערע מעשים, די ווונדן זענען נאָך געווען פריש, איך זאָל זיי פאַרגעסן. איין דייטש, אַ פוס־גייער, האָט פאַרהאַלטן די פור און געהייסן אָפּשטעלן. דער פורמאַן האָט נאָר וואָס געוואָלט איינהאַלטן די פערד, אין דערזעלבער מינוט איז אָנגעפאָרן אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ צווישן דייטש און וואָגן, אַזוי אַז דער דייטש האָט געמוזט אַוועק אין דער זייט פון שאָסיי. אין דעם מאָמענט האָט דער פורמאַן אויסגענוצט די געלעגנהייט און געגעבן אַ שמיץ די פערד און מיר האָבן זיך דערווייטערט פון אָרט. דער דייטש האָט געשריגן, מיר זאָלן בלייבן שטיין, אָבער דער פורמאַן האָט געטאָן זיינס און געפאָרן ווייטער. אַזוי בין איך געוואָרן געראַטעוועט פון אַ פרישן אומגליק וואָס האָט געקענט געשען.

איך בין אָנגעקומען קיין פולטוסק בשלום. עס איז געווען ערב יום־כיפור. יעדער איינער איז נאָר געווען אינטערעסירט צו וויסן וואָס איז געשען מיט מיר, אָבער מער נישט. נאָר איין פרוי האָט געהאַט מיטלייד און מיך אַריינגענומען אין שטוב. שפּעטער, נאָך דעם מיטיק־עסן, בין איך אַרויס אין גאַס געוויער ווערן וואָס הערט זיך, דערקענט מיך איינער, וואָס איז אַמאָל געווען אין סעראָצק, און בעט מיך אַריין צו זיך. איך האָב זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און געגאַנגען מיט אים. איך האָב געגעסן די סעודה פון פאַרנאַכט און געלאָזט זיך גיין צו כל־נדרי. דער חזן האָט געזונגען מיט אַ צעבראָכן האַרץ און מיט אַ הייזעריקער שטים, אויף אַלע איז געפאַלן אַ שרעק און אַ ציטער, צוליב דייטשן, וואָס דרייען זיך אַרום אויף די גאַסן. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך געפין זיך אין די געהיימע קעלערן פון די מאַראַנען אין אַמאָליקן שפּאַניע. אויף צומאָרגנס זענען מיר שוין נישט געגאַנגען צום דאַווענען, צוליב מורא פאַר כאַפּן אויף אַרבעט. געדאַוונט האָב איך אין שטוב מיט גרויסער און הייסער כוונה. איך האָב זיך דערמאָנט דאָס שולעכל פון פאַראַיאָרן. פאַר כל־נדרי פלעגט מיין פאָטער און מוטער מיר, מיין ברודער און שוועסטער, ווינטשן אַלעס גוטס, און איצט מוז איך זיין אין דער פרעמד און עסן ביי אַ פרעמדן טיש. איך האָב געבעטן, עס זאָל שוין זיין תכלה שנה וקללותיה ותחל שנה וברכותיה. אַזוי איז אַדורך דער הייליקער טאָג מיט שטאַרק געבעט. זונטיק אינדערפרי האָט מיך אונטער־זוכט אַ דאָקטאָר. געמאַכט אַן איינשפריצונג, באַנדאַזשירט מיין ווונד און פאַר־אָרדנט, אַז דריי טעג זאָל איך ליגן אין בעט.

גייענדיק אַהיים פון דאָקטאָר, טרעף איך אַ פורמאַן פון אונדזער שטאָט. ער

וויל מיך מיטנעמען אַהיים קיין סעראָצק. איך האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל אָפּגעבן אַ גרוס מיינע עלטערן, און מיין שוועסטער זאָל קומען צו פֿאָרן צו מיר. מיין שוועסטער איז געקומען און האָט מיך קוים דערקענט. זי האָט מיך אויסגעפֿרעגט וואָס איז געשען און ווי אַזוי. איך האָב איר אַלץ דערציילט, זי האָט געוואָלט מיט מיר אַהיים פֿאָרן, אָבער דער דאָקטאָר האָט געהייסן ליגן דריי טעג און אויפֿן דריטן טאָג נאָכאַמאָל קומען צו אים. איך האָב אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער צו מיינע עלטערן און געגעבן מיין שוועסטער. זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז אויפֿצומאָרגנס וועט זי קומען נאָכאַמאָל און מיך אַהיים נעמען, אָבער צו מיין גרויסן אומגליק איז געשען אַנדערש. אַנשטאָט צו פֿאָרן אַהיים, בין איך און אַלע איינוווינער פֿון פּולטוסק אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון שטאָט און געלאָזט זיך אין אַן אַנדערן וועג.

געשען איז דער גירוש דינסטיק, אַ טאָג פֿאַר ערבֿ־סוכות ת״ש. נאָך צוועלף אַזייגער בייטאָג, ווען איך האָב זיך צוגעגרייט צו גיין צום דאָקטאָר, זע איך אַלע פֿון שטוב זענען פֿאַרוויינט. איך פֿרעג זיך איבער, וואָס איז דאָ געשען, באַקום איך אַן ענטפֿער, אַז מען נעמט צונויף אַלע ייִדן פֿון שטאָט אויף איין אָרט, און באַלד האָב איך געזען ווי עטלעכע באַוואָפֿנטע דײַטשן האָבן זיך באַוויזן אויפֿן זעלבן הויף, וווּ איך בין געווען און געהייסן אַלע איינוווינער פֿאַרלאָזן די שטובן און גאָרנישט מיטנעמען מיט זיך. איך בין מיטגעגאַנגען מיט אַלע ייִדן אויף דעם פּלאַץ, וווּ די דײַטשן האָבן געהייסן. אויפֿן וועג האָב איך געזען גרופּן, יונגע און אַלטע אויסגעמישט, גייען און וויינען. צוקומענדיק אויפֿן אָנגעצייכנטן אָרט, איז נישט מעגלעך געווען איבערצוהאַלטן פֿון די געשרייען און געוויינען, וואָס עס האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון אַלע. אַזוי זענען מיר געשטאַנען עטלעכע שעה. דערנאָך איז פֿאָרגעקומען אַ שטאַרקע רעוויזיע. דריי מאָל איז איטלעכער געוואָרן רעווידירט און צוגענומען, וואָס זיי האָבן געפֿונען, און געהייסן גיין קיין רוסלאַנד. איין ייִדישער בחור האָט פֿון גרויס אויפֿרעגונג, אויסגערופֿן אויפֿן קול: „אַזעלכע באַרבאַרן זענען נאָך נישט געווען!“ פֿאַר אָט די ווערטער האָבן אים די דײַטשן אַרײַנגעוואָרפֿן אין וואַסער. דער זעלבער האָט געקאָנט שווימען, איז ער על־פּי נס אַרויסגעשווימען אויף אַן אַנדער אָרט. די דײַטשן האָבן אונדז באַגלייט מיט ביקסן־שאָסן, וואָס זענען געפֿאַלן ווי אַ האָגל ביז אַ קילאָמעטער אין וועג.

דעם ערשטן גירוש האָב איך איצט דורכגעלעבט. פֿאַר מיר האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ וועג אָן ציל, באַגלייט פֿון פּיין, צרות, מאַטערניש און הונגער. איך האָב געוואַנדערט פֿון דאָרף צו דאָרף, פֿון שטאָט צו שטאָט, געגנעכטיקט

אויפן פעלד, געגעסן רויע בוראַקעס, געבראָטענע קאַרטאָפל, טיילמאָל האָב איך געפאַסט פיר אָדער פינף טעג און אָנגעפילט דעם בויך מיט וואַסער אַבי די נשמה צו דערהאַלטן. מיינע כוחות זענען שוואַך געוואָרן, די פיס האָבן זיך קויב געשלעפט. איך האָב מורא געקריגן, אַז איך זאָל נישט פאַלן אויפן וועג פון הונגער און דורשט. אין איין אָרט האָב איך זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע טעג, געשלאָפן אין סטאָדאָליע. געגעסן געבראָטענע קאַרטאָפל מיט וואַסער. איינמאָל פאַרנאַכט זאָגט אַ פויערטע, ווו מיר האָבן זיך געוואָלט אָפּרועןִ, צו די יידן, זיי זאָלן פאַרלאָזן דאָס דאָרף, ווייל דייטשן דאַרפן אָנקומען. די יידן האָבן זיך נישט געמאַכט וויסן. דאַן האָט די פויערטע אַרויסגעוואָרפן אַלע יידן פון שטוב, אַזוי אַז מען האָט געמוזט זיך ווייטער לאָזן אין וועג. איך מיט נאָך עטלעכע פאַ־מיליעס פרוּוון זיך דעמאָלט צו באַזעצן אין אַ צווייטן דאָרף, אָבער באַלד האָבן מיר געהערט, ווי אַזוי מען האָט געפּייניקט אין אַ דאָרף דערנעבן פיל יידן. עס זענען אַריין אַ מחנה דייטשן און גענומען אַלע מענער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, און געהייסן זיי שווער אַרבעטן אונטער די שמיץ פון בייטשן, און דערנאָך געהייסן לויפן ווייטער, לייגן זיך מיטן פנים אויף דער ערד און דאָס פנים איינגראָבן אין זאַמד, און ווער עס האָט זיך אויפגעהויבן אַביסל צו כאַפּן לופט, האָבן זיי אַרויפגעשטעלט די פיס און צוגעדריקט דעם קאָפּ אין זאַמד אַריין. די „ידיעה" האָט אונדז שטאַרק דערשיטערט, צוליב מורא האָבן מיר גלייך פאַר־לאָזט דאָס דאָרף. איך האָב גענומען דעם וואַנדערשטעקן און ווייטער זיך געשלעפּט מיט דער גרופּע יידן, ביז מיר זענען אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטל דלוגאשאדלא, ווו עס איז געווען אַ זומער־וווינונג. אַריינקומענדיק אין שטעטל, זע איך אַ טומל פון פיל מענטשן, וואָס זענען געווען אויף דער גאַס. אויף מיין פראַגע וועגן דעם רעש, ענטפערט מען מיר, אַז דאָס זענען פליטים, אַרויסגעטריבן פון אַ שטאָט און ווילן זיך דאָ אָפּרוען. איך האָב זיך פאַרהאַלטן אין שטעטל אויף אייניקע טעג, נאָכדעם האָבן די דייטשן פאַרזאַמלט אַלע יידן אויפן מאַרק־פּלאַץ און איינער האָט גערעדט צו די פאַרזאַמלטע: „זייט וויסן, אַז די צוגערייזטע מוזן באַלד פאַרלאָזן די שטאָט, און די איינוווינער פון פריער מוזן עס טאָן אין משך פון צוויי שעה און מיטנעמען זאַכן; אָבער נאָך די צוויי שעה — אָן זאַכן!".

עס איז געוואָרן אַ געוויין און אַ יאָמער, און מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן רירן פון אָרט מיט געפּעק אויף די פּלייצעס. די מענטשן, ביי וועמען איך האָב זיך אויפגעהאַלטן, זענען געווען גוטע באַקאַנטע מיינע און האָבן אָנגעלאָדן אויף מיינע פּלייצעס אַ גרויסן פּאַק מיט קאָלדרעס און וועש.

איך האָב זיך געלאָזן ווייטער גיין ביז איך בין אָנגעקומען פאַרנאַכט אין

דער שטאָט אָסטראָלענקאַ. איבערגענעכטיקט אין שטאָט און צומאָרגנס זיך געלאָזט גיין אַריבער די רוסישע גרענעץ אָן שום שטערונג, אויסער דעם וואָס די דייטשע גרענעץ־וואַך האָט מיך רעווידירט. זעענדיק דעם ערשטן רוסישן זעלנער, האָב איך געוואָלט מאַכן אַ ברכה איבער אים, אָבער קומענדיק אַ ביסל ווייטער צום שייד־וועג, וואָס פירט אין פיל ריכטונגען, ווי אויך קיין זאַמבראָוו, האָט דער פּאַטרול נישט דערלויבט צו גיין מיטן שאָסיי און געהייסן גיין אין די זאַמדן עטלעכע צוואַנציק קילאָמעטער, וואָס פירט אין אַ קליין שטעטל. די גאַנצע צייט איז נישט געווען צו עסן.

אין דעם קליינעם שטעטלע בין איך אָנגעקומען פאַרנאַכט, אָבער צום שלאָפן האָט מיך קיינער נישט אַריינגענומען, יעדער האָט פאַרמאַכט די טיר, איך האָב געמוזט שלאָפן אין בית־המדרש. אויפצומאָרגנס האָב איך זיך געלאָזט אונטערזוכן ביים שטאָטישן דאָקטאָר. ער האָט מיך באַנדאַזשירט און געזאָגט, אַז די וווּנד בעסערט זיך. דערנאָך האָב איך זיך געלאָזט ווייטער. כ'האָב זיך געשלעפּט ביז איך בין אָנגעקומען צו דער באַן. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געמוזט נעכטיקן אויפן וואָקזאַל. אויפצומאָרגנס איז אָנגעקומען דער צוג. איך בין קוים אַרויף אויפן צוג, אַ ים פון מענטשן האָט זיך געשטופּט. יעדער האָט געוואָלט, וואָס שנעלער אָנקומען קיין ביאַליסטאָק. אינמיטן וועג האָט זיך דער צוג געמוזט אָפּשטעלן עטלעכע קילאָמעטער פאַר אַ וואַסער. איטלעכער האָט זיך געאײַלט שנעל צום וואַסער פאַרנעמען אָרט אין אַ קליין שיפל, וואָס האָט קורסירט צווישן די ברעגן און נאָכדעם קאָנען באַוויזן צום צוג, וואָס שטייט עטלעכע קילאָמעטער אויף דער צווייטער זייט וואַסער. קוים אַ לעבעדיקער בין איך אַרויף אויפן צוג. איך בין געווען זייער דורשטיק, אָבער וואָס האָב איך מיר געקאָנט העלפן. נעבן מיר איז עמעצער געזעסן און געהאַלטן אַ פלאַש וואַסער, איך האָב זיך געבעטן אַ טרינק, אָבער נישט באַקומען. אין אָוונט בין איך אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

## ב) ביי די רוסן

איך האָב מיך געלאָזט אין די גאַסן מיט דעם פּאַק פון מיינע דלוגאָשעדלער באַקאַנטע. אין מיטן גאַס פאַרהאַלט מען מיך און מען הייסט מיך אײַנשטייגן אין אַן אויטאָ. דאָרט האָבן זיך שוין געפינען פיל מענטשן. איך האָב זיך שטאַרק געפרייט. דער אויטאָ איז פאַרפאָרן אונטערן שטאָט. די רוסישע זעלנער געבן אָרט, ווו מיר האָבן אַריינצוגיין און צוגעזאָגט צו ברענגען עסן. מיר האָבן געוואַרט

איין שעה און צוויי און נאָך מער, אָבער קיין עסן זעט מען נישט און מען הערט נישט. פאַר גרויס פאַרדרוס האָבן מיר גענומען אַ ביסל שטרוי, אַנידערגעלייגט אויף דער פאַדלאָגע און געלייגט זיך שלאָפן. אויפצומאַרגנס זענען מיר אַוועק אין שטאָט אַריין זוכן עפּעס עסן. דעם פּאַק האָב איך איבערגעלאָזט, ווו איך בין געשלאָפן און געבעטן איינעם, ער זאָל אַכטונג געבן אויף אים. אין שטאָט זענען געווען פיל פּליטים, אַרויסגעטריבענע פון אַ סך שטעט. ביי דער קהילה זענען געווען פאַר־שידענע רייען: אויף עסן, וועגן אַ דירה און — צו אַ דאָקטאָר. איך האָב זיך געשטעלט צום דאָקטאָר און אויף עסן. איך בין אַריין אינעווייניק אין דער קהילה, זאָגט מען מיר, אַז עס איז שוין נישטאָ מער קיין קוויטלעך אויף עסן, נאָר צום דאָקטאָר. האָב איך געוואָלט צום דאָקטאָר. און געזאָגט: אַז איך בין קראַנק, אָבער דערווייל בין איך זייער הונגעריק. עטלעכע טעג פאַסט איך שוין. איך האָב שוין נישט קיין כוח אויסצוהאַלטן. מ'האָט רחמנות געהאַט און מיר געגעבן אַ קוויטל אויף אַ מיטאָג אין דער קהילה־קיך. איך האָב זיך געשטעלט אין דער ריי אויף מיטאָג. איך בין געשטאַנען פיר שעה, קוים איך בין אָנגעקומען צום פענצטערל אויף אַ מיטאָג. שוין באַקומענדיק אַ שיסעלע זופּ מיט אַ שטיקל ברויט, איז עס פון גרויס ענגשאַפט און שטויסן זיך איינער אויפן צווייטן, אויס־געגאָסן געוואָרן, און איך בין געבליבן מיט אַ ליידיק שיסעלע אין האַנט. כ'האָב אויפגעגעסן דאָס שטיקל ברויט און אָנגעטרינקען זיך מיט קאַלט וואַסער, בכדי צו לעשן דעם דורשט.

איך בין אַרויס אין גאַס זען וואָס ס'הערט זיך און געטראָפן מיינע באַקאַנטע, וואָס זענען געקומען פון לאַגער. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט. זיי האָבן נישט געוואָלט גלייבן, אַז איך לעב. איך האָב זיי געפרעגט, וועגן מיין ברודער, אָבער זיי האָבן וועגן אים גאָרנישט געוווּסט. נאָכדעם האָבן מיר זיך געלאָזט אין אַ בית־המדרש נעכטיקן. און דאָרט געזען טרויעריקע סצענעס: מענטשן האָבן געזוכט אין די העמדער, אין די קליידער. דאָ איז געשטאַנען אַ ייד, כמעט אין גאַנצן נאַקעט און געזוכט. איך האָב נישט געקאָנט געפינען אַ ריין שטיקל אָרט. מיינע באַקאַנטע פון סעראָצקט האָבן פאַר מיר אויפגעפונען אַן אַנדער אָרט — ווידער אין אַ בית־המדרש. דאָרט האָב איך באַקומען טיי וויפיל כ'האָב געוואָלט, און אויך גענוג ברויט, אַזוי אַז עס איז נאָך געבליבן אויף מאָרגן. מיר האָבן צוזאַמענגעריקט די בענק און זיך געלייגט שלאָפן.

אינדערפרי בין איך געגאַנגען צוריק אויף דעם פאַריקן אָרט. אין דרויסן איז געפאַלן דער ערשטער שניי. די גאַסן זענען געווען באַדעקט מיט אַ ווייסן דיוואַן. געגאַנגען בין איך מיט פרייד, ווייל איך האָב שוין געהאַט אַ באַקוועם

אָרט ווו אויפצוהאַלטן זיך. איך האָב גענומען דעם פּאַק און געלאָזט זיך צוריק אין שטאָט. אין זעלבן טאָג האָב איך געטראָפן מיין צוקונפטיקן שוואָגער, וועלכער איז אויך אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זיין שטאָט רוזשאַן, דער זעלבער איז געקומען מיט סחורה, וואָס ער האָט אָפּגעראַטעוועט פון דאָרט, אַזוי אַז ער איז געווען אַקעגן מיר אַ גביר. זיין צוזאַמען האָבן מיר נישט געקאָנט. ס׳זענען געווען צענדליקער טויזנטער פליטים, וואָס זענען געקומען קיין ביאַליסטאָק. אַזוי איז געווען דער גורל פון אַלע. אויך זיי האָבן זיך, ווי איך, געמוזט אויפהאַלטן אין די בתי־מדרשים, און שלאָפן אויף דער ערד. מיין שוואָגער האָט געעפנט אַ געוועלב און פאַרדינט אַ סך געלט אַזוי אַז איך האָב שוין געהאַט צו עסן אַ גוט פרישטיק, מיטאָג און אָוונטברויט צו דער זעט. פיל מיליטער־לייט האָבן געגעבן צו לייזן, אַזוי, אַז יעדער האָט שיין פאַרדינט. די מיליטער־לייט, ווי אויך די העכערע ראַנגעס, האָבן אין גאַס אַלץ געקויפט, וואָס זיי האָבן געזען: שטיקער מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריע, פּרוכטן, עסנוואַרג — אַממערסטן זייגערס. אַלץ האָבן זיי געקויפט און זיך גאָרנישט געדונגען. זיי האָבן דאָס אַלץ צום ערשטן מאָל געזען אין זייער לעבן. די מיליטער־לייט זענען ס׳רוב געווען העפלעך. מיט יעדן איינעם האָבן זיי האַרציק זיך באַגריסט, אָן אונטערשיד פון גלויבן. מיט יעדן געשמועסט און גערעדט, וועגן פאַרשידענע זאַכן. דער האַנדל איז געוואַקסן און געוואָרן אַ פּאָפּולערע זאַך. אַ טייל מענטשן זענען געוואָרן רייך. פיל האָבן זיך איינגעאָרדנט גאַנץ לייטיש. אומעטום געמעגט אַריינגיין און קומען און נישט שרעקן זיך פאַר קיינעם, מען האָט געמיינט, אַז די נויט־פראַגע איז געלייזט געוואָרן. די פּרייזן זענען געשטיגן אויף אַלץ. אויף יעדער זאַך איז מען געשטאַנען אין די רייען: פון ברויט ביז אַ נאָדל. אַנדערש איז נישט געווען מעגלעך צו באַקומען. אַזוי איז דאָס לעבן געגאַנגען נאָרמאַל. מענטשן האָבן אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן זייער צוקונפט — איין געדאַנק האָט אַלע אַרומגענומען: האַנדל, געלט, ב״זנעס און מער גאָרנישט.

איך האָב אַנדערש געטראַכט וועגן דעם לעבן און אויך וועגן דער אומגעבונג, אין וועלכער איך בין געווען. מיין חלום פון פריער האָט זיך ווייטער געשפּינען. דאָס שלאָפן אין בית־המדרש אויף דער פּאָדלאָגע האָט נישט געשטילט מיינע ליידן און פּיין. מיין בענקשאַפט צו מיינע עלטערן, ברודער און שוועסטער, האָט נישט אויפגעהערט. וועגן בלייבן דאָ איז ביי מיר נישט געווען קיין רייד. פיל מאָל האָב איך זיך שטאַרק צעוויינט. אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, באָרוועס און נאַקעט בין איך געווען. אַלץ האָט געקאָסט טייער און שווער צו באַקומען. דאָס בעטגעוואַנט, וואָס איך האָב געטראָגן אויף די פּלייצעס, האָט עמעצער אויפן

וועג צוגענומען. דער גורל פון מיינע נאָענטע וואָס איך האָב איבערגעלאָזן אין דער היים, האָט מיך נישט געלאָזט רוען. איינמאָל ביינאַכט האָט מיין געוויסן גענומען זיך ראַנגלען מיט מיר. פון אָנהייב אָונט ביז שפּעט ביינאַכט: פאָרן אָדער בלייבן, יאָ אָדער ניין, היים אָדער פרעמד. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז צוריק אַהיים. די גרענעץ איז געווען שטרענג און אויסער־געוויינלעך געהיטן, אָבער די שרעק האָט מיך נישט אָפּגעהאַלטן און איך האָב אין דעם זעלבן אָונט צוויי אַזייגער ביינאַכט גענומען דעם וואַנדערשטעקן און געלאָזט זיך אין וועג אַריין. אויפן וועג האָב איך געטראָפן עטלעכע זעלנער פון פּוילן. איך האָב זיך מיט זיי אַדורכגעשמועסט, און זיי זענען מסכים געווען, מיך מיטצונעמען אין וועג. אַזוי זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען ביז מיר זענען אָנגעקומען אין אַ דאָרף. דאָרטן האָט אַ פּויער אָנגערעדט די זעלנער, זיי זאָלן מיך נישט מיטנעמען ווייטער. איך האָב זיך געלאָזט אַליין אין וועג אַריין. אין מיטן גיין טרעף איך אַ קריסטלעכן יונגנמאַן מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס. איך האָב געכאַפּט מיט אים אַ שמועס, און ער האָט מיר דערציילט, אַז ער גייט אויך אַריבער די גרענעץ, אָבער אויב איך וויל אויך צוזאַמען אַריבערגיין די גרענעץ, מוז איך אים באַצאָלן. איך בין מסכים געווען און געגאַנגען מיט אים צוזאַמען. דער זעלבער קריסט האָט מיר דערציילט, אַז זיי ווינען נישט ווייט אויף יענער זייט גרענעץ, און איך וועל קאָנען איבערנעכטיקן ביי זיי. ביי דער גרענעץ איז געווען אַ וואַסער. וואָס מען האָט געדאַרפט אַריבערשפּרינגען, אָבער ווען מיר זענען אָנגעקומען צום וואַסער, האָט דער פּאַטרול אונדז געהייסן שטיין. אין דעם מאָמענט איז דער קריסט אַריבערגעשפּרונגען, און איך בין געבליבן אַליין. איך האָב געפּרוווט טאָן דאָס זעלבע, אָבער נישט געקאָנט. דערווייל איז דער פּאַטרול צוגעקומען נענטער, און איך האָב מורא געקריגן און אַריין אין וואַסער ביז דער העלפט. דער קריסט האָט מיך געגעבן אַ שלעפּ, אַזוי אַז איך בין בשלום אַרויס פון דער אַנדערער זייט וואַסער. דער זעלנער האָט געשריגן, מיר זאָלן גיין צוריק. מיר האָבן גענומען לויפן מיטן גאַנצן כוח, ביז מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטוב פון דעם קריסט.

איך בין אַריין אין הויז נישט טויט און נישט לעבעדיק. איך האָב דאָרט באַ־קומען עסן און האָב פאַר דעם אויך גוט באַצאָלט, אויך פאַר דעם שלאָפן אויף דער ערד, אויסגעבעט מיט שטרוי. איך האָב מורא געהאַט, אַז מען זאָל מיך נישט דערקענען, אַז איך בין אַ ייד, בין איך אַריין צו אַ פּויער און געבעטן, ער זאָל מיך אָפּראַזירן און פאַר דעם געדאַרפט באַצאָלן אַ סך געלט, ווייל ער האָט מיך געדראָט, אַז ער וועט דערציילן די דייטשן, אַז איך בין אַ ייד. אויף צומאָרגנס

האָב איך באַצאָלט דעם קריסט פאַרן אַריבערפירן די גרענעץ טאָפּלט וויפל ער איז מושווה געוואָרן מיט מיר, ווייל אויך ער האָט געדראָט.

איך האָב באַצאָלט אַ פויער, ער זאָל מיך ווייטער פירן, אָבער נאָך איין קילאָמעטער האָט ער מיך אַראָפּגעוואָרפן פון וואָגן. איך האָב זיך געשלעפּט צופוס פון דאָרף צו דאָרף. פאַרנאַכט, (ווען עס איז געוואָרן טונקל, האָט מען נישט געטאָרט גיין) בין איך אַריין אין אַ דאָרף און געבעטן יעדן פויער, ער זאָל מיר דערלויבן איבערנעכטיקן פאַר געלט, אָבער קיינער האָט מיר נישט דערלויבט, מיטן אויסרייד, אַז איך וועל באַלד דערגרייכן צו אַ יידיש דאָרף. עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן נאַכט, האָט מיך ווידער באַפאַלן די שרעק פאַר די דייטשן. נאָך ברייער האָט מען מיך געוואָרנט, אַז אין אָוונט זאָל איך זיך נישט באַווייזן אין דרויסן, כ'האָב אָנגעהויבן לויפן מיטן גאַנצן כוח, און דאָך האָב איך באַשלאָסן נעכטיקן אויפן פעלד אין אַ חרובע סטאָדאָלע, וואָס איך האָב באַמערקט. אָבער צוליב דעם שטאַרקן פראָסט און קאַלטע ווינטן, בין איך אַוועק ווייטער. געפינענדיק זיך אין אַזאַ שווערע סיטואַציע, איז פּונקט אָנגעפאָרן אַ וואָגן אויפן וועג. איך לויף צו שנעל און פרעג דעם פויער, וווהין ער פאָרט. דער פויער ענטפערט מיר, אַז ער פאָרט אין דעם דאָרף ווו איך וויל. קוים מיט צרות האָט ער מיר דערלויבט מיטצופאָרן. אויפן וועג האָט ער פאַרלאַנגט פון מיר טאַבאַק, און פּונקט האָב איך עס מיטגענומען. איך האָב אים דערמיט מחיה־מתים געווען, ווייל טאַבאַק האָט מען נישט געקריגן אַפילו פאַר געלט.

אָנקומענדיק אין דאָרף, ווו איך האָב געוואָלט, איז שוין געווען פינצטער. אַריינקומענדיק אין אַ שטוב, האָבן מיך עטלעכע מענטשן דערקענט. זיי האָבן מיך פריינטלעך אויפגענומען, דערלאַנגט ברויט מיט טיי, אויסגעפרעגט פון וואַנען איך קום און וואָס הערט זיך „דאָרט". איך האָב זיי געשילדערט אַ קליינעם טייל פון מיין איבערלעבונג, דערנאָך האָבן זיי געמאַכט אַ געלעגער אויף דער פּאָדלאָגע. אין יענער שטוב האָבן עטלעכע פרעמדע מענטשן גענעכטיקט, און פאַר מיר איז שוין נישט געווען קיין בעט. איך האָב געקלערט ווי אַזוי צו קאָנען ווייטער גיין אין אַזאַ שטאַרקן ווינט. פאַרטאָג האָב איך זיך געלאָזט אין וועג. צוקומענדיק צום וואַסער, וואָס איז נאָענט פון אונדזער שטאָט, האָב איך געמוזט צאָלן פיל געלט פאַרן אַריבערשיפן אויף דער צווייטער זייט און איך בין אַוועק אין שטאָט אַריין. יעדעס הייזל און בוים איז מיר געווען באַקאַנט. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל שוין אין מיין לעבן מער נישט זען דאָס אַלץ, דעריבער האָט אַלץ אויסגעזען ווי ניי געבוירן. אַריינקומענדיק אין אונדזער אויסגעבענקטער און אויסגעחלומטער שטאָט, האָב איך זיך שטאַרק צעוויינט. איך האָב זיך קיינעם

נישט געגעבן צו דערקענען. ווען איך בין אַריין אין שטוב, האָבן זיי געמיינט, אַז איך בין אַן אָרעמאַן און געוואָלט מיר געבן אַ שטיקל ברויט. אין דעם מאָמענט האָב איך אויסגעשריגן: „איר דערקענט מיך נישט ווער איך בין”? איך בין געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, אַזוי אַז עס איז געווען שווער מיך צו דערקענען. מיינע עלטערן און שוועסטער האָבן זיך מיט מיר צעקושט און צעוויינט, זעענדיק מיך נאָך פאַר די אויגן. איך האָב זיי געשילדערט מיין שווערן וועג, און גלייך זיך געלייגט אין בעט אַריין. בליץ שנעל איז דערגאַנגען די ידיעה אין שטאָט וועגן מיין צוריקקומען. אַלע פריינד און באַקאַנטע זענען גלייך געקומען צו מיר זען וואָס איך מאַך. יעדער איינער איז געווען פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס הערט זיך אויף יענער זייט גרענעץ, ווו עס געפינען זיך דער רוב פון זייערע נאָענטע.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך פאַרברענגט אין שטוב מיט באַקאַנטע. אָבער אין אָוונט איז מיר געווען אומבאַקוועם, ווייל ביז פינף אָוונט האָט מען געמעגט גיין אין גאַס, אַזוי אַז מיינע חברים האָבן מיך נישט געקאָנט באַזוכן. אין אָוונט האָט קיין עלעקטרי נישט געטאָרט ברענען, דעריבער בין איך זייער פרי געגאַנגען שלאָפן. מיין גרויסע און רייכע ביבליאָטעק, וואָס איך האָב מיט מי געשאַפן, איז אין גאַנצן פאַרברענט געוואָרן. אין מיין ביבליאָטעק זענען געווען: ש״ס און פוסקים, אַן אויסוואַל פון דער אַלטער און נייער העברעאישער ליטעראַטור, הונדערטער יידישע ביכער, ביכער אין דער פוילישער שפראַך. אין מיין קליינעם בית־המקדש איז געווען אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פון פילאָסאָפיע, פּסיכאָלאָגיע און געזעל׳שאַפטלעכע וויסנשאַפטן. צענדליקער יוגנטלעכע האָבן געטרונקען פון דעם קוואַל — און דאָס איז אַלץ פאַרברענט געוואָרן אויף דעם היטלעריסטישן שייטער־הויפן.

אין אַזאַ דערדריקנדיקער אַטמאָספערע האָב איך פאַרברענגט אייניקע וואָכן. איך האָב געמיינט אַז איך וועל שוין האָבן אין שטוב אַ מקום־מקלט, פון רו און צופרידנקייט. אָבער דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט. אין אַ פרימאָרגן — אַ טאָג פאַר ערב חנוכה (1939), האָט מען געגעבן אַ קלאַפּ אין טיר און געהייסן אַלע פאַרלאָזן די שטוב. מען האָט אונדז געהייסן גיין צום מאַרק־פּלאַץ. מיטנעמען מיט זיך עפּעס האָבן די דייטשן נישט געלאָזט. צוקומענדיק צום אָרט, האָבן מיר געזען אַלע איינוווינער פון שטאָט, יונג און אַלט, פרויען און פּיצלעך קינדער אויף די הענט, קראַנקע און שוואַכע, קאַליקעס אויף די פיס און הענט; מענטשן וואָס מען האָט געמוזט האַלטן ביי די אָרעמס. ווען די דייטשן האָבן זיך באַוויזן אויפן פּלאַץ אין זייער ווילדער רציחה, האָט יעדער געשטופּט זיך צו באַהאַלטן ביים צווייטן.

ווער ס'האָט געזוכט זיינע קינדער, עלטערן, איינער אַ מוטער, איינער אַ פאָטער, אַ שוועסטער און אַ ברודער. די געוויינען, געשרייען און געוואַלדן זענען דערגאַנגען ביז אין הימל אַריין. טונקל אין דרויסן, קאַלט אַרום און אַרום, נאַקעט און באָרוועס זענען מיר אַלע געשטאַנען צוזאַמען עטלעכע שעה ביז די דייטשן האָבן אויסגערוימט פון אַלע שטובן און באַהעלטענישן אַלע יידן און זיי געבראַכט צום פּלאַץ.

דערשלאָגן, צעבראָכן און צעבלוטיקט דורך די מערדער, זענען מיר געשטאַנען ביז עס איז געוואָרן טאָג. דערנאָך האָבן זיי געהייסן, מיר זאָלן זיך איינשטעלן אין דרייען און רירן פון אָרט. מיר זענען געגאַנגען און געוויינט. יעדער האָט זיך אומגעקוקט צו וואַרפן זיין לעצטן בליק אויף דער שטאָט, וועלכע ער מוז פֿאַרלאָזן. דאָס פאַרמעגן און האָב־און־גוטס, וואָס יעדער האָט געזאַמלט פון עטלעכע דורות, דאָס אַלץ האָט געמוזט בלייבן. די שול, דאָס בית־המדרש, הייליקע ספרים, ווי אויך אַנדערע זאַכן, זענען איבערגעבליבן הפקר. אויפן וועג האָט מען נאָר געהערט קרעכצן און זיפצן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די הערצער. אָן עסן, אָן טרינקען, האָבן מיר זיך געשלעפּט אַ גאַנצן טאָג. פאַרנאַכט, ווען די זון האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין, זענען מיר אָנגעקומען צו דער שטאָט נאַשעלסק. דאָרטן האָבן די דייטשן, וואָס האָבן אונדז געפירט אויפן וועג, באַזוכט און צוגענומען דאָס געלט. דערנאָך זענען געקומען באַנדעס באַוואָפנטע דייטשן מיט שטעקנס און נאַגייקעס און אָנגעהויבן שטאַרק שלאָגן און געהייסן אַלע לויפן שנעל. ווער עס איז געפאַלן, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף אים ווי די ווילדע חיות. אַזוי זענען מיר געלאָפן ביז מיר זענען אַריין אין שטאָט נעבן דער שול. ביי דער שול האָבן די דייטשן זיך אויסגעשטעלט אין צוויי לאַנגע רייען, און יעדער איז געוואָרן אַזוי צעשלאָגן, אַז בלוט האָט גערינען. מיט צעשפּאָלטענע נעז, צעבראָכענע ביינער, אונטערגעהאַקטע אויגן, צעבראָכענע הענט און פיס און געוויינען און קלאָגן איז דער עולם אַריינגעיאָגט געוואָרן אין דער נאַשעלסקער שול. אין דעם זעלבן אָוונט, נעבן דער שול, זענען פיל געוואָרן באַגראָבן לעבעדיקערהייט. די מענטשן וואָס האָבן זיי באַגראָבן, האָבן נאָך געהערט זייער בעטן הילף און רחמנות. מען האָט כסדר געוויינט. נאָכדעם האָבן די דייטשן אויסגערופן: ווער עס האָט פּאַפּיראָסן, גאָלדענע רייפלעך, וואַליזקעס, זאָל אַוועקגעבן — אין קעגנפאַל וועט ער ווערן דערשאָסן. מענטשן האָבן פאַר מורא אַלץ אַוועקגעגעבן. דערנאָך האָבן מיר זיך אין דער שול אַנידערגעלייגט אויף דער ערד איינער נעבן אַנדערן איבערצוליגן די נאַכט, יעדער איז שוין געווען דערשעפּט פון אַ גאַנצן טאָג.

אויף צומאָרגנס האָבן זיי געהייסן פאַרלאָזן די שול און ווייטער אונדז אויסגעשטעלט צו דריי אין אַ ריי און געהייסן ווייטער גיין. עטלעכע פערציק מאַן האָבן זיי פאַרהאַלטן כדי אויסצורייניקן די שול און אויך די גאַסן. דערנאָך האָבן מיר געמוזט מאַכן פאַרשידענע איבונגען און רייבן די פינגער אין די ווענט אַ פאָר שעה, און אויך געהייסן לויפן אין משך פון עטלעכע מינוט ביז צו דער באַן, — בערך זעקס קילאָמעטער. מיר זענען אָנגע־קומען צו דער באַן, האָבן זיי אונדז אויסגעשטעלט אין איין לאַנגער ריי און יעדן רעווידירט. געהייסן יעדן אויסטאָן נאַקעט, און פרויען זאָלן די מענער וואַשן אין די קאַלוזשעס וואַסער. די פרויען זענען געוואָרן רעווידירט נאַקעטערהייט פאַר אַלע אין די אויגן. מיידלעך און פרויען האָבן זיי געשענדעט און געשלאָגן. וואָס זיי האָבן געפונען ביי וועמען, האָבן זיי צוגענומען און מערדערלעך געשלאָגן. דאָס איז געווען דער לעצטער שטאַפּל פון באַרבאַריזם. די דייטשן האָבן קיינעם נישט געשוינט: מענער, פרויען, ייִנגלעך, מיידלעך און אויך קליינע קינדער. דאָ האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט צוצונעמען די לעצטע פּאָר גראָשן און דאָס לעצטע ביסל בלוט, וואָס יעדער האָט פאַרמאָגט.

נאָך די דאָזיקע פּייניקונגען האָבן זיי אונדז געהייסן אַריינגיין אין די וואַגאָנען, זיי פאַרשלאָסן, און אונדז געפירט איבער דריי טעג און דריי נעכט אָן וואַסער און אָן ברויט. פיל מאָל האָבן זיי אונדז אָפּגעשטעלט צווישן מדבריות, און מיר האָבן געמיינט, אַז מען וועט אונדז פאַרשטופן אין די זאַמדן. קיין אוביקאַציעס האָבן מיר נישט געהאַט. אַזוי אַז מענטשן האָבן דערפון געוואַלטיק געליטן. ברויט צו עסן האָבן מיר נישט געהאַט. דאָס ערגסטע פון אַלעם איז געווען אָן וואַסער. מיר זענען שיער אומגעקומען פון דאָרשט. ווען ס׳האָט גערעגנט האָבן מיר געלעקט די טראָפּנס און די ראָסע פון די פענצטער, בכדי צו שטילן דעם דורשט, אָבער אַלץ האָט גאָרנישט געהאָלפן. ווען די דייטשן האָבן אונדז געטראָפן ביי אַזאַ „גנבה", האָבן זיי אונדז מערדערלעך צעשלאָגן. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן אומקומען אויפן וועג. ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַלע. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געווען אין דער באַן פאַרשלאָסן. מיר האָבן אָנגעהויבן שרייען וואַסער, ביז די קריסטן פון דערנעבן האָבן אונדז בגנבה געברענגט וואַסער, פאָדערנדיק פאַר אַ גלאָז וואַסער אַ זלאָטע.

אויף צומאָרגנס, צען אַ זייגער, האָבן די דייטשן אונדז אַריינגעפירט אין שטאָט. דאָרטן זענען צו אונדז אַרויסגעקומען די דאָרטיקע ייִדן מיט ברויט און וואַסער. יעדן פון אונדז אַריינגענומען אין שטוב און געגעבן עסן און שלאָפן. זיי האָבן אונדז אויפגענומען גאַסטפריינדלעך, און געטרייסט, אַז מיר

וועלן צוריקקומען אין אונדזערע היימען. דערווייל האָבן מיר געפונען אַ צייט־ווייליקן מקום־מקלט. פון דאָרטן האָבן זיך אַ סך צעשפּרייט אין דער אומגעגנט, אַ טייל אויפן אָרט, אַ טייל זענען געקומען קיין וואַרשע. אויך מיר האָבן זיך געלאָזט קיין וואַרשע. אויפן וועג האָבן מיר פיל איבערגעלעבט. קוים האָבן די דייטשן געטראָפן פאָרן אַ ייד אויף דער באַן, האָבן זיי אים געשלאָגן, אַראָפּגעוואָרפן און אַלץ פון אים צוגענומען. מיר האָבן צופעליק געטראָפן אַ וואַגאָן, ווו עס זענען געווען בלויז קריסטן און זיך באַהאַלטן הינטער זיי, אַזוי אַז מען האָט אונדז נישט דערקענט. און פּלוצים זענען אַרויפגעקומען עטלעכע דייטשן און האָבן גלייך דערקענט עטלעכע יידן, (מיך האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ קריסט), די דייטשן האָבן זיי גוט צעשלאָגן.

נאָכן שלעפן זיך אַ גאַנצע נאַכט, זענען מיר אָנגעקומען קיין וואַרשע און געטראָפן נאָך מענטשן פון אונדזער שטאָט. דערווייל האָט זיך געשאַפן אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן גורל פון די דאָזיקע אָרעמע פּליטים און געזאָרגט פאַר זיי מיט עסן און שלאָפן, ווי אויך אַ ביסל הלבשה. צוקוקנדיק זיך צו דעם, איז מיר אויפגעקומען אויפן געדאַנק, אַז „נצח ישראל לא ישקר”, אַז „לא אלמן ישראל”. עס וועט נאָך קומען אַ בעסערער מאָרגן.

פון אַרכיון פון יידישן היסטאָריש־אינסטיטוט אין וואַרשע.

רבקה מענדזעלעווסקי (מאי)
(חולון)

# מלחמה איבערלעבענישן

אַ פּאָר וואָכן פאַרן קריג בין איך געווען אין סאַד אין מאשקאָוויצע — צווישן סעראַצק און ווישקאָוו. דאָנערשטיק, 10 טעג פאַר דעם קריג, האָט מיין שותף זלמן כאינעווער באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן זיך צום פוילישן מיליטער. מיר האָבן איבערגעלאָזט דעם סאַד מיט אַלע פּרוכטן און זענען שבת, 7 טעג פאַרן אויסברוך פונעם קריג, געקומען אַהיים קיין סעראַצק.

אין גאַס זענען געווען פאַרזאַמלט גרופּן. דינסטיק דעם 5.9.39, איז מיטן טאָג, זענען געפאַלן באָמבעס. די ערשטע — ביי די אָקאָפּעס; די צווייטע ביי — יעקב גראַניעוויטש; די דריטע — ביי יעקב ראָזענבערג אין בונקער אַריין, וווּ ס׳זענען געפאַלן 70 מענטשן, די פערטע — ביי אהרן לייב זילבערשטיין, דעם קצב, די פינפטע — ביי קוזשניצקין אין דער אייל־פאַבריק און די זעקסטע און זיבעטע זענען געפאַלן ביי מאָטל מענדזעלעווסקי.

נאָך דער באָמבאַרדירונג האָבן זיך אַלע באַהאַלטן אין די שטובן. ווען ס׳איז געוואָרן שטילער, האָט מען גענומען אויפגראָבן דעם קעלער פון יעקב ראָזענבערג. צווישן די קרבנות זענען געווען: יעקב ראָזענבערג, העניע און עסטושאַ, משה פשיקאָרסקי מיט דער פרוי אוןביידע קינדער, אסתר פּיעניצער מיטן זון פסח, שמואל קאַנאַרעק, חייטשע שוואַרץ מיטן מאַן און ביידע קינדער, אויך טאָפּערעקס אַן אייניקל און אַ סך פרעמדע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך. דינסטיק אין אָוונט האָט מען אַלע צענויפגעזאַמלט און באַגראָבן, דאַכט זיך אַז אין אַ געמיינזאַמען קבר.

מיטוואָך און דאָנערשטיק האָט מען זיך אויסבאַהאַלטן צווישן ביימער. שבת אַרום פיר נאָכמיטאָג האָט מען געזען אַדורכפאָרן אויף מאָטאָציקלען דייטשן פון דער וואַרשעווער געגענט קיין פּולטוסק. ביינאַכט פון שבת אויף זונטיק אַרום צען אַ זייגער זענען זיי אַריין קיין סעראַצק.

זונטיק, 10.9.39, אינדערפרי האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אויפרייסן די יידישע געשעפטן און אַרויסוואַרפן די סחורות אויף דער גאַס. מיין אויבסט, וואָס איז געלעגן ביי יעקב אריה סטאָליער אין קעלער, האָבן די דייטשן אויך אַרויסגעוואָרפן. ווען איך בין צוגעגאַנגען נאָר אַ קוק טאָן, האָט מיך אַ דייטש באַשולדיקט, אַז איך האָב געזאָגט, אַז די דייטשן זענען ערגער ווי די ציגיינער,

האָב איך באַלד געקריגן אַ פּאַטש און דאַביי האָט ער צוגעגעבן, אַז ווען ער וואָלט אין דער האַנט געהאַט אַ ביקס, וואָלט ער מיך טויט געשלאָגן.

דעמזעלבן זונטיק, אַרום 10—11 פּאַרמיטאָג, האָבן זיי אַרויסגעטריבן אַלע יידן אין מאַרק: מענער, פרויען, קינדער און אַלטע. צווישן אונדז זענען אויך געווען עטלעכע פּאָליאַקן. מ'האָט אונדז אַלע צוזאַמענגענומען, דערנאָך איז געקומען איינער אויף אַ מאָטאָראַד און באַפוילן אָפּצולאָזן אַלע פרויען און קינדער — און די מענער אַריינטרייבן אין קליינעם שולעכל. (אין דער גרויסער שול זענען געווען פערד). אַרום דער שול האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ גרויסן פּאַרקאַן. עסן האָבן די מענער באַקומען צוגעשטעלט פון די פרויען. דאָרט זענען זיי געווען ביז ערב ראש־השנה.

דריי טעג שפּעטער האָט מען אַהיימגעלאָזט פון שול די מענער פון 45 יאָר אָן — און יינגלעך ביז 15 יאָר, און דערנאָך, דעם 2טן טאָג ראש־השנה ת"ש, זענען די פּאַרהאַלטענע אין שול אַוועקגעטריבן געוואָרן קיין פּולטוסק. דאָרטן זענען זיי געווען איין טאָג. אויפן וועג פון פּולטוסק קיין טשעכאַנאָוו האָבן זיך די דייטשן באַצויגן מערדערלעך. ווער ס'האָט נישט געקענט גיין, האָבן זיי דער־שאָסן. ווו מ'האָט דעם טראַנספּאָרט אָפּגעלאָזט, ווייס איך נישט. מיין מאַן איז באַפרייט געוואָרן אין פּולטוסק, צוליב אַ קראַנקן פוס.

מיר זענען געבליבן אין סעראָצק ביז דעם לעצטן גירוש. אין משך פון דער צייט האָט מען געכאַפּט צו שווערע אַרבעט אויסצורייניקן דעם פּאַלאַץ פון ראַדזיוויל (יצחק קאַניער האָט אויך דאָרטן געאַרבעט). אין משך פון צוויי חדשים איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אייניקע מאָל קאָנטריבוציעס. ערב סוכות האָט מען אַרויסגעטריבן די יידן פון פּולטוסק איבערן נאַרעוו, און מ'האָט זיי דערלויבט צו גיין ווו זיי ווילן.

דער בירגערמייסטער איז געווען אַ פּאָלקסדייטש. מאָנטיק, 4.12.39, האָט מען גערופן מנחם קראָנענבערגן אין מאַגיסטראַט און אים געזאָגט, מ'זאָל נישט מורא האָבן אויפצומאַכן די געשעפטן און אויפהענגען שילדן אויף דייטש און פּויליש. דאָס איז געווען מאָנטיק. אין זעלבן טאָג צוויי ביינאַכט האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצוטרייבן. מיר זענען געשלאָפן און געהערט ווי מ'קלאַפּט אין לאָדן און אַ ייד האָט געשריגן: „מאָטל (מיין שווער, ביי וועמען איך האָב געוווינט), טו זיך אָן, מ'טרייבט אונדז אַרויס". און באַלד האָט מען געהערט קלאַפּן און געשרייען: „הינטישע יידן, אַרויס!"

איך, מיין מאַן און מיין טאָכטער (פון עטלעכע חדשים), מיין שווער און שוויגער און אַלע קינדער, זענען אַרויס אין מאַרק, דאָרט איז שוין געווען

פאַרזאַמלט דאָס גאַנצע שטעטל. די געוואַלדן זענען געגאַנגען ביזן הימל, קינדער האָבן פאַרלוירן עלטערן, און — פאַרקערט. יעדער האָט געשלעפּט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס. אַרויסטרייבנדיק פון די שטובן, האָבן די דייטשן צוזאַמען מיט די פאָלקס־דייטשן (פון די לאַכן) געשלאָגן מערדערלעך. נאָכן שטעלן זיך צו פיר פערזאָן אין אַ ריי, איז מען געגאַנגען קיין נאַשעלסק.

ביי דער מיל פון משה ראָזענבערג, אויפן נאַשעלסקער שאָסיי, איז געפאָרן אַ פּאָליאַק מיט אַ וואָגן תבואה צו מאָלן, איז צוגעגאַנגען אַ דייטשער מיליטער־מאַן, אַראָפּגעוואָרפן די תבואה אויף דער ערד און געהייסן מיך מיטן קינד און פּעקל אַרויפזעצן. אויך איטשע מאיר סאָליאַזשס טאָכטער אסתר מיט צוויי קינדער, זענען אַרויף אויפן וואָגן און מען איז געפאָרן קיין נאַשעלסק.

די וועלכע האָבן נישט געקאָנט גיין, האָבן באַקומען געשלאָגן. די פאָלקס־דייטשן האָבן אויך געשלאָגן די, מיט וועלכע זיי האָבן פריער געהאַנדלט. משה פּיעניק איז געוואָרן שטאַרק צעשלאָגן.

אין אַ שעה פאַרן אַרויסטרייבן האָט מיינע אַ שכנטע (זלאַטע — מאַטע בערס אייניקל), געבוירן אַ קינד, מ׳האָט זי באַלד געטריבן און אויפן וועג האָט זי געקריגן אַ בלוט־שטורץ.

קיין נאַשעלסק זענען מיר אָנגעקומען דינסטיק פאַרנאַכט. דאָס וועטער איז געווען גוט. אין נאַשעלסק האָט מען געשאָסן דעם אַלטן גודעס, מענדל קצב און זכריה שניידערס שנור (פייגעלע ווענגער), מ׳האָט זיי באַגראָבן אין איין קבר.

ביים אַריינטרייבן אין שול האָט מען באַקומען געשלאָגן. די דייטשן האָבן אָוועקגעשטעלט אַ קויש און אַלע האָבן דאַרט געמוזט אַריינלייגן די שליסלען.

אין דער נאַשעלסקער שול האָט מען אויך געהייסן אָפּגעבן ווערט זאַכן. מיטוואָך אינדערפרי האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן פון דער שול, אויסגעקליבן עטלעכע הויכע מענער: אַלע ברידער קצבים זילבערשטיין: משה, שיע, נחמיה און הערשל מאַק. — זיי האָבן אין קאָרידאָר פון שול געמוזט קראַצן מיט די נעגל די ווענט און דאַביי באַקומען ביז בלוט געשלאָגן איבער די קעפּ און געמוזט זינגען די „התקוה״, און אַנדערע לידער. די דייטשן האָבן אַליין צוגעברענגט קאַלטע טיכער מיט וואַסער צו די קעפּ.

ווען מיר זענען אַרויס פון שול צו דער באַן, בין איך אויך געפאָרן מיט אַ וואָגן, און די מענער האָבן געמוזט גיין צופוס, אַ מרחק פון 6 קילאָמעטער. פריער זענען פון דער ריי אַרויסגענומען געוואָרן בערך 30 מענער — צווישן זיי: מיין מאַן, יעקב לייבל פּעפּער (חנה פּערלס מאַן), פייגע ברעסלערס מאַן,

יוסף דאָרן, צו רייניקן די שול. מ׳האָט יוסף דאָרענען (יוסף קצב) שטאַרק גע־שלאָגן, אַדורכגעשאָסן דעם קאָפּ און געפירט צום דאָקטאָר. גערייניקט האָבן זיי די שול מיט די הענט. דערנאָך זענען מיר געפאָרן צו דער באַן. ווען כ׳בין דאָרט אַהינגעקומען, איז שוין אַ גאַנצער צוג געווען פאַרפולט און — אָפּגעפאָרן.

פאַר דער באַן איז געווען אַ שטאַרקע בלאָטע. אַרײַנגייענדיק אין צוג, האָט מען באַזוכט און שרעקלעך געשלאָגן. ביי ווענען מען האָט געפונען געלט, האָט מען געשלאָגן אויף דעם טייל גוף, וווּ ס׳איז געפונען געוואָרן.

יעקב לעווינער האָט זיך געמוזט „אויסבאָדן" אין דער בלאָטע; חיים הערש קליינמאַן (ישראל יצחק דעם גלעזערס אַ זון, דער עברית לערער) איז שטאַרק צושלאָגן געוואָרן.

ווען מיר האָבן שוין באַדאַרפט אַרײַנגיין אין אַ וואַגאָן פון צווייטן צוג, זענען אָנגעקומען די 30 מענער, וועלכע האָבן גערייניקט די שול, מיר האָבן נישט געטאָרט קוקן צו זיי, און זיי נישט — צו אונדז. איידער מיר זענען אַרײַן אין וואַגאָן האָט מען ווידער געשלאָגן און באַזוכט. אין וואַגאָן האָבן זיך אויך געפונען: מאָטל מענדזעלעווסקי מיטן ווייב און זיינע צוויי טעכטער, איך מיטן קינד, פסח קאַניער מיט זיין ווייב, יצחק קאַניערס פרוי (חנצ׳ע חמילירז׳) מיטן קינד, אליהו שוחט מיטן ווייב און שוויגער, ליפּטשע קוזשניצקי מיטן זון שלמה דוד קוזשניצקי און די שנור פייגל פון אָסטראָלענקע און אַ פאַרפאַלק פון פּולטוסק מיט 4 קינדער. ס׳איז געווען אַ געוועגלעכער פּאַסאַזשיר־וואַגאָן. אַזוי ווי מ׳איז דאָרטן אַרײַן, האָט מען פאַרדעקט די פענצטער און פאַרשלאָסן די טיר. די גאַנצע צייט האָב איך גאָרנישט געוווּסט פון מיינע עלטערן. ביים באַזוכן האָט מען דבורהן (די קאָוואַלעקס אַן אייניקל) געשלאָגן, אַזוי אַז זי איז משוגע געוואָרן. מ׳האָט אויך שווער צעשלאָגן איטשעלע פּשיקאַרסקין (דער קליינער איטשעלע).

מיטוואָך פאַרמיטיק זענען מיר אָפּגעפאָרן פון נאַשעלסק. איין צוג איז אַוועק אויף לינקס, און איינער — רעכטס. מיר זענען אָנגעקומען קיין פּראַגע דאָנערשטיק ביינאַכט. אויף דער סטאַציע האָבן אונדז פּאָליאַקן אַרײַנגעוואָרפן ברויט און וואַסער. דערנאָך זענען מיר געפאָרן קיין שעדלעץ און אויך דורכגעפאָרן מאַלקין. נאָך אַ צייט פאָרן זענען מיר געבליבן שטיין אויף אַ פּלאַץ ביז פּאַרטאָג. ווען ס׳איז ליכטיק געוואָרן, האָט מען געזען אַז אויף דער צווייטער זייט שטייט דער צוג וועלכער איז געפאָרן פריער, מיר זענען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן. מען האָט געזען, אַז די משפחות זענען געוואָרן צעריסן. פּשיקאַרסקיס טאָכטער, שרה, איז געווען אין איין וואַגאָן און אַ קינד פון זעקס חדשים אין — צווייטן.

מ'האָט עס איר איבערגעגעבן. דאָס איז געווען אין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק. פּריוואַטע פּאָליאַקן האָבן אונדז געבראַכט צו קויפן עסן. דער ערשטער צוג איז געבליבן אין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק, און מיין צוג איז געפאָרן קיין לוקאָוו. ווען מיר זענען אַהין אָנגעקומען פּריוואַטע פּאַרנאַכט, האָבן אונדז די לוקאָווער יידן גוט אויפ־גענומען. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין מאַן און מיינע עלטערן און מיט דער שוועסטער מלכה, זיי זענען אַריבער צו מיר. שבת אינדערפרי האָב איך געטראָפן מאיר בלעכערס פרוי מיט די קינדער.

אַראָפּגייענדיק פון צוג האָט אונדז אָפּגעוואַרט מיט עסן מיין מאַנס ברודער הערשל מענדזשעלעווסקי פון לעגיאָנאָווע. אין לוקאָוו האָב איך געהערט, אַז חיים שלמה שוחט האָלט ביים שטאַרבן. שבת ביינאַכט בין איך, מיין מאַן, מיין מאַנס עלטערן און מיינע עלטערן אָפּגעפאָרן מיט דער באַן קיין וואַרשע. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן דוד ראָזענבערגען און ברוך יוסף מעלניק, דער פאָטער. קיין וואַרשע זענען מיר אָנגעקומען זונטיק נאָך מיטיק. איך בין געבליבן מיטן קינד אין וואַרשע, צוזאַמען מיטן שווער און שוויגער. מיינע עלטערן זענען אַוועקגע־כאָרן קיין לעגיאָנאָווע צו דער שוועסטער דינה. איך האָב געאַרבעט אין וואַרשע ז'ון נאָך אַ פּאָר וואָכן — זענען מאַליע מיטן קינד, חנה, און איך מיטן קינד רחל אַוועק קיין ביאַליסטאָק.

בכדי צו פאָרן פריי אויף די באַנען האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע שיין וואָס האָט געקאָסט זייער פיל געלט.

איך בין אַוועק קיין וואָלאָמין צו מיינע עלטערן מיט זיי זיך געזעגענען, און אַ דאַנק זייער הילף, האָב איך באַקומען פאַר אַ סומע געלט דעם אויסגעטרוימטן רייזע־שיין. אויפן וועג פון וואָלאָמין נאָך וואַרשע האָב איך צוגעזען שוידערלעכע סצענעס: מ'האָט יידן מערדערלעך געשלאָגן, אַרויסגעוואָרפן זיי פון לויפנדיקע צוגן א. אַ. וו.

נאָך אַ קורצער צייט זייענדיק אין וואַרשע, האָבן מיר, ד. ה. איך, מיין מאַן יעקב און טאָכטער חנה, מיין שוועגערין מאַליע מיטן קינד, באַשלאָסן אָנצוקומען קיין ביאַליסטאָק דורך שעדלעץ. דאָס איז געווען סוף חודש פעברואַר 1940, אין אַ שטאַרקן פראָסט. מיר זענען אָפּגעפאָרן פון וואַרשע מיט דער באַן און אָנגעקומען קיין שעדלעץ. דאָרט אויף דער סטאַציע האָבן אונדז פּוילישע כוליגאַנעס שטאַרק צושלאָגן און אַ יידישע פרוי האָט אויף אונדז רחמנות געהאַט און אַריינגענומען אַלע צו זיך אין שטוב...

אין שעדלעץ האָט אונדז אַ יידישע פרוי געגעבן אַן אַדרעס פון אַ פּאָליאַק

וועלכער פירט אַריבער אויף דעם צווייטן ברעג פון טייך, אין דער סאָוויעטישער זאָנע.

פאַרנאַכט זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון שעדלעץ און גענעכטיקט אין דאָרף ביי דעם אויבנדערמאָנטן פּאַליאַק, און צומאָרגנס זענען מיר געפאָרן אין אַ צווייטן דאָרף, נאָענט פון בוג. ביי דעם פּאַליאַק, ווו מיר זענען געווען, איז אַריינגעקומען די גרענעץ־וואַך און אונדז גישט געטשעפּעט. מיר זענען ביינאַכט אַדורך דעם בוג, ביי 40 גראַד פראָסט.

מיר האָבן ווייטער געוואַנדערט פון איין דאָרף צום צווייטן, מיר זענען אויף אויף דעם וועג באַראַבעוועט געוואָרן. אַן אָרנטלעכער פויער האָט אונדז צוגעפירט מיט אַן אויטאָ. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין סעמיאַטיטש צו אַ יידישער משפחה, פון וואַנען מ׳האָט אונדז צוגעפירט צו דער סטאַציע, וואָס גייט קיין ביאַליסטאָק. אין ביאַליסטאָק איז שוין פריער געווען מיין שוואָגער יהודה מענדזעלעווסקי. דאָרט האָב איך געוווינט ביי אַ משפחה פערלמאַן אויף קופּיעצקאַ 19. איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט גאָלדע לעווינער, יענטע שפּילקע, די נאָוואָגראָדסקיס, ישראל וואָלינסקי, כּישל סטערדינער, חיהלע זאַכאַרעק מיט דער טאָכטער און זון און יצחק וואָלינסקי. ווען כ׳בין איינמאָל געשטאַנען אין דער ריי, האָב איך געהערט פון איינע, אַז אַ סעראַצקערין ליגט אין שפּיטאָל און מ׳וויל איר אָראָפּנעמען די פיס. איך בין אַוועק אין שפּיטאָל און דאָרט געטראָפן מינדל ראָזענטאַל (לאַבזשאַקעס טאָכטער). מ׳האָט איר טאַקע אָראָפּגענומען אַלע אָפּגעפרוירענע פינגער פוןביידע פיס. דאָס אומגליק איז איר געשען גייענדיק איבער דער גרענעץ אין דער זעלבער נאַכט ווי מיר. אין ביאַליסטאָק זענען געווען נאָך סעראַצקער.

מיר זענען דאָרט געווען פון פעברואַר ביז ענדע יוני 1940. פּלוצעם האָט מען אונדז אַלע „ביעזשענצעס" (פליטים) אָנגעהויבן צו פאַרשיקן. פאַר דעם האָט מען געהייסן אַרויסנעמען רוסישע פּעסער — מיר האָבן זיך אויף פאַרשריבן צו נעמען פּעסער, אָבער דערנאָך האָבן מיר זיך איבערגעשריבן צו פאָרן צוריק קיין פּוילן און אַ דאַנק דעם זענען מיר געבליבן לעבן, ווייל מ׳האָט אונדז אַוועקגעפירט פון ביאַליסטאָק אויף עשאַלאָנען מיט אַלע פּעקלעך. מיר זענען געפאָרן עטלעכע טעג מיט דער באַן. די רוסן האָבן אונדז געגעבן עסן, ביי יעדער סטאַציע האָבן מיר געקויפט עסנוואַרג, גיכע הילף איז אויך מיט אונדז מיטגעפאָרן. מיט אונדז זענען געווען חוה באראב און אליעזר אייכענבוים.

דער צוג האָט אונדז געברענגט צו אַ דאָרף, ווו מען האָט אַלע אויפגעזעצט אויף אַ בערלינקע און צוגעפירט צו אַ דאָרף לעבן וואָלאָגדע־אָוז׳לע, דערנאָך

אין דאָרף וואקאטי, ווו ס׳זענען געווען צוגעגרייטע באַראַקן — פאַר עטלעכע משפּחות איין וווינונג. ס׳איז דאָרט געווען אַ בעקעריי און אַן אַלגעמיינע קיך (סטאָלאָווע). מ׳האָט נאָר געזען ביימער און הימל, ס׳איז געווען קאַלט, און מיר האָבן געהייצט אויוונס. מיין טאָכטער איז באַלד קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען. די מענער האָבן באַלד אָנגעהויבן אַרבעטן ביי האַקן ביימער, ברויט האָט מען געקריגן לויט אַ נאָרמע — 800 גראַם אַ טאָג. די ערשטע צייט האָט מען געאַרבעט מיט נעצן אויף די פּנימער, צוליב די פליגן.

איך האָב געאַרבעט ביים רייניקן פּריוואַטע צימערן, נאָכדעם האָב איך געאַרבעט ביים שאַרפן די העק מיט די זעגן, און צום סוף — ביים שניידן מעטראָווע האָלץ. פאַר די קינדער האָט מען געמאַכט אַ גן און אַ שולע. דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַ לאַבאָראַטאָריע. אויף דעם אָרט זענען מיר געווען 14 חדשים — ביז סעפּטעמבער 1941.

מ׳האָט נישט געטאָרט זיך פריי באַוועגן, נאָר אין ראַיאָן פון לאַגער. מ׳האָט דערהאַלטן פּאָסט פון וואַרשע, וואָלאָמין און אוקראַאינע. פייגע חאינאָווער האָט מיר געשיקט עטלעכע פּעקלעך מיט געלט און נאָדלען צו נייען.

אין סעפּטעמבער 1941 האָט מען געזאָגט, אַז מיר זענען פריי. מיר האָבן זיך אויסגעקליבן אַ געגנט לויט דער מאַפּע — ווייט פון מאָסקווע און פון אוקראַאינע, מיר זענען געפאָרן דורכן ווייסן ים. (אַ דאַנק שיקאָרסקיס אָפּמאַך זענען אַלע פּוילישע בירגער באַפרייט געוואָרן). אויפן וועג האָבן מיר געקריגן עסן, אָבער ס׳זענען געווען שווערע באַדינגונגען. מ׳האָט אונדז צוגעפירט ביז קובישאָוו, און פון דאָרט אויף אוראַל אין דער שטאָט אָמסק. מיר האָבן געאַרבעט אין אַ גרויסער עלעקטרי־סטאַציע. דאָרט זענען אויך געווען: יעקב און יהודהס משפּחה און יעקבס שוועסטער, און ר. אליהו אהרן ראָזענטאַל (דער לערער) און די גאַנצע גרויסע משפּחה. די מענער האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף אַרבעט, אין דער פאַבריק. וואָס מ׳האָט געהאַט, האָט מען פאַרקויפט. דריי חדשים האָט מען געליטן הונגער — נאָכדעם האָב איך זיך איינגעאָרדנט אין אַ זייער גוטן פּלאַץ: אין אַ סטאָלאָווער קיך, ווו ס׳האָבן געגעסן 5 טויזנט מענטשן (אָנגעהויבן האָב איך אַלס רוימערקע). איך בין אַרויף ביזן העכסטן שטאַפּל — צום שליסל פון מאַגאַזין און צוגעטיילט עסן. הונגעריק זענען מיר און די גאַנצע משפּחה שוין נישט געווען. יעקבס שוועסטער האָט געאַרבעט אין אַ בעקעריי, מאַליע — אין שטוב, אַזוי אַז ס׳איז זיי אויך נישט שלעכט געווען.

אין 1943 בין איך שטאַרק קראַנק געוואָרן, און געלעגן אַ האַלב יאָר אין מיליטערישן שפּיטאָל, ווו מען האָט מיך געראַטעוועט. נאָכן געזונט ווערן, האָב

איך ווידער געאַרבעט. נישט ווייט פון אונדזער וווינאָרט האָט זיך געפונען דער צענטער פון אַלע פּאַליאַקן, אָנגעפירט דורך דעם פּוילישן באַפרייאונג־קאָ־מיטעט — אונטער דער לייטונג פון וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ. אונדזערע קינדער האָבן געלערנט אין די פּוילישע שולן. מיר האָבן דאָרט געקריגן אויך פּראָ־דוקטן און מלבושים פון אַמעריקע. מיר האָבן באַקומען פּוילישע צייטונגען, ווי: „נייע האָריזאָנטן" און אַ יידישע — „דער שטערן" פון קובישעוו.

די קאָרעספּאָנדענץ מיט פּוילן איז כמעט איבערגעריסן געוואָרן. זעלטן ווען האָבן מיר דערהאַלטן בריוו פון שמחה גרינבוים, אברהם און פייוול פּשיקאָרסקי. איך האָב געשריבן ביים סוף פון דער מלחמה — מאַי 1945 — אַ בריוו צום מאַגיסטראַט פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסק, אָנפרעגנדיק זיך וועגן מיינע נאָענטסטע. מען האָט מיר געענטפערט, אַז געבליבן זענען: גאָלדע בעליסאָן, יצחק קאָניער און עטלעכע נאַשעלסקער יידן.

אין אָנהייב 1946 האָבן מיר געקריגן אַ באַפעל צוצוגרייטן זיך אומצוקערן קיין פּוילן, אין די ראַמען פון דער פּוילישער רעפּאַטריאַציע. די רוסן האָבן אונדז באַצאָלט פאַר אונדזער אַרבעט און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג. מ'האָט געקויפט מלבושים, געבאַקן סוכאַרעס א. אַ. וו.

אָנהייב חודש מערץ 1946 האָבן מיר זיך אויפגעזעצט אויף גוטע וואַגאָנען און געפאָרן אַ חודש צייט קיין פּוילן. אָנקומענדיק פאַר פּשעמישל, האָבן זיך די נ.ק.וו.ד.־לייט מיט אונדז געזעגנט, צוגענומען די אַרבעטס־ביכלעך און דאָס רוסישע געלט אויסגעטוישט אויף פּוילישעס.

פון פּשעמישל האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונדז אַ שלעכטער און ביטערער וועג. מיר זענען אַריבער אין אַ צווייטן צוג מיט ברייטע רעלסן אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען אַ סך פּאַליאַקן, וועלכע זענען איבערגעפירט געוואָרן פון מזרח־גאַליציען נאָך אונטער־שלעזיען, אין דעם נייעם טייל פון פּוילן. ציווילע פּאַליאַקן האָבן אונדז געזידלט, געשאָלטן און אויך באַשאָסן. אַלע יידן האָבן זיך דאַן גרופּירט אין ספּעציעלע דריי וואַגאָנען, וועלכע זענען געווען באַשטימט נאָר ביז וואַרשע. אין מיין וואַגאָן זענען געווען: איך, מיט דער גאַנצער משפּחה, ווי אויך די משפּחות פון מיין שוואָגער יהודה און זיין שוועגערין חיה.

אונדזער צוג איז אָנגעקומען ביינאַכט קיין וואַרשע, סוף חודש אַפּריל 1946. אויף דער באַן־סטאַציע מיטן נאָמען „טאָוואַראָווע", און מיר זענען פאַרבליבן אין די וואַגאָנעס 10 טעג. אויף צומאָרגנס נאָך אונדזער אָנקומען, האָבן מיר באַקומען עסן פון „רויטן קרייץ". מיר זענען כמעט פון די ערשטע, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון רוסלאַנד.

מגדאַנסק קפצה עם זוסיה אל קרון נוסעים ושתיהן נעלמו מעיניה של טובה. כאשר טובה הבחינה בדבר — רצה, כל עוד רוחה בה, למארישה ולליאון בעלה באוליביץ, עיירה קטנה ע"י גדאַנסק, והתפרצה אליהם בזעקת־כאב:

— „איבדנו את הקטנה, הצילו את הילדה"!

ליאון מיהר מיד למשטרה וזו שלחה שוטרים ואנשי צבא לחפש את זוסיה ברכבת.

בחיפוש נעצרו רכבות נוסעים. נבדקו תעודות כדי למצוא את אחותנו שהייתה צריכה להיות יחד עם הגברת קומאַיה. אני, כמעט שנטרפה עלי דעתי מכאב וחרון. מיהרתי אל מארישה ושתינו יושבות ודואגות לאחותנו הקטנה שנתפתתה או שנחטפה ע"י הדודה שלה...

אך לא חכינו זמן רב. בו ביום התפרצה זוסיה עצמה לבית, מעוצבנת וחסרת נשימה, היא השיבה לשאלותינו וספרה:

— „הדודה סחבה אותי בכוח אל קרון הרכבת. היא ביקשה ממני ללוותה, ושוב פעם המשיכה להפציר בי: — זושנקה — עליך להחליט עכשיו. ברחי מהחיים הצפויים לך. ברחי מן היהודים ובואי אתי"...

כאשר הרכבת החלה לזוז ממקומה לכיוון ורשה, קפצה הילדה הקטנה מהקרון. הזקנה עוד ניסתה לעכבה במנוסתה ותפשה אותה בכיס מעילה שנקרע ונשאר בידיה.

זוסיה חזרה אלינו בלי כיס מעילה, אך גם בלי הסיוט של הזקנה — היא חזרה להיות אתנו יחד.

זה היה באביב 1946. בחודש נובמבר 1946 עזבנו את פולין.

דרכי לישראל עברה את וינה שבאוסטריה ואת איטליה, שם שהיתי עד ראשית שנת 1949.

קץ טילטולי היה יום 13 במרץ 1949 — הוא היום שבו הגעתי לחוף המולדת בישראל עם בעלי וילדי.

יהודה מענדזעלעווסקי
(בת־ים)

# חורבן סעראָצק

סוף זומער 1939 איז דער ליכטיקער הימל פינצטער און פאַרטשאַדעט געוואָרן מיט רויך. ווי ווילדע רויב־פייגל זענען אָנגעלאָפן נאַצי־מערדערישע עראָפּלאַנען און געזייט טויט, נישט אויסמיידנדיק סעראָצק. די ערשטע אומשולדיקע קרבנות, אַ גרופּע פון פופציק יידן, זענען געפאַלן אין קעלער ביי יאַנקל ראָזענבערג. גאָר שנעל האָבן זיך די מערדער באַוויזן. זיי לויערן ווי דורשטיקע חיות, קוקנדיק יעדן אין די אויגן: „יודע ?"...

סעראָצקער יידן האָבן דערפילט דאָס גרויסע אומגליק, מען הייבט זיך אָן באַהאַלטן אין די שטובן, אויף מאָרגן קומט דער ערשטער באַפעל, אַז אַלע יידן פון 14 יאָר אָן מוזן זיך זאַמלען אין מאַרק. פון מאַרק קוועטשט מען צוזאַמען אַלעמען אין שול. נאָך עטלעכע טעג פייניקן, לאָזט מען די גאָר אַלטע אַרויס, און די איבעריקע ווערן ווילד געטריבן אין דער שכנותדיקער שטאָט פולטוסק. נאָך עטלעכע טעג מוטשן, טרייבט מען ווידער קיין טשעכאַנאָוו. אויפן וועג קיין טשעכאַנאָוו ווערן די, וואָס האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן, אויפן אָרט דערשאָסן — צווישן זיי: אברהם אָסטראָווסקי, פּנחס סאָקאָל, פייוול רובינשטיין, גינזבערג און נאָך אַנדערע. די איבעריקע האַלב־טויטע יידן, פירט מען דורך מלאָווע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. נאָך עטלעכע וואָכן פיין, קומט אַ טייל צוריק קיין סעראָצק. אָבער לאַנג אָפּאָטעמען האָט מען אונדזערע יידן נישט געלאָזט.

נאָכן אויספרעסן עטלעכע מאָל געלט־קאָנטריבוציעס, איז געקומען דער גרויזאַמער באַפעל אין דער נאַכט פאַר ערב חנוכה, אַז די שטאָט סעראָצק מוז ווערן יודן־ריין. דער גרויסער חורבן האָט זיך אָנגעהויבן. מיט ברענענדיקע אויגן, גרייט צו פאַרציקן פאַר די מינדעסטע נישט געהאָרכזאַמקייט, שלעפּט מען צוזאַמען אַלע יידן, ביזן לעצטן, אין מאַרק. מען האַלט זיי נישט לאַנג מען טרייבט ווייטער, און ווער ס׳באַקומט מיט דער קאָלבע פון דער ביקס איבערן קאָפּ, און ווער — מיט די שטיוול, אָדער סתם געשאָסן. עס איז אויך צוגעגרייט געוואָרן אַ גרוב, וווּהין עס ווערן אַריינגעוואָרפן לעבעדיקערהייט די פרוי פייגע וועגנער, מענדל מאַרקעוויטש און גאַדעס. מיטן פאַרצווייפלטן אויסגעשריי: „רוצחים, ימח שמכם" און מיט „שמע ישראל" אויף די ליפּן ווערן זיי אַזוי פאַרשאָטן. דאָס איז

דער ערשטער גיהנום ביז נאַשעלסק. אין נאַשעלסקער שול האַלט מען נישט מער ווי איין טאָג. דאָרט ווערט אויך דערשאָסן יוסף דארן. (נאָכן דערשיסן הייסט מען אים שלעפן צום דאָקטאָר). שרעקלעך גרויזאַם איז דאָס טרייבן פון נאַשעלסק צו דער באַן — אַ וועג פון זעקס קילאָמעטער. באָרוועסע און צעבלוטיקטע דערשלעפן זיך די יידן צו די וואַגאָנען, איבערלאָזנדיק 30 יידן אין נאַשעלסק — די שטאַרקסטע, ספּעציעל אויסגעקליבענע דורך די באַנדיטן, בכדי צו רייניקן די שול. מיט די שפּיצן פינגער, באַפעלט מען זיי, צו קראַצן די ווענט. ווען דאָס פלייש פון די פינגער ווערט שוין אויסגעריסן ביז די ביינער, באַפעלן די מערדער נאָך שטאַרקער צו קראַצן און הייסן זינגען די „התקווה" און אַנדערע העברעאישע לידער.

און ווען בעת דער סצענע דערמאָנט זיך איינער פון די באַנדיטן, אַז די פאַרוויילונג נעמט שוין צו פיל צייט, פאַלט אַ באַפעל: „אין פאַרלויף פון זעקס מינוט מוזן אַלע זיין ביי דער באַן". ווילד לאָזן זיי זיך אויף די קוים נאָך לעבעדיקע יידן; אומברחמנותדיק שלאָגט מען ביים אַריינגאַנג אין די וואַגאָנען. פאַרצווייפלט וויינען די פרויען, שרעקלעך איז דאָס געשריי און געוויין פון די קינדער. איינער ווייסט נישט פון אַנדערן. צוויי עשאַלאָנען מיט סעראַצקער שלעפן זיך אין די פינצטערע וואַגאָנען, טאָג און נעכט, איבער דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד, אָן עסן און אָן טרינקען. קינדער בעטן מיט געוויין, מען זאָל זיי געבן וואַסער און לעקן די פאַרע פון די פאַרקראַטעוועטע פענצטער. נאָך פיר טעג אַרומשלעפן זיך, האָבן זיך אונדזערע סעראַצקער יידן געפונען אויף די סטאַציעס פון לוקאָוו און ביאַלא פּאָדלאַסק. דאָרט ווערן זיי באַפרייט.

די פאַרמוטשעטע יידן פון שווערן פייניקונגס־וועג הייבן אָן קומען ביסלעך צו זיך אַ דאַנק דער האַרציקייט פון די לוקאָווער און ביאַלע־פּאָדלאַסקער יידן, וועלכע האָבן די סעראַצקער זייער וואַרעם אויפגענומען, אונדזערע סע־ראַצקער האָבן זיך געפרוווט ווי עס איז איינאָרדענען. אַ קליינער טייל איז געוואָרן געצוווּנגען צו לויפן ווייטער איבער דער גרענעץ קיין רוסלאַנד, אַדורכ־מאַכנדיק ווידער־אַ־מאָל „שבעה מדורי גיהנום".

עס הייבן זיך אָן רדיפות אין אַלע שטעט און שטעטלעך. יידן ווערן פאַר־שפּאַרט אין די געטאָס, ווו ס'הערשט הונגער, קעלט און עפּידעמיעס, נאָכדעם — דער אומקום. טויזנטער, צענדליקער טויזנטער ווערן טעגלעך געפירט אין די גאַז־אויוונס.

גרינבוים נחמיה
(תל־אביב)

# אַנטלאָפן פון טויט

אין 1939, 8 טעג פאַרן אויסברוך פון קריג, בין איך אַלס אויסגעדינטעטער זעלנער מאָביליזירט געוואָרן אין די פוילישע אַרמיי און געשיקט געוואָרן אין מאָדלינער פעסטונג. דאָרטן האָב איך מיט נאָך יידישע זעלנער געשלאָגן זיך מיטן שטאַרקן שונא וועלכער איז געווען באַוואָפנט מיט דער נייעסטער קריגס־טעכניק. ווי אַזוי ס'האָט אויסגעזעען מיט דער פוילישער אַרמיי, איז אַלעמען געווען גוט באַקאַנט צו יענער צייט.

זייענדיק קנאַפּע זעקס וואָכן אויפן פראָנט און אויף די ערשטע ליניע, בין איך געווען איינער פון די גליקלעכסטע, וועלכע זענען נישט פאַרווונדעט געוואָרן.

צו יענער צייט, ביים אָנהייב פון קריג, איז אין מאָדלינער פעסטונג געווען מאָביליזירט ביי אַ 50 טויזנט זעלנער, און ווען די דייטשן האָבן זיך דאָרט אַריינגעריסן און אונדז גענומען אין געפאַנגענשאַפט, זענען פון די 50 טויזנט געבליבן בערך אַ צוויי טויזנט. די איבעריקע זענען אומגעקומען אָדער פאַרווונדעט, אָדער געפאַנגען געוואָרן. די געפאַנגענע זענען געטריבן געוואָרן דורך די דייטשן פון מאָדלין ביז מלאַווע צו פוס. דער מאַרש האָט געדויערט פינף טעג, ווייל די היטלעריסטן האָבן מיט אונדז געמאַכט אויפן וועג מערדערישע עקספערימענטן, זיי האָבן אונדז געפירט דריי טעג אָן עסן און אָן טרינקען. אויפן פערטן טאָג האָבן זיי אונדז אַרויסגעפירט אויפן פעלד, צוגעפירט אַ מאַשין מיט ברויט און דערפון קליינע שטיקלעך געוואָרפן אין די מאַסע אַריין. איינער מיטן צווייטן האָבן זיך געשלאָגן וועגן דעם און זיי האָבן די סצענע פאָטאָגראַפירט. נאָכדעם האָבן זיי אונדז געפירט הינטער מלאַווע, ווו ס'איז געווען צוגעגרייט אַ צייטווייליקער לאַגער.

אין דעם לאַגער האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן עטלעכע טעג אָפּגעשיקט צו ווערן קיין מזרח־פרייסן אויף אַרבעט אין די גרובן. די דייטשן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייען, צו הונדערט אַ ריי, און מיר האָבן געדאַרפט אַדורכגיין צווישן זיי. אַדורכגייענדיק האָבן זיי אונדז מכבד געווען מיט די קאָלבעס פונעם געווער און געקלאַפּט איבער הענט און קעפּ, און ווער ס'האָט זיך פראָבירט אַראָפּצובייגן, האָט זיך געמוזט אומקערן און אַדורכגיין דריי מאָל, ווערנדיק געשלאָגן ביז טויט. ס'זענען געווען אַ סך טויטע ביים אַריינ־מאַרשירן אין לאַגער.

אין לאַגער זענען אַלע באַלד צעטיילט געוואָרן אין באַזונדערע באַראַקן: יידן, פּאָליאַקן און פאָלקסדייטשן. די דייטשן האָבן געגעבן אָנצוהערן די יידן, אַז פון לאַגער וועלן מיר שוין קיין לעבעדיקע נישט אַרויס.

צוזעענדיק זיך די פאַרשידענע סצענעס, וואָס זיי האָבן געמאַכט מיט די יידן, האָב איך באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צו אַנטלויפן, אַפילו צו פאַרלירן דאָס לעבן. איך האָב זיך באַפריינדעט מיט עטלעכע וואַרשעווער יידן. מיר האָבן צוזאַמען, באַשלאָסן צו אַנטלויפן 2 אַ זייגער ביינאַכט פון לאַגער, גייענדיק 99% אויף אומקום, ווייל ס'איז געווען אַ באַפעל, אַז ווער עס וועט זיך אין אונטע דערנענטערן צו די דראָטן, וועט אויפן פּלאַץ ווערן דערשאָסן.

זייענדיק דעצידירט צו אַנטלויפן האָבן מיר 2 אַ זייגער ביינאַכט אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען צוויי דייטשע שומרים מיט מאַשין־געווער, זענען אַנטשלאָפן געוואָרן. מיר זענען אַריבערגעקראָכן דעם פּלויט און אַריין אין וואַלד. דאָרט זענען מיר געלעגן ביז אין דער פרי. מיר האָבן געהאַט אַ באַקאַנטע אין מלאַווע. די באַקאַנטע איז אַוועק אין נאָענטן דאָרף און געבראַכט פּויערישע קליידונג. מיר האָבן זיך אָנגעטאָן ווי פּויערים און אַזוי איז אונדז געלונגען צו קומען צופוס קיין וואַרשע. איך בין אַוועק קיין לעגיאָנאָווע, ווו מיינע עלטערן האָבן צו יענער צייט געוווינט. קומענדיק אַהיים האָב איך זיך נישט געטאָרט אַרויסווייזן אויף דער גאַס, ווייל די דייטשן האָבן געכאַפּט צו אַרבעט. דעמאָלט איז געהרגעט געוואָרן דער זון פון חיים ראָזענבערג — משה. ער האָט זיך נישט געלאָזט כאַפּן, און אַ דייטש האָט אים אויפן אָרט געשאָסן.

וויסנדיק שוין די מערדערלעכע מעטאָדן פון די דייטשן, האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין ביאַליסטאָק צו די רוסן, מיטנעמענדיק מיט זיך מיין ברודער אַלטער, מיין שוועסטער מרים און די חברים יעקב און שמואל בורכאַנסקי, (דעם חזנס זון). אין ביאַליסטאָק האָבן מיר זיך פאַרשריבן אויף אַרבעט און אַזוי איבערגעלעבט די מלחמה.

אברהם חיים פשיקאָרסקי
(עתלית)

# אַנטלאָפֿן פֿון נאַצישן גיהנום

ס׳איז דינסטיק, דער פֿינפֿטער טאָג פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עטלעכע דייטשע אַעראָפּלאַנען זענען איבערן שטעטל אַנגעפֿלויגן און אָנגעהויבן באָמ־באַרדירן. די ערשטע באָמבע איז אַרייַנגעפֿאַלן צו גרשון מאיר אין דער אייל־פֿאַבריק. צום גליק האָט עס דאָרט קיינעם נישט געשאַט. אין שטעטל איז אַנט־שטאַנען אַ מוראדיקע בהלה, די געשרייען האָבן זיך געהערט ווי ווייט. כאַפּנדיק דערשראָקענע און וויינענדיקע קינדער אויף די הענט, האָבן מענטשן זיך אַראָפּ־געלאָזט אין די קעלערס פֿון זייערע הייזער.

דער בעל־הבית פֿון מיין הויז, יעקב ראָזענבערג, האָט געהאַט גאָר אַ גרויסן קעלער, אָדער ווי מ׳האָט עס גערופֿן — „סכראָן״, וואָס איבער אים האָט זיך געפֿונען די „השומר״־אָרגאַניזאַציע. ווי נאָר יעקב האָט געהערט דאָס אָנפֿליען פֿון די אַעראָפּלאַנען, האָט ער אַ געשריי געטאָן צו זיינע טעכטער, און באַלד האָבן זיי אַלע זיך אַראָפּגעלאָזט אינעם קעלער. מיט מינוטן שפּעטער איז דער קעלער שוין געווען איבערפֿולט מיט מענטשן און צווישן זיי אויך נאַשעלסקער פּליטים.

בעת מען האָט אָנגעהויבן באָמבאַרדירן דאָס שטעטל, בין איך מיט מ״ין זון געשטאַנען אין דער יאַטקע. איז צו מיר אַריינגעלאָפֿן מיין ברודער משה, כדי מיט מיר זיך צו באַראָטן ווו אַהין צו לויפֿן זיך באַהאַלטן. איך האָב אים געזאָגט, אַז מען דאַרף אַריינלויפֿן אין יעקב ראָזענבערגס קעלער, און עס טאַקע שוין טאָן. מיין ברודער האָט געוואָלט, אַז איך מיט מיין זון זאָלן מיט אים מיטגיין. שטייענדיק שוין נעבן זיין הויז, כדי אַריינצולויפֿן אינעם „סכראָן״, האָט מיין זון זיך געריסן צוריק אַהיים צו גיין, טענהנדיק, אַז אויב די מאַמע וועט זיי נישט טרעפֿן אין דער יאַטקע, וועט זי נישט וויסן ווו מיר זענען אַוועק־געקומען און אַזוי אַרום זיך שטאַרק איבערשרעקן.

זענען מיין ברודער משה מיט זיין פֿרוי און קינדער געגאַנגען אין קעלער.

גייענדיק מיט מיין זון צוריק צו דער יאַטקע, האָבן מיר אויפֿן וועג געזען ווי אַעראָפּלאַנען פֿליען ווידער אָן מיט אַ שטורעם און באַלד פֿאַלן אַראָפּ צוויי באָמבעס, איינע ביי אברהם שענקער אין הויז און די צווייטע אין יעקב ראָזענבערגס „סכראָן״. מיר זענען געבליבן שטיין שטאַרק דערציטערט. דערנאָך

האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַלע מענטשן פון דעם „סכראָן”, דאַרונטער אויך מיין ברודער מיט זיין פרוי און קינדער, זענען אומגעקומען, זייער צאָל איז געווען 50.

אין זעלבן אָוונט זענען אַלע מענטשן אַרויס פון די קעלערס אויף דער גאַס און גענומען זיך גרייטן צו פאַרלאָזן סעראָצק. צו מאָרגנס אין דער פרי האָט ווער אויף פערד און וואָגן, און ווער צו פוס, זיך געלאָזט קיין וואַרשע אָדער ערגעץ אַנדערש ווּ. איך מיט מיין פאַמיליע, ווי אויך די איבעריקע קרובים, האָבן געהאַט בדעה זיך צו לאָזן קיין קאָוועל, מחמת איך האָב אַלע מיינע יאָרן דאָרט געהאַנדלט און זיך גוט אויסגעקענט אויף דער גאַנצער געגנט. האָב איך טאַקע באַלד איינגעשפּאַנט אַ פּאָר פערד און אַ וואָגן און אַרויפלייגנדיק אַלץ, וואָס מ׳האָט נאָר געקאָנט מיטנעמען, זיך געלאָזט מיט מיין פאַמיליע און קרובים קיין קאָוועל.

קומענדיק צו פאָרן קיין זעגזשע, וואָס פון דאָרט פירט אַ שאָסיי קיין סטרוגע — דער וועג קיין קאָוועל — האָט דאָס דאָרט שטייענדיקע מיליטער אונדז נישט געלאָזט פאָרן צום וועג. נישט האָבנדיק קיין ברירה, זענען מיר געפאָרן קיין וואַרשע.

אַריינפאָרנדיק קיין פּראַגע, איז שוין געווען פאַרטאָג. פּלוצלינג האָבן מיר געהערט אָנפליען רוישנדיקע אַעראָפּלאַנען, און באַלד — מוראדיקע אויפרייסן. מיר האָבן על־פּי־ נס נישט געליטן. מיטאָג־צייט זענען מיר אַריינגעפאָרן קיין וואַרשע. אין וואַרשע זענען מיר געזעסן ביז די דייטשן זענען אַהין אַריינגע־קומען, דערנאָך זענען מיין פרוי און קינדער, ווי אויך די קרובים, צוריק אַהיימ־געפאָרן מיט פערד און וואָגן קיין סעראָצק, איבערלאָזנדיק מיך מיט מיין מוטער. ווען זיי זענען בשלום צוגעפאָרן צו דער זעגזשער בריק, זענען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דייטשע סאָלדאַטן. די דייטשן האָבן באַפוילן, אַז זיי זאָלן אַלע אַראָפּגיין פון דער פור. דערנאָך האָט מען זיי רעווידירט. ביי מיין שווער האָבן זיי צוגענומען אַ טאַשנזייגער און דערנאָך, מיט ווילדע אויסגעשרייען, אים אָפּגעשניטן די באָרד, צוזאַמען מיט אַ שטיק פלייש. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ יללה פון די ווייבער און די קינדער. די דייטשן זענען געוואָרן נאָך ווילדער און גענומען געבן קלעפּ ווער עס האָט האָט זיך זיי געגלוסט. שפּעטער, נאָכן צורויבן וואָס זיי איז געפעלן, האָבן זיי באַפוילן די מענטשן צוריק אַרויפגיין אויף דער פור און זיי געלאָזט דורכפאָרן די בריק.

צומאָרגנס אין דער פרי בין איך מיט מיין מוטער אַרויס פון וואַרשע. מיר זענען געגאַנגען צו פוס קיין פּעלצאַוויזנע, געוואָלט פון דאָרט ווייטער גיין, אָבער

דייטשן האָבן אונדז אָפּגעשטעלט און נישט געלאָזט , אַזוי אַז מיר האָבן געמוזט זיך אומקערן, אָפּגעריסן פון דער פאַמיליע. קיין וואַרשע זענען מיר מער נישט אַריין. מיר האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ פעלד נעבן שאָסיי און געוואַרט ביז די דייטשן וועלן פאַרשווינדן פון דע םשאָסיי. מיר האָבן אַזוי געוואַרט צוויי מעת־לעת; געזעסן אָן עסן און אָן טרינקען, ביז אַנדערע דייטשן האָבן אונדז דערלויבט פאָרצוזעצן דעם וועג.

ווען מיר זענען, גוט אויסגעמאַטערטע, צוגעקומען צו דער זעגזשער בריק, (אַכט קילאָמעטער פון סעראָצק), האָבן די דייטשן נישט געלאַזט, אַז מיר יידן זאָלן דורכגיין די בריק. מיר זענען אַריינגעגאַנגען קיין זעגזשע צו דער באַקאַנטער פרוי דבורה קאהן, וועלכע האָט געהאַט אַ שפּייז־קראָם. ליגנדיק ביינאַכט אויסגעבעט אויף דער פּאָדלאָגע, איז דאָרט אַריינגעקומען אַ באַקאַנטער פּאָלאַק, מיטן נאָמען כיפּש, און דערציילט, אַז ער האָט אַליין געזען ווי דייטשן האָבן נישט ווייט פון דאַנען דערשאָסן משה פּיעניק ווי אויך נאָך אַ ייד, וואָס זיין נאָמען איז מיר אַרויס פון זכרון. די נאַכט איז שוין פאַר מיר געווען זייער אַ פיינלעכע, און כ׳האָב נישט געקאָנט שלאָפן.

אַרויסגייענדיק אין דער פרי אויף דער גאַס, האָב איך געזען ווי עס פאָרט אויף אַ בריטשקע אַ קריסטין. איך האָב זי אָפּגעשטעלט. הערנדיק אַז זי פאָרט אויפן סעראָצקער מאַרק, האָב איך אָנגעהויבן בעטן, זי זאָל מיך מיטנעמען.

אין דעם מאָמענט איז אָנגעפאָרן אַ פולע פור מיט יידן, דער דייטש האָט געהייסן דער קריסטין דורכפאָרן די בריק, און איך בין געווען צוריק אין דער היים.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מיר דער סעראָצקער איינוווינער חיים פּוטערמאַן, וועלכער איז געזעסן צווישן די יידן אויף דער פור ביי דער זעגזשער בריק, דערציילט, אַז די דייטשן האָבן די יידן אָפּגעשניטן די בערד מיטן פלייש צוזאַמען, געהייסן זיי טאַנצן, רייבן מיט די פינגער־נעגל די פאַרבלוטיקטע פור אַזש צום ריין ווערן, און דערנאָך האָבן זיי באַפוילן, צוריק צו פאָרן פון וואַנען זיי זענען געקומען. חיים פּוטערמאַן אַליין איז געקומען קיין סעראָצק, נישט דורך דער בריק, נאָר פון אַן אַנדער אָרט. כדי צוריק צוברענגען מיין מוטער אַהיים, האָב איך באַצאָלט אַ גוי אַ גוטן פרייז, און ער האָט זי טאַקע מיר געבראַכט נישט דורך דער בריק נאָר פון אַ זייטיקן און ווייטן וועג.

נאָך איידער איך האָב זיך אַרומגעקוקט, וואָס עס טוט זיך אין סעראָצק, האָב איך שוין געהערט פון דער גזירה, אַז די קצבים מוזן אויפהאַלטן זייערע יאַטקעס, כדי צו פאַרקויפן פלייש פריי. איך האָב זיך גלייך אַוועקגעלאָזט צו

באַקאַנטע גויים אין די דערפער. אַריינקומענדיק אין דאָרף אברעם צום פויער סאַוויצקי, מיט וועלכן איך בין זייט יאָרן געווען באַפריינדעט, האָט ער מיך אויף זיין שוועל נישט אַרויפגעלאָזט, אַפילו די האַנט, ווי תמיד, מיר נישט דערלאַנגט, זאָגנדיק, אַז ער איז נישט מחוייב זיך איינצושטעלן דאָס לעבן, נאָכ־דעם ווי ער האָט אַליין געהערט פון די דייטשן אויפן פולטוסקער מאַרק, אַז וועלכער קריסט עס וועט אויסבאַהאַלטן אַ ייד, וועט צוזאַמען מיט זיין כאַטע פאַרברענט ווערן.

פון דעסטוועגן האָב איך זיך נישט פאַרלוירן און בין צוגעגאַנגען צום פריץ אַרטאַכאַווסקי. דער פריץ האָט מיך גראָד יאָ אַריינגעלאָזט, זאָגנדיק: „נעם דיר, ייד, וואָס דו ווילסט, ווייל סיי־ווי וועלן די דייטשע באַנדיטן ביי מיר אַלץ צונעמען". איך האָב אים געענטפערט, אַז איך וויל פון אים צוויי בהמות. גייענדיק צוריק אַהיים, האָב איך אויפן וועג באַגעגנט נאָך אַ באַקאַנטן פויער פון טשעפּעווער געגנט. אויך דער פויער האָט צו מיר גערעדט די זעלבע רייד. קומענדיק אין מיין הויז האָב איך גלייך געהייסן רופן מיין קריסטלעכן אַרבעטער, סטאַניסלאַוו בזשעזשאַווסקי, און ווען ער איז געקומען צו גיין, זענען מיר ביידע אַוועק נעמען די בהמות. מיר האָבן די בהמות אַריינגעטריבן אין נח אגראַדאַווערס שטאַל, וואָס איז געשטאַנען אין מיין מוטערס הויף.

ווי נאָר איך האָב די בהמות אָפּגעשאָכטן, האָט אין דרויסן עמעצער געגעבן אַ געשריי, אַז אַ דייטש גייט. איך האָב גיך צוגעשלאָסן די שטאַל, איבער־לאָזנדיק דאָרט דעם שוחט. איך האָב מיט מיין פּוילישן אַרבעטער גענומען גיין אויף דער גאַס אַרויס. ווען מיר זענען צוגעקומען צום טויער פון מיין מוטערס הויף, האָט אַ דייטש מיט אַ גומענער פּאַלקע אין האַנט אונדז פאַרהאַלטן, פרעגנדיק צו מיר זענען יידן. דער קריסט האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין", און דער דייטש האָט אונדז געהייסן גיין ווייטער. אָפּגייענדיק פון אים אַ שטיקל וועג, האָב איך געזען ווי ער איז אַריין אינעם הויף און ווען ער האָט דאָרט געטראָפן, האָט ער מיט זיין פּאַלקע געשלאָגן מכות רצח.

עס זענען דאָרט צעשלאָגן געוואָרן בערך אַ צען מענטשן, צווישן זיי מיינע שוואָגערס: יוסף הערש און אלתר. שטייענדיק דעם זעלבן טאָג אַ פאַרטוענער אין מיין יאַטקע, האָב איך פּלוצלינג דערזען נעבן זיך דעם זעלבן דייטש מיט דער פּאַלקע אין האַנט. איך האָב זיך דערשראָקן, און דער דייטש האָט אַרויס־געלאָזט אַ ווילדן געשריי, אַז איך זאָל אַרויס אויף דער גאַס. איך בין גלייך אַרויסגעלאָפן און געזען אויסגעשטעלט אין אַ ריי אַלע יידישע קצבים פון סעראָצק. דער דייטש האָט מיך צוגעשטעלט צו יאָסל היללס אַ ברודער און

דערנאָך אונדז אַלע אַריינגעפּירט אין מאַגיסטראַט. ווען מיר זיינען שוין דאָרט געשטאַנען, האָב איך דורך אַן אָפן פענצטער געזען ווי ס׳האָבן זיך אין דרויסן פאַרזאַמלט פיל פּאָלאַקן מיט צעשמייכלטע פּנימער, ווי עס וואָלט זיי שטאַרק אַ הנאה געטאָן אונדזער קלאָגעדיקער מעמד.

אין אַ גרויסן צימער פונעם מאַגיסטראַט איז געזעסן אַן אַלטער דייטש מיט אַ בייז פּנים. „אונדזער" דייטש האָט אים שטייף געמאָלדן, אַז ער האָט געבראַכט אַלע זיבעצן „שווײַנען־יודן־פליישערס". האָט דער אַלטער דייטש צו אים אַ זאָג געטאָן „וואָס האָסטו מיר די שווײַנען געבראַכט? האָסט זיי געדאַרפט אַוועקשיסן אויפן וועג".

אין דעם מאָמענט זענען אַריינגעקומען די צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן, פּאַסטעק און דודאַוויטש, וועלכע האָבן זיך געשטעלט צום דינסט פון דער דייטשער מאַכט און געמאָלדן, אַז זיי דאַרפן האָבן אַרבעטער. דער אַלטער דייטש האָט צו זיי אַ זאָג געטאָן: „נעמט זיי אַוועק, די שייסע". זענען מיר, די אַלע זיבעצן קצבים, נאָכגעגאַנגען די צוויי פּאָליציאַנטן. אויפן וועג האָב איך זיך געבעטן ביי דעם פּאָליציאַנט דודאַוויטש, מיט וועלכן איך בין שטענדיק געווען באַפריינדעט, ער זאָל מיך פריי לאָזן, אָבער ער האָט וועגן דעם נישט געוואָלט הערן, גלייך ווי ער וואָלט מיך נישט געקענט.

די פּאָליציאַנטן האָבן אונדז צוגעפירט אויפן וועג נאָך משה ראָזענבערגס מיל, וווּ מיר האָבן געטראָפן אַרבעטן עטלעכע הונדערט סעראָצקער יידן. זייער אַרבעט איז געווען אַרויפצולייגן שווערע קאַסטנס מיט אַמוניציע אויף די לאַסט אויטאָס. זעענדיק וואָס מען האָט געמאַכט מיט דעם ביסל יידן, איז מיר זייער שלעכט געוואָרן. דוד ראָזענבערגן איז נישט געווען צו דערקענען, ער האָט נישט געהאַט קיין צורה פון קיין מענטש, ישראל איסר הילער, מענדל הילערס זון, האָט מען אָפּגעשניטן דאָס בערדל צוזאַמען מיט דער הויט. אַנדערע זענען געווען שטאַרק צעשלאָגן און צעדראַפּעט.

מיר, די פריש געקומענע, האָט מען אויסגעמישט מיט די אַנדערע יידן, און האָבן אויך גענומען אַרבעטן. צוועלף אַ זייגער בייטאָג האָט אַ פרוי געבראַכט עסן פאַרן געלן משה, אהרן לייב קצבס אַ זון. דער געלער משה האָט מיך געבעטן צום עסן. ווען מיר האָבן פאַרענדיקט דאָס עסן, האָט אַ דייטש מיט אַ ביקס אין האַנט צו אונדז אַ זאָג געטאָן: „נאַכן פרעסן דאַרף מען זיך אַפּרוען". ווי נאָר דער געלער משה האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטיין, איז דער זעלבער דייטש צו אים ווילד צוגעלאָפן און מיט דער קאָלבע פון דער ביקס אים דערלאַנגט אַזעלכע קלעפּ, אַז ער האָט זיך איבערגעדרייט

עטלעכע מאָל. אַז איך האָב דאָס געזען, האָב איך זיך אויסגעמישט צווישן די אַרבעטנדיקע מענטשן. כ׳האָב מיין היטל אַראָפּגערוקט ביז צו דער נאָז און זיך גענומען פלייסיק צו דער אַרבעט. פּלוצלינג האָב איך דערזען ווי דער צעווילדעוועטער דייטש זוכט מיך אַרום צווישן די אַרבעטנדיקע. איך האָב דערפילט די געפאַר און געזוכט מיטלען, אַז ער זאָל מיך נישט דער־קענען. ווער ווייסט צי ער וואָלט מיך נישט אָפּגעזוכט, ווען עס פאָרט נישט נעבן מיר פאַרביי חיים גימפּלס פערד און וואָגן, וואָס פון אונטן איז געווען צוגעבונדן צוויי גייענדיקע בהמות. גיך בין איך צוגעלאָפן צו די בהמות און מיט אַ ריטל אין האַנט זיי אונטערגעטריבן. דער דייטש האָט אַ פּנים דאָס נישט דערזען און אַזוי אַרום איז מיר געלונגען צוריק צו גיין אין שטאָט אַריין.

ווען איך בין אין שטוב צו זיך געקומען פון דער איבערלעבונג, האָב איך צו מיין פרוי און קינדער געזאָגט, אַז מען טאָר לענגער נישט וואַרטן און מיר דאַרפן אַלע אַוועק קיין קאָוועל, וואָס האָט שוין געהערט צו סאָוועט־רוסלאַנד. היות ווי אַלע מיט איין מאָל האָבן מיר נישט געקאָנט אַוועקגיין, איז געוואָרן אָפּגעמאַכט, אַז איך אַליין זאָל דערווייל אַוועקגיין, איבערלאָזנדיק שפּייז און געלט פאַר מיין פאַמיליע. האָב איך, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע יונגע מענער און פרויען, זיך געלאָזט מיט אַ פור אין וועג אַריין. מיר זענען געפאָרן אין דער ריכטונג פון מאַלקין, נעבן טייך בוג.

אַז מיר זענען צוגעפאָרן צו דער וויערזשביצער בריק, האָבן די דאָרט באַוואָפנטע דייטשן אונדז באַפוילן צוריק צו פאָרן, וואָרנענדיק דערביי, אַז אויב עמעצער וועט פרוון אַראָפּגיין פון דער פור, וועט ער דערשאָסן ווערן. און היות ווי ביי אונדז אַלע איז געווען אָפּגעמאַכט, אַז מיר קערן זיך נישט צוריק אַהיים, האָבן מיר פאַרקערעוועט אויפן וועג קיין פּולטוסק, כדי דורך אַן אַנדערן וועג אָנצוקומען אויף דער רוסישער זייט.

אָפּפאָרנדיק אַ שטיק וועג נעבן קלעשעווע, האָבן אונדז ווידער פאַרהאַלטן צוויי דייטשן„ וואָס זענען צופעליק אַדורכגעפאָרן מיט זייער אַ מאַשין. זיי זענען אַרויס פון דער מאַשין און באַפוילן, אַז מיר זאָלן בלייבן שטיין. אונדזער פור האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויף זייער פראַגע האָבן מיר געענטפערט, אַז מיר פאָרן פון וואַרשע קיין מאַקאָוו, דערנאָך האָבן זיי געהייסן אַראָפּגיין פון דער פור און גענומען זוכן וואָס דאָרט געפינט זיך. אַז זיי האָבן געפונען ליגן אַ ביסל קוך־געשיר, האָט איינער פון זיי אויסגערופן: „יאָ, דאָס זענען זיכער די געזוכטע גנבים, וואָס האָבן באַגנבעט דעם מאַגאַזין אין פּולטוסק, מען דאַרף זיי דאָרט אַריינפירן און לאָזן אַרעסטירן”.

דאָס אָפּזאָגנדיק, האָבן זיי אונדזער קוך־געשיר אַריינגעלייגט אין זייער מאַשין, זיך אַהין צוריק אַריינגעזעצט און גיך אָפּגעפאָרן. מיר זענען געבליבן שטיין צעטומלטע און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן — בלייבן שטיין אָדער אָפּפאָרן? בערך אַ צוויי שעה זענען מיר אַזוי געשטאַנען און זעענדיק, אַז קיינער קומט נישט נאָך אונדז, זענען מיר אָפּגעפאָרן. פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין מאַקאָוו. מיר זענען צוגעפאָרן צו דער שול פון וועלכער עס האָבן זיך געטראָגן האַרצרייסנדיקע געוויינען. די שול איז געווען פול מיט פליטים. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז מען האָט לעצטנס געכאַפּט זייער פיל יידישע מענער צו דער אַרבעט און מ׳זעט זיי נישט צוריק. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן דאָ נישט צו פאַרבלייבן און פאַרטאָגס זענען מיר אָפּגעפאָרן קיין קראַסנאָשעלץ. אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף נעבן אָסטראָלענקע. אין דעם דאָרף האָט געוווינט איין ייד. עס איז נישט געווען ווייט פון דער סאָוויעטישער גרענעץ. מיר האָבן זיך ביי דעם דאָרפס־ייד געלייגט שלאָפן. אין מיטן דער נאַכט האָבן מיר זיך דער־שראָקענע אויפגעכאַפּט פון אַ שטאַרקן קלאַפּ אין דער טיר. עס האָט זיך גע־הערט רעדן דייטש, אַז מען זאָל אויפמאַכן די טיר. ווען די טיר האָט זיך געעפנט, זענען אַריין צוויי דייטשן און געשאָסן צום סופיט פון זייערע רעוואָלווערן און דערנאָך באַפוילן, אַז קיינער זאָל זיך נישט רירן פון די ערטער. זיי האָבן דורכגענישטערט די גאַנצע שטוב און, צונעמענדיק בלויז אַ פּאָר שטיוול, זענען זיי מיט גראָבע זידל־ווערטער אַוועק. צו מיין מזל האָבן זיי מיינע שטיוול נישט באַמערקט.

ווען עס איז טאָג געוואָרן, בין איך אַרויס אויף דער גאַס. באַלד האָב איך באַגעגנט אַ באַקאַנטן קריסט און זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל מיך אַריבערפירן די גרענעץ. ער איז דאַרויף באַשטאַנען, אָבער פאַרלאַנגט פופציק זלאָטעס. היות ווי מיין קוזין משה ווייגנראַד, דער זון פון איטשע־מאיר רויזעס, איז געווען מיט מיר צוזאַמען, האָב איך געמוזט אויך פאַר אים איינצאָלן פופציק זלאָטעס, און דער שמוגלער האָט אונדז בשלום אַריבערגעפירט די גרענעץ.

**ברכה האדעס פשיקארסקי**
(עתלית)

# דייטשע אינקוויזיציע

עטלעכע חדשים בין איך מיט מיינע דריי קינדער אין זייער שווערע באַדינגונגען געבליבן ביי די דייטשן. היות ווי מיר האָבן געוווּסט, אַז זיי טרייבן אַרויס יידן פון די שטעט, האָב איך זיך דערצו צוגעגרייט. איין מאָל, ביי נאַכט, האָט מיין שכן צאַלקע קוליגאָווסקי אָנגעקלאַפּט אין מיין לאָדן און אָנגעזאָגט מען זאָל אויפשטיין, ווייל מ׳טרייבט אַרויס אַלע יידן פון אונדזער שטאָט.

פון גרויס צעטומלטקייט האָב איך נישט געוווּסט וואָס צו טאָן און, איבערלאָזנדיק די קינדער אַליין אין שטוב, געלאָפן צו מיין פאָטער בערל צוקער. דאָרט האָב איך געטראָפן מיין שוועסטער עטקע און שוואָגער אברהם. איך האָב זיך ביי זיי געבעטן אַז זיי זאָלן מיטגיין און מיר העלפן איינשפּאַנען ס׳פערד. אויפן וועג האָבן מיר געזען אַ גרויסע בהלה אין שטאָט. צעווילדעוועטע דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן די יידן פון זייערע הייזער און זיי געשלאָגן מיט גומענע פּאַלקעס. מיין פאָטער און מיין ברודער נח, שטאַרק צעטומלטע, זענען צוריקגעלאָפן צו זיך אַהיים, איבערלאָזנדיק מיך שטיין אַליין. איך בין מיין פאָטער און ברודער נישט נאָכגעלאָפן און מיט גרויס האַרץ־קלאַפּעניש זיך קוים דערשלעפּט צו זיך אין שטוב. מיינע דריי קינדער האָבן פון שרעק שטאַרק געוויינט. איך האָב זיך באַהערשט און גענומען מיט זיך דאָס נייטיקסטע פון דער שטוב און אַרויס מיט די קינדער צום מאַרק.

דער פינצטערער מאַרק איז געווען פול מיט יידן און געפּעק. די דייטשן האָבן ווילד געשריגן, נישט געלאָזט קיינעם זיך צוזעצן און באַפוילן אַלעמען זיך אויסצושטעלן אין רייען. איך האָב געזען ווי די דייטשן פירן צו עטלעכע יידן צום מאַרק־ברונעם און דערשיסן זיי. אַ שוידער האָט אונדז אַרומגענומען, אָבער צו שרייען און וויינען האָבן מיר מורא געהאַט.

אַ ביסל ווייטער זענען צופרידן געשטאַנען די שטאָטישע גויים און רואיק צוגעזען אונדזער בראָך.

פאַרטאָגס האָט מען די יידן אַוועקגעטריבן צו פוס קיין נאַשעלסק. אויפן וועג, דרייסיק קילאָמעטער, זענען אַ סך פון אונדז אָפּגעשטאַנען, ווער עס האָט נישט געקאָנט גיין איז דערשאָסן געוואָרן.

אין נאַשעלסק האָט מען אונדז אַלע געטריבן צו דער שטאָט־שול. ביים אַריינגאַנג פון דער שול זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט צוויי באַוואָפנטע

דייטשן מיט גומענע פּאַלקעס אין די הענט. יעדער וואָס איז זיי אַדורך גע־גאַנגען האָט געקריגן געשלאָגן איבערן קאָפּ. דער קליינער איטשעלע פּשי־קארסקי האָט געקראָגן אַזוי געשלאָגן איבערן קאָפּ, אַז דערנאָך ווען עמעצער האָט אים אַריינגעשלעפּט אין שול, איז ער שוין געווען טויט.

אין דער זעלבער נאַכט האָבן די דייטשן אַרויסגענומען פון דער שול מענער און זיי ערגעץ־ווו אָפּגעפירט. ווען זיי זענען צוריקגעקומען, האָבן זיי דערציילט, אַז מען האָט זיי געפירט אויסגראָבן אַ טיף גרוב, כדי צו באַגראָבן פינף יידן, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן נישט ווייט פון דער שול.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט מען אונדז אַלע אַרויסגעטריבן פון דער שול און געפירט צו דער באַן. ווען מיר זענען געקומען אויפן אָרט, האָבן מיר געזען שטיין אויסגעשטעלט ליידיקע קוישן. די דייטשן האָבן באַפוילן אַלעמען זיך אויסטאָן נאַקעט כדי צו רעווידירן זייערע מלבושים. זיי האָבן צוגענומען אַלץ, וואָס איינער האָט באַהאַלטן. מיין שוועגערין רחלע פּשי־קארסקי האָט זיך נישט געלאָזט אויסטאָן נאַקעט, אַ דייטש האָט מיט אַ ווילדע רציחה זי שטאַרק צעשלאָגן און דערנאָך פון איר אַראָפּגעריסן די קליידער. מיין מזל איז געווען וואָס גראָד ביי מיין זון האָבן זיי נישט געפונען דאָס געלט, וואָס איז ביי אים געווען איינגענייט אין אַ מלבוש.

איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען ווי די דייטשן האָבן אויסגעטאָן נאַקעט דעם סעראָצקער רבס אַ זון און אים באַפוילן, ער זאָל זיך „באָדן" אין דער בלאָטע, וואָס איז געקומען נאָך אַ שטאַרקן רעגן. אַז דעם רבס זון איז שוין געלעגן אַ נאַקעטער אין דער בלאָטע, האָבן צעשמייכלטע דייטשן צוגערופן שיינע גערבעלס ווייב און שטרענג איר באַפוילן, זי זאָל מיט אַ ציגל אים רייבן זיין לייב.

נאָכדעם האָבן זיי באַפוילן, אַז דעם רבס זון זאָל אויפשטיין און אָנטאָן די תפילין, וואָס ער האָט מיט זיך געטראָגן. ווען ער האָט אַרומגעוויקלט די רצועות אויף דער לינקער האַנט האָבן די דייטשן גענומען זיך קאַטשען פאַר געלעכטער, דערנאָך איז איינער פון זיי צוגעגאַנגען צו אים און צוגעבונדן פעסט צו דער רצועה אַ קלינגענדיקן וועקזייגער און באַפוילן, ער זאָל דערמיט לויפן און טאַנצן. לאַנג אַזוי האָט ער געמוזט טאַנצן, און די דייטשן האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו טרייסלען פון געלעכטער.

שפּעטער האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין צוגעגרייטע וואַגאָנען. בעתן טרייבן זענען מיר באַגלייט געוואָרן מיט ווילדע קללות און שטאַרקע קלעפּ. אין

די וואַגאָנען זענען מיר געזעסן צונויפגעדרענגט און פאַרחלשטע, אַזוי אַז עס איז שווער געווען צו דערקענען אַ מענטשלעך פּנים.

מיין שוועגערין, שרהטשע, מאיר בלעכערס אַ טאָכטער, וועלכע האָט געהאַלטן צוגעטוליעט צו זיך אַ זייגקינד, האָט אַ דייטש עס אַוועקגעריסן און אַריינגעשלייעדרט אין אַ צווייטן וואַגאָן. דאָס זויגלינג איז במשך פון דריי מעת־לעת געוואָרן דערנערט דורך אויסגעמאַטערטע פרויען, וואָס האָבן שוין אַליין גאָרנישט געהאַט אין זייער מויל.

נאָכן פאָרן עטלעכע טעג, איז אונדזער עשאַלאָן געבליבן שטיין אויף דער ביאַלער־פּאָדלאַסקער סטאַציע. די געשלאָסענע וואַגאָנען האָבן זיך געעפנט און מען האָט געהייסן גיין ווו מען וויל. מיר זענען געגאַנגען אין שטאָט אַריין, די אָרטיקע יידן זענען אַקעגן געגאַנגען, אונדז האַרציק אויפגענומען און אַריינגע־פירט אין דער שטאָט־שול, וואָס איז שוין געווען צוגעגרייט מיט אַלערליי מאכלים. שפּעטער האָט מען אונדז איינקוואַטירט אין יידישע הייזער.

נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען געהערט שמועסן, אַז די דייטשן גייען מאַכן אַ געטאָ אין שטאָט. היות ווי מיין מאַן און אַ דערוואַקסענע טאָכטער זענען שוין געווען אויף יענער זייט גרענעץ, אין קאָוועל, האָב איך נישט געוואָלט לענגער וואַרטן און געזוכט פון דאַנען צו אַנטלויפן. נישט טראַכטנדיק לאַנג האָב איך מיט די קינדער ווי אויך מיט די ברידער און שוועסטער זיך געלאָזט צו אַ וואַלד, וואָס פירט צו דער גרענעץ. איידער מיר זענען צוגעקומען צום וואַלד, זענען מיר ווידער אַריינגעפאַלן אין די דייטשע הענט. אַ דייטש האָט אַלע רעווידירט, אָבער נישט געפונען וואָס ער האָט געזוכט. מיר זענען אָפּגעקומען בלויז מיט קלעפּ. מיר האָבן באַטראַכט פאַר אַ נס, וואָס דער דייטש, באַזוכנדיק גוט אַלעמען, האָט נישט באַמערקט ווי מיין זון יאָסעלע, ביי וועלכן עס איז געווען איינגענייט דאָס גאַנצע געלט, באַהאַלט זיך פון אים אויס און טאַקע דאָס אָפּגעראַטעוועטע געלט האָט אונדז דערמעגלעכט, אַז מיר זאָלן, מיט דער הילף פון אַ באַצאָלטן קריסטלעכן שמוגלער, אַריבערצושוואַרצן זיך די דעמאָלט שוין שווער געוואָרענע סאָוויעטישע גרענעץ.

**אריה מענדזעלעווסקי**
(רמת־גן)

# מיינע קינדער־יאָרן

אין יאָר 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פוילן און דייטשלאַנד, בין איך אַלט געוואָרן 7 יאָר און געווען ביי מיינע עלטערן אין סעראַצק.

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין פוילן און פאַרנומען סעראַצק, האָט מען אַלע יידן און פּאָליאַקן אויסגעשטעלט אויפן מאַרק־פּלאַץ, וואָס איז געווען באַזעצט מיט מאַשין־געווער. די דייטשן האָבן געדראָט, אַז אויב מען וועט נישט אויסגעבן, ווער עס האָט דערהרגעט זייערס אַ סאָלדאַט, וועלן אַלע ווערן אויס־געשאָסן. מענטשן האָבן געוויינט און געשריגן. איך האָב זיך צוגעטוליעט צו מיין מאַמען און זי פלעגט מיך באַרואיקן. שוין אין דער לעצטער שעה איז געקומען צו רייטן אַן אָפיציר און געמאָלדן, אַז דער מענטש וואָס האָט דערהרגעט דעם דייטש, איז געפונען געוואָרן. זיי האָבן אַלע פּאָליאַקן אָפּגעלאָזט און די יידן געהייסן בלייבן. עלטערע און קינדער האָבן זיי אויך אָפּגעלאָזט און די יוגנט, צווישן 17 און 35 יאָר, האָבן זיי צוגענומען. צווישן זיי אויך מ״ין עלטערן ברודער. נאָכדעם האָבן די דייטשן געצויגן קאָנטריבוציע־געלט און געדראָט אַז אויב מען וועט נישט באַצאָלן די סומען, וועלן אַלע יידן פון דער שטאָט ווערן אַרויסגעטריבן. די פאַרהאַלטענע יידן האָט מען שפּעטער געטריבן 70 ק״מ צו פוס, און ווער עס איז געפאַלן, האָבן זיי גלייך דערשאָסן.

נאָך 2 חדשים זענען צוריקגעקומען אַ העלפט מענטשן — מיין ברודער איז געווען צווישן זיי. אין שטוב איז געוואָרן אַ פרייד, אָבער נישט לאַנג האָט עס געדויערט, אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט זיך געלאָזט הערן אַ באַוועגונג אויף דער גאַס, באַלד זענען זיך צונויפגעקומען אַלע שכנים פון הויף און אָנגעהויבן וויינען. אַלע יידן זענען דערנאָך אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן מאַרק־פּלאַץ, און ווער ס׳האָט נאָר געפּרווּט אַנטלויפן, איז גלייך דערשאָסן געוואָרן. מען האָט אונדז אָנגעהויבן טרייבן צו פוס צו דער נאַשעלסקער באַן און דאָרט געשלאָגן און געדראָט, אַז אויב ווער עס וועט באַזיצן מער פון איין זלאָטי, וועט ווערן דערשאָסן. איך בין שוין קוים־קוים געגאַנגען. מען האָט אונדז צוגעטריבן צו דער נאַשעלס־קער שול. ביי דער שול זענען די דייטשן געשטאַנען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען מיט ביקסן און שטיקער גומי אין די הענט, אונדז געהייסן לויפן אין דער

ריי און דאַביי געשלאָגן ווו זיי האָבן געטראָפן. פאַרמאַכט האָבן זיי אונדז אין דער שול אַ גאַנצע נאַכט, אָן עסן און טרינקען. פיל מענטשן האָבן געחלשט.

אויף צומאָרגנס האָט מען אונדז געטריבן צו דער באַן און אַריינגעיאָגט אין אַ גרויסער בלאָטע. ביי וועמען זיי האָבן עפּעס געפונען, האָבן זיי געהרגעט און געשלאָגן. געפירט האָט מען אונדז אין אַ פאַרמאַכטן וואַגאָן אָן עסן און אָן טרינקען דריי טעג (איך האָב געלעקט די ראָסע פון די שויבן), ביז קיין ביאַלאַ־פאָדלאַסק, — און דאָרט באַפרייט.

געוווינט האָבן מיר אין אַ שול. די לאַגע איז געווען געפערלעך. מיין עלצטער ברודער איז גלייך אַוועק קיין רוסלאַנד, און איך מיט די עלטערן זענען אַוועק קיין וואַרשע צו מיין מוטערס אַ שוועסטער. מיין פאָטער האָט געאַרבעט מיט מיין ברודער אין אַ קאָפּאַלניע. אין יאָר 1940 איז אונדז נאָך געגאַנגען, ווי נישט איז, אָבער ווען עס איז געוואָרן אַ געטאָ אין וואַרשע, איז אונדז געוואָרן זייער שווער. איך פלעג זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ אויף דער פוילישער זייט און קויפן ברויט און פאַרשידענע פּראָדוקטן פאַר אונדז. איין מאָל ווען איך בין געגאַנגען זיך אַהיים־גנבענען אין געטאָ, האָט מיך דערזען אַ פוילישער פּאָליציאַנט, און מיך אָנגעהויבן נאָכלויפן. זעענדיק, אַז ער איז שוין ביי מיר, בין איך אַנידער־געפאַלן אויף דער ערד. ער האָט מיך צעקאָפּעט, געשלאָגן און נאָכן צונעמען די פּראָדוקטן, — מיך אַהיים געלאָזט.

פון דאַן אָן האָט שוין מיין טאַטע מיך נישט געלאָזט שמוגלען, כאָטש עס איז געווען אַ געפערלעכער הונגער אין שטוב. מיין ברודער האָט זיך אַרויס־געדרייט פון דער וואַרשעווער און אַריין אין דער לעגיאָנאָווער געטאָ, ווו עס איז געווען בעסער. מיין קוזין, וואָס האָט געשמוגלט פון וואַרשע קיין לעגיאָנאָווע פאַרשידענע סחורות, האָט מיך אויך מיטגענומען. אויפן טראַמוויי, וואָס איז געגאַנגען דורך דער וואַרשעווער געטאָ, בין איך מיט אים אין פולן גאַנג אַריינגעשפּרינגען. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ פוילישער פּאָליציאַנט. מיין קוזין האָט אים גלייך געגעבן געלט אין דער האַנט אַריין, און ער האָט זיך פון אונדז אָפּגערוקט. געקומען זענען מיר אויף דער וואַרשעווער הויפּט־סטאַציע. עס איז גראָד געווען דאָרט אַ גרויסע רעוויזיע דורך ס. ס. מיין קוזין איז פאַרשוווּנדן, און איך בין אַליין געבליבן מיט די פּעק. זעענדיק שוין אַז זיי זענען ביי מיר, האָב איך געכאַפּט די פּעק און אַרויס דורך אַן אַנדערער זייט אין דרויסן און דאָרט ווידער געטראָפן מיין קוזין. מיט אים בין איך אַוועק צו אַ צווייטער סטאַציע, פון וואַנען מיר זענען געפאָרן קיין לעגיאָנאָווע. אַזוי צו ביסלעך איז מיין גאַנצע פאַמיליע דאָרט אַהין געפאָרן. צוליב דער גרויסער נויט,

האָב איך געמוזט זיך פֿאַרדינגען אַרבעטן ביי אַ פּאָליאַק. יעדן טאָג, באַלד אין דער פֿרי, האָב איך זיך אַרויסגעגנבעט פֿון געטאָ און אַוועק צו אים, און שפּעט ביי נאַכט געמוזט צוריקגיין אין געטאָ. ער האָט מורא געהאַט מיך צו האַלטן ביינאַכט. איך האָב געמוזט ביי אים זייער שווער אַרבעטן פֿאַר דעם עסן. נאָכדעם האָבן די דייטשן געמאָלדן, אַז וועלכער פּאָליאַק עס וועט האַלטן אַ ייד, וועט ער מיט זיין גאַנצער משפּחה ווערן דערשאָסן. דאַן האָט דער פּאָליאַק מיר אָפּגעזאָגט, און איך בין אַוועק זיך זוכן אַ נייע אַרבעט, אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט מיך האַלטן. ביי אייניקע קריסטן פֿלעג איך צונויפֿנעמען זייערע קאָזעס און זיין מיט זיי אַ גאַנצן טאָג אויפֿן פֿעלד.

איינמאָל ווען איך בין געגאַנגען פּאַשן די קאָזעס, האָב איך דערזען אַ דייטש. לויפֿנדיק בין איך אַרויפֿגעפֿאַלן אויף אַ פּאַרקאַן און איבערגעשניטן אַן אָדער פֿון אַ פֿוס. דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן צו שפּריצן. די קריסטן האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, האָבן זיי אָנגעהויבן גיסן יאָד, אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעשטעלט דאָס בלוט. צו אַ פּוילישן דאָקטאָר האָבן זיי מורא געהאַט צו גיין מיט מיר. זיי האָבן מיך אַריינגעלייגט אין אַ שטאַל פֿון חזירים און איך בין דאָרט געלעגן אַ טאָג מיט אַ נאַכט. די וווּנד האָט ווייטער געבלוטיקט, און איך האָב שוין נישט געהאַט קיין כּוח צו אָטעמען. איך האָב געפֿילט אַז אָט־אָט גיי איך אויס. דערנאָך האָבן מיך די קריסטן אַרויפֿגעלייגט אויף אַ טאַטשקע און צוגעפֿירט ביז צום געטאָ, און זענען אַוועק. יידן האָבן מיך דערקענט און זענען געלאָפֿן מודיע זיין מיינע עלטערן. מיין מוטער איז געקומען און מיך גענומען אין געטאָ אַריין. אין געטאָ בין איך געלעגן קראַנק מער ווי אַ האַלב יאָר. די גאַנצע צייט האָב איך געהאַט אַ געפֿיל, אַז באַלד וועט מען אַרויסטרייבן פֿון געטאָ. איך פֿלעג אָפּט כאַפּן דאָס שטעקעלע, וואָס פֿלעגט מיר העלפֿן צו גיין, און אַרויסלויפֿן פֿון געטאָ. איך האָב אויך נישט געקענט זאָרגן פֿאַר מיין וווּנד, ווייל יעדע מינוט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מען פֿירט אונדז קיין טרעבלינקע. און ווען עס איז אַ מאָל אַריינגעפֿאָרן אַן אויטאָ אין געטאָ, בין איך אַזוי דערשראָקן געוואָרן, אַז איך האָב נישט געקענט זיך רירן פֿון אָרט, און ווען איך וויס אַז עס איז שוין מיין טויט, וואָלט איך נישט געקענט אַנטלויפֿן. זייענדיק איינמאָל אויף דער אַרישער זייט האָב איך געהערט, אַז מען וועט די יידן אַרויסטרייבן פֿון געטאָ. איך בין גלייך געלאָפֿן אין געטאָ זאָגן מיינע עלטערן וועגן דער ידיעה. זיי האָבן געזאָגט, אַז „סיי־ווי־סיי וועלן מיר נישט לעבן, זיי ווילן זיך נישט אַרומוואַלגערן צווישן די פּאָליאַקן. מען וועט אונדז אַלע סיי־ווי־סיי אויסשיסן". און איך האָב אַזוי געוואָלט לעבן. איך האָב געבעטן מיין שוועסטער, אַז זי זאָל גיין מיט מיר, האָט זי

געענטפערט, אַז ווו די עלטערן גייען, גייט זי אויך. עס איז מיר געווען שווער זיך מיט זיי צו צעשיידן, אָבער איך האָב געוואָלט לעבן און געפילט אַז עס איז שוין דער סוף.

געווען איז דאָס גאַנץ פרי, נאָך גאַנץ פינצטער אין דרויסן, ווען איך האָב געוואָלט זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ, אָבער דאַן איז דאָס געטאָ שוין געווען אַרומגערינגלט מיט זשאַנדאַרמען און פאָליציי, וועלכע האָבן געשאָסן ביי יעדן פרווו צו אַנטלויפן. נישט קוקנדיק דערויף, האָב איך זיך געלאָזט לויפן צו די דראָטן, אַריבער די גרענעץ און אַנטלאָפן אין וואַלד. (איך בין דעמאָלט אַלט געווען 10 יאָר). אין וואַלד האָב איך געטראָפן אַ באַקאַנטע פרוי מיט אַ קליין קינד פון אַ האַלב יאָר, און נאָך פיל באַקאַנטע יידן. די יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ גרופע, ווייל יעדער האָט געמיינט, אַז איינער וועט דעם צווייטן העלפן. איך בין אַוועק מיט דער פרוי אין אַן אַנדערע ריכטונג, הגם די דייטשן האָבן אונדז אַלע אָנגעהויבן נאָכצושיסן. געשלאָפן זענען מיר אונטער אַ בוים. פון צייט צו צייט פלעג איך דער פרוי און קינד ברענגען פון באַקאַנטע קריסטן ברויט, מילך און אַנדערע זאַכן. אָבער געווען איז דאָס שוין ענדע אָקטאָבער 1942, אַזוי אַז עס איז שוין צוליב די קעלטן געווען אוממעגלעך צו שלאָפן אין דרויסן. די פרוי איז אַוועק צו אַ קריסטין און איך בין געווען אַליין. איין נאַכט בין איך געשלאָפן אין אַ קלאָזעט, אַ צווייטע נאַכט ערגעץ אין אַ שטאַל. אַזוי האָב איך זיך געפּייניקט דריי וואָכן צייט. מיינע באַקאַנטע פּאָליאַקן פלעגן שמוגלען פון לעגיאָנאָווע קיין מאַלקין ביז די גרענעץ, ווו ס׳זענען געווען די רוסן, דאָרט איז געווען אַלץ ביליק. איך האָב זיי געבעטן מיך מיטצונעמען, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט דאָס צו טאָן. איך האָב איינמאָל אָפּגעוואַרט ווען זיי האָבן געדאַרפט פאָרן, און איך — נאָך זיי, ווו זיי זענען געגאַנגען בין איך אויך געגאַנגען, אַזוי ביז מאַלקין. פאַרן אַרויסגיין פון דער סטאַציע, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע רעוויזיע, מען האָט קאָנטראָלירט פעק און דאָקומענטן, איך האָב געוואַרט און געציטערט און זיך צוגעריקט צו די זשאַנדאַרן. ווען מען האָט שוין געהאַט דורכקאָנטראָלירט אַ פרוי, בין איך געגאַנגען מיט איר און נאָכגעלאָפן צו דעריאָגן די פּאָליאַקן, אָבער זיי האָבן מיך געהייסן אַוועקגיין, ווייל זיי גייען איצט צו דער גרענעץ און האָבן מורא מיך מיטצונעמען. איך האָב זיך געוואַלגערט אַ לאַנגע צייט און נישט געוווּסט ווו צו גיין. געווען איז דאָס שוין גאַנץ שפּעט ביינאַכט, בין איך אַריינגעגאַנגען אין אַ שטוב און געבעטן מען זאָל מיך לאָזן איבערנעכטיקן. צום ערשטן האָבן זיי מיך געפרעגט, צו איך בין אַ ייד. איך האָב זיי געוויזן אַ מעדאַליאָן, וואָס כ׳האָב געהאַט אָנגעטאָן, און

זיך געשוויורן אַז איך בין אַ פּאָליאַק. צו מאָרגנס האָב איך געפרעגט דעם וועג צו דער גרענעץ און בין אַוועק. דאָרט זענען געווען פיל פּאַסטוכער, און איך האָב זיי געפרעגט וואָס צו טאָן. זיי האָבן געזאָגט, אַז בייטאָג איז, צוליב די דייטשע וואַכן, אוממעגלעך ריבערצוגיין. איך האָב שפּעטער ספּעציעל געטריבן די קי איבער די גרענעץ און געלאָפן העלפן זוכן. איך בין אַריבער די דראָטן און דאָרט אָנגעהויבן לויפן ווייט אין דאָרף אַריין. אַפּלויפנדיק שוין אַ שטיק וועג, האָב איך דערזען אַ וואַכמאַן, און אָנגעהויבן אַרבעטן ביי דער ערד מיט אַ רידל, וואָס איז געלעגן ביי אַ בוים. ווען דער דייטש איז צוגעקומען צו מיר, האָב איך שוין געהאַט אָנגעפילט אַ פולן זאַק מיט בלעטער. ער האָט מיך געפרעגט פון וואַנען איך בין, האָב איך זיך געמאַכט נישט פאַרשטיין, און איך בין געגאַנגען אין אַ ריכטונג צו אַ כאַלופּע. ווען ער האָט געזען, אַז איך גיי צו אַ שטוב, איז ער אַוועקגעגאַנגען. אויפן וועג האָב איך געטראָפן אַ פויער פאָרן אויף אַ פיר און אים געפרעגט דעם וועג אין דאָרף אַריין, ווייל איך וויל זיך פאַרדינגען פאַר אַ פאַראַבעק. ער האָט אָנגעהויבן לאַכן און געזאָגט: „דו ביסט נאָך צו קליין און קיינער וועט דיך נישט נעמען". איך האָב אים אָנגעהויבן שטאַרק צו בעטן, האָט ער זיך ביי מיר אויסגעפרעגט, פון וואַנען איך בין און צי איך בין אַ ייד. צום סוף האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וועט מיך נעמען צו זיינס אַ זון, זיך צו שפּילן מיט אַ קליין קינד. איך האָב זיך געפרייט און אומגעדולדיק געוואַרט זיך צו געפינען אין אַ וואַרעמער שטוב.

מיט דעם פויער בין איך געפאָרן 30 ק"מ פון דער גרענעץ צו זיין זון, און דאָרט געווען אַ גאַנצן ווינטער. אויף זומער האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַר־דעכטיקן, אַז איך בין אַ ייד. ווען זיי האָבן מיך געוואָלט שיקן צו דער „קאָמוניע", בין איך פון זיי אַנטלאָפן און אַוועק צו דעם סאָלטיס אויפן זעלבן דאָרף פּאַשן קי. יעדן אינדערפרי און ביינאַכט האָב איך געזאָגט „מאָדליטוועס", וואָס איך האָב זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט ביי דעם פריערדיקן פויער און געפירט זיך ווי אַלע קריסטן און געגאַנגען אין קלויסטער. איך פלעג זיך היטן פאַר די דייטשן, וואָס פלעגן יעדעס מאָל קומען צו אים. עס איז מיר אַ יאָר צייט געווען ביי אים זייער גוט, אָבער ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז איך בין אַ ייד, האָט ער דערפון דערציילט זיינע שכנים. איך האָב זיך גאָרנישט וויסן געמאַכט און ווייטער געווען ביי אים. ביים סאָלטיס האָט אויך געוווינט און געאַרבעט אַ רוס. דער סאָלטיס האָט אים און נאָך 2 חברים דערשאָסן, אָבער באַלד אין דער צווייטער נאַכט זענען אַריינגעקומען פאַרטיזאַנער און געזוכט דעם סאָלטיס. ער איז נישט געווען אין שטוב. ער האָט שפּעטער געמיינט, אַז איך האָב אים

אויסגעגעבן. ליגנדיק אַמאָל פאַרן שלאָפן אויפן בעט אין די קליידער, הער איך עפּעס אַ געשפּרעך און זע דעם סאָלטיס מיט זיינס אַ חבר, וועלכער האַלט אַ פּיסטאָלעט און זאָגט צום סאָלטיס, אַז מען דאַרף אים רעפּאַרירן. דער סאָלטיס ווייזט אים, אַז איך קאָן זיך אויפוועקן. דעמאָלט האָב איך שוין גענוי געוווּסט, אויף וועמען זיי גרייטן זיך. ווען איך בין אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט ער מיך געפרעגט, ווו איך וויל גיין אַזוי שפּעט ביי נאַכט. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך דאַרף אַרויסגיין אין דרויסן און אַז איך קום שוין אַריין.

איך בין אַרויס פון שטוב און געלאָפן אין אַ דאָרף און אַלע מאָל זיך אומגעקוקט, צי מען יאָגט מיך נישט נאָך. איך בין געקומען צו אַ באַקאַנטער קריסטין און זי געבעטן, זי זאָל מיך לאָזן איבערנעכטיקן. זי האָט זיך געפרעגט וואָס איז געשען, וואָס כ׳בין געקומען אַזוי שפּעט צולויפן. איך האָב דערציילט, אַז דער סאָלטיס האָט מיך געוואָלט שלאָגן. דאַן האָט זי מיך געלאָזט איבערנעכטיקן. צומאָרגנס האָט זי מיך אַנגעהויבן איבערצורעדן, איך זאָל צוריק גיין צו אים, ער וועט מיר גאָרנישט טאָן. איך בין געקומען צומאָרגנס צו אים אַהיים. ווען ער האָט מיך געפרעגט, ווו איך בין געווען, האָב איך געזאָגט, אַז איך בין געשלאָפן אין סטאָדאָלע. אַזוי איז אַדורך צוויי וואָכן, און ער איז צו מיר גוט געווען, דאָך האָב איך זיך געהיטן גאַנצע נעכט.

איינמאָל, ווען איך בין געקומען אַהיים פון פעלד, האָב איך דערזען אין שטוב צוויי פרעמדע מענטשן. בעת איך בין נאָר אַריין אין שטוב, האָט איינער פון זיי געגעבן אַ צייכן צום סאָלטיס, און זיך געפרעגט צי דאָס איז „ער". איך האָב שוין פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט מיט דעם, און ביינאַכט בין איך אַוועק צו אַ צווייטן פויער אין סטאָדאָלע נעכטיקן. צו מאָרגנס אין דער פרי ווען איך בין צוריקגעקומען, זענען זיי שוין נישט געווען. איך בין געבליבן ווייטער ביי אים. און ווען עס איז געקומען מיטאָג־צייט, האָב איך זיך געזוכט אַן אָרט צו אַנטלויפן. איינמאָל ווען איך בין געלעגן אויף דעם בעט דרימלענדיק, האָב איך דערזען פון יענער זייט פענצטער אַ גאַנצע חברה מענטשן, און דעם סאָלטיס צווישן זיי. נאָך פאַר דעם, האָב איך אונטערגעהערט פאַרשידענע געשפּרעכן, וואָס זיי האָבן גערעדט צווישן זיך. זיי האָבן געמיינט, אַז איך פאַרשטיי נישט. איינער האָט געזאָגט צום סאָלטיס, אַז אויב דער סטאַניאַשטשוק (דער ערשטער, וואָס איז געקומען מיט אַ פּאָר טעג צוריק מיך שיסן) האָט נישט פּאַראַטן, האָט עס דאָס זיכער געטאָן דיין קליינער פּאַראָבעק (געמיינט מיך). איך בין געווען שטאַרק איבערגעשראָקן און בלאַס — אָט, אָט דערנענטערט זיך מיין טויט.

דער סאָלטיס האָט אים דאַן געזאָגט, אַז אויך נעכטן איז „ער" נישט צוריק־

געקומען און גענעכטיקט, דער טייוול ווייסט ווו. און אַז דער פּאַל פּאַרשטאַרקט ביי אים דעם פֿאַרדאַכט, אַז „ער״ האָט איבערגעגעבן וועגן די דערמאָרדעטע רוסן צו די פּאַרטיזאַנער.

די טיר פון מיין צימער האָט זיך עטלעכע מאָל געעפנט און עטלעכע פּויערים האָבן אַריינגעקוקט, בכדי צו זיין זיכער צי איך געפין זיך דאָרט. איך בין אינסטינקטיוו אַראָפּ פון בעט, אַריינגעשפּרונגען אין אַ צווייטן צימער און געוואָלט אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער און אַנטלויפן. די לעצטע מינוט האָב איך מיך אָפּגעהאַלטן פון דעם ווייל כ׳האָב מורא געהאַט, אַז מ׳וועט מיך דערזען, דאַן וואָלט מיין גורל געווען אַ געענדיקטער. איך האָב מיך צוריקגעקערט אין קאָרידאָר, ווו איך האָב דערהערט אַ שטימע: „קומט, ער שלאָפט!״ איך בין אַריין צו אַ שכן אין שטוב. אַלע זענען געלעגן אין די בעטן און נישט געשלאָפן — זיי האָבן מסתמא אויך געוווסט וועגן דעם פּלאַן מיך צו שיסן. שטיל, ווי אַ קאַץ בין איך אַרונטער אונטערן אויוון און זיך פאַרשטעקט מיט שמאַטעס און שטאַרק געציטערט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָב איך דערהערט, ווי דער סאָלטיס רופט מיך און פרעגט זיך ביי די שכנים צי זיי האָבן מיך געזען. די שכנים מיטן סאָלטיס האָבן באַלויכטן די שטוב מיט באַטעריעס און מיך געזוכט אַ לאַנגע צייט אונטער די בעטן. אין דער צייט בין איך געלעגן אונטערן אויוון, ווי אַ געפרוירענער, ביז פאַרטאָג.

ווען איך האָב זיך איבערצייגט, אַז אַלע שלאָפן שטאַרק און אַרום און אַרום איז שטיל, האָב איך זיך אַרויסגעדראַפּעט פון שכן, צוריק אַריין אין מיין צימער ביים סאָלטיס, אַרויסגענומען פון שאַנק מיינע מלבושים און מיט אַן אימפּעט אַוועק אין אַ צווייטן דאָרף. דאָרט האָב איך זיך פאַרדינגען צו אַ פּויער פּאַשן קי. דער נייער בעל־בית איז גאָר געווען אַ חבר פון סאָלטיס. די גאַנצע צייט וואָס איך בין געווען ביי דעם צווייטן בעל־בית, בין איך געווען שטאַרק איבערגעשראָקן, איך האָב נאָר געקלערט און מורא געהאַט, אַז בקרוב וועט מען מיך שיסן.

דער פראָנט פון די רוסן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל נענטער, די קוילן פון די האַרמאַטן זענען שוין געפלויגן צו נאָענט פון אונדז. איך בין אַוועק פון שטוב, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז זיי וועלן מיך הרגענען און זאָגן, אַז ס׳איז געשען פון פראָנט. איך בין שוין די גאַנצע צייט געווען אויפן פעלד, צווישן פאַר־שידענע קאַסטנס. רוסישע עראָפּלאַנען האָבן שטאַרק אָנגעהויבן באָמבאַרדירן. עס פלעגן דורך דעם פעלד גיין פיל דייטשע זעלנער. אַזוי האָב איך פאַרבראַכט ביז דער באַפרייאונג.

צוריקקומענדיק נאָכן קריג קיין סעראַצק האָב איך שוין מיינע עלטערן נישט געטראָפן. איך בין אַוועק קיין לעגיאָנאָווע, ווו איך בין געווען אין געטאָ, מיט דער האָפענונג אפשר וועל איך דאָרטן עמעצן געפינען, אָבער אויך דאָרטן קיינעם פון מיין משפחה נישט געטראָפן. יידן האָב איך מורא געהאַט צו זאָגן, אַז איך בין אַ ייד. ווען איך האָב געטראָפן אַ יידישן דאָקטאָר, וואָס האָט מיך אַמאָל געהיילט, האָט ער מיר וועגן אַלעמען דערציילט. ער האָט מיר אויפֿגעגעבן אַן אַדרעס פון מיינעם אַ קוזין אין וואַרשע. איך בין צו אים אַוועקגעפאָרן און דאָרט געווען אַ קורצע צייט. איך בין באַלד אַריין אין אַ קיבוץ, אָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל. די אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן אין יענער צייט אין פוילן האָבן אונדז נישט דאָרט געלאָזן לענגער בלייבן. מיטן קיבוץ בין איך אַרויסגעפאָרן מיט דער „עקזאָדוס״־שיף און דורך דעם ענגלישן מיליטער צוריקגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד צו דער שארית־הפליטה.

(צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע אין בייערן 1947).

פנחס קאַלוסקי
(כפר מונאש)

## פון חורבן און נע־ונד — קיין ישראל

דעם צווייטן שבת נאָכן אויסברוך פון קריג, האָבן זיך באַוויזן אין די גאַסן פון שטעטל דייטשע טאַנקען און געפּאַנצערטע אויטאָס. שבת אויף דער נאַכט האָבן דייטשע מאָטאָריזירטע מיליטער־אָפּטיילונגען פּאַרפּלייצט די גאַסן און געסלעך פון סעראָצק. איך, מיין פאָטער, ברודער, שוועסטער און דער זיידע יידל פּיעניק ע"ה, האָבן פאַרלאָזן אונדזער היים און שבת פאַרנאַכט אַריבער צו אונדזער קרוב ר׳ גדליה לעווינער, און זיך דאָרט צוזאַמען מיט נאָך שכנים און קרובים אויסבאַהאַלטן אין זיין קעלער. שפּעט אין דער נאַכט האָבן דייטשע סאָלדאַטן זיך געוואָלט אַריינרייסן צו אונדז. אַ דאַנק די געשרייען פון די קינדער און פרויען וואָס זענען געווען מיט אונדז אין קעלער, זענען די דייטשן אַוועק פון קעלער. צומאָרגנס אין דער פרי זענען מיר, מענער, אַרויס פון קעלער און איך האָב געזען ווי די יידישע הייזער און געשעפטן זענען אויפגעריסן און צעראַבירט.

די ס. ס.־לייט האָבן גלייך אין דער פרי אָנגעהויבן צו זאַמלען אַלע מענער פון שטעטל און זיי איינגעשפּאַרט אונטער אַ וואָך מיט מאַשינגעווער אין דער גרויסער יידישער שול. איינמאָל אין טאָג האָבן זיי דערלויבט, אַז קינדער זאָלן אונדז ברענגען עפּעס עסן. די ענגשאַפט אין דער שול איז געווען זייער גרויס. נאָכדעם האָבן זיי פריי געלאָזן עלטערע מענטשן. מיר זענען דאָרט געווען פאַר־שפּאַרט ביזן צווייטן טאָג ראש־השנה ת"ש, דערנאָך אונדז איבערגעשיקט קיין פולטוסק אין דער תפיסה. צומאָרגנס אין דער פרי האָבן זיי באַפוילן, זיך אויס־צושטעלן אין רייען און מאַרשירן אין דער ריכטונג קיין טשעכאַנאָוו. די דייטשן האָבן אונדז געיאָגט אַ גאַנצן טאָג אָן עסן, אָן וואַסער. עס זענען צווישן אונדז געווען עטלעכע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט מער לויפן און זענען אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד און דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן. אַזוי זענען געפאַלן די ערשטע קרבנות אויפן וועג פולטוסק־טשעכאַנאָוו — אברהם אָסטראָווסקי איז געווען איינער פון די קרבנות אויף דעם וועג.

אַלע זענען געווען דערשעפּט און אָן כוחות. אָפּשטעלנדיק זיך אַמאָל, זענען מיר צוגעפאַלן צו די קאַלוזשעס וואַסער, וואָס האָבן זיך געשאַפן אויף דער ערד נאָך דעם שטאַרקן רעגן און האָגל, וואָס איז דעמאָלט געפאַלן, און אַ ביסל

געשטילט דעם דורשט מיט דעם שמוציקן וואַסער. אָנקומענדיק אין אָוונט קיין טשעכאַנאָוו, האָט מען אונדז אַרײַנגעפירט אין די פערד־שטאַלן פון דעם געוועזענעם פוילישן קאַוואַלעריע־פולק. ביי די טויערן זענען געשטאַנען דייטשע סאָלדאַטן מיט ביקסן און געשלאָגן. עטלעכע פון אונדז זענען שטאַרק געטראָפן געוואָרן. נאָכן אַרײַנקומען אינעווייניק, זענען מיר אַוועקגעפאַלן אויף דער הוילער ערד און אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט. אינדערפרי האָט מען ערשט באַקומען אַלט פאַרשימלט ברויט, וואָס איז געבליבן פון פוילישן מיליטער, און — ווידער באַפוילן זיך אויסשטעלן אין רייען און מאַרשירן אין דער ריכטונג צו דער באַן־סטאַציע.

מאַרשירנדיק איבער די גאַסן פון טשעכאַנאָוו, זענען אַרויסגעקומען פרויען און קינדער מיט שפּייז, אָבער די דייטשן האָבן נישט דערלויבט צו געבן און געשאָסן. אַ פרוי, וועלכע האָט ריזיקירט איבערצוגעבן אַ ברויט איינעם פון אונדז, איז צוליב דער שיסעריי פאַרוווּנדעט געוואָרן. אָנקומענדיק אויף דער באַן־סטאַציע, האָט מען אונדז אַרײַנגעשטופּט צו 100 מאַן אין אַ וואַגאָן. די וואַגאָנען זענען געווען קליינע און די ענגשאַפט איז געווען זייער אַ גרויסע, אָן שפּייז, וואַסער און אָן סאַניטאַרע באַדינגונגען. אין די וואַגאָנען זענען מיר, פאַרשפאַרטע פון דרויסן, געווען ביי אַ צוויי מעת־לעת, ביז מיר זענען אָנגעקומען נאָענט פון דער דייטשער שטאָט ריזנבורג אין מזרח־פּרייסן. דאָרט האָט מען אונדז ווידער אַרײַנגעזעצט אין שטאַלן פון פערד און, הונגערנדיקע, אָפּגעהאַלטן עטלעכע וואָכן.

פלוצלינג איז געקומען אַ ידיעה, אַז מען שיקט אונדז צוריק קיין פוילן. ווידער זענען מיר אין לאַסטוואַגאָנען צוריקגעפאָרן קיין אָסטראָלענקאַ. די דייטשן האָבן אונדז איינמאָל דערלויבט אַהיימצוגיין קיין סעראָצק, אָבער נאָך עטלעכע קילאָמעטער האָבן זיי באַפוילן, מיר זאָלן נישט דערוועגן צו גיין אין דער ריכטונג קיין וואַרשע, נאָר אין דער ריכטונג קיין לאָמזשע, וואָס די רוסן האָבן פאַרנומען. פאַרנאַכט האָט מען אונדז צוגעפירט נאָענט פון לאָמזשע און באַפוילן צו לויפן, שיסנדיק איבער אונדזערע קעפּ. אַזוי זענען מיר אָפּגעלאָפן אַ צוויי קילאָמעטער, און זעענדיק, אַז די דייטשן לויפן מער נישט נאָך, האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אַ גאַנצע נאַכט, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ דאָרף. די באַפעלקערונג האָט אונדז דערציילט, אַז די רוסן געפינען זיך אין לאָמזשע און זיי פאַרנעמען זיך גוט מיט דער ציווילער באַפעלקערונג.

אָנקומענדיק קיין לאָמזשע, האָבן מיר דאָרט געטראָפן אַ ביסל יידן. זיי האָבן אונדז געגעבן אַ מאָלצייט און אַן אָרט צו שלאָפן. מיר זענען געווען אָן וועש,

און שטאַרק איבערגעקלערט וועגן די קרובים, וואָס זענען געבליבן אין דער היים. איך און נאָך אייניקע האָבן באַשלאָסן ריזיקירן און צוריקגיין קיין סעראָצק, און דערנאָך זיך ווידער צוריקקערן קיין לאָמזשע. אונדזער שפּאַציר האָט געדויערט עטלעכע טעג. מיר האָבן געהאַט גענוג שרעק פון די דייטשן, וועלכע זענען געפאָרן אויפן וועג. מיר פלעגן נעכטיקן ביי די פּויערים אין די דערפער.

אָנקומענדיק קיין סעראָצק פאַרנאַכט, איז אונדז נאָך גרויס מי געלונגען זיך דורכצושיפן דורכן טייך נאַרעוו, ווייל די בריקן זענען געווען צעשטערט. אין סעראָצק האָט מען זיך שטאַרק דערפרייט מיט אונדז. אַ סך זענען געקומען זיך פרעגן וועגן זייערע קרובים. מיר האָבן זיי איבערגעגעבן אַלץ, וואָס מיר האָבן נאָר געוווּסט, און זיי אויך געעצהט אַריבערצוגיין מיט אונדז אויף דער רוסישער זייט, אָבער זיי האָבן אונדז נישט געפאָלגט. דעמאָלט איז נאָך געווען אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך פון די דייטשע מערדערס הענט.

די דריי טעג וואָס מיר האָבן זיך געפונען אין סעראָצק, האָבן מיר זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן אין די קעלערן, ווייל די דייטשן האָבן געכאַפּט יונגע מענטשן צו פאַרשידענע אַרבעטן און זיי אָנגעטאָן פיל צרות.

נאָכן צוגרייטן זיך צום וועג אויף צוריק, זענען מיר אַרויס פון סעראָצק פאַרטאָג, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ ביסל וועש און קליידונג אויף פאַר די קרובים. מיר זענען אַראָפּ צו דעם נאַרעוו און געבעטן הילף ביי אונדזער באַקאַנטן פישער ווילקאָווסקי. ער האָט אונדז איבערגעשיפט אויף דער צווייטער זייט נאַרעוו. מיר האָבן אָנגעהויבן גיין אויפן וועג קיין ווישקאָוו.

אָנקומענדיק צוריק קיין לאָמזשע, האָבן אונדזערע קרובים און באַקאַנטע זיך שטאַרק דערפרייט. מיר האָבן זיי איבערגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון די קרובים, וואָס זענען געבליבן אין סעראָצק. אַ טייל יידן פון סעראָצק זענען אויך נאָכגעקומען. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען מיין שוועסטער חיה (זי איז געקומען צו אונדזער פאָטער קיין לאָמזשע, נאָך מיין אַוועקפאָרן פון דאָרט). איך בין נאָכדעם געפאָרן קיין ביאַליסטאָק, דאַקעגן מיין פאָטער און נאָך אַנדערע זענען געבליבן אין לאָמזשע, וואַרטנדיק אויף ידיעות פון דער פאַמיליע.

אין ביאַליסטאָק זענען דעמאָלט געווען זייער פיל יידן, געקומענע פון וואַרשע און אַנדערע שטעט. דאָרט זענען געווען אָרגאַניזירט קיכן פאַר די נויטבאַדערפטיקע. איך האָב זיך גלייך פאַרשריבן צו פאָרן קיין רוסלאַנד אויף אַרבעט. נאָך דעם ווי עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ צוג מיט מענטשן צו פאָרן, האָט מען אונדז געשיקט מיט דער באַן קיין רוסלאַנד. אָנקומענדיק אין דער שטאָט פּאָלאָצק, האָט מען אונדז אַלעמען געפירט אין אַ באָד זיך אָפּוואַשן,

אונדזערע קליידער זענען דעזינפעקצירט געוואָרן און אונדז איינלאָקירט אין די רעקווירירטע קלובן, ביז יעדער איינער האָט זיך איינגעאָרדנט ביי אַן אַרבעט.

איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן און פאַרדינען און אויך אָפּגעשפּאָרט צו קויפן אַ ביסל קליידונג, ווי אויך צו שיקן מיין פאָטער און שוועסטער קיין לאָמזשע אויף פסח 1940 אַ ביסל געלט. שפּעטער האָב איך פון זיי באַקומען אַ בריוו, אַז מען האָט זיי דערנאָך פאַרשיקט אויכן ווייטן צפון אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע ביים ווייסן ים. (די רוסן האָבן דעמאָלט אַרויסגעשיקט די אַריינגעוואַנדערטע יידן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט נעמען קיין רוסישע פּעסער און זיך פאַר־שריבן צוריקצופאָרן צו די דייטשן). איך האָב באַקומען דעם אַדרעס פון מיין זיידן זישע ק. פוןווישקאָוו מיטן זון (יחיאל) און טעכטער. איך האָב זיך גלייך באַמיט, מען זאָל מיך באַפרייען פון דער אַרבעט אין פּאָלאָצק און בין אַריבער־געפאָרן קיין אָרשע צו מיינע קרובים. זייענדיק אין אָרשע האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו שיקן עטלעכע פּאַקעטן מיט שפּייז־פּראָדוקטן צו מיינע קרובים קיין אַרכאַנגעלסק.

דעם 22סטן יוני 1941 זענען די דייטשן אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד און אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די שטעט. די שטאָט אָרשע איז אויך שטאַרק באָמבאַר־דירט געוואָרן, און מען האָט אָנגעהויבן צו אַנטלויפן, צווישן זיי אויך מיינע קרובים. איך בין אַוועק פון אָרשע און שפּעטער מיט אַן עשאַלאָן קיין אוראַל. דאָרט בין איך געווען קנאַפּע דריי יאָר, קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע און פיל געליטן.

די גאַנצע צייט, זייענדיק אין רוסלאַנד, האָט זיך מיר שטאַרק געבענקט נאָך מיין שטעטל סעראָצק. און ווען אין יאָר 1944 האָבן די רוסן אָנגעהויבן צו מאַרשירן פאָרויס און צו באַפרייען אוקראַאינע און ווייס־רוסלאַנד, האָב איך זיך פרייוויליק פאַרשריבן צו גיין אין פוילישן מיליטער אויפן נאָמען פון וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אין טשאָקאָלאָוו, כדי איך זאָל וואָס שנעלער קומען צוריק קיין פוילן. נאָכן אָרגאַניזירן זיך אין אַן איינהייט, זענען מיר איבערגעשיקט געוואָרן, איבער כאַרקאָוו, קיין סומי, אוקראַאינע. דאָרט האָבן מיר באַקומען די מיליטערישע אויסשולונג. נאָך עטלעכע וואָכן האָט מען אונדז איבערגעשיקט אויף דער פוילישער טעריטאָריע. אַ קורצע צייט זענען מיר געשטאַנען ביי לובלין. דאָרט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט יידישע פּאַרטיזאַנער און אויסבאַהאַלטענע אין די וועלדער. זיי האָבן אונדז דערציילט די שוידערלעכע ידיעות וועגן די קרעמאַטאָריעס אין מאַידאַנעק, אוישוויץ, טרעבלינקע און אַנדערע פאַרניכטונגס־לאַגערן, ווו עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַזאַ

טראַגישן אופן דער רוב פון פּוילישן יידנטום. מיר האָבן נאָך געטראָפן ביי לובלין געבליבענע בערג מיט שיך און קליידער פון די קדושים. דערנאָך זענען מיר אַריבערגעשיקט געוואָרן אין דער ריכטונג קיין וואַרשע, פּאַלעניץ, פּראַגע און אַנדערע פּונקטן פון דער מזרחדיקער זייט ווייסל. זייענדיק אין פּראַגע האָבן מיר געזען ווי עס ברענען די הייזער אין וואַרשע. דעמאָלט איז געווען דער אויפשטאַנד פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, און די דייטשן האָבן פאַרברענט גאַנצע גאַסן מיט הייזער, און אָפּטמאָל באַשאָסן מיט מינענוואַרפערס די טאָר־גאָווע־גאַס אין פּראַגע, ווו אונדזער אָפּטיילונג איז איינגעשטאַנען, און עס זענען געפאַלן אויך קרבנות אויף אונדזער זייט.

אין יאָר 1945 האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע אָפענסיווע פון רוסישן און פּוילישן מיליטער, מיר האָבן פאַרסירט די ווייסל און נאָכגעגאַנגען דעם דייטשן מיליטער ביז אויף דער דייטשער טעריטאָריע. דאָרט האָבן זיך די דייטשן אַנטקעגנגעשטעלט, אָבער נאָך עטלעכע קאַמפן, האָבן מיר געבראָכן זייער ווידער־שטאַנד און ווייטער פאָרטגעזעצט דעם מאַרש. אַזוי זענען מיר געגאַנגען פאָרויס און מערץ 1945 זענען מיר צוגעקומען צו דעם טייך עלבאַ, ווו דאָס אַמעריקאַנער מיליטער איז צוגעקומען צו דער אַנדערער זייט טייך.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען אונדזער אָפּטיילונג איבערגעשיקט קיין וואַרשע. די שטאָט איז געווען אין גאַנצן צעקלאַפּט. עס זענען געבליבן עטלעכע גאַנצע גאַסן, וואָס די דייטשן האָבן נישט באַוויזן צו צעשטערן ביים פאַרלאָזן די שטאָט. איך האָב פיל מאָל זיך אַרומגעדרייט איבער די פאַרברענטע גאַסן פון דעם וואַרשעווער געטאָ.

נאָכדעם האָב איך געבעטן אַ דערלויבעניש פון מיליטער און בין געפאָרן אָנקוקן אונדזער שטעטל סעראָצק. איך האָב מיטגענומען אַ פּוילישן זעלנער און באַוואָפנט מיט געווער האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. די וועגן דעמאָלט זענען נישט געווען קיין זיכערע, עס האָבן זיך אַרומגעדרייט באַנדעס פּוילישע רויבער פון א. ק. און אַנדערע, וועלכע האָבן אָנגעטאָן גרויסע צרות די יידן. אָנקומענדיק קיין סעראָצק, האָבן מיר געטראָפן דאָס שטעטל טויט ווי אויף אַ בית־עולם. דאָס רוב יידישע הייזער זענען געווען רואינירט, אָדער לגמרי אָפּגעווישט. מען האָט נאָר געקאָנט זען די קעלערן פון די וווינונגען. דאָס בילד האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק, דערמאָנענדיק זיך די אַמאָליקע יידישע באַפעלקערונג מיט דער ראָמאַנטישער יוגנט, מיט די פילע פאַר־טייען, ביבליאָטעקן, יידישע געוועלבער און בעלי־מלאכות, — ווי שוסטערס, שניידערס, סטאָליאַרעס, קאָוואַלעס, בלעכערס, טרעגערס, בעלי־עגלות, מלמדים,

שוחטים, חברי־קדישא; יידישע שולן, חדרים, די גרויסע שול און שטיבלעך. די דייטשן האָבן אויך צעשטערט דאָס יידישע בית־עולם, די מצבות מיט די קברים. אַלץ וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צו יידן, איז פאַרניכטעט געוואָרן.

איך האָב וואָס שנעלער געוואָלט אַוועק פון דאָרט, כדי נישט צו זען דעם חורבן. קומענדיק צוריק קיין וואַרשע, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין פּראַגע זאַמלען זיך צענויף אַ ביסל געראַטעוועטע יידן. ס'האָבן אויך אָנגעהויבן צוריק־קומען פּוילישע יידן פון רוסלאַנד. אויף דער טאַרגאָווע־גאַס אין פּראַגע, האָב איך זיך געטראָפן מיט ארקע גערווער (וועלכער איז אויך געווען אין פּוילישן מיליטער), רבקלה ראָזענבערג ווי אויך מיט די צוויי שוועסטער רבקה און רחל (אונדזער שכן שייקע מיארעס טעכטער), זיי זענען געווען אין די לאַגערן. מיר האָבן עטלעכע מאָל באַזוכט די וואַרשעווער געטאָ און אַרומגעדרייט זיך איבער די חורבות אויך באַזוכט דעם בית־עלמין אויף גענשאַ־גאַס, וואָס איז געבליבן גאַנץ, אַפילו אויך די מצבות.

נאָכן דערוויסן זיך פון צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד, אַז מיין פאָטער און שוועסטער זענען אויך צוריקגעקומען, און אַז מען האָט זיי געשיקט קיין סאָס־נאָוויעץ, בין איך גלייך געפאָרן אַהין זיי אָפּזוכן. אונדזער טרעפן זיך איז געווען זייער דראַמאַטיש. מיר האָבן זיך צעוויינט פאַר פרייד.

איך האָב נאָך מיין צוריקקומען קיין וואַרשע אָפּגעגעבן אַ ביטע, אין דער הויפּט־קאָמאַנדע, מען זאָל מיך באַפרייען פון מיליטער, און נאָך עטלעכע חדשים בין איך באַפרייט געוואָרן און געפאָרן צו מיינע קרובים קיין סאָסנאָוויעץ.

דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן קיבוצים פון פאַרשידענע פאַרטייען. דער ציל איז געווען צו אָרגאַניזירן די שארית־הפליטה און צוגרייטן זיי איבערצושיקן קיין עסטרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע און פראַנקרייך, און פון דאָרט — מיט דער עליה קיין ארץ־ישראל. עס זענען אויך געקומען חברים פון דער בריחה און חיילים פון דער יידישער בריגאַדע דערמיט אָנצופירן. איינער פון זיי איז געווען אונדזער נאָענטער שכן און פריינד, חנוך וואַרשאַווסקי (ורדי). מיר האָבן זיך זייער געפרייט און מיט אים מיטגעפאָרן קיין לאָדזש, זיך צו טרעפן מיט נאָך סעראצקער פריינד.

דערנאָך האָט מען אונדז איבערגעשיקט דורך טשעכן, עסטרייך קיין דייטש־לאַנד אין די „אונראַ"־לאַגערן, און פון דאָרט זענען מיר אין סעפּטעמבער 1948 עולה געווען קיין ישראל.

# פון נאַשעלסק ביז ביאַלאַ־פּאָדלאַסק

נאָכן אַרויסלאָזן די סעראָצקער פּליטים פון דער נאַשעלסקער שול, וואָס איז פאָרגעקומען דעם פרימאָרגן פון 6טן דעצעמבער 1939, איז דער גאַנצער עולם יידן אַרויסגעפירט געוואָרן אויף דער גאַס, וואָס פירט צו דער באַן־סטאַציע, אַן ערך פון 8 ק״מ, אין אַ ריי לויט דער דייטשער אָרדענונג. ביים אַרויסיאָגן פון שול האָט מען שטאַרק געשלאָגן און דער עולם איז זיך צעלאָפן אויף אַלע זייטן. עלטערן האָבן פאַרלוירן די קינדער און קינדער די עלטערן. די אַלע פאַרלוירענע האָבן זיך געוואָלט אויפסניי טרעפן מיט זייערע נאָענטע, און צוליב דעם באַקומען פרישע קלעפּ.

פּוילישע הענדלער האָבן פאַר הויכע פּרייזן צוגעבראַכט צום אויסגעהונגערטן עולם ברויט און מילך — אָבער זיי זענען דורך דער דייטשער וואַך דערוויטערט געוואָרן. ענדלעך איז די ריי פאַרטיק געוואָרן און גרייט געווען צום וועג. דער טאָג איז געווען אַ טריבער, די וועגן — נאַסע און בלאָטיקע. אַ זייער שווערן וועג האָבן דאַן די סעראָצקער יידן געהאַט. אויסגעהונגערטע, פאַרמאַטערטע, צעבראָכענע פון דער שווערער נאַכט אין דער נאַשעלסקער שול, האָבן זיי קוים געשלעפּט די פיס און געטראָגן אויף די הענט די מידע און פאַרחלשטע קינדער. די שומרים האָבן געטריבן דעם עולם דווקא אין די טיפסטע בלאָטעס, האָבנדיק דערפון זייער אַ גרויסע הנאה. די דייטשן האָבן אָבער נישט געלאָזט גיין לאַנגזאַם און מיט גומענע קישקעס אונטערגעיאָגט די יידישע מידע גופים. פון דער ווייטנס האָט זיך שוין אַרויסגעזען דער בנין פון דער באַן־סטאַציע, און באַלד אויך דער משא־צוג, וואָס איז דערנעבן געשטאַנען. אויפן אָנבליק פון משא־צוג איז דעם עולם באַפאַלן אַ שרעק, מען זאָל זיי נישט אַריינפּאַקן אין די אָפענע וואַגאָנען. דער משא־צוג איז אַוועק און אויף זיין אָרט איז צוגעקומען אַ פּאַסאַזשיר־צוג.

צוקומענדיק נענטער צו דער באַן, האָבן די שומרים גענומען מאַכן פרישע אָרדנונגען צווישן דעם עולם. די בהלה איז געוואָרן געוואַלטיק, ווייל מען האָט בשום אופן נישט געקענט דערגיין וואָס די דייטשן ווילן. איין מינוט האָט מען אַ טרייב געטאָן אויף רעכטס און די צווייטע אויף לינקס. די ריי האָט זיך גענומען וויקלען ווי אַ שלאַנג, נישט וועלנדיק זיך איבעררייסן, כדי נישט צו געבן די שומרים קיין געלעגנהייט צום שלאָגן. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די ריי

האָט זיך צעריסן און צעבראָכן. מען האָט פשוט נישט געקענט ביישטיין די מערדערלעכע קלעפּ און די טיפע בלאָטעס, וואָס זענען ווי ספּעציעל פריער געמאַכט געוואָרן פאַר די נאַשעלסקער און סעראָצקער יידן.

דער עולם האָט זיך ענדלעך, לויטן באַפעל פון די שומרים, אָפּגעשטעלט אַנטקעגן דעם פּאַסאַזשיר־צוג, וועלכער איז גרייט געווען אַריינצונעמען אין זיך די פאַרטריבענע יידן. די „באַגלייטער״ זענען, ווי עס ווייזט אויס, נאָך נישט גרייט געווען צו דעם, זיי האָבן אָוועקגעשטעלט קיישלעך און וואַליזקעס אויף פאַרשידענע ערטער לענג אויס דעם צוג, און זיך געגרייט אַדורכצופירן אַ רע־וויזיע ביי די יידן, זעען צי זיי האָבן נישט מיט זיך קיין געלט. די רעוויזיע איז געווען זייער אַ שטרענגע. מען האָט אויסגעטאָן מענטשן נאַקעט, אויפגעריסן די מלבושים, אָפּגעשניטן די קנעפּ און געעפנט די קעלנער.

אויף אַ סאַדיסטישן און מערדערלישן אופן איז דורכגעפירט געוואָרן די ר'עוויזיע ביי פרויען. פרויען זענען נישט רעווידירט געוואָרן אין דרויסן, נאָר אין די וואַגאָנען. די געשרייען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן דורך די פענצטער פון די וואַגאָנען, זענען געווען שרעקלעכע, נישט געשרייען פון ווייטיק, צו וואָס מען איז שוין געוווינט געווען, נאָר געשרייען פון שאַנדע, פונעם אופן פון זייער רעווידירן.

ביי דער רעוויזיע האָט מען שרעקלעך געשלאָגן, ביי וועלכע מען האָט געפונען געלט אָדער צירונג, און אויך די, וועלכע מען האָט באַמערקט, ווי זיי וואַרפן אַריין אין דער בלאָטע געלט אָדער אַנדערע ווערט־זאַכן. פיל מענטשן האָבן געמוזט נאַקעט אַריינלייגן זיך אין דער בלאָטע, און גוט אויסשמירן אויף ביידע זייטן, אַנדערע זענען אויף פאַרשידענע סאַדיסטישע אופנים געפייניקט געוואָרן.

נאָך דער דאָזיקער פייניקונג זענען ערשט די יידן אַדורכגעלאָזן געוואָרן דורך דער באַריערע פון שלעגער און אַריינגעלאָזט אין די וואַגאָנען. אין די וואַגאָנען האָבן יידן אויסגעטאָן די שיך, אַרויסגענומען פון זיי די בלאָטע, איבערגעטאָן זיך ווי איינער האָט געקענט און באַזעצט זיך אויף די בענק. די, וועלכע האָבן נאָכנישט געהאַט דורכגעמאַכט די גאַנצע פּראָצעדור פון דער רעוויזיע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון קלעפּ ביים אויסטאָן זיך און באַזוכן יעדן טייל פון די מלבושים און געענדיקט זיך מיט דעם וואַלגערן זיך אין דער בלאָטע, האָבן מקנא געווען די, וואָס זענען שוין דאָס איבערגעקומען און געפונען זיך שוין אין די וואַגאָנען.

ענדלעך האָט זיך די רעוויזיע געענדיקט. די וואַגאָנען זענען געוואָרן פאַר־שלאָסן און פאַרחתמעט.

צווישן עולם האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשידענע קלאַנגען וועגן אָרט וווּהין מען וועט דעם טראַנספּאָרט פירן. יעדער האָט געהאָפט אַז צום בעסטן וואָלט שוין געווען אויף דער צווייטער זייט גרענעץ, קיין רוסלאַנד. מיט גרויס אומגעדולד האָבן אַלע געוואַרט אויף דער מינוט, ווען דער צוג וועט רירן פון אָרט. און אָט האָט זיך געלאָזט הערן אַ לאַנגער און שאַרפער פייף וואָס האָט געזאָלט הייסן: סעראַצקער יידן געזעגענען זיך מיט דער היים און פאַר־מעגן; מער ווי זכרונות קענט איר נישט מיטנעמען אויף אייערן לאַנגן גלות־וועג, וואָס ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט דויערן. אַ צווייטער פייף און אַ דריטער פייף און דער צוג האָט אַ ריר געטאָן אין דער ריכטונג פון מערב.

וווּהין פאָרט מען און וואָס גייט מען מיט אונדז מאַכן? האָט זיך יעדער געפרעגט מיט שרעק — וווּהין?

האָט מען תחילה געטראַכט, אַז דער צוג ווערקסלט זיך, אָבער ווען מען האָט געזען אַז דאָס דויערט שוין צו לאַנג, האָט מען גערעכנט, אַז די נאַשעלסקער סטאַציע איז צו קליין, און דער צוג וועט זיך טוישן אין טשעכאַנאָוו. ווען דער צוג איז אַדורך טשעכאַנאָוו און געפאָרן אַלץ ווייטער אין דער ריכטונג פון דער אַלטער דייטש־פּוילישער גרענעץ, האָבן יידן געפּרווט פסקנען, אַז אויך



אויסזידלונג פון די סעראַצקער יידן

טשעכאַנאָוו איז אַ צו קליינע סטאַציע, און אַז די אמתע סטאַציע דאַרף זיין מלאַווע. ווען אָבער אויך אין מלאַווע האָט זיך דער צוג נישט אָפּגעשטעלט און געפאָרן אַלץ ווייטער קיין מערב, האָבן די יידן אַראָפּגעלאָזט פאַרצווייפלט די קעפּ און אָוועקגעלייגט אַלע חקירות אין אַ זייט. אַלע זענען ווי פּאַראַליזירט געוואָרן. וואָס קלערט דער דייטש צו טאָן מיט אַזאַ עולם מענטשן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אַזוי פיל זקנים, קראַנקע און פּיצלעך קינדער? פאַרשידענע השערות, איינע שרעקלעכער פון דער צווייטער, זענען געוואָרן אַרויסגעזאָגט: מען וועט אָוועקפירן דעם עולם אויף אַ וויסט אָרט און דאָרט דערשיסן אָדער אויפרייסן מיט אַ מינע; מען וועט אַלע איבערלאָזן אויף אַ וויסט אָרט אין אַ וואַלד און לאָזן אויסשטאַרבן פון קעלט און הונגער; מען וועט אָוועקפירן אויפן פראַנצויזישן פראָנט און אַרויסשיקן אונטערן גרעסטן האַרמאַטן־האָגל.

דער צוג איז ווייטער געפאָרן זייער שנעל און זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף קיין שום שטאַציע, ביז ווילענבורג (מזרח פּרייסן). די שטימונג ביים עולם איז געוואָרן פאַרצווייפלטער פון מינוט צו מינוט. איין מינוט האָט מען זיך געטאָן אַ ריס אַרויס פון דער באַנק און גענומען שפּרייזן עטלעכע טריט אין פאַרמאַכטן וואַגאָן, אין דער צווייטער מינוט אַ לויף געטאָן ווילד צום פענצטער און גענומען קוקן ווילד אין דעם חושך, וואָס האָט אַלץ איינגעהילט.

פיל מענטשן האָבן אָפּן דערקלערט, אַז ווען זיי האָבן סם, וואָלטן זיי תיכף געמאַכט אַ סוף מיטן לעבן און נישט וואַרטן אויף פרישע צרות און פּיין. געווען פאַר אַלע זיכער, אַז קיין גוטס איז נישטאָ צו דערוואַרטן.

אין ווילענבורג האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט און געשטאַנען אַ לענגערע צייט, דערנאָך אויסגעדרייט זיך אויף צוריק אין דער ריכטונג פון מזרח.

— האַ, וואָס איז געשען? האָבן אַלע פאַרוווּנדערט זיך געפרעגט, און יענער זקן וואָס האָט די גאַנצע צייטן געהאַלטן, אַז מען פירט נישט יידן קיין דייטשלאַנד, האָט איצט מיט אַ נצחון געקוקט אויף זיין קעגנער דעם עקשן. יידן האָבן אַ ביסל אויפגעלעבט, געוואָרן מונטערער, דערמאָנט זיך, אַז היינט איז די ערשטע נאַכט פון חנוכה, דערמאָנט די גבורות פון די חשמונאים און די גרויסע נסים, וואָס זענען דעמאָלט געשען און געזוכט פאַרשידענע טרייסט אין דער איצטיקער עת־צרה. דער צוג האָט אָנגעהויבן יאָגן מיט אַ געוואַלטיקער שנעלקייט. ביי יעדער סטאַציע האָבן גענומען קלאַפּן יידישע הערצער. נאָך האַלבער נאַכט האָט דער צוג ווידער אָנגענומען אַן אַנדערע ריכטונג. מען האָט שוין אויפגעהערט אַריינצוקלערן.

אַ גרויסער יאוש האָט אונדז באַהערשט.

אין דער פרי האָבן יידן מיט אַ חוש הריח דערשפּירט, אַז מען געפינט זיך אויף פּוילישן באָדן. עס האָט זיך באַלד טאַקע אַרויסגעוויזן די סטאַציע רעמ־באַרטאָוו און מיט אַ שעה שפּעטער האָט דער צוג זיך פאַרקערעוועט צוריק קיין וואַרשע, אָפּשטעלנדיק זיך אויף דער מזרח־סטאַציע.

דער צוג איז געשטאַנען און מען האָט נישט דערקענט קיין סימן, אַז מען זאָל האָבן בדעה צו באַפרייען די יידן פון די וואַגאָנען. די באַוועגונג אויפן מזרח־וואָקזאַל איז געווען אַ גרויסע. פּלוצלינג האָט מען דערהערט מוראדיקע געשרייען פון געשלאָגענע יידן, וועלכע זענען געשטאַנען נעבן וואָקזאַל און געוואַרט אויפן צוג וואָס האָט געזאָלט גיין אין דער ריכטונג פון מזרח: ווער קיין שעדלעץ, ווער קיין מעזריטש, קיין ביאַלע א. אַ. ערטער. די אַלע יידישע פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן געהאַט אויסגעקויפט בילעטן צו פאָרן נאָך די דערמאָנטע ערטער, זענען געטריבן געוואָרן דורך אַ גאַנצער מחנה ציווילע דייטשן, וועלכע האָבן מערדערלעך געשלאָגן די יידן און צוגענומען ביי זיי די פּעק און וואַליזקעס, וואָס זיי האָבן מיט זיך געהאַט. די בהלה איז געוואָרן שרעקלעך, מען האָט די געשלאָגענע יידן געטריבן פון איין אָרט צום צווייטן, ביז זיי זענען געפאַלן אָן כוחות. דורך די פענצטער פון די פאַרחתמעטע וואַגאָנען האָט מען געזען ווי עטלעכע פאָלקס־דייטשן האָבן געפירט און אונטערגעשטופּט מיט די פיס עטלעכע יידן, וואָס האָבן שוין נישט געהאַט קיין מראה פון מענטשן. די פּנימער פאַרבלוטיקט און קוים קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס. דאָס בילד איז געווען שוידערלעך. אין אָנבליק פון די דאָזיקע צרות האָט מען אָנגעהויבן אויפן קול צו וויינען. לסוף זענען די געכאַפּטע יידן אויפן וואָקזאַל אַריינגעשטופּט געוואָרן אין די וואַגאָנען פונעם „יידן־צוג” און געדאַרפט מיטמאַכן דעם גלות־וועג פון די סעראָצקער יידן.

דער הונגער האָט אָנגעהויבן וואָס מער פייניקן. צוליב דער ענגשאַפט איז געוואָרן זייער הייס און דושנע און דער דורשט איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז מענטשן האָבן מיט דער צונג די פאַרע, וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט אויף די שויבן, געלעקט. דאָס האָט אָבער גאַנץ ווייניק געהאָלפן צו שטילן דעם דורשט פון עולם און איבערהויפּט פון די קליינע קינדער, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט איינריידן פון קיינעם און געשריען מיט אַלע כוחות: וואַסער, וואַסער! די מוטערס, הערנדיק די געשרייען פון זייערע קינדער, זענען ווי ווילד געוואָרן, זענען צוגע־לאָפן צו די פענצטער, געקלאַפּט און געשריגן: „וואָדי, וואָדי”, אָבער די באַ־גלייטער האָבן קיינעם נישט צוגעלאָזט צום צוג עס זאָל ווער דערלאַנגען אַ קינד אַ ביסל וואַסער.

**נאָך מיטאָג־צייט האָט דער צוג געריירט און אַרום 6 אין אָוונט אָנגעקומען אויף דער סטאַציע פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסק. אַ האַלבע שעה פאַרן אָנקומען אויף דער סטאַציע איז אַריינגעקומען אין די וואַגאָנען אַ קאָנדוקטאָר און געמאָלדן דעם עולם, אַז עס דאַרף פּאַרקומען א רעוויזיע און ווער עס האָט געלט אָדער צירונג, זאָל עס אים געבן צו באַהאַלטן און נאָך דער רעוויזיע, וועט ער פאַר אַ געוויסער פּאַרגיטיקונג אָפּגעבן. פיל מענטשן, וועלכע האָבן נאָך עפּעס פאַרמאָגט און איבערהויפּט די פריש־געכאַפּטע פּאַסאַזשירן, האָבן זיך געלאָזט איינרעדן און אָועקגעגעבן זייערע לעצטע גראָשנס. קיין צווייטע רעוויזיע איז נישט פאָרגעקומען.**

**נאָך מיטאָג־צייט האָט מען געעפנט די וואַגאָנען און אַרויסגעטריבן דעם גאַנצן עולם אויפן וועג וואָס פירט קיין ביאַלע — אַ צוויי אָדער דריי ק"מ. קלעפּ האָבן דאָס מאָל אויך נישט געפעלט, נאָר אַ ביסל ווייניקער. אין שטאָט האָבן די „באַגלייטער" באַפרייט דעם עולם פאַרטריבענע יידן און איבערגעגעבן זיי און די הענט פון די ביאַלער יידן, וועלכע האָבן פאַר אונדז פיל געטאָן.**

(פון אַרכיוו פון דעם ייד. היסט. אינסטיטוט אין וואַרשע) ;
דער באַריכט איז ערשט שפּעטער קוואַליפיצירט געוואָרן
ווי אַ המשך פון זעלבן מחבר אויף זייט 247.



**צבי קליינמאַן ז"ל**

**יהושע באבעק**
(תל־אביב)

## דער וועג פון פיין

ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן אין פוילן און די דייטשן זענען אַריינ־געקומען קיין סעראַצק, האָבן זיי אַלע יונגע מענטשן אַריינגעטריבן אין שול. דעם צווייטן טאָג ראש־השנה האָט מען אונדז אַוועקגעפירט צו פוס קיין פולטוסק, און פון דאָרט קיין טשעכאַנאָוו צו דער באַן קיין דייטשלאַנד אין לאַגער ריזענ־בערג. דאָרט זענען מיר געווען איבער 4 וואָכן און נאָך דעם האָט מען אונדז אָפּגעשיקט צו דער רוסישער גרענעץ קיין לאָמזשע. פון לאָמזשע בין איך געפאָרן קיין ביאַליסטאָק און געגאַנגען אַרבעטן ביי מיין פֿאָך און גוט פאַרדינט. זייענדיק באַזאָרגט וועגן גורל פון מיין פרוי און קינדער, האָב איך באַשלאָסן צו זיין אין ביאַליסטאָק 5 וואָכן. איך בין געגאַנגען ביז צו דער באַן־סטאַציע אָסטראָלענקאָ. אין צוג איז קיינער נישט געווען און איך בין געפאָרן ביז וואָלאָמין און גענעכ־טיקט ביי חוה צאַלקעס. צומאָרגנס בין איך געגאַנגען קיין ראַדזימין און צוריק קיין סעראָצק. קומענדיק קיין סעראָצק האָבן די מענטשן שוין געהאַט געגעבן די פערטע קאָנטריבוציע. איך האָב באַלד איינגעזען, אַז דאָס איז אַ טויט־קאָנ־טריבוציע און אַזוי איז דאָס געווען.

איינס ביינאַכט האָט מען אַלע אַרויסגעטריבן פון די שטובן אין גאַס. די דייטשן האָבן ביי אונדז אַלץ צוגענומען, די קינדער אויפגעזעצט אויף וועגענער און אונדז געטריבן קיין נאַשעלסק. ווער עס האָט נישט געקאָנט גיין, איז באַלד דערשאָסן געוואָרן. מ׳האָט פאַרזייט דעם גאַנצן וועג מיט געהרגעטע יידן.

ווען איך בין געקומען קיין נאַשעלסק אין שול אַריין, זענען די ווענט פון שול געווען באַשפּריצט מיט יידיש בלוט. מ׳האָט זיך געלייגט אויף דער ערד אָפּרוען פון דעם בלוטיקן וועג און אַלע זענען אַנטשלאָפן געוואָרן. ס׳זענען אַריינגע־קומען 4 ס. ס.־אָפיצירן און געזאָגט, אַז אַלע יונגע מענטשן זאָלן גיין פרייוויליק אַרבעטן און אויב נישט — וועלן זיי אַלע קאַפּוט מאַכן. מיר האָבן צונויפגענומען אַלע יונגע מענטשן צו דער אַרבעט. 31 יידן האָבן זיי אַוועקגעפירט אונטער דער שול, לעבן בית־כסא, און געהייסן אויסגראָבן אַ גרוב פון 8 מעטער לאַנג, 4 מעטער ברייט און בערך 2 מעטער טיף. דאָס האָט געדאַרפט פּאַרטיק זיין אין משך פון אַ האַלבער שעה. מיר האָבן דאָס גרוב געמאַכט צו דער צייט. זיי זענען געקומען און געהייסן טוביה דעם שמשס איידעם אַריינגיין אין גרוב און אַרויסגיין.

אין דער צייט האָבן די ס. ס.־לייט אין שול געזאָגט, אַז די קראַנקע מענטשן ווערן געשיקט אין שפּיטאָל אַריין.

ביים גרוב האָבן זיי אויסגעטאָן די מענטשן נאַקעט און באַלד געשאָסן. דער לעצטער איז געווען מענדל קצב, ער האָט געקריגן אייניקע קוילן ביז ער איז געוואָרן טויט, און מיר האָבן געמוזט שטיין 10 מעטער פון גרוב. ווען די מענטשן זענען שוין געווען אויסגעלייגט אין גרוב האָבן זיי אונדז צוגערופן און געהייסן פאַרשיטן מיט געשלאָסענע אויגן. נאָכן פאַרשיטן דאָס גרוב, איז געבליבן אַ סך ערד. מיר האָבן געמוזט טאַנצן אויף דעם גרוב ביז די גאַנצע ערד איז געוואָרן אויסגעגליכן. דערנאָך האָט מען געמוזט גיין ברענגען פלאַנצן, כדי צו לייגן אויף דעם גרוב, מען זאָל נישט דערקענען. ווען מיר האָבן געענדיקט די אַרבעט און צוריקקומענדיק אין שול אַריין, איז שוין באַלד געווען טאָג. 7 אין דער פרי האָט מען אונדז אַלע אַרויסגעטריבן פון שול צו דער באַן. דאָרט האָט מען געהייסן אַלע מענטשן, וואָס האָבן געלט און גאָלד, זיי זאָלן עס אַוועקגעבן. ביי וועמען מען האָט געפונען דאָלאַרן, האָט מען אויסגעטאָן נאַקעט און געשלאָגן. איך האָב געזען ווי מ׳האָט ביי משה סאָשינאַקס שוועסטער געפונען אין גאָרסעט 50 דאָלאַר און מען האָט זי דערפאַר לאַנג געשלאָגן ביז זי איז אַ טויטע אַרונטער־געפאַלן אונטער דעם וואַגאָן.

נאָכדעם האָט מען אונדז אַוועקגעפירט פון נאַשעלסק. מיר זענען געווען צוויי טעג אָן וואַסער. די קינדער האָבן געלעקט פון די שויבן די ראָסע. מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק אין שול אַריין. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז גיין פּריוואַט וווינען. איך בין געווען ביי אַ בלאַכאַזש און געהאַנדלט פאַר מענטשן אין געטאָ אַריין. ווען איך האָב געזען, אַז מען טרייבט שוין אין געטאָ, בין איך מיט דער פרוי און קינדער אַוועק פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסק קיין וואַרשע, פון וואַרשע קיין אָסטראָלענקע, אַריבער די רוסישע גרענעץ און געקומען קיין ביאַליסטאָק. דאָרט האָב איך געאַרבעט ביז מ׳האָט אונדז פאַרשיקט קיין אַרכאַנ־געלסק צו אַ שווערער אַרבעט — צו לייגןביימער אין וואַלד. דאָרט האָב איך געאַרבעט ביז ס׳איז אויסגעבראָכן דער קריג צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. אין יאָר 1941 האָט מען אונדז באַפרייט פון דער אַרבעט און געהייסן אַוועק פון אַרכאַנגעלסק. איך בין מיט מיין פרוי און קינדער ביי אַ פראָסט פון 45 גראַד געפאָרן 5 וואָכן. אויפן וועג איז מיין פרוי קראַנק געוואָרן, און מיר האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן אין שטאָט גאָרקי און זי אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין, וווּ זי איז אָפּגעלעגן אייניקע חדשים און געשטאָרבן. איך בין געבליבן מיט דריי קליינע קינדער. איך האָב אָפּגעזוכט אַ פּוילישע קינדערהיים פאַר די קינדער,

דערנאָך בין איך געוואָרן באַשטימט צו באַדינען 2 קינדערהיימען, פאַר וועלכע איך האָב געאַרבעט ביז סוף קריג און געפאָרן מיט די קינדער פון קינדער־היים קיין פוילן.

קומענדיק קיין קראָקע, זענען געשטאַנען פאַליאַקן און געשריגן: „צעבולעס שטינקען שוין ווייטער!”. פון קראָקע האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט קיין לאַט־וויקא, נידער־שלעזיען, צוויי קילאָמעטער פון דער טשעכישער גרענעץ. אין לאַטוויקא בין איך געווען דריי וואָכן און אַוועק קיין טשעכן און פון דאָרט קיין עסטרייך אין לאַגער וועקשייט. נאָך איינצקע וואָכן בין איך געפאָרן קיין דייטשלאַנד אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. אין ד. פּי.־לאַגער עשוועגן בין איך געווען דריי חדשים און געפאָרן קיין אר־ישראל אויף דער שיף „עקזאָדוס”. די ענגלענדער האָבן אונדז אַרומגעפירט אויפן ים דריי חדשים ביז מ׳האָט אונדז צוריקגעברענגט קיין האַמבורג (דייטשלאַנד), און דערנאָך קיין פערינדאָרף. דאָרטן האָבן די ענגלענדער אונדז באַפרייט. אין יאָר 1948 בין איך געקומען לעגאַל קיין ישראל.

# גירוש סעראָצק

דאָס שטעטל סעראָצק ליגט אויפֿן רעכטן ברעג נאַרעוו און האָט פֿאַרן מלחמה־אויסברוך געציילט 650 יידישע משפחות, וואָס האָט אויסגעמאַכט 45 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג. דעם צווייטן טאָג פֿון דער מלחמה זענען קיין סרעאָצק שוין אָנגעקומען די ערשטע פּליטים פֿון מאַקאָוו און טשעכאַנאָוו. מיט אַ טאָג שפּעטער זענען געקומען פּליטים פֿון פּולטוסק, נאַשעלסק און ווישקאָוו. דעם 5טן טאָג נאָכן מלחמה־אויסברוך, דעם 5טן סעפּטעמבער 1949, האָבן די מלוכה־אינסטיטוציעס גענומען זיך גרייטן אין וועג אַריין. דעם זעלבן טאָג אַרום 11 פֿאַרמיטאָג האָבן זיך באַוויזן דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געוואָרפֿן אין שטאָט 13 באָמבעס. איינע פֿון זיי האָט געטראָפֿן אין אַ יידיש הויז און באַגראָבן אונטער די חורבות 39 פּערזאָן, בלויז יידן, וואָס זענען געווען אין אַ „סכראָן". דאָס דאָזיקע אומגליק האָט געוואָרפֿן אַ שרעקלעכן פּחד אויף דער שטאָט. אין דעם דאָזיקן „סכראָן" איז אומגעקומען אַ גרויסע צאָל יונגע מענטשן און פֿון אייניקע משפּחות איז קיין איינציקער מיטגליד נישט געבליבן לעבן. אין דעם זעלבן טאָג האָט בערך אַ פֿערטל פֿון יידן פֿאַרלאָזט די שטאָט, זוכנדיק שוץ — אַ טייל אין נאָענטן שטעטל לעגיאָנאָווע, און אַ טייל האָט זיך געלאָזט נאָך וואַרשע. דער קאַמף ביי דעם נאַרעוו האָט געדויערט אַ קנאַפּע וואָך, און די ערשטע דייטשע זעלנער זענען אַריין אין שטאָט דעם 9טן סעפּטעמבער. דעם זעלבן אָוונט איז אין אַ קריסטלעך געוועלב דערהרגעט געוואָרן אַ דייטשער זעלנער. דער באַלעבאָס פֿון דער דירה מיט 2 שכנים זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן. צומאָרגנס האָבן די דייטשן גענומען 3 יידן, צווישן זיי אַ כאָטער מיט אַ זון, און געהייסן אויסגראָבן אַ גרוב. די יידן האָבן די גאַנצע צייט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס מאַכן זיי פֿאַר זיך, ווייל אַזוי האָט מען געגעבן אָנצוהערן. לסוף האָט מען געבראַכט די 3 דערשאָסענע קריסטן און אַריינגעלייגט אין קבר. דעם זעלבן טאָג האָט מען די גאַנצע באַפֿעלקערונג אַרויסגעפּירט אין מאַרק, נישט לאָזנדיק אין די הייזער קיין לעבעדיקן נפֿש. אַן אָפֿיציר האָט געמאָלדן וועגן דעם מאָרד פֿון דייטשן זעלנער, וואָס, לויט די מלחמה־געזעצן, קומט צו דערשיסן די חשובסטע מענטשן פֿון שטאָט. דאָך האָט ער רחמנות אויף די מענטשן און באַפֿרייט די פֿרויען און קינדער, דערפֿאַר אָבער ווערן די מענער פֿון 18 ביז 45 יאָר פֿאַרהאַלטן און אָפּגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. באַלד זענען די מענטשן אין דעם עלטער אָפּגעפֿירט געוואָרן אין דער יידישער שול, וואָס איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געפֿאַנגען־לאַגער. פֿאַרשטייט זיך, אַז די

ספרי־תורות זענען פריער געשענדעט און לסוף פֿאַרברענט געוואָרן. דער וועג אין לאַגער איז געווען זייער אַ שווערער און האָט געקאָסט דאָס לעבן פֿון 10 יידן, טאַטעס פֿון קינדער. אַלע יידישע געשעפֿטן אין שטאָט זענען אויפֿגעריסן און אויסגערויבט געוואָרן דורך דער אָרטיקער פּוילישער באַפֿעלקערונג, וועלכע האָט צוגעהאָלפֿן חרוב מאַכן דאָס יידישע האָב און גוטס. דאָס יידישע געזעל־שאַפֿטלעכע לעבן האָט זיך לגמרי אָפּגעשטעלט. די שטאָט איז פֿול געווען מיט מיליטער און יידן, סיי מענער און סיי פֿרויען, זענען גענומען געוואָרן צו פֿאַר־שידענע אַרבעטן. די נויט צווישן יידן האָט זיך פֿאַרגרעסערט פֿון טאָג צו טאָג. עס האָט נישט עקזיסטירט נישט קיין האַנדל און נישט קיין מלאכה. ערב סוכות האָבן אייניקע קריסטן איבערגעגעבן וועגן גירוש פֿון פּולטוסקער יידן. נאָכקאָנ־טראָלירן די ידיעה איז נישט מעגלעך געווען, ווייל די פֿאַרבינדונג צווישן די ביידע שטעט איז פֿאַר יידן נישט מעגלעך געווען. אַ ביסל שפּעטער האָט זיך די ידיעה באַשטעטיקט און די סעראָצקער יידן האָבן זיך גענומען גרייטן צו אַ גירוש. דערווייל האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער, עס האָט זיך געמאַכט קאַלט און דער ערשטער שניי און פֿראָסט האָט זיך באַוויזן. יידן האָבן זיך געטרייסט, אַז ווינטער־צייט וועט מען נישט טרייבן. אַזוי האָבן אויך דערקלערט די פֿאָלקס־דייטשן, וואָס זענען ביזן מלחמה־אויסברוך געווען אין גוטע באַציאונגען מיט די יידן.

אָנהייב נאָוועמבער 1939, האָט דער קרייז־שעף פֿון פּולטוסק גערופֿן די יידישע פֿאָרשטייער פֿון סעראָצק און זיי געמאָלדן, אַז זיי דאַרפֿן במשך פֿון 24 שעה איינצאָלן 15 טויזנט זל. בקשות זענען געווען איבריק. דאָס געלט איז מיט גרויסע שוועריקייטן געשאַפֿן געוואָרן. 6 טעג שפּעטער האָט מען אַרויפֿגע־לייגט אַן אָפּצאָל פֿון צען טויזנט זל. דאָס זאַמלען דאָס געלט איז אָנגעקומען מיט געוואַלטיקע שוועריקייטן. אין 2 וואָכן שפּעטער האָט מען געמאָלדן וועגן פֿרישע 5 טויזנט זל. אויך דאָס געלט איז געשאַפֿן געוואָרן. יעדער האָט געגעבן דאָס לעצטע, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, האָפֿנדיק, אַז דאָס וועט ראַטעווען די יידן פֿון גירוש. דעם 3טן דעצעמבער האָט אַ שאַצונגס־קאָמיסיע פֿון דער דייטשער מאַכט אַרויפֿגעלייגט אַ חודש־שטייער אויף אַלע יידישע קרעמער און בעלי־מלאכות. דער שטייער איז צוזאַמענגעס געוואָרן איינגעצאָלט כמעט גערנוויליק, האָפֿנדיק, אַז דאָס וועט ראַטעווען און דער גירוש וועט ווערן אָפּגעלייגט. דינסטיק, דעם 5טן דעצעמבער 1939, פֿינף פֿאַרטאָג, איז די יידישע באַפֿעלקערונג פֿון שטעטל אַלאַרמירט געוואָרן דורך דייטשע זשאַנדאַרמען און פּאָליציי, וועלכע האָט אַלע יידן אָן אונטערשיד פֿון עלטער — דערביי האָט מען נישט געשוינט אַפֿילו די

שווער־קראַנקע — אַרויסגעטריבן פון די הייזער און אַרויסגעפירט אין מאַרק, וווּ מען האָט זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן, ווי שעפּעלעך. די סיטואַציע האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און דער גירוש האָט זיך אָנגעהויבן. מען האָט זיך געדאַרפט אויסשטעלן אין דער ריי. בלויז געציילטע מענטשן האָבן מיטגענומען עפּעס פון זייער וועש און בעטגעוואַנט. אָבער אַפילו דאָס איז אין וועג פאַרפאַלן געוואָרן. די גאַנצע עדה סעראָצקער יידן האָט אין אַ האַרבסטיקן פרימאָרגן, נאָכן פאַרלירן דאָס גאַנצע פאַרמעגן, אויף וועלכן דורות האָבן געאַרבעט, אָנגעהויבן מאַרשירן קיין נאַשעלסק, אַ וועג פון עטלעכע און צוואַנציק ק״מ. בלויז קראַנקע און יונגע קינדער האָט מען דערלויבט צו פאָרן. אין נאַשעלסק איז דער עולם אָנגעקומען דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט. גענעכטיקט האָט מען אין דער נאַשעלסקער שול, זייער אַ פּרעכטיקע געביידע, וואָס איז געוואָרן לגמרי אָפּגעריייניקט פון יעדער זאַך, וואָס האָט אַ שייכות צו אַ שול. אויפן אָרט פון אָרון־קודש האָט מען אויפגעהאָנגען אַ האַקן־קרייץ. אין שול אַליין האָט מען דעם עולם אַריינגעפירט מיט גרויס פּאַראַד. אַלע זענען דורכגעגאַנגען דורך אַ קאָרדאָן זשאַנדאַרמען אין פולער אוניפאָרם. בלויז 3 קראַנקע, צוויי מענער און איין פרוי, האָבן דעם כבוד נישט דערלעבט — די שומרים האָבן זיי דערשאָסן אויפן שול־הויף. די נאַכט האָט אויסגעזען ווי אַן אייביקייט, עס איז נישט געווען גענוג פּלאַץ פאַרן גאַנצן עולם, וועלכער האָט זיך צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות געטוליעט צו די ווענט. מען איז נישט געזעסן, נישט געשטאַנען און מכל־שכן נישט געלעגן — מען האָט געשוועבט אין דער לופט.

דעם צווייטן טאָג, ד. ה. דעם 6טן דעצעמבער 1939, האָט מען דעם עולם אַרויסגעפירט — אויך דאָס מאָל מיט גרויס פּאַראַד פון דער נאַשעלסקער שול. די שמירה איז פאַרשטאַרקט געוואָרן, כדי מען זאָל נישט קענען קויתז עסן און אַנטלויפן. מען האָט אַלע געזאָגט, אַז מען פירט זיי צו דער סטאַציע, וועלכע ליגט אַן ערך 5—6 ק״מ פון שטאָט. דער וועג האָט געפירט דורך זייער אַ בלאָטיקער געגנט און נישט איין פּאָר שיך איז דאָרט פאַרבליבן. דעם גאַנצן עולם האָט מען צוגעפירט גלייך צו די וואַגאָנען, אָבער דאָס אַריינגיין אין די וואַגאָנען איז נישט געווען לייכט. נישט איין ייד האָט זיך געמוזט פריער טובל זיין אין די דאָרטיקע בלאָטעס און טאַקע נאַקעט, ווייל עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ שטרענגע רעוויזיע, צי יידן שמוגלען נישט קיין וואַלוטע. ערשט נאָכן „מטהר" זיין דעם עולם פון יעדן שמוץ פון געלט, גאָלד און אַנדערע עולם־הזה זאַכן, האָט מען דערלויבט אַריינגיין אין די וואַגאָנען, וואָס זענען אויפגעשלאָסן געוואָרן. דער ציל פון דער נסיעה איז לויט אַלע וואַר־

שיינלעכקייטן געווען פירן קיין מזרח — לובלינער געגנט. ווי דערשטױנט זענען אַלע געבליבן, זעענדיק אַז די באַן קערט זיך אויף מערב, ד. ה. אויף מזרח־פּרייסן... פּאַקטיש איז מען געפאָרן קיין מזרח־פּרייסן ביז ווילענבורג. דאָרט איז מען אָנגעקומען 6 אָוונט. שילדערן די געפילן פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט געבראָכן דעם קאָפּ צו דערוויסן זיך וווּהין מען פירט זיי און וואָס איז מען אויסן מיט זיי צו מאַכן, איז נישט מעגלעך. איינס איז קלאָר געווען, ווען דער עולם וואָלט געהאַט ביי זיך סם, וואָלט געקאָנט זיין אַ סך קרבנות. אויף דער סטאַציע ווילענבורג האָט דער צוג זיך פאַרקערעוועט צוריק. אַזוי איז מען געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט, און ווידער האָט מען נישט געוווּסט ווו מיר געפונען זיך. ערשט צומאָרגנס, דעם 7טן דעצעמבער 1939, האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז מיר זענען אויף דער פּוילישער ערד און דער צוג שטייט אין וואַרשע אויפן מזרח־וואָקזאַל. אויפן פּעראָן זענען געווען אַ סך יידן, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ צוג אין פאַרשידענע מקומות. אַלע וואַרטנדיקע יידן זענען מיט געוואַלט אַריינגעשטופּט געוואָרן אין די צוויי צוגן, וואָס האָבן געפירט די אויסגעזידלטע פון סעראָצק. דערביי האָבן זיך אָפּגעשפּילט שרעקלעכע סצענעס. ענדלעך האָט דער צוג געריירט אין דער ריכטונג פון מזרח און תחילת אָוונט זענען מיר געקומען נאָך ביאַלאַ־פּאָדלאַסק. דאָ האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט אויף אַ גאַנצע נאַכט. אויפן וועג איז נישט דערלויבט געווען קיינעם קויפן עסן. אויך קריסטלעכע הענדלערינס איז נישט דערלויבט געווען צו פאַרקויפן יידן דערנערונג. די עלטערע האָבן מיט געדולד פאַרטראָגן דעם הונגער. ערגער איז געווען מיטן קליינוואַרג, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן ענין פון גירוש און פון די פרישע גזירות. די קינדער האָבן געשריגן עסן, און די עלטערע האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, הערנדיק דאָס געוויין און געשריי פון קליינוואַרג. צום ערגסטן איז געווען דאָס פעלן פון וואַסער. אויב דעם הונגער האָבן די עלטערע לייכטער געקאָנט פאַרטראָגן, זענען אָבער ביים ענין וואַסער אַוועקגענומען געוואָרן אַלע מחיצות צווישן עלטערע און יונגוואַרג. דער דורשט האָט אַלע אַזוי באַצווונגען, אַז דער עולם איז פּשוט ווילד געוואָרן. מען האָט געלעקט די פּאַרע פון די שויבן פון די וואַגאָנעך־פּענצטער, כדי מיט עפּעס צו שטילן דעם דורשט. ענדלעך האָבן זיך באַוויזן פּוילישע פרויען און יוגנטלעכע, וואָס האָבן פאַר אַ גוטן פּרייז פאַרקויפט פלעשלעך וואַסער. ווען אַזאַ פלעשל איז אַריינגעקומען אין וואַגאָן איז געוואָרן אַ שרעקלעכער געדראַנג, איינער האָט געריסן דעם צווייטן פון מויל, דאָס קליין ביסל וואַסער האָט אָבער בשום אופן נישט געקענט לעשן דעם דורשט און

דער פאַרלאַנג נאָך אַ ביסל וואַסער איז נאָך אַ סך שטאַרקער געוואָרן און יעדער האָט געזוכט ווי אַזוי איינצושלאָפן אַ געוויסע צייט. אויף דעם אופן איז אַריבער די נאַכט. דער מאָרגנדיקער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער דאגה, וואָס וועט ווייטער זיין? וואָס וועט מען מאַכן מיט דעם גאַנצן עולם יידן?

ענדלעך, אַרום מיטאָג, האָט מען געעפנט די וואַגאָנען און גאַנץ פשוט מיט שטעקנס און ענלעכע מכשירים אַרויסגעטריבן דעם עולם, באַפוילן זיך אויס־שטעלן אין אַ ריי און געטריבן אין דער ריכטונג פון דער שטאָט. אָפּגעלאָזט די יידן אין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק, האָט די מאַכט זיך געפילט באַפרייט פון אחריות פאַר די פאַרטריבענע און איבערגעלאָזט זיי אָן שומרים. די ביאַלער יידן האָבן שוין געהאַט אַ ביסל פּראַקטיק אין די ענינים, און זיי האָבן זיך מקדים געווען, צוגעגרייט פאַר די פרישע עולים, סיי קאַווע, ברויט, טיי און קעסלען עסן. אַזוי האָט מען די סעראָצקער יידן געגעבן צו דערקענען, אַז זיי געפינען זיך צווישן יידן. ביאַלער עסקנים און סתם יידן האָבן מיטגעאַרבעט צו באַזאָרגן די פּליטים מיט עסן און טרינקען. פאַר אַ צאָל האָט מען געשאַפן דירות. די ביאַלער יידן האָבן אויף אַ ווירדיקן אופן מקיים געווען די מצווה פון הכנסת־אורחים, נישט נאָר אויף די ערשטע מינוטן. עס זענען אויך געווען בעלי־בתים, וואָס האָבן אַריינ־גענומען גאַנצע משפחות צו זיך, און זיך געטיילט מיט אַלעם, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. מען דאַרף געדענקען, אַז שוין פון פריער זענען אין ביאַלאַ געווען בערך דריי טויזנט סוואַלקער פּליטים, פאַר וועלכע די שטאָט האָט געזאָרגט. באַלד נאָך שבת האָט מען דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע אָנגעקומענע. לאַנדסמאַנשאַפטן פון סעראָצקער און סוואַלקער פּליטים, וועלכע זענען אויך געווען פאַרטראָטן אין אַלגעמיינעם שטאָטישן קאָמיטעט, האָבן זיך פאַר־נומען מיט הילפס־אַקציע לטובת די גולים. די הילף איז באַשטאַנען, וואָס יעדע פּערזאָן האָט באַקומען אַ ¼ קילאָ ברויט און אַ טעלער זופּ טעגלעך. סעראָצקער גולים זענען געווען פאַרטרעטן אין שטאָטישן קאָמיטעט דורך די ה״ה הערש קליינמאַן און מנחם קראַנענבערג, געוועזענע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער סעראָצקער קהילה.

(פון אַרכיוו פון ייד. היסט. אינסטיטוט אין וואַרשע —
נאָמען פון מחבר נישט אָנגעגעבן).

רחל ברנדט
(נהריה)

# אסירת אושביץ מס׳ 24667
# ובבלוק המוות לנשים מס׳ 25 בבירקנאו

חורף שנת 1942. חורף קשה וקר ואני במחנה הנשים בבירקנאו (בז׳זינקי) השייך לאושביץ.

המחנה שלנו היה בלי ביוב וגם מים לשתות אין. במשך כמה חדשים לא התרחצנו, הכנים אכלו אותנו, והתענוג הגדול שלנו היה ביום שלא עבדנו, היינו — ביום הראשון — לפלות את בגדנו מהרוצחים הקטנים האלה.

הצעקה האיומה של החלשות והחולות היתה: „מים, מים, ולו רק להרטיב את השפתיים״.

את כל מנת הלחם נתנו בעד כמה טיפות מים.

איך השגתי אני ואחרות מים לשתיה וגם למכירה?

במקלחת איפה שמותרת היתה הכניסה רק לגרמניות היה ברז אחד ויחידי. באישון הלילה, עת כולן ישנו בתרדמה עמוקה וכבדה, ירדתי מ„מיטתי״ והתגנבתי בחשאי לאותה המקלחת, למרות סכנת הנפשות מחמת המשמר שהיה שם. לא אחת שלמה בחייה בעד ה„חוצפה״ הזאת.

כשכולי דרוכה, לבי דופק בחזקה וידי רועדות מלאתי כמה בקבוקים מים וברחתי. לא פעם קבלתי עם מקל על הראש. שבתי לבלוק בלי כוחות ומחשבותי מטושטשות.

את המים, אותם רכשתי בצורה כה מסוכנת, מכרתי בעד לחם. שבעת־רצון מההצלחה וממעט הלחם שרכשתי שכבתי לישון. את האוצר עטפתי בסמרטוט ושמתיו מתחת ל„כר״.

בבוקר התעוררתי והנה: הסמרטוט עם הלחם איננו! לא עזרו תחנונים ובכי — הכל לשוא. נגוז החלום — והרעב הופך את מעי.

— — —

הצריף שלנו היה גדול ומרווח, ונערות רבות התגוררו בו.

על דרגש גדול — מיטת קרשים בעלת כמה קומות — ישנות 15 נערות מכוסות בשמיכה אחת. השוכבות בצד מושכות אותה לצידן, והשוכבות מצד השני אליהן. מריבות, צעקות.

בשעה ארבע בלילה מעוררות אותנו המפקחות להביא את הקפה מהמטבח. בצריף חושך ואפלה, בקושי מוצאים את הבגדים.

קשה לקום. כולנו עייפות מעבודת פרך ומחוסר שינה בגלל הקור, אולם אין ברירה, כי התור שלנו, ואני בתוכן, להביא היום את המשקה החם. אני מעירה ומעודדת את השכנות. הן קמות. כולנו חלשות ונכפפות תחת עומס משא הסירים, מוכרחות ללכת — אחרת צפויות אנו למכות איומות במקלות מיוחדים.

הלכנו והבאנו בקושי את הסירים הכבדים עם הקפה מהמטבח אל הצריף מלוות משמר, כך שלא יכולנו לארגן לגימת כמה טיפות מהמשקה המר והשחור.

הקפה חולק רק ל„מיוחסים" — למשמר הצריף ולעוזריהן.

רק חזרנו ומתחיל המפקד — ה„אפל" — הנמשך כרגיל 3—4 שעות. קר בחוץ, ואנו עומדות קפואות בחולצות החאקי ובנעלי העץ ההולנדיים. כל מאות הנשים רועדות מקור, מדשדשות במקום, רוקדות ומתנועעות, וטופחות אחת לשניה כדי להתחמם קצת.

אף פעם לא יכלו הממונות הגרמניות לגמור את הספירה במהירות. פעם חסרות נערות, ופעמים נדמה להן שיש יותר. בשעת הספירה מכות ובועטות.

לבסוף נשמעה שריקה ארוכה — המפקד נסתיים וכולן מסתדרות ליציאה לעבודה.

החלשות והחולות בורחות ומתחבאות בבתי־השימוש, בצריפים, אולם הממונות אוספות אותן מהר בלווית מכות ובעיטות ללא רחמנות.

— — —

מחלות רבות פשטו במחננו.

המחלה הקשה והנפוצה ביותר בין הנערות והנקראת „מחלת המוות של אושביץ" היא — כל הגוף בריא רק הרגלים מתוחות ואינן יכולות ללכת. הרמת רגל מהארץ הפכה לבעיה קשה.

שניות במעלה הן הדיזנטריה (שלשול), קדחת ולבסוף טיפוס.

באחד מימי החורף 1942. שלג רב ירד, הקור גדול, ידי ורגלי חצי־קפואות ואני מתמוטטת מחולשה. לפנות בוקר עת העירו אותנו לצאת למפקד (אפל) הרגשתי כאבים חזקים בראשי, שפתי יבשו ואיני מרגישה את רגלי. בקושי רב ירדתי מהדרגש, פני לוהטות מחום גבוה. במאמץ רב אני יוצאת מצריפי ומתיצבת למפקד. תומכת בי חברתי לסבל אירקה. אני אומרת לה: „היום לא אוכל בשום פנים ואופן לצאת לעבודה". אירקה מסבירה ומבקשת ממני להבין במה זה יכול להסתיים אם אשאר במחנה. היא דורשת ממני לאזור את שארית כוחי ולהצטרף לאלה היוצאות לעבודה.

אולם רצון לחוד ויכולת לחוד. נפלתי חדלת אונים לפני הצריף. לא יכולתי לקום.

הנערות יוצאות טורים טורים לעבודה ואני שוכבת ע"י הקיר כפופה, עיני מטושטשות מהחום — גם אותי תקפה מחלת המוות של אושביץ! אירקה חברתי נגשת אלי, דמעות בעיניה ואומרת לי: „שמעי, רחל, לא אשאיר אותך לבדך. יקחו אותנו יחד לתא הגזים, כי בין כה לא אחזיק מעמד זמן רב".

„שמעי — אומרת אני לאירקה — לכי לעבודה, את עודך בריאה. אולי תחזיקי מעמד. הרבה זמן לא תארך המלחמה. מה תעזרי לי אם גם תלכי עמי לאבדון?"

לא עזרו הפצרותי ודמעותי — אירקה היקרה נשארה עמי.

## בלוק המוות מס' 25

לפתע נשמעו שריקות וכל הנשארות שלא יצאו לעבודה נקראו למפקד נוסף.

בצריף נשארו קרוב למאתיים נערות אשר התחמקו ולא יצאו לעבודה. לא כולן היו חולות, רבות היו בלי נעליים, בלי בגדים.

אחרי המפקד הוצאו כולן מהצריף וגורשו לבלוק מס' 25 — בלוק המוות.

איש הס. ס. פתח שער ברזל גדול וכבד והכניס אותנו לחצר בלוק המוות. החצר מוקפת חומות גבוהות.

לי לא היה איכפת כבר שום דבר. יקרה מה שיקרה. השתוקקתי רק לשכב במנוחה על הרצפה או על האדמה. יאוש תקפני למראה החלונות המסורגים והקלועים בחוטי תיל. הבלוק היה מלא חולות וגוויות מתות. חושך כבד. ריח צחנה עולה מהגוויות שמונחות פה כבר ימים רבים. אלה החיים עדיין, צועקים: „הרגו אותנו, אל תתנו שיענו אתכם".

אני עם אירקה קבלנו מקומות על דרגש איפה ששכבו 18 נשים חצי־מתות. שכבתי עם הראש לעבר מעבר הבלוק, כדי שאפשר יהיה לספור אותי. דרות הבלוק מס' 25 פטורות היו להופיע למפקדים, כי בין כך — נידונות למוות היו.

אירקה יושבת על ידי ומתייפחת. חמישה ימים שכבתי ללא הכרה, ומדי פעם צעקתי: „מים, מים, אמא".

אירקה הביאה לי גושי קרח מהגג ובזה הזינה אותי.

ביום הששי התאוששתי קצת והתישבתי. הסתכלתי סביבי ולאט לאט חזרה אלי ההכרה המלאה. מחזי התפרצה פעקת אימים: „איפה אני? הלא מוות מצפה לי כאן!"

ריחמתי על אירקה. אני מוכרחה להציל, לכל הפחות, אותה — ויהי מה!

באותו היום צריך היה להגיע אלינו רופא מאנשי הס. ס. התורניות מטאטאות, מנקות וגורפות את אלה העומדות בקרבתן.

„נערות — אני אומרת — עלינו לבקש תחנונים, שיתנו לנו, לנערות הבריאות, לעזוב את הבלוק האיום הזה".

בקושי אני יושבת. אני סובלת מכאבי ראש נוראים.

הנערות צוחקות ממני ואומרות: „היא חולמת בהקיץ, בשעת הגסיסה. אפסה כל תקווה, אבודות אנו".

פתאום נשמעת הקריאה: "הקשב!"

בפתח מופיע רוצח גבוה ממושקף — רופא הס. ס. על שפתיו חיוך סדיסטי, בידו מגלב.

אינני יודעת מניין שאבתי לפתע כה הרבה כוח ובטחון עצמי. קפצתי מהר מהדרגש ונגשתי ישר אל הרופא והתחלתי לדבר במהירות: „אני רוצה לחיות, אני רוצה לעבוד". חבורות נערות סובבות אותנו, חוזרות על דברי וצעקות: „אנו בריאות, תנו לנו לצאת מבלוק המוות הזה". קמה המולה ומהומה רבה.

„מפקדת הבלוק — צועק הרופא — מה הן רוצות?"

מפקדת הבלוק מסבירה לו, כי בבלוק נמצאות מספר נערות בריאות שלא יצאו לעבודה מכיוון שלא היו להן נעליים, בינתיים היתה סלקציה ונקלעו לבלוק הזה.

הרופא צועק שוב: "ולכן, מה אתן רוצות?"

הנערות צועקות: „אנחנו רוצות לחיות ולעבוד".

הרופא־הרוצח צוה על מפקדת הבלוק לערוך מיד מפקד.

השתררה אנדרלמוסיה, רעש ודחיפות. הבריאות ביותר עומדות כבר בשורה ורועדות: „מי יודע כיצד יחרוץ דיננו, לחיים או למוות?"

תנועה אחת של אצבעו קובעת חיים או מוות: לצד שמאל זה המוות, ולצד ימין — חיים. ואולי גם להיפך? מי יודע מחשבות הרוצח הזה?

אט אט זוחלות הנפשות החצי־מתות מדרגשיהן, הן מתנועעות כצללים, כרוחות רפאים. עינים עששות בלי הבעה כלשהי, פנים אדישות, צהובות ונפוחות, עור הרגלים נוצץ ומבריק והעצמות בולטות.

כולן רוצות לחיות, כל אחת רוצה להינצל.

רק הגופות המוטלות בחצר הן שקטות ורגועות — ובאותו הרגע מקנאת אני בהן.

אנו עומדות בחמישיות, והרופא, בלווית מפקדת הבלוק, ניגש אלינו ומתחילה הברירה והבחירה.

מבין מאות נשים בחר רק 10 הראויות להמשיך לחיות ולעזוב את בלוק המוות. בין ה„מאושרות" האלה היינו אני וחברתי אירקה. את היתר ציוה הרופא להחזיר בחיפזון לבלוק. לא יכולתי לסובב ראשי כדי לראותן ביאושן המוחלט. מבעד הדלתות הפתוחות הגיעו לאזנינו צעקותיהן ויללותיהן וגם אנחות שקטות — אנחות גסיסה איטיות.

אינני מסוגלת להביע ומה עוד להעלות על הכתב, את הרגשותי אני, עת נפתחו שערי הברזל הכבדים והגבוהים של בלוק 25 — בלוק המוות, התהום והאבדון ממנו איש לא יצא עד היום ההוא חיים.

עזבנו את שער החדלון כבורח איש מפני הדליקה.

היה זה מקרה אחד ויחידי שמבלוק ה־25 יצאו 10 נערות יהודיות חיות.

## ב ר ב י ר (צריף החולים)

איש הס. ס. הוביל אותנו לרביר. הוא דמה בכל לצריף בלוק רגיל, רק שם לא היינו צריכות לעמוד שעות במפקדים.

במקרה היו אז רק מעט חולים. הרופאה — ד"ר ראז, צרפתיה (גם היא אסירה) הקציבה לנו מקום על הדרגש והסבירה את תקנות הבית הזה.

עייפה והמומה מכל מה שעבר עלי במשך היום, שכבתי במקומי מאושרת מהאפשרות של קצת מנוחה. אולם, האם אפשר פה לנוח? מהעבר השני של הבלוק הגיעו לאזני קולות של צחוק היסטרי ובכי. אחת האומללות, שדעתה נטרפה עליה מהצרות שעברו עליה, קוראת לילדיה, פוכרת ידיה ומבכה את יקיריה. פתאום פותחת זרועותיה כאילו חובקת משהו, לוטפת בעדינות ומחייכת, מתעייפת ומתישבת על הדרגש ושרה שיר ערש נוגה.

ה„סימפוניה" משתתקת, ובבלוק משתרר לרגעים ספורות השקט.

בחצות הלילה עוררו אותי רעש וצעקות. הרימותי ראשי והסתכלתי בעד האשנב והנני רואה: לחצר הבלוק מס' 25 נכנסות משאיות גדולות, הנשים מוכות ונדחפות בשצף קצף לתוכן. מצליפים בשוטים והן עולות במהירות עליהן. החלשות והחולות נזרקות כשקים אחת על השניה ורובן מוציאות נשמתן במקום.

המכוניות נוסעות לכיוון המשרפות, עוד מעט וכולן תעלינה בלהבות.

— — —

איזה נס קרה לי ולאירקה שניצלנו. לא יכולתי להאמין, כי אכן קרה הדבר הזה.

התרחקתי מהחלון שבורה ורצוצה, ולא ידעתי אם לשמוח על שזו הפעם פסח עלי המוות. פחדתי. לא היה בי האומץ לחשוב על המוות. רציתי לחיות — חזק, חזק מאוד רציתי לחיות...

— — —

שבוע אחד ברביר. סביב, מכל העברים נשמעות קריאות אין־סוף: „ד״ר ראז, עזרי־לי, אני רוצה לחיות!״

ד״ר ראז, צרפתיה בת 45, פנים טובות וסובלניות. תמיד היא בין הדרגשים של החולות. לכל אחת יש לה איזה מלה טובה. בכיס חלוקה הלבן ישנם תמיד דברים טובים: אספירין, טיפות וגם... סוכריה. היא מלטפת, משמחת ומעודדת בלחישה: „נערות, עוד מעט, עוד מעט, הזמן מתקרב, החזיקו מעמד — קצת סבלנות״.

כן, להחזיק מעמד...

באותו הלילה, אחרי דברי הניחומים האנושיים של ד״ר ראז, הוציאו הרוצחים 80% של נערות הרביר והעבירון למשרפות. אני ואירקה ניצלנו במקרה גם הפעם.

הלקרוא זאת „הגורל העיוור״? או סתם „הצלחה״?

עובדה, גם הפעם פסח עלי המוות האכזרי.

הנני מטושטשת והמומה, ראשי עלי סחרחר.

הנה, לפני מספר רגעים ישבה אתנו אחת המעונות וספרה על יוון הרחוקה והיפה, שרה שירים סנטימנטליים, על האם שלה הטובה דברה בהתרגשות, עיניה נוצצו בברק מעודד ובתנועות חן ומרץ דרומי. אחרי אלגרה היפהפיה הזאת נשארו רק עצב וזכרונות נעלים.

על הדרגש הקרוב שכבה ז׳נט אשר התפארה שהיא ידעה להכין כל מיני תבשילים וחלמה על אודות בתה בת השלוש בשם פולט, אותה השאירה בכפר אצל זרים. התכיר אותה פולט היפה, התרוץ לקראתה — הירצו המאמצים הזרים להחזיר לה את בתה? ז׳נט מספרת נסים ונפלאות על פאריס, מגדל איפל, שדרות אלישבע, האופרה וכו׳. היא גאה בצרפת שלה.

ברגע שהורידו אותה מהדרגש צעקה, נשכה והתנגדה, אולם ללא הועיל. לא חדלה מלצעוק: „תנו לי לחיות, השארתי ילדה יפה, ילדתי שלי...״

כבר ליד הדלת פנתה אלינו ואמרה: „דרשו בשלום פולט שלי...״ בקול חלש מסרה את כתובת הילדה. לא יכולתי יותר להבינה, כי בכוח הרחיקוה מאתנו.

את כולן אכלה האש.

ולפתע הכל חלף ושוב שקט. הרעש חלף יחד עם סיום חיי עשרות נערות

צעירות, שקט ודממה מסביב. אין לי אומץ להיפרד לו לרגע מאירקה. הנרות כובו. חושך. אירקה מתרוממת ומחפשת את ידי.

היא: „רחל, ההנך ישנה? ועוד פעם נס, כוח עליון?"

אני: „פשוט מקרה, אירקה. המאמינה אַת באלהים? דומני כי מוכרח להיות מישהו הגורם לכל".

היא: „רחל, אנו מוכרחות לברוח מהרביר, כי בסלקציה הבאה לא יקרה נס בשלישית".

— — —

ברחנו מהרביר.

שני שלדים, שתי רוחות ראים שכל רוח מצויה מפילה אותן, תועות בין הצריפים ומחפשות מחסה.

לבסוף מצאנו בלוק חדש והצטרפנו אליו. הבנות, דיירות הצריף, נפחדו מאתנו ושאלו: מאין אתן חוזרות? הלא מבלוק 25 אף אחד לא יצא חי! הספדנו אתכן, מזמן חשבנוכן למתות".

למחרת היום יצאתי יחד עם כולן לעבודה בחפירת בורות. כולנו סחוטות וחלשות, רעבות ורועדות מקור.

אני ואירקה עושות כל מאמץ כדי להחזיק מעמד ולחיות. לא עולה אפילו על המחשבה לא לצאת לעבודה, כי אז הגורל כבר נחרץ.

יצא לי שם כעובדת חרוצה ורכשתי את אמונן של המפקחות הגרמניות, ומדי פעם נתנה לי הרשות ל„ארגן" מצרכי אוכל מן הצד.

המרחק לעבודה היה 8 קילומטרים. הלכתי מבלי להרגיש את רגלי, ומדי פעם בפעם תמכו בי הנערות מתחת לזרועותי.

— — —

לעבודה הלכנו דרך רציף הרכבת של אושביץ. הדרך למחנה בירקנאו מובילה דרך גשר רכבת מערבית מתחנת אושביץ. מצד שמאל של גשר הרכבת אנו רואים תחנה גדולה הנקראת „מסילת היהודים" ומיועדת לפריקת המשלוחים של האסירים היהודים. מאוחר יותר נבנתה מסילה מיוחדת צדדית אשר הובילה ישר דרך השער הראשי של אושביץ למשרפות־קרמטוריות.

בשטח של בירקנאו היו 4 משרפות, אשר הספיקו להרעיל 40,000 איש ולשרוף בתנורים 12,000 ביממה. יתר הגופות שרפו בחורשות הסמוכות על גבי ערמות מיוחדות.

לתא הגזים הכניסו בבת אחת כ־2,000 איש וההרעלה ארכה 20 דקות. כדי להטעות את ה"מיועדים לעבודה" שצריכים להתרחץ אחרי טלטולי הדרך, נתנו להם, בזמן הראשון, סבון ומגבות.

הגופות המורעלות בתאי הגזים הועברו לתנורים לשריפה ע"י אנשי ה„זונדר קומנדו" שהיה מורכב מאסירים יהודים צעירים וחזקים.

מדי פעם בפעם נרצחו אנשי ה„זונדר קומנדו" כדי שהפשע לא יוודע לעולם.

ליחידה האיומה הזאת השתייך משה מרגוליס, שכני מסרוצק, אשר השתתף ונפל בעת המרד הגדול של הזונדר קומנדו בסוף שנת 1944.

— — —

משלוחים רבים הגיעו מבתי הסוהר, מהמחנות ומהגיטאות בפולין.

ביום אחד הגיעו משלוחים עם יהודים מבלגיה וצרפת. כולם מלובשים הדר, עם מזוודות רבות וילדים רבים על ידיהם. יהודים אלה היו שקטים ושלווים. משוכנעים היו שבאו הנה רק לעבודה זמנית.

המהלומה הראשונה הנחתה עליהם כאשר נצטוו להשאיר את כל מטענם על הרציף. אנשי הס. ס. הבטיחו להם כי הכל יובא בעגלות לתוך המחנה.

המהלומה השניה — הפרדת המשפחות. את הילדים, הזקנים והנשים העמיסו על משאיות גבוהות, וכל הגברים הלכו ברגל.

כל זה עוד לא פקח את עיניהם לדעת ולהבין מה צפוי להם. בעוברם ברגל או ברכבת על ידנו, לא פעם צעקנו אליהם בשפות שונות: „מדוע אתם הולכים למות ככבשים? התנגדו, נשכו, הכו, אל תלכו כצאן לטבח! אין לכם מה להפסיד. בעוד כמה שעות לא תהיו כבר בין החיים".

הם לא האמינו ו...אבדו.

מקרה במשלוח אחד נחרת במיוחד בזכרוני.

בחורי ה„זונדר קומנדו" סיפרו בהתרגשות ובהערצה, כי במשלוח מיום אתמול היתה אשה אמיצה אשר הבינה שמובילים אותם למוות. בפתאומיות, כאשר איש הס. ס. הפנה את ראשו אחורנית, הוציאה האשה בזריזות את האקדח מנרתיקו והרגה אותו במקום. בעד מעשה זה נרצח כל המשלוח בו במקום.

איש ס. ס. זה היה סדיסט ידוע ומפורסם. מאותו הזמן הוגברה השמירה על המשלוחים הבאים.

## הסלקציה הגדולה של ד"ר מנגלה

אתאר יום אימים אחד שנחרת עמוק בזכרוני.

סתיו 1942. המחנה שלנו מלא מפה לפה. משלוחים רבים מגיעים מדי יום ביומו. על הדרגשים צפיפות נוראה. הטיפוס משתולל, הרבירים מלאים.

ביום ראשון אחד השתרר אי־שקט במחנה, וחרדה אחזה את כולנו: במחנה שלנו נמצאים הרוצחים הגדולים המפורסמים: מפקד המחנה קרמר, אוברקה מנדל, איש הס. ס. מולל, ד"ר מנגלה ורודוף הס. משמר כבד שמר עליהם.

המפקחות ואנשי ס. ס. עומדים ליד כל צריף עם כלבים גדולים. „מה מחכה לנו היום?" — שואלות אחת את השניה.

פתאום נשמעה שריקה ארוכה — קריאה למפקד.

מפקד באמצע היום מבשר תמיד רעות. הנערות החולות והחלשות מתחבאות בכל חור, בכל מקום — מתחת למזרונים, בבתי השימוש, בתעלות — אולם הכלבים, אנשים וחיות, מוציאים אותן מכל פינה וסדק כשהן מוכות ללא רחמים, זבות דם ובגדים קרועים מנשיכות הכלבים־החיות.

גם החולות ברבירים מתפקדות. מאות נשים עומדות ומחכות. למה — אין יודע. נשמעת פקודה: „הקשב!" הם הולכים, הולכים הרוצחים.

הרוצחים הסתדרו בשתי שורות. הראשונים עומדים הקומנדנט קרמר, הס, אוברקה מנדל, דרקסלר, טאובר, מולל ועוד ועוד לפי הדרגה. ד"ר מנגלה ועוזריו בשורה השניה.

ושוב צעקות, דחיפות התרוצצות ומהומה. מה יש? נודע כבר שסלקציה היום. כל אחת תבדק ותעבור את שתי שורות הרוצחים.

אחת אחת עוברות הנערות את השדרה החיה של הרוצחים. הם מסתכלים בנו כעל בהמות עבודה וד"ר מנגלה מצביע באצבעו לימין או לשמאל. לשמאל — פירושו שהנערה עוברת מאחורי השטח הגדור של הרביר (חיים), לימין — פירושו שהנערה עוברת לשטח הבלוק מס' 25 (מוות).

אני מבינה מה מחכה לנו. כל אחת רוצה להיות בסוף השורה וכולנו מלאות פחד. מפחדות אנו מפני הגיהינום הזה. כל אחת מסדרת שערותיה, ברוק רוחצות את השפתיים, העינים והפנים. לי מראה קטנה — והיא עוברת מיד ליד — מסתכלות בראי: הימצאו חן אם לא?...

המצעד מתחיל. הנשים עוברות אחת אחרי השניה כשהידים מושטות קדימה.

אני פונה לחברתי אירקה ואומרת: „כעת עלינו להיפרד לעולמים. הסתכלי על רגלי, על אחת נעל ועל השניה — סמרטוט".

אירקה אינה עונה. משפשפות אנו את הלחיים, כדי להיראות יותר טוב ויותר יפה.

האעבור? האצליח גם הפעם? שלוש פעמים אני נאבקת עם המוות, במשך זמן קצר, האוכל להם גם עכשיו? האבלה אותם?

אין הרבה זמן לחשוב — התור מתקרב.

והנה עומדת אני כבר לפני בית־הדין — חיים או מוות. נשיקה אחרונה לאירקה ואני מתקרבת. לבי דופק בחזקה, רגלי מתכופפות תחתי מחולשה, אולם אני מתגברת וקול פנימי קורא: „לחיות, אַת מוכרחה לחיות". „לחיות, לחיות" — מהדהד הקול באזני.

ניגשת אני, מצטחקת באומץ. פני משולהבות מפחד. מוות או חיים, מוות או חיים — המחשבה היחידה החוזרת ונשנית, החוזרת ונשנית.

... יד מנגלה מראה לי שמאלה... אני הולכת מאחורי השטח הגדור של הרביר. הנערות מתנפלות עלי בנשיקות, שמחות: „אַת ניצלת".

עומדת אני ליד גדר התיל ומסתכלת לעבר אירקה — מה גורלה?

והנה, גם אירקה עברה, מתקרבת אלי ושואלת בתמהון: „האם זה שוב מקרה?"

הנערות שנדונו למוות — אלה אשר הופנו ע"י מנגלה ימינה — מנסות לברוח מהשטח הגדור של בלוק 25. הן מטפסות על החומה, קוראות, בוכות ומבקשות עזרה ואין. אנשי הס. ס. מכים במגלבים, הכלבים קורעים את בגדיהן יחד עם נתחי בשר.

הסלקציה המפורסמת הכללית והאיומה ביותר הזאת — ואשר כונתה ע"י הרוצחים „הטיהור הכללי" — ארכה כמה שעות.

מכל מחנה הנשים הגדול בבירקנאו נשאר רק קומץ קטן של נערות ואני בתוכן.

הסלקציה נסתיימה — אנשי הס. ס. עוזבים את המחנה.

קומץ הנשים שניצלו עומדות ורועדות, אין האומץ לדבר בשעה זו.

אני חיה — עד מתי? הבטוחים חיי?

על יד שער הבלוק מס' 25 עומדת שורה ארוכה של משאיות גבוהות.

החיילים הגרמנים פותחים את שער הברזל הכבד, ובזעם פורצים פנימה. בקתות רובים ובמגלבים דוחפים את הנשים ההמומות מרוב פחד לתוך המשאיות. אוטו אחרי אוטו מתמלא. רק צעקות מרחוק נשמעות: „נקמו בעדנו, בעד מותנו, אולי אתן תשארו בחיים — נקמו בהם".

המשאית האחרונה נעלמה — עוד דף היסטוריה אחד של אושביץ. המשרפות בוערות — מן הארובות בוקעות ועולות להבות של חיי אנוש שאבדו.

אנו מתרפקות אחת על השניה, עומדות ומחכות למזלנו הבא.

הנקה פוגוז׳לץ מצ׳כוצ׳ינק אבדה שתי אחיות, אחת מבכה את אמה, השניה — אב, דודה ובת דודה.

כל הלילה עמדה קבוצת נערות — ואני בתוכן — לחוצות אחת אל השניה. האם חשבתי אז? כן, הסתכלתי בעיני המעונות, המושפלות — והרגע הזה של הירידה האנושית עורר בי ניצוץ של איזו שהיא תקוה.

למראה השממון וערמות ללא סוף של גוויות שחייהן נגזלו ע״י הרוצחים הגרמניים — התאמצנו להישאר בחיים כדי לספר לעולם הכל.

ובלילה הזה רעדנו וצעקנו לכל העולם: „איפה אתם?״

ועוד יותר רעדנו בחשבנו שאולי השתלט היטלר על כל העולם, ומחנות כמו אושביץ, בירקנאו ימלאו את כל העולם...

התנערנו מהמחשבה המרה הזאת וזעקנו: „לא, לא! זה בלתי אפשרי!״

אז מדוע העולם שקט ושותק? איך תוכלו לישון במנוחה, לאכול לשובע, לשחק עם ילדיכם ויקיריכם בעת שפה גיהינום?

ואולי נשארו בעולם רק אנשים רעים?...

## פנוי המחנה

בחצות הליל של ה־18 בינואר 1945, התחיל פנוי המחנה שלי — מחנה הנשים בבירקנאו.

האורות כבויים. אנדרלמוסיה בין השבויות. לחישות עוברות מאוזן לאוזן כי החזית מתקרבת אלינו ושברגעים האחרונים רוצים לרצחנו נפש.

לכל אחת מאתנו שמורה פרוסת לחם ושמיכה בתרמיל. מפוחדות ומודאגות אנו מחכות לפקודות. מה הלאה? מה יהיה עמנו? לאן יובילו אותנו?

החולות נשארו ביאושן ובעצבן. הן הושיטו לעומתנו את ידיהן היבשות בבקשת עזרה. לא היתה למענן עזרה — אנו הוכרחנו ללכת.

ההמון נמשך ומשתרך בלי סוף, סופרים ומונים אותנו, מכים ובועטים במגפיהם הגסים.

אני וחברותי בוכות ומתיפחות. מנגבים בסוף את הדמעות, אחת מעודדת את השניה. צועדות אנו, צועדות בליל חשוך וקר ועוברות את שער הקללה של אושביץ.

מאיר השחר. אני מסובבת ראשי אחורנית ורואה את התיל הדוקרני של המחנה הארור...

יחד עם כל ההמון אני מתרחקת, וכל התהום של השנים האחרונות נפערת לפני על כל פרטי פרטיה.

צועדים אנו ברגל כבר הרחק מאושביץ —

לאן ?

תורגם ועובד מפולנית בידי

**חנוך ורדי**

**רחל בראַנדט**

(נהריה)

## אַלס אוישוויץ העפטלינגין נומ. 24667

ווינטער 1942, גרויסע פראָסט. אין פרויען־לאַגער, ווו איך געפין מיך, זענען די סאַניטאַרע באַדינגונגען שוידערלעכע, אָן קאַנאַליזאַציע און אָן וואַסער צום טרינקען. חדשים לאַנג האָבן מיר זיך נישט געוואַשן, און ווערים האָבן אונדז געגעסן. זונטיק ווען מיר האָבן נישט געאַרבעט, איז אונדזער גרויסער פאַר־געניגן געווען — אויסרייניקן אונדזערע קליידער פון די לייז — די קליינע מערדער.

דער שוידערלעכער געשריי פון די קראַנקע און שוואַכע איז געווען: „וואַסער, וואַסער — נאָר די ליפן צו באַנעצן". די גאַנצע פּאָרציע ברויט האָט מען אַוועק־געגעבן פאַר אַ פּאָר טראָפּן וואַסער.

ווי אַזוי האָב איך און אויך אַנדערע אָרגאַניזירט וואַסער צום טרינקען און אויך צום פאַרקויפן ?

אין גאַנצן לאַגער איז געווען נאָר איין וואַש־צימער מיט איין קראַן פאַר די דייטשע אויפזעערין. פאַר אַריינגיין דאָרט אָן דערלויבעניש, האָט מען געקענט באַצאָלן מיטן לעבן. נישט געקוקט דערויף האָבן מיר דאָך ריזיקירט. אין מיטן נאַכט, ווען אַלע זענען טיף געשלאָפן, בין איך אַראָפּ פון מיין פּריטשע, און שטיל זיך אַריינגעגנבעט אינעם וואַש־צימער. כ׳האָב גאָרנישט געוואָלט טראַכטן וועגן דער דערפאַר דראָענדער לעבנס־געפאַר, און נישט איינע פון אונדז האָט טאַקע באַצאָלט מיטן לעבן. מיט האַרצקלאַפעניש און ציטערדיקע הענט האָב איך

אָנגעפּילט עטלעכע פלעשער וואַסער און — אַנטלאָפן. איך בין אַריין צוריק אין בלאָק אַ מידע פון אָנשטרענגונג און פחד. נישט איינמאָל האָב איך באַקומען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ.

דאָס וואַסער, וואָס כ׳האָב אַזוי שווער דעראָבערט, האָב איך פאַרקויפט פאַר אַ פּאָר שטיקלעך ברויט. אַ זעלבסצופרידענע פון מיין „הצלחה" און פונעם ברויט וואָס איך האָב צוגעגרייט אויף מאָרגן צום עסן, האָב איך דעם ברויט־אוצר איינגעוויקלט אין אַ שמאַטע, אונטערגעלייגט אונטערן „קישן" און איינגעשלאָפן.

אויפכאַפּנדיק זיך איינמאָל אין דער פרי, האָב איך גלייך באַמערקט, אַז די שמאַטע מיטן ברויט זענען פאַרשוואונדן. כ׳האָב געוויינט, געבעטן, געפרעגט ביי די שכנות, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן — כ׳האָב אַפילו קיין טייל נישט באַקומען צוריק.

אומזיסט, פאַרשווינדן דער חלום — און דער הונגער נאָגט און נאָגט.

אונדזער בלאָק איז געווען אַ געראַמער, און באַזעצט מיט אַ סך מיידלעך. אויף יעדער פּריטשע — אַ פּילשטאָקיק בעט פון האָלץ — זענען געשלאָפן 15 מיידלעך, צוגעדעקט מיט איין שמוציקער דעק. יעדע האָט געצויגן די דעק אין איר זייט. מען שרייט, מען ליאַרמט און מען וויינט — קיינער וויל נישט שלאָפן ביים ראַנד פון בעט.

4 פאַרטאָג וועקט מען אויף אַ פאַרטיע צו ברענגען די שוואַרצע קאַווע פון דער קיך. אין בלאָק איז פינצטער און מען קען נישט געפינען די קליידער. שווער איז דאָס אויפשטיין. מיר אַלע זענען מיד פון דער צוואַנגס־אַרבעט און פון שלאָפלאָזיקייט, אָבער מען האָט נישט קיין ברירה, ווייל מיר — און איך צווישן זיי — זענען היינט אין דער ריי צו ברענגען דעם וואַרעמען שוואַרצן געטראַנק. איך וועק אויף און דערמונטער מיינע שכנות. זיי שטייען אויף. מיר זענען אַלע שוואַך. מיר בייגן זיך איין, טראָגנדיק די שווערע אייזערנע גרויסע טעפּ. מיר מוזן דאָך גיין, מען טרייבט מיט שטעקנס. באַגלייט האָט אונדז אַ וואַך, און פאַר דער מינדסטער זאַך מכבד געווען מיט קלעפּ. צוליב די שווערע וואַך האָבן מיר נישט געקענט אָרגאַניזירן אַפילו אַ פּאָר זופּ קאַווע. די קאַווע איז צעטיילט געוואָרן צווישן די מיוחסים — וואָס עס איז געבליבן, האָבן צוגענומען די אויפזעערינס.

נאָר וואָס געענדיקט מיט דער קאַווע, הייבט זיך אָן דער מאָרגן־אַפּעל, וואָס דויערט 3—4 שעה. מיר שטייען דערפרוירענע אין אונדזערע חאַקי מלבושים און הילצערנע האָלענדישע טרעטערס. אַלע הונדערט מיידלעך ציטערן, און כדי זיך אַ ביסל דערוואַרעמען, טוליען מיר זיך איינע צו די צווייטע.

די דייטשע אויפזעערינס קאָנען קיינמאָל נישט פאַרענדיקן דאָס ציילן. באַלד דאַכט זיך זיי, אַז די צאָל איז גרעסער אָדער קלענער, ווי ס'איז פאַרשריבן אין דער רשימה. מען שלאָגט, מען קאָפּעט ביים ציילן. עס נעמט נישט קיין סוף.

ענדלעך דערהערט זיך אַ לאַנגער פייף וואָס זאָגט אָן אַז דער אַפּעל איז פאַרענדיקט. אַלע שטעלן זיך אין די רייען אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט. די קראַנקע און שוואַכע מיידלעך הייבן אָן אַנטלויפן, באַהאַלטן זיך אין די קלאָזעטן, באַראַקן, אונטער די בעטן. אָבער עס העלפט גאָרנישט. די אויפזעערינס זאַמלען זיי שנעל צוזאַמען, שלאָגנדיק און קאָפּנדיק אָן רחמנות.

וויסטע קרענק זענען אַריינגעדרינגען אין אונדזער לאַגער.

די פאַרשפרייטסטע און געפערלעכסטע קרענק צווישן די יונגע מיידלעך איז די אַזוי גערופענע „די טויט־קרענק פון אָשוויענטשים". די סימפּטאָמען זענען געשוואָלענע פיס.

די צווייטראַנגיקע קרענק זענען: דיזענטעריע, מאַלאַריע און צום סוף — בויך־טיפוס.

געווען איז דאָס אין איינעם פון די ווינטער טעג אין יאָר 1942. אַ טיפער שניי האָט באַדעקט די ערד, און ס'איז געווען אַ שטאַרקע קעלט. מיינע הענט און פיס זענען האַלב־דערפרוירן און איך פיל, אַז די כוחות לאָזן זיך מיר אויס. פאַרטאָג, ווען מען האָט אונדז געוועקט צום מאָרגן־אַפּעל, האָב איך געפילט שטאַרקע ווייטאָקן אין קאָפּ, די ליפּן זענען טרוקן און די פיס ווי געליימט. מיט איבערמענטשלעכע כוחות בין איך אַראָפּ פון דער פּריטשע, דאָס פּנים ברענט, איך שלעפּ זיך אַרויס פון בלאָק און שטעל זיך צום אַפּעל. מיין חברטע אירקע האַלט מיך אונטערן אָרעם, איך זאָל נישט אַנידערפאַלן.

איך זאָג איר קאַטעגאָריש: „אירעטשקע, היינט וועל איך פאַר קיין פאַל נישט קענען אַרויסגיין צו דער אַרבעט".

אירקע דערקלערט מיר די גרויסע סכנה ווען איך וועל בלייבן אין לאַגער. זי פאָדערט פון מיר, איך זאָל אָנשטרענגען מיין גאַנצן כוח און מיטגיין מיט אַלע צו דער אַרבעט.

אַלע מיינע אָנשטרענגונגען האָבן אָבער נישט געהאָלפן. כ'בין געפאַלן אין אָנמאַכט, און מער זיך נישט געקאָנט אויפהייבן.

צענדליקער רייען פון מיידלעך גייען אַרויס צו דער אַרבעט, און איך ליג אונטער אַ וואַנט איינגעקאָרטשעט, די אויגן רויט פון היץ — אויך מיך איז באַפאַלן די טויט־קרענק פון אָשוויענטשים.

מיין חברטע אירקע בייגט זיך אַראָפּ צו מיר און זאָגט: „הער זיך צו, רחל,

איך וועל דיך אַליין נישט איבערלאָזן.ביידע וועלן מיר גיין אין גאַז־קאַמער, ווייל איך וועל זיכער נישט קענען אַלץ איבערלעבן".

זאָג איך צו אירקען: „הער זיך איין, גיי אַרויס צו דער אַרבעט. דו ביסט יונג און געזונט, און אפשר וועסטו אַלץ איבערלעבן. די מלחמה וועט שוין לאַנג נישט דויערן. מיר וועסטו גאָרנישט העלפן מיט דעם, וואָס וועסט אינאיינעם מיט מיר אומקומען".

מיינע געבעטן און טרערן האָבן גאָרנישט געהאָלפן, און די טייערע אירקע איז מיט מיר געבליבן.

## אין טויטן בלאָק נומ. 25

צוזאַמען מיט אונדז זענען אין בלאָק געבליבן אַן ערך 200 מיידלעך. פלוצלינג האָב מיר דערהערט פייפערייען: אַלע איבערגעבליבענע זענען גערופן געוואָרן אויף אַ צוגאַב־אַפּעל. נישט אַלע, וועלכע זענען געבליבן, זענען געווען קראַנקע, פיל פון זיי זענען געווען באָרוועסע און נאַקעטע.

נאָכן צוגאַב־אַפּעל האָט מען אַלע אַרויסגעטריבן פון אונדזער באַראַק, און ווי בהמות האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אינעם בלאָק נומ. 25, „דעם טויטן־בלאָק".

אַן עס־עס־מאַן האָט געעפנט אַ שווער און הויך אייזערן טויער, און אונדז פאַרשפאַרט אין הויף פון „טויטן־בלאָק". דער הויף איז געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע מויערן.

מיך האָט שוין גאָרנישט געאַרט. זאָל זיין וואָס ס'זאָל זיין, איך האָב נאָר געשטרעבט ליגן רואיק אויף אַ פאָדלאָגע אָדער אויף דער גאָרער ערד. אַ שרעק־לעכער יאוש האָט מיך באַהערשט אַנקוקנדיק די פאַרקראַטעוועטע פענצטער. דער „טויטן בלאָק" איז פול מיט טויטע און קראַנקע. אַרום און אַרום איז פינצ־טער, אַ דערשטיקנדיקער ריח פילט אָן דעם גאַנצן בלאָק. די טויטע ליגן שוין דאָ מער ווי אַ וואָך. די וועלכע לעבן נאָך שרייען: „הרגעט אונדז, לאָזט אייך נישט פייניקן". איך מיט אירקען זענען צוגעטיילט געוואָרן צו אַ פריטשע, אויף וועלכער עס זענען געלעגן 18 האַלב־טויטע פרויען.

די איינוווינערינס פון בלאָק נומ. 25 זענען נישט געווען פאַרפליכטעט זיך צו שטעלן צו די אַפּעלן, ווייל אַלע זענען געווען פאַרמשפּט צום טויט.

אירקע זיצט נעבן מיר און יאָמערט.

פינף טעג בין איך געלעגן אָן באַוווסטזיין, און פון צייט צו צייט האָב יך אויסגעשריגן: וואַסער, וואַסער, מאַמע..."

אירקע האָט מיך געשפּייזט די גאַנצע צייט מיט שטיקלעך פאַרפרוירענעם שניי.

דעם זעקסטן טאָג האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, זיך אויפגעזעצט און געקוקט אַרום. ס׳האָט זיך מיר אַרויסגעריסן אַ יאָמערלעך געשריי: „ווו בין איך? איך גיי דאָך צום טויט!"

כ׳האָב רחמנות געהאַט אויף אירקען. איך מוז ראַטעווען איר לעבן פאַר יעדן פּרייז.

היינט דאַרף צו אונדז קומען אַ דאָקטאָר פון די עס־עס. אַלע דיזשורנעס קערן, רייניקן, שלעפּן, — מע גרייט זיך צו עפּעס. אַ דאָקטאָר קומט, אונדז איז נישט פריילעך אויפן האַרצן.

„מיידלעך — זאָג איך — מיר דאַרפן בעטן דעם דאָקטאָר, ער זאָל אונדז, געזונטע, דערלויבן צו פאַרלאָזן דעם בלאָק".

די מיידלעך לאַכן פון מיר: „זי חלומט אין דער וואָך — אין דער צייט פון גסיסה. נישטאָ מער קיין האָפענונג פאַר אונדז, מיר מוזן שטאַרבן!"

פלוצלינג הער איך אַ געשריי־באַפעל: אַכטונג!

אין דער טיר איז דערשינען אַ הויכער באַנדיט מיט ברילן. דאָס איז דער עס־עס־דאָקטאָר. אויף זיינע ליפּן אַ סאַדיסטישער שמייכל און אין האַנט אַ נאַגאַן.

איך ווייס נישט פון וואַנען כ׳האָב אָנגעזאַמלט כוחות. שנעל בין איך אַראָפּגעשפּרינגען פון מיין פּריטשע, און איך שטיי שוין נאָענט ביים דאָקטאָר. כ׳האָב אָנגעהויבן שנעל רעדן, אָבער דאָ האָבן אונדז אַרומגערינגלט צענדליקער מיידלעך, יעדע שרייט: „איך בין געזונט, לאָזט אונדז לעבן, לאָזט אונדז אַרויס פון בלאָק". דער טומל איז גרויס, איינע שרייט איבער די צווייטע.

דער דאָקטאָר האָט גאָר נישט געענטפערט, געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט און הויך אויסגעשריגן: „בלאָק קאָמענדאַנטין, וואָס ווילן זיי?"

זי האָט אים דערקלערט, אַז אין דעם בלאָק געפינען זיך צענדליקער געזונטע מיידלעך, וועלכע זענען נישט אַרויס צו דער אַרבעט, ווייל זיי האָבן נישט קיין שיך, און דערווייל איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע, און זיי זענען איבערגעפירט געוואָרן אין בלאָק נומ. 25.

דער דאָקטאָר האָט געשריגן: „טאָ וואָס ווילט איר?" די מיידלעך האָבן געענטפערט: „מיר ווילן לעבן און אַרבעטן".

דער דאָקטאָר האָט באַפוילן די בלאָק־קאָמענדאַנטין צו רופן דעם בלאָק צו אַן אַלגעמיינעם אַפּעל. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל, מע שטופּט זיך, מע לויפט, מע ליאַרעמט.

דער אַפּעל קומט פֿאָר אין דרויסן פֿאַרן בלאָק. די געזונטע האָבן זיך שנעל אויסגעשטעלט אין רייען. אַלע ציטערן און יעדע טראַכט: „און אפשר וועט ער מיך נישט אויסקלייבן?"

נאָר איין פֿינגער־באַוועגונג באַשטימט צום לעבן אָדער טויט. לינקס, הייסט טויט, רעכטס — לעבן.

און אפשר גאָר פֿאַרקערט? ווער קען לייענען די געדאַנקען פֿון רוצח?

ביסלעכווייז קריכן אויך די האַלב־טויטע אַראָפּ פֿון די פּריטשעס. זיי באַוועגן זיך ווי שאָטנס, די אויגן אויסגעלאָשן, די פּנימער געל און געשוואָלן. אַלע ווילן לעבן, יעדע איינע וויל זיך ראַטעווען. נאָר די טויטע קערפּער זענען געלעגן שטיל און רויִק אויפֿן הויף — איך האָב זיי אין דער מינוט מקנא געווען.

מיר שטייען אין פֿינפֿטלעך. דער דאָקטאָר אין באַגלייטונג פֿון די בלאָק־קאָמענדאַנטן, זענען אַדורכגעגאַנגען, געקוקט, געפּאַרשט און אויסגעקליבן.

נאָר 10 מיידלעך פֿון הונדערטער פֿרויען זענען באַשטימט געוואָרן אַלס פּאַסיק צו פֿאַרלאָזן דעם טויטן־בלאָק. צווישן די „גליקלעכע" בין איך געווען מיט מיין חברטע אירקע.

די רעשט האָט מען באַלד ברוטאַל אַריינגעטריבן אין בלאָק. איך האָב נישט געקענט אויסדרייען מיין פּנים און זען ווי די גאַנצע מחנה פֿרויען אין זייער אומעטיקן יאוש. דורך די מויערן זענען צו מיר דערגאַנגען געשרייען, יאָמערן און שטילע גסיסה־קרעכצן.

איך ווייס נישט ווי אַזוי אויסצודריקן מיינע געפֿילן פֿון דעם מאָמענט, ווען עס האָבן זיך אויפֿגעעפֿנט די שווערע הילצערנע און אייזערנע טויערן פֿון טויטן בלאָק נומ. 25, פֿון וועלכן קיינער איז ביז איצט נישט אַרויס קיין לעבעדיקער.

איך בין אַדורכגעלאָפֿן דעם טויטן טויער מיט אַ היסטערישער שנעלקייט.

דאָס איז, ווי מען האָט דערציילט, דער ערשטער און איינציקער פֿאַל, אַז פֿון טויטן־בלאָק נומ. 25 זענען 10 יידישע מיידלעך אַרויס לעבעדיקע.

## אין רעוויר („שפּיטאל")

אַן עס־עס־מאַן האָט מיך און די רעשט 9 מיידלעך איבערגעפֿירט אין רעוויר. דער רעוויר האָט אויסגעזען ווי אַ געוועגלעכער בלאָק, נאָר די אַפּעלן זענען דאָרט געווען קורצע.

צופֿעליק זענען דאָרט געווען נישט קיין סך קראַנקע. ד"ר ראז, אַ פֿראַנ־

צוויזישע אַרעסטאַנטקע, האָט אונדז צוגעטיילט די „געלעגערס" און דערקלערט דעם רעוויר־רעגולאַמין.

אַ מידע און אַ צעטומלטע האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אָפּרוען. אָבער צי איז דען מעגלעך דאָ צו רוען? פון דער צווייטער זייט בלאָק הער איך קלאַנגען פון היסטערישן געלעכטער און אַ געוויינערײַ. איין אומגליקלעכע „רופט" אירע קינדער — זי איז אַראָפּ פון זינען — ברעכט אירע הענט און באַוויינט די נאָענטסטע. פלוצלינג פאַרלייגט זי אירע הענט, ווי זי וואָלט ווען געטוליעט און געגלעט. אַ מידע זעצט זי זיך אַוועק אויף איר פּריטשע און זינגט אַן אומעטיק וויג־ליד...

דאָס געוויין ענדיקט זיך און אין בלאָק ווערט אויף אַ ווייל שטיל.

שפּעט ביינאַכט האָבן שטאַרקע געשרייען מיך אויפגעוועקט. כ'האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דורך אַ קליין פענצטערל זע איך: אין בלאָק 25 זענען אַריינגעפאָרן גרויסע לאַסט־אויטאָס. אונטער אַ האָגל פון קלעפּ ווערן די פרויען אַרויפגעטריבן אויף די אויטאָס. די קראַנקע און שוואַכע וואַרפט מען אַרויף ווי זעק איינע אויף די צווייטע. דער רוב קומט אום אויפן אָרט.

די אויטאָס פאָרן אין דער ריכטונג פון די קרעמאַטאָריעס — נאָך אַ ביסל און זיי וועלן אויפגיין אין די פלאַמען.

וואָס פאַר אַ נס האָט געטראָפן מיך און מירקען. מיר האָבן זיך געראַטעוועט. כ'האָב אַליין נישט געגלייבט, אַז דאָס איז אמת.

אַ צעבראָכענע האָב איך זיך דערווייטערט פון פענצטער און נישט געוווסט, צי איך דאַרף זיך פרייען פון דעם וואָס דער טויט האָט מיך איצט אויסגעמיטן. כ'האָב מורא און נישט קיין מוט צו טראַכטן וועגן טויט. כ'האָב אַזוי שטאַרק געוואָלט לעבן...

שוין אַ וואָך צייט ווי איך געפין זיך אין רעוויר. פון אַרום און אַרום הערט מען רופן: „ד"ר ראַז, איך וויל לעבן, העלף מיר".

ד"ר ראַז, אַ 45 יעריקע פראַנצויזין, מיט אַ גוט און איידל פּנים, דרייט זיך צווישן די פּריטשעס. פאַר יעדן האָט זי אַ גוט וואָרט. אין די קעשענע פון איר ווייסן כאַלאַט געפינען זיך שטענדיק גוטע און נוצלעכע זאַכן: אַספּירין, טראָפּנס ווי אויך אַ... צוקערל. זי גלעט, מאַכט פרייליך און מוטיקט שטילערהייט: „מיידלעך, נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל, די צייט דערנענטערט זיך, שטאַרקט אייך — אַ ביסל געדולד".

יאָ, אָבער ווי אַזוי האַלט מען אויס?

ביינאַכט נאָך אַזוי פיל האַרציקע און מענטשלעכע ווערטער פון ד"ר ראַז

האָבן די רוצחים אויף אַ ברוטאַלן אופן אַרויסגעריסן דעם רוב פרויען פון רעוויר, און זיי גלייך אַוועקגעפירט אין קערמאַטאָריע.

איך און אירקע זענען אויך דאָס מאָל געראַטעוועט געוואָרן. ווי אַזוי דאָס אָנרופן? אַ בלינדער גורל, אָדער סתם אַ הצלחה? אַ פאַקט איז, אַז אויך איצט האָט מיך דער טויט אויסגעמיטן.

איך בין צעטומלט, דער קאָפּ דרייט זיך. אָט מיט אַ מינוט צוריק איז מיט מיר געזעסן איינע פון די געפּייניקטע און דערציילט וועגן איר ווייטן גריכנ־לאַנד און געזינגען סענטימענטאַלע לידער. וועגן איר מוטער האָט זי דערציילט מיט פּיעטעט, מיט ליבע, און אירע אויגן האָבן געגלאַנצט און זי האָט אין גאַנצן געשיינט.

אויף דער נאָענטסטער פּריטשע איז געלעגן זשאַנעט, וועלכע האָט געחלומט וועגן איר קליין דריי־יעריק טעכטערל, פּאָלעט, וואָס איז געבליבן אין אַ דאָרף ביי פרעמדע מענטשן. צי וועט איר פּאָלעט דערקענען? צי וועט זי לויפן איר אַנטקעגן און אומאַרמען? צי וועלן אירע איצטיקע פּאַטראָנען איר אָפּגעבן דאָס קינד?

זשאַנעט דערציילט וועגן איר פּאַריז, אייפל־טורעם א. אַ. וו. זי שטאָלצירט מיט איר פראַנקרייך.

אין דעם מאָמענט ווען מען האָט זי אַראָפּגעשלעפּט פון דער פּריטשע, האָט זי געשריגן, געביסן מיט די ציין און געשטעלט אַ העפטיקן ווידערשטאַנד, אָבער עס האָט איר גאָרנישט געהאָלפן — די רוצחים זענען געווען שטאַרקער. אַ פאַר־מאַטערטע האָט זי גערופן און געשריגן: „לאָזט מיך לעבן, כ'האָב איבערגעלאָזט אַ קליין שיין טעכטערל, מיין טעכטערל...״

זייענדיק ביי דער טיר האָט זי זיך צו אונדז געוואָנדן און געזאָגט: „גריסט מיין פּאָלעט...״ מיט אַ שוואַך קול האָט זי געשעפּטשעט דעם קינדס אַדרעס. כ'האָב זי מער נישט געקענט פאַרשטיין, זי איז פאַרשווינדן.

און פּלוצלינג איז אַלץ פאַרשווינדן, און ס'איז געוואָרן שטיל. דער טומל איז אַוועק צוזאַמען מיט די לעבנס פון צענדליקער יונגע מיידלעך.

אַ טויט־שטילקייט אַרום און אַרום. איך האָב נישט קיין מוט זיך שיידן פון אירקען אַפילו איין מינוט. פינצטער, די ליכט פאַרלאָשן. אירקע הייבט זיך אויף און זוכט מיין האַנט.

„רחל, דו שלאָפסט? און נאָכאַמאָל אַ נס, אַ העכערער כוח?״

„אַ געוויינלעכער צופאַל. צי גלייבסטו אין גאָט? מיר דוכט זיך, אַז עס מוז זיך געפונען אַ כוח, וועלכער איז אַלץ גורם״.

„רחל, מיר מוזן אַנטלויפן פון רעוויר, ווייל ביי די נאָענטסטע סעלעקציע וועט אונדז נישט טרעפן אַ דריטער נס”.

מיר זענען אַנטלאָפן פון רעוויר.

צוויי סקעלעטן, צוויי גייסטער, הילפלאָז קעגן שוואַכסטן ווינט, בלאָנדזען צווישן די בלאָקן און זוכן אַ שוץ.

איך מיט אירקען האָבן געפונען אַ נייעם בלאָק און זיך דאָרט איינקוואַרטירט.

אַלע מיידלעך האָבן זיך פשוט פאַר אונדז דערשראָקן, און געפרעגט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן: „פון וואַנען קומט איר צוריק? פון בלאָק 25 איז נאָך קיינער נישט אַרויס אַ לעבעדיקער! מיר האָבן אייך באַוויינט, פאַררעכנט צווישן די אומגעקומענע”.

צומאָרגנס בין איך צוזאַמען מיט אַלע אַרויס צו דער אַרבעט ביים גראָבן גריבער.

מיר זענען אַלע איינגעשרומפן, שוואַך, ס'איז אונדז קאַלט אין די חאַקי מלבושים און אין די הילצערנע האָלענדישע טרעפּעס.

איך און מיינע חברטעס מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, כדי אויסצוהאַלטן און לעבן.

כ'האָב באַקומען אַ נאָמען פון אַ פלייסיקער אַרבעטאָרין, און געוווּנען דעם צוטרוי פון די דייטשע אויפזעערינס. דאָס האָט מיר דערמעגלעכט פון צייט צו צייט אָרגאַניזירן אַ ביסל לעבנסמיטל און עס צעטיילן די נאָענטסטע חברות.

דער מרחק צו דער אַרבעט איז געווען 8 קילאָמעטער. כ'בין געגאַנגען נישט פילנדיק מיינע פיס. פון צייט צו צייט האָבן מיך מיינע חברטעס פשוט גע־שלעפּט, האַלטנדיק מיך אונטער די אָרעמס.

צו דער אַרבעט זענען מיר געגאַנגען דורך דער באַן־ראַמפּע פון אָשוויענ־טשים. דער וועג צום פרויען־לאַגער אין בזשעזשינקי (בירקענאַו) פירט דורך די באַן־בריק, מערב־זייט פון דער אָשוויענטשימער סטאַציע. לינקס פון דער באַן־בריק זעען מיר אַ גרויסע סטאַציע, וואָס ווערט גערופן „די יידישע ליניע”, און איז באַשטימט צום אויפנעמען די יידישע טראַנספּאָרטן. שפּעטער איז אויפגעבויט געוואָרן אַ ספּעציעלע זייטיקע ליניע, וואָס האָט געפירט דורך דעם הויפּט־טויער כּון אָשוויענטשים גלייך צו די קרעמאַטאָריעס.

אויפן שטח פון בירקענאַו זענען געווען טעטיק 4 קרעמאַטאָריעס, וועלכע האָבן באַוויזן אין איין מעת־לעת צו פאַרגאַזן 40,000, און פאַרברענען אין די אויוונס 12,000 מענטשן. די איבעריקע קערפּער זענען פאַרברענט געוואָרן אין די נאָענטסטע וועלדלעך אויף שייטערהויפנס.

יעדע גאַז־קאַמער האָט פאַרסמט אין משך פון 20 מינוט 2,000 מענטשן. כדי אָפּצונאַרן די אַלע, וועלכע מען האָט געברענגט כלומרשט „אויף אַרבעט", אַז זיי געפינען זיך אין אַ באָד נאָך אַ לאַנגער רייזע — האָט מען זיי די ערשטע צייט געגעבן זייף און האַנטוכער.

די פאַרגאַזטע קערפּער זענען איבערגעפירט געוואָרן אין 3 קרעמאַטאָריעס צום פאַרברענען דורך די „זאָנדער קאָמאַנדע", וועלכע איז באַשטאַנען פון יונגע און שטאַרקע יידישע אַרעסטאַנטן.

פון צייט צו צייט האָבן די דייטשן דערמאָרדעט גאַנצע זאָנדער־קאָמאַנדעס, כדי די וועלט זאָל נישט געוואָר ווערן וועגן די אַלע רציחות.

צו דער דאָזיקער געפערלעכער איינהייט האָט געהערט מיין שכן פון סעראַצק משה מאַרגוליס, וועלכער האָט זיך באַטייליקט און געפאַלן בעתן אויפשטאַנד פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ ביים סוף פון יאר 1944.

טאָגטעגלעך קומען לאַנגע טראַנספּאָרטן מיט יידן פון לאַגערן, תפיסות און געטאָס.

אין איין טאָג זענען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן מיט יידן פון בעלגיע און פראַנקרייך. אַלע זענען געווען שיין אָנגעטאָן, מיט אַ סך וואַליזעס און מיט קליינע קינדער אויף די הענט.

די יידן זענען געווען רויק און איבערצייגט אַז מען האָט זיי געברענגט אויף אַ ציישווייליקער אַרבעט.

זייער ערשטע דערשיטערונג איז געווען ווען די דייטשן האָבן צעשיידט די משפחות. קינדער, פרויען און עלטערע זענען אָנגעלאָדן געוואָרן אויף אויטאָס, און אַלע מענער זענען געגאַנגען צופוס. דאָס אַליין האָט נאָך נישט אויפגעמאַכט זייערע אויגן, און זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי דערוואַרט.

ווען זיי זענען אַדורכגעגאַנגען נישט ווייט פון אונדז, האָבן מיר נישט איינמאָל געשריגן צו זיי אויף פאַרשידענע שפּראַכן: „יידן, איר גייט צום טויט ווי שעפסן. שטעלט אַ ווידערשטאַנד, רייסט, שלאָגט אייך ס'איז שוין אַלץ איינס, ווייל אין אַ פאָר שעה וועט איר שוין נישט לעבן".

זיי האָבן נישט געגלייבט און זענען אומגעקומען.

איין טראַנספּאָרט האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. די יינגלעך פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ האָבן אונדז דערציילט מיט אַ באַזונדערן התלהבות דעם כּאַלגנדיקן פאַקט: אינעם נעכטיקן טראַנספּאָרט איז געווען אַן ענערגישע יידישע פרוי, וועלכע האָט קומענדיק אויף די סטאַציע, באַלד פאַרשטאַנען, אַז אַלע ווערן געפירט צום טויט. אויף אַ נישט דערוואַרטעטן אופן — ווען דער עס־עס־

מאַן האָט זיך אומגעקערט — האָט זי קונציק און פלינק אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער פון זיין טאַש, און אים אויפן אָרט דערשאָסן. דער עס־עס־מאַן איז געווען אַ באַרימטער באַנדיט און סאַדיסט. אַלס נקמה האָבן די דייטשן דערשאָסן אַלע אויפן אָרט. נאָך דעם פאַל האָבן די דייטשן פאַרשטאַרקט די וואַך איבער די צוקונפטיקע טראַנספאָרטן.

## די גרויסע אַלגעמיינע סעלעקציע פון ד"ר מענגעלע און זיינע באַנדיטן

הערבסט 1942. אונדזער לאַגער איז אָנגעפּאַקט מיט פרויען. פרישע טראַנס־פּאָרטן קומען יעדן טאָג. אויף יעדער פּריטשע שלאָפן 20 פרויען. דער טיפוס בושעוועט, און אַלע רעווירן זענען פול.

אין איין זונטיקדיקן טאָג האָט אונדזער לאַגער באַהערשט אַ באַזונדערער פּחד. מען האָט זיך דערוווּסט, אַז אין לאַגער געפינען זיך די גרעסטע רוצחים: דער לאַגער־קאָמענדאַנט קרעמער, אובערקע, מאַנדעל, דער עס־עס־מאַן מאל, ד"ר מענגעלע, רודאָלף העס און אַ שווערע און גרויסע וואַך אַרום און אַרום.

עס־עס־לייט און די אויפזעערינס מיט גרויסע ווילדע הינט שטייען ביי יעדן באַראַק.

„וואָס וועט זיין?" — פרעגט איינע די צווייטע. פּלוצלינג הערט מען פייפן צום אַפּעל. אַן אַפּעל אין אַ מיטן העלן טאָג, זאָגט אונדז שטענדיק אָן שלעכטע זאַכן.

אַ סך קראַנקע און שוואַכע פרויען באַהאַלטן זיך אין יעדן לאָך, אונטער די דעקן, אין די קלאָזעטן, אין קאַנאַלן, אָבער די הינט — מענטשן און חיות — געפינען אַלע. מען שלאָגט מערדערלעך, בלוט רינט, און די הינט רייסן די לעצטע ברודיקע שמאַטעס פון זייערע לייבער.

אויך די רעווירן זענען אויפגעפּאָדערט געוואָרן זיך שטעלן צום אַפּעל.

הונדערטער פרויען שטייען און וואַרטן. אויף וואָס — ווייסט קיינער נישט.

עס הערט זיך אַ רוצחישער געשריי: „אַכטונג!!!" — זיי גייען, עס גייען די רוצחים.

די באַנדיטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין צוויי שורות. אין די ערשטע שורה שטייען: דער קאָמענדאַנט קרעמער, העס, אובערקע, מאַנדעל, דעקסלער, טאובער, מאָל און נאָך און נאָך, אַלס לויט דער ראַנגע. ד"ר מענגעלע און זיינע געהילפן — אין דער צווייטער שורה.

און ווידער אַ מהומה, אַ שטופּעריי און געוואַלדן. וואָס קומט דאָ פּאַר? איצט וויסן מיר שוין אויף זיכער: באַלד וועט פּאַרקומען אַ גענעראַל־סעלעקציע. יעדע וועט דורכגיין צווישן די צוויי שורות און מען וועט „אונטערזוכן״.

אָנגעשטרענגטע שטייען אַלע אויפן אַפּעל.

דער מאַרש האָט זיך אָנגעהויבן. איינציקווייז מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום פּראָנט, גייט יעדע פּרוי אַדורך צווישן דעם שפּאַלער פון די סאַדיסטן. די מערדער קוקן זיך איין, און ד״ר מענגעלע ווייזט מיטן פינגער, רעכטס אָדער לינקס. רעכטס, הייסט, אַז דאָס מיידל גייט צום בלאָק נומ. 25 (טויט), לינקס — אונטער דעם פּאַרקאַן פון רעוויר (לעבן).

איך ווייס וואָס עס דערוואַרט אונדז. יעדע וויל זיין די לעצטע, און שטעלט זיך אין סוף פון דער ריי. אַלע האָבן מורא. איך האָב מורא פאַר דעם גיהנום. יעדע מאַכט גלייך אירע האָר, מיט שפּייעכץ פון מויל וואַשט מען די ליפּן, די אויגן און דאָס פּנים. איך האָב אַ קליין שפּיגעלע, גייט עס פון האַנט צו האַנט — יעדע איינע וויל זיך אָנקוקן...

און דער מאַרש ווערט פאַרגעזעצט.

איך זאָג מיין חברטע אירקע: „איצט מעגן מיר זיך שוין אויף אייביק געזעגענען. קוק זיך איין צו מיינע פיס, אויף איינעם אַ שוך, אויפן צווייטן — אַ שמאַטע״. אירקע ענטפערט נישט. איך רייב אָן מיין פּנים כדי בעסער אויסזען.

וועל איך דאָס מאָל אַדורכגיין? וועל איך דאָס מאָל מצליח זיין? אין אַזאַ קורצער צייט ראַנגל איך מיך מיטן טויט דריי מאָל.

צי וועל איך זיי איבערלעבן?

נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן — מיין ריי דערנענטערט זיך...

נאָך אַ ביסל שטיי איך פאַרן בית־דין: טויט אָדער לעבן.

מיין האַרץ קלאַפּט האַסטיק, מיינע פיס בייגן זיך פון שוואַכקייט. אָבער איך שטאַרק זיך, און אַן אינערלעכער באַפעל רופט: לעבן, דו מוזט לעבן״.

„לעבן, לעבן״ — זשומעט דער קול אין די אויערן, אַ לעצטן קוש אירקען. איך דערנענטער זיך, איך בין שוין צווישן די שורות פון די באַנדיטן. איך שמייכל מיט מוט. מיין פּנים גלאַנצט פון פּחד. לעבן אָדער טויט, לעבן אָדער טויט — איך הוידע זיך ווי אין אַ קאַרוסעלע.

...ד״ר מענגעלעס פינגער ווייזט מיר לינקס...

איך גיי — איך שוועב — אונטער דעם פּאַרקאַן פון רעוויר. מיינע חברטעס פאַלן אַרויף אויף מיר מיט הייסע קושן. זיי זענען פריילעך: „דו ביסט גע־ראַטעוועט!״.

איך שטיי ביים דראָטענעם צוים, קוק אין דער זייט פון אירקען, און טראַכט וועגן איר גורל.

און אָט, אויך אירקע איז אַדורך, זי דערנענטערט זיך צו מיר און פרעגט מיט באַוווּנדערונג: „איז דאָס ווידער אַ צופאַל?"

די מיידלעך, פאַרמשפּטע צום טויט דורך מענגעלע, באַמיִען זיך צו אַנטלויפן פונעם אַרומגעצוימטן שטח אין בלאָק נומ. 25. זיי קריכן אויף די מויערן, רופן, וויינען, בעטן הילף — אָבער קיינער קען גאָרנישט טאָן. די עס־עס־לייט שלאָגן מערדערלעך, און די הינט רייסן פון זיי די קליידער מיט שטיקער פלייש.

די באַרימטע אַלגעמיינע סעלעקציע — די דייטשן האָבן זי גערופן „די אַלגעמיינע רייניקונג" — האָט געדויערט עטלעכע שעה.

פון גרויסן פרויען־לאַגער אין בירקענאַו איז געבליבן נאָר אַ קליין הייפל פון יונגע מיידלעך, און צווישן זיי אויך איך.

געענדיקט די סעלעקציע — די עס־עס־מענער האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער.

אַ הייפל געראַטעוועטע מיידלעך שטייען און ציטערן, קיינער האָט נישט דעם מוט עפּעס צו זאָגן. איך לעב — צי איז מיין לעבן זיכער,

ביים טויער פון בלאָק 25 שטייט אַ לאַנגע ריי אויטאָס. דייטשע זעלנער עפענען דאָס שווערע אייזערנע טויער, און מיט כעס רייסן זיי זיך אַריין אינע־ווייניק. מיט קאָלבעס און נאַגאַנען טרייבן זיי די איבערגעשראָקענע פרויען. מען לאָדנט איין אויטאָ נאָכן צווייטן. פון דערווייטנס הערט מען נאָר שרייען: „נעמט פאַר אונדז נקמה, פאַר אונדזער טויט — אפשר וועט איר זיי איבערלעבן — נקמה!"

דער לעצטער אויטאָ איז פאַרשווּנדן מיט נאָך אַ בלעטל געשיכטע פון אָשוויענטשים.

די קרעמאַטאָריעס ברענען — פון די קוימענס גייען אַרויס פלאַמען פון געווענע מענטשלעכע לעבנס.

אַ גאַנצע נאַכט נאָך דער סעלעקציע זענען געשטאַנען אַ גרופּע מיידלעך — און איך צווישן זיי — איינע צוגעדריקט צו די צווייטע. צי האָב איך דעמאָלט געטראַכט?

יאָ, איך האָב זיך איינגעקוקט אין די אויגן פון די געפּייניקטע, פון די דערשלאָגענע, און אין דער מינוט פון מענטשלעכן אָפּגרונט, האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ פונק פון האָפענונג.

אין אָנבליק פון אונדזער גאַנצער צעפאַלנקייט, אין אָנבליק פון די קופּעס

טויטע קערפּערס — האָבן מיר געשוויורן, ווען מיר בלייבן לעבן, אַלץ צו דערציילן.

און אין דער נאַכט האָבן מיר געציטערט און געשריגן צו דער גאַנצער וועלט: ווו זענט איר?

און געציטערט האָבן מיר נאָך מער, ווען עס האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז היטלער האָט באַהערשט די גאַנצע וועלט, און איבעראַל זענען אויפגעבויט געוואָרן אָשוויענטשימס און בירקענאַוס.

מיר האָבן אָפּגעוואָרפן די מחשבה און צו זיך אַליין געשריגן:

ניין! ניין! דאָס איז נישט מעגלעך!

און אויב היטלער הערשט נישט איבער דער גאַנצער וועלט, טאָ פאַרוואָס זענט איר אַזוי שטיל?

ווי קענט איר שלאָפן רויק, עסן, זיך שפּילן מיט אייערע קינדער, אין דער צייט ווען דאָ איז אַ גיהנום?

און אפשר זענען איבערגעבליבן נאָר שלעכטע מענטשן?

## די אויסזידלונג פון אונדזער לאַגער

אין מיטן דער נאַכט פון 18טן יאַנואַר 1945 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אויסזידלען מיין לאַגער — דעם פּרויען־לאַגער אין בירקענאַו (אָשוויענטשים).

די ליכט זענען אויסגעלאָשן, אַ מהומה צווישן די אַרעסטאַנטינס. מען שושקעט זיך. איינע דערציילט דער צווייטער, אַז דער פראָנט האָט זיך צו אונדז דערנענטערט, און אַז אין די לעצטע מינוט וויל מען אונדז אומברענגען.

אין רוק־זאַק געפינט זיך אַ שטיקל ברויט מיט אַ קאָץ. פאַרזאָרגטע שטייען מיר און וואַרטן אויף די ווייטערע באַפעלן.

און וואָס וועט זיין ווייטער? וואָס וועט זיין מיט אונדז? ווו אַהין וועט מען אונדז אָוועקפירן?

די קראַנקע און שוואַכע זענען איבערגעבליבן אין זייער אָנטוישונג און ווייטאָק. זיי שטרעקן צו אונדז זייערע טרוקענע הענט און בעטן הילף און דערלייזונג. מיר האָבן זיי גאָרנישט געקענט העלפן — מיר מוזן גיין.

עס ציִען זיך לאַנגע רייען, מע ציילט אונדז, מע שלאָגט און מע קאָפּעט.

איך מיט מיינע חברטעס ווײַנען און יאָמערן. צום סוף ווישן מיר אָפּ די טרערן, איינע מוטיקט די צווייטע.

איך מאַרשיר, מיר מאַרשירן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, אין

**אַ קאַלטע נאַכט, און גייען דורך דעם פאַרשאָלטענעם טויער פון אָשוויענטשים.**

**מיר האָבן פאַרלאָזט אָשוויענטשים — איז דאָס מעגלעך?**

**עס שיינט דער מאָרגנשטערן. איך דריי אויס דעם קאָפּ און זע פון דערווייטנס די שטעכעדיקע דראָטן פון פאַרשאָלטענעם לאַגער...**

**איך דערווייטער זיך צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַסע, און דער גאַנצער אָפּגרונט פון די לעצטע יאָרן שטייט פאַר מיר לעבעדיק מיט אַלע איינצלהייטן.**

**מיר מאַרשירן צופוס, ווייט פון אָשוויענטשים.**

**וווּ אַהין?**

**איבערזעצט און באַאַרבעט פון פויליש**

**דורך חנוך ורדי**

**לאה קאַמלגאַרן־בלומבערג**
(קרית־אונו)

# מלחמה־איבערלעבונגען

אין מאַי 1939 בין איך מיט מײַן גאַנצער משפּחה, אַוועק קיין טשעכאָטשינעק אויף זומער־וווינונג. אין יענער געגנט האָט מײַן טאַטע געהאַט סעדער בײַם פּריץ טראָיאַנאָווסקי. אונדזער שותּף איז געווען יוסף סטערדינער (וווינט אין ישׂראל). ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה זענען מיר נאָך געווען אין אַלעקסאַנדער קויאַווסקי. נישט ווײַט פון דער באַן־ליניע, בערך 500 מעטער פון אונדזער הויז, איז געפאַלן די ערשטע באָמבע. דער באַן־פּאַרקער איז באַלד איבערגעריסן געוואָרן, און מיר זענען איזאָלירט געוואָרן פון אַלע אַנדערע טיילן פון פּוילן. נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָט מײַן טאַטע אונדז געזאָגט אַז ער וויל שטאַרבן נעבן זײַן טאַטן — און נישט דאָ. מ׳האָט באַשלאָסן צוריק גיין קיין סעראָצק. מ׳האָט אַרײַנגעפּאַקט אַלץ אויף צוויי ראָווערן און געגאַנגען מיט אונטערוועגן ביז בריסק־קויאַווסקי.

ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז דער פּריץ טראָיאַנאָווסקי, וואָס האָט דאָס אויבסט באַהאַלטן אין די קעלערס, האָט אונדז געזאָגט: „גייט נישט אַליין צום טויט, אויב גיין — טאָ גייט צו מזרח”. אין אַ דערפל פאַר בריסק־קויאַווסקי האָבן מיר גענעכטיקט.

צומאָרגנס זענען מיר ווײַטער געגאַנגען און פּלוצלינג זענען אונדז באַפאַלן דײַטשן אויף מאָטאָציקלען מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן. מײַן טאַטע האָט זיך דערשראָקן — דעם ראָווער אַוועקגעשליידערט און איז געפאַלן אין חלשות אויף דער ערד. אַ דײַטש האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך נישט שרעקן — נאָר גיין צוריק. מיר זענען טאַקע צוריקגעגאַנגען 60 קילאָמעטער, צו דעם פּריץ. ער האָט אונדז געגעבן צוויי צימערן און געברענגט צו עסן. מיר זענען דאָרט געבליבן 7 וואָכן. דערנאָך האָבן מיר געדינגען אַ וואָגן און אָנגעהויבן פאָרן קיין סעראָצק.

מיר זענען געפאָרן ביז קוטנאָ און דאָרט געוואַרט אַ וואָך צײַט אויף אַ צוג קיין וואַרשע, און דערנאָך אָנגעקומען קיין וואַרשע. אין וואַרשע האָבן מיר געדינגען אַ וואָגן און געפאָרן קיין סעראָצק. בײַ יעדער וואַך האָבן מיר געמוזט ווײַזן דעם דורכפאָר־שײַן און געוואָרן אונטערזוכט.

קיין סעראָצק זענען מיר אָנגעקומען אָנהייב נאָוועמבער 1939, פֿאַרטאָג, און אונדזער הויז איז געווען פֿאַרמאַכט. מיר האָבן געוווינט ביי הערשל באָרנשטיין (שוסטאָק) אויף קאָשטשושקאָ־גאַס 20, צוזאַמען מיט משה פּאַגעלמאַן. יוגנט איז אין שטאָט נישט געווען.

מיין ברודער נחמן איז אַנטלאָפן קיין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצקי און פון דאָרט האָבן מיר דערהאַלטן פון אים אַ בריוו, אַז דאָרטן איז ער געראַטעוועט געוואָרן דורך אַן אַלטע קריסטין, אין טאָג ווען ס׳איז פֿאָרגעקומען די גרויסע שחיטה. פון אָסטראָוו איז ער געגאַנגען צוריק קיין סעראָצק און אָנגעקומען ביז אויף די צווייטע זייט נאַרעוו. די דייטשן האָבן אים נישט אַריינגעלאָזט, אָבער נאָך דער בקשה פון מיין מוטער, וועלכע האָט צופעליק אָנגעטראָפן אויף אַן אַלטן וואַכ־מייסטער, האָט מען אים אַריינגעלאָזט צוריק. מיינע עלטערן און פֿאַמיליע האָבן בשום אופן נישט געוואָלט אַוועק פון סעראָצק. מיין מוטער האָט אונדז, קינדער, געמוסרט און געפֿאָדערט, מיר זאָלן וואָס שנעלער פֿאַרלאָזן דאָס דייטשע גיהנום.

בסך הכל זענען מיר געבליבן 2־3 וואָכן אין סעראָצק. אַ וויעלישאָוווער חבר שמעיהו זיידמאַן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בלאָנדער אַריער און זיך באַוויגן פריי צווישן אַלע גרענעצן, האָט אונדז פֿאַרזיכערט, איבער צו פירן אויף דער רוסישער זייט.

סוף נאָוועמבער 1939 — זענען מיר: איך, מיין ברודער נחמן און דער בלאָנדער אַוועק מיט אַ וואָגן קיין זעגזשע, און צומאָרגנס מיט די באַן ביז פֿאָניאַטאָוו (פּאַר וואַרשע). פון פֿאָניאַטאָוו זענען מיר געגאַנגען דורך פעלדער ביז דער ווילנער סטאַציע אין פּראַגע. דער קליינער ברודער בעניעק איז געבליבן מיט די עלטערן אין סעראָצק.

קיין מאַלקין זענען מיר אָנגעקומען פֿאַרנאַכט. טויזנטער מענטשן זענען דאָרט געווען, און ס׳האָבן זיך געהערט געוואַלדן און שיסערייען. פון מאַלקין בין איך אַליין געגאַנגען לויט די אָנווייזונגען פון מיין איבערפֿירער, מיט דער באַן־ליניע אַ האַלבן קילאָמעטער, נאָכהער פֿאַרקירעוועט אויף לינקס, ווו אַ שפּיץ פון אַ קלויסטער האָט אָנגעצייכנט דעם וועג צו דער רוסישער זאָנע.

עטלעכע מאָל האָבן מיך דייטשן פֿאַרהאַלטן און מיין בלוט איז אין מיר פֿאַרגליווערט געוואָרן.

כ׳האָב געשפּאַנט מיט אימפּעט פֿאָרווערטס און אָנגעקומען שפּעט אין דער נאַכט קיין זאַרעמבי קאָשטשעלנע אויפן רוסישן געביט. אַלע צוגן זענען געווען איבער געפּילט און ס׳האָט געדויערט דריי טעג ביז איך בין אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

אין ביאַליסטאָק האָב איך זיך ווידער געטראָפן מיט מײַן ברודער נחמן, וועלכער האָט זיך אויפן וועג פאַרלוירן. כ׳האָב אים איצט קוים דערקענט. אַנקומענדיק קיין מאַלקין האָבן אים די דײַטשן געכאַפּט און שטאַרק צעשלאָגן. נאָכדעם האָט ער זיך אַרײַנגעגראָבן צווישן די מאַסע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף און אַרום דער סטאַציע. אין ביאַליסטאָק איז אומעטום געווען פאַר־פולט. דאָרט האָב איך זיך אויך געטראָפן מיט חיים אליעזר גזשעביעניאַזש און פון אים זיך דערוווּסט וועגן דעם גרוש אין נאָשעלסק און ביאַלאַ־פּאָדליאַסק.

אין ביאַליסטאָק האָב איך געוווינט בײַ מײַנעם אַ פעטער. דערנאָך בין איך אַוועק מיט מײַן מאַן קיין בריסק. נאָך צוויי חדשים זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק. בײַנאַכט איז געווען אַן אַבלאַווע און מ׳האָט אַלע וועלכע האָבן נישט אָנגענומען די רוסישע בירגערשאַפט, אַרײַנגעזעצט אין פראַכט־וואַגאָנען, און געפירט אפשר אַכט טעג אין זייער שלעכטע באַדינגונגען.

אין יולי 1940 זענען מיר אָנגעקומען קיין אַרכאַנגעלסק. אין מיטן פון אַ גרויסן וואַלד איז געווען אַ פרייער פלאַץ מיט דריי באַראַקן. דערנאָך זענען מיר מיט דער באַן געפאָרן 100 קילאָמעטער צום „פּאָשאָלעק״ (לאַגער). די פרויען זענען געפאָרן מיט אויטאָס, די מענער האָבן געדאַרפט גיין די 100 קילאָמעטער דורכן וואַלד, ווו ס׳זענען געווען ווייסע בערן. דאָס איז געווען אין דער צײַט פון די ווייסע נעכט.

אין דעם לאַגער זענען מיר געווען 14 חדשים, ביז סעפטעמבער 1941. דער קלימאַט — קאַלט ביז 60 גראַד, די מענער האָבן געאַרבעט אין וואַלד בײַם האַקן האָלץ, די פרויען — בײַם פירן דאָס האָלץ צום וואַסער, ס׳איז געווען אַ נאָרמע פון אַרבעט. אין קיך האָבן מיר באַקומען אַ ביסל זופּ, אַ גאַנצן טאָג האָט מען געלעבט פון ברויט, 400 גראַם אַ טאָג, אַ פרוי וועלכע האָט געהאַט אַ קינד האָט אויך באַקומען צוקער. מענטשן האָבן פּשוט געהונגערט, געליטן פון קאָפּ־שווינדל און צינגא (אַרויספאַלן די ציין).

דעמאָלט האָב איך אין אַ שפּיטאָל געבוירן אַ קינד, אַ מיידעלע. נאָך 14 חדשים האָט מען באַפרײַט אַלע פּוילישע בירגער און געהייסן פאָרן קיין טשקלאָוו (אוראַל).

איך בין געפאָרן באַזונדער מיטן קינד, אָבער ס׳איז קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען. אין אוליאַנאָווסק האָט מען מיר דאָס קינד צוגענומען מיט כוח אין שפּיטאָל. איך האָב געפירט דאָס קינד דורך ווינטן און קומענדיק אין שפּיטאָל, איז דאָס טײַערע מיידעלע געשטאָרבן אויף מײַנע הענט, דער צער מײַנער איז

געווען זייער גרויס. מיין מאַן איז מיט גרויס מי צו מיר געקומען. כ׳בין געווען שטאַרק פאַרצווייפלט.

אין נאָוועמבער 1941 האָבן מיר באַשלאָסן צו פאָרן קיין טאַשקענט אין די וואַרעמע געגנטן.

פון אוליאַנאָווסק זענען מיר געפאָרן מיט דער באַן, ביינאַכט זענען פאַרגע־קומען אָנפאַלן פון באַנדיטן און גנבים. אויף דעם צוג בין איך קראַנק געוואָרן.ביים איבערזעצן זיך אויפן וועג, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קאָלכאָז אין בוכאַרע, ווו ס׳האָבן אויך געוווינט אונדזערע באַקאַנטע פון פּראָגע. נאָך שווע־ריקייטן בין איך אַריין אין אַ שפּיטאָל און דאָרט געלעגן צוויי וואָכן. ווען כ׳בין געזונט געוואָרן, בין איך אַוועק אין קאָלכאָז. דאָרטן זענען געווען צוויי גרופּעס פּוילישע יידן, מיר האָבן שווער געאַרבעט און באַקומען 1/2 ק״ג געטרוקנטע פלוימען און מעל; שוואַכע פּרויען, און אַזעלכע מיט אַ באַשטעטיקונג פון אַ דאָק־טאָר, האָבן באַקומען נאָך אַ 1/2 ק״ג ברויט. מיין מאַן איז אויך געווען זייער קראַנק און דערנאָך אַוועק אַרבעטן אין אַ קאָלכאָז.

כ׳האָב זיך אויסגעלערנט רעדן אוזבעקיש און געאַרבעט אין אַ קינדער־אַנשטאַלט, כ׳האָב געפלעגט די קינדער און זיי געטראָגן צו די מוטערס אין פעלד. אין קאָלכאָז זענען מיר געווען אַ גאַנץ יאָר.

שפּעטער האָט מען אונדז איבערגעשיקט אין אַ קאַלך־פאַבריק אין קאַגאַן, געוווינט האָט מען לעבן אַן אוזבעקישן בית־עלמין. סוף יאָר 1942 איז געווען די שווערסטע צייט, אַ הונגער ממש. אַזוי ווי איך האָב נישט געאַרבעט, האָב איך גאָרנישט געקריגן קיין עסן. ביי דער קאַטאָרגע־אַרבעט האָט מען באַקומען 600 גראַם ברויט אַ טאָג.

אין קאַגאַן זענען מיר פאַרבליבן ביז סוף פון דער וועלט־מלחמה. אין אַפּריל 1945 האָב איך אין שפּיטאָל געבוירן אַ זון..

מיין שכן חיים גודעס איז געווען אויפן ברית.

זייענדיק אין אַרכאַנגעלסק האָב איך געשריבן אַ בריוו קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ צום רב ער זאָל אויסזוכן מיינע עלטערן — כ׳האָב דערהאַלטן אַ טרויעריקן ענטפער.

ביז דעם סוף פון דער מלחמה האָב איך נישט געוווסט וועגן דער גרויס פון חורבן פון די פּוילישע יידן.

פון חיים גודעס בין איך אין אַפּריל 1945, געוווּיר געוואָרן וועגן דעם, אַז אַלע אונדזערע נאָענטסטע זענען נישטאָ.

סוף אַפּריל 1946 זענען מיר אַרויסגעפאָרן קיין פּוילן — מיר זענען געפאָרן

אַ פּאָר וואָכן — און אָנגעקומען קיין שטשעטשין, דאָרט בין איך געווען דריי וואָכן און געקריגן אַ שיינע וווינונג. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט פּסח פיעניק, און שלמה פּאַסקאָוויטש. מיין מאַן איז געפאָרן קיין פּראַגע און דאָרט געוווינט ביי אַ קוזין. אין פוילן זענען מיר געווען עטלעכע חדשים, און שפּעטער געפאָרן קיין עסטרייך און דאָרט געפונען מיין ברודער נחמן. מיר זענען דאָרט — אין עבענזעע — געווען 14 חדשים. מיט אונדז זענען געווען יהודה מענדזעלעווסקי, יעקב מענדזעלעווסקי מיט זייערע משפחות און די טאָכטער פון יעקב שטעלאַנג (איצט אין אַמעריקע). פון עסטרייך בין איך אַוועק קיין דייטשלאַנד. דאָרט האָב איך געפינען מיין משפחה און די ברידער פּאָגעלמאַן, אין אַשוועגע ביי קאַסעל האָב איך (1948) געבוירן מיין צווייטן זון.

אין יאַנואַר 1949 זענען מיר אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל.

# יחיאל ראָזענבערג הי״ד

יחיאל ראָזענבערג, אַ ייד אַ סוחר, האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן מאַגאַזין פון האָלץ און געווען אָנגעזעען אין אַלע יידישע אינסטיטוציעס. ער איז אויך געווען פּרעזעס פון די יידישע קהילות נאָווידוואָר און לעגיאָנאָווע. ווען די דייטשן זענען אַריין קיין לעגיאָנאָווע, האָבן זיי יחיאל ראָזענבערגן געצוווּנגען צו זיין דער פֿאָרשטייער פון די יידן אין לעגיאָנאָווע און דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן זיין טראַגישער גורל.

יעדן טאָג האָט ער געמוזט זאָרגן צוצושטעלן עטלעכע הונדערט אַרבעטער צו פֿאַרשידענע אַרבעטן אין די קאָשאַרן, ווו דאָס דייטשע מיליטער און באַן־אַרבעטער האָבן סטאַציאָנירט. אָבער דאָך האָט ער פיל געטאָן צו העלפן די יידישע צוואַנגס־אַרבעטער; זיך איינגעשטעלט און איבערגעקויפט דעם דייטשן אָפיציר און דערמיט אַ ביסל פאַרלייכטערט זייער לאַגע. יעדן טאָג האָבן געמוזט גיין ביז 250 יידן צו דער אַרבעט. ווען דער אָפיציר האָט צוריק געברענגט די יידן, איז יחיאל ראָזנבערג געשטאַנען און אָפּגעוואַרט די אַרבעטער און אויס־געפרעגט, ווי אַזוי איז דער טאָג אַדורך — ווען ער האָט געהערט אַז זייער שווער, האָט ער שוין געקלערט וועגן אָננעמען מיטלען, כדי די אַרבעט צו פאַרלייכטערן.

אַזוי האָט זיך פאַרצויגן דאָס געטאָ־לעבן — יעדן טאָג פרישע נייעס. איינמאָל איז געקומען אַ באַפעל, אַז מען דאַרף צושטעלן אַ געוויסע צאָל געזונטע יידן אַרויסצושיקן אין לאַגער. אַנדערע שטעט האָבן צוגעשטעלט, אָבער יחיאל האָט אַלץ געטאָן און נישט געגעבן קיין איין ייד אַרויס פון געטאָ.

אין געטאָ האָט מען געשמועסט, אַז מען האָט יידן פון געוויסע שטעט אַריינ־געזעצט אויף אַ הונגער־טויט אין די פאַניכאַווער פאָרטן, ווו ס׳איז אויסגעבראָכן די כאָלערע. די דייטשן, מורא האָבנדיק פאַר זיך, האָבן די געשוואָלענע און צעבראָכענע יידן אָנגעהויבן טרייבן איבער דער גרענעץ פון דייטשן רייך אין גוווערנאַמענט אַריין (דאָס איז געווען 3 קילאָמעטער פון אונדזער געטאָ). אויפן וועג און ביי דער גרענעץ זענען געפאַלן אַ סך יידן. דאַן איז געקומען אַ באַפעל די געפאַלענע צו פאַרברענען. די רעשט יידן זענען האַלב טויט געקומען צו אונדז אין געטאָ אַריין, פון וועלכע אַ העלפט איז אין משך פון טאָג אויסגעע־שטאָרבן. יחיאל ראָזענבערג איז אַוועק צום בירגערמייסטער און אויסגעפּועלט

אַ ביסל שפּייז און פאַראָרדנט צו קאָכן פאַר די מענטשן. אַזוי ווי ביי אונדז איז קיין פלאַץ נישט געווען, האָט ער געפּועלט ביי דעם בירגערמייסטער איבערצו־שיקן די יידן אין וואַרשעווער געטאָ. ער האָט זיך פאַרבינדן מיט דער יידישער קהילה פון וואַרשע, וועלכע האָט געשיקט פאָרשטייער העלפן ברענגען די יידן.

ווענלדיק העלפן האָט יחיאל ראָזענבערג אין צווישנצייט אָנגעשריבן אַ ביטע צום גובערנאַטאָר קיין קראָקע. ער איז דערפאַר גערופן געוואָרן צום פּוילישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט. דאָרט האָבן שוין געוואַרט די ס. ס.־לייט, אים פאַרשפּאַרט אין אַ קעלער און געשלאָגן ביז ער איז געבליבן אָן באַוווּסטזיין. ווען דער פּוילישער קאָמענדאַנט איז אַראָפּ אין דעם קעלער און אים אַ ביסל אָפּגע־ראַטעוועט, האָט אים אַ באַקאַנטער קריסט געברענגט צוריק אין געטאָ. איך אַליין בין געווען יחיאלס אַ שכן. באַלד איז געקומען דער ד״ר פינקעלשטיין, אונדזער געטאָ־דאָקטאָר, און עטלעכע טעג ביי אים געזעסן.

יעדן טאָג זענען אָנגעקומען נייע גזירות, און יחיאל האָט ווידער אָנגעהויבן זיין טעטיקייט און מיט נאָך אַ גרעסערן פּחד געמוזט אויספירן יעדן באַפעל פון די דייטשן. שפּעטער איז אַ ייד, צוליב אַ מסירה, פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, און יחיאל האָט מיט פאַרשידענע חפצים פון זיין הויז אים געראַטעוועט פון די רוצחישע הענט. יחיאל האָט אָפּט איינגעשטעלט זיין לעבן צו ראַטעווען יעדן ייד פון געטאָ.

ביים ליקווידירן דאָס געטאָ האָט מען געפירט די מענטשן אויף פערד און וואָגן קיין ראַדזימין. ביי דער אַקציע האָט מען אויסגעקליבן 13 מאַן צום קובר זיין די געשאָסענע. צווישן די 13 מאַן איז אויך געווען יחיאל ראָזענבערג. אַנדערע יידן זענען געבליבן צו רייניקן דאָס געטאָ פון די קרבנות. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט 2 טעג אין געטאָ לעגיאָנאָווע; אויפן דריטן טאָג האָט מען אונדז אָפּגעפירט קיין וואַרשע אויף דער זשעלאַזנע גאַס, וואָס יידן האָבן גערופן „דאָס שעכט־הויז״. פון דאָרט האָט מען אונדז אין דער באַגלייטונג פון ס. ס.־מענער איבערגעפירט ין דער געטאָ־תפיסה, וווּ עס האָט אונדז איבערגענומען די יידישע פּאָליציי. מיר האָבן אַלע 13 באַקומען איין צימער. דער יידישער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי האָט באַזוכט דאָס תפיסה־צימער און דאַביי צוגעזאָגט אונדז צו העלפן אַרויסצונעמען אויף אַרבעט אין וואַרשעווער געטאָ.

אויף צו מאָרגנס אין דער פרי איז געקומען אַ געוויסער ייד (פויגל) מיט אַן ס. ס.־אָפיציר און אַלעמען ווידער געפירט אויף ניזקאַ גאַס 16. צומאָרגנס

אין דער פרי האָט אונדז אַן ס. ס.־מאַן צוגעפירט צו אַ גרויסער גרופּע, און מיר אַלע צוזאַמען זענען אַרויס צו דער אַרבעט. מען האָט אונדז געפירט אויף פראַנציסקאַנער גאַס, ווו עס זענען געשטאַנען גרויסע פּלאַטפאָרמעס. מיר האָבן באַקומען דעם באַפעל צו רייניקן דירות און געשעפטן פון יידיש האָב־און־גוטס, אַלץ האָט מען געפירט אין פאַרשידענע שפייכלער: מעבל באַזונדער, וועש באַזונדער, מאַשינען באַזונדער א. אַ. וו.



ווידער איז יחיאל ראָזענבערג געווען אונדזער אויסדערוויילטער, און אַרום אונדז האָבן זיך גרופּירט יידן פון לעגיאָנאָווע (פון געטאָ און סתם אַנטלאָפענע), ס׳האָט זיך געשאַפן אַ גרעסערע משפחה.

עס איז געקומען דער לעצטער טאָג ווען עס האָט אָנגעהויבן צו פלאַקערן דאָס רעכטע פייער. די לעצטע אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן. מען האָט געשאָסן אויף אַלע זייטן. אַ טייל יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. אויף דעם אומשלאַגס־פּלאַץ האָט מען ווידער געמאַכט סעלעקציעס — לינקס, רעכטס... דאַן האָט מען אונדז צעשיידט. אַ טייל פון אונדזערע גרופּע זענען געקומען קיין טרעבלינקע, און אַ טייל זענען געוואָרן אַרבעטער ביי דער באַן.

אין עטלעכע חדשים אַרום האָט מען דעם גאַנצן טראַנספּאָרט פון די באַן־אַרבעטער געבראַכט קיין טרעבלינקע. אין דעם טראַנספּאָרט זענען געווען אַ סך פון אונדזער שטאָט. דאַן איז מיר ווידער געלונגען אַרויסצונעמען עטלעכע יידן צו דער אַרבעט: יחיאל ראָזענבערג מיט זיין זון משה, יוסף פישמאַן מיט

אחרי הבקור בסרוצק בקרתי פעם נוספת בכל נקודות המפגש של הסרוצקאים, כגון: וורשה, לודז׳, סוסנוביצה, קרקוב, קטוביצה, שטטין וורוצלב.

עדכנתי את רשימת הניצולים בפולין ובמחנות בגרמניה ובאוסטריה. כמו־כן קבעתי את הקשרים העתידים עמי באירופה ובארץ.

* * *

הרגשתי חובה קדושה, לפני עזבי את פולין, לבקר במחנות ההשמדה אושוויץ ובירקנאו.

מקטוביצה יצאתי, בלווית ידידי גז׳גורז׳ איבשיץ, ברכב שכור מיוחד לאושוויץ. באתי אל השער המפורסם אשר מעליו כתובת־השקר: „העבודה משחררת״.

הנני בתוך הגיהנום. אני מטייל בין הצריפים הריקים והשוממים, בין עשרות גדרות של חוטי תיל...

פה נכחדו מדעת ובמחשבה קרה ומדוייקת מיליונים של חיי אדם ורובם בני עמי.
ראיתי ערמות של נעלים, כפות ומזלגות. עמדתי מול הקרמטוריומים ההרוסים בבירקנאו והתמזגתי עם הנשרפים, הנסקלים והנתלים.
דומם עזבתי את התופת.

* * *

האדמה בוערת מתחת לרגלי: שלטונות הבטחון הפולניים התחילו להצר צעדי ולבלוש אחרי.

„יציאת פולין״ בעיצומה, ומרכז הכובד עובר אל המחנות בגרמניה, אוסטריה ואיטליה. נפרדתי בחפזון מכל החברים ועזבתי את פולין לצ׳כוסלובקיה דרך זבז׳דוביצה.

בתחנת הרכבת במורבסקה־אוסטרבה נאסרתי ע״י הז׳נדרמריה הצבאית הצ׳כית והוכנסתי לחדר מעצר מסודר ונקי בו ישבתי, מבלי לדעת פשר הדבר, שבעה ימים. למחאותי המרובות בע״פ ובכתב — איש לא שם לב. עלי לציין שהיחס אלי היה הוגן: קבלתי אוכל משובח, עתונים וגם סיגריות חינם אין כסף.

ביום השמיני הופיע קצין גבוה, איש מאוד סימפטי שהתיחסתי אליו באמון ואחרי דברי נמוסין מקובלים שאלני באיזו שפה אני רוצה לדבר עמו: פולנית או אנגלית. הקצין הודיעני שסיבת מעצרי היא בקשת השלטונות הפולניים להחזירני לפולין באשמת העלמת ילדים שהתחנכו במוסדות ואצל משפחות פרטיות. הוא הודיעני שהבקשה הועברה על ידיו להכרעה לשלטונות המרכזיים בפראג, ומצדו — המליץ לשחררני.

תארתי בפניו את חורבן יהודי פולין ובעית ילדיהם הנמצאים במנזרים הקתוליים ואצל משפחות פרטיות. הקצין הזה התיפח כתינוק, נשקני ועזב את החדר. מתוח ועייף נתפרקדתי על המטה הנוחה ומיד נרדמתי.

בקומי משנתי למחרת בבוקר, ראיתי על השולחן זר פרחים יפים וחיים, ועל יד הדלת מונח כל מטעני שנלקח ממני בעת שנעצרתי.

בצהרים הופיע הקצין, הודיעני שהנני משוחרר, מסר לידי כרטיס נסיעה חינם עד פראג, ליוני עד הרכבת ושם נפרדנו בלבביות.



מפראג טסתי להנובר (גרמניה) ושם נפגשתי עם בת עירנו שרה בת ר' בריש סוליארז'. שמחתה היתה רבה. עזבתיה לפני 12 שנים ילדה קטנה וכעת יושבת בפני אשה עמוסת סבל, בעלת נסיונות מרים ומלאת חכמת חיים. החלפנו אינפורמציה, עודדתיה ויעצתי לה בדרכי חייה להבא.

מהנובר באתי למספר ימים לפאריז (צרפת). שם נפגשתי עם הסרוצקאים: דודי יחיאל קריסטל (עלה ארצה ונפטר לפני שנתיים), משה יוסל קרביצקי (בן ר' שמחה הסבל), שמחה אסתרוביץ, משה לוינר ויהודה בירנבוים. זה האחרון ספר לי כי היה באושוויץ וניצל בנס, ושבן עירנו משה מרגוליס מת שם מות-גבורים בהשתתפו במרד אנשי הזונדר־קומנדו נגד מעניהם.



מפאריז יצאתי לבקור מיוחד במחנות העקורים בגרמניה ובאוסטריה, ובכל מקום חפשתי את העקבות של שרידי קהילתי.



מהארץ מגיעות ידיעות על המאבק המר עם ממשלת המנדט, על ימי עוצר וחיפושי נשק בישובים היהודיים, על כליאת מעפילים במחנות באי קפריסין ועוד ועוד...



חזרתי ארצה.

אצל אחי מצאתי שלל של מכתבים למעני מאת ניצולים שנמצאו אז במחנות בגרמניה, אוסטריה וקפריסין ושעד כה לא ידעתי על קיומם.

העדה גדלה.

בינואר 1947 פרסמתי בעתון „לקרוב ולרחוק "מס' ס"ג (י"ז בטבת תש"ז — 1947), שיצא לאור ע"י המדור לחיפוש קרובים שע"י הסוכנות היהודית בארץ ישראל, רשימת „שרידי קהילת סרוצק", שכללה אז רק 160 שמות, וגם סקירה קצרה על חורבן הקהילה.



הרוב המכריע של הניצולים העפילו ארצה והשתלבו בחייה. עשרות מהם הגרו לארצות אמריקה הצפונית והדרומית ולצרפת.

קמה מדינת ישראל המקבצת פזוריה.

ולמרות החורבן — נמשכים החיים לקראת עתיד טוב וצודק יותר.

## איך זוך מיינע ברידער און שוועסטער

אין די זומער־חדשים פון יאָר 1945, נאָך דער מפּלה פון היטלעריסטישן דייטשלאַנד, האָב איך סטאַציאָנירט אינאיינעם מיט דער יידישער בריגאַדע אין צפון־איטאַליע, אין שטעטל טאַרוויזיאָ, אויף דער איטאַליעניש־עסטרייכיש־יוגאָסלאַווישער גרענעץ.

יעדע מעגלעכקייט און יעדער מאָמענט זענען אויסגענוצט געוואָרן אויף זוכענישן נאָך איבערגעבליבענע יידן, אין אַלע טיילן פון אייראָפּע, וועלכע זענען געווען אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

די בריגאַדע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צויבער־וואָרט און אין אַ האָפענונג פאַר דער שארית הפליטה — און מאַסן געראַטעוועטע האָבן אָנגעהויבן שטראָמען צו איר פון אַלע זייטן.

די בריגאַדע האָט אויפגעשטעלט אין טאַרוויזיאָ אַ גרויסן און גוט איינגעאָרדנטן „בית־עולים”, וועלכער האָט געדינט אַלס ערשטער אָפּרו־פּלאַץ פאַר אַלע אָנגעקומענע און אַלס בריק פאַר די געראַטעוועטע פון אייראָפּעיִשן טויטן־טאָל קיין ארץ־ישראל.

אין דעם „בית־עולים” האָבן פּאַסירט רירנדע פאַלן: מענער האָבן געפונען זייערע פרויען, עלטערן — זייערע קינדער. די בריגאַדע־סאָלדאַטן, באַשעפטיקנדיק זיך מיט די אָנגעקומענע, האָבן דערקענט זייערע חברים פון דער היים און פון די שול־בענק — האַרציקע אומאַרמונגען און הייסע טרערן זענען פון זיך אַליין געפלאָסן...

נאָך אַ פּאָר־טאָגיקן אָפּרו, זענען די „אָפּגערוטע” איבערגעפירט געוואָרן אין פאַרשידענע פּונקטן אין צפון, צענטער און דרום־איטאַליע, וווּ זיי זענען צוגעגרייט געוואָרן צו דער עליה קיין א״י.

אין אַ געוויסן טאָג, עטלעכע שעה פאַרן אָפּפאָר פון אַ טראַנספּאָרט „אָפּגערוטע” קיין דרום־איטאַליע, האָב איך אויסגערופן עטלעכע מאָל דורכן הילכער: „אַלע סעראַצקער און פון דער סביבה ווערן געבעטן מיט מיר זיך גלייך צו פאַרשטענדיקן”.

אין מיין ריכטונג שפּרייזט מיט זיכערע טריט אַ יונג מיידל — און איך האָב זי גלייך דערקענט: גאָלדע בעלינסאָן.

די פרייד און איבעראַשונג איז גרויס. איך שמועס איצט מיט די ערשטע אָפּגעראַטעוועטע פון מיין שטעטל! גאָלדע דערציילט מיר אין קורצן וועגן דעם חורבן פון אונדזער קהילה, וועגן קרובֿים, חברים און סתּם פריינט און וועגן איר לעבן עטלעכע יאָרן אַלס קריסטין אין אַ דאָרף ביי אַן איידעלער פּוילישער משפּחה. מיר האָבן אויסגעטוישט אינפאָרמאַציעס און אַדרעסן.

גאָלדע איז גלייך אַוועק קיין דרום־איטאַליע אין איר וועג קיין א״י, און איך האָב פאַרגעזעצט מײַנע וואַנדערונגען אין די שליאַכן פון דער שארית־הפליטה. כ׳האָב באַשלאָסן צונויפזאַמלען די איבערגעבליבענע פון מיין שטעטעלע — און אַרויסגעפאָרן קיין פּוילן.



**ווינטער 1946.** קיין פּוילן בין איך געפאָרן דורך בעלגיע, דײַטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיי. מיין ערשטע סטאַציע אין פּוילן איז געווען די קרייז־שטאָט קאַטאָוויץ, ווו איך בין אין אַ פינצטערער און פראַסטיקער נאַכט אָנגעקומען מיטן שנעל־צוג פון פּראַג.

כ׳האָב זיך גלייך איינקוואַרטירט אין דעם גרויסן האָטעל „מאָנאָפּאָל״, נאָענט ביי דער באַן־סטאַציע, וואָס איז געווען רעזערווירט נאָר פאַר אָפיצירן.

מיין דערשיינען אין האָטעל אין אַזאַ שפּעטער שעה האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג ביי די פּוילישע און רוסישע אָפיצירן, וועלכע האָבן פאַרבראַכט ביים באַר.

דער האָטעל־דירעקטאָר האָט מיט מיר גערעדט ענגליש, און ווען ער האָט מיך געפירט ווייזן מיין צימער, האָב איך געפילט ווי נאָך איינער באַגלייט מיך מיט אַ ספּעציעלן בליק...

צומאָרגנס באַלד אין דער פרי איז דער האָטעל־דירעקטאָר דערשינען אין מיין צימער און האָט מיך געבעטן, מיט אַן איידעלער און ווייכער שפּראַך, נישט צו פאַרלאָזן דעם האָטעל, ווייל איך בין איינגעלאַדנט געוואָרן צו דעם קאַטאָוויצער קרייז־פּאָליציי־אינספּעקטאָר און אין אַ האַלבער שעה אַרום וועט מיך באַגלייטן אַ ספּעציעלער שליח־פּאָליציסט צו זיין הויפּט־קוואַרטיר.

די איינלאַדונג האָט מיר שטאַרק נישט געשמעקט און כ׳האָב זיך פאַרטראַכט וועגן מיין ווייטערער האַלטונג.

מיין באַגלייטער איז פּינקטלעך דערשינען, מיט אַ שיינעם פּריוואַט־אויטאָ, און איך בין זייער איידל און העפלעך געבעטן געוואָרן מיטפאָרן מיט אים.

דער קרייז־פּאָליציי־אינספּעקטאָר האָט מיך זייער שיין אויפגענומען — גע־רעדט האָט ער צו מיר ענגליש — און מיך מכבד געווען מיט אַ גוטן שנאַפּס. נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך דערוואַרעמט, האָט ער מיך געבעטן אים זאָגן וואָסערע אויפגאַבן איך האָב אויסצופילן אין פּוילן.

און דאָ האָט מיין ענטפער אים גורם געווען אַן אומדערוואַרטע איבערראַשונג: כ'האָב געענטפערט שטיל און רויק אין פּויליש, אַז איך בין אַ ייד, געבוירן אין פּוילן, וועלכער האָט געשוואוירן, נאָך דעם גרויסן חורבן, צו געפינען זיינע עלטערן, קרובים און פריינט. צום סוף האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר דערטיילן זיין מאַקסימאַלסטע הילף.

דער אינספּעקטאָר איז איבערראַשט געוואָרן, און ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן פּויליש, האָב איך לויט דער אויסשפּראַך דערקענט, אַז ער איז אַ רוס אין אַ פּוילישן מונדיר.

אונדזער געשפּרעך, אין וועלכן איך בין געפרעגט געוואָרן הונדערטער פראַגן פון אַ וועלט־פאַרנעם, האָט געדויערט אַ פּאָר שעה און האָט זיך פאַרענדיקט נאָכדעם ווי איך האָב אָנגערופן עטלעכע נעמען פון באַקאַנטע מענטשן, מיטגלידער אין דעם צענטראַלן קאָמיטעט פון די פּוילישע יידן, וועלכע קאָנען באַשטעטיקן מיין אידענטישקייט און באַגלויבטקייט.

נאָך דעם לאַנגן געשפּרעך בין איך איינגעלאַדנט געוואָרן אויף אַ מיטאָג אין אָפיצירן־קלוב.

דער אינספּעקטאָר האָט מיך „געבעטן", פאַר מיין צוריקפאָרן אין האָטעל, נישט צו פאַרלאָזן די שטאָט קאַטאָוויץ ביז דעם צווייטן מיט אים צוזאַמענטרעף אין דריי טעג שפּעטער.

מיר האָבן זיך הארציק געזעגנט.

* *
*

איך האָב, פאַרשטענדלעך, לאַיאַל אויסגעפילט די „בקשה" און נישט פאַר־לאָזט די שטאָט.

אין די טעג האָב איך זיך דערלויבט אַ ביסל שפּאַצירן אין די גאַסן פון דער שטאָט און באַזוכן עטלעכע מאָל דעם יידישן קאָמיטעט, מאַריאַצקאַ גאַס 21.

דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט די אָפּגעראַטעוועטע יידן און זיך צוגעהערט צו זייערע פאָדערונגען. כ׳האָב אָנגעהויבן איינזאַפּן אין זיך די לופט פון יידיש־פוילישן טויטן־טאָל. שעהנלאַנג האָב איך געבלעטערט די רשימות פון די איבער־געבליבענע — אפשר וועל איך אָנטרעפן אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן.

פון די געשפּרעכן מיט די איבערגעבליבענע בין איך געוואָר געוואָרן, אַז עס געפינען זיך יידן אין הכשרה־קיבוצים אין דער נאָענטער סביבה, ווי: ביטאָם, סאָסנאָוויץ, בענדין א. א. וו.

מען שפּיאָנירט מיר נאָך, מיינע טריט ווערן געהיטן — און איך קער זיך צוריק אין האָטעל ווי נאָר די זון פאַרגייט.

נאָך דריי טעג, האָב איך צום צווייטן מאָל זיך געטראָפן מיטן קאַטאָוויצער קרייז־פּאָליציי־אינספּעקטאָר. דאָס מאָל איז ער נישט געווען אַליין — נעבן אים איז געזעסן אַ הויכער שטאַב־אָפיציר, מיט אַ סעמיטישן אויסזען, וועלכער האָט גערעדט אַן ערשטקלאַסיקן פויליש.

אין אָנהייב, האָבןביידע מיך געפרעגט וועגן דעם לעבן פון די יידן אין די פּליטים־מחנות אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, און ביים סוף האָט זיך אַנט־וויקלט צווישן אונדז אַ געשפּרעך וועגן גלאָבאַלע פּאָליטישע פּראָבלעמען און די געמיינזאַמע באַציונגען צווישן די גרויסמאַכטן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אויך דאָס מאָל האָב איך מיט זיי געגעסן מיטאָג אין אָפיצירן־קלוב, און ווען מיר זענען צוריק אַריין אין ביוראָ, האָט דער הויכער שטאַב־אָפיציר געזאָגט:

„איך און מיין חבר, דער קרייז־אינספּעקטאָר, בעטן אַנטשולדיקונג פאַרן אָפּהאַלטן אייך אין שטאָט. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז אייער אינפאָרמאַציע איז אַ ריכטיקע און דעריבער אויך באַשלאָסן אייך צו העלפן אין דער שווערער אויפגאַבע״.

איך האָב באַמערקט אין זיינע אויגן אַ טרער ווען ער האָט די אויבנדערמאָנטע ווערטער פאַרענדיקט.

פאַרן געזעגענען זיך, האָט ער מיר איבערגעגעבן אַ געדרוקטן רעקאָמענדאַ־ציע־בריוו אין פויליש און רוסיש, אין וועלכן אַלע מיליטערישע און פּאָליצייאישע אַמטן ווערן געבעטן מיר דערטיילן יעדע געבעטענע דורך מיר הילף.

דער דאָקומענט האָט מיר דערמעגלעכט, זיך צו באַוועגן פריי, אָן — און מיט אַ מונדיר, אין אַ סך טיילן פון פוילן.

כ׳האָב ביידע שטאַרק געדריקט די הענט — און גלייך אַרויסגעפאָרן אין דער אומגעגנט.

**ביטאָם.** אין די קיבוצי הכשרה פון „השומר הצעיר״ און „העובד״ אויף גרונ־

וואַלדסקאַ גאַס 6, האָב איך זיך געטראָפן מיט אַלע חברים און פאַרבראַכט מיט זיי ביז שפעט אין דער נאַכט. איך הער זיך איין צו די דערציילונגען איבער לאַגערן, וועלדער, יסורים, וואַנדערונגען, פאַרטיזאַנען־קאַמפן. דערנאָך ענטפער איך אויף זייערע פראַגן וועגן דער מלחמה פון ישוב אין א״י און דער „הגנה״, וועגן אונדזער כוח און זייער צוקונפט.

אין קינדער־הויז פון „דרור״, ווילטשיקאַ גאַס 43, האָב איך זיך דאָס ערשטע מאָל דערוווסט וועגן סעראַצקער, וועלכע געפינען זיך אין דער געגנט פון קראָקע.

איך פאַרברענג מיט די קינדער, לערן זיי העברעיִשע לידער, שפּילערייען און דערצייל לעגענדעס וועגן לעבן אין א״י.

די אויגעלעך זייערע גלאַנצן. איך בין צו זיי צוגעשמידט געוואָרן, און זיי — צו מיר. מיט וואָס אַ ליבשאַפט גלעטן זיי מיין מונדיר!

אונדזער גורל האָט זיך צונויפגעשמאָלצן — מיר זינגען שטיל בייַנאַנד, און ווען עס באַפאַלט זיי דער זיסער שלאָף, שטעל איך זיך אַוועק אין אַ ווינקל, און מיינע ליפּן שעפּטשען: „אלה הצאן, מה חטאו״ — וואָס האָבן די שעפּסעלעך געזינדיקט?



כ׳בין אַוועק קיין קראָקע און מיין ערשטער וועג פירט מיך צו דעם יידישן קאָמיטעט, דלוגאַ גאַס 33. דער הויף ברויזט מיט פּליטים פון דער סביבה. איך בין גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן און קעגן מיר זענען הונדערטער הענט אויסגעשטרעקט: „שלום עליכם, בריגאַדע״. איך האָב די מאַרטירער־הענט צוגעדריקט צו מיין האַרץ און זייערע אויגן האָבן דערציילט זייערע סודות. אַ טומל, אַ רעש: אַלע פרעגן בייזאַמען וועגן קרובים, אין דער בריגאַדע און אין א״י, מען דערמאָנט נעמען, אַדרעסן, דאַטעס, ערטער, געשעענישן — און איך בין זיך טובל אין דעם ים פון יסורים.

דער רעש האָט אויפגעהערט, אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ראָד אויפן ברוק — און איך האָב צו זיי גערעדט ווערטער פון טרייסט און האָפענונג.

די זון איז פאַרגאַנגען. עטלעכע פרעגן די נאָגנדיקע ביזן תהום פראַגע: פאַרוואָס האָט די הילף פאַרשפּעטיקט? פאַרוואָס זענען מיר אַזוי איינזאַם געווען?

די ליכט זענען אָנגעצונדן געוואָרן. אַלע שטייען אויף. איך פיר פּריוואַטע

געשפּראָכן, פאַרשריבן אַדרעסן און פּאַסירונגען אין מיין נאָטיץ־בוך, דערקלערט און ראַט אין ענינים וועגן דער צוקונפט.

* *
*

דעם אָוונט בין איך געוואָר געוואָרן, אַז די סעראַצקער פרויען גיטעלע און שרה איצקאָוויטש, לעבן אין יעלעניע גורא, נידער־שלעזיע.

כ'בין גלייך אַוועק קיין ביטאָם, און פון דאָרט געשיקט אַ ספּעציעלן באַגלייבטן שליח קיין יעלעניע־גורא, כדי פעסטצושטעלן אויב די צוויי שוועסטער געפינען זיך דאָרט, און ווען יאָ — באַשטימען מיט זיי אַ טערמין פון אַ צוזאַמענטרעף מיט מיר.

די ידיעה האָט זיך באַשטעטיקט פאַר אַ ריכטיקע און אין דעם באַשטימטן טערמין בין איך אַרויסגעפאָרן מיט דער אייזנבאַן פון קראָקע אין דער ריכטונג קיין יעלעניע־גורא.

* *
*

איך זיץ ביים פענצטער אָנגעשטרענגט, טראַכט וועגן דער נאָענטסטער פגישה מיט די צוויי שוועסטער, און פּלוצלונג — די באַן האָט זיך פאַרהאַלטן אין מיטן וועג ביי אַ גרין וועלדל.

כ'האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. כ'האָב אַרויסגעקוקט אין דרויסן און דערזען, אַז מיר זענען אַרומגערינגלט מיט פּוילישע סאָלדאַטן.

די טיר האָט זיך געעפנט, אין וואַגאָן איז אַריין אַן אָפיציר, וועלכער האָט אַרויסגערופן מיט אַ קלאָרן קול: „יידן און פעפעראָוועצעס (קאָמוניסטן) אויסשטייגן.״.

אַ ציטער איז מיר אַדורך: כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז די סאָלדאַטן געהערן צו דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״ (א. ק.), אַן אומלעגאַלע רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע, וואָס קעמפט קעגן דעם נייעם קאָמוניסטישן רעזשים אין פּוילן, און וועלכע האָט שוין באַוויזן, נאָך דער באַפרייונג, צו דערמאָרדן הונדערטער יידן, וועלכע האָבן מצליח געווען איבערהאַלטן דעם נאַציסטישן גיהנום.

קיינער האָט זיך נישט גערירט פון זיין פּלאַץ.

נאָך עטלעכע מינוטן, איז נעבן מיר געשטאַנען דער אָפיציר, סאַלוטירט און מיך געבעטן זייער איידל, אין פּויליש, אַז איך זאָל מיט אים אַרויסגיין און זיך לעגיטימירן.



ח:וך ורדי ליד הבונקר בגיטו וורשה בו נפלו אביו הלוחם ר׳
דוד ורשבסקי, ואמו פרידל הי״ד
חנוך ורדי (וואַרשאַווסקי)ביים בונקער אין וואַרשעווער
געטא, ווי ס׳זענען אומגעקומען זיין פאטער, דער געטא־
קעמפער ר׳ דוד וואַרשאַווסקי און מוטער פריידל הייד

כ׳האָב אויסגעגלאָצט אויף אים מיינע אויגן, און נאָכדעם ווען ער האָט זיך „איבערצייגט”, אַז איך פאַרשטיי נישט קיין פּויליש, האָט ער איבערגעחזרט זיין „העפלעכע ביטע” אין פראַנצויזיש און ביים סוף אין אַ גוטן ענגליש.

כ׳האָב אים געענטפערט אין ענגליש, אַז איך בין אַ פאַרשטייער פון אונרר״אַ און אַז אין יעלעניע־גוראַ וואַרטן אויף מיר פאַרשטייער פון דער פּוילישער מאַכט

און פון דער בריטישער אַמבאַסאַדע, כדי איך זאָל זיי אָפּיציעל איבערגעבן אַ גרויסן טראַנספּאָרט פון קאָנדענסירטע מילך פאַר די פּוילישע קינדער.

דער אָפיציר איז אַרויסגעגאַנגען צו זיינע חברים און זיי איבערגעגעבן מיין ענטפער, וועלכער האָט צווישן זיי אַרויסגערופן אַ גרויסע דיסקוסיע.

דער אָפיציר איז נאָך אַ מאָל אַריין אין וואַגאָן און מיך קאַטעגאַריש „געבעטן", אַז איך זאָל מיט אים אַרויסגיין, „ווייל זיי ווילן הערן די אויפקלערונג נאָר פון אייער מויל אַליין".

נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג, בין איך מיט אים אַרויס פון וואַגאָן. די סאָלדאַטן האָבן מיך גלייך אַרומגערינגלט, מען האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון אַלע זייטן און איך האָב איבערגעחזרט מיין אויבנדערמאָנטע תשובה צום אָפיציר, וועלכער האָט איצט אויסגעפילט די ראָל פון אַן איבערזעצער.

די באַנדע־מענטשן האָבן אָנגעהויבן שרייען: „ער זעט אויס ווי אַ ייד. מען דאַרף ענדיקן מיט אים" א. א. וו.

איך האָב אָנגעשטרענגט מיינע אַלע פיזישע און גייסטיקע כוחות, כדי אויס־צוזען שטיל און רויִק — און פון דער ווייטנס סוד'עט מען זיך איבער מיר. ווער ווייס? אפשר זענען דאָס מיינע לעצטע מינוטן פון לעבן?

פאַר מיינע אויגן גייען דורך אַלע שטאַפּלען פון מיין לעבן: — איז דאָס שוין דער לעצטער שטאַפּל?

איך פאַריאָג שנעל מיינע בייזע מחשבות — כ'הויב אויף דעם קאָפּ און קוק מיט אָפענע אויגן אַרום זיך — און רויכער פּאַוואָליע מיין ענגלישע פייקע.

„זיי" האָבן פאַרענדיקט זייער באַראַטונג און דער אָפיציר פאָדערט פון מיר אים ווייזן מיינע דאָקומענטן.

אַלע מיינע אויפקלערונגען, אַז די אויבנדערמאָנטע פאָדערונג איז אין קעגנ־זאַץ צו די אָנגענומענע אינטערנאַציאָנאַלע מאַניערן אין באַצוג צו הויך־ראַנגיקע מיליטער־לייט, וועלכע געפינען זיך אין אַ פרעמדער מדינה, און אַז אין ענגלאַנד באַציט מען זיך מיטן גרעסטן רעספּעקט צו פּוילישע סאָלדאַטן און אין אויסנאַם־פאַלן קען זיך אַזאַ מיליטער־מאַן לעגיטימירן נאָר אין אַ מיליטערישער, אָדער ציווילער פּאָליציי־סטאַציע, אָבער אין קיין פאַל נישט אין מיטן אַ וועג — האָבן נישט געהאָלפן.

נאָך אַ רויִקן משא־ומתן האָב איך געגעבן דעם אָפיציר די אונרר"אַ־לעגי־טימאַציע.

ער האָט גלייך פאַרזאַמלט די גאַנצע באַנדע און זיי דערקלערט, אַז מען טאָר מיך נישט פאַרהאַלטן, ווייל דאָס איז פאַרבונדן מיט אינטערנאַציאָנאַלע אינסטי־

טוציעס, מיט וועלכע זיי זענען אויך פּאַראינטערעסירט צו זיין אין גוטע באַציִונגען.

כ׳האָב געמיינט, אַז דער ענין איז דערמיט פאַרענדיקט, אָבער פּלוצלונג איז אויפגעשפּרונגען איין באַנדיט, וועלכער האָט גערעדט אַ גוטן ענגליש, און געפּאָ־דערט, אַז ער, צוזאַמען מיטן אָפיציר, זאָלן קאָנטראָלירן אויך מיין מיליטעריש־בריטישן דאָקומענט.

הערנדיק דאָס, בין איך אויפגעשוידערט געוואָרן: אין דעם דאָקומענט איז פאַרצייכנט, אַז איך בין פון יידישן גלויבן.

און אָט: ביידע שטייען נעבן מיר. דער אָפיציר האָט מיך ווייטער געבעטן אים ווייזן אויף אַ וויילע אויך דעם בריטיש־מיליטערישן דאָקומענט. כ׳האָב מיט אים דיסקוטירט, אָבער נאָכדעם ווען כ׳האָב זיך איבערצייגט, אַז איך וועל גאָר־נישט קענען ענדערן, האָב איך אויסגעשטרעקט צו אים דעם געפאָדערטן דאָקו־מענט און די ביידע האָבן עס קאָנטראָלירט.

דער אָפיציר האָט שוין געוואָלט מיר צוריקגעבן ביידע דאָקומענטן, פּלוצלינג צעשרייט זיך דער צווייטער: „ער איז אַ ייד", „ער איז אַ ליגנער", „מ׳דאַרף מיט איך גלייך ענדיקן" — און דערביי קוקט ער מיט חוצפּה גלייך אין מיינע אויגן אַריין, בכדי צו זען ווי אַזוי זיינע געשרייען ווירקן אויף מיר.

איך האָב פאַרגעזעצט צו רויכערן מיין ענגלישע פּייקע, אָבער וואָס עס האָט זיך געטאָן ביי מיר אינעווייניק, — דאָס האָב איך נאָר אַליין געפילט, און פיל עס נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

און ווייטער בין איך אַרומגערינגלט געוואָרן פון די באַנדיטן. אויף דעם אָפיצירס צוגאָב־פראַגן האָב איך אים דערקלערט, אַז כ׳בין אַ ייד, געבוירן אין א"י, אַ בריטישער בירגער, וועלכער דינט שוין לאַנגע יאָרן אין דער אַרמיי — און אַז לעצטנס בין איך צייטווייליק אויסגעבאָרגט געוואָרן אין אונרר"אַ, כדי אויסצופירן אַ הומאַניטאַרע אויפגאַבע לטובת די פּוילישע הונגעריקע קינדער.

נאָך די אויפקלערונגען האָבן זיך אָנגעהויבן פרישע באַראַטונגען פון דער באַנדע. אייניקע צילן זייער געווער אין מיין ריכטונג. עטלעכע רופן מיך אָן מיט אויסגעלאַסענע צונעמען א. א. וו.

איך נעם אַרויס מיין זייגער: די וואָקכאַנאַליע דויערט שוין מער ווי אַ שעה, וועלכע איז ביי מיר ווי אַן אייביקייט. די פּאַליאַקן, וועלכע זענען געבליבן אין די וואַגאָנען, קוקן אַרויס פון די פענצטער און לאַכן.

איך בין אָנגעלענט אויף אַ בוימעלע, פיל אָן מיט שמעקנדיקן טאַבאַק מיין פּייקע און פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ ריח ניחוח. עטלעכע טריט פון מיר ווער איך געמשפּט צום לעבן אָדער טויט...

איינער פון דער באַנדע שלאָגט פאָר אַן עפנטלעכע אָפּשטימונג און שטרעקט אויס קעגן מיר זיין צונג. אַלע לאַכן און ליאַרעמען: „אויף דער תליה״.

דער אָפיציר שרייט און באַשווערט זיי נישט אויספּילן דעם טויט-אורטייל, ווייל אויך ער האָט נישט קיין רחמנות אויף קיין ייִד, אָבער אין דעם פאַל וועט דאָס זיין אַן אַקט קעגן די ענגלענדער און אינטערנאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. אַלע זענען שטיל געוואָרן און מיט אַ ווידערווילן האָבן זיי אָנגענומען דעם אָפיצירס מיינונג.

נאָך עטלעכע מינוט איז צו מיר צוגעגאַנגען דער אָפיציר, אומגעקערט די ביידע דאָקומענטן, געבעטן אַנטשולדיקונג, דערקלערנדיק, אַז אין מלחמה-צייטן טרעפן זיך אַ סך אומאַנגענעמלעכקייטן.

ער האָט מיך געבעטן פאַרגעסן דעם „פּיינלעכן״ פאַל און אויך נישט מעלדן וועגן דעם דער מאַכט אין יעלעניע-גוראַ. ער האָט געדריקט מיין האַנט, סאַלוטירט און מיך באַגלייט ביז אין וואַגאָן אַריין.

די פּוילישע פּאַסאַזשירן האָבן אויף מיר געקוקט מיט חנופהדיקע אויגן און איך האָב זיך אָוועקגעזעצט אויף מיין פריערדיקן אָרט.

די נאַכט איז צוגעפאַלן, כ׳האָב אַרויסגעקוקט אין דרויסן — און דער צוג האָט געריררט.

ביי דער סטאַציע יעלעניע-גוראַ האָבן אויף מיר געוואַרט אומגעדולדיק די שוועסטער שרה און גיטעלע איצקאָוויטש. מיר האָבן קעגנזייטיק זיך גלייך דערקענט.

אַ טיפע איבערלעבונג, טרערן און שטילקייט.

מ׳האָט מיך אַריינגעזעצט אין אַ פּריוואַטן אויטאָ און איך בין אָנגעקומען אין זייער הויז.



מיט צוועלף יאָר צוריק האָב איך זיי איבערגעלאָזט קליינע מיידעלעך און איצט זיצן פאַר מיר דערוואַקסענע מענטשן, פול מיט לעבנס-פיין און חכמה. צוויי פולע טעג בין איך געווען אין זייער הויז. זיי האָבן מיר שטיל און רויִק דערציילט זייער לעבנס-געשיכטע פון אָנהייב מלחמה ביזן לעצטן טאָג. זיי האָבן געלעבט, נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, אַלס קריסטינס אין פאַרשידענע ערטער פון פּוילן, און זענען אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך צוויי איידעלע פּאַליאַקן.

שעהן זענען מיר געזעסן און דערמאָנט מענטשן פון אונדזער שטעטל און זייער יסורים־וועג ביז זייער סוף.

שרהלע און גיטעלע האָבן גערעדט — יעדעס וואָרט — אַ פלאָם, יעדעס וואָרט — אַ באַשולדיקונגס־אַקט.

מיר האָבן גערעדט וועגן זייערע צוקונפטיקע לעבנס־פּלענער, און איך האָב פון זיין געפאָדערט נישט פאַרגעסן זייער פאָלק.

שרה און גיטעלע זענען מיד פון ליידן, וואַנדערונגען און שרעק. איך האָב אויך גערעדט וועגן אַלע פּראָבלעמען מיט די פּאָליאַקן, ביי וועלכע זיי זענען געוועז און זיי האָבן מיך פאַרזיכערט, אַז יעדן באַשלוס, וואָס שרה און גיטעלע וועלן אָננעמען, וועלן זיי מסכים זיין און אויספירן.

מיר האָבן באַשטימט אַ טערמין פון אַ צווייטן צוזאַמענטרעף און כ'האָב פאַרלאָזט יעלעניע־גורא.

איך בין שנעל צוריקגעפאָרן קיין קראָקע, ווייל אין די לעצטע פּאָר טעג איז אַהין אָנגעקומען פון רוסלאַנד, אין די ראַמען פון דער רעפּאַטריאַציע, דער ערשטער טראַנספּאָרט פון פּוילישע יידן, און צווישן זיי — אַ גרופּע פון דער וואַרשעווער געגנט.

דער הויף פון יידישן קאָמיטעט איז פול מיט צוריקגעקומענע. כ'האָב גערעדט מיט אַ סך פון זיי, זיך צוגעהערט צו זייערע דערציילונגען. כ'האָב קאָנטראָלירט די רשימות פון די רעפּאַטריאַנטן, אָבער, ליידער, קיין איין באַקאַנטן נישט געפונען.

עטלעכע טעג האָב איך באַזוכט די צייטווייליקע וווינונגען פון די צוריק־געקומענע און אַ ווישקאָווער ייד האָט מיר איבערגעגעבן, אַז, לויט זיינע ידיעות, געפינען זיך עטלעכע סראָצקער אין טשענסטאָכאָוו און אין ענדינער געגנט. דער זעלבער האָט מיר געגעבן די געהעריקע און באַגלייבטע אַדרעסן.

כ'בין גלייך אַוועק מיט אַ געדונגענעם טראַנספּאָרט קיין טשענסטאָכאָוו און אָנגעקומען אויף דעם געהעריקן אַדרעס — דער הכשרה־קיבוץ פון „דרור", וועלכער האָט זיך געפונען אין דער געגנט פון דעם יידישן געטאָ, וואָס איז אין גאַנצן חרוב געוואָרן בעתן לעצטן אויפשטאַנד קעגן די דייטשע מערדער.

דער קיבוץ־מזכיר, נאָכדעם ווי ער האָט געהערט מיין פאַרלאַנג, האָט מיך איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ חבר, וועלכער איז געוועזן מיין וועגווייזער בעת דער גאַנצער צייט פון דאָרטיקן באַזוך.

כ'האָב באַזוכט אַלע געראַטעוועטע יידן אין זייערע וווינונגס־פּלעצער (פון אַ גרויסער קהילה, וועלכע האָט געציילט צענדליקער טויזנטער יידן, האָבן זיך

געפונען אויפן פלאַץ נאָר עטלעכע הונדערט נפשות), זיך נאָכגעפרעגט אויף באַ־קאַנטע, אויפגענומען אַדרעסן — און ווידער קיינעם נישט געפונען.

אויך דאָ, ווי געוויינלעך, בין איך אויפגעטרעטן אויף אַן עפנטלעכער פאַר־זאַמלונג פון אַלע אָפּגעראַטעוועטע יידן, אין גרויסן זאַל פון קיבוץ, גערעדט וועגן ידישן כוח, „הגנה", די ייד. בריגאַדע, ווי אויך אַנגעוויזן ליניעס פאַר זייער לעבן אין דער צוקונפט. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ לאַנגער קעגנזייטיקער מיי־נונגס־אויסטויש און מיר האָבן זיך געזעגנט ווען ס'איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן.

כ'האָ באַשלאָסן דורכזוכן דעם גאַנצן געביט פון זאַגלעמביע דאָמבראָווסקע (די געגנט פון בענדין).

כ'בין געפאָרן קיין סאָסנאָוויץ און מיין ערשטער וויזיט איז געווען אין יידישן קאָמיטעט, מאָדזשעיעווסקאָ גאַס נומ' 5. דאָרט האָב איך קאָנטראָלירט די צוגאָב־ליסטעס פון די געראַטעוועטע, געבעטן אינפאָרמאַציעס ביי דעם קאָמיטעט־סעקרעטאַר און דערנאָך אַרויס אין הויף, זיך באַקענען און דורכשמועסן זיך מיט די אָפּגעראַטעוועטע. אין מיטן געשפּרעך האָט ווער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף מיין פּלייצע, און אויסדרייענדיק מיין קאָפּ, זע איך: נעבן מיר שטייט ר' יעקב קאָלוסקי, מיין שכן, דער איידעם פון ר' יהודה פיענעק הי"ד... מיר האָבן זיך צעקושט און אומגעאַרעמט. איך געדענק נישט ווי לאַנג מיר זענען געשטאַנען אין דער פּאָזע.

ער האָט מיך גענומען אין זיין צימער און גלייך זענען דערשינען זיין זון און מיין חבר פנחס, זיין טאָכטער לאה מיט איר חתן ר' יעקב־לייב מאַנעלאָ. די שמחה איז געווען גרויס.

כ'האָב מיט זיי פאַרבראַכט עטלעכע טעג. יעדער איינער האָט דערציילט וועגן זיין לעבנס־וועג פון ערשטן מלחמה־טאָג — דורך דעם קהילה־חורבן, וואַנדע־רונגען אין סאָוויעט־רוסלאַנד, די רעפּאַטריאַציע — ביזן לעצטן מאָמענט. יעקב לערנט תורה מיט די איבערגעבליבענע קינדער און פנחס דינט נאָך אין דער פּוילישער אַרמיי.

איך האָב זיך באַמיט מונטערן און וועקן ביי זיי די האָפענונג פאַר אַ בע־סערן מאָרגן.

מיר האָבן פּלאַנירט פאַרשידענע פּלענער און באַשטימט אַ טערמין פון אַ צווייטן צוזאַמענטרעף. בעתן געזעגענען זיך, האָט מיר יעקב איבערגעגעבן, אַז אין איינעם פון די אַרטיקע קבוצים געפינען זיך עטלעכע סעראַצקער און צום סוף האָבן מיר זיך אַלע פאָטאָגראַפירט.

נאָך עטלעכע שעה אינטענסיווע זוכענישן האָב איך אין קיבוץ פון די לינקע פוע״צ, טאַרגאָווע גאַס, געפונען די פאָלגנדע סעראַצקער: חיהלע זאַכאַרעק (וואָלינסקי), איר טאָכטער לאה מיטן חתן משה זילבערשטיין.

אויך דאָ איז די שמחה געמישט מיט ביטערע זכרונות און אַ טיפער איבער־ראַשונג.

חיהלע, די טאָכטער פון ר׳ יצחק וואָלינסקי הי״ד, האָט דערציילט אין אַן איינ־געהאַלטענעם טאָן וועגן דעם אומקום פון איר פאַרצווייגטער משפחה און וועגן דעם טויט פון איר מאַן משה־לייב זאַכאַרעק הי״ד, וועלכער איז אין רוסלאַנד פשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער און קיין הילף איז נישט געווען; וועגן די איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען צו דערנערן און דערציען איר קליינע טאָכ־טער לאה אין די אכזריותדיקע באַדינגונגען פון די אומאויפהערלעכע וואַנדע־רונגען. וועגן אירע פערזענלעכעליידן האָט זי געשוויגן. כ׳האָב זי געטרייסט און דערמונטערט.

פון דאָרט בין איך אַרויסגעפאָרן אויף אַ געוויסער צייט אין דער געגנט און באַזוכט קאַטוילישע קלויסטערס און פריוואַטע קריסטלעכע פאַמיליעס, מיטן צוועק צו געפינען און אויסלייזן יידישע קינדער און זיי אומקערן אין שויס פון זייער פאָלק.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס אויבנדערמאָנטע, בין איך, בכדי צו געפינען שפורן פון מערערע סעראַצקער שרידים, אַוועק קיין זעבזשעדאָוויצע — אַ גרענעץ־שטעטל צווישן פוילן און טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס האָט געדינט ווי אַ דורכגאַנג־פונקט פון פוילן צו די פליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד און עסטרייך.

אין דעם שטעטל טומלט זיך ווי אין אַ בינשטאָק. איך זאַמל ידיעות, פאַרגלייך אַ קלאַנג צו אַ קלאַנג און האָב זיך איבערצייגט, אַז מערערע סעראַצקער דאַרף איך זוכן אין די נייע — אין דער צייט פון דער רעפּאַטריאַציע געגרינדעטע — זאַמל־פונקטן: לאָדזש, וואַרשע און ווראָצלאַוו.

* *
*

דעם ערשטן סדר־פסח תש״ו האָב איך געפּראַוועט אין קראָקע, אין איינעם פון די הכשרה־קיבוצים, נישט ווייט פון היסטאָרישן פּלאַץ וואַוועל, און דעם צווייטן סדר — מיט איבערגעבליבענע יידן פון אייראָפּעישע מקומות אין קאַטאָוויץ.



מאַי 1946.

איך פאָר פון קאַטאָוויץ מיטן שנעל־צוג קיין וואַרשע. אַ לאַנגע אַנגע־שטרענגטע נסיעה. אין די וואַגאָנען הערשט אַן ענגשאַפט און דושנעקייט. דער צוג, טראָץ דעם וואָס ער איז אַ שנעלער, שטעלט זיך ביי יעדער סטאַציע, און מאַסן פּאַסאַזשירן מיט פולע אָנגעפּאַקטע גרויסע קוישן שפּייז־פּראָדוקטן, — פּאַקן זיך אַריין מיט געוואַלדן און אַריגינעלע פּוילישע קללות אין די וואַגאָנען.

מען זעט קלאָר, אַז מיטן אומלעגאַלן האַנדל (שמוגל) פאַרנעמען זיך מאַסן — אַ באַווייז פון אַ דערשיטערטן עקאָנאָמישן סיסטעם.

אין די וואַגאָנען דערשיינען יונגע פּוילישע קינדער, וועלכע זינגען וועגן דער גרויסקייט פון וואַרשע און די העלדישקייטן פון די פּאָליאַקן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

די פּאַסאַזשירן רעדן צווישן זיך מיט אַ הויכן קול און ווען זיי באַרירן אַ יידישע טעמע, זעט מען און מ׳שפּירט ווי זייער פאַרשטאַנד ווערט פאַרטעמפּט — מיט האַס און סם ווערט דעמאָלט דער רוים אָנגעפילט...

די נאַכט פאַלט צו. מיר דערנענטערן זיך צו וואַרשע — די געוועזענע גרעסטע יידישע קהילה אין אייראָפּע.

מיין האַרץ קלאַפּט האַסטיק. דורכן פענצטער זעט מען בערגער פון חורבות. בעתן קאָנטראָלירן די באַן־בילעטן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטופּעניש און אַ געשריי. מען לויפט פון איין וואַגאָן אין צווייטן און די קאָנטראָלערן פייפן און אַמפּערן זיך. מיין וואַגאָן איז ווי אויסגעליידיקט געוואָרן. צו מיר האָבן זיך דערנענטערט צוויי מיליטער־לייט, געבעטן מיינע דאָקומענטן און ווען איך האָב זי׳י געוויזן דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו פון קאַטאָוויצער קרייז־אינספּעקטאָר — האָבן זיי סאַלוטירט, געבעטן אַנטשולדיקונג און אַוועק.

10 אָוונט. כ׳האָב געטראָטן אויף דער וואַרשעווער ערד נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון 12 יאָר. די סטאַציע־געגנט איז אינגאַנצן וויסט. אין דרויסן הערשט אַ שטיל־קייט, אַ פינצטערניש.

כ׳האָב אויסגעגלייכט מיין מונדיר, קאָנטראָלירט דאָס געווער און מאַרשירט מיט אויפמערקזאַמקייט ביז איך בין אָנגעקומען אויף פּאָזנאַנסקאַ גאַס 38, וווּ עס האָט זיך געפונען דער קיבוץ־הכשרה פון „השומר הצעיר״. כ׳האָב אָנגע־

קלאַפּט אין טיר. אַ שטילקייט. נאָך אַ מינוט האָט זיך די טיר לאַנגזאַם געעפנט.
כ׳האָב זיך פאַרגעשטעלט און בין מיט פרייד אויפגענומען געוואָרן.

גלייך זענען דערשינען בחורים און מיידלעך, איבערגעבליבענע פון פּאַרטי־זאַנען־גרופּן, טויטן־לאַגערן און רעפּאַטריאַנטן פון רוסלאַנד. נאָכן טרינקען טיי, זענען מיר פאַרזונקען אין אַ טיפן געשפּרעך ביז שפּעט ביינאַכט.

פאַרן שלאָפן גיין האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע קלאַפּעריי אין טיר און אויף דער שוועל זענען דערשינען איניקע פּוילישע סאָלדאַטן, און צווישן זיי — אַ הויכער אָפיציר.

אין די ערשטע מינוטן בין איך פאַרציטערט געוואָרן און האָב געגלעט מיין געווער, נאָר באַלד האָב איך זיך באַרויִקט און איבערראַשט געוואָרן: דער הויכער אָפיציר איז מיין געוו. מדריך אין השה״צ — פּנחס שטערן (היינט אין ישראל) פון יאַבלאָננע.

מיר האָבן זיך האַרציק באַגריסט און... געשוויגן. דערנאָך האָט ער מיר געשילדערט זיין יסורים־וועג ביזן לעצטן מאָמענט און מיך געבעטן דערציילן וועגן מיליטעריש־יידישן כוח אין א״י. אַלע חברים זענען אויפגעוועקט געוואָרן, אַראָפּגעטאַנצט פון זייערע פּריטשעס, זיך אויסגעזעצט אויף דער גאָלער פּאָדלאָגע — אַ געשלאָסענע עדה פון חברים.

איך האָב געפילט און באַמערקט ווי מיינע שילדערונגען וועגן יידישן פיזישן כוח אין א״י היילן זייערע אָפענע וווּנדן און פאַרשטאַרקן ביי זיי דעם ווילן צו אַ ניי־פריי לעבן.



פּנחס האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אין די לעצטע טעג איז אָנגעקומען קיין פּראַגע־וואַרשע פון רוסלאַנד — אין די ראַמען פון דער רעפּאַטריאַציע — אַ טראַנספּאָרט פון פּוילישע יידן און צווישן זיי געפינען זיך עטלעכע סעראַצקער, וועלכע זענען איינקוואַרטירט געוואָרן דורכן יידישן קאָמיטעט אין פאַרשידענע ערטער אין וואַרשע און סביבה.

די גאַנצע נאַכט האָב איך נישט צוגעמאַכט קיין אויג. צו מאָרגנס, גלייך אין דער פרי, בין איך אַוועק פון קיבוץ אין דער ריכטונג קיין פּראַגע.

די גאַנצע געגנט איז געווען איין באַרג פון חורבות.

די בריקן איבער דער ווייסל זענען צעריסן און דער איבערגאַנג פירט איבער אַ שמאָל־לאַנגן מיליטערישן פּאָנטאָן.

צען פּאַרמיטאָג בין איך אָנגעקומען קיין פּראַגע און גלייך אַוועק אין יידישן קאָמיטעט, טאַרגאָווע גאַס 44.

הונדערטער יידן מיט און אָן מונדירן, אַלטע, יונגע, בלאַסע און איבערגע־שראָקענע — באַלאַגערן דעם קאָמיטעט און אומגעבונג.

כ׳בין גלייך אַריין אין אינפאָרמאַצ־ע־צימער, זיך צוגעקלאַמערט עטלעכע שעה צו די ליסטעס פון איבערגעבליבענע, צוריקגעקומענע, קינדער־היימען — אָבער נעמען פון סעראַצקער — נישט געפונען.

פאַרביטערט און טרויעריק האָב איך זיך אָפּגעריסן פון די ליסטעס און אַראָפּ אין הויף.

די ידיעה, אַז אַ סאָלדאַט פון דער יידישער בריגאַדע געפינט זיך אויפן פּלאַץ, איז שנעל פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די יידן, אין הויף בין איך דורך זיי אַרומגערינגלט געוואָרן מיט דער באַגריסונג: „שלום עליכם, בריגאַדע״.

כ׳האָב מיט אַלע בייזאַמען גערעדט. כ׳בין געפרעגט געוואָרן וועגן קרובים אין א״י און אין אַנדערע לענדער, פאַרצייכנט אַדרעסן און זיך צוגעהערט צו זייערע פאַרלאַנגען. דערנאָך האָב איך אַלעמען געמונטערט און געטרייסט. טרערן זענען געפלאָסן פון זייערע אויגן און איך בין אָנגעפילט געוואָרן מיטן ווי פון מיין פאָלק.



און אָט איז צווישן די פאַרזאַמלטע אַדורך אַ באַוועגונג: אַ פרוי גייט אַרויס פון ראָד, דערנענטערט זיך צו מיר און מיט אַ וויינענדיקן קול אויסגעשריגן: „הענעך!״. כ׳האָב זיך איינגעקוקט און זי נישט דערקענט.

כ׳האָב פאַר מיר דערזען אַ מאַטירער־פּנים מיט אַן אומענדלעכן צער... די פרוי שטרענגט זיך אָן און מיט אַ יאָמער־קול זאָגט זי שטיל: „איך בין איטקע מיאַדאָווניק, די חברטע פון דיין שוועסטער לאה״, און אַוועקגעפאַלן אין חלשות.

גלייך האָט זי באַקומען מעדיצינישע הילף און איבערגעפירט געוואָרן אין נאָענטסטן צימער פון דער „ערשער הילף״. נאָכן דערמונטערן זי, האָט זי מיר דערציילט וועגן איר יסורים־וועג ביזן היינטיקן טאָג.

מיין שכנטע איטקע מיאַדאָווניק, די בלום פון שטעטל, — ווי געפייניקט ביסטו געוואָרן פון די דייטשישע און פוילישע בעסטיעס!

איטקע האָט מיר איבערגעגעבן, אַז גראָד היינט, מיט עטלעכע שעה צוריק, נאָך יאָרן פון איינזאַמקייט און פערמאַנענטן פּחד, האָט זי אַראָפּגענומען די מאַסקע פון איר פּנים און געזען אויפסניי לעבעדיקע יידן, זיך מיט זיי אויסגע־מישט און גערעדט אין זייער לשון. צווישן די פּליטים־רשימות האָט זי נישט געפונען קיין איין נאָמען פון אַ קרוב אָדער פריינט — און גרויס איז געווען איר איבערראַשונג ווען זי האָט מיך דערזען און נאָך אין דעם מונדיר פון דער יידישער בריגאַדע!

איטקע האָט גערעדט און שטיל געוויינט — דאָס געוויין פון גאַנצן פאָלק האָב איך געהערט.

כ׳האָב זי באַגלייט צו איר פריינט אין פּראָגע און אויפן וועג האָט זי מיר איבערגעגעבן די ידיעה, אַז אונדזער שטאָטישע חוה גרינבערג (שוואַרצבערג), די שוועגערין פון יידל בירנבוים, לעבט און וווינט אויף דער יאַגעלאָנסקע גאַס 27.

מיר האָבן באַשטימט אַ נאָענטן צוזאַמענטרעף ביי דער אויבנדערמאָנטער אין אַ פּאָר טעג אַרום.



כ׳בין איינגעלאַדן געוואָרן דורך דער הנהגה הראשית פון „השומר־הצעיר״ זיך צו באַטייליקן דעם 8טן מאַי אין מאַרש צום קבר פון מרדכי אַניעלעוויטש הי״ד, קאָמענדאַנט פון יידישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, אויף מילאַ גאַס 18.

דער טרויער־צוג — אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע קיבוצים פון וואַרשע און אומגעבונג, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און דעלעגאַציעס פון די יידישע און פוילישע פּאָליטישע פּאַרטייען — האָט זיך געצויגן אַ לענג פון עטלעכע קילאָמעטער און זיך פּאַרהאַלטן ביים בונקער, אין וועלכן עס זענען געפאַלן דער קאָמענדאַנט מיט זיין גאַנצן שטאַב.

מיט אַ הייליקן ציטער האָב איך איבערגעטראָטן די שוועלן פון דער מיט בלוט־אַנגעזאַפּטער וואַרשעווער געטאָ, ווו עס זענען אומגעקומען הונדערטער טויזנטער יידישע לעבנס און ווו ס׳איז אויך אויפגעהויבן געוואָרן די הויכע פאָן

פון גוטאַ־אויפשטאַנד, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט אונדזער נאַציאָנאַל־מענטשלעכן כבוד.

איך האָב זיך צו די רעדעס נישט צוגעהערט, געשטאַנען אַ ביסל אָפּגעזונ־דערט און אַריינגעזאַפּט אין מיין אינעווייניק די דימענזיע פון אַרומיקן חורבן. כ'האָב פאַרמאַכט די אויגן און דערזען אין מיין וויזיע דאָס אַמאָליקע ברויזנד־לעבעדיקע יידישע וואַרשע מיט איר גאַנצער פולפאַרביקייט.

שטימען זענען צו מיר דערגאַנגען, געעפנט די אויגן, און אַט — וויסט און פוסט, אַלץ ביזן יסוד צעשטערט: ווינטן בלאָזן רעשטלעך פון אַלטע שמות, פאַרוועלקטע ספרים, קיך־געשיר, קינדער־וויגעלעך...

שטייענדיק אַזוי פאַרטראַכט, הער איך אַ רוף: הענעכל?! איך קוק זיך אום: פאַר מיר שטייט חיהטשע יאַניש־גאָדעס (די פרוי פון יחיאל יאַניש הי"ד). אומאַרמונג, באַגריסונגען און איינגעהאַלטענע טרערן.

חיהטשע דערציילט מיר וועגן אירעליידן און וואַנדערונגען. איר מאַן, מיין פריינט יחיאל יאַניש, איז דערמאָרדעט געוואָרן אין טרעבלינקע. אירע און יחיאלס עלטערן זענען אומגעקומען אין די וואַנדערונגען. זי אַליין איז צופעליק גע־בליבן לעבן.

זי האָט מיר איבערגעגעבן, אַז איר ברודער משה מיט זיין גאַנצער משפחה, ווי אויך איר יינגסטער ברודער, לעבן און זענען אַוועק אין אַ לאַגער קיין דייטשלאַנד אויפן וועג קיין א"י.

מיר האָבן זיך דערווייטערט פון די מאַסן און חיהטשע האָט מיך געפירט אין די שלענגלדיקע וועגן פון גוטאַ, ווו זי האָט געלעבט אַ קורצע צייט ביז זי איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן, צוזאַמען מיט איר מאַן, קיין טרעבלינקע.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פּלאַץ, וואָס איז אַמאָל געווען דער באַרימטער אין יידישן וואַרשע דורכגאַנג־הויף פון נאַלעווקי 39 ביז דער קופּיעצקע גאַס.

חיהטשע האָט נאָך לאַנגע וואַקלענישן אָנגעוויזן אויף אַ צעשטערטן בונקער, אין וועלכן עס האָבן זיך, לויט איר זכרון, אויסבאַהאַלטן און געפאַלן מיינע טייערע עלטערן ר' דוד און פריידל וואַרשאַווסקי, מיין שוועסטער לאהלע, איר מאַן אהרון און זייער קליין טעכטערל מלכהלע הי"ד.

כ'האָב זיך איינגעבויגן, צונויפגעזאַמלט שטיינער פון אַרום און אויפגעשטעלט אַ מצבה. שעהן לאַנג בין איך אַזוי געשטאַנען און זיך מתייחד געווען מיט זייער אָנדענק.



חנוך ורדי (מימין) עם שניים מלוחמי גיטו ורשה ליד הבונקר
בו ניספו אביו, הלוחם ר׳ דוד ורשבסקי, ואמו פרידל הי״ד
חנוך ורדי (ווארשאווסקי) דער ערשטער רעכטס, מיט נאך
צוויי געטא קעמפערביים בונקער, ווי עס זענען אומגעקומען
זיין פאטער ר׳ דוד ווארשאווסקי און זיין מוטער פריידל הי״ד

פאַרן אָפּשייד פון דעם אָרט, האָב איך דאָס ערשטע מאָל געזאָגט אַ קדיש יתום.

מיט שטאָלץ האָב איך זיך צוגעהערט צו חיהטשעס ווערטער, אַז מיין פאָטער הי״ד איז געווען איינער פון די העלדישע קעמפער בעתן אויפשטאַנד אין וואַר־שעווער געטאָ אין אַפּריל — מאַי 1943.

✶ ✶
✶

דער טאָג איז אַדורך. כ׳האָב חיהטשען באַגלייט אין איר קיבוץ און דאָרט בין איך דורך אַלע חברים האַרציק באַגריסט געוואָרן.

נאָכן אָוונט־ברויט האָב איך גערעדט וועגן די ראַנגלענישן מיט דער בריטישער מאַכט אין א״י, וועגן די איצטיקע וואַנדערונגען פון די יידן, וועלכע זענען געבליבן אין אייראָפּע און וועגן די עליה־מעגלעכקייטן. דער געמיינזאַמער שמועס האָט זיך פאַרצויגן ביז אין דער פרי.



אין די לעצטע טעג זענען, אין די ראַמען פון דער רעפּאַטריאַציע, צוריקגעקומען אַ סך פּוילישע יידן פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

פון צייט צו צייט, האָב איך אָפּגעוואַרט ביי דער מזרח־סטאַציע אין פּראַגע די צוגן, וואָס האָבן געבראַכט יידן פון פאַרשידענע לענדער.

דאָרט האָב איך דערוווּסט, אַז עטלעכע צוריקגעקומענע סעראַצקער משפחות דאַרפן זיך געפינען אין דער וואַרשעווער געגנט. אין צענטראַל־פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן (פּראַגע, שעראַקאַ 5) האָט מען מיך אינפאָרמירט, אַז אַ טייל צוריקגעקומענע זענען איינקוואַרטירט געוואָרן אין דער געוועזענער „החלוץ"־קאָלאָניע אין גראָכאָוו ביי וואַרשע.

אין אַ פרימאָרגן האָב איך אַוועקשפּאַצירט קיין גראָכאָוו און דאָרט געפונען:

מיין פריינד ידל מענדזעלעווסקי מיט זיין פרוי מאַלאַ (פון דער היים — ראָזענטאַל), זייער ברודער יעקב מענדזעלעווסקי מיט זיין פרוי רבקה'לע און אַ קליין טעכטערל.

די פרייד איז געווען גרויס.

זייערע דערציילונגען ציִען זיך אָן אַ סוף: פּאַסירונגען ביזן פאַרלאָזן פּוילן, וואַנדערונגען אין דעם גרויסן און ברייטן רוסלאַנד, דער קאַמף מיטן הונגער און אויך וועגן די איצטיקע האָפענונגען פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

מיר האָבן געגעסן צוזאַמען דעם לחם העוני און זיך אָנטשפּאַנט.

עטלעכע טעג האָבן מיר שפּאַצירט אין די גאַסן פון פּראַגע און גערעדט סעראַצקער.

רבקהלע מיִנדעזעלעווסקי־מאַי האָט מיר איבערגעגעבן, אַז איר ברודער ישעיהו לעבט און געפינט זיך אין אַ פּליטים־מחנה אין דייטשלאַנד.



כ'האָב דערהאַלטן אַ שנעל־בריוו פון מיין געערטער פריינדין אין א"י — מלכהלע ראָזנבערג־בערנשטיין, אין וועלכן איך ווער געבעטן אויסצוגעפינען איר קליין שוועסטערל שיינדל־סאַבינע, וואָס דאַרף זיך, לויט איר אינפאָרמאַציע, געפינען (אַלס קריסטין) אין וואַרשע.

כ׳האָב זיך, צו דעם צוועק, פאַרבונדן מיט אַ פּאָליאַק, אַ באַגלייבטן און ערלעכן מענטש, וועלכער האָט אויך אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געהאָלפן יידן אָן שום קאָמפּענסאַציע און איז געווען באַקאַנט מיט אַלע איינוווינער פון די פּויליִשע קוואַרטאַלן אין וואַרשע, וואָס זענען נישט אין גאַנצן צעשטערט געוואָרן — און געבעטן זיין הילף.

נאָך זוכענישן, וואָס האָבן געדויערט עטלעכע טעג, האָב איך באַקומען סאָבינעס גענויעם אַדרעס: וואַרשע, טאַמקי גאַס 13, ביי אַן אַלטער קריסטלעכער משפּחה.

כ׳האָב צו סאָבינען איבערגעשיקט, מיט אַ ספּעציעלן שליח, אַ בריוו אין וועלכן איך דערמאָן איר ווער איך בין, און ביים סוף זי געבעטן צו באַשטימען אַ טערמין פון אַ געמיינזאַמען צוזאַמענטרעף, כדי איר איבערצוגעבן אַ פּערזענלעכן גרוס פון אירע דריי שוועסטער אין א״י.

אין דעם זעלבן טאָג האָב איך דערהאַלטן איר ענטפער, אין וועלכן זי בעט מיך, גלייך זי צו באַזוכן.

צו מאָרגנס בין איך אָוועק צו איר — מיך האָבן באַגלייט נאָך צוויי בחורים — און אויפגענומען געוואָרן דורך סאָבינען און איר קריסטלעכער ווירטין. סאָבינע־שיינדעלע (די טאָכטער פון משה־פּרץ בערנשטיין, אייגנטימער פון אַ ראַווערן־וואַרשטאַט), אַ קליין מיידעלע מיט 12 יאָר צוריק, איז איצט גרויס מיט יסורים און אָן חלומות.

און דאָס איז, אין קורצן, וועגן אירע איבערלעבונגען:

„ביים אויסברוך פון דער 2־טער וועלט־מלחמה האָב איך זיך צופעליק געפונען ביי מיין שוועסטער אין לעגיאָנאָווע.

בעת דער ליקווידאַציע פון לודווישינער געטאָ סוף פון 1942, איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן קיין וואַרשע, און נאָך לאַנגע מאַטערנישן צו קויפן אַרישע דאָקומענטן. נאָך ווייטערע לאַנגע זוכענישן און וואַנדערונגען האָב איך געפונען אַ צימער ביי מיין איצטיקער ווירטין, אַן איידעלער און גוטער פרוי. איך לעב אין אַ שטענדיקן פּחד און האָב מורא צו פאַרלאָזן מיין איצטיקע קריסטלעכע סביבה און זיך צוריקקערן צו מיינע ברידער״.

דאָס אַלץ האָט זי דערציילט, אין דער פּוילישער שפּראַך, אין דער אַנוועזנהייט פון איר ווירטין, וועלכע נאָר זי האָט געוווסט איר סוד, אַז זי איז אַ יידיש קינד און זי קיינמאָל נישט פאַראַטן.

איר דערציילונג איז געענדיקט. טרערן פאַלן און זי בעט מיין עצה.

איך האָב איר דערציילט וועגן די אָפּגעראַטעוועטע, מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן, וועגן זייערע פּלענער און איר איבערגעגעבן אַ געטרייעם גרוס פון אַלע אירע דריי שוועסטער אין א״י.

כ׳האָב זי געטרייסט און געראָטן וואָס צו טאָן. כ׳האָב זי איינגעלאַדן צו דעם צוזאַמענטרעף פון אַלע סעראַצקער אין פּראָגע, וואָס וועט פאָרקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום.

זי האָט, נאָך לאַנגע וואַקלענישן, צוגעזאָגט צו קומען.



כ׳האָב באַזוכט דעם יידישן קינדער־היים אין אָטוואָצק, אין וועלכן כ׳בין איינגעלאַדן געוואָרן דורך די היים־דירעקטאָרינס, די פרויען י. בלום און ווינאָוועט.

די קינדער־היים געפינט זיך אין צענטער פון אַ וואַלד. די צימערן — ריינע און געראַמיקע. די קינדער באַקומען דאָ אַ גוטע באַהאַנדלונג און אַ טייל פון זיי האָבן אָנגעהויבן אויך אַ ביסל לאַכן.

אין דער „היים״, אונטער דער אויפזיכט פון צענטראַלן קאָמיטעט פון די פּוילישע יידן, געפינען זיך קינדער־יתומים, וועלכע זענען נאָך אַלס זויגלינגען איבערגעגעבן געוואָרן דורך זייערע עלטערן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, צו קריסטלעכע פאַמיליעס און קאַטוילישע קלויסטערס און אַ טייל פון זיי זענען אויך פּשוט פון דער גאַס אַראָפּגענומען געוואָרן.

די מערהייט פון די קינדער ווייסן נישט ווער עס זענען זייערע עלטערן און זייער אומגאַנגס־שפּראַך איז אויסשליסלעך פּויליש.

זייער עלטער איז פון 4 ביז 16 יאָר.

די גרויסע קינדער באַזוכן די אַלגעמיינע, מלוכהשע פאָלקס־שולן. אין דער „היים״ עקזיסטירן קורסן פאַר יידיש, ליטעראַטור און יידישער געשיכטע. דאָ איז אויך טעטיק אַ קורס פאַר העברעיש.

כ׳האָב פאַרבראַכט מיט די קינדער אַ גאַנצן טאָג און מ׳האָט מיך געבעטן דערציילן לעגענדעס און זיי לערנען לידער.

אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ ראָד און אָנגעהויבן זינגען. איך האָב דערציילט וועגן מסדה, בר כוכבא, וועגן דער יידישער בריגאַדע און געזונגען פאַר זיי די לידער: „על חלון, על חלון״, „מלאו אסמינו בר״ א. א.

די הויז־דירעקטאָרינס זענען געשטאַנען ביי די ווענט פון זאַל און האָבן

געשיינט פון גליק. אויך די קינדער האָבן אַלץ פאַרגעסן און זענען גליקלעך געווען.

כ'האָב קאָנטראָלירט די רשימות פון קינדער אין די יתומים־הייזער און אַ געדעכעניש פון סעראַצק נישט געפונען.

שפעט ביינאַכט האָב איך זיך אומגעקערט צו מיין וווינונגס־אָרט אין איינעם פון די וואַרשעווער קיבוצים.



מיט דער האָפענונג צו געפינען אַפּגעראַטעוועטע האָב איך באַזוכט לעגיאָ־נאָוואָ, ווו עס האָבן זיך עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה באַזעצט צענדליקער סעראַצקער משפחות, כדי צו געפינען דאָרט פרנסה.

דאָס אָרט, וואָס איז מיר געווען באַקאַנט נאָך פון פאַר דער מלחמה, איז געווען פוסט און איינצלנע מענטשן האָבן דורכגעשוועבט די גאַסן ווי גייסטער־שאָטנס. אויפן אָרט האָבן זיך געפונען נאָר עטלעכע יידן און איינער פון זיי, באַק שמואל, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז די מערהייט פון די געראַטעוועטע סעראַצקער זענען אין די פליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד און קיין לעגיאָנאָוואָ איז קיינער נישט צוריקגעקומען.

ער האָט מיר איבערגעגעבן די פאָלגנדע ידיעות וועגן דעם ביטערן סוף פון עטלעכע סעראַצקער:

יוסף פישמאַן איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע פון דעם וואַר־שעווער געטאָ, און זיין ווייב חוה פישמאַן־מעלניק איז געשטאָרבן אין געטאָ פון הונגער.

אהרון פאַסקאָוויטש הי"ד איז דערשאָסן געוואָרן אין געטאָ. זיין פרוי חנה פאַסקאָוויטש־פיינבוים און חיים ווײַנקראַנץ זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

דער קליינער זון פון חיים ווײַנקראַנץ הי"ד האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום צוים פון געטאָ, און נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אַריינשפּרינגען אין דער ווייסל, ווו ער איז דערשרונקען געוואָרן.

מאַשקע פאַסקאָוויטש און נעמי ווײַנקראַנץ הי"ד זענען דערשאָסן געוואָרן דורך דעם פאָליאַק, ביי וועמען זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

ר' העניך פאַסקעוויטש ז"ל איז געקומען צו זיינע קינדער אין לעגיאָנאָווער

געטאָ פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסק, ווו ער איז צוזאַמען מיט אַלע סעראַצקער יידן פאַרטריבן געוואָרן ביים סוף פון 1939.

הערשל פינקעלשטיין הי״ד איז דערשאָסן געוואָרן אין דעם אָרט, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן.

חנה ראָזענבערג, די פרוי פון ר׳ יחיאל ראָזענבערג הי״ד, איז דערשאָסן געוואָרן נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ דורך פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אויסגעפונען איר באַהעלטעניש.

ר׳ חיים ראָזענבערג הי״ד איז אומגעקומען אין טרעבלינקע, דאָקעגן זיין פרוי און די טאָכטער סאָלאַ זענען דערשאָסן געוואָרן אין זייער באַהעלטעניש נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

אַ דערדריקטער האָב איך פאַרלאָזט לעגיאָנאָווע און צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. כ׳בין גלייך אַוועק אין צענטראַלן יידישן קאָמיטעט, בכדי צו קאָנטראָלירן די נאָר וואָס ניי־דערשינענע ליסטעס פון די צוריקגעקומענע פון סאָוויעט־רוסלאַנד. איך באָד זיך אין אַ ים פון פּאַפּירן, זוך, פאַרגלייך — אָבער אָן רעזולטאַט.

פאַרלאָזנדיק דאָס ביוראָ, איז צו מיר צו אַ יונגער שיינער בחור, מיך אַרומגעאַרעמט און געזאָגט: „העי, מיין אינסטרוקטאָר, דו דערקענסט מיך נישט ? איך בין דיין חניך שמחה וועגנער״. כ׳האָב אים גלייך דערקענט. ווען איך האָב פאַרלאָזט סעראָצק איז ער נאָך געווען אַ קינד און איצט שטייט פאַר מיר אַ מענטש ווי אַ בוים. ער האָט מיך באַגלייט ביז מיין וווין־אָרט, נישט אויסרעדנדיק אויפן וועג קיין איין וואָרט. זיין אויפפירונג האָט מיך שטאַרק געוווּנדערט, און ווען איך האָב אים געפרעגט וועגן דער סיבה פון זיין שווייגן, האָט ער מיר געענטפערט נישט מיט ווערטער, נאָר מיט אַ ברייטן שמייכל. כ׳האָב אים איינגעלאַדן זיך באַטייליקן אין דעם נאָענטן צוזאַמענטרעף פון די סעראָצקער אָפּגעראַטעוועטע. ער האָט צוגעזאָגט צו קומען, אָבער פון דעם מאָמענט זענען זיינע שפּורן פאַרלוירן געגאַנגען.

אין דעם זעלבן אָוונט האָב איך זיך באַטייליקט אין אַ ספּעציעלער זיצונג פון דער קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע פון די וואַרשעווער־פּראַגער קיבוצים.

איך בין באַאויפטראַגט געוואָרן דורכצוזוכן אין דעם צפונדיקן טייל פון וואַרשע אַ געוויסע צאָל פון קאַטוילישע קלויסטערס, מיטן ציל צו געפינען דאָרט באַהאַלטענע יידישע קינדער און זיי איבערפירן אין יידישע אַנשטאַלטן.

כ׳בין אַוועקגעפלויגן אויף עטלעכע טעג קיין דאַנציק. דערנאָך באַזוכט שטעטין און צוריקגעקומען קיין וואַרשע.



אין דער צווייטער העלפט פון חודש מאַי 1946 איז פאָרגעקומען דער צוזאַ־מענטרעף פון אַלע סעראַצקער אין הויז פון חוה גרינבערג (שוואַרצבערג), פּראַגע, יאַגעלאָנסקאַ 27.

צו דעם צוזאַמענטרעף זענען געקומען: איטקע מיאַדאָווניק, יהודה מענדזע־לעוווסקי, מאַלע מענדזעלעווסקי־ראָזענטאַל, שיינדעלע־סאַבינע בערנשטיין, חיה־טשע גאָדעס־יאַניש, מאַניע שוואַלבערג פוןווישקאָוו, די שוועסטער פון ר׳ יעקב קאָלוסקי און איך.

מיר זענען צוגעקלאַמערט געוואָרן איינער צום צווייטן און פאַרזונקען אין רעקאָנסטרואירן געשעעענישן, דאַטעס, ערטער, פּאַסירונגען א. אַ. וו.

איינצלנע איבערגעבליבענע פון אַ לעבעדיק־ברויזנדער קהילה האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן ביינאַנד — און דער גאַנצער אמת איז פאַר זיי אַנטפּלעקט געוואָרן.

מיר האָבן צו ביסלעך געגעסן, געטרונקען און שטיל געזונגען די לידער פון דער יוגנט, האָפענונג און שטורעם.

די נאַכט איז צוגעפאַלן, און אָט אַן איבערראַשונג: די טיר האָט זיך געעפנט און אין צימער איז אַריין מיט פרייד און געוויין אונדזער טייערער חבר הלל פרידמאַן, דער זון פון אבא־לייב דער שמיד הי״ד. מיר האָבן זיך אַלע אויפגע־שטעלט, אים אַרומגעאַרעמט, און דערנאָך האָט הלל דערציילט זיינע איבערלע־בענישן, אָנהייבנדיק פון ערשטן גרוש קיין פּולטוסק, גנבענען די גרענעץ און די מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד — ביזן לעצטן מאָמענט.

ער האָט פאַרענדיקט, שטיל געבליבן און געוועזן איבערגליקלעך זיך צו געפינען, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון ליידן און וואַנדערונגען, צוזאַמען מיט זיינע יוגנט־חברים.

אַ ביסל שפּעטער האָט זיך נאָך אַ מאָל געעפנט די טיר און אויף דער שוועל איז דערשינען נאָך אַ לעבנגעבליבענער — בונעם אַגראַדאָווער — וועלכער איז אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד־געשרייען און הייסע קושן. בונעם איז געווען שטיל און נישט געקענט, פון גרויס איבערראַשונג, אויסריידן אַ וואָרט.

כ׳האָב מיט יעדן איינעם באַשטימט צוזאַמענטרעפן אין פאַרשידענע ערטער. די שטרעבונג פון אַלע איז צו פאַרלאָזן גלייך פּוילן און אָנהייבן בויען אַ ניי לעבן אין אונדזער היסטאָרישן פאָטערלאַנד.

אויף דעם צוזאַמענטרעף בין איך אינפאָרמירט געוואָרן וועגן איבערגעבלי־בענע סעראַצקער, וועלכע געפינען זיך אין לאָדזש.

דערמונטערטע זענען מיר זיך פונאַנדער געגאַנגען מיטן מאָרגן־ליכט.



עטלעכע טעג נאָך דעם אויבנדערמאָנטן צוזאַמענטרעף בין איך אַוועקגעפאָרן קיין לאָדזש.

אין לאָדזש זענען צו יענער צייט געווען קאָנצענטרירט אַ פּאָר טויזנט יידן פון פאַרשידענע לאַגערן, וועלדער, פּרי׳ערדיקע איינוווינער און האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרעסערע קאָנצענטראַציע, ווי אין דער הויפּט־שטאָט וואַרשע, וואָס איז געווען צעשטערט.

איך בין גלייך אַוועק אין הויז פון שטאָטישן יידישן קאָמיטעט אויף שרוד־מיעסקע גאַס 32. מאַסן יידן באַלאַגערן דאָס הויז און די אומגעבונג. כ׳בין גלייך, נישט פאַרהאַלטנדיק זיך, אַרויף אין אינפאָרמאַציע־צימער און אָנגעהויבן קאָנטראָלירן די אַלגעמיינע און שטאָטישע ליסטעס. דאָ האָב איך מצליח געווען מער ווי אין וואַרשע און געפונען עטלעכע באַגלייבטע אַדרעסן און באַקאַנטע נעמען פון אונדזער שטעטל און אומגעבונג .

איך האָב באַקומען וויכטיקע אינפאָרמאַציעס פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אָנגע־שטעלטן אין דער דערציונגס־אָפּטיילונג פון יידישן קאָמיטעט, וועלכע האָבן מיר שטאַרק גענוצט אין מיין אַרבעט ביים זוכן איבערגעבליבענע — ווי אויך קינדער אין די קאַטוילישע קלויסטערס — אין אַלע טיילן פון פּוילן.

אויך דאָ האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז אַ סאָלדאַט פון דער יידישער בריגאַדע געפינט זיך אויפן אָרט און ווען איך בין אַראָפּ אין הויף, בין איך מיט וואַרעמקייט און פרייד אַרומגערינגלט געוואָרן דורך מיינע געפּיי־ניקטע ברידער. נאָכן ברייטן „שלום עליכם", אומאַרמונגען און טרערן פון פרייד, האָב איך אַלע געבעטן מיר זאָגן זייערע פאַרלאַנגען.

מ׳האָט געבראַכט אַ טיש מיט אַ באַנק און אין משך פון שעהן האָב איך פאַרצייכנט אַדרעסן פון קרובים אין א״י און אַנדערע לענדער, וועמען איך דאַרף אינפאָרמירן וועגן די אָפּגעראַטעוועטע.

נאָך דער רעגיסטראַציע, האָט מען מיך געפרעגט אַ סך פראַגן און אין מיין אויספירלעכן ענטפער האָב איך דערציילט וועגן דעם יידישן כוח און קאַמפן קעגן

דער בריטישער מאַכט אין א״י, איבער די וועגן פון דער עפלה און זייער צוקונפט.

דאָס צוהערן זיך — אַן ערנסט־שטרענגס. טרערן־טראָפּנס גלאַנצן אין די איוגן און איך האָב זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט זייער האַרץ־קלאַפּ און טיף־זעלישן דראַנג צו דער גאולה.

אַ טייערע, פון אַלעם טייערסטע מתנה, טראָג איך מיט מיר — און וועל זי אייביק טראָגן — פון דעם צוזאַמענקום: ענדיקנדיק מיינע ווערטער, האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַ שלאַנקע עלטערע פרוי מיט גרויע האָר און אין שוואַרצן געקליידט, אַרויפגעלייגט אירע צוויי הענט אויף מיין קאָפּ און מיט אַ קלאָרער קלינגענדיקער שטימע — אין יידיש און העברעיִש — געזאָגט: „זאָל דיך גאָט אָפּהיטן פון יעדער צרה און פּיין, ווייל דו ביסט איינגעגלידערט געוואָרן אין אונדזערע יסורים און ווייען״.

און דער גאַנצער קהל האָט געענטפערט: „אָמן״.



אַ ווישקאָווער ייד, וועלכער האָט מיך באַגלייט צו מיין וווינונגס־אָרט, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז מיין חבר אלחנן ראָזענבערג לעבט און געפינט זיך אין איינעם פון די אָרטיקע קיבוצים.

אין אָוונט בין איך איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ געשפּרעך אין „השומר הצעיר״־קיבוץ אויף קילינסקי גאַס 49, און ווי נאָר כ׳האָב איבערגעטרעטן די שוועל איז פאַר מיר דערשינען מיין חבר חנן ראָזענבערג. מיר האָבן זיך אומגע־אָרעמט און עטלעכע מינוט האָט קיין איינער פון אונדז נישט געקענט — צוליב דער איבעררעאַשונג — אויסריידן אַ וואָרט.

מיר האָבן זיך אָוועקגעזעצט אין אַ נאָענטן צימער און חנן האָט מיר דערציילט וועגן אומקום פון זיין משפחה: זיין פאָטער משה און מוטער מרים, זיינע שוועס־טער רבקה און פייגעלע, זיין עלטערער ברודער פייוול — פּעטערס, מומעס, קוזינען און קוזינקעס הי״ד.

די משפחה ראָזענבערג אין סעראָצק איז געווען די גרעסטע און צוממערסטן פאַרצווייגטע און האָט געציילט בערך 150 נפשות.

חנן האָט סקיצירט זיין וואַנדערונג־פּרשה אין סאָוויעט־רוסלאַנד, זיין צוריק־קומען קיין פּוילן ביזן לעצטן מאָמענט. ער האָט מיר אויך איבערגעגעבן, אַז זיין

קוזינקע נעשקע, די טאָכטער פון שמואלקע ראָזענבערג ז״ל, איז לעבן געבליבן און געפינט זיך נאָך אין פוילן.



צו מאָרגנס זענען מיר ביידע אַרויס זוכן שטאָטישע אין די וווינונגס־פלעצער פון די יידן.

מיר האָבן געפונען וויטאָ זביק־ריבאַלסקי מיט איר מאַן און צוויי קינדער אויף קילינסקי גאַס 7.

פון איר האָבן מיר באַקומען צוגאַב־אַדרעסן און גלייך דערנאָך האָבן מיר געפונען פייוול צוקער, דאָס אייניקל פון ר׳ דוד ראָזענבערג און יצחק־מאיר צוקער, דער שטאָט־מוהל הי״ד. די אויבנדערמאָנטע האָבן מיר דערציילט וועגן זייערע וואַנדערונגען און קלאָר געמאַכט די דימענזיעס פון חורבן.

איך האָב מיט זיי באַשטימט טערמינען פון אַ צווייטן צוזאַמענטרעף.

די מערהייט איבערגעבליבענע טראַכטן גאָרנישט וועגן בלייבן אין פוילן, און דאָס פאַרלאָזן דאָס לאַנד געפינט זיך אין אַ פּערמאַנענטער שטייגערונג.

אַדרעסן ווערן גלייך אומגילטיק און עס איז נויטווענדיק זיך צו געפינען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די אַריינפאָר־אַרויספאָר־פּונקטן.

די מערהייט יוגנטלעכע, וועלכע האָבן באַשלאָסן עולה צו זיין גלייך קיין א״י, האָבן זיך אָרגאַניזירט אין קיבוצים פון אַלע שטרעמונגען און ריכטונגען.

איין טאָג האָב איך באַזוכט דעם „החלוץ המזרחי״־קיבוץ אויף פּאָלודניאָוואַ גאַס 20 און איבערגעלעבט אַן אויסערגעוויינלעכע איבעררעשונג — דאָ האָב איך געטראָפן די פיר ברידער נאָוואָגראָדסקי (קינדער פון ר׳ מנחם נאָוואָגראָדסקי ז״ל, דער קאַשע־מאַכער): יוסף, ישעיהו, שמואל און ישראל, — געזונטע, שיינע און גאַנצע!

די געמיינזאַמע טיפע איבערלעבונג איז שווער צו שילדערן. מיר האָבן זיך איינער צום אַנדערן געטוליעט און פאַרזונקען אין צוזאַמען־געשפּרעך פון לאַנגע שעהן. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז אויך זייער שוועסטער בינע לעבט און געפינט זיך אין דייטשלאַנד.

כ׳האָב ביי זיי פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג מיט אַן אָוונט. בעת דער סעודה, צוזאַמען מיטן גאַנצן קיבוץ, האָב איך געזונגען און זיי געלערנט דאָס ליד: גלו, גלו, אבן גל, מהרים חצבנוה...

נאָכן ברכת המזון האָב איך געזאָגט ווערטער פון טרייסט און דערמונטערונג און אויך אָנגעוויזן די פאַרשידענע וועגן צו דער אויסגעטרוימטער גאולה.

כ'האָב באַשטימט מיט די ברידער אַ צווייטן צוזאַמענטרעף, אין אַ פּאָר טעג אַרום, ביי פּייוול צוקער.

אונדזער עדה וואַקסט צו ביסלעך.



כ'בין איינגעלאַדן געוואָרן צו באַזוכן די יידישע שול אונטער דער לייטונג פון דיכטער מענדל מאַן.

כ'בין דערשינען פּינקטלעך און פאַרגעשטעלט געוואָרן, דורך דעם מנהל, פאַר די קינדער. זיי האָבן מיך וואַרעם באַגריסט מיט די ווערטער: „ברוך הבא בצל קורתנו".

דער רוב פון די קינדער האָבן לאַנג געלעבט אין קלויסטערס אָדער ביי קריסטלעכע פאַמיליעס. עטלעכע פון זיי זענען דורך אַן איידל־רחמנותדיקער האַנט אויפגעזאַמלט געוואָרן פון די גאַסן.

אַ פּאָר קינדער זענען געבוירן געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד און זיך אומגעקערט פון דאָרט, צוזאַמען מיט זייערע עלטערן, מיט עטלעכע וואָכן צוריק.

לויטן עלטער זענען זיי אַלע טאַקע קינדער, אָבער רייף־דערוואַקסענע אין שווערע לעבנס־פּרוון.

כ'האָב פאַר זיי געזונגען א"י־לידער און דערציילט קינדער־לעגענדעס. די קינדער האָבן געזונגען די לידער:

„על חלון, על חלון, עמדה צפור יפה", „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל" א. אַ. דערנאָך האָבן מיר געפירט אַ פרייען לאַנגן געשפּרעך. זיי האָבן געפרעגט וועגן דער בריגאַדע און אירע קאַמפן, וועגן קינדער־לעבן און קרובים אין א"י און געקוקט מיט התלהבות אויף מיין מונדיר.

די קינדער־דערוואַקסענע האָבן אויפגעטרייסלט מיט זייער פילפאַרביקייט, שאַרפקייט און לעבנס־חכמה.

מיט אַן ענטוזיאַסטישן האָראַ־טאַנץ, און מיין צוזאָג צו געדענקען זיי האָבן מיר זיך געזעגנט.



דער שול־דירעקטאָר מענדל מאַן האָט מיר געראָטן צו באַזוכן די קינדער־היים אין העלענוועק, ביי לאָדזש, ווו עס געפינען זיך קינדער פון וואַרשעווער־פּולטוסקער געגנט.

כ׳האָב באַזוכט די קינדער־היים און העלענוועק, וועלכע געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון צענטראַלן קאָמיטעט פון די פּוילישע יידן, און בין האַרציק אויפגענומען געוואָרן דורך דער דירעקטאָרין פרוי פיינגאָלד.

כ׳האָב קאָנטראָלירט די קינדער־ליסטע און געפונען דריי סעראָצקער, קינדער פון לאה די טאָכטער פון ר׳ יוסף גזשעביעניאַזש (דער נאַשעלסקער שניידער) הי״ד.

כ׳האָב לאַנג גערעדט מיט די דריי זיסע קינדער, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט עפּעס וועזנטלעכס צו דערציילן, ווייל בעתן מלחמה־אויסברוך זענען זיי גאַר יונג געווען.

כ׳האָב זיי פייערלעך צוגעזאָגט באַזוכן סעראָצק און איבערגעבן אַ האַרציקן גרוס זייער מוטער לאה.

אין דער קינדער־היים זענען דאָ 100 קינדער אין עלטער פון 3 ביז 17 יאָר.

די עלטערע, אָנהייבנדיק פון עלטער 8—9 יאָר, באַזוכן די מלוכהשע פאָלקס־שול אין שטאָט, די יינגערע דערציִען זיך אויפן אָרט.

עס עקזיסטירן דאָ קרייזן פאַר יידיש, יידישע ליטעראַטור, העברעיִש און יידישע געשיכטע. די גאַנצע דערציִונגס־אַרבעט פירט זיך אין דער פּויליִשער שפּראַך.

כ׳בין איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ געשפּרעך מיט די דערוואַקסענע קינדער. כ׳האָב גערעדט וועגן די איבערגעבליבענע יידן אין אייראָפּע, וועגן די קאַמפן פון דער יידישער בריגאַדע און פון יידישן ישוב אין א״י, און איבער דעם לעבן פון קינדער און יוגנט אין א״י.

כ׳בין געפרעגט געוואָרן אַ סך האַרבע פראַגן און אויף אַ טייל פון זיי בין איך נישט מסוגל געווען צו ענטפערן:

„פאַרוואָס האָט מען אונדז פיינט?" „פאַרוואָס האָט די גאַנצע וועלט דער־מעגלעכט היטלערן ימ״ש צו מאָרדן אַזוי פיל יידן?"

צוליב דער דערדריקנדיקער שטימונג, האָבן מיר נישט געקענט — אין אַ קינדער־ און יוגנט־היים! — פאַרענדיקן דעם שמועס מיט טענץ און געזאַנג. מיר זענען זיך שטיל פונאַנדערגעגאַנגען.



כ׳האָב דאָרט באַקענט צוויי קינדער, וואָס זייער פאַרגאַנגענהייט כאַראַקטע־ריזירט דעם טיפן אָפּגרונט פון חורבן:

1. דאָס מיידל א. אַ שיינע און שלאַנקע, האָט זיך דערצויגן עטלעכע יאָר אין אַ קאַטוילישן קלויסטער און ווען מ׳האָט זי געבראַכט קיין העלענוווּעק, האָט זי די גאַנצע צייט הויך־היסטעריש געשריגן: „איך וויל נישט זיין מיט יידן, זיי האָבן דערמאָרדעט קריסטוסן״. היינט איז זי אַן אַנדערע.

2. דער 18־יאָריקער ב. איז געווען אין מאַטהאַוזען און געאַרבעט ביים פאַר־ברענען די טויטע קערפּערס אין קרעמאַטאָריע.

אין איין טאָג איז אין זיינע הענט אַריינגעפאַלן דער טויטער קאַלטער קערפּער פון זיין אייגענעם פאָטער, וועלכער האָט צוליב זיין לענג נישט געקענט אַריין אין ברענענדיקן אויוון. דער סאַדיסטישער קאַפּאָ האָט געוואָלט צעהאַקן דעם קערפּער אויף עטלעכע טיילן, אָבער דאָס קליינע קינד און זון האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפן קערפּער און נישט געלאָזט אָנרירן דעם פאָטער.

דער קאַפּאָ האָט דאָס מאָל „מוותר״ געווען און דער קערפּער איז אַ גאַנצער פאַרברענט געוואָרן.

די דערציערין לאַניאַ איז באַליבט ביי די קינדער, וועלכע רופן זי „מאַמע״. זי האָט געלעבט אין געטאָס, פאַרניכטונגס־לאַגערן און דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרן. פאַר דער מלחמה האָט זי געאַרבעט מיט ד״ר יאַנוש קאָרטשאַק און סטעפאַניע ווילטשינסקי אין דעם באַרימטן יתומים־הויז אין וואַרשע אויף קראָכ־מאַלנע גאַס. זי זעצט פאָר איר הייליקע אַרבעט און איז מקריב איר לעבן פאַר די באַרויבטע קינדער.

נאָכן אויסהערן די אויבנדערמאָנטע קאַפּיטלען פון די איידעלע קינדער האָב איך, אין אַ דערדריקטער שטימונג, פאַרלאָזט דאָס אָרט.



אין אויבנדערמאָנטן אָנשטאַלט האָב איך באַקומען ידיעות און אַדרעסן וועגן ערטער, אין וועלכע עס געפינען זיך סעראַצקער קינדער.

כ׳האָב גלייך פאַרלאָזט לאָדזש אויף אַ פּאָר טעג און אָנגעהויבן וואַנדערן

אין דער ברייטער און גרויסער אומגעבונג — און נאָכאַמאָל: קלויסטערס, קאַ־טוילישע פאַמיליעס, רעליגיעזע דיסקוסיעס און אונטערהאַנדלונגען מיט גלחים, נזירים, הייליקע שוועסטער און באַקענען די קינדער אַליין.

די אַקציע איז נישט געווען אומזיסט. כ׳האָב אויסגעפונען עטלעכע קינדער — נישט קיין סעראַצקער — און זיי איבערגעגעבן די געהעריקע אַנשטאַלטן.

צוריקקומענדיק קיין לאָדזש האָב איך זיך געטראָפן מיט חברים־מיטאַרבע־טער אין קיבוץ „דרור" אויף נאַרוטאָוויטש גאַס און באַקומען צוגאָב־אַדרעסן וועגן סעראַצקער, וועלכע געפינען זיך אויפן אָרט.

כ׳האָב זיך געטראָפן מיט רבקה קוליגאָווסקאַ (היינט וויסאָצקאַ), די אלמנה פון אברהמטשע ווישניעוויטש הי״ד, אין איר הויז אויף זאַכאָדניע גאַס 34, צוזאַמען מיט איר מאַן און קליינעם זון, און געהערט וועגן אירע וואַנדערונגען און צרות ביזן לעצטן טאָג. נאָך אַ טראָפּן אין סם־בעכער.



אין יוני 1946 איז פאַרגעקומען, ביי פייוול צוקער, אַ צוזאַמענטרעף פון די סעראַצקער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין לאָדזש. אין דעם צוזאַמענטרעף האָבן אָנטייל גענומען: חנן ראָזענבערג, וויטע זביק, די 4 ברידער נאָוואָגראָדסקי, הלל פרידמאַן (וועלכער איז ספּעציעל געקומען פון וואַרשע), רבקה קוליגאָווסקאַ און איך.

די שמחה איז געווען גרויס. פראַגן און ענטפערס אָן אַ סוף. מיר האָבן געזונ־גען און פאַרגעסן אַ ווייל, וואָס ס׳האָט מיט אונדז פּאַסירט אין די לעצטע יאָרן.

אין מיטן געזאַנג עפנט זיך די טיר און מיר זעען: אויפן שוועל באַווייזט זיך מאַלאַ ראָזענבערג־יאַסקאָוויטש, די טאָכטער פון ר׳ יחיאל ראָזענבערג הי״ד, אין איינעם מיט איר מאַן.

מיר האָבן זיי גלייך איינגעגלידערט אין אונדזער ראָד. אומאַרעמונגען, קושן, פראַגן און ענטפערס — אויף פרייד־טרערן אין די אויגן.

פאַרבראַכט האָבן מיר ביז שפּעט אין דער נאַכט. מיר האָבן אויסגעטוישט אינפאָרמאַציע און באַשלאָסן בלייבן איינער מיטן אַנדערן אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט, ווייל אין די נאָענטסטע טעג, וועלן עטלעכע פון די אַנוועזנדע אָנהייבן זיך באַוועגן אין די ריכטונגען פון די גרענעצן.



כ׳האָב באַזוכט אין דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אויף נאַרוטאָוויטש גאַס 32 און זיך געטראָפן מיטן וויסנשאַפטלעכן סעקרעטאַר נ. בלומענטאַל.

כ׳האָב אים געפרעגט אויב עס געפינען זיך דאָרט דאָקומענטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער סעראַצקער קהילה, ווי: טאָג־ביכער, קהילה־פנקס, בילדער א. אַ. וו. דער העפלעכער סעקרעטאַר האָט מיך אינפאָרמירט, אַז ביז איצט איז נאָך דער גאַנצער געגעבענער מאַטעריאַל נישט סאָרטירט געוואָרן און האָט מיר צוגעזאָגט ,אַז יעדער דאָקומענט, וואָס וועט געפונען ווערן איצט און אויך אין דער צוקונפט — וועט שטיין צו מיין דיספּאָזיציע צו קאָפּירן.

און ווירקלעך איז טאַקע אַזוי געווען: אַ יאָר נאָכן געפינען דעם רינגעלבלום־אַרכיוו, האָבן מיר דערהאַלטן אויטענטישע איבערשריפטן פון די אַרטיקלען וועגן סעראַצק פון צבי קליינמאַן און אברהם שפילקאָ הי״ד.

די רעדאַקציע פון דער יידישער צייטונג „דאָס נייע לעבן”, וואָס איז דערשינען אַפּן לאַדזש 4 מאָל אין דער וואָך, האָט מיר דערלויבט באַנוצן זיך מיט דער קאַרטאָטעקע פון די יידן, פון פּוילן און פון אויסלאַנד, וועלכע האָבן זיך צו איר געוואָנדן אין פאַרשידענע אָנגעלעגנהייטן, מיטן ציל אויסצוגעפינען נעמען פון שטאָטישע, מיט וועלכע עס איז ביז איצט נישט געווען קיין שום פאַרבינדונג.

אַדאַנק דער קאַרטאָטעקע, האָב איך מצליח געווען זיך צו פאַרבינדן מיט אַ סך, וועלכע האָבן פאַרלאָזט פּוילן — און אויך מיט אַזעלכע, וואָס זענען בכלל קיין פּוילן נישט צוריקגעקומען — און געפינען זיך אין די פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך.

כ׳האָב עטלעכע מאָל פאַרעפנטלעכט אין דער אויבנדערמאָנטער צייטונג ווענדונגען צו אַלע סעראַצקער, און געבעטן זיך מיט מיר צו פאַרשטענדיקן, אָדער לויט דעם אַדרעס פון מיין ברודער יחיאל־מאיר אין א״י.



כ׳בין געפאָרן אויף עטלעכע טעג קיין וואַרשע, כדי זיך טרעפן מיט די ניי־געקומענע פון רוסלאַנד.

דאָס מאָל האָט מיך באַגלייט מיין חבר הלל פרידמאַן, און נאָך לאַנגע זוכע־

נישן האָבן מיר, דעם ערשטן טאָג, געפונען אין פראַגע אונדזער שטאָטישן לייזער קאַהן, און דעם צווייטן טאָג — א. באַרנשטיין, וועלכער האָט געוווינט אין איינעם פון די וואַרשעווער קהלה־באַראַקן אויף פּאַנסקאַ גאַס 20. דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער איינציקער געבליבענער בית־המדרש.

אין אָט די אָרעמע און אַלטע באַראַקן, וועלכע זענען פאַרבליבן פון גרויסן גוטס פון דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע, זענען דורכן ייד׳ישן קאָמיטעט איינקוואַרטירט געוואָרן צענדליקער משפחות פון אַלע עקן פון אייראָפּע און צווישן זיי קראַנקע און אָפּגעשוואַכטע.

אונדזער שטאָטישער האָט זיך מיט אונדז שטאַרק דערפרייט און מיר האָבן אין אים אויפגעוועקט אַ לעבנס־האָפענונג.

ביי מנחה־מעריב האָט מען אונדז מצרף געווען צום מנין און ביים סוף האָבן אַלע מתפללים געזאָגט קדיש יתום.

מיינע פעטערס בנימין און יעקב קריסטאַל מיט זייערע פאַמיליעס הי״ד פון סעראַצק האָבן, אין דער צייט פון דער מלחמה, געלעבט אין נאָענטסטן הויז — פּאַנסקאַ גאַס 18.

כ׳האָב זיך אָוועקגעשטעלט פאַר דעם הויז, געזוכט זייערע שפורן — נאָר פאַלנדיקע, צעשטערטע ווענט זענען געבליבן אַלס עדות פון די אָוועקגעריסענע לעבנס.



כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז אַ געוויסע צאָל יידן — און צווישן זיי עטלעכע סעראַצקער (מ׳האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון יצחק קאַניער, היינט אין ישראל) — האָבן זיך צוריקגעקערט קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק און אומגעבונג, נישט געקוקט דערויף, וואָס מ׳האָט זיי געוואָרנט דאָס נישט צו טאָן, ווייל אין יענער געגנט האָבן די א.ק.־באַנדעס דערמאָרדעט עטלעכע לעבנגעבליבענע יידן, וועלכע זענען געפאָרן באַזוכן זייערע פריערדיקע שטעטלעך.

כ׳האָב באַשלאָסן, נישט געקוקט אויף דער סכנה, באַזוכן די אויבנדערמאָנטע ערטער. אין איין פרימאָרגן בין איך אַרויסגעפאָרן קיין ביאַלאַ מיט אַ געדונגע־נעם טראַנספּאָרט אין דער באַגלייטונג פון צוויי יידישע באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געדינט אין דער פוילישער אַרמיי.

(קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק זענען געבראַכט געוואָרן דער גרעסטער טייל סע־

ראַצקער יידן בעתן ענדגילטיקן גירוש פון סעראַצק ביים סוף פון 1939. עטלעכע צענדליק משפחות זענען איינקוואַרטירט געוואָרן אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך לוקאָוו און לאַמאַזי).

מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַלאַ־פּאַדלאַסק, שפּאַצירט עטלעכע שעה אין די גאַסן און געסלעך מיטן ציל צו געפינען יידן, אָבער, ליידער, אָן רעזולטאַטן. מיר האָבן זיך געוואָנדן צום בירגערמייסטער פון שטאָט, וועלכער האָט אויסגע־דריקט „זיין טיפן צער", וואָס נאָר עטלעכע יידן זענען צוריקגעקומען, אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָבן זיי אויך, „צוליב טעמים, וועלכע ער פאַרשטייט נישט", ענדגילטיק פאַרלאָזט דאָס אָרט.

פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט האָבן מיר באַזוכט „דעם חזיר־מאַרק", דער קאָנ־צענטראַציע־ און פיין־פּלאַץ פון די יידן בעת דער לעצטער אויסזידלונג דעם 26־טן סעפּטעמבער 1942.

אויף דעם אָרט איז אכזריותדיק געפּייניקט געוואָרן דער סעראַצקער בחור זישע גאָלדבערג הי"ד, דער זון פון יעקב גאָלדבערג, וועלכער האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אין סעראַצק אין אָנהייב קאָשטשיושקאָ גאַס, איבער דעם קעלער פון בעקער ר' יצחק ווײַנקראַנץ הי"ד. נאָכדעם ווי די סאַדיסטן האָבן אים אויסגעשטאָכן זיינע אויגן איז ער שטאַרק געשלאָגן געוואָרן מיט ריטער און קינזשאַלן. זישע הי"ד האָט נישט געבעטן קיין רחמים ביי די מערדער. ער האָט זיך העלדיש געהאַלטן און אין דער צייט פון די פּייניקונגען, האָט ער געזאָגט זיינע הענקער האַרבע ווערטער: „איר זענט העלדן אין באַצוג צו שוצ־לאָזע יידן, אָבער איר וועט פאַר אַלעמען טייער באַצאָלן. איר וועט האָבן אַ מפּלה אין דעם קריג און דאָס יידישע פאָלק אין דער גאַנצער וועלט וועט נוקם זיין אונדזער בלוט".

די ווערטער האָבן פאַרשטאַרקט דעם ווילדן כעס פון די רוצחים און זיי האָבן אים שטאַרק געפּייניקט ביז ער האָט אויסגעהויכט, אין גרויסע יסורים, זיין הייליקע נשמה.



אבלים האָבן מיר פאַרלאָזט ביאַלאַ־פּאַדלאַסק און אָנגעקומען קיין לוקאָוו. אויך דאָ האָבן מיר קיין איין ייד נישט געפונען. די פּאָליאַקן האָבן זיך צו אונדז באַצויגן מיט חשד און פון די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען האָבן מיר באַקומען אויס־מיידנדיקע ענטפערס.

קיין לאָמאָזי זענען מיר אָנגעקומען מיטאָג־צייט. דאָס שטעטל איז יידן־ריין.

דער פּוילישער בירגערמייסטער האָט אונדז געבראַכט צום מאָרד־פּלאַץ פון אַלע לאָמאָזער יידן — און צווישן זיי, עטלעכע סעראַצקער פאַמיליעס, ווי: ר׳ יעקב יהושע מיאַדאָווניק און זיין גאַנצע משפחה הי״ד און נאָך, וועלכע זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אין דער נאַכט פון ד׳ אלול תש״ב — 17 אויגוסט 1942, ביי דעם וועלדל הינטער דער שטאָט און באַגראָבן געוואָרן אין אַ גרויסן ברודער־קבר.

מיר האָבן זיך פאַראייניקט מיט זייער אָנדענק. צוזאַמען געזאָגט קדיש און „אל מלא רחמים" — און זיך מיט זיי געזעגנט.



פון מיינעם אַ פּוילישן פריינט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עטלעכע קינדער פון סעראַצק און אַנדערע ערטער געפינען זיך ביי קריסטלעכע פאַמיליעס און אין קאַטוילישע קלויסטערס אין דער געגנט פון דער שטאָט דזיאַלדאָוואַ, ביי מלאַווע.

כ׳בין אריין אין אַ צוג אין וואַרשע און אָנקומענדיק אויף דער סטאַציע אין נאַשעלסק בין איך אויסגעשטיגן. אויף דעם אָרט זענען געפיניקט און צעשלאָגן געוואָרן סעראַצקער מגורשים אין סוף יאָר 1939. מ׳האָט זיי אכזריותדיק אַריינ־געטריבן אין צווייַ צוגן און נאָך אַ וואָקכאַנאַליע פון עטלעכע טעג זענען זיי געבראַכט געוואָרן פאַרמאַטערטע קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק, לוקאָוו און לאָמאָזי.

אַן אַלטער באַן־אַרבעטער האָט מיר געוויזן דעם טאָרטור־פּלאַץ און דעם שטח פון דער „בלאָטע", אין וועלכער אונדזערע איידלסטע און בעסטע זענען געצוווּנגען געוואָרן זיך טובלען איידער זיי האָבן זוכה געווען אַריינגיין אין די וואַגאָנען. אַן אָנגעזעטיקטער מיט יסורים האָב איך פאַרגעזעצט מיין רייזע און אָפּגעפאָרן מיטן צווייטן צוג קיין מלאַווע, ווו עס האָבן אויף מיר געוואַרט די געבליבענע יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין אַ האָטעל אויף זשעראָמסקי גאַס 2.

פון אַ קהלה, וואָס האָט געציילט צענדליקער טויזנטער יידן, האָבן זיך גע־פונען אויפן אָרט עטלעכע צענדליקער. די איבערגעבליבענע האָבן מיר איבער־געגעבן אַ סך מאַטעריאַל מיט בילדער איבער דעם חורבן פון מלאַווער געטאָ.

וועגן דער משפחה פון מיין ברודער יחיאל־מאיר בין איך געוואָר געוואָרן, אַז זיין פרוי אסתרל מיט זייער טעכטערל חנה הי״ד זענען טראַנספּאָרטירט

געוואָרן פון מלאַווער געטאָ קיין אוישוויץ דעם 2טן יאַנואַר 1943 און אומגעקומען דאָרט גלייך מיט אַלע פאַרפּייניקטע.

די מלאַווער יידן האָבן מיך באַזאָרגט מיט צוגאַב־ידיעות וועגן ערטער אין זייער נאָענטסטער סביבה, ווו עס געפינען זיך יידישע קינדער און איינער פון זיי האָט מיך באַגלייט אין מיינע באַזוכן אין די קאַטוילישע קלויסטערס און פּריוואַטע קריסטלעכע פאַמיליעס.

אין משך פון עטלעכע טעג האָבן מיר דורכגעזיפּט אַ גרויסע געגנט און מצליח געווען צו באַפרייען צענדליקער יידישע קינדערלעך און זיי איבערפירן אין די געהעריקע פלעצער. סעראַצקער קינדער זענען צווישן זיי נישט געווען.

## דער באַזוך אין סעראַצק

ביים סוף פון חודש יוני 1946 בין איך געפאָרן באַזוכן סעראַצק. צוליב פאַרזיכטיקייטס־טעמים בין איך געפאָרן פון וואַרשע ביז זעגזשע, 7 מילאָמעטער פאַר סעראַצק, מיט אַ געדונגענעם אויטאָ. פון דער זעגזשער באַן־סטאַציע, מיליטערישע פעסטונגען און קאַשאַרן אין דער אומגעבונג זענען געבליבן נאָר חורבות.

דאָרט האָב איך באַגעגנט עטלעכע פּוילישע באַקאַנטע פון דאָרף וויעלישאָוו, וועלכע האָבן מיך געוואָרנט פון די א.ק.־באַנדעס און נישט פאַרשטאַנען מיין ווילן צו באַזוכן אַ פּלאַץ, וואָס איז אין גאַנצן חרוב געוואָרן.

בכדי אַנצוקומען קיין סעראַצק, מוז מען אַריבערגיין דעם טייך נאַרעוו, און ווייל די בריקן איבער אים זענען געווען צעהאַקט — בין איך איבערגעפירט געוואָרן אויף דער צווייטער זייט מיט אַ פישער־שיפל פאַר אַ זייער טייערן אָפּצאָל. אויף דער צווייטער זייט פון טייך האָט געוואַרט, אויפן שאָסיי, אַ פאַ־סאַזשירן־וואָגן איינגעשפּאַנט אין צוויי פערד. דעם פורמאַן האָב איך גלייך דער־קענט: מיין באַקאַנטער פּאַליאַק טשעסלאַוו סאָקאָלאָווסקי, דער געוו. שותף פון אונדזער שטאָטישן ר׳ יצחק איצקאָוויטש, וועלכער האָט נאָך באַוויזן עולה צו זיין קיין א״י פאַר דער 2־טער וועלט־מלחמה.

דער פורמאַן האָט מיר דערציילט וועגן דער דייטשער אָקופּאַציע־תקופה, דערמאָנט נעמען פון זיינע יידישע חברים און פריינט און אַ סך געשעענישן פאַרשוויגן. אויך ער האָט מיך געוואָרנט פאַר די באַנדיטן־באַנדעס און מיך איינגעלאַדן נעכטיקן ביי אים.

די פור האָט זיך גערירט פון אָרט. די לאַנדשאַפט אַרום — אַ באַקאַנטע: נישט איינמאָל בין איך דורכגעגאַנגען צו פוס די שטרעקע — 7 ק״מ — פון זעגזשע ביז סעראַצק און צוריק.

אָט פאָרן מיר דורך ביים וועלדל זעגזשינעק, ווו עס געפינט זיך דער באַרימ־טער פּאַלאַץ, וואָס האָט אַ מאָל געהערט צום פירשט ראַדזיוויל.

אין דער געגנט פון אָט דעם וואַלד, האָבן מיר — דער השה״צ און אַנדערע — איינגעאָרדנט אונדזערע אויספלוגן און ביי זיין פוס־באָדן זיך געבאָדן אין די קלאָרע וואַסערן פון טייך. דער וואַלד איז גרין און שיין. אין אים זענען יידן פון סעראַצק און אומגעבונג געפייניקט געוואָרן. צי וועלן אַמאָל דיביימער דערציילן וואָס איז נעבן זיי פאָרגעקומען? די בלעטער רוישן, פייגל זינגען — אין מיינע אויערן הער איך אַ געוויין און קרעכצן.

מיר דערנעענטערן זיך. פון רעכטס — דער טייך נאַרעוו און די בערגלעך, צווישן וועלכע עס זענען אין די זומער־חדשים דורכגעפירט געוואָרן אַלע טעטי־קייטן פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אַ ביסל ווייטער — דאָס דערפל באָנקאָווצע, ווו ס׳איז געווען דער דורכפיר־פונקט פון רעכטן צום לינקן ברעג פון נאַרעוו. פון דאָרט האָבן זיך געשלענגלט וועגן צו די דייטשע דערפער, קיין ראַדזימין און צו די ברייטע לאָנקעס, וועלכע האָבן געהערט צו די אָרומיקע פויערים.

די ברייטקייט פון דעם טייך אין דעם פונקט איז עטלעכע הונדערט מעטער. לאַנגע יאָרן האָט געפּאַכטעט דעם „איבערפיר״ (פּשעוואָז) דער ייד ר׳ יהושע — וועלכן מ׳האָט גערופן: שיע פּשעוואָזשניק — וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע שטאַרקע פיזישע כוחות, גוטע מידות און געווען געאַכטעט און באַליבט ביי אַלע.

אָנקומענדיק צו די גרענעצן פון שטעטל בין איך אַראָפּ פון וואָגן. פון רעכטס זע איך דעם קריסטלעכן בית־עלמין מיט זיין הויכן ווייסן פּאַרקאַן, אויף וועלכן ס׳איז נישט צו דערקענען קיין שום מלחמה־סימנים.

אַנטקעגנאיבער, לינקס פון שאָסיי, די מעל־מיל פון בערל איצקאָוויטש און מאָטל מעלניק הי״ד. איך דערנעענטער זיך צו דער מיל און הער אַ רויש פון מאַשינען. דער הויף איז פול מיט פויערישע וועגענער.

אויף מיינע פראַגן ענטפערט מיר דער פּוילישער מילנער, אַז ער האָט גע־

פאַכטעט די מיל ביי די מאַכט־אָרגאַנען, ווייל די פריִערדיקע אייגנטימער זענען דורך די דייטשן פאַרטריבן געוואָרן פון שטאָט און וועגן זייער גורל ווייסט מען נישט ביזן היינטיקן טאָג. ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן, דערקלערט, אַז זיינע הענט זענען ריין און מיר „פאַרזיכערט", אַז אין פאַל ווען די פריִערדיקע אייגנטימער וועלן צוריקקומען, וועט ער גלייך די מיל פאַרלאָזן.

איך געפין זיך אין אָנהייב פון דער וואַרשעווער אָדער 3טער מאַי־גאַס. אַלע הייזער פון דער רעכטער זייט גאַס, די הייזער פון גראַניעוויטש אַן ביז טוביה פרידמאַן, און פון דער לינקער זייט — די פראָנט־הייזער פון פינקלשטיין, שמואלקע ראָזענבערג, משה ראָזענבערג און די הייזער און זייערע גרויסע הויפן — זענען פון דער ערד אָפּגעמעקט געוואָרן, נישט איבערלאָזנדיק קיין געדעכעניש. דער גאַנצער שטח כמעט איז ריין און פאַראַקערט. אין דער סביבה איז גאַנץ געבליבן נאָר דאָס איינציקע נייע הויז פון ר' ישעיהו האָפמאַן הי"ד. איך דערנענטער זיך צו דער געביידע מיט אַ ציטער, און גלייך זיך איבערצייגט, אַז דאָרט געפינען זיך דער מאַגיסטראַט און דער פּאָסט־אַמט.

כ'האָב דאָרט געטראָפן דעם באַקאַנטן פּאַליאַק סטעפאַנטשיק, אַמאָליקער און אויך איצטיקער פּאָסט־דירעקטאָר און געוו. אַנטיסעמיטישער פירער.

ער האָט מיך גלייך דערקענט און אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיין גרויסער פריינטשאַפט מיט מיין פאָטער הי"ד און מיט דער פאַרצווייגטער משפחה ראָזענבערג פון וועלכער, „צו זיין גרויס באַדויערן", קיינער איז נישט צוריקגעקומען. אויך דאָ האָב איך פון אים געהערט אַ „פּראָגרעסיווע דעקלאַראַציע" וועגן זיינע טאָטן לטובת די יידן אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע.

אַ שטילקייט הערשט אַרום און אַרום — מ'זעט קיינעם נישט אין דרויסן.

ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם נייעם בירגערמייסטער לאַטאַללאַ, אַ שמיד פון זעגזשע, אַן אַלטער קאָמוניסט, וועלכער האָט מיך געבעטן צו זיין פאַרזיכטיק און אויך איינגעלאַדן צו נעכטיקן ביי אים אין הויז. לאַטאַללאַ האָט נישט געקענט די סעראַצקער יידן. לויט זיין מיינונג, געפינען זיך אַ געוויסע צאָל יידישע קינדער ביי קריסטלעכע משפּחות אין דער סביבה און ער האָט מיר פאַרזיכערט זיין הילף אין פאַל ווען איך וועל זיך אָנטרעפן אויף שוועריקייטן בעתן איבערפירן זיי אין אַנדערע ערטער.

נאָכן טיי־טרינקען, האָט מיך דער בירגערמייסטער באַגלייט עטלעכע שעה בעת מיין ווייטערן טור אין שטעטל. דאָס גאַנצע נעבן־געסל — אָנהייבנדיק פון ד"ר באָק ביז דער משפחה־וווינונג פון אבא־לייב פּניעווסקי, די הייזער פון פעלדשער טיק, דעם קוישנמאַכער, ר' גדליה שוסטער און יוסף יאַגאָדאַ — זענען

אין גאַנצן פאַרברענט. דער המשך פון דער גאַס, פון ביידע זייטן, ביז צום הויז פון ר׳ יעקב ראָזענבערג הי״ד — חורבות און פאַלנדיקע ווענט.

נעבן דעם געוו. געוועלב פון ר׳ דוד מילשטיין הי״ד, עק וואַרשעווער גאַס — נאַשעלסקער שאָסיי, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מאָנומענט, וועלכער טובלט זיך אין רויטע בלומען, לכבוד דעם אָנדענק פון די פוילישע און רוסישע באַפרייער פון דער שטאָט.

איך זעץ פאָר אויף דער לינקער זייט גאַס, גיי פאַרביי פאַר די הייזער פון הענעך פּאַסקעוויטש, אליעזר אראל, גדליה טוקולסקי, יצחק־מאיר קופּערבוים, די שיך־קראָם פון שמואל פרענקעל, דאָס טיי־הויז פון חינקען הי״ד און גיי אַריין אין הויז־הויף פון רבקהלע מאַלאַוואַנטשיק, נומ. 22, ווו איך האָב געוווינט צוזאַמען מיט מיינע עלטערן עטלעכע יאָר. דער הויף אָפּגעלאָזן, די הייזער פון פראָנט און אין הויף האַלב חרוב. אונדזער געוו. משפּחה־וווינונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּייכלער. די וווינונג פון מיינע געוו. שכנים ר׳ ישעיה מעלניק, ביידע דינה און שמעון כץ און חיהטשע, די טאָכטער פון ר׳ יצחק שוואַרץ הי״ד — פּוסט און ליידיק. דער געוו. פריזיר־אַנשטאַלט פון מאיר אובאַגי הי״ד — אַ טיי־הויז פאַר דורכגייער.

איך בין געשטאַנען אין מיין צעשטערטן הויף, ווו איך האָב געלעבט עטלעכע פון מיינע שענסטע יאָרן, דערמאָנט זיך אין די אַלע לעבנס, וועלכע זענען פאַר־שניטן געוואָרן — און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

מיין באַגלייטער, דער פּשוטער פאָלקס־מענטש, האָט זיך געצלמט. אָנשפּאַרנ־דיק זיך אין דער טיר פון מיין געוו. שטוב, האָב איך שטיל געשעפּטשעט : „טייערע טאַטע־מאַמע מיינע, מיינע טייערע שכנים — ווו זענט איר ?״

שטיל האָב איך פאַרלאָזט דעם הויף פון מיינע יוגנט־יאָרן. כ׳בין פאַרביי דאָס הויז פון ר׳ איטשע־מאיר טיק הי״ד און אַריין אין הויף פון דעמבאָווסקי, הויז נומער 18, ווו איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן.

דער לאַנגער הויף איז פּוסט און האַלב פאַרברענט.

שטייענדיק אויף די חורבות אין צענטער פון הויף האָב איך זיך דערמאָנט אין מיינע פאָלגנדע שכנים פון די קינדער־יאָרן :

ר׳ שמואל־אליהו סטערדינער, דער גלעזער, זיין זון ר׳ אברהם דער סטאָליער מיט זייערע משפחות — טיף־גלויביקע, בעלי־צדקה און ערלעכע האָרעפּאַשנע מענטשן ; ר׳ משה בן פרץ בערנשטיין, דער מעכאַניקער, וואָס האָט זיך באַמיט צו פאַרשטיין יעדעס שרייפעלע און רעדעלע — אַ שמייכלענדיקער און גוט־האַרציקער ; ר׳ הערשל, דער בלעכער — אַ באַשיידענער און שטילשווייגנדיקער ;

ר׳ יצחק־מאיר בערנשטיין , דער מלמד — אַנצאַליקע מאָל בין איך ווי צוגעשמידט געוואָרן צו דעם פענצטער פון זיין „חדר״, צוהערנדיק זיך צו די לעגענדעס, וועלכע ער האָט דערציילט זיינע תלמידים; ר׳ בערל פּאַקאַרסקי, דער פריזירער — אַ האַרציקער און אָרנטלעכער; ר׳ יידל פּיעניק, דער קרעמער — דער מעמדות און תהילים־זאָגער; ר׳ ישעיהו מיאַראַ, דער קרעמער — אַ שנעל־ברויזנדע נאַטור מיט אַן אָפענער האַנט פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן; ר׳ י. גורמאַן, דער אייזן־קרעמער — אַ גלייכער און שטיל־באַשיידענער, זכרונם לברכה.

כ׳האָב פאַרמאַכט מיינע אויגן. איר אַלע, מיינע טייערע שכנים, זענט פאַר מיר דערשינען לעבעדיקע — איך האָב אייך אומגעאַרעמט און געגלעט...

* *
*

כ׳האָב פאַרלאָזט דעם הויף פון מיינע קינדער־יאָרן און אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט. אָנגעקומען צום חרוב־געוואָרענעם הויז פון ר׳ יעקב ראָזענבערג הי״ד, עק וואַרשעווער און קאַשטשושקאָ גאַס, האָב איך זיך אָוועק־געשטעלט ביים אַריינגאַנג פון צעשטערטן שוץ־קעלער, אין וועלכן עס זענען אומגעקומען 70 יידן פון דייטשישע באָמבעס אין די ערשטע טעג פון דער 2טער וועלט־מלחמה. אַלע אומגעקומענע זענען מיר געווען באַקאַנט. מיין ווייטיק איז גרויס. דער הימל איז פאַרכמאַרעט; אַ דינער רעגן פאַלט און עס האָט אויסגעזען ווי דער הימל אַליין האָט אַראָפּגעלאָזט טרערן אויף די אומגעקומענע.

* *
*

אַריינגייענדיק אין דער קאַשטשושקאָ גאַס, האָב איך אָנגעטראָפן מיין פּוילישן באַקאַנטן וויעזשבינסקי יאַן, אַ טעטיקער קאָמוניסט, וועלכער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער וועט זיין צו מיין דיספּאָזיציע די גאַנצע צייט פון מיין פאַרברענגען אין סעראַצק און וועט מיך, צוליב פאַרזיכטס־טעמים, באַגלייטן אין מיינע טורן. דאָ האָט זיך מיט אונדז דער בירגערמייסטער געזעגנט.

נאָך עטלעכע טריט אין דער גאַס האָב איך זיך געטראָפן מיט דעם איינציק איבערגעבליבענעם יידישן נפש פון דער גאַנצער קהילה נאָכן גירוש — לאה, די

טאַכטער פון ר׳ יוסף גזשעביעניאַזש הי״ד — דער נאַשעלסקער שניידער. (איר וווינונג האָט זיך געפונען אין הויז פוןביילע אָסטראָווסקי).

טרערן פון פרייד און געריהרטקייט האָבן געראָנען פון אירע אויגן און זי האָט אָן אויפהער איבערחזרט: „און דאָך בין איך נישט פאַרגעסן געוואָרן, און דאָך האָט מען זיך דערמאָנט אין מיר״.

כ׳האָב איר איבערגעגעבן דעם גרוס פון אירע קינדער, מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן אין דעם קינדער־היים אין העלענוווועק, ביי לאָדזש, — און אירע אויגן האָבן אויפגעשיינט פון פרייד. זי האָט שעהן לאַנג דערציילט וועגן אירע פיינלעך־שווערע וואַנדערונגען אין דער צייט פון גרויסן חורבן און וועגן איר מאַן, וועלכער איז אויף אַ שוידערלעכן אופן דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשישע סאַדיסטן, ווייל ער האָט דערטיילט זיין ברייטע הילף צו אַ סך גע־רודפטע יידן.

איר דערציילונג איז געפלאָסן אָן אַן אויפהער, שעהנווייז, ווי פון אַ שפרודל־דיקן קוואַל.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. אין דרויסן איז שטאָק־פינצטער. נישטאָ קיין מענטשן אין דער סביבה — נאָר איין יידישער נפש וווינט אין אַ גאַס — אַ בית־עלמין.

וויעזשבינסקי האָט מיך באַגלייט צום הויז פון בירגערמייסטער לאַטאַללאַ. כ׳האָב זיך אָוועקגעלייגט אויפן בעט און אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף, אַ מידער און זאַטער פון יסורים.

צו מאָרגנס האָב איך פאַרגעזעצט מיינע טורן.

די קאָשטשושקאָ גאַס.

אַלע הייזער אין דער רעכטער זייט פון דער גאַס, אָנהייבנדיק פון פסח לעווינערס קראָם ביז דעם הויז, אין וועלכן עס האָט געוווינט ר׳ מנחם־מענדל פרענקעל, דער פּאַפּאָווער שוחט — זענען צעשטערט און קיינער וווינט נישט אין זיי. עטלעכע גאַנצע הייזער זענען געבליבן נאָר אויף דער לינקער זייט.

איך שפּאַציר אין דער גאַס־חורבה. דער הימל פאַרכמאַרעט, ווינטן בלאָזן. עטלעכע פאַליאַקן גייען שנעל פאַרביי אויסגלאָצנדיק אויף מיר זייערע אויגן. איבער עטלעכע צעשטערטע קראָמען זענען געבליבן טיילן פון שילדן, און איך לייען:

אייל־פאַרקויף — יעקב גאָדעס;
פריזירער — זישע וועלנער;

יאַטקע — מ. זילבערשטיין.
שפּייז־קראָם — משה מאַרגוליס.
און נישט מער.

כ׳בין אַריינגעגאַנגען אין צעשטערטן הויף פון קושניצקי און זיך אָפּגע־שטעלט נעבן דעם אָרט, וווּ עס האָט זיך געפונען דער „חדר" פון ר׳ חיים יונה מלמד הי"ד, ביי וועלכן איך האָב געלערנט עטלעכע יאָר. איך האָב באַ־מערקט אַ צעבראָכן בענקל און אַ באַקאַנטע לאַנגע באַנק — אפשר בין איך אַ מאָל אויף איר געזעסן אין דער צייט ווען כ׳האָב געלעבט אין דער וויזיע־וועלט פון מיין רבין, דעם בעל־החלומות, מיט וועמען כ׳האָב צוזאַמען שפּאַצירט, ווי אַ בן־בית, אין די מקומות, ווי: נהרדעא, סורא, פּומפּדיתא, מתא־מחסיא א"אַנד און געווען באַפריינדעט — ווי מיט נאָענטע ידידים — מיט שמואל ירחינאי, מיט אביי ורבא, מיט רב־הונא ורבי אשי — ווער ווייסט?

נישט ווייט פון דעם אָרט האָט זיך געפונען דאָס „חדר" פון ר׳ יעקב־יהושע מערלאַ ז"ל, צו וועלכן די קינדער זענען געווען צוגעבונדן און אים שטאַרק ליב געהאַט. איך זוך אַ וועלכן ס׳איז שפּור — און געפין אים נישט.

* *
*

איך פאַרלאָז מיין קינדהייטס־קרייז, גיי אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס און בלייב שטיין פאַר אַ חורבה, וועלכע איז אַ מאָל געווען דאָס הויז פון ר׳ מנחם־מענדל באַבעק ז"ל, דער שוסטער — אַ ווונדערלעכער פאָלקס־מענטש, פון וועמען עס האָט געשפּרודלט גוטהאַרציקייט און רחמנות. אַן ערלעכער האָרע־פּאַשניק און אמת־זאָגער — אַ מענטש.

* *
*

דאָס געסל פון אַלטן רב ז"ל איז פאַרברענט. פון דער מקוה איז קיין זכר נישט געבליבן. די וווין־באַראַקן פון דער הערלעכער שוסטער־משפחה בוכענעק, אויפן בערגל אַנטקעגנאיבער דעם הויף פון פּאָליאַק סאָקאָלאָווסקי, זענען האַלב־פאַרברענטע און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הינער־שטייג.

דער פירעקיקער מאַרק.

דאָרט זענען אַלע הייזער צעהאַקט, גאַנץ זענען געבליבן נאָר דער שטאָט־ברונעם אין צענטער און די ברייטע ברוק־שטיינער. איך שטיי אויף דעם אָרט, ווו עס זענען דעם 5טן דעצעמבער 1939 — דורך די סאַדיסטישע דייטשן — דאָס לעצטע מאָל צונויפגעטריבן געוואָרן די איבערגעבליבענע פון דער קהילה, גע־שלאָגן און געפייניקט און צום סוף פאַרטריבן קיין נאַשעלסק.

די דאָזיקע ברייטע ברוק־שטיינער האָבן דעמאָלט געשוויגן און שווייגן אויך איצט — צי וועלן זיי אַ מאָל דעם גאַנצן אמת דערציילן ?

כ'בין אַריין אין די חרובדיקע הייזער ווו עס האָבן אַ מאָל געלעבט די האָרע־פּאַשנע יידן, ווי דער טרעגער שמחה קראַוויעצקי, דער בהמות־הענדלער וועלנער, הלל קצב הי"ד — „עמך"־מענטשן, וועלכע האָבן אַ גאַנצע וואָך שווער געאַרבעט אויף זייער פרנסה, אָבער ערב שבת האָבן זיי פון זיך דעם יאָך אַראָפּגעוואָרפן און אין פרייע מענטשן פאַרוואַנדלט געוואָרן.

מענטשן מיט אַ מיטפילנד האַרץ און ברייטער האַנט פּאַר יעדן געפאַלענעם און פאַרביטערטן.

אַלע האָט די רשעותדיקע האַנט אומגעבראַכט — צי האָט מען שוין פאַר זייער בלוט נקמה גענומען ?

דורכגייענדיק פאַר דעם געוו. קאַשע־מילעכל פון ר' מנחם גאַוואַגראַדסקי הי"ד, עק מאַרק־גאַס, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך הער דעם רויש פון די מיל־שטיינער און זע ווי דער מיל־אייגנטימער שטייט איינגעבויגן: מיט איין האַנט פילט ער אָן די זעק און אין דער צווייטער האַלט ער דאָס תהילימל און זיין מויל זינגט די פסוקים.

כ'האָב זיך פאַרהאַלטן ביים הויז פון סאַינאַק, דעם פייערלעשער־קאַפּעל־מייסטער. כ'בין אַרויף אויפן ערשטן חורבדיקן שטאָק און אַריין אין דעם הויז, ווו עס האָט געוווינט מיין טייערע און אומפאַרגעסלעכע באָבע יאַרע קריס־טאַל ז"ל. מיין באָבע איז געווען אַן אשת חיל. זי איז אין זייער אַ יונגן עלטער געוואָרן אַן אלמנה מיט אַכט קליינע קינדער. זי האָט אויפגעהאַלטן און געשפּייזט איר הויז, דערצויגן און חתונה געמאַכט אירע קינדער און אויך געפונען צייט פאַר כלל־ענינים, ווי: הילף פאַר אָרעמע קינדער און געווינערינס, מתן בסתר א. אַ. וו.

זי איז געווען מיין שוץ און היטערין, ווען איך בין אַנטלאָפן פון מיין טאַטנס ז"ל שטראָף, פאַר מיינע שטיפערייען האָב איך זיך ביי איר אויסבאַהאַלטן. איר געשטאַלט איז איינגעקריצט טיף אין מיין האַרץ. כ'האָב אַראָפּגעלאָזט אַ הייסע טרער און שטיל זיך דערווייטערט פון דעם ליבע־קוואַל...

כ׳בין אַרויס אין דרויסן און זע, רעכטס פון מיר, איין גאַנץ־געבליבענעם צימער אין צענטער פון חרובדיקע הייזער. איך דערנענטער זיך, שטרענג אָן מיין זכרון און דערמאָן זיך: דאָ האָט געוווינט דער שניידער, וואָס האָט באַקליידט אַלע חתנים פון שטעטל — ר׳ אהרון־לייב גרינבוים הי״ד, אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, דער וואָרטזאָגער פון די בעלי־מלאכות און זייער לאַנג־יאָריקער פאַרשטייער אין דער יידישער קהילה.



דער פירעקיקער מאַרק, וואָס האָט שטענדיק געשפּרודלט פון מענטשן, ירידים, צירקן און קינדער־שפּילערייען, איז פּוסט און ליידיק — נאָר גייסטער שפּאַצירן אין אים.

כ׳בין אַראָפּ צו דער געגנט פון דעם טייך נאַרעוו.

פון אַלע יידישע משפּחות, וועלכע האָבן דאָרט געלעבט איז נישט געבליבן קיין געדעכעניש.

אַנגענומען און באַליבט ביי אַלע איז דאָרט געווען דער קראָם־אייגנטימער ר׳ לייבל לעווינער ז״ל, פון די אַלטע גערער חסידים, אַ בן־תורה און בעל־צדקה. זיין קראָם איז באַרויבט און פאַרברענט געוואָרן דורך פּוילישע כוליגאַנעס באַלד נאָך דער נאַצי־אָקופּאַציע. די פישער־משפחות ר׳ יחיאל וויערניק, ר׳ עקיבא קאַנאַרעק און ר׳ יהושע הי״ד האָבן די ערשטע צייט באַקומען הילף פון זייערע פאַך־קאָלעגן, אָבער ביים סוף האָבן זיי געטיילט דעם גורל פון אַלע יידן.

איך דערנענטער זיך צום ברעג פון דעם טייך נאַרעוו: קלאָרע וואַסערן, קליינע וועלן קושן און שפּילן זיך ביינאַנד; די זון שיינט פון אויבן, פישער־שיפלעך הוידען זיך שטיל, שטיל און לאַנגזאַם. ווי שיין איז דאָ! גאָרנישט האָט זיך דאָ געענדערט.

איך וואַרף אַ בליק אויף דעם קליינעם אינדזל אין מיטן טייך. דאָרט האָבן מיר פאַרבראַכט לאַנגע און שיינע שעהן, זיך געבאָדן נעבן אים און זאָרגלאָז געלאַכט.

אויף דעם קליינעם אינדזל האָבן מיר געקליבן וויינפּערלעך, יאַגדעס און ווילדע טרויבן, זיך באַהאַלטן פון „רבין" — און זיך צוגעהערט צו דעם געזאַנג פון די פייגל.

די מערהייט יידן פון שטעטל האָבן זיך דאָרט פרייטיק געטובלט און געהייליקט צום שבתדיקן טאָג.

אַן אַלטער פישער זאָגט מיר: „אַ טרויער איז אַראָפּ אויף אונדז, אַ שטראָף פון הימל".

אויף מיין פראַגע: „ווו זענען די יידן?", ענטפערט ער: „די וואַסערן האָבן זיי באַדעקט". דער טייך האָט שוין לאַנג פאַרגעסן דעם יידישן געלעכטער און די יידישע שפּראַך.



כ'האָב פאַרלאָזט דעם קינדהייטס־קרייז, כ'גיי אַרויף — שפּרייז דורך דעם מאַרק און קום אַן אין דעם קליינעם געסל, וואָס פירט צו דער גרויסער שול.

איך שפּרייז מיט אָפּגעמאָסטענע טריט, בלייב שטיין און זע: די גרויסע שטאָטישע שול, דער קהילה־בנין, דאָס גרויסע שטיבל פון די גערער חסידים, ווי אויך דאָס הויז, אין וועלכן עס האָט געוווינט די משפחה צוקער, ערלעכע האָרעפּאַשנע יידן, זענען אָפּגעמעקט געוואָרן פון איבער דער ערד און נישט איבערגעלאָזט קיין צייכן.

די נאַטור אין מיין רעכטער זייט רייצט זיך מיט מיר: דער גאָרטן פון גורעצקי שפּראָצט און בליט ווי אַמאָל.

מיין קאָפּ שווינדלט, עפּעס זשומעט אין מיינע אויערן: איך הער האַמערקלעפּ אויף דער קאָוואַדלע, און געפין זיך שטיין ביי דער שמידעריי (קוזשניע) פון ר' אבא־לייב פרידמאַן, דער שמיד, הי"ד, דער מענטש פון יושר און אמת, דער האַרציקער בעל־תפילה, בעל קורא און גבאי פון בית־המדרש.

די קוזשניע איז צעשטערט, דאָס הויז איינגעפאַלן, און צו זיין אָנדענק האָב איך געשעפּטשעט: „אשרי תמימי דרך".



מיט אַ ציטער האָב איך זיך צוגעגרייט באַזוכן דעם בית־עלמין פון אונדזער קהילה.

אין אַ העלן פרימאָרגן, איך שפּרייז אויפן וועג, וואָס פירט קיין פּולטוסק און ביי דעם 5טן קילאָמעטער פאַר דעם דערפל וויעזשביצע פאַרדריי איך רעכטס,

שפּרייז עטלעכע הונדערט מעטער און קום אָן ביז דעם גרויסן טאַרטאַק; לינקס פון אים — אַ מרחק פון בערך 10 מעטער — דאַרף זיין אונדזער בית־עלמין.

איך קוק לינקס און זע נישט קיין פּאַרקאַן, קיין מצבות און פרעג מיינע באַגלייטער (באַגלייט האָבן מיך דעמאָלט — מיין באַקאַנטער וויעזשבינסקי און אַ באַוואָפנטער פּאָליציאַנט) צי מיר האָבן נישט פאַרבלאָנדזשעט. זיי שווייגן.

און אָט דערנענטערט זיך צו מיר אַ קליינגעוויקסיקער פּאָליאַק, וועלכן כ׳האָב גלייך דערקענט: דאָס איז קענדזשערסקי, דער לאַנג־יאָריקער שומר פון יידישן בית הקברות.

ער האָט אַראָפּגענומען זיין היטל, געדריקט מיין האַנט און געזאָגט: „זיי, די דייטשן, האָבן צעשטערט דעם אַלטן און נייעם בית־עלמין, אויסגעריסן די מצבות, איבערגעדרייט און פאַראַקערט די ערד, פאַרזייט קערנער, און זע דאָס פעלד פאַר דיר — אַ פעטע גוטע לאַנקע פאַר אונדזערע קי״.

עטלעכע מינוט בין איך ווי פאַרשטיינערט געוואָרן.

אַנטקעגן מיר גלאַנצט דער טייך נאַרעוו מיט זיין גאַנצער פּראַכט, אָבער דאָ — אַנטקעגן דעם גאַנצן קאָסמאָס — איז דאָס פאַרברעכן פאַרדעקט געוואָרן מיט גרינס איבער די רעשטלעך פון אונדזערע טייערסטע און באַליבטסטע פון דורות לאַנג; קי קייען לאַנגזאַם — קיין געשריי און קיין פּראָטעסט!

טרערן שטיקן מיך אין האַלדז — ווי דערנידעריקט זענען מיר געוואָרן!

איך האָב זיך פאַראייניקט מיט זייער אָנדענק, זיך אָוועקגעשטעלט אויף אַ הויך בערגל אין צענטער פון פעלד און מיט אַ הויך, קלאָר קול געזאָגט „קדיש״ און ביים סוף די תפילה „אל מלא רחמים״.

מיינע באַגלייטער האָבן זיך געצלמט און געענטפערט „אמן״.

כ׳האָב זיך געזעגנט מיט די באַהאַלטענע אין דעם פעלד — אפשר בין איך דער לעצטער, וואָס באַזוכט די קהילה פון זיינע עלטערן.

טרויעריק האָב איך זיך אומגעקערט אין שטאָט און דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט מיך געטרייסט.



איך וואַרף נאָך אַ מאָל אַ בליק אויף דעם מאַרק, די גאַסן, די געסלעך. דאָס שטעטל איז ווי איינגעשרומפּן געוואָרן. מיט איין קוק זעט מען דעם צווייטן עק פון שטאָט. מיטן פאַרשניטענעם לעבן האָט זיך אויך די ווייטקייט פאַרקלענערט.

איך שייד מיך מיט מיין געװו. קהילה — דער סוף פון דעם טויזנט־יעריקן בלוט־ראָמאַן מיט פוילן (פה־לין).

אין דער לעצטער מינוט האָב איך געדריקט די האַנט פון דעם איינציק איבערגעבליבענעם אין דער שטאָט יידישן נפש און מיטן שאָסיי, וואָס פירט קיין נאָשעלסק, אויף וועלכן עס האָבן מאַרשירט, בעתן חורבן פון דער קהילה, זייער לעצטן מאַרש די אַרויסגעטריבענע יידן — האָב איך פאַרלאָזט סעראָצק.



נאָכן פאַרלאָזן סעראָצק האָב איך נאָכאַמאָל באַזוכט אַלע טרעף־פונקטן פון די סעראָצקער, ווי: וואַרשע, לאָדזש, סאָסנאָוויץ, קראָקע, קאַטאָוויץ, שטשעטשין און ווראָצלאַוו. כ׳האָב דערגענצט די רשימה פון די אָפּגעראַטעוועטע, וועלכע געפינען זיך אין פוילן, אין די פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד און עסטרייך און באַשטימט די צוקונפטיקע פאַרבינדונגען מיט מיר אין אייראָפּע און אין א״י.

כ׳האָב געפילט אַ הייליקן חוב, פאַר מיין פאַרלאָזן פוילן, צו באַזוכן די פאַר־ניכטונגס־לאַגערן אוישוויץ און בירקענאַו.

כ׳בין אַרויסגעפאָרן פון קאַטאָוויץ, אין דער באַגלייטונג פון מיין פריינט ג. אייבעשיץ, מיט אַ געדונגענעם אויטאָ קיין אוישוויץ און שטיין געבליבן נעבן דעם באַרימטן טויער, איבער וועלכן עס האָט געהאַנגען די אויפשריפט: „אַרבעט מאַכט פריי״.

כ׳בין אינעווייניק — אין גיהנום. איך שפּאַציר צווישן די ליידיקע און פּוסטע באַראַקן, צווישן צענדליקער הויכע פאַרקראַטעוועטע פאַרקאַנען...

דאָ זענען סיסטעמאַטיש, מיט אַ פּינקטלעכער און קאַלטער מחשבה, און אכזריותדיק דערמאָרדעט געוואָרן מיליאָנען לעבנס און די מערהייט פון זיי — יידן.

כ׳האָב געזען בערג פון שיך, לעפל, גאָפּלען.

כ׳בין געשטאַנען ביי די צעשטערטע קרעמאַטאָריעס און איינגעגלידערט געוואָרן מיט די פאַרברענטע, פאַרשטיינערטע און געהאַנגענע.

שטיל האָב איך פאַרלאָזט דאָס גיהנום.



די ערד ברענט אונטער מיינע פיס: די פוילישע זיכערהייטס־אָרגאַנען האָבן באַגרענעצט מיין פרייע באַוועגונג און מיך סיסטעמאַטיש נאָכשפּיאָנירט.

„יציאת פולין" איז אין איר גאַנצן שווונג, און דער גאַנצער צענטראַלער שווערפּונקט לאָקירט זיך אין די פּליטים־מחנות אין דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליע.

כ'האָב זיך אין איילעניש געזעגנט מיט אַלע חברים, פאַרלאָזט פּוילן און אַוועק קיין טשעכאָסלאָוואַקיע דורכן גרענעץ־פּונקט זעבזשידאָוויצע.

אויף דער באַן־סטאַציע פון מאָראַווסקאַ אָסטראַווא, טשעכאָסלאָוואַקיע, בין איך דורך דער מיליטערישער טשעכישער פּאָליציי אַרעסטירט געוואָרן און לאָקירט אין אַ גוט־היגיעניש איינגעאָרדנטן צימער, און דאָרט, נישט, נישט וויסנדיק די סיבה, בין איך געזעסן 7 טעג.

מיינע מינדלעכע און שריפטלעכע פּראָטעסטן — זענען געבליבן אָן ענטפער.

איך מוז דערמאָנען, אַז די באַציִונג צו מיר איז געווען אָן אַרנטלעכע: כ'האָב דערהאַלטן צייטונגען, גוט עסן און טרינקען, ווי אויך סיגאַרעטן.

דעם 8טן טאָג איז אין מיין צימער דערשינען אַ הויכער סימפּאַטישער אָפיציר, צו וועלכן כ'האָב זיך באַצויגן מיט צוטרוי. ער האָט מיר דערקלערט, אַז די סיבה פון מיין אַרעסט איז אַ דרינגלעכע ביטע פון דער פּוילישער מאַכט מיך אומצוקערן קיין פּוילן, וואָס באַשולדיקט מיך אין באַהאַלטן קינדער, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אין אַנשטאַלטן און ביי פּריוואַטע פאַמיליעס. ער האָט מיך אינפאָרמירט, אַז די אויבנדערמאָנטע ביטע איז דורך אים איבערגעשיקט געוואָרן פאַר אַ דעציזיע צו די צענטראַלע טשעכישע אָרגאַנען אין פּראַג, אָבער ער, פון זיין זייט, האָט רעקאָמענדירט מיך צו באַפרייען.

איך האָב פאַר דעם אייַדעלן מענטש געשילדערט דעם חורבן פון די יידן אין פּוילן און אים אויפגעקלערט דעם פּראָבלעם פון די איבערגעבליבענע קליינע קינדער, וועלכע זענען, בלית ברירה, איבערגעגעבן געוואָרן אין קלויסטערס און צו קריסטלעכע פּריוואַטע פאַמיליעס.

דער אָפיציר האָט זיך צעכליפּעט ווי אַ קליין קינד, מיר אַ קוש געגעבן און פאַרלאָזט דעם צימער.

אַן אָנגעשטרענגטער און מידער האָב איך זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעטל און גלייך איינגעדרימלט.

צו מאָרגנס אין דער פרי, אויפשטייענדיק פון מיין שלאָף, האָב איך געפונען אויפן טישל אַ שיינעם בוקעט פון לעבעדיקע שיינע בלומען און ביי דער טיר — מיין גאַנצן באַגאַזש, וועלכער איז פון מיר אַוועקגענומען געוואָרן בעתן אַרעסט.

דער אָפיציר איז נאָכאַמאָל דערשינען מיטאָג צייט, געמאָלדן אַז איך בין

פריי, אריינגעשטעקט אין מיין האנט א פרייען באן־בילעט ביז פראג און מיך באגלייט ביז דער סטאציע, ווו מיר האבן זיך הארציק געזעגנט.

* *
*

פון פראג בין איך געפלויגן קיין האנאווער (דייטשלאנד) און דארט זיך געטראפן מיט אונדזער בת־עיר שרה, די טאכטער פון ר' בעריש סאליארזש הי"ד.

די שמחה איז געווען גרויס. כ'האב זי איבערגעלאזט, מיט 12 יאר צוריק, א קליין מיידעלע — און איצט זיצט פאר מיר א מיטליידן־אנגעזאפטע פרוי. כ'האב זי געטרייסט און געראטן וועגן איר צוקונפט.

פון האנאווער בין איך געפלויגן אויף עטלעכע טעג קיין פאריז. דארט האב איך זיך געטראפן מיט די פאלגנדיקע סעראצקער: מיין פעטער יחיאל קריסטאל (נפטר געווארן אין ישראל), משה־יאסל קראוויעצקי, שמחה עסטעראוויטש, משה לעווינער און יידל בירנבוים. דער לעצטער האט מיר איבערגעגעבן, אז ער איז געווען אין פארניכטונגס־לאגער אוישוויץ און דורך א צופאל געווארן אפגעראטעוועט געווארן און אויך, אז אונדזער שטאטישער משה מארגוליס הי"ד איז דארט געשטארבן ווי א העלד, אנטייל־נעמענדיק אין דעם בארימטן אויפשטאנד פון דער זנדער־קאמאנדע קעגן זייערע פייניקער.

* *
*

פון פאריז בין איך אוועקגעפארן אויף א ספעציעלן באזוך אין די פליטים־לאגערן אין דייטשלאנד און עסטרייך — און אין יעדן ארט ווידער געזוכט די שפורן פון די שטעטישע.

פון א"י דערגרייכן ידיעות וועגן א ביטערן געראנגל מיט דער בריטישער מאנדאט־מאכט: באלאגערונגען, געווער־רעוויזיעס אין די יידישע ישובים, און אינטערנירונג פון מעפילים אין לאגערן אויפן אינדזל קפריסין א. א. וו.

* *
*

כ'האב זיך אומגעקערט קיין ארץ ישראל.

ביי מיין ברודער האב איך געפונען א שלל בריוו פאר מיר פון געראטעוועטע,

וואָס געפינען זיך אין דייטשלאַנד, עסטרייך, קפריסין„ וועגן וועלכע איך האָב ביז איצט נישט געהאַט קיין ידיעה.

אונדזער עדה איז געוואַקסן.

* *
*

אין יאַנואַר 1947 האָב איך פאַרעפנטלעכט אין דער צייטונג „לקרוב ולרחוק״, מס׳ ס״ג (י״ז בטבת תש״ז — 1957), אַרויסגעגעבן דורך דער אָפּטיילונג פאַר זוכן קרובים ביי דער יידישער אַגענץ אין א״י, אַ ליסטע א״נ „שרידי קהילת סרוצק״ (די איבערגעבליבענע פון דער סעראַצקער קהילה), וואָס האָט דעמאָלט אַרומגענומען 160 נעמען, ווי אויך אַ קורצע סקיצע איבער דעם חורבן פון דער קהילה.

* *
*

דער גרעסטער טייל פון די געראַטעוועטע האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זיך איינגעגלידערט אין איר לעבן. צענדליקער פון זיי האָבן עמיגרירט קיין צפון־ און דרום־אַמעריקע און קיין פראַנקרייך.

ס׳איז אַנטשטאַנען די יידישע מדינה, וועלכע זאַמלט איין אירע היימלאָזע קינדער.

טראָץ דעם חורבן — וועבט זיך ווייטער דאָס לעבן צו אַ בעסערער, גע־רעכטערער און שענערער צוקונפט.

חנוך ורדי

ש. ל. שניידערמאַן
(ניו־יאָרק)

# דאָס יידישע סעראַצק
## (אַ באַזוך נאָכן חורבן)

אַ געפיל פון טיפן אומעט איז מיך באַפאַלן, ווען איך בין אָנגעקומען אויפן פוסטן מאַרק פּלאַץ פון סעראַצק. איבער די האַלב־איינגעפאַלענע הילצערנע הייזקעס מיט די צעלעכערטע, פאַרגרינטע, שינדעלדיקע דעכער, האָט זיך צום הימל געשטרעקט דער טורעם פון דער גאָטישער קירכע, וואָס איז ביים סוף פון 15־טן יאָרהונדערט געבויט געוואָרן דורך די דייטשע קרייץ־ציגלער. דאָ און דאָרט האָט מען קוים געזען איינצלנע פאַרבייגייער אין אָפּגעטראָגענע מלבושים. אין דעם פוסטן, גרויען קרעמל, אין וועלכן איך בין אַריין ביים עק פון מאַרק, האָב איך גלייך אָפּגענומען דעם ביטערן גרוס, אַז אין שטעטל, ווו במשך פון יאָרהונדערטער האָט עקזיסטירט אַ טיף־פאַרוואָרצלט יידיש לעבן, איז איצט נישטאָ מער אַפילו קיין איין ייד.

אַלץ, וואָס די נאַציש האַקנקרייצלער האָבן איבערגעלאָזט פון דער אַלטער סעראַצקער קהילה, איז אַ בוך מיט האַרטע טאַוולען, געבונדן אין געלן פּאַרמעט. די בלעטער זענען ביז די סאַמע ברעגן געדיכט באַשריבן מיט די נעמען פון די ניי־געבוירענע אין שטעטל. דאָס בוך געפינט זיך ביי דער לאָקאַלער היסטאָ־ריקערין, אירענאַ זאַקזשעווסקאַ, אַן אָפּגעקומענע עלטערע גוט־באַזיצעריך, וועלכע איז דורך דעם שטאָט־ראָט באַאויפטראָגט געוואָרן אָנצושרייבן אַ מאָנאָגראַפיע וועגן סעראַצק, וואָס גרייט זיך איצט צו פייערן דעם 900־יאָריקן יובל פון שטעטל.

איך האָב געבלעטערט דאָס בוך, אין וועלכן די מערסטע נעמען זענען יידישע און געהאַט דאָס געפיל, אַז איך האַלט אין דער האַנט די נשמות פון די יידן, נאָך וועלכע עס איז אַפילו קיין מצבה נישט געבליבן. די היסטאָ־ריקערין האָט מיר דערקלערט, אַז אין סעראַצק האָט שוין אין 14טן יאָרהונדערט עקזיסטירט אַ יידישע קהילה און אַ געמויערטע שול און אַ דאַנק דעם איינפלוס פון די יידישע סוחרים, האָט סעראַצק אַזוי פרי, ווי אין 1425, באַקומען די רעכט פון אַ שטאָט און מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ וויכטיקן האַנדלס־צענטער אויפן וועג צווישן פוילן און רוסלאַנד.

די טייכן נאַרעוו און בוג, וואָס שליסן זיך צונויף ביים אַריינפאָר צום

שטעטל, האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט דעם וויכטיקסטן קאָמוניקאַציע־וועג פֿאַר די סחורות, וואָס די יידישע סוחרים האָבן דאָ געבראַכט און פֿאַרשפּרייט איבער די ישובים פֿון מאַזאָוויע.

צוליב איר סטראַטעגישער פּאָזיציע איז סעראָצק אָפֿט געפֿאַלן אַלס קרבן פֿון מלחמות און אינוואַזיעס. בעת דעם נאַפּאָלעאָנישן מאַרש אויף מאָסקווע האָבן אין סעראָצק זיך אָפּגעשפּילט גרויסע שלאַכטן און די קירכע און אויך די שול — די העכסטע בנינים פֿון שטעטל — זענען געוואָרן צעשטערט אין דעם אַרטילעריע־דועל צווישן די קעמפֿנדע אַרמייען. שפּעטער זענען זיי אָבער געוואָרן צוריק אויפֿגעבויט. פֿון דער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה נעמט זיך טאַקע דער נאָמען: „נאַפּאָלעאָנישע בערג", וואָס געפֿינען זיך הינטערן שטעטל און זענען פֿאַר דער סעראָצקער יידישער יוגנט געווען דאָס אָרט פֿון שפּאַצירן און ראָמאַנטישע באַגעגענישן.

בעת דער היטלער־אינוואַזיע, האָט סעראָצק נישט געליטן פֿון די מלחמה־אָפּעראַציעס. אָבער קורץ נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן אָקופּירט דאָס שטעטל, האָבן זיי אַרויסגעטריבן די יידן און זיי פֿאַרשיקט אין פֿאַרשידענע געטאָס אין פּוילן. דער גרעסטער טייל פֿון די סעראָצקער יידן איז פֿאַרשיקט געוואָרן קיין ביאַלע־פּאָדלאַסקע און פֿון דאָרט — קיין טרעבלינקע.

פֿון די פֿיר טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין סעראָצק, אויף אַן אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג פֿון זעקס טויזנט, זענען לעבן־געבליבן קוים קנאַפּע הונדערט. די מערהייט פֿון די געראַטעוועטע סעראָצקער יידן — אַרום זעכציק אין צאָל — געפֿינט זיך אין ישראל. די איבעריקע זענען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אַ גרעסערע גרופּע סעראָצקער יידישע פּליטים געפֿינט זיך אין אַמעריקע.

די לעבן־געבליבענע סעראָצקער יידן דערמאָנען מיט באַזונדערן פּיעטעט דעם אומגעקומענעם לייבל בלומבערג, וועלכער האָט אין די סאַמע ביטערסטע מאָמענטן, אין די שעהען פֿון אומקום, דערמוטיקט די דערשלאָגענע, רעזיגנירטע סעראָצקער יידן. אַ באַגאַבטער פֿידלער און מנגן, האָט לייבל בלומבערג אין ביאַלער געטאָ געזונגען און געשפּילט אויף זיין פֿידל און אַזוי שפּילנדיק געגאַנגען צו די גאַז־קאַמערן.

סעראָצק איז געווען אַן אָרעם שטעטל, אָבער מיט איינגעפֿונדעוועטע רעלי־גיעזע און וועלטלעכע אינסטיטוציעס, מיט אַ פֿאָלקס־באַנק און אַ גמילות־חסדים קאַסע, וואָס איז געווען אַ וויכטיקער אָנשפּאַר פֿאַר די הונדערטער אָרעמע

יידישע הענדלער און בעלי־מלאכות. אַ באַריכט פון דער גמילות חסדים קאַסע אין סעראַצק, וואָס איז אין יאָר 1928 אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „אונדזער וואָרט״, אַ יידיש וואָכנבלאַט פון שכנותדיקן פולטוסק, גיט אונדז אַ באַגריף וועגן דעם ביטערן עקאָנאָמישן מצב פון די סעראַצקער יידן אין דער דעמאָלטיקער צייט — אַ מצב, וואָס איז אייגנטלעך כאַראַקטעריסטיש געווען פאַר הונדערטער ענלעכע יידישע שטעטלעך אין פוילן.

אין דעם באַריכט ווערט געזאָגט ,אַז די גמילות־חסדים קאַסע אין סעראַצק האָט אַרויסגעגעבן הלוואות פון 50 ביז 150 זלאָטעס צו יידישע קרעמער און האַנטווערקער, און במשך פון יאָר האָט די קאַסע געמאַכט אַן אומזאַץ פון 43 טויזנט זלאָטעס. דאָס הייסט, אַז העכער 400 יידישע משפחות — מער ווי אַ העלפט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין סעראַצק — האָט געמוזט אָנקומען צו דער גמילות־חסדים קאַסע.

ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך, האָבן אין סעראַצק עקזיסטירט צאָלרייכע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געפירט צווישן זיך פאַרביסענע שטרייטן, נישט אַלע מאָל אידעיש, אָבער אין די דאָזיקע קאַמפן איז געקומען צום אויסדרוק די וויטאַליטעט פון די שטעטלדיקע יידן.

אַזוי למשל ווערט אין דעם זעלבן פולטוסקער וואָכנבלאַט געדרוקט אַ באַריכט וועגן דער שטורמישער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק אין סעראַצק, בעת וועלכער די אגודה׳שע פירערשאַפט איז געוואָרן באַזייטיקט און די פאַרוואַלטונג איז אַריבער אין די הענט פון די האַנטווערקער: יוסף אַראַל, אהרן גזשעביעניאַזש און דעם סוחר משה מארגאַליס.

דער קאַמף צווישן דער „אגודה״ און די האַנטווערקער איז געווען אַזוי פאַרביסן, אַז צו דער פאַרזאַמלונג זענען פון וואַרשע ספּעציעל געקומען די פירער פון דער צענטראַלע פון דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק אין פוילן, א. בערקענהיים און אברהם שמויש. דער לעצטער געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק.

די יידן פון סעראַצק, פאַר וועלכע אַן הלוואה פון 15 אָדער 25 זלאָטעס איז געווען ממש אַ לעבנס־פראַגע, האָבן אָפּגעשפּאָרט דעם ביסן פון מויל און זייערע אָרעמע גראָשנס צוגעטראָגן צו די יידישע אינסטיטוציעס אין שטעטל.

סעראַצק האָט געהאַט אַ פאָלקס־שולע, אַ ביבליאָטעק און אַ דראַמאַטישן קרייז, אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט און אַ כאָר. עס האָט דאָרט עקזיסטירט אַ לעב־האַפטע, קעמפערישע יידישע יוגנט, וואָס האָט באַלאַנגט צו די פאַרשידענע

גרופּירונגען. באַזונדערס שטאַרק איז געווען די חלוצישע באַוועגונג אין סעראַצק און אַ באַדייטנדע צאָל יוגנטלעכע איז טאַקע אין צייט אַוועק קיין ארץ־ישראל.

סעראַצק האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ באַגאַבטן יונגן דיכטער און מאָלער, יאָסל גראָסבאַרד, וועלכער האָט קורץ פאַרן אויסברוך פון קריג גענומען ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די ייִדישע ליטעראַרישע און קינסטלערישע קרייזן אין וואַרשע. אין זיינע טיף־אומעטיקע לידער וועגן שטעטל איז געקומען צום אויסדרוק דאָס געמיט פון דעם ליריקער און דאָס אויג פון פּלאַסטיקער.

אין יאָר 1939, ממש ערב דער קאַטאַסטראָפע, האָט יאָסל גראָסבאַרד אָנגע־שריבן אַ ליד, אין וועלכן עס ווערט געשילדערט די טיפע פאַרצווייפלונג וואָס האָט געהערשט אין זיין היים־שטעטל סעראַצק. עס איז געווען אַ מין פאָרגעפיל פון דעם גרויסן חורבן:

דער זומער איז מיט די לעצטע פייגל שוין אַוועקגעפלויגן.
די טעג — האָבן זיך מיט גראָקייט אָנגעזויגן,
איינגעטוליעט האָט דער ישוב זיך צוזאַמען,
אַרומגענומען ווי קינדער מיט אַ מאַמען.
טריבער האַרבסט איז איצטער דאָ,
דער הימל אַ געלאַטעטער — גראָ אויף גראָ.
הוילע, נאַקעטע שפּיגלען זיך די וועגן
אין לוזשעס, בלאָטעס און אין רעגן.

— — — — — — — — — — — — —

יורדים זענען מער פאַראַן ווי פריער,
שרעק און לויער — וואַכט ביי יעדער טיר;
נישט נאָר ביי ר׳ גדליה׳ן זענען די לאַדנס פאַרקלאַפּט,
ס׳טרעפט, אַז אינדערפרי שטעלט זיך דאָ די נאַכט.

היינט איז סעראַצק אַ פּוסט, טויט שטעטל פון קנים 2,000 איינוווינער, ווו די נאַכט שטעלט זיך טאַקע באַלד אין דער פרי. נישט נאָר איז אין שטעטל מער נישטאָ קיין איין ייד, נאָר נאָך דער באַפרייאונג האָט קיין שום סעראַצקער ייד מער נישט פּרובירט אַפילו זיך באַזעצן אין שטעטל.

איך האָב אין סעראַצק באַזוכט דעם שטאָט־ראַט, וואָס אַמטירט אין דער

הילצערנער הייזקע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די קאָאָפּעראַטיווע באַנק און די גמילות־חסדים קאַסע. דער פּאָרזיצער פון שטאָט־ראַט, סטאַניסלאַוו סאָוואַ, האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט אויף דעם טרויעריקן מצב פון שטעטל, וואָס האָט פאַרלוירן יעדע עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. די באַפעלקערונג וואַנדערט אויס אין די גרעסערע שטעט און אין די נייע אינדוסטריע־צענטערן.

„פון צייט צו צייט — האָט דער פאָרזיצער פון שטאָט־ראַט געזאָגט — באַקום איך בריוו פון סעראַצקער יידן אין ישראל, אָדער אַמעריקע, וועלכע פרעגן זיך אָן וועגן זייערע נאָענטע, אָדער וועגן די קברים פון משפחה־מיטגלידער. איך האָב אָבער גאָרנישט וואָס זיי צו באַריכטן. די נאַציס האָבן נאָך אין יאָר 1941 באַפוילן צו פאַראַקערן ביידע בית־עלמינס, דאָס אַלטע און דאָס נייע, און זינט דער באַפרייאונג האָב איך קיין לעבעדיקן סעראַצקער ייד דאָ מער נישט געזען.״

ווי באַגלייט דורך די שאָטנס פון די פאַרשוואונדענע יידן האָב איך זיך לאַנגזאַם באַוועגט איבער די פוסטע, אומעטיקע געסלעך פון סעראָצק, געגאַנגען איבער די טרעפּ פון די הילצערנע הייזקעס און זיך צוגעהערט צו די נעפּלהאַפטע דערינערונגען פון דעם וועגווייזער, וואָס דער פאָרזיצער פון שטאָט־ראַט האָט מיר צוגעטיילט.

דאָס איז געווען דער פאַרמלחמהדיקער לערער פון דער פוילישער פאָלקס־שולע אין סעראָצק, אַנטאָני ריבניצקי, וועלכער האָט אָנגערופן די נעמען פון די אַמאָליקע יידישע באַלעבאַטים פון די הייזקעס, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אויפן מאַרק־פּלאַץ און אויף דער קאָשטשושקאָ־גאַס — די הויפּט־גאַס פון שטעטל.

דער גרוי־האָריקער, מיטלוווקסיקער ריבניצקי האָט מיט באַוווּנדערונג גע־רעדט וועגן זיינע אַמאָליקע יידישע תלמידים. ער האָט מיר דערציילט, אַז זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין אַלע לימודים, אַפילו אין דער קענטעניש פון דער פוילישער שפּראַך. דאָס האָט אַרויסגערופן קנאה ביי זייערע פוילישע חברים און נישט איין מאָל האָט דאָס דערפירט צו אַנטיסעמיטישע אינצידענטן.

„דערפאַר, וואָס איך האָב זיך איינגעשטעלט פאַר מיינע יידישע תלמידים — האָט דער סעראָצקער פאָלקס־לערער געזאָגט — האָבן געוויסע פּינצטערע עלעמענטן מיך גערופן „יידישער קנעכט״ (פּאַכאָלעק זשידאָווסקי).

דער געוועזענער לערער האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ הילצערנער הייזקע

אין אַ זייטיקן געסל און געזאָגט. אַז דאָרט האָט זיך געפונען דער פּראָפעסיאָ־נעלער פאַראיין פון די יידישע אַרבעטער — שניידערס, שוסטערס און סטאָלערס.

„ווען זיי וואָלטן דאָ געווען — האָט ער געזאָגט — וואָלט דאָס שטעטל אויסגעזען אַנדערש. זיי זענען אָבער אַלע אומגעקומען אין אוישוויץ. בלויז געציילטע האָבן זיך געראַטעוועט. איינער, אַ געוויסער פיינבוים, געפינט זיך אין וואַרשע. די איבעריקע איז ישראל און אין אַמעריקע״.

דער דאָזיקער פּאָליאַק, וועלכער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט נאָך פאַרן קריג באַלאַנגט צו דעם ראַדיקאַלן לערער־פאַראיין און דערפאַר איז ער באַזייטיקט געוואָרן פון זיין שטעלע, האָט מיט גרויס פאַרערונג גערעדט וועגן דעם אַלטן סעראָצקער רב, וועמענס נאָמען ער האָט זיך מער נישט געקענט דערמאָנען. ער האָט אים אָבער פאַר מיר געשילדערט אַלס אַ פּראַכטפולע געשטאַלט מיט אַ שניי־ווייסער באָרד און אַלס אַ גרויסן געלערנטן, פאַר וועלכן אַפילו די „גרעסטע כוליגאַנעס אין שטעטל האָבן געהאַט דרך־ארץ״.

מיין וועגווייזער האָט אויך געוווּסט מיר צו דערציילן, אַז אין די צוואַנציקער יאָרן האָט אין סעראָצק זיך געטומלט מיט אַ רבין, אַ בעל־מופת. (ער האָט גענוצט דעם אויסדרוק: „צאַדיק־צודאָטוואָרצאַ״). דערביי האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ הויז מיט אַן אייזערנעם באַלקאָן, ווו דער רבי האָט געוווינט.

דער געוועזענער פּוילישער לערער האָט אַלזאָ פאַר מיר אויפגעלעבט פאַרביקע עפּיזאָדן פון דער אַזוי נאָענטער יידישער פאַרגאַנגענהייט אין סעראָצק, פון וועלכער עס איז אין שטעטל מער נישט פאַרבליבן קיין זכר. בלויז אין די געמיטער פון דעם טראַגישן רעשטל סעראָצקער יידן, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, לעבן די פאַרשווּנדענע געשטאַלטן פון אָט דעם אָרעמען, אָבער ווונדערלעכן שטעטל ביים ברעג פון טייך נאַרעוו.

במשך פון יאָרהונדערטער האָט סעראָצק געשמ׳ט אַלס אַ וויכטיקע קהילה צווישן די קלענערע יידישע שטעטלעך אַרום וואַרשע. דער רום פון סעראָצק איז אין דער יידישער וועלט באַזונדערס אויסגעוואַקסן אין דער צווייטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, ווען עס איז דאָרט אויפגעגאַנגען דער שטערן פון דעם גאונישן רב ר׳ יוסף לעווינשטיין.

געבוירן אין יאָר 1837 אין לובלין, אין אַ משפחה פון גרויסן רב׳נישן יחוס, איז דער יונגער עילוי מיטגעריסן געוואָרן דורך די ליבעראַלע שטרעמונגען, וואָס האָבן געהערשט אין פּוילן אין דער עפּאָכע פון דעם אויפשטאַנד פון

יאָר 1863. אין יאָר 1874 איז ר׳ יוסף לעווענשטיין איינגעלאַדן געוואָרן צו פאַרנעמען דעם כסא הרבנות אין סעראָצק, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן אַ פולן האַלבן יאָרהונדערט, ביז זיין פטירה אין יאָר 1924.

די סעראָצקער ייִדן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען פיל לומדים, האָבן מיט זעלטענער ליבשאַפט אַרומגערינגלט זייער גייסטיקן פירער, וועלכער האָט אין פאַרשידענע צייטן באַקומען אָנבאָטן צו פאַרנעמען דעם כסא הרבנות אין די וויכטיקסטע קהילות אין פוילן און אַפילו אין אויסלאַנד. הרב לעווינשטיין האָט אָבער די אַלע לאָקנדע אָנבאָטן אָפּגעוואָרפן און פאַרבליבן מיט זיין אָרעמער קהילה.

אין אָט דעם שטילן שטעטל, צו וועלכן די באַן איז קיינמאָל נישט דער־גאַנגען, האָט ר׳ יוסף לעווינשטיין געפירט אַ שעפעריש לעבן און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גרויסע ירושה פון ספרים, וואָס פאַרנעמען גאָר אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער רבנישער ליטעראַטור פון דער נייער צייט. אויסער זיינע גייסטרייכע פירושים אויף תורה און תלמוד, האָט דער סעראָצקער רב געשאַפן אַ מאָנומענ־טאַל ווערק, אַ מין רבנישן לעקסיקאָן. דאָס איז „דור ודור ודורשיו״, וואָס אַנטהאַלט 6600 ביאָגראַפיעס פון רבנים און רבי׳שע דינאַסטיעס.

דער זון פון סעראָצקער רב, בעריש לעווינשטיין, האָט אין וואַרשע געהאַט אַ דרוקעריי. ער האָט זיך אָפּגעגעבן הויפּטזעכלעך מיט דרוקן רבנישע ספרים און קודם כל טאַקע געדרוקט די ספרים פון זיין פאָטער. אויסער דעם האָט בעריש לעווינשטיין אַלע זיינע יאָרן געאַרבעט אויף אַן אייביקן קאַלענדאַר, וואָס ער האָט פאַרענדיקט און אָפּגעדרוקט ממש קורץ פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס איז אָבער נישט באַוווּסט, צי עס זענען פאַר־בליבן וועלכע עס איז עקזעמפּלאַרן פון דעם לוח. דער זון פון בעריש לעווינ־שטיין, אַן אייניקל פון סעראָצקער רב, איז געווען דער איידעם פון באַרימטן וואַרשעווער רב, ר׳ צבי יחזקאל מיכעלסאָן.

אַן אייניקל פון הרב לעווינשטיין, שמואל דאַנער, וועלכער געפינט זיך אין ניו־יאָרק, האָט מיר דערציילט, אַז זיין זיידע איז געווען אַ פלייסיקער לייענער פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. דאָס האָט ער אים טאַקע, זיין אייניקל, געשיקט נאָך די ביכער אין דער שטעטלדיקער ביבליאָטעק, וואָס שמואל דאַנער האָט אגב געהאָלפן בויען.

„ווען מיר האָבן אין דער ביבליאָטעק באַקומען די ייִדישע איבערזעצונג פון דאַרווינס ווערק „די אָפּשטאַמונג פון מענטש״, וואָס איז געהאַט דערשינען

אין ניו־יאָרק — האָט שמואל דאַנער מיר דערציילט — „איז מיין זיידע געווען איינער פון די ערשטע אין שטעטל צו לייענען דאָס ווערק. דאָס איז געווען ממש אין די לעצטע חדשים פון זיין לעבן".

אַ דריט אייניקל פון הרב יוסף לעווינשטיין, אַ ברודער פון שמואל דאַנער, איז איינער פון די אָנגעזעענסטע מאָדערנע מאָלער אין אַמעריקע. דאָס איז אפרים דאָנער, וועלכער איז באַזונדערס באַקאַנט מיט זיינע לאַנדשאַפטן פון אַריסטאָקראַטישן ניופּאָרט, ראָוד איילענד. עס איז דערייבער אַ מאָדנער צופאַל, אַז אַ רבניש אייניקל פון אַן אָרעמען, פאַרוואָרפענעם ייִדישן שטעטל אין פוילן



דער סעראַצקער מגיד הרב ר' אהרן קאצענעלנבאגען ז"ל מיט זיין פרוי און דריי קינדער: הרב יעקב יוסף, ברוך (פאָרזיצער פון ארגון יוצאי סעראָצק) און צפורה, אויפגענומען אין לעגיאָנאָווער וואלד 1922

זאָל ווערן דער אָנערקענטסטער מאָלער פון היסטאָרישן ניופּאָרט — די זומער־רעזידענץ פון די אַמעריקאַנער אינדוסטרי־מאַגנאַטן.

דער פּאָטער פון אפרים און שמואל דאַנער, רבי יעקב דאַנער, אַן איידעם פון ר׳ יוסף לעווינשטיין, איז גוט באַקאַנט אין די לומדישע קרייזן אין ניו־יאָרק. אַ גרויסער עולם קומט יעדן שבת אין ברוקלין דזשואיש סענטער, כדי צו הערן דאָס בלאַט גמרא, וואָס ר׳ יעקב דאַנער לייענט דאָרט שוין במשך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר.

די סעראָצקער אין אַמעריקע, סיי די אַלט־איינגעזעסענע און סיי די פריש־געקומענע, האַלטן זיך ווי איין משפחה און באַלאַנגען צו דער אַלטער סעראָצקער סאָסאַיטי, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך היימאַן דרעזנער, פּרעזידענט, און לואיס סאָסניאַק, סעקרעטאַר.

אין די היימען פון אַלע סעראָצקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע הענגט דאָס בילד פון זייער גאונישן לאַנדסמאַן, הרב ר׳ יוסף לעווינשטיין. דאָס האָט זיין אייניקל, שמואל דאַנער, אַן אמתער בעל חלומות, ספּעציעל אָפּגעדרוקט אַ בילד מיט דער אָריגינעלער פאַקסימיליע פון זיין גרויסן זיידן.

וואָס שייך דעם סעראָצקער בעל מופת, וועגן וועלכן דער פּוילישער לערער האָט מיר דערציילט אין אַ טאָן, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ געשטאַלט פון דער גאָר ווייטער פאַרגאַנגענהייט, האָט זיך דאָס געהאַנדלט וועגן דעם יונגן רבין, ר׳ אהרן קאַצענעלענבאָגען זצ״ל, וועלכער האָט געצויגן זיין יחוס פון באַרימטע צדיקים איז ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געקומען קיין סעראָצק פון אַ שטעטל אין רוסלאַנד. אַרום דעם יונגן רבין האָט זיך גענומען זאַמלען די אָרעמקייט פון סעראָצק — די קצבים, די באַלעגאָלעס, די דאָרפס־גייער און די טרעגערס, וואָס האָבן זיך געראַנגלט פאַר דער טעגלעכער חיונה.

אין דער מוראדיקער נויט, וואָס האָט דאַן געהערשט אין די ייִדישע שטעט־לעך אין פּוילן איז קיין ווונדער נישט געווען, וואָס די פאַרהאָרעוועטע, פאַר־צווייפלטע ייִדן זענען לייכט מיטגעריסן געוואָרן דורך יעדן איינעם, וואָס האָט כאָטש פאַר אַ מאָמענט זיי באַוויזן אַרויסצורייסן פון דער גרויער, האָפענונגס־לאָזער וואָכעדיקייט.

דער רבי, וועגן וועלכן זיינע חסידים האָבן דערציילט, אַז ער איז טאָג און נאַכט עוסק אין קבלה, האָט אויסערלעך נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ בעל־מקובל. ער איז אַלע מאָל געווען אויסגעפּוצט אין אַ זיידענער זשופּיצע, גימזענע שטיוועלעך, אַ טייערן שטריימל און דאָס העלע, בלאָנדע בערדל פיין

פאַרקעמט. אויך די רביצין האָט אין שטעטל געשמ׳ט אַלס אַ שיינהייט און איז געווען עלעגאַנט געקליידט.

אַמאָל, שביעי של פסח, נאָכן דאַווענען איז דער רבי מיטן גאַנצן עולם אַרויס אויף דער גאַס און זינגענדיק און טאַנצנדיק זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון מאַרק. דער רבי איז דאַן אַרויף צו זיך אויפן באַלקאָן. דעם רבינס חסידים האָבן צונויפגעבראַכט די קראַנקע פון שטעטל און צווישן זיי אַ יונגנמאַן, אַ בעקערס אַן איידעם, וועלכער האָט במשך פון עטלעכע יאָר געליטן פון אַ שווערער שלאָף־קראַנקהייט.

שמואל ברוכאַנסקי, איינער פון די לעבן־געבליבענע סעראָצקער יידן, וועלכער האָט אַלס יונג יינגל בייגעוווינט די דאָזיקע אויסטערלישע סצענע, האָט מיר דערציילט, אַז נאָכדעם ווי דער רבי האָט אַ געשריי געטאָן: „שטעל זיך אויף און גיי!” האָט דער קראַנקער יונגערמאַן, צו אַלעמענס איבערראַשונג, זיך אויפגעשטעלט און גענומען גיין. שמואל ברוכאַנסקי איז געווען אַ נאָענטער אָבסערוואַטאָר פון די פּאַסירונגען, וואָס האָבן אין סעראָצק זיך אָפּגעשפּילט אַרום דעם יונגן רבין. שמואל ברוכאַנסקי געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק צוזאַמען מיט זיין ברודער יעקב. זייער פאָטער מנחם ברוכאַנסקי, איז געווען דער סע־ראָצקער שטאָט־חזן און אַ ברודער פון באַרימטן ווישקאָווער חזן, מלכיאל ברוכאַנסקי.

די ידיעה וועגן דעם מופת מיט דעם קראַנקן יונגנמאַן האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבער די אַרומיקע שטעטלעך און פון אַלע זייטן זענען יידן געקומען בעטן הילף ביים סעראָצקער רבין.

דער סעראָצקער רבי האָט איבערגעלאָזט צוויי זין, וועלכע זענען נאָך דאַן געווען גאָר יונגע יינגלעך, איינער צען יאָר אַלט און דער צווייטער פערצן. די צוויי בחורים האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע אויף דער זאַמענהאָף גאַס און זענען שנעל באַוווּסט געוואָרן אַלס די „קליינע רבי׳לעך”.

יעדעס יאָר פלעגן זיי פאָרן קיין סעראָצק און דאָרט געפירט טיש און אויך געדאַוונט פאַרן עמוד אין דער גרויסער שול. די צוויי יורשים פון סעראָצקער מגיד געהערן טאַקע צו דעם קליינעם הייפל לעבן־געבליבענע סעראָצקער יידן. איינער איז אין לאָנדאָן און איינער אין ישראל.

*

מיין וועגווייזער איבער סעראָצק, דער אַלטיטשקער פוילישער לערער, האָט מיך געפירט צום וואַרשעווער שאָסיי, כדי מיר צו ווייזן, ווו עס האָט

זיך געפונען דאָס סעראָצקער בית עלמין און דער אהל פונעם סעראָצקער רב. ער האָט מיר דערציילט וועגן דער אָריגינעלער מצבה פון דעם יונגן פירער פון פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די יידישע שניידער, שוסטער און סטאָלערן אין סעראָצק, יאַנקל קושניצקי, וועלכער איז בעת אַ שטרייק געפייניקט געוואָרן דורך דער סעראָצקער פּאָליציי און איז געשטאָרבן אין בליענדן עלטער. צווישן די טראַדיציאָנעלע האַלב־רונדע יידישע מצבות האָט זיך אַרויסגעהויבן דער אָריגינעלער מאָנומענט אויפן קבר פון דעם יונגן מאַרטירער, וואָס האָט פאָרגעשטעלט אַן איבערגעבראָכענעם בוים.

פון דעם אַלעם איז אָבער נישט געבליבן קיין זכר. אויפן אָרט, וווּ עס האָט זיך געפונען דאָס יידישע בית־עלמין אין סעראָצק האָבן אין דעם פרי־האַרבסטיקן זוניקן נאָכמיטאָג זיך געשפּרייט פריש־צעאַקערטע פעלדער און אין דער שטילקייט האָט זיך געהערט דער געזשום פונעם טייך נאַרעוו.

איך האָב פאַרלאָזט סעראָצק מיט דעם ביטערן געפיל, אַז עס איז דאָ אָפּגעווישט געוואָרן יעדער שפּור פון דער פינף־הונדערט יאָריקער יידישער געשיכטע.

(„פאָרווערטס" — געקירצט)

# הרב יעקב הענעך צימערמאַן ז״ל

הרב יעקב הענעך צימערמאַן ז״ל איז געבוירן געוואָרן בערך אין יאָר 1883 אין סעראַצעק. אויך זיין פאָטער ר׳ יצחק מאיר (גערופן איטשע־מאיר חסיד), די מוטער בריינע — און אפילו דער זיידע — זענען געווען סעראַצקער.

הרב צימערמאַן איז געווען א תלמיד פון סעראַצקער רב ר׳ יוסף לעווענשטיין זצ״ל, ער האָט חתונה געהאט פון אָסטראָלענקאַ. נאָך די קעסט ביי זיין שווער ר׳ יצחק מרדכי איז ער צוריק געקומען קיין סעראַצק און זיך פארנומען מיט מסחר. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און חכם.



אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך הרב צימערמאַן באַזעצט אין דאַנציג און דאָרט געווען טעטיק אין דער יידישער קהילה און ביים אָרגאַניזירן דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום.

אין די דרייסיקער יאָרן איז הרב צימערמאן אָנגעקומען אין לאָנדאָן, ווו ער איז געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון ועד הרבנים. שפּעטער איזער

ב"ה
מנחת זכרון מזכרת אהבה לידידי הנכבד
המובהק המצויין המפורסם לשם בנש"ק וכו'
מוהר"ר ברוך בהרה"ג מוהרר"ז ... סורוצקין
מאת ידידו [illegible]
המחבר

ספר

# אמרי יעקב

**מבאר מקראי קודש ומאמרי רז״ל בטוב טעם ודעת בלשון צח ונקי על פי משל ומליצה בעזרת חונן לאדם דעת. המעיין ימצא בו דבר בעתו לכל עת בשנה, חומר גדול לדרוש. לרבנים ומטיפים, אשר הכנותי בעזרת האל מפרי עמלי**

מאת הרב המחבר

יעקב הענך בן לאאמו״ר ר׳ יצחק מאיר זצ״ל,
צימרמן

לונדון תשי״ד לפ״ק.

בדפוסו של י. נרודיצקי, 129־131, רחוב קאוועל, מזרח־לונדון.

שער ספרו של הרב צימרמן ז״ל

אויפגענומען געוואָרן אלס הויפט־רב פון די פאַראייניקטע ארטאָדאָקסישע קהילות („פעדעריישן״).

הרב צימערמאַן איז באַלד מפורסם געוואָרן אלס א געזעלשאַפטלעכער עסקן ביי דער יידישער באַפעלקערונג — ווי אויך ביי דער יוגנט — אין גאַנץ ענגלאַנד.

נאָך דעם צווייטן וועלט־קריג האָט זיך הרב צימערמאַן פיל פארנומען מיט הילף פאר די יידישע פליטים פון אייראָפּע און איז געווען באקאנט אַלס אַ גרויסער בעל־צדקה און באליבט אין גאנץ ענגלאַנד, אפילו ביי די אַסימילירטע יידן, בתוכם די יוגנט. ער פלעגט אויך איינגעלאדן ווערן אַלס בורר ביים לייזן פאַרשידענע פּראָבלעמען.

הרב צימערמאַן איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1964 אין לאָנדאָן. טויזנטער יידן האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו. הרב צימערמאַן האָט איבערגעלאָזן דריי ז׳ן און אַ טאָכטער: דער עלטסטער זון יוסף אליעזר איז היינט אַ באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין דער דאָרטיקער יידישער פעדעראַציע. דער צווייטער זון ברוך משה איז אַ מנהיג ביי דער „אגודה״ און אַרויסגעבער פון „אגודה״־וואָכנ־בלאַט אין יידיש און ענגליש; דער דריטער זון יצחק מאיר איז אַ סוחר און דאָס אייניקל בנימין צימערמאַן איז אַ פּראָפעסאָר אין לאָנדאָן.

הרב צימערמאַן האָט מחבר געווען.

דאָס ספר „אמרי יעקב״ און 2 בענדער אין אויך איבערגעלאזט א סך כתבים וואָס זענען נאָך נישט געדרוקט געוואָרן.

הרב יוסף קאַצענעלענבאָגען

(סעראָצק — לאָנדאָן — תל־אביב)

# ר' מנחם ברוכאַנסקי ז"ל
## דער סעראָצקער חזן

**צום אַנדענק פון פאָטער**

מנחם חזן, ווי מען פלעגט אים רופן, איז אין משך פון זיינע 61 יאָר באַשערט געווען זיך צו ראַנגלען אין שווערע נסיונות פאַר זיין עקזיסטענץ. אָבער דאָך איז ער נישט צעבראָכן געוואָרן, און ביז סוף לעבן געבליבן דער גרויסער בעל־בטחון, וועלכער האָט מיט מוט געטראָגן אויף זיינע פלייצעס דעם שווערן גורל.



ער איז געבוירן געוואָרן אין לאָמזשע ביי פרומע און מיוחסדיקע עלטערן. זיין פאָטער, — דער לאָמזשער חזן־שוחט ר' אליהו ברוכאנסקי. די מוטער — פרומע גוטע־רייזל, אַן אור־אייניקל פון ערשטן לאָמזשער רב, ר' זלמן חסיד ז"ל. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַן עכט יידישן רעליגיעזן גייסט. נאָך אַלס יונגער בחור איז זיין פאָטער געשטאָרבן, און ער האָט געדאַרפט מפרנס זיין נישט בלויז

זיך, נאָר אויך די גאַנצע משפּחה. ער און זיינע צוויי ברידער, דער עלטערער מלכיאל, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרויסער מנגן, און דער יונגערער, יעקב־קאָפּל, פלעגן פאַרלאָזן די היים און פאָרן איבער שטעט און שטעטלעך דאַווענען שבתים און געבן קאָנצערטן, כדי צו פאַרדינען פאַר דער מוטער און קינדער אויף חיונה. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג מיט זייערע קאָנצערטן. זיי האָבן אַלעמען באַגייסטערט מיט זייער וווּנדערלעכן זינגען. אגב, פלעגט שוין דעמאָלט דער עלטערער, מלכיאל, שרייבן אייגענע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע פיל חזנים האָבן געזונגען. מען האָט זיי פאַרגעלייגט די בעסטע שידוכים, און אַזוי איז מלכיאל געוואָרן אַ פּולטוסקער איידעם און געוואָרן חזן־שוחט אין סעראָצק. מיין פאָטער און זיין יונגערער ברודער זענען אַ געוויסע צייט געווען ביי מלכיאלן און געזונגען אין זיין כאָר. מיין פאָטער האָט חתונה געהאַט מיט שעפּסל פאַר־בערס טאָכטער, בינע־חיה ז״ל. ער האָט געלערנט שחיטה. ווען מלכיאל איז שפּעטער אַוועק קיין נאַדוואָרנע אַלס חזן, האָט מיין פאָטער איבערגענומען די שטעלע אין סעראָצק. ער האָט געהאַפּט מיט דער צייט צו ווערן אויך שוחט. ער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן באַריטאָן, אַ שאַרפע דיקציע מיט אַ ליטווישן דיאַלעקט. יעדעס וואָרט איז געווען קלאָר ווי פּערל. ער האָט איינשטודירט אַ גוטן כאָר (מיט די בעסטע שטימען) פון בעל־בתּישע קינדער וועלכע האָבן גערן געוואָלט זינגען אין כאָר. אַ טייל געדענק איך נאָך ביז היינט: יחזקאל דעם גלעזערס, ישראל־איסר בלומבערג, יחיאל־מאיר אלי־חיימס, זישע וויינגראַד, בוטשע קריסטאַל, דוד וואַרשאַווסקיס זין — יחיאל און חנוך (אגב, איז חנוך געוואָרן דער איניציאַטאָר פון סעראָצקער יזכור־בוך). עס האָבן אויך געזונגען: חיים־אליעזר גזשעביעניאַזש, ישראל־דוד מאַרקעוויטש, ברוך גורמאַן און מיינע צוויי ברידער — שעפּסל און יעקב. אויך איך האָב געזונגען אין כאָר און געהאַט דערפון גרויס פאַרגעניגן. פאַר די יום־טובים האָט מיין פאָטער געפּלעגט איינזינגען מיט די משוררים אַלע יום־טובדיקע תּפילות, און די האַרציקע געזאַנגען האָבן זיך געטראָגן דורך די אָפענע פענצטער אין גאַס אַריין, און פיל מענטשן זענען געשטאַנען און זיך צוגעהערט.

שפּעטער איז ביי אונדז אין שטוב פאָרגעקומען אַן אויפטרייסלנדיקע ענ־דערונג. פאַרן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מיין ליבע מוטער, בינע־חיה, אַוועק נאָך גאָר יונג פון דער וועלט, איבערלאָזנדיק 4 קינדער — אַ טאָכטער (לאה) און 3 זין. מיין פאָטער, פּונקט ווי מיר אַלע, איז געווען שטאַרק צעבראָכן און נידערגעשלאָגן פון דעם אומגליק. די שטוב האָט אָנגעהויבן גיין צו גרונט, ווייל מיין פאָטער איז נישט אומשטאַנד געווען אויפצוהאָדעווען די קינדער,

און האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט. די פאַמיליע האָט זיך אויך פאַר־גרעסערט און די פרנסה פאַרקלענערט. פון חזנות האָט נישט געקלעקט אויס־צוהאַלטן דאָס בני־בית. מען האָט אים דעמאָלט גראָד פאָרגעשלאָגן א לאָקענדיקן פאָסטן אַלס חזן אין צאָפּאָט, ביי דאַנציג. דער געוועזענער חזן איז אַוועק אויף 4 יאָר, דערנאָך האָט ער געדאַרפט צוריקקומען. די 4 יאָר זענען געווען די בעסטע, קען מען זאָגן, וואָס מיר האָבן געהאַט. מאַטעריעל זענען מיר געקומען אַ ביסל צו זיך.

מיין פאָטער איז אומגעקומען פון הונגער אין יאַבלאָננער געטאָ אין יאָר 1942. הי״ד.

**כבוד זיין אָנדענק!**

שמואל ב.

## אונדזער שכן ר׳ מענדל פרענקל ע״ה

דער פאפאווער שוחט, ר׳ מענדל פרענקל, איז געווען אונדזער שכן, אַ טיר ביי אַ טיר, אַ סך יאָרן. זיינע פענצטער זענען פון איין זייט אַרויס־געגאַנגען צום ראָג פון מאַרק, און פון דער אַנדערער זייט — אויף קאָשטשושקאָ־גאַס. ער איז אויך געווען אַ געאַכטעטער ביי אַלע איבעריקע שכנים פון הויז. זיין הויזגעזינד איז באַשטאַנען פון צוויי זין און דריי טעכטער, און געבילדעט אַ בכבודיקע באַלעבאַטישע פאַמיליע. ר׳ מענדל האָט אַרום זיך געשאַפן דעם



גוטן נאָמען צוליב זיין שטענדיקן אַנטקעגן־טראָגן יעדן דעם ברייטן „גוט־מאָרגן״ מיט דער האַרטער „רייש״, אָבער אינערלעך איז ער געווען ווייך און איידל. ער האָט קיין מאָל קיינעם נישט געזאָגט וואָס מען „מעג״ אָדער מען „טאָר״ נישט אין שבת. זייענדיק אַ יונג בחורל האָט זיך מיר איינגעקריצט אַ געוויסע סצענע אין מיין זכרון.

געווען איז עס אין איינעם אַ פרי־מאָרגן אין אָנהייב 20קער יאָרן. איבער

פוילן האָבן גראַסירט פאַרשידענע מיליטערישע קליקעס מיט זײערע גענעראַלן, און פאַרשידענע רוצחים, ווי פעטלורע מיט זיין באַנדע, גענעראַל האַלער מיט זיין באַנדע, און די פאַזנאַנטשיקעס, וועלכע האָבן געהאַלטן דעם קאָנטראָל איבערן צענטער פוילן, און אונדזער שטעטל איז צוגעפאַלן אונטער זייער אויפזיכט. דאָס ערשטע וואָס זיי האָבן געטאָן איז געווען — שווערע אַנטי־יידישע גזירות. די אָנגעזאַפּטע פון דורות פויליש־דייטשע שנאה האָט זיך אויסגעגאָסן צו יידישע קעפּ. איינע פון זייערע גזירות איז געווען כאַפּן יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט פון די גאַסן און אויך פון די הייזער און זיי פייניקן. דערשטוינט און ווי געטראָפן פון אַ דונער אין מיטן טאָג זענען מיר אין איינעם אַ טאָג געוואָרן ווען דריי פאַזנאַנטשיקעס מיט פאַרריסענע נעז און פאַרדרייטע וואָנצעס האָבן זיך אַריינגעריסן צו אונדז אין שטוב און גלייך צוגעגאַנגען צו דער גוט פאַרמאַסקירטער טיר, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ שאַנק און אַן וועלכע עס איז פראַגן, זי אָפּגעריקט און אויפגעבראָכן די טיר צו דעם לעצטן געהיימען צימער און פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט דריי יידן מיט זייערע דערוואַקסענע זין: מיין פאָטער און די אַנדערע סאַדיסטיש געשלאָגן, האָב זיך שטאַרק צעשריגן ר' מענדל פרענקל מיטן עלטערן זון — שמעלקע פרענקל ע"ה. ווען מען האָט מיין פאָטער מיט די אַנדערע סאַדיסטיש געשלאָגן, האָב איך זיך שטאַרק צעשריגן און נישט געקאָנט צוזען. שפּעטער האָבן זיי זיך גענומען צו ר' מענדלען רייסן שטיקער פון זיין שיין אויסגעקעמטער באָרד. קנויטן האָר האָבן זיי מאַסנווייז אַרויסגעריסן און בלוט איז גערינען ווי וואַסער, און ר' מענדל האָט בלויז געקרעכצט און נישט געשריגן. די רוצחים האָבן זיך דערנאָך פריילעך געמאַכט און ביי אַלע אָפּגעשוירן בלויז איין זייט פון דער באָרד און אַלעמען אַרויסגע־טריבן מיט נאַגייקעס אויף דער גאַס, ווו עס האָבן שוין געוואַרט אַנדערע גרופּן יידן אָוועקגעשיקט צו ווערן אויף שווערע אַרבעט אונטערן שטאָט צו גרובן אָקאָפּעס. ר' מענדל שוחט איז לאַנג נאָך דעם געגאַנגען פאַרבונדן זיין געשענדעטע באָרד. מיט דער צייט זענען די רוצחים פאַרשוווּנדן ווי אַ בייזער חלום.

אונטער דער הערשאַפט פון מאַרשאַל פּילסודסקי האָבן יידן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, און אַן אַנטשפּאַנונג איז אויך אַריינגעטראָטן אין אונדזער שטעטל סעראָצק. די קינדער זענען געוואַקסן און פאַרגעזעצט דאָס אַלטע, און אַ טייל זענען שפּעטער מיטגעריסן געוואָרן מיטן פּראָגרעס, אָנשליסנדיק זיך צו די ציוניסטישע־און קולטור־אָרגאַניזאַציעס. צוליבן קידוש פון ר' מענדל פרענקל, פלעג איך יעדן סוכות גיין אין דער סוכה מיט מיין פאָטער, אפילו ווען

איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור. ספּעציעל האָב איך ליב געהאַט ר׳ מענדלס דאַווענען מיט זיינע זין פֿאַרן עמוד דעם יום־טוב דיקן שחרית. צום בעסטן זענען זיינע שחריתים געווען ווען זיין איידעם אויף קעסט, משה מענדל ליטמאַן ראַזענאַוויטש, פֿלעגט אים אויך צוהעלפֿן. זיין באַריטאָן האָט זיך שטאַרק אַרויסגעהערט. כאָשט איך בין געוווּנט געווען צו הערן בעסערע נגינה ביי מיין פֿאָטער מנחם חזן ע״ה, וועמען איך פֿלעג אַליין אויך צו העלפֿן פֿאַרן עמוד אין זיין גרויסן כאָר, האָב איך אויך פֿון דעסטוועגן ליב געהאַט ר׳ מענדלס אייגנאַר־טיקן און דבקותדיקן שחרית, וואָס פֿיל פֿון דעם האָט זיך לאַנג געדענקט. און אויך זיין גלאַנץ אַלס שיינער בעל־הבית. איין מאָל איז פּלוצלינג דער גלאַנץ און שטאָלץ פֿאַרשווונדן און אַ שווערע ענדערונג איז פֿאַרגעקומען אין דעם הויז פֿון דעם פּאַפּאווער שוחט. דאָס איז געווען אין דעם מיטן פֿון די 30קער יאָרן וואָס איז אויך געווען דער אָנפֿאַנג פֿון זיין סוף.

ר׳ מענדל איז געווען איינער פֿון די 4 שוחטים, וועלכע האָבן באַקומען זייער קבלה אויף דער שטעלע פֿון דעם אַלטן רב ר׳ יוסף לעווינשטיין ז״ל, זייענדיק נאָך אַ יונגער מאַן, איז ער דאַן געווען פֿאַרזאָרגט מיט פּרנסה. ווי אַלע אַנדערע שוחטים איז ער אויך געווען אָפּהענגיק פֿריער פֿון גאָט און דערנאָך פֿון רב און ק״ק. האָט אָבער פּאַסירט, אַז ר׳ מענדל איז געוואָרן געאַסרט דורך דעם נייעם רב, הרב יצחק מאָרגענשטערן. גענוי די סיבה ווייס איך נישט ביזן היינטיקן טאָג; צוליב די מחלוקת פֿון די קצבים מיטן רב, אין וועלכן די שוחטים האָבן זיך אַמאָל געקאָנט שטעלן נישט אויף דעם ריכטיקן צד, אָדער צוליב דעם יידישן דין, ווי מען קאָן אַמאָל נישט שחטן ריכטיק. פֿאַר ר׳ מענדלן איז דאָס געווען אַ צו האַרטע נוס. ער איז געווען פֿון די, וואָלכע האָבן נישט געקאָנט אַריינגיין אין מחלוקתן און שטעלן אַ ווידערשטאַנד. עס איז אים אָבער געווען נאָך שווערער דאָס אַראָפּצושלינגען און פֿון חרפּה און פֿאַרצווייפֿלונג, אויב ער וועט ווייטער קאָנען מפרנס זיין, זיין בכבודיקע פֿאַמיליע, האָט ער זיך פֿולשטענדיק מיאש געווען פֿון לעבן און איז רחמנא לצלן אַראָפּ פֿון זינען. ער האָט אויפֿגעהערט רעדן צו מענטשן און אַלעמען אויסגעמיטן און אויך אויפֿ־געהערט עסן און טרינקען. עס איז געווען אַן אומזיסטע אַרבעט צו פּרווון משפּיע זיין אויך נישט דאָס בעטן פֿון זיין פֿאַמיליע און פֿון זיינע שכנים, און אפֿילו נישט פֿון דאָקטאָר, ער זאָל עפּעס אַראָפּברענגען צו זיינע ליפּן, נישט מיטן גוטן אָדער בייזן. ער האָט אָנגעהויבן צאַנקן ווי אַ ליכט. זיין דאַרער גוף איז מיט יעדן טאָג געוואָרן מער איינגעשרימפּן און פֿון זיין שיינער באָרד איז געבליבן

**נאָר אַ שיטער בינטל האָר, ווייל ער האָט אַליין געטאָן יעדן טאָג דאָס וואָס די „פּאָזנאַנטשיקעס" האָבן אַמאָל געטאָן צו אים, אויסרייסנדיק זיי איינציקווייז.**

**אין אַ קורצער צייט האָט ר' מענדל פרענקל אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה אין עלטער פון 58 יאָר. די שוחטקע האָט אויך נישט געקאָנט דאָס איבערטראָגן און איז צום יאָר אַריבער צו אים אין דער אייביקער רו. די איבעריקע קינדער, 2 זין מיט 2 טעכטער, מיט זייערע פאַמיליעס, האָבן די דייטשן אומגעבראַכט, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע לאַנדסלייט, שוועסטער און ברידער פון דעם שטעטל סעראָצק. איין טאָכטער נאָר איז געבליבן לעבן — די עלצטע, גאָלדע לאה (היינט — טרעברין), זי איז אַוועק קיין אַמעריקע אין אָנהייב פון די 30קער יאָרן און וווינט היינט אין ברוקלין מיט אַ פאַמיליע קינדער און אייניקלעך.**

יעקב ברוכאַנסקי, ניו־יאָרק

# מענדל באָבעק ז״ל

אין יאָר 1933 איז ער נפטר געוואָרן אין יידישן שפּיטאָל אין וואַרשע, נאָך אַן אָפּעראַציע. זיין ווילן איז געווען, מ׳זאָל אים לייגן אויפן סעראַצקער בית־עולם, נעבן קבר פון אַלטן רב, ווו ער האָט זיך געהאַט געקויפט, נאָך ביים לעבן אַ קרקע. ווען די וואַרשעווער חברה־קדישא האָט ר׳ מענדלען אין אַן אָוונט געברענגט אין שטעטל, האָט אויפן וואַרשעווער שאָסיי אָפּגעוואַרט אַ גרויסער עולם אָפּצוגעבן אים זיין לעצטן כבוד, באַגלייטנדיק אים צו זיין שטוב. אויף צומאָרגנס, ווען די חברה־קדישא האָט אָפּגעטאָן זיין רעכט, האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל פאַרזאַמלט.

ווי קומט מענדל יעקעלעס, אַ פּשוטער ייד, אַ שוסטער פון דור דורות, צו אַזאַ כבוד?

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אייגענע פון שטוב: זין, טעכטער, שנורן און איידעמס האָבן אַליין נישט געוווסט, וואָס פאַר אַ פאָטער זיי האָבן געהאַט. שוסטערס, שניידערס און נאָך פאַלקסמענטשן פון שטעטל האָבן דערציילט וואָס ער איז געווען: אַ געטרייער פאָטער צו זיינע קינדער און איבערגעגעבענער פאָטער צו אונדז. ווער וועט איצטער קומען פריייטיק צו אונדז אין שטוב קוקן צי די קיך הייצט זיך און צי מען גרייט אָן אויף שבת. ווען ער האָט געזען אַז די קיך איז קאַלט, אַז די שטוביקע זענען נאָך קעלטער און אַז מען רעדט נישט אויס קיין וואָרט, האָט ר׳ מענדל אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ 10ער זלאָטע און געזאָגט: „אָט באָרג איך דיר, און, בעל־הביתטע, אייל זיך צו, קויף איין און פאַרגעס נישט קיין פלעשל וויין אויף קידוש צו מאַכן״. און אַז מען האָט זיך געקווענקלט, האָט ער געטרייסט, אַז דער אויבערשטער וועט העלפן און מ׳וועט אָפּצאָלן.

אַזוי פלעגט ער אַרום גיין צו עטלעכע בעלי־בתים. ער האָט שוין דערשנאַפּט, ווער עס האָט קנאַפּ פאַרדינט דורך דער וואָך. ער האָט נישט גערעכנט, ווער עס האָט אים, דעם אַלטן חוב, נאָך נישט באַצאָלט. ר׳ מענדל איז געווען אַ זון פון יאַנקל דעם שוסטער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין מיטלען צו לאָזן לערנען זיין זון — מענדל, נאָר אים בלויז געשיקט אין חדר, ער זאָל קאָנען דאַווענען. דאָס איז געווען אַלץ, און — באַלד נאָכדעם גענומען זיך צו דער אַרבעט, צו שוסטעריי, העלפן אים צו דער פרנסה אין שטוב און ווערן אַן ערלעכער ייד. אַזוי איז ער דערצויגן געוואָרן. אָבער אין האַרצן האָט ער נאָך פאַרמאָגט אַ הייליקייט,

אַ מיטגעפּיל: מיטגעפילט ווען ס'האָט ווי געטאָן, נישט גערוט, ווען ער איז נעוואָר געוואָרן, אַז ווער הונגערט און צו אַלעמען געווען ערלעך. ווען מ'האָט אים גענומען פאַר אַ זעלנער צו „פאָניען", האָט ער אויך ערלעך אָפּגעדינט די צייט, געקומען אַהיים און חתונה געהאַט און אויפגעשטעלט א משפּחה.

אָבער איין זאַך האָט ער נישט פאַרשטאַנען: דאָס דאַווענען, דאָס לייענען די תורה און די עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים זאָגן אַלע טאָג. ער בעט צו גאָט און ווייסט נישט דעם טייטש. האָט ער געפונען אַן עצה: אַריינגענומען אַלע אָוונט צו זיך אין שטוב אַ רבי, געלערנט נאַכט ביי נאַכט, אַזוי עטלעכע יאָר, ביז מענדל האָט שוין פאַרשטאַנען דאָס, וואָס ער בעט ביי גאָט אין דער הייליקער שפּראַך — לשון הקודש. זאָלן ווייבער בעטן אויף מאַמע־לשון — יידיש. און פון דער צייט אָן האָט ער פאַרשטאַנען דעם זין פון לעבן. אין דער פרי איז ער געווען פון די ערשטע אין בית המדרש; אויך פאַרנאַכט האָט ער שוין געלערנט צווישן מנחה און מעריב אין בית־המדרש אין דער „חברה משניות" און אויך געווען טעטיק אין דער „חברה קדישא" און אין דער „חברה תהילים".

פּורים־צייט פלעגט קומען אויף זיין נאָמען געלט — עטלעכע הונדערט דאָלאַר פון די אַמעריקאַנער סעראָצקער לאַנדסלייט — הילף פאַר די סעראָצקער אָרעמע יידן אויף פּסח, אַריינצוברענגען אין שטוב אַריין דעם יום־טוב. אין שטעטל האָט מען אויך געזאַמלט געלט צו דעם צוועק. פון פּורים ביז פּסח האָט ר' מענדל אין אָוונט נישט געאַרבעט. דער קאָמיטעט צו פאַרטיילן די געלטער פאַר די נויטבאַדערפטיקע איז געווען פאַרנומען. ערב פּסח האָט ער שוין אַ ביסל אָפּגע־אָטעמט און געווען צופרידן, אַז אַלע סעראָצקער יידן וועלן וויסן פון אַ יום־טוב. זיינע קינדער האָבן אָנגעשריבן אַ באַריכט קיין אַמעריקע ווי אַזוי און פאַר וועמען די געלטער זענען פאַרטיילט געוואָרן.

ר. מענדל האָט געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה און זי געפירט אין שול אַריין אונטער אַ חופּה מיט מוזיק און טענץ, מיט אַ מאָלצייט אין שול פאַר אַלע סעראָצקער יידן. אַליין אַ ברייטפּלייציקער מיט אַ קיילעכדיק פּנים, מיט אַ שיין פאַרקעמט בערדל, האָבן זיינע אויגן געקוקט מיט גוטסקייט אויף אַלעמען. ווען ער פלעגט ווערן פריילעך, איז ער געגאַנגען אין שטוב אַריין, געטאַנצט און געזונגען מיט די אייניקלעך, אַז די שטוב האָט זיך געהויבן.

פרייטיק נאָך מיטאָג, ווען ער האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט און צוגעגרייט זיך צום שבת, האָט ער אויסגעזען אַן אַנדערער ייד, שוין אַ שבתדיקער. ווען ער האָט זיין ספר תורה געפירט אין שול אַריין אונטער דער חופּה איז זיין

פנים געוועז פאַררויטלט, אַזוי ווי בעת ער פלעגט פונאַנדערטיילן די געלטער די אָרעמע. ער האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסע משפחה: דערוואַקסענע זין און אַ טאָכטער מיט אייניקלעך. אַלע פלעגן מיר קומען יעדעס יאָר אויף זיין קבר, כדי זיך פאַראייניקן מיט זיין ליכטיק געשטאַלט.

**מלך הערשפינגער**

**יהושע גראָסבאַרד**
**(חיפה)**

## מיין ברודער —

## דער דיכטער יאָסל גראָסבאַרד

אַלע אין שטוב האָבן מיר געוווּסט, אַז יאָסל וואַקסט אַ שרייבער. שוין אין 1927, אַלט זייענדיק 22 יאָר, האָט ער דעביוטירט אין אַ „קרייז־זשורנאַל", וואָס איז דערשינען אין פולטוסק. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ פּאָעמע „מיין שטעטעלע", וואָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק.




יאָסל איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1905, אין קליינעם שטעטל סעראָצק, ווו ס׳גיסט זיך צונויף דער „בוג" מיט דעם „נאַרעוו". ער פלעגט שטענדיק דער־ציילן, אַז אַלס יינגל האָט ער זיך געבאָדן אין נאַרעוו און שווימען זיך דערטרונקען, דאָס האָט אים שטאַרק צוגעבונדן מיט ליבע צום שטעטעלע. אַלס קינד איז ער מיט די עלטערן אַוועק קיין טשעכאַנאָוו ווו ער האָט געענדיקט אַ פאָלקס־שול און שפּעטער געהאָלפן דעם פאָטער אין דער אַרבעט אַלס שטובן־מאָלער.

אין 1928 איז יאָסל געקומען מיט די עלטערן קיין וואַרשע. דאָרט האָט ער געאַרבעט אין אַ מעטאַל־פאַבריק, ווו ער איז געוואָרן שטאַרק אויסגענוצט פון באַלעבאָס. גלייכצייטיק איז ער געווען אַקטיוו אין מעטאַל־פאַראיין און אין

יוגנט־בונד „צוקונפט", שפּעטער אין „קאָמצוקונפט" און דערנאָך אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. ער האָט געלערנט פּלייסיק אויף אָוונט־קורסן און אַ געוויסע צייט קונסט־מאָלעריי ביים קינסטלער משה אַפּלבוים.

שפּעטער איז יאָסל מיט זיין משפּחה ווידער געקומען קיין טשעכאַנאָוו. ער איז געווען טעטיק אין דער אַנסקי־ביבליאָטעק, געלייענט רעפעראַטן אויף פילאָזאָפישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טעמעס. געשריבן און געדרוקט לידער אין פאַרשידענע צייטשריפטן אין פּוילן און אויך אין אויסלאַנד, ווי אין „פּאַרויס", „ליטעראַרישע בלעטער" און „אונדזער וועג". אין די לידער זיינע פילט זיך די צוגעבונדנקייט צו דער טאָגטעגלעכקייט.

אין „צו מיין ליד", געדרוקט אין אַרגענטינער „דער שפּיגל", האָט ער גע־שריבן:

קריך אַראָפּ פון דיינע הייכן
טו אויס דיין בלאָע קלייד,
כ'וועל דיר אָנטאָן פּראָסטע שטיוול
און וועסט מיטגיין ביי מיין זייט.

אין ליד „נעם צונויף אַלע וואָרצלען" (געדרוקט אין „פּאַרויס"):

זאַפּ איין די פרייד און דעם טרוים
פון מינדסטן גרעזל און פון בוים,
אָ, לערן זיך עקשנות אין פאַרשטיין
דעם סוד — פון וועלן וואַקסן און פון זיין...
די אומרואיקע זיסקייט אין דער לופט
נעם אויף מיטן געזאַנג פון סאָלאָוויי,
זע, ווי דער פויגל ווערט צעשטיפט
און זיין נעסט ווי ער בויט דאָך געטריי.

יאָסלס צוגעבונדנקייט צום קאָנקרעטן לעבן קומט נאָך בולטער צום אויס־דרוק אין זיין ציקל לידער א. ב. „דאָ", געדרוקט אין „פּאַרויס" 1938:

נישט נאָר מיין זיידנס אויסגעגאַנגענער געביין,
צעשטויבט, אויסגעמישט אונטערן מאָכיק גרינעם שטיין,

נישט נאָר די לויערנדיקע שרעק
פון מיין טאַטע־מאַמעס איצט פאַרפאַלגטע טעג,
נאָר אויך מיין שטאָלץ־העלער טרוים
וואָס גייט אויף ווי אַ ווייס צעבליטן בוים —
מיין חלום פון דער מאָרגנדיקער וואָך
איז פאַרפלאָכטן און פאַרקניפּט מיט דער ערד — אָט דאָ...

אין אַ צווייטן ליד פון זעלבן ציקל האָט גראָסבאַרד געשריבן:

אָט דאָ! — פון דער זעלבער מוטער־שוים
ווי די סאָסנע, טאָפּאָליע און די רויז
וואַקס איך אויך דאָ אַרויס.

אינטערעסאַנט איז די טעמע פון דעם ציקל לידער: „אַ גרוס דיר בער־געלסאָן פונעם שטעטל", געדריקט אין „שפּיגל", בוענאָס איירעס, 1954 די רעדאַקציע האָט צוגעגעבן פאָלגנדיקע באַמערקונג:

דאָס דאָזיקע ליד האָט אונדז דער דיכטער י. גראָסבאַרד צוגעשיקט אין יאָר 1938. שוין דעמאָלט האָט ער פאַרגעפילט דעם גרויסן חורבן, וואָס רוקט זיך אָן אויף די יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. גראָסבאַרד האָט אונדז דאַן געשריבן אַז „דאָס דאָזיקע ליד איז אַן אָנהייב פון אַ ציקל לידער א. נ. „גרוס דיר בערגעלסאָן פון שטעטל", וואָס איך שיק אייך די טעג אַרויס". מיר האָבן געוואַרט אויף די ווייטערדיקע לידער. דערווייל האָט די מלחמה אויסגעבראָכן נישט בלויז קיין לידער נישט באַקומען, נאָר אַפילו קיין שום ידיעה אָן צייכן פון זיין לעבן. ווי געפינט זיך ערגעץ דער ליבער טרויעריקער דיכטער גראָס־באַרד, וואָס האָט אין יאָר 1939 געגלייבט, אַז „ס'וועלן וווּנדער נאָך געשען"?...

*

אין אַלגעמיין איז יאָסל געווען אַ קעמפעריש נאַטור, ליב געהאַט שטענדיק צו פּאָלעמיזירן איבער פאַרשידענע פראַגן, אַמליבסטן וועגן ליטעראַטור, פּאָעזיע, מאָלעריי און מוזיק. ער פלעגט האַרציק זינגען און שפּילן. ער האָט נישט ליב געהאַט קיין מליצה, ווי ער האָט געשריבן אין זיין ליד „אייביקייטס דברות" (געדרוקט אין „ילקוט המועדים" (ב), בוענאָס איירעס".

*

פאַראַן אַלערליי ווערטער, שווערע ווי גראַניט,
פּראָסטע, רויע, וואָס פליסן פון בלוט.
ווערטער, וואָס בליצן און בלייבן קאַלט —
בענגאַלי שפייער וואָס פאַרלעשט זיך באַלד.

**יאָסל האָט פיינט געהאַט קאַלט קינסטלעך פייער, דעריבער פלעגט ער יעדע געשעעניש דורכלעבן טיף. האַרט פאַר דער מלחמה, ווען ס'זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן די מזרח־יידן פון דייטשלאַנד, האָט ער געשריבן אין זיין ליד „פליטים" (געדרוקט אין „פאָלקס־צייטונג", יוני 1939):**

די טעג —
וואָס פליסן איצט דורך אייך
זענען פלאַמען
פון ברענענדיקן טייך.

**אין אַ ליד פון ציקל „דאָ", האָט דער דיכטער געשריבן:**

און קענען פינצטערע כוואַליעס פונעם היינט
און קענען פיינט —
כ'וועל זיך ראַנגלען מיט צאַרנדיק געביין,
און זיך ווערן מיט די ציין,
מיט הענט און מיט פיס —
ביז — — —
ס'וועט אויפגיין פון מיין לאַנד
די ברידערלעכע האַנט...

**אין אַן אַנדער ליד פון יאָסלען לייענען מיר:**

מיין האַרץ וואָס פאַרצווייפלט איז קיינמאָל נישט געווען,
גלייבט — אַז ס'וועלן וווּנדער נאָך געשען.

**לײדער האָט ער זיך פּערזענלעך אויף די וווּנדער נישט דערוואַרט. די לעצטע יאָרן האָב איך פון פאַרשידענע פריינד געקריגן צוגעשיקט אויסשניטן**

פון צייטונגען און זשורנאַלן ווו ס׳זענען דאָ אָפּהאַנדלונגען וועגן יאָסלען. אויך פון פריינד אַפּעל האָב איך באַקומען אַן אויסשניט פון „פאָרווערטס", פון 23סטן יאַנואַר 1960, דאָרט האָט דער שרייבער ש. ל. שניידערמאַן פאָלגנדעס געשריבן וועגן אַ באַזוך אין יאָסלס געבוירן־שטעטל סעראָצק:

„סעראָצק האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ באַגאַבטן יונגן דיכטער און מאָלער, יאָסל גראָסבאַרד, וועלכער האָט קורץ פאַרן אויסברוך פון קריג גענומען ציִען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די יידיש־ליטעראַרישע און קינסטלערישע קרייזן פון וואַרשע. אין זיינע טיף־אומעטיקע לידער וועגן שטעטל איז געקומען צום אויסדרוק דאָס געמיט פון דעם ליריקער און דאָס אויג פון פלאַסטיקער".

„אין יאָר 1939, ממש ערב דער קאַטאַסטראָפע, האָט יאָסל גראָסבאַרד אָנגע־שריבן אַ ציקל לידער, אין וועלכן עס ווערט געשילדערט די טיפע פאַרצווייפלונג וואָס האָט געהערשט אין זיין היים־שטעטל סעראָצק, עס איז געווען אַ מין פאָרגעפיל פון דעם גרויסן חורבן".

**יאָסל גראָסבאַרד** הי"ד

## אַ גרוס דיר בערגלסאָן פון שטעטל

מיט ווערטער פון מיין גראָען געמיט,
איך שרייב אַ בריוו דיר אין אַ ליד.

אָ, ווינטן טראָגט מיינע גרוסן אין דער ווייט —
פון מיין שטעטל, אַלץ דערציילט.

דער זומער איז מיט די לעצטע פייגל שוין אַוועקגעפלויגן
איינגעטוליעט האָט דער ישוב, זיך צוזאַמען

די טעג — האָבן זיך מיט גראָקייט אָנגעזויגן,
ארומגענומען, ווי קינדער מיט אַ מאַמען.

טריבער הארבסט איז איצטער דאָ —
דער הימל אַ געלאַטעטער — גראָ אויף גראָ:
הוילע, נאַקעטע שפּיגלען זיך די וועגן
אין לוזשעס, בלאָטעס און אין רעגן.

בייזע ווינטן האָבן זיך צעשטורעמט
און צעהירזשעט ווי די פערד
און ווילן הונדערט-יעריקעביימער אויסרייסן פון דאַנעט,
טיף פאַרוואָרצלטע אין דער ערד.

מיט צעהויקערטע געסלעך קריכט דער אומעט מיט
און בלייבט ביים סוף פון געסלעך שטיין
און פוסט און פּאַס ער שפּאַנט צוריק,
ווּ האָט ער ווייטער דען צו גיין?...

דער מארק — אַ זקן אַ צעקנאַדערטער אין קעלט,
אַמאָל געראַלעוועט — איצט אַן אויסגעשפּילטער העלד.
ביי אַ טישל, אַ קיישל פרירט אַ יידענע, אַ ייד,
און אונטער זיי די שטיינער ווערן אָפּט צעגליט,

דאָס וואַקזאַלעכל — אַ גלייכגילטיקער שטיק מויער,
זינקט און דרימלט אין זיין שטענדיקן טרויער.
צוגן קומען און לויפן גיך אַוועק,
און טשאַד און רויך פאַרוויגן שטיל דעם וועג.

אין גבירישע הייזער שפּילט דער ראַדיאָ הויך קאָנצערטן
או זאויך פריילעכע היינטצייטיקע מוזיק.
און גרינע פּאַפּוגעס ציען אַלץ נאָך פון קאָנווערטן
ביי קאַטאַרינקעס — אַרויס דאָס בלאָע גליק.

יורדים זענען מער פאַראַן ווי פריער,
שרעק און לויער — וואַכט ביי יעדער טיר,
נישט נאָר ביי ר' גדליהן זענען די לאָדנס פאַרקלאַפּט,
ס'טרעפט: אַז אינדערפרי שטעלט זיך דאָ די נאַכט...

אָ, גרויסער דיכטער אין דער ווייט,
פאַרגיב מיינע אומעטיקע רייד.
מיין הארץ, וואָס פאַרצווייפלט איז קיינמאָל
גלייבט — אַז ס'וועלן וווּנדער נאָך געשען!...

# מיין ברודער שעפסל ברוכאַנסקי הי״ד

שוין אַלס חדר־ייִנגל האָט שעפסל אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו מאָלן און שניצן, נישט איינמאָל האָט אים זיין רבי פאַר דעם חתא גוט איינגעדרייט די אויערן. שפּעטער האָבן שוין זיינע בילדער באַצירט די ווענט אין אייניקע קלאַסן פון דער „פאָוושעכנער שול" איז סעראָצק.

אין עלטער פון צען יאָר האָט שעפסל שוין פאַרזוכט דעם טעם פון ווערן אַ יתום, צוזאַמען מיט זיין עלטערער שוועסטער און צוויי ייִנגערע ברידער. די נויט צווינגט אים דעמאָלט אויפצוהערן לערנען און מאָלן, און ער פאַרדינגט זיך אין דער „לער" אויף דריי יאָר אַלס לערן־ייִנגל ביי אַ שניצער.



די בייע שווערע באַדינגונגען און דער פאַרדרוס צוליבן ווייטער נישט קאָנען אַנטוויקלען זיין טאַלאַנט צו מאָלעריי- טרייבט אים פרי אין די רייען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער לייענט דעמאָלט פיל ביכער אין דער ביבליאָטעק פון דער פאָלקסבילדונג־ליגע, ווו עס הענגען נאָך זיינע פאָרטרעטן פון די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, ווי אויך טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם.

די אַרטיקע פּאָליציי, נאָכן באַזוכן דעם לאָקאַל פון דער פּאָלקסבילדונג־ליגע, פּאָלט אויף די שפּורן פון דעם מאָלער. שעפּסל פּאַרלאָזט דעמאָלט סעראַצק אויפן וועג קיין וואַרשע. נישט געקוקט אויף זיין שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אין זיין נייער היים, העלפט ער די אָנגעקומענע חברים פון סעראַצק ביים באַקומען אַרבעט א. א.

ביים אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, האָט ער געוווינט אין לעגיאָנאָווע (נעבן וואַרשע). די נאַציס פאַרשיקן אים מיט זיין פרוי און קליין טעכטערל, צוזאַמען מיט אַלע דאָרטיקע יידן, אויף זייער לעצטן וועג צום אומקום.

יעקב ברוכאָנסקי
(דזשעק ברוקס)
ניו־יאָרק

# יעקב (יאַנטשע) קוזשניצקי ז״ל

געבוירן געוואָרן ביי אַ חסידישער פאַמיליע אין יאָר 1902 (אָדער 1903). פון די ייִנגסטע יאָרן זיינע העלפט ער די עלטערן ביי דער אַרבעט. די אַרבעט אין דער „אָליעאַרניע״ (אייל פאַבריק) איז געווען זייער אַ שווערע. דאָס איז געווען אַ זייער פרימיטיווע איינגעאָרדנטער אייל־וואַרשטאַט. פויערים פון דער אַרומיקער געגנט פלעגן ברענגען דעם זשעפּאַק און פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל האָט די פאַמיליע קוזשניצקי אויסגעקוועטשט דעם אייל. דער קליינער יעקב (יאַנטשע) מיט זיינע יונגע און שוואַכע כוחות האָט געהאָלפן באַזאָרגן די פויערים מיט אייל.

ווען יאַנטשע ווערט אַלט 12 יאָר, טרעט ער אַריין אַלס לערן־ייִנגל ביי אַ קאַמאַשן־מאַכער, נאָך עטלעכע יאָר שווערער אַרבעט ווערט ער אַ זעלבסט־שטענדיקער „פאַרדינער״, אַ געזעלן ביים בעל־הבית (לוין־אַרבעטער) פאַר אַ נעבעכדיקן געהאַלט. (דעמאָלט האָט מען געאַרבעט 12 און אפילו 14 שעה אין טאָג). דער יונגער געזעלן יאַנטשע הייבט אָן אויף אייגענע פּלייצעס צו פילן דעם טעם פון אַ פּראָלעטאַריער און זיך צו אינטערעסירן מיט ליטעראַטור — ספּעציעל סאָציאַליסטישע. ער ווערט זייער פרי פּאָליטיש און קולטורעל רייף, וואַרפט זיך מיט דעם גאַנצן ברען אַריין אין פּאָליטישער טעטיקייט. יאַנטשע ווערט איינער פון די אידעאַליסטישע בחורים פון יענער צייט.

דעמאָלט עקזיסטירן שוין אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וווּ יאַנטשע איז זייער אַקטיוו און איבערגעגעבן. פאַר אים עקזיסטירט נישט קיין שרעק, קיין אוממעגלעכע זאַכן — ער ווערט דער אמתער קעמפער אין סעראָצק.

אין יאָר 1923 קומען פאַר פּאָליטישע אַרעסטן אין סעראָצק, עס ווערן אַרעסטירט אַ ריי חברים פון דער באַוועגונג, אויך הערשל מענדזעלעווסקי. אַנדערע אַקטיווע טוער באַווייזן אויסצומיידן דעם אַרעסט דורך אַנטלויפן פון שטעטל, אָדער אויסבאַהאַלטן זיך פאַר דער פּאָליציי. יאַנטשע, זייענדיק דער טעכניקער פון אומלעגאַלע ליטעראַטור, בלייבט אויפן אָרט. ער איז פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דעם ליטעראַטור־מאַגאַזין, וואָס איז פאַר אים אַ הייליקע זאַך. ער וויל נישט פאַרלאָזן זיין ווינקל אינעם טאַטנס וואַרשטאַט וווּ די ליטעראַטור ליגט באַהאַלטן, און ווען די פּאָליציי קומט צו אים אויף אַ רעוויזיע און געפינט — נאָך לאַנגע זוכענישן — דעם אומלעגאַלן מאַגאַזין מיט ליטעראַטור, ווערט יאַנטשע אַרעסטירט. די אויספאָרשונג איז זייער אַ שווערע; די מעטאָדן, וועלכע

די דעמאָלטיקע פוילישע פּאָליציי ווענדט אָן לגבי יידישע פּאָליטישע אַרעסטירטע זענען געווען זייער ברוטאַלע און מערדערלעכע. 5 טעג האָבן זיי אים אויף אַ מערדערלעכן אופן געפּייניקט און געפּאַדערט, ער זאָל אויסגעבן די איבעריקע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן געוווּסט, אַז יאַנטשע איז דער שליסל



יעקב (יאַנטשע) קוזשניצקי ז״ל אין אָטוואָצק

פון דער אומלעגאַלער באַוועגונג און פון אים פאַרלאַנגט ידיעות וועגן קאָנטאַקט און פאַרבינדונג מיטן ראַיאָן־צענטער, מיט דער העכערער אָנפירערשאַפט.

אָבער יאַנטשע, מיט זיין ערלעכן און פעסטן כאַראַקטער, האָט מיט קיין איין וואָרט זיך נישט פאַראַטן. אַ צעשלאָגענער און אַ צעבלוטיקטער, האָט ער געשוויגן און דערמיט באַוויזן דעם כוח פון גלויבן אין די פאַר אים גערעכטער זאַך.

יאַנטשע איז געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט און איז פאַרמשפט געוואָרן אויף טלעכע יאָר תפיסה. דאָס וואָס דער פּאָליציי איז נישט געלונגען צו צעברעכן אים גייסטיק, איז זיי אָבער געלונגען פיזיש. יאַנטשע איז געוואָרן שווער קראַנק אויף די לונגען און בכלל האָט דאָס שלאָגן רואינירט זיין געזונט. נאָכן אָפּזיצן דעם אורטייל, איז יאַנטשע אַ פיזיש צעבראָכענער מענטש, ווייטער געבליבן דער מאָראַליש גאַנצער מענטש. זיינע איבערצייגונגען זענען געבליבן פונקט אַזוי ווי פריער, זיין גלויבן האָט זיך נישט געבראָכן: ער איז געבליבן די טיפּישע על קידוש־השם געשטאַלט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ סך יידישע העלדן אין דער מאַרטיראָלאָגיע פון דער יידישער געשיכטע.



נאָכן אָפּקרענקען 3 יאָר, איז יאַנטשע אין עלטער פון 26 (אָדער 27) יאָר געשטאָרבן. מיר האָבן אים איינגעאָרדנט אַ לוויה, ווי ער האָט פאַרדינט, און אויף זיין קבר אַוועקגעשטעלט אַן אָנדענקס־מצבה מיט אויפשריפטן אין דער יידישער שפּראַך. אין די דעמאָלטיקע באַדינגונגען אין סעראָצק האָט דאָס געהייסן אַ רעוואָלוציאָנערער אַקט.

יאַנטשעס לעבן און זיין טויט איז פאַרבליבן ביי דער גאַנצער יוגנט אין סעראָצק, אָן אונטערשיד פון פאַרשידענע שאַטירונגען און אָנשויונגען, אין זכרון ווי אַ העראָאישע געשטאַלט.

כבוד זיין אָנדענק!

יוסף פיינבוים

# נטע גרביה ז״ל

נטע גרביה (גראביע) נולד ב־1913 באוסטרולנקה, כבן בכור לאביו ר׳ מנחם, רב ואב״ד בקהילת שניאדובו שעל־יד לומז׳ה. למד בחדרים ובישיבות לומז׳ה וגרודנו דליטה.

נתיתם מאביו בהיותו ילד רך בשנים.

בבחרותו העתיק — יחד עם אמו האלמנה שנישאה לר׳ אליהו שו״ב שטעלונג ז״ל — את מקום מושבו לסרוצק והמשיך בלימודיו בבית המדרש לרבנים „תחכמוני״ בורשה.



באותה תקופה התחיל בעבודתו העתונאית, ומאמרו הראשון: „חטאי נעורי״ (זינד פון מיין יוגנט), בו תיאר את פרשת חייו ויסוריו של המהפכן הסארוצקאי, יעקב (יאנטשע) קוז׳ניצקי ז״ל, שעונה בידי הבולשת הפולנית — הופיע בעתון היומי הדתי „דער יידישער טאגבלאט״.

החיים התוססים והרעיונות החדשים קרבו את נטע לבטאון הציוני היומי „היינט״, ובמרוצת הזמן היה לחבר במערכת „היינטיקע נייעס״.

אחי היה רגיש מאוד לגורל עמנו והכתבות שלו על הפרעות בעיירות פולין — ובמיוחד בעיירה המפורסמת פשיטק — נתפרסמו בעמוד הראשון של עתונו, ועוררו הדים חזקים בקרב הצבוריות היהודית.

בגלויה שקבלתי ממנו באמצעות הצלב האדום נתבשרתי שילדו הראשון נולד בעת הפצצת ורשה, בספטמבר 1939.

חלומו של אחי לכתוב ספר על יהדות פולין לא נתגשם. הוא גם לא הספיק להוציא לאור את כתבי אבינו ז״ל — פרקים מימי הביניים — ותרגומיו של הקלסיקאים הפולנים לעברית.

אין בידי מאמריו שפורסמו ב„היינט״, „היינטיקע נייעס״ ו„יידישער טאגבלאט״. באוסף של הספריה הלאומית בירושלים נמצאים השנתונים מהתחלת המאה העשרים בלבד — וחבל.

נטע ז״ל נותר שם, וניספה יחד עם כל קהל הקדושים.

אחי ז״ל הצטיין בטוב לבו, ורק הודות לו יכולתי לעלות כסטודנטית לארץ־ישראל. לפני נסיעתי לארץ־ישראל מסר לידי מאמר על אבינו ז״ל, באמרו שאצלי הוא בטוח יותר.

יושרו, צניעותו, טוב לבו והמימותו חיבבוהו לא רק על משפחתו, אלא על כל מכריו, ידידיו ורעיו.

היה אחד מהפרחים היפים והעדינים של יהדות פולין המעטירה.

אחותו
חנה בראודה
(נוה־עוז, ישראל)



ר׳ אברהם־ליב מלמד־דרדקי ואשתו טשורטיל



ר׳ יוסל „אלעוניק״



התזמורת, דער אָרקעסטער



נבחרת הכדורגל   פוטבאל מאנשאפט



ספורטאים צעירים    יוגנט־ספארטלער



נשף פרידה לכבוד הח׳ אליעזר האסמאַן לפני עליתו לארץ־ישראל
א געזעגנונגס צוזאמיגנטרעף לכבוד אל׳עזר האסמאן צו זיין עולה זיין קיין ישראל





אהרון נובק ערב נסיעתו לארה״ב
אהרן נאָוואק צו זיין אפפארן קיין אמעריקע



קן ה„שומר־הצעיר״
גרופע פון „השומר הצעיר״



קבוצת בחורות מבית הספר הממלכתי
א גרופע מיידלעך פון דער אלגעמיינער שול



קבוצת נוער מסרוצק
אַ גרופע סארצקער יוגנט



קבוצת „ביתר"



נבחרת כדורגל
אַ פוטבאל מאנשאפט



קבוצת בחורות ובחורים של החלוץ המזרחי
אַ גרופּע יוגנט פון „החלוץ־המזרחי״



מסיבת פרידה לרב׳ הח׳ אהרון דיסנר לפני עליתו לארץ־ישראל בתרצ״ה
א געזעגנונגסבאל לכבוד עולה זיין פון אהרון דיסנר קיין ארץ־ישראל



קבוצת בחורים מהחלוץ המזרחי ו„ביתר״
א גרופע יוגנט פון „החלוץ המזרחי״ און „בית״ר״



„ההסתדרות הציונית — נשף פרידה למורה חיים יורקוביץ לפני הגירתו לאמריקה
אַ געזעגענונג לכבוד חיים יורקעוויטש צום אָפפאָר קיין אַמעריקע



קבוצת ילדי בית הספר הממלכתי
א גרופע שילער פון דער אלגעמיינער שול



קבוצת בחורים של „החלוץ המזרחי"
א גרופע יוגנט פון „החלוץ המזרחי"



קבוצת תלמידים של בית־הספר הממלכתי
אַ גרופּע פון דער אַלגעמיינער שול



קבוצת בחורות על פני השלג
א גרופּע מיידלעך אויפן שניי



הפלגת ל״ג בעומר של „השומר־הצעיר״
ל״ג בעומר צוזאמענטרעף פון „שומר־הצעיר״



בנשף של ההסתדרות הציונית
הסתדרות פייערונג



ארון הקודש של בית־הכנסת בסרוצק (צוייר בידי יהושע גרוסברט, חיפה)
דער באלעמער מיטן ארון הקודש פון דער סעראצקער שול — געמאָלט פון קינסטלער
יהושע גראסבארט, חיפה

יעקב מענדזשעלעווסקי
(חולון)

## חנוכה אין דער גרויסער שול

ווי נאָר די האַרבסט־רעגנס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, באַלד האָט אַ פרעסטל פאַרפרוירן די צעווייקטע ערד, און דער ערשטער שניי האָט אויסגעפּוצט דאָס שטעטל לכבוד חנוכה.

מיטן צופאַלן פון אָוונט האָט די שול־גאַס אויפגעלעבט. פון אַלע זייטן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען ידן צו דער גרויסער שול און בית־המדרש, צו צינדן דאָס ערשטע חנוכה־ליכטל. טראָץ די וואָכעדיקע קליידער, האָט דער יום־טוב געשיינט פון די פּנימער. די קליינע חנוכה־ליכטלעך האָבן דערציילט, אַז מען דאַרף האָבן האָפענונג. צום מייסטן האָבן אין חנוכה זיך געפרייט די קינדער, דאָס ליכטיקע קליינוואַרג, וואָס זענען געגאַנגען אין קאַלטע האַרבסט־אָוונטן פון חדר אָפט הונגעריקע מיט צעריסענע שיכלעך — זיי האָבן אָבער אין דער חנוכה־נאַכט געשיינט פון גליק, בעת זיי פלעגן העלפן די טאַטעס אָנצינדן די ליכטלעך און זיי איינשטעלן אין חנוכה־„לאָמפּ" פון אויסגעהוילטע קאַרטאָפל מיט וואַטע־קנייטלעך, געטונקען אין בוימאייל.

די אייגעלעך ביי די קינדער פלעגן פינקלען בעתן אָראָפּלאָזן די דריידלעך אויף די טישן. די דריידלעך פלעגט מען אַליין אויסאַרבעטן פון גאַרן־קאַלערלעך. אַזוי ווי חנוכה ביינאַכט איז מען אין חדר נישט געגאַנגען, פלעגן קומען אין בית־המדרש אַריין אַלע יינגלעך, קלענערע און גרעסערע, וועלכע האָבן געלערנט אלף־בית ביז חומש־רש״י און גמרא־תוספות. די תלמידים ביי די גרעסערע מלמדים ווי חיים־יונה ז״ל, זיין זון שמעון סעפּ ז״ל און דוד־איציק רובינשטיין ז״ל.

אַ גרויסע שטילקייט פלעגט אַלעמען אַרומנעמען ווען דער בעל־תפילה האָט זיך געלאָזט גיין מיטן אָנגעצונדענעם שמש־ליכטל אין דער ריכטונג צום גרויסן חנוכה־לאָמפּ זאָגן די ברכות, האָט אַ מעכטיקער „אָמן" אָפּגעקלונגען אין חלל פון שול. די באַגייסטערטע קינדער האָבן געטופּעט מיט די פיסלעך. זייער גרויסע פרייד האָט אויך אָנגעשטעקט די עלטערע. מען האָט געקענט זען, ווי פאַרביטערטע בעלי־מלאכות מיט די צעקנייטשטע פּנימער פון שווערע דאגות האָבן זיך צעשמייכלט און געלאַכט ביז טרערן. די קליינע קונדייסים האָבן בשתיקה אויסגעלאָשן דאָס שמש־ליכל ביים בעל־תפילה, כדי מען זאָל נאָכאַמאָל פּראָווען דעם גאַנצן ספּעקטאַקל. אַפילו די חשובסטע בעל־בתים פון דער מזרח־וואַנט,

מיטן רב ז״ל בראש, האָבן ליבלעך אַריינגעשמייכלט אין די ווייסע בערד אַריין און נישט געשטערט די קינדער אַ ביסל זיך משמח צו זיין אין חנוכה.

די חנוכה־נעכט זענען געווען אויסגעשטערנטע. דער שניי האָט געשימערט, ווי כדי צו באַשיינען גאַנס ווענטל. די ביימער זענען געווען באַדעקט ווי מיט ווייסן צוויט. און דער טייך, די נאַרעוו, איז געפלאָסן שנעל, ווי ער וואָלט זיך געיאָגט פאַרן פאַרפרוירן ווערן. די חברה האָבן זיך געגליטשט פון באַרג אַראָפּ און יונגע פּאַרלעך פלעגן דעמאָלט שפּאַצירן געמיטלעך, טרוימענדיק וועגן זייער צוקונפטיק גליק. אויף די אַרבעטער, מיט די ביכער אונטער די אָרעמס, האָט זיך געזען דער אַרבעטס־עול און דער ערנסט פון אַריינטראַכטן אין שווערע פּראָבלעמען. דאָס לעבן האָט זיי צוגעטיילט פרייד אויפן שפּיץ מעסער. אין אַזעלכע נעכט האָט זיך געבעסערט די שטימונג און מען פלעגט זיך וואַרפן מיט שניי־באַלעמס מיט אַזאַ התלהבות און ברען, ביז די בלאַסע באַקן זענען גע־וואָרן רויט.

די חנוכה־נעכט זענען געווען ליכטיק און פול מיט פרייד. דער געשמאַקער ריח פון לאַטקעס האָט זיך געטראָגן ביז שפּעט ביינאַכט, פון אַלע פענצטער פלעגן פּאַמעלעך צאַנקען די חנוכה־ליכטלעך. איינציקווייז פאַרמאַכן זיך די לאָדנס, איינגעהילט אין נאַכט. אפשר האָט שוין דעמאָלט דאָס שטעטל געפילט דעם אָנקומענדיקן חורבן, וואָס האָט פאַרלאָשן דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן, און אויך אונדזער שטעטל סעראָצק, צוזאַמען מיט די קליינע חנוכה־ליכטלעך, אויף אייביק.

**חנוך ורדי**
**רמת־גן**

# ארגון יוצאי סרוצק במדינת ישראל

## הקדמה

העליה מעיירתנו לארץ־ישראל, עד סוף שנות העשרים של המאה הנוכחית, זרמה בקלוחים דקים.

בהתחלת המאה הזאת עלו ארצה כמה זקנים, שנפשם נכספה לחיות שארית חייהם בארץ הקודש, ובבוא יומם — להטמן בהר הזיתים ולזכות לתחיית המתים בלי גלגול מחילות.

בשנת המהפכה 1905, ברחו לא״י כמה מהפכנים שיד הצורר הצארי חיפשה אותם, אולם עקבותיהם אבדו ואינם.

אחרי מלחמת העולם הראשונה ובתקופת העליה הרביעית באמצע שנות העשרים, עלו אחדים ארצה והתיישבו בישובים העירוניים והחקלאיים.

**א. מסוף שנות העשרים עד פרוץ מלחמת העולם השניה ב־1939.**

עם התארגנותם של התנועה הציונית וארגוני הנוער החלוציים והתגברותו של הנישול הכלכלי המכוון ע״י השליטים הפולניים, גברו הדרישה והצורך לעליה ארצה, ובראש וראשונה — בקרב הנוער.

מסוף שנות העשרים עד פרוץ המאורעות בשנת 1936 עלו ארצה — בעליה החלוצית והמעמד הבינוני — כמה עשרות רווקים ורווקות ומספר משפחות שלמות. אחדים מהם הצטרפו לקבוצים שונים ויתרם התישבו בערים תל־אביב, חיפה וסביבותיהן

ממאורעות 1936 — והצמצום הדרסטי של העליה ע״י השלטון הבריטי — עד מלחמת העולם השניה, העפילו ארצה יחידים נועזים, בדרכים לא דרכים וביסורים גדולים.

בתקופה הנסקרת הנ״ל לא קיימנו שום ארגון מיוחד. בני עירנו נפגשו בהזדמנויות שונות אצל קלמן וינקרנץ (ת״א), ברוך גורמן (חיפה) ואהרון צ׳סנר (חיפה).

**ב. מפרוץ מלחמת העולם השניה עד 1950.**

**עם פרוץ מלחמת העולם השניה, נפסק כליל הקשר עם יקירינו בעיירה הפולנית ונמצאנו בחרדה מתמדת לגורלם.**

את „בשורת איוב" הראשונה על חורבן הקהילה, הביאו עמם האחים הרב יוסף וברוך קצנלנבוגן ואחותם צפורה, אשר נחלצו מיד המציק הנאצי והצליחו להגיע ארצה, בדרכים מסוכנות, בראשית שנות הארבעים.

באותו הזמן הגיעו ארצה כמה בחורים אשר נטשו את הצבא הפולני של הגנרל אנדרס.

רבים מבני עירנו התגייסו בתקופה הזאת לשרותי הבטחון השונים וגם לבריגדה היהודית, אשר נלחמה בחזית איטליה.

כותב השורות האלה, ששהה בפולין בשנת 1946, הצליח להפגש עם רבים משרידי קהילתנו ולמסור להם את האינפורמציה הדרושה וגם ליעצם בדרכי עלייתם ארצה.

**עליית שרידינו לא"י התחילה ב־1946.** שרידינו חלקו את גורלם של כלל העולים באניות המעפילים, בהם נלחם הצי הבריטי. חלקם נכלאו בקפריסין וחלקם הוחזרו לגרמניה.

**העלייה הגדולה של שרידינו התחילה עם תום מלחמת השחרור ב־1949.** הרבה עשרות משפחות הגיעו בעירום ובחוסר כל ושוכנו במעברות ובבתים נטושים. החוויה גדולה. כל יום מגיעים עולים חדשים ממקומות שונים — ואחד מחפש את השני.

בתקופה הזאת פעל כל ותיק והגיש את עזרתו לעולים החדשים לפי הבנתו הוא, בלי קשר עם השני. יש לציין במיוחד, כי באותם הימים הוכיח הברנו הותיק המנוח שלמה מרלה ז"ל את רוחב לבו, בהושיטו ביד נדיבה סעד לכל נצרך ולכל דורש.

**ג. 1950 — ייסוד הארגון.**

מכמה עשרות הפכנו לעדה של מאות כ"י — ביניהם הרוב המכריע עולים חדשים הזקוקים לעצה, לעדוד ולעזרה שונים, לפגישה אינטימית ולהתלכדות חברתית.

עקב כך, קם הצורך לארגן את העדה וליצור כתובת מדוייקת אליה יש לפנות בכל ענין.

הפגישה הראשונה של עולים חדשים עם וותיקים התקיימה בבית־המלאכה של רפאל פרידמן בת"א — והמשכה אצל קלמן וינקרנץ, (שכונה „הקונסול

הסרוצקאי״) — והוחלט לכנס אסיפה ארצית של יוצאי עירנו בה תבחר נציגות רשמית וכמו־כן לקבוע את י״ז בכסלו כיום האזכרה השנתית, בהתאם להחלטת שרידי השואה באסיפתם המיוחדת, בעת שהותם במחנות המעבר על אדמת גרמניה בשנים 1946 — 1949.

הרוב המכריע של העולים התרכזו באיזור הדרום — מעטים השתכנו באיזור חיפה — ולכן העיר תל־אביב הפכה, באופן טבעי, למקום מושבו של הארגון.

**בי״ז בכסלו תש״י — 1950** התקיימה הפגישה הארצית הראשונה של יוצאי סרוצק באולם הגימנסיה הרצליה, רח׳ אחד העם, תל־אביב. שם נפגשו לראשונה קרובים וידידים, אשר שנות המלחמה והחורבן הפרידם. השיחה קלחה ללא הפוגות: תרועות גיל ועצב, צחוק ודמע, זכרונות נעורים וחורבן — קבוץ שרידים ראשון.

בו בערב נערכה האזכרה המשותפת הראשונה לזכר קדושי עירנו. כה מרטיט היה הערב הזה!

הפגישה הארצית הזאת החליטה להקים את ארגון יוצאי סרוצק במדינת ישראל. לבסוף נבחר הוועד הארצי.

בישיבת הוועדה הראשונה, שהתקיימה בביתו של חברנו ברוך קצנלנבוגן, (ת״א), הוחלט ליסד קופה לעזרה הדדית שמטרתה להלוות לחברים נצרכים סכומים מסויימים בלי ריבית ובתנאי תשלום נוחים, לשם ספוק צרכים חיוניים ודחופים.

את הון הקופה ביססנו, בראש וראשונה, על תרומות החברים בעצמם. את התרומות הראשונות לדוגמא, תרמו ביד רחבה הח״ח המנוח שלמה מרלה ז״ל, ויבדל לחיים — רפאל פרידמן. הח״ח מרקוביץ ישראל, מנדזלבסקי יעקב ופניבסקי יוסף בקרו בבתי החברים בכל קצות הארץ, והודות להם ולהתמסרותם, הקופה התחילה לפעול.

הקופה חלקה הלוואות להרבה החברים.

ארגוני בני עירנו בארגנטינה ובארה״ב נענו לבקשת הוועד והעבירו סכומים ניכרים לביסוס הקופה.

ייסוד הארגון גרם להתקרבות הדדית, לעזרה הדדית וליצירת יחסים חברתיים אינטנסיביים.

**ד. פעולות הוועד.**

**1) הפעולות השוטפות.**

(א) קופה. נהול, חלוקת הלוואות, שקידה על תשלומי ההחזרה ודאגה לשלמות ההון.

(ב) להעניק מענקי כסף בסכומים שונים במקרים דחופים לנזקקים.

(ג) עריכת אסיפה כללית ואזכרה מדי שנה בשנה.
באירוע זה משתתפים הרוב המכריע של בני עירנו. באותו ערב, עם תום האזכרה, נמסר דו"ח על פעולות הקופה. דנים בשאלות כלליות ובוחרים בוועד חדש.

(ד) הוועד מעודד פגישות חברתיות וקשר בין אחד למשנהו. אנו נפגשים גם בהזדמנויות של שמחות, כגון: בריתות, בר־מצוה, חתונות, ימי־הולדת וכו' ובמקרים של אבל.

2) לוח זכרון

הצבנו לוח זכרון, לזכר קהלת סרוצק, במרתף השואה אשר בהר־ציון בירושלים הבירה.

הסרת הלוט מעל לוח הזכרון התקיימה בחודש מאי 1963 בהשתתפותם של כמעט כל יוצאי עירנו המבוגרים.

באירוע הנ"ל השתתף גם נציג יוצאי עירנו בלונדון הרב יעקב־הענעך צימרמן ז"ל, אשר הבטיח אז להעלות על הכתב זכרונות מההווי הדתי בעיירה בראשית המאה הזאת. ההבטחה קוימה במלואה.

3) **הפעולות הכלליות.**

**ספר סרוצק.**

בכדי להנציח את זכר קדושינו ואת הקהילה שנחרבה, הוחלט מזה מספר שנים, להוציא ספר זכרון בשם: ספר סרוצק. כל בני עירנו נתבקשו להשתתף בו ע"י כתיבת זכרונות, מאמרים שונים מהעבר הרחוק והקרוב ומזמן השואה, וכמו"כ להמציא תמונות אופייניות של העיירה.
כותב השורות האלה אסף שנים רבות חומר שונה ע"א העיירה, ובאזכרה השנתית ב־1958, הפיץ שאלון בין המשתתפים — שאלונים אלה נשלחו גם לארגונים לארגנטינה ולארה"ב.
עבודת ההכנה נמשכה זמן רב, התגברנו על קשיים בלתי צפויים מראש. לפני כשנתיים וחצי קבע הוועד מערכת בעלת סמכות בלעדית בהרכב של הח"ח חנוך ורדי, ברוך קצנלנבוגן, ושלמה סטרדינר — והנה, אחרי מאמצים נוספים, הספר לפניכם.

4) **הקשר עם יוצאי עירנו בארצות הברית ובארגנטינה.**

הוועד מקיים קשרים הדוקים עם הארגונים של יוצאי עירנו בארה״ב ובארגנטינה. בשנים האחרונות בקרונו הח״ח שלמה אשנמיל, מנדל קוליגובסקי וקלמן קוליגובסקי — ב״כ הארגון בארגנטינה, והח״ח יעקב ברוכנסקי, ישעיהו מאי ולאחרונה משפ. קופרמן ושמואל דונר — ב״כ הארגון בארה״ב.

מהארגונים הנ״ל קבלנו סכומי השתתפות בהון הקופה לעזרה הדדית.

באי כח ארגנטינה הציעו לנו לבנות בית יוצאי סרוצק, אולם בגלל חוסר מימון מספיק ההצעה לא יצאה לע״ע לפועל.

ה. **העולים האחרונים לישראל.**

עליית השרידים הגדולה נסתיימה ב־1952 ואחרי זה, במשך כמה שנים, הזרם הואט. בסוף 1956 (תקופת מבצע קדש) הגיעו ארצה מפולין כמה משפחות, יוצאי עירנו. בעת עריכת הספר, הגיעו אחרוני העולים מפולין שהפכה, אחרי מלחמת ששת הימים ב־1967, למדינה אנטישמית גלויה המחסלת את השריד האחרון של היהודים.

ו. **עם הסיום.**

מראשית קיומו של ארגוננו ועד היום הזה, כהנו והתחלפו בוועד הארגון הח״ח: גורמן ברוך (חיפה), גרוסברד יהושע (חיפה) ורידמון־ורשבסקי יחיאל מאיר (כפר ויתקין), ורדי־ורשבסקי חנוך (רמת־גן), יוסקוביץ מליה (ת״א), מנדזלבסקי יהודה (בת־ים), מנדזלבסקי יעקב ורבקה (חולון), מרקוביץ ישראל (ת״א), מרלה שלמה ז״ל, פוגלמן בונים וחוה (חולון), פרידמן רפאל וצפורה (חולון), פשיקורסקי אברהם ז״ל, פניבסקי יוסף (ת״א), רוזנברג מלכה׳לה (ת״א).

הוועד מכהן גם כהנהלת הקופה לעזרה הדדית.

באסיפת הארגון האחרונה שהתקיימה ביום ראשון, כ׳ בכסלו תש״ל — 30.12.1969, באולם בית וישקוב, רח׳ בוגרשוב 49, ת״א. נבחרו לוועד החדש הח״ח: ברוך קצנלנבוגן (ת״א) — יו״ר, שלמה סטרדינר (ת״א) — מזכיר־גזבר, חנוך ורדי (רמת־גן), יהודה מנדזלבסקי (בת־ים), רבקה ויעקב מנדזלבסקי (חולון), מרקביץ׳ ישראל (ת״א), חוה ובונים פוגלמן (חולון), יוסף פניבסקי (ת״א), מליה יוסקוביץ׳־רוזנברג (ת״א), יחיאל מאיר ורדימון־ורשבסקי (כפר־ויתקין).

פעולת הוועד התנהלה שנים רבות בביתו של יקירנו שלמה מרלה ז״ל בת״א, ומאז פטירתו מתנהלות כל הפעולות בבית חברנו שלמה סטרדינר, (חיבת ציון 31, רמת־גן).

ברטט, בחיבה ובצער אנו מזכירים את אלה שהלכו לעולמם בשנים האחרונות בישראל: חברי הוועד שלמה מרלה ואברהם פשיקורסקי, טמה קלינה, זיסל איצ׳קוביץ, גולדה בלינסון, פריבה לוינסון, חיה׳לה זכרק־וולינסקי וזילברשטין־רוטמן צירל — זכרונם לברכה לעד ולנצח.
אנו מרכינים ראשינו לזכר בנינו שנפלו בהגנת המולדת:

## יהודה בן־זאב ז״ל

בנם של חיה (וינקרנץ) ו־ז. בן־זאב, (קבוץ עין־הכרמל),
שנפל בהגנת ירושלים במלחמת ששת הימים

## צבי רוזנברג ז״ל

בנם של חנן ורעיה רוזנברג, (כפר ויתקין),
שנפל ערב חג העצמאות תשכ״ט בהגנת עמק־הירדן

## צביקה ציטר ז״ל

בנם של מירל (רוזנברג) ואברהם ציטר, (פתח־תקוה),
שנספה בתאונת דרכים בעת מלוי תפקידו

## כבוד לזכרם!

## אחרית דבר

כל העולים, שרידי השואה, השתלבו ברקמת החיים של ארצנו המחודשת; קם דור חדש, בריא וגא; ויחד, הוותיקים והחדשים, ממשיכים את שלשלת החיים.



קבלת פנים לכבוד מנדל קוליגובסקי מארגנטינה, בבית שלמה מרלה ז״ל בתל־אביב
א קבלת־פנים לכבוד מענדל קוליגאָווסקי פון ארגענטינע
(אין הויז פון שלמה מערלע ז״ל אין תל־אביב)

חנוך ורדי
רמת־גן

## ארגון עולי סעראַצק בישראל

### אַריינפיר

די עליה פון אונדזער שטעטל קיין א״י ביזן סוף פון די צוואַנציקער יאָרן פון דעם יאָרהונדערט, איז געווען אַ לאַנגזאַמע.

אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט האָבן עולה געווען קיין א״י עטלעכע זקנים, וואָס זייער העכסטע שטרעבונג איז געווען אויסלעבן זייערע לעצטע יאָרן אין הייליקן לאַנד, דערנאָך באַערדיקט ווערן אויפן הר הזתים, און אַזוי אַרום זוכה זיין צו תחיית המתים אָן שום „אונטערערדישע״ וואַנדלונגען.

אין דעם רעוואָלוציע־יאָר 1905, זענען עטלעכע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע די צאַרישע אַגענטן האָבן פאַרפאָלגט, אַנטלאָפן קיין ארץ ישראל — אָבער זייערע שפּורן זענען פאַרווישט געוואָרן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אין דער תקופה פון דער פערטער עליה אין די צוואַנציקער יאָרן, האָבן עולה געווען עטלעכע משפחות און זיך באַזעצט אין די שטעטישע און לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים.

### א. פון סוף די צוואַנציקער יאָרן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, 1939.

אַדאַנק דער אָרגאַניזירונג פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג און פון די יוגנטלעכע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס, און די פּלאַנמעסיקע פאַרשטאַרקונג פון די עקאָנאָמיש־פּאָליטישע דיסקרימינאַציעס קעגן די יידן דורך די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען — האָבן משפיע געווען אַ פאַרגרעסערטע עליה, ספּעציעל צווישן דער יוגנט.

ביים סוף פון די צוואַנציקער יאָרן ביזן אויסברוך פון די געשעענישן אין ארץ־ישראל אין יאָר 1936, האָבן עולה געווען קיין א״י, מיט דער חלוצישער און מיטלשטאַנד־עליה, עטלעכע צענדליק בחורים און בחורות, ווי אויך אַ צאָל משפחות.

עטלעכע פון די עולים זענען אַריינגעטרעטן אין קיבוצים, און די רעשט האָבן זיך באַזעצט אין תל־אביב, חיפה און אין דער סביבה פון די דערמאָנטע שטעט.

פון די געשעענישן אין יאָר 1936 — און די עליה־באַגרענעצונגען פון דער בריטיש־מאַנדאַטאָרישער מאַכט — ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939, זענען, נאָך לאַנגע וואנדערונגען און גרויסע סכנות, עטלעכע מוטיקע יוגנטלעכע אָנגעקומען אין לאַנד.

אין דער דערמאָנטער תקופה האָבן מיר דאָ נישט געהאַט קיין שום אָפיציעלן ארגון. די שטאָטישע פלעגן זיך טרעפן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן ביי קלמן וויינקראַנץ (ת״א), ברוך גורמאַן (חיפה) און אהרון טשעסנער (חיפה).

**ב. פון אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ביזן יאָר 1950.**

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען אַלע פאַרבינדונגען מיט אונדזערע נאָענטסטע אין פוילישן שטעטל אָפּגעהאַקט געוואָרן און מיר האָבן זיך דאַן געפונען אין אַ שטענדיקן ציטער וועגן זייער גורל.

די ערשטע לעבעדיקע איוב־בשורה וועגן דעם חורבן פון אונדזער קהילה האָבן מיט זיך געבראַכט די ברידער הרב יוסף און ברוך קאַצענעלנבאָגען און זייער שוועסטער צפורה, וועלכע זענען מיט נסים ניצול געוואָרן פון די נאַצישע הענט און מצליח געווען אַנצוקומען, נאָך לאַנגע וועגן און סכנות, אין לאַנד אין אָנהויב פון ד יפערציקער יאָרן.

אין דער צייט זענען אויך אָנגעקומען אין לאַנד אַ געוויסע צאָל בחורים, וועלכע האָבן פאַרלאָזט די פוילישע אַרמיי פון גענ. אַנדערס.

אַ טייל פון אונדזערע שטאָטישע האָבן זיך אין דעיר תקופה פרייוויליק מאָביליזירט אין פאַרשידענע שוץ־אָפּטיילונגען, ווי אויך אין דער יידישער בריגאַדע, וועלכע האָט אָנטייל גענומען אין די קאַמפן קעגן דייטשישן שונא אויפן איטאַליענישן פראָנט.

דער שרייבער פון די שורות, וועלכער איז געווען אין פוילן אין יאָר 1946, האָט מצליח געווען זיך טרעפן מיט אַ סך פון אונדזערע איבערגעבליבענע שרידים נאָכן חורבן און זיי איבערגעגעבן די געהעריקע אינפאָרמאַציעס, ווי אויך זיי געעצהט וועגן זייער עליה קיין ארץ־ישראל.

די עליה פון די רעשטלער גראַטעוועטע האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1946. אונדזערע איבערגעבליבענע האָבן געטיילט דעם גורל פון דעם גרויסן קהל עולם אין די מעפּילים־שיפן, מיט וועלכע עס האָט אַזוי עקשנותדיק געקעמפט דער בריטישער פלאָט. אַ טייל פון זיי זענען אינטערנירט געוואָרן אויפן אינדזל קאַפריסין, און אַ טייל זענען דורך די ענגלענדער אומגעקערט געוואָרן קיין דייטשלאַנד.

די גרויסע עליה פון אונדזערע איבערגעבליבענע האָט זיך אָנגעהויבן ביים סוף פון דער אומאָפּהענגיקייטס־מלחמה אין יאָר 1949.

צענדליקער משפּחות האָבן געלאַנדעט אין אונדזערע באַפרייטע פאָרטן און זענען איינקוואַרטירט געוואָרן אין די מעברות און אין פאַרלאָזטע הייזער.

די איבערלעבונג איז געווען אַ גרויסע און טיפע. יעדן טאָג קומען אָן נייע עולים — אוןו איינער זוכט דעם צווייטן.

אין דער תקופה האָט יעדער לאַנג־איינגעזעסענער (ותיק) זיך באַמיט העלפן ניי־אָנגעקומענע, ווי ער האָט נאָר געקענט, אָן אַ וועלכע ס'איז אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע.

מ'דאַרף דאָ באַזונדער באַצייכענען, אַז אונדזער אַלטער חבר, דער מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרשטאָרבענער שלמה מערלע ז"ל, האָט אין דער תקופה אַרויסגעוויזן זיין ברייטהאַרציקייט, און געהאָלפן יעדן באַדערפטיקן מיט אַ ברייטער האַנט און אַ הייס האַרץ.

**ג. 1950 — די אַנטשטייונג פון ארגון**

פון צענדליקער זענען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עדה פון עטלעכע הונדערט נפשות כ"י. דער איבערוויגנדער טייל באַשטייט פון נייע עולים, וועלכע נויטיקן זיך אין אַן עצה, מוטיקונג, פינאַנסיעלע הילף און אַ געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונג.

עס איז שטאַרק רייף געוואָרן די באַדערפעניש צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון דער עדה — אַ געטרויעם אַדרעס צו וועלכן מ'קען זיך ווענדן אין יעדן ענין.

דער ערשטער צוזאַמענטרעף פון נייע עולים מיט ותיקים איז פאָרגעקומען אין סטאָליאַר־וואַרשטאַט פון רפאל פרידמאַן (ת"א) — און דער המשך — ביי קלמן וויינקראַנץ (ת"א) (וועלכן מ'האָט גערופן „דער סעראָצקער קאָנסול אין ישראל") — און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן:

א. צוזאַמענרופן אַ לאַנד־פאַרזאַמלונג פון אַלע שטאָטישע, וועלכע דאַרף שאַפן דעם ארגון און אויסוויילן אַ פאַרשטייערשאַפט:

ב. באַשטימען דעם טערמין י"ז בכסלו אַלס דעם טאָג פון דער יערלעכער אזכרה, אין איינקלאַנג מיטן באַשלוס, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן דורך די שרידי השואה אויף זייער ספּעציעלער פאַרזאַמלונג, בעתן געפינען זיך אין פּליטים־לאַגערן אין אַלע טיילן פון דייטשלאַנד אין די יאָרן 1946—1949.

דער איבערוועגנדיקער רוב פון די נייע עולים האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דעם דרומדיקן טייל פון לאַנד, דעריבער איז תל־אביב געוואָרן דער צענטער פון אַלע אונדזערע טעטיקייטן.

אין י״ז בכסלו תש״י — 1950 איז פאָרגעקומען דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענטרעף פון אַלע שטאָטישע, אין גרויסן זאַל פון דער גימנאַזיע הרצליה אין תל־אביב, רח׳ אחד־העם.

דאָ האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן קרובים און פריינט, וועלכע די יאָרן פון מלחמה און חורבן האָבן צעשיידט. די געמיינזאַמע געשפּרעכן זענען געפלאָסן אָן אויפהער: פרייד־געשרייען און טרויער, געלעכטער און טרערן, יוגנט־זכרונות און חורבן — דער ערשטער צוזאַמענטרעף פון די רעשטלעך.

אין דעם אָוונט איז אויך פאָרגעקומען די ערשטע געמיינזאַמע אזכרה צום אָנדענק פון אונדזערע אומגעקומענע.

בעתן ערשטן צוזאַמענטרעף איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַן ארגון יוצאי סרוצק בישראל — פאַרבאַנד פון סעראַצקער אין דער מדינת ישראל — און ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג.

אויף דער ערשטער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין הויז פון ברוך קאָצענעלבאָגען (ת״א), איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ קאַסע פאַר קעגנזייטיקער הילף, וועלכע זאָל פאַרטיילן הלוואות, אָן פּראָצענט, צו באַדערפטיקע חברים.

דער גרונט־קאַפּיטאַל איז פון אָנהויב באַזירט געוואָרן אויף זעלבסט־באַשטייערונגען. די ערשטע מוסטער־באַשטייערונגען האָבן צוגעטראָגן די חברים שלמה מערלע ז״ל און, יבדל לחיים ארוכים, רפאל פרידמאַן. די חברים מאַרקאָוויטש ישראל, מענדזעלעווסקי יעקב און פּניעווסקי יוסף האָבן באַזוכט און באַשטייערט אַ סך חברים אין זייערע פּריוואַטע הייזער — אין אַלע עקן פון לאַנד. אַדאַנק זיי און זייער איבערגעגעבנקייט, איז דערמעגלעכט געוואָרן דאָס די קאַסע האָט באַלד נאָך איר גרינדונג אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן.

די קאַסע האָט אין די יאָרן פון איר עקזיסטענץ פאַרטיילט הלוואות צו אַ סך חברים.

די פאַראייניגן פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אַרגענטינע און צפון־אַמעריקע האָבן זיך באַלד וואַרעם אָפּגערופן און איבערגעוויזן געוויסע סומעס פאַר דער באַזירונג פון דער קאַסע.

די אַנטשטייונג פון אונדזער ארגון האָט פאַרשטאַרקט די קעגנזייטיקע דער־נענטערונג, קעגנזייטיקע הילף און צום שאַפן אינטענסיווע געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען.

ד. די טעטיקייט פון ארגון

קאַסע, פאַרוואַלטונג, פאַרטיילן הלוואות, אַפהיטן די פינקטלעכקייט פון די צוריקצאַלונגען און זאָרגן פאַר דער סטאַבילקייט פון דעם גרונט־קאַפּיטאַל.

באַשטימען פאַר באַדערפטיקע אין דרינגענדע פאַלן ספעציעלע סובסידיעס.

די יערלעכע פאַרזאַמלונגען און אזכרה.

איינמאָל אין יאָר, אין טאָג פון י״ז בכסלו (דעצעמבער) אָרדענען מיר איין אַ יערלעכע אַלגעמיינע לאַנד־פאַרזאַמלונג און אַן אזכרה נאָך אונדזערע קדושים. אין דער אונטערנעמונג נעמען אַנטייל אַ גרויסער רוב פון די שטאָטישע. אויף דער פאַרזאַמלונג, נאָך דער אזכרה, ווערט איבערגעגעבן אַ קאַסע־באַריכט, עס ווערן באַהאַנדלט אַלגעמיינע פראַגן — און ביים סוף ווערט געוויילט אַ נייע פאַרוואַלטונג.

די פאַרוואַלטונג אינספּירירט געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענטרעפן און פערזענ־לעכע פאַרבינדונגען.

מיר טרעפן זיך אויך ביי געלעגנהייטן פון משפחה־שמחות, ווי: בריתות, חתונות, בר־מצוה, געבורט־טעג אאַ״וו., ווי אויך אין מאָמענטן פון טרויער.

לוח זכרון

מיר האָבן איינגעמויערט אַ מצבה, צום אָנדענק פון דער הרוב געוואָרענער סעראַצקער קהילה, אין דער וואַנט פון מרתף השואה, אויפן הר־ציון אין ירושלים.

די אַנטהילונג פון דער מצבה (לוח זכרון) אין ירושלים איז פאַרגעקומען אין מאַי 1963 יאָר מיט דער באַטייליקונג פון כמעט אַלע דערוואַקסענע לאַנדסלייט אין ישראל.

אין דער געשעעניש האָט זיך באַטייליקט אַ פאַרשטייער פון די סעראַצקער אין לאָנדאָן הרב יעקב־העניך צימערמאַן ז״ל, שפּעטער האָט ער צוגעשיקט פאַרן יזכור־בוך זיינע זכרונות וועגן רעליגיעזן לעבן אין סעראַצק אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט. ער האָט זיין צוזאָג מקיים געווען.

בכדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים פון דער חרוב געוואָרענער קהילה, איז באַשלאָסן געוואָרן, מיט יאָרן צוריק, אַרויסגעבן אַן אָנדענק־בוך מיטן נאָמען: „ספר סעראַצק". אַלע לאַנדסלייט זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן אָנטיילצונעמען אין בוך דורך אָנשרייבן זכרונות וועגן ווייטן און נאָענטן עבר און פון דער חורבן־תקופה, און אויך צושטעלן דער רעדאַקציע פאַרשידענע בילדער פון שטעטל.

דער שרייבער פון די שורות האָט יאָרנלאַנג געזאַמלט פאַרשידענע מאַטעריאַלן וועגן שטעטל, און האָט בעת דער יערלעכער אזכרה און פאַרזאַמלונג אין יאָר 1958, פאַרטיילט צווישן אַלע אָנוועזנדיקע אַ פראַגע־בויגן, וואָס איז אויך איבערגעוויזן געוואָרן צו אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס אין אַרגענטינע און צפון־אַמעריקע.

די צוגרייטונגען האָבן זיך פאַרצויגן און מיר האָבן געמוזט איבערקומען אַ סך נישט פאַרויסגעזעענע שוועריקייטן. די פאַרוואַלטונג האָט באַשטימט אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע מיט די פולע פולמאַכטן, פון די ח"ח: ברוך קאַצענעלבאָגען, שלמה סטערדינער און דער שרייבער פון די שורות.

**פאַרבינדונגען מיט די סעראַצקער לאַנדסלייט**
**אין צפון־אַמעריקע און אַרגענטינע**

די פאַרוואַלטונג געפינט זיך אין ענגן קאָנטאַקט מיט די לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס אין צפון־אַמעריקע און אַרגענטינע.

אין די לעצטע יאָרן האָבן אונדז באַזוכט די ח"ח שלמה אַשנמיל, קלמן קוליגאָווסקי און מענדל קוליגאָווסקי — אַלס פאַרשטייער פון דעם אַרגענטינישן פאַראיין, און די ח"ח יעקב ברוכאַנסקי, ישעיהו מאַי און לעצטנס פאַם. קאַפּפּערמאַן און שמואל דונער — אַלס פאַרשטייער פון צפון־אַמעריקאַנישער סאָסייעטי.

פון די אויבנדערמאָנטע פאַראיינען האָבן מיר דערהאַלטן באַשטייערונגען פאַר אונדזער קאַסע פאַר קעגנזייטיקער הילף.

די אַרגענטינער פאַרשטייער האָבן אונדז פאָרגעשלאָגן אויפבויען אַ בית סעראַצק (סעראַצקער הויז) — אָבער צוליבן פעלן פון געהעריקע געלט־מיטלען איז דער פראָיעקט דערווייל נישט רעאַליזירט געוואָרן

**די לעצטע עולים קיין ישראל**

די גרויסע עליה פון אונדזערע איבערגעבליבענע האָט זיך פאַרענדיקט אין יאָר 1952, און דערנאָך, אין משך פון עטלעכע יאָר, האָבן עולה געווען פון פוילן

געציילטע איבערגעבליבענע.ביים סוף פון 1956, (בעת דער סיני־אַקציע) זענען געקומען פון פוילן עטלעכע משפחות.

לעצטנס זענען אָנגעקומען עטלעכע סעראַצקער פון פוילן, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט, נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה אין 1967, אין אַן אָפענער אַנטיסע־מיטישער מדינה.

אין דער פאַרוואַלטונג פון אונדזער ארגון, פון זיין אַנטשטייונג ביזן היינטיקן טאָג, האָבן אַמטירט, און זיך געטוישט, די פאָגנדע חברים:

גורמאַן ברוך (חיפה), גראָסבאַרד יהושע (חיפה), ורדימון־וואַרשאַווסקי יחיאל מאיר (כפר ויתקין), ורדי־וואַרשאַווסקי חנוך (רמת־גן), יאַסקאָוויטש מאַליע (ת״א), מענדזעלעווסקי יהודה (בת־ים), מענדזעלעווסקי יעקב ורבקהלע (חולון), מאַרקאָוויטש ישראל (ת״א), מערלאַ שלמה ז״ל, פאַגעלמאַן בונים און חוה (חולון), פרידמאַן רפאל און צפורה (חולון), פניעווסקי יוסף (ת״א), פשיקאַרסקי אברהם ז״ל, ראָזענבערג־בערנשטיין מלכהלע (ת״א).

די פאַרוואַלטונג איז אויך די לייטונג פון דער קאַסע פאַר קעגנזייטיקער הילף.

**מיטן סיום**

די פאַרוואַלטונג, וועלכע איז אויסגעוויילט געוואָרן אויף דער לעצטער יער־לעכער פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאַרגעקומען זונטיק, כ׳ כסלו תש״ל — 30.12.1969, אין זאַל פון „בית וישקוב״, רח׳ בוגרשוב 45, ת״א — באַשטייט פון פאָלגנדע חברים:

ברוך קאַצענעלבאָגען (ת״א) — פאַרזיצער און סעקרעטאַר; שלמה סטער־דינער (רמת־גן) — קאַסירער; חנוך ורדי (רמת־גן), יהודה מענדזעלעווסקי (בת־ים), רבקה און יעקב מעדזעלעווסקי (חולון), מאַרקאָוויטש ישראל (ת״א), חוה און בונים פאָגעלמאַן (חולון), יוסף פניעווסקי (ת״א), מאַליע יאַסקאָוויטש־ראָזענ־בערג (ת״א) און יחיאל ורדימון־וואַרשאַווסקי (כפר־וויתקין).

די טעטיקייט פון דער פאַרוואַלטונג האָט זיך יאָרנלאַנג געפירט אין הויז פון אונדזער טייערן שלמה מערלע ז״ל אין ת״א, און פון דער צייט פון זיין פטירה — קאָנצענטרירט זיך די גאַנצע אַרבעט אין הויז פון אונדזער חבר, צו לאַנגע יאָרן, שלמה סטערדינער (רמת־גן, רח׳ חיבת ציון 31).

---

מיט אַ ציטער פון ליבע און צער דערמאָנען מיר אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע זענען אין די לעצטע יאָרן נפטר געוואָרן אין ישראל:

די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: שלמה מערלע און אברהם פּשיקאַרסקי, טעמע קאַלינאַ, זיסל איטשקאָוויטש, גולדה לײַנוואַנד־בעליסאַן, פריווע לעווינסאָן־פּערל, חיהלע זאַכאַרעק און זילבערשטיין־ראַטמאַן צירל.

זכרונם לברכה לעד ולנצח.

מיר בייגן אונדזערע קעפּ צום אָנדענק פון אונדזערע זין, וועלכע זענען געפאַלן אין זייערע בליענדסטע יאָרן אויפן מזבח ביים פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד:

**יהודה בן־זאב ז״ל**

זון פון

חיה ווײַנקראַנץ און ז. בן־זאב (קבוץ עין הכרמל)

געפאַלן אין דער 6־טאָגיקער מלחמה 1967 ביים באַפרייען ירושלים;

**צביקה ראָזענבערג ז״ל**

זון פון

אלחנן און רעיה ראָזענבערג (כפר ויתקין)

געפאַלן ערב חג העצמאות תשכ״ט (4.1969)

ביים פאַרטיידיקן די פּאָזיציעס אין עמק הירדן

**כבוד לזכרם!**



אל מלא רחמים בעת אן אזכרה



הנשיאות באזכרה שנתית לזכר קדושי סרוצב בתל־אביב
פותח את האזכרה היו"ר: ברוך קצנלנבוגן
דאס פרעזידיום פון אזכרה — ס'עפנט דער פארזיצער ברוך קאצענעלענבאגען



פראגמענט פון עולם בעת אן אזכרה



דער עולם באערט די קדושים בעת אן אזכרה

# סעראַצקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע

(תקופה 1905—1939)

**(טעטיקייטס־באריכט פון נחמן פיינבוים)**

לויט ווי ס'איז באַוווסט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען יידן פון סעראַצק קיין אַמעריקע נאָכן יאָר 1905.

זיי האָבן זיך באַזעצט אין דער מזרח־זייט פון ניו־יאָרק וואָס איז אין יענער צייט געווען דער צענטער פון יידישע אימיגראַנטן פון רוסלאַנד און פוילן. די יידן, געקומענע פון סעראַצק, האָבן דעמאָלט געלעבט, ווי די אַנדערע יידישע אימיגראַנטן, אין זייער שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען אין אַנטיסאַניטאַרע הייזער, ליידנדיק אָפּט פון אַרבעטסלאָזיקייט, ספּעציעלע שוועריקייטן פון צופּאַסן זיך צום נייעם לאַנד, אָן אַ שפּראַך, און פון נישט זיין צוגעגרייט צו דער גע־וואַלטיקער ענדערונג.

זיי האָבן דערפּאַר געזוכט אַ געוויסן „במקום", אָנגעהויבן זיך צוזאַמענטרעפן, אָפּרעדן זיך פון האַרץ איינער פאַרן אַנדערן, לייענען די בריוו פון דער היים.

אין 1913 האָט זיך אָרגאַניזירט די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון סעראַצקער יידן אין ניו־יאָרק, אונטערן נאָמען „חברת ר' יוסף לוונשטיין ז"ל" (דער אַלטער סעראַצקער רב).

*

די אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען:

משה פינקלשטיין ז"ל, האַרי גאָלדפּלאַם, אהרון קראַנענבערג ז"ל, הערשל קרימקעוויטש ז"ל, האַרי ביילינסאָן ז"ל, הענעך מאַי ז"ל, יצחק שיקאָרע ז"ל, משה דרעזנער ז"ל, שייע קאַפּערמאַן ז"ל און יוסף פישביין ז"ל.

די אויפגאַבן פון דער ערשטער חברה זענען געווען: אָפּטע צוזאַמענטרעפן זיך, אונטערשטיצן מאַטעריעל און מאָראַליש די ניי־געקומענע לאַנדסלייט, שיקן שטיצע די אָרעמע לאַנדסלייט און משפחה אין סעראַצק, און דער עיקר — פילן אַ ביסל די וואַרעמקייט פון דער היים ביים צוזאַמענטרעפן זיך.

די חברה אונטער דעם נאָמען האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1918. במשך דער תקופה איז כמעט די גאַנצע אַרבעט אָנגעפירט געוואָרן דורך די אויבנדערמאָנטע מענטשן מיט גרויס מסירות.

אין סוף 1918 האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין ניו־יאָרק מער סעראַצקער, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין אַנדערע שטעט, און צוליב פאַרשידענע סיבות

געקומען אינעם צענטער, ווו עס דאַרף זיי ןלייכטער זיך איינצואָרדענען. די חברה האָט זיך פאַרגרעסערט, באַקומען נייע מיטגלידער, און דעמאָלט האָט זי געענדערט דעם נאָמען אויף: „חברה תפארת אחים אנשי סרוצק".

צוליבן פעלן פון דעם פּראָטאָקאָל־בוך פאַר דער תקופה, איז נישט באַוווּסט קיין גענויע פּרטים וועגן דער דעמאָלטיקער טאָג־טעגלעכער טעטיקייט. דאַקעגן איז באַוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַן אַדרעס פאַר יעדן ניי־געקומענעם יידן פון סעראַצק קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיט אַ וואַרעמער אויפנאַמע; אַן עצה פון די מענטשן וועלכע קענען שוין אַ ביסל דאָס לעבן; באַקומען געוויסע מאַטעריעלע הילף. דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ גרויסע חשיבות פאַר אַ ניי־געקומענעם אין אַ שפּראַך אין דעם נייעם לאַנד.

חוץ די צוזאַמענטרעפן און די הילכס־טעטיקייט, איז די סאָסייעטע געלונגען ביי אויסערגעוויינלעכע מאַטעריעלע שוועריקייטן צו קויפן אַ נחלה פאַר אַ בית־הקברות, וואָס איז אַ זייער ערנסט פּראָבלעם אין אַמעריקע.

די סאָסייטע האָט געציילט בערך 80 מיטגידער. אין דער תקופה האָט מיט דער אַרבעט אָנגעפירט פּרעזידענט ר' שלמה־מאיר אַרענשטיין ז"ל, סעקרעטאַר ר' יוסף פישביין ז"ל.

צוליב פאַרשידענע, אונדז היינט, נישט באַוווּסטע סיבות איז אין 1922 פאָר־געקומען אַ שפּאַלטונג אין דער סאָסייטע, כמעט אַ העלפט איז אַרויס פון דער חברה, און אָרגאַניזירט אַ צווייטע חברה אונטערן נאָמען „סעראַצקער יונג מען".

אין דער פאַרוואַלטונג פון דער נייער אָרגאַניזאַציע זענען ביים גרינדן זיך, געווען: פּרעזידענט — ר' הארי גאָלדפלאָם ז"ל; וויצע־פּרעזעס — ר' הארי גרינבערג ז"ל; סעקרעטאַר — ר' משה פינקלשטיין ז"ל; פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — ר' לייב סוסניאַק ז"ל.

אין יענע יאָרן האָבן אָנגעהויבן צו קומען נייע אימיגראַנטן, יידן פון סעראַצק, וועלכע האָבן אַדורכגעלעבט די ערשטע וועלט־מלחמה, מיט אַלע אירע געשעענישן. די יידן זענען ס'רוב געווען מיט אַנדער אַנשויונגען בנוגע סאָציאַלע און וועלטלעכע פּראָבלעמען, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, געווירקט אויף די באַ־ציונגען אין דער סאָסייטע.

צווישן די ניי־געקומענע איז געווען סעם דונער, וועלכער איז גלייך געוואָרן אַקטיוו. שוין אין 1926 איז ער געוואָרן פּרעזידענט, און שפּעטער פאַרנומען אַנדערע אַקטיווע אַמטן.

די גרופּע ניי־געקומענע, מיט זייער מסירות צו דער אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזאַציע, איז געלונגען אין 1937 צו פאַראייניקן די 2 באַזונדערע אָרגאַני־







א גרופע אַקטיוויסטן אין דער סעראָצקער לאנדסמאנשאפט אין אמריקע —
אנגעקומענע נאכן צווייטן וועלט־קריג

זאַציעס אונטער איין נאָמען די „פאַראייניקטע סעראָצקער יונג מען", וואָס עקזיסטירט ביזן היינטיקן טאָג.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָנסטיטוציע, וואָס האָט יעדן מיטגליד אָנגעוויזן די פאַרפליכטונגען לגבי דער אָרגאַניזאַציע און די רעכט פון יעדן מיטגליד. פון די וויכטיקסטע רעכט זענען פאָלגנדע: וועכנטלעכע הילף צו אַ מיטגליד בעת אַ קראַנקייט, לוויה און קבורה אויפן חשבון פון דער חברה, אויפן אייגענעם בית־הקברות.

דאָס זענען געווען זייער גרויסע דערגרייכונגען אין יענע באַדינגונגען. אין דער תקופה איז געקויפט געוואָרן אַ צווייטע נחלה פאַר אַ בית־הקברות, אַדורכגעפירט יעדעס יאָר פאַר פסח, אַקציעס פאַר מעות־חיטין, פאַר נויטיקע לאַנדסלייט אין אַמעריקע און אין סעראָצק.

די נייע אַקטיווע גרופּע, בראש מיט סעם דונער האָט פאַרשטאַנען, אַז די צוקונפט פון דער סאָסייעטע איז אָפּהענגיק פון דעם, אַז די יונגע קינדער, געבוירענע אין אמעריקע זאָלן געפונען אַן ארט און אינטערעס אין דער סאָסייטע. זיי האָבן אָנגעהויבן אַן אַקטיווע אַקציע אין יענע יאָרן, און עס איז זיי געלונגען אַריינצוציען אַ גרופּע פון צווייטן דור סעראָצקער, געבוירענע שוין אין אַמעריקע. אַ דאַנק דעם האָבן זיי באַקומען אַ ידיעה פון זייער אָפּשטאַמונג, און דערמיט פאַרזיכערט אַ המשך אין דעם קיום פון דער סאָסייטע, פאַר וועלכע זייערע עלטערן האָבן אַוועק געגעבן אַזוי פיל מי און האַרץ.

*

## תקופה פון 1922—1931

די פּרעזידענטן און אַקטיווע אויף אַנדערע אמטן בעת דער תקופה:

ר' הארי גאָלדפלאַם, יוסף פישמאַן ז"ל, משה פינקלשטיין ז"ל, הארי גרינבערג ז"ל, לייב סוסניאַק ז"ל, סעם דונער, דוד מאַן, אברהם דרעזנער ז"ל, חיים בלאכמאַן, בן־ציון ראָזנטאַל ז"ל, שייע קאפערמאַן ז"ל, משה דרעזנער און בער קולאַק ז"ל.

## תקופה פון 1939—1968

די סעראָצקער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע האָט געפירט אירע נאָרמאַלע טעטיקייט ביז ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה — דאָס גרויסע אומגליק פאַר דער וועלט אין אַלגעמיין, און ספּעציעל פאַר אונדז יידן. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן דער ליקווידאַציע פון טויזנטער יידישע ישובים, צווישן זיי אונדזער באַליבטע אַלטע היים מיט אירע איינוווינער. ס'איז נישט געווען צו וועמען צו שרייבן, וועמען צו העלפן, ס'איז אָפּגעמעקט געוואָרן אַ ישוב

מיט אַלע נאָענטסטע, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן. די סעראַצקער סאָסייטע, גלייך ווי אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, האָבן געגלייבט, אַז סוף כל סוף וועט דאָך ווער בלייבן לעבן נאָך דער מלחמה און דאַרפן הילף.

עס האָט זיך דעמאָלט געשאַפן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, בראָש מיט סעם דונער און לייב סוסניאַק, וועלכע האָבן אין אַ קורצער צייט, ביי אויסערגעוויינ־לעכע אָנשטרענגונגען געשאַפן אַ פאָנד פון צען טויזנט דאָלאַר. דאָס איז געווען דער מקור פון וועלכן מען האָט געשיקט הילף יעדן סעראַצקער לאַנדסמאַן, וועלכער האָט זיך געוואָנדן וועגן דעם נאָך דער מלחמה.

אין 1949 האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין אַמעריקע יידן פון דער שארית הפליטה פון די דייטשע די. פּי. לאַגערן און פון אַנדערע ערטער.

יעדער סעראַצקער, וואָס איז געקומען, האָט געטראָפן אַ וואַרעמע אויפנאַם פון דער סעראַצקער סאָסייטע און ספּעציעל פונעם סעקרעטאַר לייב סוסניאַק און סעם דונער.

דער רוב פון די געקומענע האָט זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, און מערסטנטייל גלייך זיך אָנגעשלאָסן אין דער סאָסייטע.

די וועלכע האָבן אַדורכגעלעבט די מלחמה אויף פאַרשידענע אופנים, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט נאָך פרישע זכרונות פון אונדזער ליקווידירטער היים, און ספּעציעלע פאַרבינדונגען מיט די איבערגעבליבענע סעראַצקער אומעטום. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געווירקט אויפן מאָראַלישן מצב אין דער סאָסייטע, און אַרויסגערופן מער פאַרשטענדניש פאַר דער אַלטער היים.

מיט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, מיט דער געוואַלטיקער ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען ביים יידישן פאָלק אין דער גאָרער וועלט, און ספּעציעל דאָ אין אַמעריקע, האָט זיך עס אויך אָפּגערופן אויף די סעראַצקער לאַנדס־מאַנשאַפט.

ישראל איז געוואָרן אַ וויכטיקער פונקט אין לעבן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. יעדעס יאָר ווערט געפייערט דער יום־העצמאות. היינט צו טאָג האָט די סאָסייטע איינגעקויפט ישראל־באָנדס פאַר צען טויזנט דאָלאַר. איינצייטיק באַשטייערט זי זיך יעדעס יאָר פאַר דער „המגבית המאוחדת״, און זאַמלט געלט פאַר מדינת־ישראל ביי אירע מיטגלידער.

די סאָסייטע האַלט אָן די טראַדיציע פון „מעות־חיטין״, און יעדעס יאָר ווערן אַרויסגעשיקט געוויסע סומען צו יעדן סעראַצקער, וועלכער ווענדעט זיך נאָך הילף פאַר פסח.

היינט צו טאָג קומען פאָר רעגולערע פאַרזאַמלונגען פון אַלע מיטגלידער מיט אַ פינאַנסיעלן באַריכט וועגן מאַטעריעלן מצב פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט, וואָס דאַרף ווערן באַשטעטיקט דורך דער פאַרזאַמלונג. דערנאָך ווערן באַהאַנדלט אַנדערע ענינים פון דער טאָג־אָרדענונג.



אַלע באַאַמטע ווערן געוויילט איין מאָל אין יאָר אויף אַ ספּעציעלער פאַר־זאַמלונג.

די סאָסייטע ציילט איצט בערך 150 מיטגלידער, פון וועלכע דער רוב קומט צו די פאַרזאַמלונגען. די אַרבעט ווערט אָנגעפירט פון די באַאַמטע און עקזע־קוטיוו.

חוץ די געוויינלעכע פאַרזאַמלונגען ווערט יעדעס יאָר אַדורכגעפירט אַ חנוכה־נשף אָדער אַ פורים־נשף, וווּ אַלע מיטגלידער קומען צוזאַמען מיט די קינדער און מען פאַרברענגט צוזאַמען.

אַ דאַנק אַ געוויסער צאָל אַקטיוויסטן פון די אַלטע חברים און פון דער נייער נאָכמלחמהדיקער גרופּע, איז געלונגען אונדזערער לאַנדסמאַנשאַפט אויס־צומיידן פאַרשידענע קריזיסן, וואָס עס האָבן אַדורכגעלעבט אַנדערע סאָסייטעס, ספּעציעל צווישן די מיטגלידער און די ניי־געקומענע, און פיל סאָסייטעס האָבן זיך צוליב דעם ליקווידירט. דאַקעגן האָט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט געשאַפן גוטע באַציונגען צווישן די מיטגלידער און האַלט זיך ווי אַ גאַנצע פאַמיליע.

מיר האָפן, אַז דער מצב וועט אָנהאַלטן אויך ווייטער צום אָנדענק פון אונדזערע טייערע קדושים פון אונדזער אַלטער היים.

## די ספּעציעלע אַקטיוויסטן אין דער תקופה 1939—1967

ר' לייב סוסניאַק ז"ל — פינאַנץ־סעקרעטאַר און פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר פון 1922 ביז 1961 (ווען ער איז געשטאָרבן). ער איז געווען ראָש הארץ און געוויסן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

היימי דרעזנער 1953—1964 — פּרעזידענט. האָט אַוועק געגעבן פיל פון זיין צייט און ענערגיע און דערפירט די סאָסייטע צו אַ געזונטן מאַטעריעלן מצב.

סעם דונער — פאָרזיצער פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. האָט אַוועק געגעבן פיל מי און הארץ. אים איז צו פאַרדאַנקען די באַציונגען אין דער סאָסייטע.

יעקב ברוקס (ברוכאַנאָסקי) — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר נאָך סוסניאַקס טויט. ער האָט איינגעפירט אַ רעגולער און גוט פּראָטאָקאָל־בוך וועלכעס וועט בלייבן אַ דאָקומענט וועגן דער טעטיקייט פון דער סאָסייטע.

דער איצטיקער פּרעזידענט דזשאו קאפּערמאַן האָט מיט זיין טעטיקייט און פאַרשטענדניש געהאָלפן אין אַ קורצער צייט איינצושטעלן גוטע באַציונגען אין דער סאָסייטע.

דוד מאַן ז״ל האָט געפירט אַן ערלעכע אַרבעט אין די פינאַנסיעלע ענינים.

וויצע־פּרעזידענט פיליפ רוט. ער איז נישט קיין סעראָצקער, נאָר זיין פרוי. יעדעס מאָל ווען מען דאַרף אַדורכפירן עפּעס אַן אַקציע לטובת אַ סעראָצקער, איז פיליפ רוט שטענדיק אויפן אָרט.

פרוי סוסניאַק — די אַלמנה פון ר׳ לייב סוסניאַק ז״ל, פאַרנעמט זיך מיט די סאָציאַלע פּראָבלעמען.

אסתר דונער (סעם דונערס פרוי) און צילע קאַפּערמאַן (פּרעזידענט קאַפּער־מאַנס פרוי) וועלכע פאַרנעמען זיך מיטן אָרגאַניזירן אַלע נשפים און אַנדערע אַוונטן וואָס די סאָסייטע אָרדנט איין.

אַ ספּעציעל אָרט פאַרנעמט די נייע גרופּע מיטגלידער, וועלכע זענען אָנגע־קומען נאָך דער מלחמה. אַ דאַנק זיי איז געלונגען צו פאַרבינדן די סאָסייטע מער מיט די סעראָצקער לאַנדסלייט אין ישראל, העלפן אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך און אַנדערע ענינים.

די פאַרוואַלטונג פון דער סעראָצקער לאַנדסמאַנשאַפט 1970 האָבן אויפן אָרט פון דוד מאַן ז״ל ודעם אמט איבערגענומען אירווינג און ווייאָלעט גרינבערג — דער צווייטער דור סעראָצקער זיין אַמעריקע.

## די פאַרוואַלטונג פון דער סעראָצקער לאַנדסמאַנשאַפט אין 1968

פּרעזידענט — דזשאָ קאַפּערמאַן; וויצע־פּרעזידענט — פיליפ רוט; פינאַנס־קאָנטראָלער — האַרי דרעזנער; פינאַנס־סעקרעטאַר — דוד מאַן ז״ל; פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — יעקב ברוקס

## עקזעקוטיוו־קאָמיטעט

| | |
|---|---|
| פאָרזיצער — סעם דונער | אירווינג בירם |
| יוסף פיינבוים | נחמן פיינבוים |
| שמואל ברוקס (ברוכאַנסקי) | חיים איצקאָוויטש |
| יהודה־לייב שטיינסקי | פיליפ קורסקי (פּשיקורסקי) |
| שייע מאַי | |

דעם אַמט פון ד. מאַן ז״ל, האָבן 1970 איבערגענומען אירווינג און גרינבערג

# פאראייניגטע סעראָצקער יאנג מען, אינק.

**United Serotzker Young Men, Inc.**

CENTRAL PLAZA — 111 Second Avenue. New York — ATLAS ROOM

# שמחת בית השואבה און פעראייניגונגס פארטי



## *Unity Celebration*
## and Simchas Beis Hashoava Party

Dear Brother and Sister,
You are cordially invited to attend this historic

# Unity Meeting

SATURDAY evening. SEPTEMBER 25, 1937 at 8 o'clock at CENTRAL PLAZA, 111 2nd Ave. New York, in the beautiful ATLAS ROOM.

The long hoped for unity is here and every one must attend this important meeting.

1. Important Society matters of which you will be informed at the meeting will be taken up. It is essential that every member know these matters.

2. ELECTION OF NEW OFFICERS who can command your confidence.

3. NATHAN RITHOLTZ and his RADIO BAND will provide a gala musical program. Other forms of entertainment have been arranged.

4. A grand FEAST worthy of the occassion will be served.

Fraternally yours,

The Arrangement Committee of the
UNITED SEROTZKER YOUNG MEN, Inc.

LOUIS SOSNIAK, Sec'y 1735 Sterling Pl. Brooklyn
Tel. PResident 3-0397

Dr. MILTON BERGER, 51 Fifth Avenue, New York
GRamercy 5-3111

ווערטהער ברודער און שוועסטער !

איהר זייט העפליכסט איינגעלאדען צו דיזען וויכטיגען און

היסטארישען **פעראייניגונגס מיטינג**

וואס וועט אָבגעהאלטען ווערען דיזען **שבת** אוועגד, דעם **25**טען **סעפּטעמבער**, 1937, אום 8 אוהר שארפּ, אין **סענטראל פּלאַזא, 111** 2טע עוועניו, ניו יאָרק, אין דעם שעהנעם **אטלאס רום.**

ברידער און שוועסטער. עס איז געקומען דער לאנג ערוואַרטעטער מאָמענט און עס איז געווארען א פאַקט אז אַלע לאַנדסלייט וועלען באלאַנגען אין **איין גרויסער קערפּערשאַפט** און עס איז אומבאדינגט וויכטיג אז יעדער איינציגער מעמבער זאָל קומען צו דיזען וויכטיגען מיטינג.

1. עס איז דאָ פילע וויכטיגע סאסייעטי פראגעס וואס וועלען אייך בעקאנט ווערען ביי דיזען מיטינג און וואָס יעדער מעמבער וועט דארפען וויסען.

2. ביי דיזען מיטינג וועט פאָרקומען **עלעקשאן פאר נייע בעאמטע** וואס זאָלען האָבען אייער צוטרויען.

3. עס איז אונז געלינגען צו קריגען אונזער לאַנדסמאַן **נייטען ריטהאלץ** מיט זיין **ראדיא בענד** ער וועט אונז פיין אַמוזירען און שאפען א יום טוב׳דיגע שטימונג. מיר וועלען אויך האָבען נאָך ענטערטיינמענט.

4. ואחרון אחרון הביב דאָס לעצטע איז דאָס בעסטע,
**א גרויסארטיגע פארטי** וועט סערווירט ווערען.

האָפענדיג אייך צו זעהן צו דיזען וויכטיגען מיטינג און אלע צוזאמען וועלען מיר פארברענגען אַן אָווענט פון פאַרגעניגען וואָס מיר וועלען לאנג געדענקען.

מיט ברידערליכען גרוס,

די ארריינדזשמענט קאָמיטע פון די

**פאראייניגטע סעראצקער יאנג מען, אינק.**

**לואיס סאשניאק, סעק.**



א צוזאמענטרעף פון דער שארית־הפליטה אין אמעריקע

**שלמה אַשנמיל**
(בוענאָס איירעס)

## סעראַצקער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע

אין יאָר 1923, ווען ס'איז ענג געוואָרן דער יוגנט ווייטער צו לעבן אין פוילן צוליב פאַרשידענע טעמים ווי אַנטיסעמיטיזם, פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען און שלעכטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, איז דעמאָלט אַנטשטאַנען אַ גרויסע באַוועגונג צו וואַנדערן איבער דער ברייטער וועלט, ווו נאָר די טויערן זענען נאָך געווען אָפן. איינס פון די לענדער איז געווען אַרגענטינע, ווו דער רוב יוגנטלעכער שטראָם האָט געפונען זיין אָרט מיט דער גרויסער הילף פון דער „איקאָ", וועלכע האָט געהאָלפן זיך באַזעצן אויף לאַנדווירטשאַפט.

פון די ערשטע פּיאָנערן פון אונדזער היים־שטאָט סעראַצק זענען געווען: פישל גוטקאָווסקי ע"ה און זיין פרוי רודע לעבגאָט פון די סמאָליאַזשעס, יצחק פּערל ע"ה, חנה באָרענשטיין ע"ה, משה האַכמאַן ע"ה, און אויף לאַנגע יאָרן מענדל קוליגאָווסקי, יחיאל מאיר סלאָמיאַנסקי און אַנדערע.

זייענדיק אין אַ פרעמד לאַנד, אין אַ פרעמדער סביבה, זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען יעדן זונטיק, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער טאָג, ווען מיר זענען געווען פריי פון דער אַרבעט. דער צוזאַמענטרעף איז געווען ביי פישל גוטקאָווסקי אין שטוב.

נאָך אַ צייט איז אויף אַזאַ צוזאַמענטרעף פאָרגעשלאָגן געוואָרן צו שאַפן אַ פאַראיין פון אַלע סעראַצקער, ווייל יעדעס מאָל זענען אָנגעקומען נייע לאַנדסלייט און די וועלכע זענען געווען פון פריִער, זענען שוין נישט געווען קיין גרינע, אַזוי אַז זיי האָבן געקענט העלפן די פריש־אָנגעקומענע.

ס'איז פאָרגעקומען אַ זיצונג און ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישע פאַרוואַלטונג. די ערשטע אַקטיווע אָנטיילנעמער זענען געווען: שמערל אַשנמיל ע"ה — פאָרזיצער; יצחק פּערל ע"ה — סעקרעטאָר. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן מעלדונגען צו אַלע לאַנדסלייט אין שטאָט און אין דער פּראָווינץ, אַז יעדער זאָל זיך פאַרשרייבן אין פאַראיין.

דער אָפּרוף איז געווען זייער אַ גוטער, און אַלע זענען געווען צופרידן פונעם געדאַנק וועגן אַ פאַראייניקונג פון אַלע לאַנדסלייט.

בעתן ערשטן צוזאַמענטרעף זענען געווען אַנוועזנד 15 מיטגלידער און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ הילפס־קאַסע ביים פאַראיין, כדי אַרויסצוהעלפן



א גרופע סעראצקער לאנדסלײט אין ארגענטינע

די נאָר־וואָס געקומענע מיט אַ גרויסער געלט־סומע אויף צו קענען דינגען אַ דירה א. אַ. וו.

דערווייל האָט די צאָל אימיגראַנטן פון סעראַצק געהאַלטן אין איין וואַקסן און אויך דער פאַראיין האָט זיך פאַרגרעסערט מיט אַ סך נייע חברים. יעדער האָט געצאָלט אַ מאָנאַטלעכן אָפּצאָל אויף צו דעקן די פאַרשידענע אויסגאַבן פון פאַראיין.

האָט זיך אַ מאָל געמאַכט אַ פאַל אז דער לאַנדסמאַן משה האַרוויץ (זיינע עלטערן האָבן פאַרקויפט היטלען; דאַכט זיך, אז מען האָט אים גערופן אהרון־לייבעס), ווערט קראַנק און דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז מען מוז דעם מענטש, צוליבן קלימאַט, צוריקשיקן קיין פוילן, ווייל דאָ וועט ער באַלד שטאַרבן. מיר האָבן געדאַרפט אַ גרעסערע סומע געלט און די אויפ־גאַבע איז געווען זייער אַ שווערע. מיר זענען אינגאַנצן געווען 25 חברים און מיט גרויס אָנשטרענגונג האָבן מיר געראַטעוועט אונדזער לאַנדסמאַן און אים צוריקגעשיקט קיין סעראַצק. דאָס איז געווען, דאַכט זיך, אין יאָר 1925. ליידער האָבן מיר נישט קיין דאָקומענטן פון יענער צייט, און אפילו אַ רשימה פון אַלע חברים איז נישט געבליבן. דערפאַר פעלן אַ סך נעמען פון לאַנדסלייט. געווען זענען דעמאָלט אליעזר מערקער ע״ה, אלתר פלאַצאַ ע״ה, אברהם קאַהן ע״ה און אַנדערע, וועמענס פאַמיליע־נעמען איך האָב פאַרגעסן.

אין יאָר 1928 קומט צו פאָרן שלמה אַשנמיל פון דעמאָלטיקן „פּאַלעסטינע״ קיין בוענאָס איירעס. ער שליסט זיך אָן אין פאַראיין און נעמט דאָרט איבער דעם אַמט אַלס סעקרעטאַר.

יעדע צוויי וואָכן זענען פאָרגעקומען זיצונגען און עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשידענע פראַגן, בעיקר וועגן אַרויסגעבן הלוואות פאַר נויט־באַ־דערפטיקע.

אַ מאָל, (כ׳געדענק נישט אין וועלכן יאָר) האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון סעראַצק, אַז יעקב קוזשניצקי איז געשטאָרבן. דער יוגנט־קאָמיטעט האָט ביי אונדז געבעטן מיר זאָלן אַרויסשיקן אַ ביסל געלט אויף צו שטעלן אַ מצבה, וואָס מיר האָבן באַלד דערליידיקט.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה איז אונדזער קאָנטאַקט מיט סעראַצק איבערגעריסן געוואָרן. וועגן היטלערס ימ״ש אויסראָטונגס־אַקציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע מיט דער הילף פון זיין פאַרבינדעטן סטאַלין. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו העלפן.

אין יאָר 1940 האָבן מיר באַשלאָסן זיך פאַראייניקן מיט די פולטוסקער לאַנדסלייט אין איין פאַראיין. ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייע פראָוויזאָרישע פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זענען אַריין: משה מאַנטשאַזש, אהרון יאַרקע־וויטש — אַלע פון פולטוסק; שלמה אַשנמיל, קלמן קוליגאָווסקי, יחיאל מאיר סלאָמיאַנסקי און שמעון שפּילקאָ — סעראָצקער.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן אַן אַקציע צו פאַרגרעסערן די צאָל מיטגלידער און רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג צו וויילן אַ פאַרוואַלטונג, דער־וויל אויף איין יאָר.

די פאַרוואַלטונג האָט אויסגעוויילט: משה מאַנטשאַזש ע"ה — פרעזעס; משה יאַקובאָוויטש — וויצע־פרעצעס, אהרון מאַרקעוויטש ע"ה — סעקרעטאַר; שלמה אַשנמיל — וויצע־סעקרעטאַר; מענדל גאָלדבערג — קאַסירער לייבל פאַרמינסקי — וויצע־קאַסירער; און חברים: מענדל קוליגאָווסקי, דוד מעלניק, נחום מעלמאַן, קלמן קוליגאָווסקי, יוסף קאַרמעל, הערצקע געלודאַ.

ווען מען האָט שוין געהאַט צעטיילט די פונקציעס, האָט מען באַשלאָסן אויסצואַרבעטן פאַרן פאַריין אַ סטאַטוט, לעגאַליזירן און רעגיסטרירן ביי דער אָרגענטינער מאַכט, כדי ער זאָל אָנערקענט ווערן אַלס געזעלשאַפטלעכע אינ־סטיטוציע צו דערטיילן הילף נויט־באַדערפטיקע און קראַנקע לאַנדסלייט א. אַ. וו.

כדי צו פאַרגרעסערן דעם פאָנד פון פאַראיין, האָבן מיר, אַ חוץ אונדזער הילפס־טעטיקייט, אויך אָדורכגעפירט טעאַטער־פאַרשטעלונגען און אַנדערע אימפּרעזן.

אין יאָר 1941 איז גערופן געוואָרן אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג, צו וויילן אַ נייע פאַרוואַלטונג אויף אַ ווייטערדיק יאָר. עס איז געוויילט געוואָרן: מענדל קולי־גאָווסקי — פרעזעס; זלמן גורמאַן — וויצע־פרעזעס און שלמה אַשנמיל — סעקרעטאַר; לעאָן קאַפּעלאָוויטש — וויצע־סעקרעטאַר; משה מאַנטשאַזש — קאַסירער; יואל גוטקאָווסקי — וויצע־קאַסירער; מיגועל וועטשטיין — סעקרע־טאַר פאַר שפּאַניש. פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: שלמה וורובעל, קלמן קוליגאָווסקי, משה יאַקובאָוויטש, יוסף קאַרמעל, דוד מעלניק און אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: יצחק פערל און אהרון יורקאָוויטש.

אין יאָר 1944 ווערט געוויילט אַ נייע פאַרוואַלטונג: פרעזידענט — יוסף קאַרמעל, וויצע־פרעזעס — יואל גוטקאָווסקי, סעקרעטאַר — שלמה אַשנמיל, וויצע־סעקרעטאַר — קלמן קוליגאָווסקי, סעקרעטאַר פון דער ליי־קאַסע — מיגועל וועטשטיין. (מענדל קוליגאָווסקיס שוואָגער), קאַסירער — מענדל קולי־גאָווסקי, וויצע־קאַסירער — שלמה וורובעל; פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: שמחה

גאָלדמאַכער, דוד מעלניק, אריה אייזנבערג, הערצקע געלודאַ; רעוויזיאָנס־קאָ־מיסיע — מאָטל קראַנזשעק און לעאָן קאַפּלאָוויטש.

נאָכן צוזאַמענשטעלן די פֿאַרוואַלטונג ווערט אונדזער גאַנצע אַרבעט קאָנ־צענטרירט אויף צו שאַפֿן אַ פֿאָנד פֿאַר די סעראַצקער און פּולטוסקער לאַנדס־לייט, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פֿון שרעקלעכן אומגליק. ביי יעדער גע־לעגנהייט — שמחות, אימפּרעזן, ווערט געזאַמלט פֿאַרן נויט־פֿאָנד.

אָנהייב יאָר 1945 הייבן אָן אָנקומען בריוו פֿון די געראַטעוועטע וועגן שנעלער הילף, ווי קליידער, וועש, געלט און אַפֿילו מעדיקאַמענטן פֿאַר זייער געזונט. מיט דער הילף פֿון „דזשאָינט" ווערט אַרויסגעשיקט די ערשטע הילף צו אונדזערע לאַנדסלייט אין פּוילן. עס ווערן אויך אַרויסגעשיקט 15 קאָסטנס אַר־בעטס־מכשירים, וואָס דאַרפֿן צעטיילט ווערן פֿאַר אונדזערע לאַנדסלייט, ווו זיי געפֿינען זיך נאָר.

מיר באַקומען בריוו פֿון פֿאַרשידענע ערטער: פֿון פּאַריז, בעלגיע, פּוילן, ישראל, און מיר שטעלן איין מיט זיי אַ שריפֿטלעכן קאָנטאַקט אויף צו שיקן אינדיווידועלע הילף.

דעם 11טן דעצעמבער 1945 האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פֿון הרב יוסף קאַצענעלענבאָגען, ישראל, אין וועלכן ער שרייבט אונדז די טרויעריקע נייעס, אַז דעם 5 דעצעמבער 1939 האָט מען פֿון אונדזער היים־שטאָט סעראַצק אַרויס־געטריבן אַלע דאָרטיקע יידן, און אַ סך פֿון זיי אומגעבראַכט און אַז מיר זאָלן האַלטן די יאָרצייט אין דעם טאָג. פֿון דעמאָלט אָן אָרדענען מיר איין אין דעם טאָג די יערלעכע אזכרה.

מיטן אַנטשטיין פֿון מדינת־ישראל ווערט כמעט אונדזער גאַנצע הילפֿס־טעטיקייט אַריבערגעטראָגן פֿאַר דער מדינה און פֿאַר די געראַטעוועטע פֿון אונדזער קהילה, וואָס געפֿינען זיך אין ישראל. מיר האָבן דערהאַלטן פֿיל בריוו מיט ביטעס וועגן פֿאַרשידנאַרטיקער הילף. אויף יעדן בריוו, וואָס מיר האָבן באַקומען, האָבן מיר אַרויסגעשיקט צו 25 דאָלאַר, חוץ שפּייז־פּעקלעך. מיר האָבן אויך געשיקט צו די ווייניקע אין בעלגיע און פּוילן, וועלכע זענען נאָך דאָרט געבליבן.

אויך פֿאַר מדינת ישראל האָבן מיר זיך באַשטייערט מיט אַ געוויסער סומע געלט און זאַמלען ביי יעדער געלעגנהייט פֿאַר מדינת ישראל.

אין יאָר 1949 האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פֿון לאָדזש, פּוילן, פֿון אַ לעבנ־געבליבענער פֿרוי פֿון סעראַצק. זי האָט געשריבן, אַז זי איז אַליין מיט אַ קליין קראַנק קינד און די איינציקע הילף איז פּעניצילין, וואָס זי האָט נישט די מעגלעכ־



אזכרה פון דער סעראָצקער לאנדסמאַנשאפט אין ארגענטינע

